

MAJOR FUNDING FOR THE
YIZKOR BOOK PROJECT WAS PROVIDED BY:
*Harry and Lillian Freedman Fund*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*David and Barbara Margulies*
*The Nash Family Foundation*
*Harris Rosen*
*David and Sylvia Steiner*
*Ruth Taubman*



*Original publication data*

| | |
|---|---|
| TITLE | Sefer zikaron ḳehilat Volomin / ha-ʼorekh, Shimʻon Ḳants. |
| IMPRINT | 880-06 Tel Aviv : Irgun yotsʻe Volomin be-Yiśraʼel, 1971. |
| DESCRIPT | 600 p. : ill. ; 25 cm. |
| SUBJECT | Jews -- Poland -- Wołomin -- History. |
| | Woọmin (Poland) -- Ethnic relations. |
| | Holocaust, Jewish (1939-1945) -- Poland -- Wołomin. |
| ADD'L NAME | Kanc, Shimon. |
| ADD'L TITLE | Volomin: a memorial to the Jewish community of Volomin (Poland) |

THIS BOOK MEETS A.N.S.I. STANDARDS FOR
PAPER PERMANENCE AND LIBRARY BINDING.

PRINTED IN THE U.S.A.

# ספר זכרון



# קהילת וולוז'ין

העורך:

שמעון קאנץ

הוצא לאור ע"י ארגון יוצאי וולוזין בישראל
תל-אביב תשל"א 1971

# VOLOMIN

A MEMORIAL TO THE JEWISH COMMUNITY
OF VOLOMIN (POLAND)

Editor: **SHIMON KANC**




־בוך

**צום פאראייביקן דעם אנדענק**
**פון דער חרוב־געווארענער**
**יידישער קהילה**

# וואלאמין

# והגדת לבנך




א בנקל עלתה בידינו הוצאת הספר, שהננו מגישים ברגשי סיפוק ובחרדת קודש לשרידי וולומין בישראל ובעולם כולו. עוד לפני שנים הגינו את הרעיון על הוצאת ספר על קהילתנו שנכרתה; ספר שישקף את תולדותיה ויפרוש את מלוא יריעת חייה התוססים ברוח ובמעשה. אולם נתקלנו במכשולים לאין ספור, והעיקר — לא נמצאו האנשים שיהיו נכונים להטיל על עצמם עבודה קדושה ואחראית זו.

קהילות חרבות רבות, גדולות וקטנות, הונצחו בספרי־עדות וזכרון, ותודות למאמצי בניהן הניצולים. וולומין פיגרה בשטח זה, כי קטנה היתה עיירתנו ומעטים הם שרידיה, אולם חזקה היתה שאיפתנו ליצירה גדולה שתנציח את הקדושים והטהורים של קהילתנו.

מדי דברנו בה, בוולומין עיירתנו היקרה, עולה בזכרוננו, כמעט מאליה, וולומין היהודית על אישיה, עסקניה, המוניה, מוסדותיה וההווי היהודי שלה, שנחרבה בחורבן יהדות פולין — נרגיש בכאב לב שאין לו ארוכה. כמה יקרה היתה לנו עיירה זו, שבה נולדנו וחונכנו, ובה חיינו את שנות ילדותנו השלוות.

מקהילתנו לא נותרו אלא עיי חרבות, עפר ואפר, אפר התבערה הנוראה ואפר קדושינו ומעונינו. אנו אין לנו שם אלא עבר בלבד, בלא

שמץ של עתיד. אין ברצוננו לשוב ולהקים את משכנות־יעקב ההרוסים והעזובים, איננו רוצים עוד לשוב ולשתול שתילי־חיים חדשים בתוך העפר התתחוח והרווי דמעות ודם קרבנותינו. אנו יצאנו מן הנכר ולא נחזור אליו לעולם. למדנו לקח וחשנו בקללה הרובצת על אותו נכר, ועכשיו אנו עמלים למען נראה ברכה במעשי־ידינו במולדתנו. כאן אנו מוכנים לקבל באהבה את לבטי העמל והייסורים, הכרוכים בבנין מולדת, שהיתה שוממה דורות רבים. ואילו הגשר עם הנכר שרוף והרוס לעולמים, ושוב אין דרך לגולת פולין.

קדושיה חוללו בידי זרים, ערכי הרוח הלכו לטמיון, וקנייניה ונכסיה היו לבז ועלו באש — והיהודים, נושאי הערכים והקניינים האלה, נשמדו ואינם.

ואנו, האודים המוצלים, השרידים המעטים אחרי השואה — מה לנו פולין הרחוקה בלי אחינו ואחיותינו ? מה לנו וולומין, שלא נוכל אפילו לבוא ולהשתטח על קברות אבותינו, כי אין יודע היכן הקברות והיכן אבני מצבותיהם.

גדול כים שברנו, ואין לנו נחומים.

ואף־על־פי־כן : הרי נשארנו קשורים בכל נימי לבנו אל עיירתנו וולומין, כפי שהיתה פעם כפי שהיא חיה בדמנו ובעומק נפשנו.

יהמה הלב ויפרכס מכאב, כשאנו מעלים בזכרוננו את מראותיה ואת תמונת ההווי היהודי מן הימים עברו.

עכשיו נדמו החיים האלה ונשתררה דממת־מוות.

נדם קולם של תינוקות דבית־רבן, נדם קולם של לומדי־תוריה בבית המדרש, נדמו השמחה והמית האבל של „עמך" ברחובות ובסמט־אות העיירה.

שבת ונפסק ההווי היהודי בימי חול ושבת, בימי חג ומועד.

ורק בלבנו־אנו נוכל לשמור על הזכרונות היקרים מימים עברו.

אנו, השרידים המעטים אחרי השואה, חרדנו ודאגנו שתשאר למען הדורות הבאים תעודת־אמת על קהילתנו ובדחילו ורחימו ניגשנו להציב לה יד ושם.

נסינו לשזר פרקים מחיי העיירה, חיי עמל ויצירה, חיי חומר ורוח, חיים תוססים לכל צורותיהם ותקופותיהם.

חיים יהודיים רב־גווניים צמחו בהן והעמיקו שרשים — האם כל זה יהא נידון לכליה, לאחר שגם עלינו יבוא קץ כל בשר? כלום גזירה היא שגם כל אותו שפע של תמונות וזכרונות יגוז ויחלוף כחלוץ יעוף?

האם אין זה מחובתנו למסור את רגשות־לבנו ואת מראות־עינינו מן הימים שעברו גם לבנינו אחרינו, לספר בעל־פה ולמסור בכתב, למען ידעו גם הם, כי ההיסטוריה של עם ישראל, היסטוריה רבת־דורות היא, תולדות מאמצים ולבטים של בנין, ותולדות חורבות, יסורין ופרעות, שאיפות וכשלונות — היסטוריה בת אלפי שנים ושל אלפיים שנות גלות ונכר, עד שובנו לכאן, בכדי להתחיל מחדש ולבנות עתיד טוב יותר אחרי שנהרס העבר.

הדורות הבאים ימצאו בספר הזה, כבכל ספרי הזכרון לקרבנות השואה, עדות וראי למה שהיה בתפוצות אירופה לפני החורבן האיום, ולפני שנמחק כל זכר לחיים היהודיים בוולומין.

אנו המעטים, שזכינו להצטרף אל בוני המולדת בארץ ישראל, חשנו כי מוטלת עלינו חובה קדושה להציב יד ושם לקהילתנו. לא נחנו ולא שקטנו עד אם סיימנו את המלאכה — מלאכת הקודש.

וכך נקדש את זכר קדושינו.

אין אנו יכולים להקים מצבות על קברותיהם, כי אין אנו יודעים היכן מתגלגלים רגבי־עפרם של ההרוגים והיכן פזור אפר השרופים. ננציח איפוא את זכר חייהם של אבותינו הקדושים בוולומין שלפני השואה.

נשמור אותם בזכרוננו ונקיים את זכרונותינו־אנו לדורות הבאים, למען יהיו צרורים בצרור החיים של עמנו בדפי הספר הזה.

נעלה נר תמיד לזכר הקדושים והטהורים, לזכר ההתעלות והמסירות.

יהא הספר גל־עד לזכרון־עולם!

**ועד הספר**

# אל מלא רחמים

דין אלמנות ואבי יתומים
אל נא תחשה ותתאפק
לדם ישראל שנשפך כמים
תן מנוחה נכונה על כנפי השכינה
במעלות קדושים וטהורים
כזוהר הרקיע מאירים
ומזהירים לנשמותיהם של
קדושי

# וולומין

אנשים ונשים ילדים וילדות
שנהרגו ונשחטו ונשרפו
ונחנקו ונקברו חיים
כלם קדושים וטהורים
ויצרור בצרור החיים את נשמתם
ארץ אל תכסי דמם




**אלה אזכרה ונפשי עלי אשפכה,**
**כי בלעוני זרים כעוגה בלי הפוכה.**

התחלת הפיוט „עשרת הרוגי מלכות"
בעבודת יום־הכפורים

**אי אפשר לתאר מלים את חורבנו של עם ישראל בשנות ת"ש—תש"ה.**

**אי אפשר כלל למצוא ביטוי הולם לגודל צערנו על אבדן ששת מיליונים היהודים, קדושים וטהורים, שעלו על המוקד בתקופת החורבן הנורא של יהודי אירופה.**

**אי אפשר למצוא איש שיוכל לקונן את קינת החורבן הזה.**

**אי אפשר לנו לעשות כעת דבר בשביל קדושים אלה.**

**אי אפשר אפילו להקים מצבה על קברם, כי הזדים הארורים שרצחו אותם, שרפו את גופותיהם ולא נודע אנה הלך אפרם.**

**אבל אי אפשר לנו לשכוח אותם!**

**אם כי מצבת־אבן לא נוכל להקים על קבריהם, הרי יש לאל ידנו להעמיד להם מצבה רוחנית.**

**מצבה זו — תולדות העיר וזכרונות אנשיה — היא נר לזכרם, למען יחיה לעולמי־עד.**

**ונסיים בתפילה שהיא גם סופו של הפיוט „עשרת הרוגי מלכות" ליום הכפורים:**

**חנון, הביטה ממרומים,**
**תשפוכת דם צדיקים ותמצית דמים**
**תראה בפרגודך והעבר כתמים,**
**מלך יושב על כסא רחמים!**

# אזוי האבן מיר אנגעהויבן

דער ווילן צו המשך, צום ווייטערדיקן לעבן און שאַפן, גייט תמיד צוזאַמען מיט אַ פאַרשטאַרקטן חוש פאַרן שיינעם און ווערטפולן פון דער פאַרגאַנגענהייט, פאַר דער געשיכטע פון אייגענעם פאָלק, פאַרן נשמהדיקן און גייסטיקן אין זיין אַמאָליקער היים און דעמאָלט דערפילט יעדער די שטאַרקע באַדערפעניש פון —

„והגדת לבנך!”

דער דאָזיקער פאַרלאַנג איבערצוגעבן פאַר די ווייטערדיקע דורות די לעבעדיקע קוואַלן, פון וועלכע עס האָבן געטרונקען אונדזערע טאַטעס און זיידעס, האָט געגורעוועט צווישן די וואָלאָמינער יידן אומעטום ווו זיי האָבן זיך געפונען נאָכן גרויסן חורבן, אין ישראל, אין ביידע אַמעריקעס און אין פאַרשידענע שטעט אין אייראָפע.

יעדער איינציקער פון אונדז איז געווען דורכגעדרונגען מיטן ווילן צו פאַר־אייביקן דאָס לעבן און אומקום פון אונדזער שטעטל.

אָפשטאַמיקע פון וואָלאָמין זענען נאָך פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען צעוואָרפן איבער פאַרשידענע שטעט און לענדער און אין זייערע געמיטער האָבן זיי מיטגעטראָגן די האַרציקע וואַרעמקייט פון זייער אַלטער היים, דעם אידעאַליזם, די איניציאַטיוו און אַקטיוויטעט פון אונדזער יוגנט, וואָס האָט זיי געגעבן שוווּנג און פאַרנעם אויך אין דער פרעמד. וואָלאָמינער יידן האָבן אַנטייל־גענומען אין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אומעטום ווו זיי זענען געקומען.

אַזוי איז עס אויך געווען אין ישראל. מיר זענען געווען ווייניק און אונדזער טעטיקייט איז תמיד געווען אַ באַגרענעצטע, באַגנוגנט זיך מיט דער מאָראַלישער און אַמאָל אויך מאַטעריעלער הילף פאַר ניי־געקומענע עולים.

מיר האָבן זיך אָבער תמיד אָפגעגעבן אַ חשבון, אַז מיר שטייען אָפ פון אַנדערע שארית הפליטה פון חרוב־געוואָרענע יידישע קהילות אין פוילן, אַז מיר צאָלן נישט אָפ דעם גרויסן חוב, וואָס מיר זענען שולדיק אונדזערע קדושים.

מיר האָבן דעם דאָזיקן חוב געטראָגן טיף אין אונדזערע הערצער אָבער מיר זענען געווען צו־ווייניק, צו־אָרעם אויף צו קענען אים ווי געהעריק אָפצאָלן און רעאַליזירן.

עס דאַרף צום וויפלטן מאָל ווערן אונטערגעשטראָכן, אַז מיר האָבן אויף

קיין איין מינוט נישט פֿאַרגעסן אונדזער חוב לגבי די קדושים. מיר האָבן גערופֿן יעדעס יאָר צו אַן אזכרה. מיר האָבן עס געטון אין ישראל, פּונקט ווי אונדזערע לאַנדסלייט אין אַמעריקע, אין אַרגענטינע.

עס זאָגן דערויף עדות די אַנאָנסן אין די אַרטיקע יידישע צייטונגען, ווו וואָלאָמינער לאַנדסלייט זענען גערופֿן געוואָרן צום 14־טן אָקטאָבער, אין טאָג פֿון מזכיר־נשמות־זיין, די יאָרצייט פֿון וואָלאָמינער אומגעקומענע דורך די דייטשע מערדער.

אין די דאָזיקע אנאָנסן זענען די וואָלאָמינער לאַנדסלייט גערופֿן געוואָרן נישט צו פֿאַרגעסן אָנצינדן אַ ליכט און אָפּגעבן כבוד די פֿינף טויזנט יידן, וואָס האָבן אין יענעם טאָג דורכגעמאַכט זייער לעצטן גאַנג פֿון סאָסנאָווקע־וואַלד צום טרעבלינקע־גיהנום.

אמת, די טאָג־טעגלעכע זאָרגן, באַדערפֿענישן און גאַנץ אָפֿט אויך צרות, צווינגען אונדז צו פֿאַרגעסן אין גרויסן אומגליק, וואָס האָט געטראָפֿן אונדזער פֿאָלק. עס טרעפֿט אויך, אַז מיר זענען פּשוט נישט אימשטאַנד צו באַגרייפֿן דעם גרויזאַמען אומקום, וואָס האָט געטראָפֿן אונדזער געוועזענע היים.

עס קומט אָבער דער טאָג, אין וועלכן מר זענען זיך מתייחד מיט אונדזערע קדושים. מיר אַלע, וואָלאָמינער אָפּשטאַמענדיקע, וואָס געפֿינען זיך אין ישראל און אין אַנדערע לענדער אויף דער גאָרער וועלט, דערמאָנען זיך אין אונדזערע קדושים, אונדזערע טייערסטע און ליבסטע, וועלכע האָבן אין דער גאָר נאָענטער פֿאַרגאַנגענהייט, ערשט מיט עטלעכע צענדליק יאָרן צוריק, געלעבט און געהאָפֿט צו זען אין דער צוקונפֿט אַ בעסער, רואיקער און שענער לעבן.

זיי האָבן עס נישט דערלעבט.

מיר מוזן דערמאָנען און זאָרגן דערפֿאַר, אַז זיי זאָלן נישט פֿאַרגעסן ווערן ביי אונדז; געדענקען און דערמאָנען די אַלע טרייע יידן פֿון אונדזער שטעטל, וואָס זייער לעבן איז אַזוי אכזריותדיק איבערגעריסן געוואָרן.

מיר מוזן געדענקען, אַז דאָרט אין טרעבלינקע, ווו עס איז אַזוי מערדערלעך „געלעזט געוואָרן" דורך די דייטשע מערדער און זייערע פּוילישע מיטהעלפֿער די יידן פֿראַגע אין וואָלאָמין, אַז דאָרט ליגן אין ריזיקן ברידער־קבר די ביינער פֿון די אַלע, וועמענס לעצטער ווונטש ביים אויסהויכן זייערע הייליקע נשמות איז געווען, אַז מיר, די לעבנגעבליבענע, ווו נאָר מיר וועלן זיך געפֿינען, זאָלן היטן זייער אָנדענק, זאָלן זיך האַלטן פֿאַראייניקט ביים וואָרענען און דערמאָנען דער וועלט דעם גרויזאַמסטן פֿעלקער־מאָרד אין דער געשיכטע פֿון דער מענטשהייט.

מיר דערמאָנען מיט דאַנקבאַרקייט די טעטיקייט פֿון דער וואָלאָמינער לאַנדסמאַנשאַפֿט אין אַמעריקע, וועלכע האָבן מיט גרויס ערנסט און יראת הכבוד

געגומען זיך צו העלפן אונדז אַרויסגעבן דאָס יזכור־בוך. זיי האָבן עס געטון נישט בלויז מיט געלט, נאָר אויך מיט מאָראַלישן אונטערשטיצן, געררופן און געמאָנט ביי די וואָלאָמינער לאַנדסלייט, זיי זאָלן אונדז העלפן מיט מאַטעריאַלן, מיט גבית־עדות, דאָקומענטן און בילדער.

אָט איז איינער פון די לעצטע קול־קוראס, וואָס דער קאָמיטעט אין אַמעריקע האָט אַרויסגעגעבן צו די וואָלאָמינער לאַנדסלייט:

# מעלדונג צו אלע וואלאמינער

אויף דער לעצטער הזכרה וואָס איז פאָרגעקומען אָקטאָבער דעם 12טן, 1969, איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרלענגערן ביז מיטן יאַנואַר 1970 דאָס אָננעמען מאַטעריאַל, בכדי צו דערמעגלעכן די אַלע וואָס האָבן נאָך ביז איצט נישט צוגעשיקט. אָבער מיר גיבן צו, ווער ס'וועט אין דער צייט זיך נישט פאַרבינדן מיטן חבר יהושע איידעלזאָן, זאָל וויסן, אַז ער אַליין נעמט זיך אַרויס פון פאַראייביקן זיינע טייערע און נאָענטע און דאָס וועט זיין אַ חטא אויף נישט צו פאַרגעבן און קיינער וועט נישט קענען זיך באַקלאָגן.

באַמערקונג:

1) זעצט אייך שוין שרייבן דאָס וואָס איר געפינט פאַר פאַסיק. איר דאַרפט נישט זיין איבערקלייבעריש מיט אייער שרייבן, ווייל עס וועט ווערן קאָרעגירט דורך אַ ספּעציעלן מענטש.

2) פאָטאָס זאָל ווערן באַצייכנט מיט די נעמען וואָס געפינען זיך אויף די פאָטאָס.

יעדער שטאָטישער דאַרף צושיקן אויף אַ באַזונדערן פּאַפּיר־בויגן די נעמען פון זיין אומגעקומענער משפחה. איר קענט שרייבן אין וועלכער שפּראַך איר ווילט. דער מאַטעריאַל דאַרף געשיקט ווערן צום חבר:

**S. ADELSON, 1836—48th Street, Brooklyn, N. Y., Tel. UL 4-6636**

פּ. ס. דאָס איז די לעצטע מעלדונג.

**מיט אכטונג,**
דער קאמיטעט"

מיר לעבנגעבליבענע, האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון פונעם הייליקן חוב אויפצושטעלן אַ מצבה פאַר די אַלע, וועלכע מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

דאָס ווילן מיר טון אין דעם יזכור־בוך פאַר אונדזער פאַרטיליקט שטעטל וואָלאָמין.

אין רעזולטאַט האָבן מיר פונאַנדערגעשיקט בריוו, צירקולאַרן און אויפרופן צו אַלע אונדזערע לאַנדסלייט אין ישראל און אין דער וועלט.

אָט איז איינער אַזאַ אויפרוף, וואָס מיר האָבן אַרויסגעשיקט מיט דריי יאָר צוריק פאַרן דערשיינען פונעם יזכור־בוך:

## צו די וואלאמינער לאנדסלייט אין דער וועלט!

טייערע ברידער און שוועסטער,

עס זענען שוין 24 יאָר פאַרביי נאָכן חורבן פון אונדזער חרובער היימשטאָט וואָלאָמין. עס ווייטיקן נאָך אונדזערע הערצער און קיין טרייסט איז נישטאָ.

אַ שוידערלעכע שחיטה, וואָס האָט נישט קיין גלייכן צו זיך אין דער מאַרטירער־געשיכטע פון אונדזער פאָלק, איז דורך די היטלעריסיטישע הארדעס געמאַכט געוואָרן אין אונדזער שטעטל.

פון דורות יידן און יידישקייט זענען געבליבן בלויז ריזיקע ברידער־קברים, אָן אַ מצבה, אָן מינדעסטן אָנדענק, וועלכער זאָל אַרויסשרייען צו דער וועלט די שוידערלעכע טראַגעדיע, וואָס דאָרט האָט פּאַסירט.

מיר זוכן און נישטערן שוין יאָרן, צו געבן אַ תיקון פאַר אונדזערע מאַמעס, טאַטעס, ברידער, שוועסטער און אַלע נאָענ־סטע, וועמענסביינער וואַלגערן זיך און זענען נאָכנישט געקומען צו קבורה — פון סאסנאווער וואַלד ביז טרעבלינקע, מיידאַנעק און סיביר.

אונדזערע טייערסטע און ליבסטע האָבן זיכער אין זייערע לעצטע מינוטן מיט פאַרבלוטיקטע ליפּן געמורמלט — „געדענקט אונדז!" דערפאַר האָבן מיר באַשלאָסן צו פאַראייביקן זייער אָנדענק דורך אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך, וואָס וועט זיין פאַר אונדזערע קדושים אַ תיקון, און פאַר די קומענדיקע דורות — אַן אָנדענק לעולם ועד.

מיר דאַרפן צונויפזאַמלען אַלץ, וואָס האָט אונדז פאַרבונדן

מיט אונדזער טייערער פאַרוואָרצלטער היים, כדי צו קאָנען אויפ־שטעלן אַ מצבה.

מיר זענען די, אויף וועלכע ס'איז אַרויפגעלייגט די שליחות צו פאַראייביקן אונדזערע אַזוי אכזריותדיק אומגעבראַכטע טייער־סטע און נאָענטסטע.

זאָל דער דאָזיקער אויפרוף זיין פאַר אייערע אויגן ביז די דאָזיקע הייליקע אויפגאַבע וועט דערפילט ווערן.

יעדער לאַנדסמאַן ווערט געבעטן צוצושיקן מאַטעריאל וועגן דער אַלטער היים (רעליגיעזן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, גע־שטאַלטן און טיפּן) און חורבן, ווי אויך נעקראלאגן וועגן אומגע־קומענע און געשטאָרבענע, עווענטועל באַגלייט מיט דערמיט שייכותדיקע פאָטאָגראַפיעס און דאָקומענטן — אויפן אַדרעס פון דער סעקרעטאַרין:

**ד"ר שרה מנדלברג, רחוב מונטיפיורי 44, תל־אביב, ישראל.**

ארגון יוצאי וולומין בישראל



אונדז איז געלונגען צוצוציען צו דער הייליקער אַרבעט דעם רעדאַקטאָר שמעון קאַנץ, און עס איז פאַר אונדז געווען אַ פרייד צו זען ווי ער איז אַנגעשטעקט געוואָרן מיט אונדזער התלהבות, כאָטש מיר האָבן נאָך דעמאָלט נישט געהאַט קיין מאַטעריאַל פאַרן ספר. לויט זיינע כסדרדיקע אָנווייזונגען האָבן מיר אונדזערע אָנשטרענגונגען געוואָנדן אין דער ריכטונג פון זאַמלען דאָקומענטן און זכרונות, עפּיזאָדן און בילדער. ביסלעכווייז איז אויסגעוואַקסן דער באַשיידענער בנין, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר דער ספר־הזכרון צום אָנדענק פון אונדזער היימ־שטעטל וואָלאָמין.

מיר זענען נישט קיין פּראָפעסיאָנעלע שרייבער, נישט קיין היסטאָריקער. בלויז די אויפטרייסלענדיקע יסורים אין אָנבליק פון שוידערלעכן אומקום האָבן געעפנט אונדזערע שטומע ליפּן און געמאַכט זיי רעדעוודיק. יעדע איינציקע פאַר־צייכענונג, ווען זי איז אפילו געשריבן מיט אַ מילדן שמייכל, איז דאָך אַן אויסדרוק פון קאָנצענטרירטן צער־געפיל. דערפאַר האָט יעדע דעראינערונג. יעדע שורה, איר אָרט און איר ווערט אינעם דאָזיקן בוך־מצבה צום אָנדענק פון אונדזערע נאָענטסטע און טייערסטע.

עס ווײנט דאָס האַרץ אויף די פאַרפייניקטע, פאַרלוירענע, אָבער זייער

ליכטיקער אָנדענק פאַדערט פון אונדז אַ שטאַרק און געמוטיקט האַרץ, כדי זייער טוט זאָל קריגן אַ תיקון אין אונדזער ווייטערדיקן ליכטיקן אויפבוי.

דערציילנדיק וועגן די אַלע געשטאַלטן זענען אונדזערע הערצער דורכ־געדרונגען מיט ליבשאַפט און בענקשאַפט צו יענע אַלע, וואָס זענען געווען און זענען מער נישטאָ.

רעדנדיק וועגן זיי זעען מיר דאָך אויך די פּנימער פון אונדזערע עלטערן, ברידער און שוועסטער, פון אַלע די, וואָס זענען אַ טייל פון אונדזער לייב און נשמה.

מיר, וואָס האָבן זוכה געווען אָפּגעראַטעוועט צו ווערן פון דער גרויזאַמער שחיטה, האָבן שטענדיק פאַר די אויגן דעם אור־אַלטן געבאָט, וואָס איז געבליבן פאַר אונדז אויסגעקריצט מיט אותיות פון פייער און בלוט:

„זכור את אשר עשה לך עמלק!"

דער עמלק פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

דאָס איז אייגנטלעך די ראָל און באַשטימונג פון דאָזיקן בוך:

נישט סתם זכרונות פון דער ווייטער און נאָענטער פאַרגאַנגענהייט, נישט בלויז אַן אָנדענק־ליכט פאַר די לויטערע און הייליקע נשמות, וועלכע זענען אומגעקומען דורך אַלערליי שוידערלעכע טויטן. פאַרצייכענענדיק אונדזערע זכרונות האָבן מיר געפילט די באַדערפעניש אַרויסצוברענגען די באַזונדערע ליכטיקייט פון די יידישע פאָלקס־מענטשן אין אונדזער שטעטל.

זאָל עס די קומענדיקע דורות געבן די טיפע אָנונג פון דער אומגעבראַכטער יידישער שיינקייט.

מיט געבויגענע קעפּ און פאַרבראָכענע הענט שטייען מיר ביים באַשיידענעם דענקמאָל פאַר אונדזער אומגעקומענער יידישער קהילה אין וואָלאָמין און מיר פאַראייניקן זיך מיטן הייליקן אָנדענק פון די דערמאָרדעטע קדושים.

זאָל דאָס געשריי, וואָס גייט אויף פון דאָזיקן ספר־הזכרון, נישט פאַרשטילט ווערן און נישט אויפהערן צו מאָנען ביז דורי־דורות.

זיי, אונדזערע טאַטעס און זיידעס, מיט זייער גאַנצן נשמה־יתירהדיקן לעבן, אין אַלע וווּנדערלעכע קאָלירן פון יידישער שיינקייט, האָבן אונדז געגעבן דעם גלויבן אין אונדזער געשיכטלעכן גאַנג, דעם פאַרשטאַנד און דאָס גרויסע אחריות־געפיל, וואָס גייט פאַרויס פון אונדזערע אויפגאַבן.

ביים רויטן ליכט פון זייער פאַרגאָסענעם בלוט שווערן מיר:

מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן!

ועד הספר

**אירגון יוצאי וולומין בישראל**

# יעמדו על הברכה

די, וועלכע האָבן זייער טרייע, מסירת נפשדיקע איבערגעגעבנקייט און הייסן ווילן צום דערשיינען פון וואָלאָמינער יזכור־בוך אַרויסגעוויזן אין דער מאָראַלישער און פינאַנסיעלער הילף, וואָס זיי האָבן געברענגט מיט זייער אַקטיווקייט ביים זאַמלען מאַטעריאַל און מוטיקן אונדז מיט וואָרט און טאַט:

| | |
|---|---|
| יחיאל־יהושע איידלזאָן<br>שמעון ווישניעווסקי<br>סאול ראָזנבלום | אַמעריקע |
| שמואל ווינאגארא<br>אליעזר וואגמאן<br>שמואל מאננע<br>נח שולץ | אַרגענטינע |



# זכור את אשר עשה לך עמלק

שמאי באום, יו״ר ארגון יוצאי וולומין בישראל



לומין היהודית היתה ואיננה עוד. יחד עם יהודיה נמחתה מעל פני האדמה ללא עקבות, ואין כל אפשרות לגלות את הלוט מעל פני עברה.

לזאת התכוונו האויבים, העמלקים מהמאה העשרים, ובמידה רבה הצליחה מזימתם. החורבן וההרס־עד־היסוד שבאו על קהילתנו, כעל יתר קהילות ישראל בפולין, שללו כל אפשרות של איסוף חומר וגישה למקורות, של חיפוש תעודות ומציאת מסמכים. ובאין כל אלה



**האזכרה בשנת 1968**

...וכך אנו מבכים את יקירינו, קדושי השואה, ומנציחים את זכרם. יהא־נא כל יום ויום, כל שעה ושעה מחיינו חדורי רעיון הזכרון.

נשאר רק כוח הזכרון האנושי המקורי היחידי המאפשר לנו לשוות לנגדנו, במידה הראויה, את קטעי עברנו הקרוב.

לפיכך התאמצנו לשאוב ממעין זה, לשזר פרקים מחיי העיירה, חיי חומר ורוח, לכל צורותיהם ותקופותיהם.

אכן, הדרך להשגתן לא היתה נוחה כלל בכל משך הכנת הספר, על תהליכיה ושלביה. קשיים ומעצורים מלאו את כל הדרך: העדר מוחלט של חומר בתחומי החיים של יהודי וולומין; חיפושי מידע בצורות שונות כתחליף לחומר שאיננו; אי־היענות לעתים אף מצערת ומאכזבת, מצד יוצאי עיירתנו לכל הבקשות והפניות שלנו בדבר סיפוק חומר, ידיעות וזכרונות, ואפילו בדבר רשימת שמות הנפטרים והקדושים מבני משפחותיהם־שלהם.

הדברים שנאמרו בזה ישמשו הסברה לשאלות ולתמיהות העשויות להתעורר אצל קוראי־הספר על קיפוחים, כביכול, על תופעות של השמטות מול חזרות, של צמצום־דיבור מול הרחבת־דיבור, של מיעוט־דמות מול הבלטת־דמות. מכאן גם הסבר להעדר פרופורציה הערכת אישים או העדר הערכה בכלל, להיעלמות חשיבותו או קיומו של מוסד, ואולי גם למקרים של אי־דיוק בשמות, בתאריכים וכדומה.

לעומת כל זאת גדול הסיפוק מכמה נקודות ההישג והיש שבספר.



גב׳ חיה רובינשטיין מדליקה את הנרות באסיפת אזכרה לקדושי וולוזין

הדורות הבאים ימצאו בספר זה, כבכל ספרי הזכרון לקרבנות השואה, עדות וראי למה שהיה בעיירתנו לפני החורבן הגדול ובטרם נמחה כל זכר לחיים היהודיים שם.

ברור היה לכולנו כי נוכח המצב בנוגע לחומר, כמותו וטיבו, נדרשת כאן התמסרות מיוחדת מצד העורך, השתרעות על־פני תחומים נרחבים לחיפוש נוסף, פעולת איסוף נמרצת, עריכה מיוחדת, תוך תחושת המיוחד שבקהילתנו, נכונות וכושר להתמודדות עם היש והאין כאחד, ותכונה ברורה של התפעמות ורוח־יצירה, להשלמת החסר ולמילוי ההעדר, מפרי־עטו שלו; התמודדות קשה עם החומר שהוגש, התמודדות מבחינות שונות, ברובן ידועות ומובנות.

את מסירות העורך לעבודתו ראינו וידענו אנחנו בכל שלבי הכנת הספר.

ומצאנו גם אנו בעבודה הזאת מעין נחמה פורתא ביגוננו ושמירה על העבר שלא ישתכח מן הלב בדורות יבואו.

יהיה נא „ספר וולוזין" מעין גשר בין העבר, שנפסק באכזריות כה רבה, ובין העתיד, ששמשו עולה לעינינו.

יהי רצון שנצליח לגלות את מקור היופי והטוהר, את הכוח המוסרי, שבזכותם יכולנו לעמוד במשך כל הדורות, נגד כל גל של זדון הבא לבלענו, והודות להם הוכיחו בימי בהלה ומבוכה מסירות־נפש ואומץ־לב וקדשו את שם ישראל ברבים.

יהיו נא השורות המעטות האלו כאבן במצבת הזכרון לוולומין עיירתנו.

היה היתה קהילת וולומין ואיננה עוד.

בידי רוצחים גרמניים נגדעה מגזע רב־ענפים של יהדות פולין.

זכרה נשאר בלבותיהם של עשרות שרידיה המפוזרים בכל העולם, שרובם נקלטו במולדת, במדינת ישראל.

יהא הספר גל־עד וזכרון־עולם!

יתגדל ויתקדש...



## אשא קינה ונהי

וולומין עיירתי,
איך אשא קינה ונהי,
על יהודיך כי אינם,
על חורבנם ואבדנם.

שותק, חונק אנקת כל חיי,
אך לא שותקו שאגות־דוי,
שאגו טהורים מדור לדור;
אותם לעד נזכור.

לזכרם הקדוש
נקדיש זכרונותינו,
נתפלל קדיש
ונקדיש מחשבותינו.



ד״ר שרה מנדלברג נואמת באסיפת אזכרה, שהוחלט בה על הוצאת ספר הזכרון לקהילת וולומין.

שמואל צוקער, וויצ.-פאר:יצער פ:ן אירגון יוצאי וולומין בישראל

# יזכור אלוקים
# את נשמות קדושינו



ו זענען אונדזערע טייערע יידן?
פ:ן יאָר צו יאָר פאַרשיט דער שטויב פון דער צייט זייערע ביינער פ:ן וואָלאָמינער געטאָ ביז די סיבירער וועלדער.

ווו זענען די יידן מיט די פון זון, ווינט און פראָסט געברוינטע פנימער, ווילדע בערד און בר:יטע שטיוול, טאָפטשענדיק מידע, האַלב פאַרשלאָפענע, זיך יאָגנדיק צו אַ קאַפּיטל תהילים, מיטן אומעטיקן בליק צום הימל, און דער האָפענונג אויף אַ בעסערן מאָרגן?

ווו זענען לייביש פאַרבער און אפרים אברי, וועלכע פלעגן מיט אויס־געבלייכטע פנימער, זיך זעצן לערנען ביי די גרויסע, אָפּגעריבענע גמרות און פאַרברענגען אין פילפולים ביזן שפּעטן טאָג אַריין?

ווו זענען די שחרית־דאַוונער מיט זייערע פאַרזאָרגטע, אויסגעלאָשענע אויגן פון דאגות הפרנסה, טוליענדיק צו זיך דעם טלית און תפילין ווי דאָס גרעסטע פאַרמעגן — צום ערשטן מנין, נישט צו פאַרשפּעטיקן צו דער אַרבעט, כדי מפרנס צו זיין זייערע ווייבער און קינדער?

ווו זענען די טאַטעס און מאַמעס, וועלכע פלעגן מיט ווייטיק רופן צו גאָט, העלפן חתונה מאַכן זייערע ביזן גרוי־ווערן פאַרזעסענע טעכטער?

ווו זענען די רויזעס און חנה׳ס — די מילך־הענדלערקעס, וועלכע פלעגן שוין אין באַגינען אַרויס פון די בעטן, כדי צו טראָגן די קאַנען מילך פון הויז צו הויז צו פאַרדינען דאָס אָרעמע ברויט?

ווו זענען די חדר־יינגלעך, וועמען פישעלע מלמד פלעגט מיטן הילצערנעם טייטל אָנווייזן אין שמותדיקן סידור אַן „אַ" „אָ"... „ב"?

ווו זענען די בית־המדרש בחורים, מיט די דאַרע בלייכע באַקן, וועלכע פלעגן אין דער טונקעלער פרימאָרגן־שטילקייט אָפּגיסן די נעגל, לערנען ביי אַ פאַרטיפט ליכטל ביז אין די שפּעטע, קאַלטע ווינטער־נעכט, בעת אין זייערע הערצער איז געווען טיף איינגעבאַקן דאָס וואָרט „אשרי האיש"?

ווו איז די יוגנט, וואָס פלעגט זיך זומער־שבת־נאָכמיטאָג פאַרזאַמלען הינטער די גרינע בוימער אין וואַלד מיט ביכער פון דער יידישער און אייראָפּעישער ליטע־ראַטור און חלומות וועגן די שענסטע אידעאַלן?

און ווו איז די יוגנט, וואָס האָט אויסגעפילט די לאָקאַלן פון „גורדוניה", „השומר הצעיר", „החלוץ הצעיר", „ציונים כלליים", „מכבי", „י. ל פרץ" און „מאקס נורדוי", א. א., וועלכע האָבן פול געמאַכט די גאַסן מיט זייערע געזאַנגען, טענץ און ויכוחים, און אויך יענע, וואָס האָבן זיך מקריב געווען פאַר די רויטע פענער און אַנדערע אידעאַלן?

כבוד זייער אַנדענק.





# על הסף

— א —


ה ניתן לומר, בפתח הספר הזה, ולא נאמר בדפיו, האוצרים בתוכם את זכרי־עברה ואת דמויות אישיה, את רטט חייה ושאר רוחה ונפשה, את גודלה ואת כליונה של קהילת וולומין.

אכן, יהודים בנו אותה ופיתחו אותה, דורות שיקעו בה מרצם וכושרם והיא היתה עיירה יהודית, כוורת של פעלתנות ויצירה, של חמדת חיים ומידות טובות, של שאיפות נעלות, של אהבת ציון וישראל.

מבין השטין עולה לעיני רוחו של הקורא סערת־חיים, פועם של כשרון־עשייה וחריצות, מלחמת־קיום תדירה, עקשנות ואופטימיות, אהבת־עם־ואדם, עולם של חסידות ותורה, ציונות וחלוציות, תנועות־פועלים ונוער — עם יהודי בזעיר־אנפין, עם לוחם ויוצר, גאה ואמיץ.

חייה הקצרים של קהילת וולומין היו רבי־עצמה ומעש בכל שטחי המאמץ האנושי, בכלכלה ואירוגן, ביצירה רוחנית ומנהיגות ציבורית, בתורה ובמעשים טובים.

אנשי וולומין היו פעילים ותוססים, עבדו ולדמו, חלמו על גאולתם ולחמו על קיומם.

אכן, היה זה קיום בתוך מיטת סדום. אולם ביחד עם זה היו אלה חיים מלאי אינטנסיביות, מלאים אבל כבושים, עשירים וצנועים, נושאים עמהם נזרי אנוש ותוססים שעוד לחלוחית פולקלוריסטית שפוכה עליהם, והאגדה והמציאות טרם נתפרדו ברגשות החזקים והעמוקים עד למאוד.

השואה החריבה אותה כליל כמו שהיא מחקה מעל פני האדמה מאות קהילות יהודיות אחרות. נשמדו העדות והתעודות.

המקור היחידי לשוות לנגדנו, במידה הראויה, את קטעי עברנו הקרוב, הריהו כוח הזכרון האנושי. לפיכך שאפנו, בכל מידת האפשרות, לשאוב ממעין זה.

מובן מאליו, שאנו מכירים היטב שזכרון אנושי לקוי בחסר ובמוטעה; אולם, מאידך, גלוי וידוע לנו שגם מעיין זה לא יפכה תמיד, וכאשר נמהר לשאוב ממנו — כן ייטב לענייננו.

— ב —

תמיד נוגע עד הלב מחזה היגונים הרונים של סיעות יונים, המתייג־עות בבנין קנן, והן באות מפעם לפעם ביעף, בציוץ שוקק ובהמיה רבה, ופיותיהן חליפות עלה־טרף, גבעול־קש, גרגיר־עפר, קורטוב־טיט או כל שהוא פירור, תרומת חמרי־בנין להקמת משכנן לעתיד־לבוא.

רבות התחקיתי למראה עיניים על המעשה הזה בחזיון הטבע, אף רבות קראתי על זה בתיאורי הסופרים, היודעים בינה באורחות הצפורים, אך לא אדע אל נכון ולא מצאתי כתוב, אם עדת היונים נושאת את משך הזרע לבנין רק ברינה או גם בקינה, רק בחמדה או גם בדמעה.

מסתבר, כי גם בדמעה, מאחר שקן היונה עשוי בדרך טוב — ומה טוב לדבק מן הדמעה?

ומסתבר גם בקינה, שאם לאו, מנין אותו נועם מתוק־מרירי, הבוקע ויוצא מציוץ היונה בעת עשותה במלאכה, לחמם את הנפש הקשובה ולמצוץ את הנשמה הנוהה אחרי כל קול בכות, קול בהדר, קול בזמר וקול בבכי ? !

אותה הקינה בוקעת ויוצאת גם ממלאכתם של אנשי וולומין, שרידי השרידים, בהסיעם בהמית רגשות חמרי־בנין, זיקוקין של זכרון ; עלי־טרף מעץ־החיים הגדול, גרגירי־רשמים, קורטוב של סיפור או תיאור, צלם ונוף וקלסתר־פנים, זמר וגניחה ורישום, כל קול ובת־קול מן העבר — לבנות, לא קן לעתיד לבוא, כי אם צלם־דמות של קן בעבר, קן של מעלה לעיירה של מטה, קן שבחזון, קן להשארת הנפש של הגוף ההרוס, מצבה של רגשות אהבה וכיסופים, תוכם רצוף אש־דמעה לעיירה, מקור מחצבתם להם ולאבותיהם.

— ג —

לא הייתי אחד מהם למשא הזכרונות ולנטל החמרים לבנין, כי לא בן־וולומין הנני, אך מסבב הנסיבות הביאני להיות מנצח על המלאכה, ומה מאוד נפלאתי לראות את חרדת אהבתם לעירם כי רבה, את גודל צמאונם של כל איש ואיש מהם לאמר לבאר־הזכרונות : „עלי !"

ראיתי את מרבית דאגתו של כל אחד מאירגון הוולומינאים להוסיף בו, להעלות עוד דמות ועוד חזיון, לבל ירד לטמיון, חס ושלום, זכרונה של נפש אחת, של בן־עיר זה או אחר, בין אחד מ„פני" העדה, בין מדלת העם, בין נגיד בקהילתנו ובין מלמד־דרדקי.

ראיתי איך נתעוררו שרידי־וולומין, בארץ ובחוץ־לארץ, והריצו את תרומתם בכתב ובעל־פה פרשיות זכרון ביריעה גדולה וביריעה קטנה, לא נבדלה הקטנה מן הגדולה. כי אפילו התרומה המצערה תוכה רצוף אהבה גדולה.

וכמוה גדול הכאב, כאב בנים שאפילו לא גלו בשעתם מעל שולחן האבות, כי אם הלכו בשמחה למרחקים לכונן להם מעמד בעולם.

אמנם לא רבים היו הנועזים אשר יצאו בעוד מועד להכין מקומות מקלט ונקודות מוקד חדשות לקיום ישראל במולדת העתיקה ובעולם

החדש, ובכל מקומות חדשים האלה השאירו רשומם, הלא הניחו את שולחן האבות על מכונו ואת עיירתם על תלה וקשר הרגשות בינם לבין עיירתם משתלשל והולך אחריהם למרחקים, עד אשר באה השואה הנוראה.

לא יפלא, איפוא, כי מכיוון שנכנסתי למחיצתם של אנשים אלה נדבקתי חיש מהר בהתלהבותם, ואף עיני רוחי כמו נפקחו וראיתי את עצמי כוולומינאי לכל דבר, לאותה ההתמכרות לעשיה, לכובד־הראש ומסירות־הנפש, בהם נעשה הליקוט, האיסוף, הניפוי והחיבור, העריכה, ההדפסה וכל השיתוף הנדבני, ואז הרגשתי את המשהו שייחד את וולומין בין שאר קהילות הקודש.

— ד —

ויווכח הקורא מהתיאורים המפורטים כי כל צבעי הקשת היו מיוצגים בוולומין, מקיצוני החסידים עד לקומוניסטים, רבים היו שם בעלי־המלאכה: הסנדלרים והרצענים, החייטים והזגגים, הנפחים, הנגרים, האופים, הקצבים והעגלונים, הרוכלים, יוצאי עליות־גג ומרתפים שעסקו בכל המלאכות למיניהן, שהקיפו את צרכי החיים בימים ההם. חייהם הקשרים של כל אלה לא היו חיים קלים. בזיעת אפיהם אכלו לחם ובירכו עליו את ה׳ וללא כל ערעור קיבל הגוף את מרותו של הרוח, מרצון מסר לו את הבכורה, כי במערכי החיים הפנימיים לא היתה סמכות הכופה את רצונה בכוח.

יהודי וולומין לא זנחו את חינוכם ותרבותם אף ברגעים הקשים ביותר. דאגתם הראשונה היתה להקנות דעת לבניהם. מוסדות חינוך רבים היו בעיירה, חדרים ותלמוד־תורה, בהם למדו פעוטי ישראל תורה כבר מגיל ארבע.

בשעות הבוקר המוקדמות נראו ברחובות נערים נחפזים לבית־תלמודם, לחדריהם, ללמוד תורה מפי הרבי, ולבתי־הספר היסודיים. עם סיום הלימוד בחדרים היו כאלה שפנו לישיבה, שהיתה גולת הכותרת של החינוך המסורתי.

מבחינה נפשית ורוחנית הרגיש עצמו היהודי בוולומין במקום חיותו, ככל שיתכן הדבר על אדמת נכר, תחת אפו של שלטון עוין. השלטון, אמנם שלטון עריצים, טרם חדר לכל תאי החיים, וככל שיכלו היהודים

להתעלם ממנו, לשכוח מציאותו, עשו כן. היהודי האמיד והיהודי הדלפן — כולם מצאו את יניקתם הרוחנית באותיות המרובעות שלנו ועיקר תענוגם היה דף גמרא, פרק משניות, קטעי עין־יעקב, סעיפים ב„חיי אדם", או פשוט אמירת תהילים בצבור או ביחידות, כל אחד לפי דרגתו ולפי החברה שהיה שייך לה. כל אחד ואחד השתבץ במשבצת היאה לו ובא על סיפוקו — לא רק סיפוק נפש, כי אם גם סיפוק שבהנאה ובתענוג, פשוטם כמשמעם, יהודים התחדשו והתרעננו ברוחניות.

— ה —

כדורות ראשונים אף דורות אחרונים בוולומין נאלצו להלחם לאויר ולאור, לזכות ולכבוד, לעבודה ולפרנסה, אולם משהונח פתח, ויהא זעיר ביותר, לרווחה־פורתא על דרך אפשרות של חיים ועשייה, עלה מקרב המוני־העם ויחידיו נחשול של יוזמה, של כשרון־מעשה ושל יכולת־פעולה, ואין לך פינה בעיר והסביבה, שלא קדחה בה ידם הבונה של יהודי־וולומין.

ומי יכול להזכר ללא רטט באידיאליזם לאין־גבול, במסירות הנפש המופלאה של העסקנים הציוניים, בשלהבת האומץ וההקרבה של הנוער החלוצי. ומדפי הספר עולה באזננו הזמרה או המחול של הורה סביב מדורת אש ביער. ואמנם לא היה כמעט צעיר או צעירה שלא השתייך לאיזו שהיא תנועת נוער בעיר, ופעולתם רבת־מתח, מלאת־תוכן, רגש והתלהבות, למען הגשמה חלוצית בארץ־ישראל.

באהבה ובגעגועים נזכרים בני־וולומין בתנועותיהם ומספרים את קורותיהן מבחינתם הם, ושופכים אור מבפנים על לבטיהן, נצחונותיהן וכשלונותיהן, וגם על יחסיהן ביניהן לבין עצמן.

כל סקירה וסקירה נכתבה בידי אנשי־התנועות והמפלגות, ונתנו למחברים חופש גמור לספר את תולדות אירגוניהם ומפלגותיהם, והקורא יוכל, איפוא, לעשות השוואות וימצא את המאַחד, את הסינתיזה בחיים ובמאבק, שהיא דרך עליתה וירידתה של קהילת וולומין, שנחרבה ולא תקום עוד, כאשר לא תקום יהדות פולין רבת־הסבל וגדולת היצירה הלאומית.

יהודי־וולומין הרגישו עצמם חלק מן העם היהודי הגדול, ההולך לקראת תחייתו וגאולתו, ואינו מוכן לקנות את שויונו במחיר ויתור על ייחודו ותקומתו.

מובאים בספר זה בהרחבה פרקי הווי, שבהם משתקפים חיי יום־יום של הצבור היהודי, על החליפות והתמורות שחלו בחייהם והליכותיהם במשך הזמן, ומוגשים פרקי־זכרונות מעניינים על פעילות העסקנים שפעלו הן באורח עצמאי והן על־ידי המפלגות והאיגוד המקצועי.

ערך רב נודע לעירנותם הציבורית, צמאונם לדעת ולתורה, נכונות למעשים טובים ולהגשת עזרה סוציאלית שלא על מנת לקבל פרס; מעלים לפנינו בספר זכרון זה דמויות אצילות של תלמידי־חכמים ופקחים, של פרנסים ועסקנים, ושל אותם הצנועים והאלמונים, שאיש לא ישא נאומים חגיגיים לכבודם, בני תמותה פשוטים ודלים, אולם אלה שראו אותם בעלבונם וגדולתם, בשלומם ומחלוקתם, ביאושם וביחול לבבם, בששון תענוגם ויגון קיצם, הכירו אותם יפה, ובקיאים בארחות־חייהם, במחשבותיהם ובחוויותיהם — יודעים לספר עליהם ועל עצמם, לתאר את החכמה ואת הפקחות, את הקדושה וכל אותן המדות הנעלות שהיו בהם.

כמו־כן מובאים פרקי־זכרונות כלליים ומשפחתיים, המרחיבים את ידיעת ההיכרות עם חיי החברה והמשפחה בוולומין היהודית.

— ו —

נעלה מכל ספק שאילו קיבל את החומר שהוגש בספר זה בטרם הדפסתו אדם שאומנותו מדעי החברה והיהדות, היה יכול לכתוב עבודה מקיפה, אולי גם מעמיקה, בתולדותיה, חייה, מהותה, תוכנה, תרבותה וחברתה של הקהילה הצעירה, אולם אנו לא התיימרנו למצות את כל תהליכי התפתחותה של הקהילה, את מאבקם וכל לבטיהם הפנימיים. כל מה שנכתב פה, הוא פרי־עטם של אנשי העם, אשר לא היו ואינם מתיימרים להיות סופרים בישראל; בזה אנו רואים את ערכו המיוחד של הספר, אשר הפשטות והבלתי־אמצעיות מאפיינים אותו.

תפקידו היחידי של ספר זה הוא לשמש עדות חיה לקהילה שנספתה באימי השואה, כפי שהיא מצטיירת בעיני בניה־בוניה־שרידיה בישראל ובתפוצות.

שומה היה על המערכת למלא את המשימה הראשונית הזאת. ואמנם ככה הוגדרה הפעולה שהיתה כרוכה באיסוף החומר, ניפויו, עריכתו והדפסתו כספר זכרון של קהילת וולומין.

בתקופה זו של תיעוד החיים היהודיים והנצחתם בעשרות ומאות

ספרי־זכרון טרם הגיעה שעתו של החוקר וההיסטוריון. הדור אשר מבשרו חזה אימת־האימים של השואה, שטרם היה כדוגמתה בתולדות עמנו חי עדיין. שום עבודת־מחקר לא תצלח היום להקיף את מימדי החורבן מזה ולהקים מיבנה אדריכלי מושלם ואחיד שיתאר את החיים על כל שלל־גוניהם מזה.

סבירה איפוא הדרך אותה נקטו העורכים של ספרי־ההנצחה, למסור חומר תיעודי, לאסוף מיסמכים, רשמים, עדויות, מאמרים, סיפורים, שישמשו גם עדות חיה לקהילות ישראל שהושמדו על־ידי האיומה שבחיות־הרצח שהולידה האנושות, וגם מקור נאמן לאנשי המדע ולהיס־טוריונים לימים יבואו להקים בנין מדעי והיסטורי מפואר לשליש עמנו שנספה בשואה והיה מקור חיים והשראה לדורנו ולדורות הבאים אחרינו.

טרם בא המועד לבנות את הבנין המדעי. עוד מתינו לעינינו ועוד ערי־מולדתנו מלפנים מתאבכות תמרות עשן ונחלי הדמים של נבוזראדן מרתחים ומשאגים בקול גדול וחזק.

לא עת היא בדורנו אשר ראה את השואה בשבט עברתה למסכת גדולה ומקיפה.

— ז —

אופי ספציפי זה של הספר העמיד לפני כותב הטורים את הבעייה הפשוטה והמסובכת כאחד: כיצד עורכין?

טבע הענין מחייב, שמצבה כזו, שידיים רבות עושות בה והיא מחוברת מתרומות של לבבות רבים, הומים ומתרפקים, ושל פיות רבים הגועים בזעקה גדולה „חבל על דאבדין", שאין היא עשויה מקשה אחת, אף אינה מגיעה למרומי היכל שזויותיו חטובות. הנקל היה לשכתב את כל החומר בסגנון אחיד, סגנונו של העורך, והספר המודפס היה מופיע בלשון מפורשת, כפולה ומכופלת וגם רבת־הקישוטים ומעולפת יופי מוצק קפדני.

אולם לא זאת היתה המטרה שעמדה לפנינו כשנגשנו לעבודת הכתיבה והעריכה, לאיסוף המאמרים, הרשימות והזכרונות של בני־וולומין, עיירה של עממיות יהודית שוקקת. רצינו שהזכרונות והתיאורים ימסרו בכנות את חיי הכלל והפרט, את המיוחד ואת המאַחד, את הצד השווה ואת הצד שאינו שווה, לראות לא פרצוף סתם של אדם ועיר, אלא

קלסתר פניו של הוולומינאי, שאין להחליפו באחר, בן־העיירה הסמוכה לורשה, בירת פולין.

רצינו שימסרו בדבריהם וברשימותיהם הדים נאמנים מאורח הדיבור והכתיבה, כפי שנשתמר בזכרונם, אותו הלך־החיים המשומר בכל, אותו החידוד הנאה, אותה הבדיחה העסיסית, כפי שנשמעו בחוצות וולומין ובבתיה.

משום כך נודע ערך רב לעריכה זהירה, שאינה מקפחת את עסיסיותם הראשונית של הדברים הכתובים, ואם גם כתובים ברפיון ידיים חלושות, אך כנים וצנועים פועלים עלינו לא רק בחידוש שבהם, כי אם בזה שהם מעל לכל ישן וחדש — ברטט הנשמה.

דרך זו נקט העורך כשלנגד עיניו העקרונות: הבריחה מהאפקטציה והאסטטיות, כביכול, אל החתירה לאמת ולמשמעותה האחראית; בדיקת המקורות ואגירת הפרטים המדוקדקים, אולם בהיפך לארחות אנשי־המדע היבשים ואנשי־העט הפיוטיים, הייתי נוטה לרוב לביטוי האוטנטי ולהשאיר את הרשימות ככתבם וכלשונם ולאחר־מכן עריכה ראשונה ושנייה, עד שהוצאנו מתחת ידינו דבר תקין בתנאים הנתונים. והרי עם כל זה אינם חסרים עמקות אישית וכאילו נוצרו מתוך סינתיזה פנימית, המבטאה בסמל המלה את מהות הנשמה, מובילה אל פינות הסתרים שבנפש, ואף אם המלה חלשה, אך מלאה המיה נפשית על כל גדותיה.

כזה הוא הקסם אשר לרשימות ולמאמרים בספר וולומין; חן הפשטות העממית העולה מן הכתוב על־ידי שרידי־האינטליגנציה, עסקני ופעילי המפלגות בקהילות אלה, אותם הצעירים הנלהבים, החולמים והלוחמים, שראשיהם הכסיפו בינתיים; כל אחד עם פרק מזכרונותיו. כל אחד ועולמו עמו, סגנונו ודרכי־הבעתו וצינורות־יניקתו, אך לעינינו נראים הם כממלאים ומשלימים עולם אחד גדול, אליו אנו חוזרים בהתעוררות חדשה ובהתלהבות־משנה, כי בחזרנו אליהם אנו מתוודעים אל עצמנו, שבים למקורנו.

— ח —

בעמודים הבאים ימצאו הקוראים, אלה שעוד גדלו והתחנכו בעיירה וזכרה חרות בלבבותיהם, ואלה מבניהם שרק את שמה הם יודעים, אך הזיקה הסנטימנטלית או רגש יראה יניע אותם לדפדף בספר המוקדש

למקור מחצבתם של הוריהם, תמונת עיירה עשירה ומגוונת, גלריה של דמויות ואישים שונים, והם יהפכו לאפרכסת אחת של לב ואוזן ויקשיבו ללחשי־תפילה ורחשי־אהבה, לשפעת ההדים של חידות־חיים ורזי־אדם, והם יוכלו לנשום מאוירת עולם ששקע, נחרב ושאין לו שלומים.

והיה אם ישאל השואל לעיירה הקטנה, לאור הגנוז שבתוכה, לקסמים ונגוהות שנגוזו, אם יש להן עוד שם וזכר בלב בניה, יגיד לו המגיד: אדרבה, פתח את הספר הזה וקרא בו, הלא כעבור בין בתרי־לב כן עובר אתה בין דפי הספר הזה, אשר בו לבבות מפעמים ומתרפקים על דורות האבות ועל חזיון הנופים. קרא וראה, כי חן העיירה על בניה וכי כחותם היא קבועה בלבבותיהם. האם לא נתלשו מלים פשוטות אלו של בני־וולומין מלבו הדווי של עם עקוד ושחוט? כלום לא נתרטטה בהן נימה של קינות־תפילות עתיקות, אותן מלמלו שפתותיהם של הקדושים ברגעיהם האחרונים?!

כותבים אלה שמבשרם חזו את האימים ובמעמקי־נפשם נשתקעו מראות הטבח, והקורא ימצא כאן דין־וחשבון מחריד על קורות קהילת וולומין בכלל ועל פרשות זוועה, סבל ומאבק נואש של יחידים, שהחזיקו מעמד ועברו בדרך יסורים איומה עד שזכו לראות במפלת החיה הנאצית; ועל כן יהמה הלב להחיאת מראותיה להצלתם מלהבת הכליון, לנצירתם באוצר הזכרונות.

יש בספר מיסמכים אנושיים מזעזעים את נפש הקורא עד היסוד ותיעוד פשעים ורצח שאין האדם יכול לעמוד בהם. בשיח־לב חרישי מתנים השרידים את כאבם, כאב־מעונים, ושומעים בו זעקת־מחאה, תפילתם־זעקם של כל אלה שניתנו לטבח ולמשיסה, שדמם נשפך כמים. תפילה זו רצופה זעם ומרי, פלצות, תדהמה ובלהות שנשתקעו במעמקיהם והפכו חלק מהוויתם. פרק אחרי פרק מעלים הם את השינויים בעיר ובלב האנשים, את הזוועות ואת התדהמה, את הייסורים ואת הגבורה על צורותיה השונות באותם ימים נוראים.

— ט —

וגדולה מנת התודה והברכה שהעורך חייב לאלה שעזרו לו בהשגת כל החומר הזה.

ייזכרו פה לתודה חברי וועד הספר, המתעוררים והמעוררים, הפועלים

והפעילים, כל אחד במסגרת יכולתו, על עירנותם המתמדת והתעניינותם העקבית לכל הנוגע לענין הספר.

להערכה מיוחדת זכאית מזכירת אירגון יוצאי וולומין, ד"ר שרה מנדלברג, שתרמה רבות להצלחת המפעל וברשימותיה נתנה ביטוי נאמן לחיי הקהילה בוולומין.

בהערכה והוקרה אציין את עבודתו המסורה של מר שמאי באום, יו"ר וועד הספר, בפעולה היום־יומית של הכנת והוצאת הספר.

הערכתי העמוקה לסגן יו"ר ועד הספר, מר שמואל צוקר, שהקדיש ממרצו וכשרונו לאיסוף ועריכת החומר.

תודתי נתונה לחברי הועד: צפורה בודני־אינדרשטיין, מלכה גרינשפן־תמרי, ישראל לויטה, יוסף אייזנברג, מלכה גרינברג־ילין ואלתר בומלי — על עבודתם המסורה למען הופעת הספר.

שמעון קאנץ

# העיירה וקורותיה

וולומין, עיירה הקרובה לוורשה, חותמה של כרך טבוע עליה, במזיגה של העיירה היהודית על כל עממיותה ושלל גווניה. בכפיפה אחת חיו בה חסידים ואנשי־מעשה עם מתנגדים ומשכילים מודרניים, סוחרים עם אנשי־עמל, לומדים עם בעלי־מלאכה, וכך זרמו בעיירה החיים לאיטם עשרות בשנים, כשהאנשים מספרים את סיפור חייה של קהילת וולומין — תמימת הדרך וספוגת היזשה, על יהודיה הישרים והתמימים, פשוטי־עם ומצניעי־דרך, בעלי־מוח ומחשבה מעמיקה, שקועים בד' אמות של הלכה וחיים באווירה של עולם הבא; על אנשי השכלה ומדע, רחבי־אופק ובעלי־חזון; על צעירים חובשי בית־המדרש ועל צעירים המקריבים עצמם על רעיונות של תיקון העולם, תיקון האנושות; על אנשי־להט ומהפכה, מרד ושאיפה; על כל אלה אשר שרכו דרכם ברחובותיה של עיירה זו, נתונים בתוך דפוסי־חיים נוקשים, מנהגים והרגלים, שפרשו שלטונם על החיים היהודיים וקבעו הליכות־חייו של היהודי בכל יום ויום, מבוקר ועד ערב. ובשעה שמספרים על העיירה, מן הנמנע לפסוח על החסידים וידאי־שמים, אשר שאבו מן המעיינות הקדומים של העם וניהלו חיי־משפחה טהורים; יודעי־תורה שבילו את כל זמנם בלימוד הגמרא והשיר האהוב עליהם ביותר היה: „וטהר לבנו לעבדך באמת".

שמעון קאנץ

# ראשיתה של העיירה



ולומין, עיר, 19 ק"מ צפונית־מזרחית מוורשה, בנפת ראדזימין. מנתה ב־1939 כ־3000 יהודים. ב־1921 — 3079 מתוך אוכלוסיה כללית של 6248 נפש.

היתה זו קהילה צעירה; בשנות השמונים עדיין היתה וולומין אך נקודה כפרית, עם קצת יותר ממאה תושבים, וביניהם יהודים בודדים. גמר בנינה של מסילת הברזל ורשא—פטרבורג (1861), שוולומין היתה תחנתה הראשונה מוורשא, יצר את התנאים להתפתחותו של הישוב, תחילה כמקום נופש לקייטנים מוורשה, ובמרוצת הזמן כמרכז תעשייתי, שכלל מפעלי מתכת (מכשירים חקלאיים, מיטות ברזל), זכוכית, בורס־קאות וטחנות קמח. עד מלחמת העולם הראשונה היתה כאן גם תעשיית מקלות־טיול, שנועדו לשוק הרוסי.

נראה שיזמה יהודית מילאה מלכתחילה תפקיד חשוב בפיתוח המקום. כבר בסוף המאה הקודמת יש בוולומין קהילה יהודית, כששני רבנים מתחרים על כסא רבנותה.

ב־1900 בערך הוקם בית־מדרש. ב־1900 בערך נחנך בית קברות.

בהתפתחותה של הקהילה מילא תפקיד חשוב הרב זאב־וולף ברגאזין (נתמנה 1904).

עד מלחמת העולם הראשונה ישב בוולומין גם האדמו"ר ר' אפרים טאוב, מגזע קוזמיר, שעבר אח"כ לוורשה.

## כלכלה

פרנסתם של יהודי וולומין היתה רובה במסחר ומלאכה, אך היה להם חלק גם בתעשייה (מבתי החרושת שבמקום היו בבעלות יהודית: ביח"ר לזכוכית, שני בתיח"ר למיטות, ביח"ר לעורות, בית חרושת ליציקת ברזל).

כן היה במקום יסוד פועלי ניכר. כמה ענפי עבודה היו כולם יהודיים, כגון סבלות, צבעות, אפייה ועוד.

כ־300 יהודים עבדו בבתי החרושת, רובם בתפקידים מינהליים ושירותים, אך גם בעבודות המקצועיות.

בחייהם הכלכליים של יהודי וולומין מילאו תפקיד חשוב, הבאנק הקואופרטיבי, שהיה מסונף למרכז הקואופרציה בורשה, וקופת גמ"ח (נוסדה בשנת 1935).

בראש הקהילה עמד ועד נבחר בן 8 חברים, הרכבו המפלגתי היה כדלקמן: יו"ר ציוני, 4 אנשי אגודה, 3 בלתי מפלגתיים. על הפרסונאל של הקהילה נמנו הרב, שלושה שוחטים (אחד מהם חזן), שמש ומזכיר.

בשלטון העיר היו היהודים מיוצגים ע"י 8 חברים במועצה (מתוך 24) ואחד בהנהלה („מגיסטראט"), מתוך 3.

בפקידות העירונית שימשה רק יהודיה אחת, בתור פקידה.

## מוסדות הקהילה

מלבד ביהמ"ד ובית הקברות היה ברשות הקהילה מרחץ, הכנסת אורחים ותלמוד תורה (עם בנין מיוחד). תקציב הקהילה הגיע לסך 38,000 זלוטי בשנת 1935.

## מוסדות הציבור

בתי תפילה: בתי חסידים של גור, אמשינוב, אלכסנדר, ווישקובא, וולומין וכן „מנין" של ההסתדרות הציונית. בתי חינוך: 5—6 „חדרים", „חדר מתוקן" (עם עברית כשפת הוראה, נוסד ב־1934), „בית יעקב" עם 4 כתות (נוסד ב־1930).

מלבד זה היו הילדים לומדים לימודים כלליים בהתאם לחוק החינוך בבי"ס ממלכתי־פולני, מיוחד ליהודים.

## מפלגות וארגונים

הסתדרות ציונית, מזרחי, אגודה, ארגון בעלי מלאכה; החוגים הפועליים היו ברובם תחת השפעת פועלי ציון ובונד, שפעילותם הגלויה היתה בעיקר בשטח התרבותי ונתרכזה סביב לספריה ע"ש פרץ: חוג דראמאטי וקבוצה ספורטיבית בשם מכבי.

פעילות תרבותית מקבילה התרכזה במועדון הציוני עם שיעורי ערב לעברית וקבוצה ספורטיבית „המכבי".

על קהילת וולומין נמנו עוד כ־100 נפש, מפוזרים בכפרים הסמוכים: צ'ארנא (Czarna), ליפין (Lipny), לאשקוביזנה (Leśniakowizna), רצ'יה (Ręczaje), פושווינטנה (Poświętna), קובילקה (Kobyłka), ו־דוצ'קי (Duczki).

בשנות השלושים עם התגברות האנטישמיות, עזבו יהודים אלה את הכפרים ועברו לעיר.

מפי ד"ר שרה מנדלברג, גב' חיה רובינשטיין ומר קופל ברמן

שמעון קאַנץ

# די געשיכטע פון שטעטל

די יידישע קהילה אין וואָלאָמין איז איינע פון די יונגסטע קהילות אין פוילן. צוטרעטנדיק איצט צו געבן אַ היסטאָרישן איבערבליק איבערן פאַרטיליקטן יידישן ישוב אין וואָלאָמין, מוזן מיר מיט באַדויערן פעסטשטעלן, אַז דער צושטאַנד פון מקורות איז אַזאַ, אַז ער דערמעגלעכט צו געבן נאָר אַ פראַגמענטאַריש און בשום אופן נישט קיין אויס־שעפּנדיק געשיכטלעך בילד פונעם עבר פונעם וואָלאָמינער יידישן ישוב. די אַרבעט פון היסטאָריקער איז אין דעם פּרט געגליכן צו דער אַרבעט פון אַ מאָזאַיִקער, וואָס באַמיט זיך צונויפצושטעלן פון שטיקלעך און ברעקלעך אַ גאַנץ בילד.

עס פעלן מקורות, וואָס זאָלן אונדז דערלויבן פעסטצושטעלן ווען דער יידישער ישוב אין וואָלאָמין איז אַנטשטאַנען און ווען עס איז בכלל אויפגעקומען דער ישוב וואָלאָמין. פון זיין נאָמען איז צו דרינגען, אַז ווי אַ דאָרף איז ער אַנטשטאַנען אין אַלטע צייטן, אין אַ געגנט פון פעלדער אויף פעטער ערד, ווו עס האָבן זיך געפּאַשעט אָקסן, אָבער דערפאַר וואָס אַרום־און־אַרום איז געווען אַ געדיכטעניש פון וועלדער, אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען אַ סך וועלף, איז דאָס פּאַשען געווען באַגלייט מיט גרויסע געפאַרן. דער נאָמען וואָל־אָמין באַדייט אויף פּויליש אַ וואָרענונג אויסצומיידן דאָס דאָזיקע אָרט און היטן זיך פאַר די געפאַרן, וואָס לויערן אויף מענטשן און בהמות.

עס איז וואַרשיינלעך, אַז אין די גאָר, גאָר אַלטע צייטן האָט זיך דאָ געפונען אַ דאָרפישער ישוב און אין די אַרומיקע וועלדער האָבן די קעניגן, פירשטן און כלערליי גובערנאַטאָרן איינגעאָרדנט אין די אַרומיקע וועלדער זייערע יאַגדן נאָך חיות. אָבער אין יענע צייטן האָבן יאַגדן אָפטמאָל געטראָגן אויך אַ פּאָליטישן כאַראַקטער זענען געווען אַ טייל פון פאַרפּלאָנטערטע הויף־אינטריגעס און פאַר־כאַפּערישע פּלענער. הקדמות אָדער פינאַלן פון געהיימע אָפּמאַכן. אין דער דאָזיקער הינזיכט איז די געשיכטע פון וואָלאָמין גענוג אָרעם. דאָך זענען פאַראַן עפּיזאָדן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין וואַרשע און דינע פעדעם האָבן זיך אויך געצויגן קיין וואָלאָמין, געהאַט געוויסע פּאָליטישע אויסקלאַנגען און פון צייט צו צייט זענען אין זיי אַריינגעוועבט יידישע געשטאַלטן און געשעענישן פון פאַרשידענעם כאַראַקטער.

## ערשטער קאָנטאַקט צווישן יידן און וואַלאַמין

מיט איבער נײַנציק יאָר צוריק איז דערשינען „די געשיכטע פון מאַזאָוויע״ פון פוילישן היסטאָריקער וואָיטשעך דזשיצקי שרײַבט ער וועגן דעם דעקרעט, וואָס האָט אין 18־טן יאָרהונדערט באַפרייט יידן פונעם וואַרשעווער פירשטנטום פון אַקטיווער מיליטער־דינסט און פאַרביטן דעם „חוב פון בלוט״ אויף פאַפירענע אַסיגנאַציעס. אין פינף חדשים שפּעטער איז דער פראַנצויזישער קיסר נאַפּאָלעאָן באַנאַפּאַרטע אַריבער דעם טײַך ניעמען. עס האָט זיך אָנגעהויבן די צווייטע פוילישע מלחמה קעגן רוסלאַנד.

פון שטאַנדפּונקט פון היסטאָרישער אַנטוויקלונג איז אַ פראַנצויזישע אינוואַזיע אויף רוסלאַנד געווען אויף אַזויפיל פּראָגרעסיוו, אויף וויפל נאַפּאָלעאָנס קאָדעקס איז דאָס געווען לגבי דעם רוסישן „סוואָד זאַקאָנאָוו״. ממילא זענען אויך די פוילישע אָריענטאַציעס געווען באַזירט אויף די דאָזיקע יסודות. די יידן האָבן זיך געפונען אין אַ שווערער סיטואַציע. יידישע פּאָליטיק אין 1812 האָט זיך העכסטנס געקענט אויסדריקן און לאַווירן, כדי אויסצומײַדן די תליות פון ביידע צדדים.

אין וואַרשע איז די אַטמאָספער געווען בפירוש אַן אַנטי־רוסישע. דרײַ טעג נאָכדעם ווי נאַפּאָלעאָן איז אַריבער זײַן פּאַטאָלן רוביקאָן, דעם טײַך ניעמען, איז אין וואַרשע פּראָקלאַמירט געוואָרן די גענעראַל־קאָנפעדעראַציע פון פוילן, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל די רעסטיטוציע פון דער פוילישער רעפּובליק אין אירע היסטאָרישע גרענעצן. די דאָזיקע קאָנפעדעראַציע איז פּאַקטיש געווען נישט מער ווי אַ דעקאָראַטיווע הסכמה אויף נאַפּאָלעאָנס מלחמה.

אַ מלחמה־פיבער האָט אַרומגעכאַפּט וואַרשע. עס האָבן זיך אָנגעהויבן מעלדן פרײַוויליקע אין דער אַרמיי. צווישן זיי אויך יידן. הגם דער דעקרעט פון 29־טן יאַנואַר 1812 האָט באַפרייט יידן און פאַרביטן עס אויף אויסלייז־שטייער, זענען אַ סך יידן געבליבן אין דער אַרמיי. אַ טייל פון די פרײַוויליקע זענען דער־הייבן געוואָרן צו אָפיצערן־ראַנגעס, אַ טייל זענען נעלם געוואָרן מיט די הונדערטער טויזנטער אַנדערע אין די וואַסערן פון דער בערעזינע, פאַרפרוירן געוואָרן אויף טויט אויף די ברייטע און קאַלטע רוסישע שטחים.

די עווידענץ פון די דאָזיקע קרבנות איז פאַרלוירנגעגאַנגען אין די דאָזיקע שטורעמדיקע צײַטן, פּונקט ווי דער יידישער יחיד־זעלנער איז געוואָרן בטל בשישים אין די פּולקן און דיוויזיעס.

עס איז ביז גאָר שווער געווען פאַר די ראשי הקהילה פון וואַרשע צו באַשטימען זייער פּאָליטישע אָריענטאַציע. דאַקעגן זענען געווען איינצלנע יידן, וואָס האָבן געהערט צו פאַרשידענע לאַגערן. דורך דער שטאָט זענען אין דער

ריכטונג פון מזרח דורכגעגאַנגען ריזיקע אַרמייען, וואָס האָבן רעפּרעזענטירט אַ סך פעלקער און לשונות. די זעלנער, ס׳רוב פּרעמדע, האָבן זיך אויפגעפירט אין וואַרשע ווי אין שונאס לאַנד. באַזונדערס האָבן זיך אויסגעצייכנט די וועסטפאַליער־סאָלדאַטן, ד.ה. דייטשן, וואָס האָבן געדינט ביי נאַפּאָלעאָנס ברודער, זשעראָם, דעם קעניג פון מלוכהלע וועסטפאַליע. דעם כעס וואָס זיי מוזן דינען אונטער אַ פרעמדער הערשאַפט, האָבן זיי געזוכט צו קאָמפּענסירן מיט ראַבעווען יידן און נישט־יידן, פאַרגוואַלטיקן פרויען און אפילו הרגענען צוליב רויב.

יידישע קלעזמערס, וואָס פלעגן פאַרוויילן די סאָלדאַטן מיט געזאַנג און שפּיל אין די מיליטערישע קנייפּעס, פלעגט מען געפונען אין די גאַסן דער־הרגעטע און באַרויבטע.

דעמאָלט געפונען מיר דעם איינציקן שפּור פון יענער צייט, וואָס דערמאָנט וועגן אַ קאָנטאַקט צווישן יידן און דעם דאָרף וואָלאָמין.

אין די מעמוארן פונעם דייטשן באַראָן פאָן לעהסיטען „אין הויף פונעם קעניג זשעראָם“, וואָס איז דערשינען אין בערלין אין יאָר 1905, דערציילט זיך וועגן צוויי יידישע קלעזמערס, וואָס זענען געפונען געוואָרן דערהרגעטע אינעם דאָרף וואָלאָמין. מיטן דאָזיקן פאַקט וויל דער באַראָן באַווייזן, אַז די פויערים פונעם דאָזיקן דאָרף זענען געווען פּראָ־רוסיש געשטימט און זיי זאָלן עס האָבן דערהרגעט די יידישע קלעזמערס, וואָס האָבן פאַרוויילט די וועסטפאַליער סאָלדאַטן מיט זייער געזאַנג און שפּיל.

לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן זענען אָבער די קלעזמער געווען קרבנות פון די שיכורע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן אויסגעגאָסן אויף זיי זייער צאָרן און אויס־געלאָדן זייערע מאָרד־אינסטינקטן.

די דאָזיקע וואַרשיינלעכקייט לאָזט זיך באַשטעטיקן אין דער באַשרייבונג פונעם דייטשן היסטאָריקער. אַ. קליינשמידט אין זיין „געשיכטע פונעם קעניגרייך וועסטפאַלען“ וואָס איז דערשינען אין יאָר 1893. ער דערציילט דאָרט וועגן דער שרעק, וואָס האָט אַרומגענומען די יידישע באַפעלקערונג, די יידישע קרעמער, פאַר דייטש־רעדנדיקן זעלנער. אויך דער פּוילישער שרייבער אַנטאָני מאַגערא אין זיין בוך „דאָס בילד פון וואַרשע ביים סוף פון 18־טן יאָרהונדערט“. באַשרייבט די קאָמישע סצענעס, ווי יידישע קרעמערס באַמיען זיך צו פאַרשטענדיקן מיטן דייטש־רעדנדיקן זעלנער, מיינענדיק אַז זיי וועלן קענען מיט אים מאַכן געשעפטן, האָבן אָבער באַקומען פון אים געשלאָגן.

שוין דער דאָזיקער געשיכטלעכער פאַקט דערציילט אונדז, אַז די יידן אין וואַרשע האָבן געוווּסט וועגן דער עקזיסטענץ פונעם דאָרף וואָלאָמין און מעגלעך, אַז עס זענען געווען מיטן דאָרף אויך אַנדערע קאָנטאַקטן, וועלכע זענען

אַבער שפּעטער איבערגעריסן געוואָרן צוליב דער פּיינטלעכער שטעלונג פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג צו די פּראָ־פראַנצויזישע עלעמענטן, צו וועלכע זיי האָבן אויך אַריינגערעכנט די יידן.

## האַנדל און מאָרד

בעת נאַפּאָלעאָן איז נאָך דער מפּלה אין רוסלאַנד געקומען קיין וואַרשע, דעם 10־טן דעצעמבער 1812, און האָט נאָך עטלעכע טעג פאַרלאָזט די שטאָט, האָט מען געוווּסט, אַז די מלחמה איז פאַרשפּילט און אַז עס קומט אַ סוף צום פירשטנטום וואַרשע.

דעם 18־טן פעברואַר 1813 האָט שוין אַ דעפּוטאַציע פון דער שטאָט באַגריסטביים שלאַגבוים דעם טריומפאַל־אַריינפאָרנדיקן רוסישן גענעראַל באַראָן פאָן קאָרף. די מערסטע יידן האָבן דאַן געקוקט מיט אומצוטרוי אין זייער צוקונפט. די ביטערע פּראַקטיק האָט נישט באַרעכטיקט צו האָבן גרויסע האָפענונגען.

אין דער הוספה צו דער קאָנסטיטוציע, אַרויסגעגעבן סוף 1815 ווערט געזאָגט, אַז ווער עס איז נישט קיין בירגער פון לאַנד קען נישט געניסן פון פּאָליטישע רעכט. היות ווי יידן זענען נישט קיין בירגער, האָבן זיי נישט קיין בירגער־רעכט. דאָס האָט זיך אָפּגעשלאָגן אינעם טאָג־טעגלעכן לעבן פון יידן אין וואַרשע, אַרויס־געשטויסן זיי פון זייערע פּרנסות און געצוווּנגען זיי צו זוכן פאַרשידענע אַנדערע וועגן פון חיונה. ווייזט אויס, אַז יידן האָבן דעמאָלט גענומען זוכן קאָנטאַקטן מיטן דאָרף, געקומען צו די פּויערים מיט זייערע סחורות און דערביי זענען אויך געפאַלן קרבנות.

ווידער ווערט דאָ דערמאָנט דאָס דאָרף וואָלאָמין אין די זכרונות פונעם פּוילישן שרייבער קאַיעטאַן קאָזשימיאַן, וועלכער שילדערט דעם ווידערווילן פון פּוילישן דאָרף צו די יידישע קרעמער. ווי אַ באַווייז ברענגט ער דעם פאַקט, וואָס מען האָט געפונען אינעם וואַלד נעבן וואָלאָמין, צען קילאָמעטער פון וואַרשע, אַ דערהרגעטן יידישן קרעמער און דאָס האָט אָפּגעשלאָגן דעם חשק ביי אַנדערע יידן צו באַזוכן די דערפער פון יענער געגנט.

אין משך פון די יאָרן 1815—1830 איז קאָנגרעס־פּוילן ווירטשאַפטלעך געוואַלדיק אויסגעוואַקסן. קודם־כל האָט מען דאָס געהאַט צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט, וואָס עס האָבן זיך געעפנט גרויסע אָפּזאַץ־מערק אין דער רוסישער אימפּעריע. אין יאָר 1819 האָט מען באַזייטיקט די צאָל־גרענעץ צווישן רוסלאַנד און פּוילן. דריי יאָר שפּעטער האָט מען זי צוריק איינגעשטעלט, ווייל מען האָט חושד געווען, אַז פּוילן פּראָדוצירט נישט די אַלע סחורות, נאָר פאַרענדיקט ביי זיך האַלבע פאַבריקאַטן אימפּאָרטירט פון פּרייסן. ווען מען האָט זיך איבערצייגט,

אַז דאָס איז נישט ריכטיק, האָט מען אין יאָר 1823 צוריק אָפּגעשאַפט די צאָל־גרענעץ.

די פּוילישע אינדוסטריע האָט געפונען תיכף אַ וועג קיין מזרח. אין לאַנד האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען די בוימוואָל־אינדוסטריע, אין וועלכער יידן האָבן נישט געשפּילט קיין גרויסע ראָל. דאַקעגן איז געווען אַ וואָגיקער דער יידישער אַנטייל אינעם האַנדל מיט רויוואַרג. אויך אין תבואה־האַנדל, וואָס האָט אין יענע יאָרן באַטראָפן 27 פּראָצענט פונעם גאַנצן עקספּאָרט איז דער יידישער אַנטייל געווען אַ היפּשער.

אויף דער טעריטאָריע פון וואַרשע האָבן יידן זיך באַטייליקט אין טוך־פאַבריקאַציע. אין יאָר 1820 האָט די מלוכה געעפנט אַ טוך־פאַבריק אויף ראָג סמאָטשע און גענשע, וואָס האָט אין יאָר 1822 געהאַט 54 וועב־שטולן און 180 אַרבעטער. אין יאָר 1824 האָט די דאָזיקע פאַבריק אָפּגעקויפט דער באַנקיר סאמועל לעאָפּאָלד פרענקעל בשותפות מיט צוויי דייטשן. די פאַבריק האָט שפּעטער באַשעפטיקט 600 אַרבעטער, צווישן וועלכע עס זענען געווען אויך עטלעכע צענדליק יידן.

עס איז דעמאָלט געווען אַ גינסטיקע צייט פאַר דער פּראָלעטאַריזאַציע פון יידן אין וואַרשע. דאָך זענען אויך געווען אַ סך יידישע קרעמער, וועלכע האָבן זיך נישט געקענט באַגיין אָן דעם דאָרף. די דאָרפישע באַפעלקערונג האָט דעמאָלט אויך אָנגעהויבן לעבן עטוואָס בעסער, איינצלנע זענען אויך געקומען אין שטאָט אַריין איינקויפן פאַרשידענע אויסאַרבעטונגען, וואָס האָבן באַרייכערט זייער ווירטשאַפט.

דאָס דאָרף וואָלאָמין, האָט, ווייזט אויס, געהערט צו די סאַמע אָרעמסטע, ווייל עס ווערט כמעט נישט דערמאָנט אין די פאַרשידענע אויסגאַבן וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער ווירטשאַפט אין יענער צייט. בלויז איינמאָל דערמאָנט דער פּוילישער היסטאָריקער וולאַדיסלאַוו ריכמאַנסקי דעם פּראָצעס, וואָס אַ יידישער קרעמער האָט פאַרפירט קעגן אַ גוט־באַזיצער סאַכטשאַנסקי פון וואָלאָמין, פאַרן נישט באַצאָלן אַ חוב פאַר אַ גרויסער צאָל טוך־שטאָפן.

דאָס איז געווען אין יאָר 1827. אין יענע יאָרן האָבן יידן געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין האַנדל פון וואַרשע. עס זענען געווען גרעסערע און קלענערע יידישע סוחרים. אויך אַ פאַראיין פון יידישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע, וואָס האָט זיך מיט דער צייט אַנטוויקלט אין אַ גרויסן פאַראיין, וואָס האָט עקזיסטירט ביזן יאָר 1939.

דער דייטשער רייזנדער ה. האַרינג, וואָס האָט באַזוכט וואַרשע אין 1830 באַשרייבט די פּראָנציסקאַנער גאַס מיט די יידישע געשעפטן פוןביידע זייטן גאַס, וואָס זענען געווען פול מיט כל־טוב. „מען קריגט אין די יידישע געשעפטן אַלץ

וואָס דאָס האַרץ גלוסט, דאָס פֿיינסטע און דאָס בעסטע, עס קומען אַהין איינקויפֿן מיליטער־לייט און רייכע גוטבאַזיצער, וועלכע לאַדן איין די ייִדן צו קומען אין זייערע דערפֿער. די ייִדן ווייזן אָבער נישט אַרויס קיין גרויס חשק צוליב דער שנאה פֿון די לייב־אייגענע פּויערים, וועלכע זעען אין די ייִדן קינדער פֿונעם טייוול און זענען פֿול מיט אַבערגלויבנס״.

אינעם זעלבן בוך געפֿינען מיר אַ באַשרייבונג וועגן דער שטימונג, וואָס האָט אין 1830 געהערשט אין פּוילן. עס דערציילט זיך וועגן אַ שווערן ווינטער מיט שטאַרקע פֿרעסט, אָבער עס האָט זיך שוין געפֿילט די „היץ״ פֿונעם אויפֿשטאַנד קעגן רוסלאַנד, וואָס איז געשטיגן מיט יעדן טאָג, נישט אַזוי מחמת דער בריהשאַפֿט וואָס די פּוילישע אויפֿשטענדלער האָבן אַרויסגעוויזן נאָר דערפֿאַר וואָס פּעטערבורג האָט זיך נישט געאײַלט און גאָרנישט געטון. עס האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז קייזער ניקאָלאַי דער ערשטער וואַרט, אַז דער רעוואָלט זאָל אויסברענען פֿון זיך אַליין, ווי אָנגעצונדענע סנאָפּעס שטרוי. דערנאָך וועלן די צאַרישע פּולקן זיך אַ לאָז טון צו דער אַרבעט און צוריק איינשטעלן די אָרדענונג.

אין פּעטערסבורג האָט מען קלאָר געוווּסט, אַז די פּוילישע רעדלפֿירערס זענען ווייט נישט אייניק צווישן זיך. דער עלטערער דור, בעיקר די פּריצים, וואָס האָבן געזאָרגט בלויז פֿאַר זייערע אייגענע פּריווילעגיעס, זענען אַריינ־געשלעפּט געוואָרן אין אויפֿשטאַנד קעגן אײַגענעם ווילן, אָבער גיין צו ווייט האָט זיך זיי נישט געגלוסט. צו די סאַמע היציקסטע האָבן אויך געהערט ייִדישע יונגעלייט, וואָס האָבן זיך געריסן צו גיין דינען אין די אָפּטיילונגען פֿון די אויפֿשטענדלער און גיין אין פֿייער אַריין...

די דאָזיקע שילדערונג ווערט דערגענצט אין אַלעקסאַנדער נאָוויצקיס „בילדער פֿון פּוילישן דאָרף אין יאָר 1830—1931״. דאָרט לייענען מיר וועגן דער „הייסער און הכנעהדיקער בקשה פֿון סטאַניסלאַוו ווערניש״, אַ תּלמיד פֿון ראַבינער סעמינאַר אין וואַרשע, צום הויפּט־פֿירער גענעראַל כלאָפּיצקי, אַז מען זאָל ענדלעך איינזען דעם ייִדישן פּאַטריאָטיזם; אַז ייִדישע פּאַטריאָטן זענען גרייט מקריב צו זיין זייער לעבן פֿאַר פּוילן. סטאַניסלאַוו ווערניש איז געווען אַ זון פֿון אַ ייִדישן קרעמער אויף פּראַנצישקאַנער. ווען עס האָבן זיך געמערט די ידיעות, אַז די פּוילישע פֿרייהייטס־קעמפֿער באַפֿאַלן און באַרויבן ייִדישע קראָמען איז דער פֿאָטער פֿון דאָזיקן „אויפֿשטענדלער״ אַוועק אינעם דאָרף זאַטשענקי, וואָס האָט זיך געפֿונען פֿינף קילאָמעטער אויף צפֿון פֿון וואָלאָמין, האָט זיך דאָרט אויס־באַהאַלטן אינעם הויז פֿונעם גוטבאַזיצער קאָנאַטשאַרסקי, וועלכער האָט אַליין געוווינט אין וואַרשע און אָפּגעגעבן זיין הויז דעם ייִדישן קרעמער. די פּויערים פֿון דאָרף זענען באַפֿאַלן דעם דאָזיקן ייִד בעת ער איז אין אַ פֿאַרנאַכט אַרויס

אויף אַ שפּאַציר און האָבן אים דערמאָרדעט.

דאָס האָט אָבער נישט געשטערט דעם זון צו שרייבן פּלאַמיקע פּאַטריאָטישע לידער און דעם באַקאַנטן בריוו צום פּוילישן גענעראַל.

## דער יידישער לעגיאָן

פון דעם איז צו דרינגען, אַז וואָלאָמין, פּונקט ווי די אַנדערע דערפער אַרום וואַרשע האָבן אין יענער צייט נישט אַריינגעלאָזט קיין יידן צו זיך, נישט פאַרטראָגן זיי, געאָטעמט מיט שנאה צו יעדן ייד, וואָס האָט זיך געוואָלט צו זיי דערנענטערן.

אין יענער געשפּאַנטער אַטמאָספער האָבן יידן זיך גענומען באַמיען, מען זאָל זיי דערלויבן צו מאָביליזירן זיך אין אַ יידישן לעגיאָן. אין יאַנואַר 1839 האָט מען אנגעהויבן אַננעמען יידן אין דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, בתנאי, אַז זיי זאָלן זיין אָנגעטון אייראָפּעאיש, זיין ראַזירט. בלויז אַ קליינער צאָל יידן האָט מסכים געווען צום דאָזיקן באַדינג און די אָנפירונג פון דער יידישער קהילה אין וואַרשע האָט אונטערגעשטיצט די אידעע פון אַ יידישער גוואַרדיע, אין וועלכער עס זענען געווען פרומע יידן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין די קאַמפן מיט זייער העלדישקייט.

אין יאָר 1831 איז דער רוסישער קאָמענדאַנט איוואַן פּאַסקעוויטש אַריין קיין וואַרשע און אַ טייל פון דער קעמפנדיקער יידישער יוגנט האָט פאַרלאָזט די שטאָט... גענעראַל אָסטראָווסקי, דער קאָמענדאַנט פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע אין וואַרשע, האָט שפּעטער געשריבן, אַז ער האָט באַגעגנט אין וואַלד, נעבן וואָלאָמין גרופּן יידישע יוגנטלעכע, וואָס זענען אַוועק פון וואַרשע, נישט געהאַט ווו צו באַזעצן זיך און „געמאַכט אַ נעבעכדיקן איינדרוק".

די געשיכטע דערציילט נישט וואָס מיט די דאָזיקע יידן איז געשען. צי זיי זענען צוריקגעקומען קיין וואַרשע, צי מען האָט זיי אויסגעכאַפּט און פאַרשיקט קיין סיביר אָדער זענען געבליבן צעוואָרפן אין די פאַרשידענע דערפער. אַ פאַקט איז, אַז אין די שפּעטערדיקע יאָרן רעדט זיך ווידער אין ראַפּאָרטן פון רוסישע און פּוילישע אָפיצערן וועגן יידישע יונגעלייט אין די וועלדער, וואָס רינגלען אַרום וואַרשע און צוו.אַנד. ווערט אויך דערמאָנט וואָלאָמין ווי אויך זאַנשטשענקי און כלאַרניקי, דערפער, וועלכע זענען שפּעטער פאַרשוווּנדן געוואָרן פון דער מאַפּע, געוואָרן שטאָטישע ישובים אָדער צונויפגעשמאָלצן זיך מיט וואַרשעווער פאַרשטעט. דער רוסישער רייזנדער ווענסטראַוו, דערמאָנט אין זיינע רייזע־באַשרייבונגען פון יאָר 1835 אַ יידישן אַרענדאַר אויפן וועג צווישן זאַנשטשענקי און וואָלאָמין.

## די שמד־מגיפה

אין יענער צייט האָט אין פּוילן געבושעוועט אַ שמד־מגיפה. נישט בלויז צווישן די גבירים, אויפגעקלערטע, שטאַרק פאַרפּוילישטע, נאָר אויך צווישן פּשוטן פאָלק האָט זיך אַריינגעכאַפּט די מגיפה פון שמד. צווישן דער אָרעמקייט האָבן געאַרבעט מעשים מיסיאָנערן, וואָס זענען אַראָפּגעקומען פון ענגלאַנד כאַפּן יידישע נשמות, אונטערגערוקט געלט, שפּייז, אַ מלבוש און צוגעזאָגט כלערליי גליקן. די גבירישע משומדים האָבן דורכן שמד געמיינט צו מאַכן אַ קאַריערע, געזוכט צו באַקומען העכערע אַמטן. עס זענען אויך געווען פּשוטע יידישע בחורים, האַלבע בעלי־מלאכות, האַלבע געזעלן, וואָס האָבן פאַר זיך נישט געזען קיין תכלית אָדער האָבן זיך פאַרליבט אין דאָרפישע קריסטלעכע מיידלעך.

אין די „שאלות ותשובות" פון קאַלדינער רב, ר' שמואל־לייב עפּשטיין, דער בעל „עולת שמואל" איז פאַראַן אַ קאָרעספּאָנדענץ מיטן דעמאָלטיקן וואַרשעווער רב־הכולל ר' שלמה־זלמן ליפּשיץ, מחבר פון „חמדת שלמה", ווו מיר לייענען וועגן דעם גרויסן צער איבער דער מגיפה פון שמד, וואָס האָט, רחמנא לצלן, אַרומגעכאַפּט אַ סך יידישע בחורים, „קניען פאַרן צלם, כאַפּן זיך אָן אין אַ שטיק האָלץ, וואָס האָט ווינציקער ממשות ווי אַ שטרוי".

די שאלה, וואָס האָט אַרויסגערופן די קאָרעספּאָנדענץ צווישן די ביידע רבנים, איז די מעשה וועגן אַ בחור, וואָס האָט זיך באַזעצט, נאָכן שמדן זיך, אין וואָלאָמין, ווו ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ דאָרפיש מיידל, האָט מיט איר געהווינט עטלעכע חדשים און זיך צוריק אומגעקערט קיין וואַרשע, געוואָנדן זיך צום רב מיט דער בקשה, אַז ער וויל צוריק ווערן אַ ייד. עס האַנדלט זיך דאָרט וועגן דער פראַגע פון אָפּגטן דאָס קריסטלעכע ווייב, אָבער דערביי קומט אַרויס די גאַנצע טראַגעדיע פון דער משפחה, פון וועלכער דער יונגערמאַן שטאַמט. זיין פאָטער, אַ געווייגלעכער בעל־מלאכה, אַ סטאָליער, האָט נישט אויסגעהאַלטן די חרפה און איז געשטאָרבן פון עגמת נפש, די מוטער איז געבליבן אַליין און דער געשמדטער זון איז געווען דער איינציקער פּרנסה־געבער.

דער וואַרשעווער רב האָט געזוכט וועגן ווי אַזוי מקיל־צו־זיין אויפן יידישן יונגערמאַן און אַריינעמען אין כלל־ישראל נאָך איידער ער האָט געזעצלעך אָפּגעגט זיין קריסטלעך ווייב, וואָס איז געבליבן אין וואָלאָמין.

## יידישע פאַרווייליונגען הינטער וואָלאָמין

דער רב־הכולל אין וואַרשע, ר' שלמה־זלמן ליפּשיץ איז געווען אַ גרויסער למדן. ער איז געבוירן געוואָרן אין פּויזן, און צוזאַמען מיט ר' עקיבא אייגער און ר' יעקב פון ליסע, מחבר פון „חות דעת", האָט ער רעפּרעזענטירט די גרויסע

טריאַדע פון רבנישע אויטאָריטעטן אין פּוילן. נאָך דעם ווי ער איז געווען רב אין נאַשעלסק (1804), איז ער אין יאָר 1819 געקומען קיין פּראַגע און פון דאָרטן קיין וואַרשע.

אין זיין קלאַסישן ספר „חמדת שלמה" רעדט ער מיט ווייטאָג איבער דער מגפה פון טאַנץ־און־פאַרווײַלונג, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט צווישן דער יידישער יוגנט אין וואַרשע. ער האָט זיך אַפילו געוואַנדן צו דער מוניציפּאַלער מאַכט און געבעטן הילף. דער רב האָט זיך באַקלאָגט, אַז די לעצטע צייט האָט די יידישע יוגנט זיך אָנגעהויבן צו דערלויבן מחלל צו זיין שבת און יום־טוב. זי פאַרברענגט איר צייט „מיט פּוסטע זאַכן, ווי טאַנץ און אַנדערע פאַרווײַלונגען, אין גערטנער און שענקען, און מען זעט זי זעלטענער שבת אין די שולן און מנינים. אַזאַ איינער, וואָס איז עובר אויף די דינים פון זיין אמונה, קען נישט זיין קיין געטרייער בירגער. דערפאַר דאַרף די שטאָט־מאַכט העלפן דעם ראַבינאַט אָפּשטעלן די הפקרות.

דער מאַגיסטראַט האָט אויף דעם מסכים געווען און ביזן אויסברוך פון דער רעוואָלוציע אין יאָר 1830, האָט וואַרשע געזען יעדן שבת און יום־טוב אָבלאַוועס אויף יידישע מיידלעך און בחורים, וואָס פלעגן גיין אין די גערטנער כאַפּן אַ טענצל.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט נישט געהאָלפן איינהאַלטן די יוגנט פון פאַרווײַלן זיך. די יידישע מיידלעך און בחורים האָבן נאָר געמוזט איבערטראָגן זייערע פאַרווײַלונגען ווייטער, הינטער דער שטאָט, זומער — אין די וועלדער הינטער וואַרשע, איבער דער גאַנצע ליניע ביז אָטוואָצק און אויך אין דער זייט פון וואָלאָמין. דער „חמדת שלמה" באַקלאָגט זיך אויף דער דאָזיקער דערשיינונג, ברענגט דאָס געוויין פון טאַטע־מאַמע, וועמענס זון איז אַרויס לתרבות רעה און קומט זיך צונויף אין וואַלד נעבן וואָלאָמין. אַנדערע, דערציילט ער, פאָרן אַרויס מיט שיפלעך איבער דער ווייסל. צוו. אַנד. זאָגט ער, אַז דער שטן האָט זיינע גויים, וואָס מאַכן דעם אָנשטעל פון יידן־פריינד, רופן יידן צו דערנעענטערן זיך צו קריסטן. אינדערעמתן איז זייער כוונה צו דעמאָראַליזירן די יידישע יוגנט און דערפירן זי צו שמד.

אַלס באַווייז ברענגט ער דעם אַלטן פּוילישן שרייבער יוליאַן אורסין ניעמצעוויטש, וואָס האָט אין זיין ראָמאַן „לייב און שרה", דעם ערשטן ראָמאַן מיט אַ השכלה־טעמע אין דער פּוילישער ליטעראַטור, געראָפן יידן, זיי זאָלן זיך צונויפקומען סאָציאַל מיט די פּאָליאַקן. אָבער מיט צען יאָר פריער האָט דער זעלבער ניעמצעוויטש אָנגעשריבן אַן אַנטי־יידישע אוטאָפּיע, ווי אַזוי וואַרשע וועט אויסזען אין יאָר 3333. די שטאָט וועט הייסן מאשקאפּאליס און אין פּוילן וועט הערשן די דינאַסטיע פון מאָשקאָ (אנשטאָט מיעשקאָ).

פון די דאָזיקע באַזונדערע בילדלעך איז צו זען, אַז דאָס דאָרף וואָלאָמין

איז געווען באַקאַנט דער יידישער באַפעלקערונג אין וואַרשע שוין אין אָנהויב פון 19־טן יאָרהונדערט, אָבער יידן אַלס אַזעלכע האָבן דאָרט נישט געהאַט קיין צוטריט. בלויז יחידים האָבן געהאַט אַ קאָנטאַקט מיטן דאָרף.

די איינצלנע פאַקטן, דאַרף מען אָננעמען, זענען אָבער נישט געווען די איינציקע. געוויס קען מען אין פאַרשידענע מקורות געפינען נאָך ענלעכע פאַקטן, וועלכע באַשטעטיקן אָבער, אַז קיין יידיש לעבן איז דאָרט נישט געווען. עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר פוילן, וואָס נישט געקוקט אויף דער נאָענטקייט צו וואַרשע, האָט מען אין דאָרף נאָך אַלץ געקוקט אויפֿן ייד ווי אַ געשפענסט, אַ טייוול, אַ שונא פונעם קריסט.

דאַקעגן האָט מען דאָרט אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס אַ געשמדטן ייד. די מיסיאָנערישע פראָפּאַגאַנדע איז אין יענע צייט געפירט געוואָרן זייער קונציק, נישט בלויז צווישן די יידן, נאָר אויך צווישן די פּאָליאַקן, אין שטאָט און אין דאָרף, אַז זיי זאָלן גוט אויפנעמען די געשמדטע יידן. די פוילישע אַריסטאָקראַטיע אין וואַרשע האָט נישט געקאַרגט קיין געלט אויף מתנות פאַר די נעאָפיטן, וואָס האָבן „זוכה־געווען" אפילו אויסצוקלייבן זיך טויפפאטערס צווישן פוילישן אדל. פוילישע גוטבאַזיצערס האָבן איינגעלאַדן יידישע קרעמער אין זייערע פּאַלאַצן, מיט דער האָפענונג, אַז זיי וועלן זיך שמדן.

די זעלבע שטימונג איז אויך געווען צווישן די פּשוטע פויערים. קוים האָט דער ייד זיך געשמדט האָט מען זיך צו אים באַצויגן ווי צו אַ ברודער. די געמישטע חתונות זענען אָבער געווען מערסטנס צווישן רייכע און אַ סך זעלטענער ביים פּראָסטן פאָלק. דערפאַר זעען מיר אַזוי זעלטן יידישע משומדים אין די דערפער. וואָלאָמין איז דערמיט נישט געווען קיין אויסנאַם. אויך דער זעלטענער משומד האָט זיך דאָרט לאַנג נישט געקענט האַלטן.

## יידישע פויערים אין וואָלאָמין

געשעענישן האָבן געיאָגט נאָך געשעענישן, בונטן, אויפשטאַנדן, איבער־קערענישן. די געשעענישן און אויפטרייסלונגען אין פראַנקרייך, פּרייסן און עסטרייך האָבן, פאַרשטייט זיך, אָפּגעהילכט ווייט און ברייט און דערגאַנגען קיין רוסלאַנד, קיין קרעסן־פוילן. בעיקר האָבן יידן אויף עפּעס אַרויסגעקוקט, געהאַפט אויף אַ דערלייכטערונג. יידן אין וואַרשע האָבן אָנגעהויבן שפּילן אַ גרעסערע ראָל אין דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט. די אינדוסטרי איז געוואַקסן, באַזונדערס פון צוקער, פּאַפּיר און לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען. „פאָרגעשריטענע" יידן האָבן אין דער דאָזיקער אַנטוויקלונג געשפּילט אַ פּיאָנערישע ראָל. פון די רייכע וואַרשעווער יידן האָט ביסלעכווייז געגומען אויסוואַקסן אַ

יידישע בורזשואַזיע. איינצלנע יידן האָבן באַקומען דערלויבענישן צו קויפן גיטער, הייזער.

אין יענער צייט האָט דער וואַרשעווער גביר אייזיק גאָלדשטיין אָפּגעקויפט צענדליקער דונאַם באָדן ביים וואָלאַמינער גוטבאַזיצער וולאַדיסלאַוו קאָזשיצקי, אָבער פון דעם געשעפט איז גאָרנישט געוואָרן, ווייל די רעגירונג האָט געשטעלט אַ באַדינג, אַז אַ יידישער גוטבאַזיצער דאַרף באַזעצן אין זיין מאַיאָנטעק 25 יידישע משפחות, כדי צו באַוועגן יידן, אַז זיי זאָלן זיך פאַרנעמען מיט ערד־אַרבעט. דאָס איז נישט געווען פון די גרינגע זאַכן, ווייל די יידן, וואָס האָבן זיך גערן דעצידירט צו ווערן פויערים, האָבן אָבער נישט געקענט אויסהאַלטן די שיקאַנעס פון דער קריסטלעכער סביבה, זענען אָפּט באַפאַלן געוואָרן דורך זייערע שכנים. זיי האָבן דערפאַר נישט געקענט זיך לאַנג האַלטן אפילו אויף דער יידישער גוט־באַצאָלטער ערד.

## יידישע אויפשטענדלער אין וואָלאָמין

די יאָרן 1861—1862 האָט מען גערופן „די מאָראַלישע איבערקערעניש״, ווייל זי האָט געבראַכט צו אַ „שלום״ צווישן די יידן און פאָליאַקן אין וואַרשע. מען האָט זיך באַמיט צו פאַרגעסן די טרויעריקע געשעענישן פון 1859 און די מלחמה צווישן די קאָנסערוואַטיווע פאָליאַקן און אַסימילאַטאָרישע יידישע יוגנט. יידן האָבן אָנטיילגענומען אין גאַסן־דעמאָנסטראַציעס און אין פאַרשידענע פאָליטישע טעטיקייטן.

עס איז געקומען דאָס יאָר 1863. אין די שולן און בתי־מדרשים אין וואַרשע האָט מען געלייענט אין יידיש און עברית די אויפרופן, וואָס די אונטערערדישע פוילישע רעגירונג האָט אַרויסגעגעבן צו יידן. אַ סך יידישע יוגנטלעכע האָבן שטילערהייט פאַרלאָזט זייערע היימען און אין די נאַיוור־באַגייסטערטע בריוו האָבן זיי אויפגעקלערט די עלטערן פאַרוואָס זיי גייען זיך מקריב־זיין פאַר פוילן. לאָרענס אָליפאַנט, וועלכער איז דעמאָלט געווען אין וואַרשע דער קאָרעספּאָנדענט פון אַן ענגלישער צייטונג, דערציילט וועגן דער גרויסער סימפּאַטיע פון די יידן צום אויפשטאַנד. צוו. אַנד. דערציילט ער, אַז די רוסישע זשאַנדאַרמעריע האָט געכאַפּט אין וואָלאָמין אַ געווער־מאַגאַזין, וואָס איז געווען געהיטן דורך אַ גרופּע יידישע יוגנטלעכע אויפשטענדלער. דריי איז געלונגען צו אַנטלויפן. צוויי זענען שווער פאַרווונדעטע געוואָרן אין קאַמף מיטן רוסישן מיליטער און שפּעטער האָט מען זיי אויפגעהאנגען אויף מוראַנאָור־גאַס אין וואַרשע.

סוף 1864 איז דער אויפשטאַנד שוין געווען פולשטענדיק ליקווידירט. דער חורבן צווישן די וואַרשעווער יידן איז געווען גרויס. דער יידישער היסטאָריקער

ד״ר י. שאַצקי שאַצט אָפּ, אַז בלויז פון וואַרשע האָבן איבער טויזנט יידן אָנטייל־גענומען אין אויפשטאַנד. ער גיט־צו, אַז אויך צענדליקער יידן אַרום וואַרשע האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין די קאַמפן. ער גיט אָבער נישט אָן די נעמען פון די יידישע ישובים אַרום וואַרשע. דאַקעגן רעדט וועגן דעם דער פּוילישער „פּאָוו־סטאַניעץ״ גוסטאַוו וואַרינסקי, וועלכער איז געווען פאַרשיקט קיין סיביר און שרייבט וועגן זיינע באַגעגענישן מיט פאַרשיקטע יידישע אויפשטענדלער פון וואַרשע און אַנדערע שטעטלעך, צווישן וועלכע ער דערמאַנט אויך וואָלאָמין.

דאָס איז דערווייל די איינציקע געשיכטלעכע באַשטעטיקונג, אַז אין יענער צייט האָבן שוין געוווינט יידן אין וואָלאָמין און אַז דער ישוב האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַ שטאָטישן כאַראַקטער.

מיט וואָס האָבן דעמאָלט די יידן אין וואָלאָמין זיך באַשעפטיקט און וויפל זיי זענען געווען, איז מיר ביז איצט שווער געווען זיך צו דערוויסן. עס איז אָבער נישט אויסגעשלאָסן, אַז מען קען זיך דערוויסן מער פּרטים אין די אַרכיוון פון וואַרשע, אָבער אויף אַלע אונדזערע ווענדונגען האָבן מיר נישט באַקומען קיין ענטפער.

עס איז סימבאָליש, וואָס דער זעלבער גוסטאַוו וואַרינסקי שרייבט וועגן זיין צוריקקער פון סיביר און אָנקום קיין וואַרשע אין יאָר 1881, אינעם טאָג, ווען עס איז אין וואַרשע דורכגעפירט געוואָרן אַ פּאָגראָם איבער די יידן. נאָך דעם אַלעם, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט, די שלאַכטן אַקסל־ביי־אַקסל צוזאַמען מיט יידישע אויפשטענדלער און שפּעטער די באַגעגענישן אין סיביר, קוקט ער זיך צו אָן אומעטיקער צו די „בעסטיאַלישקייטן פון זיין פאָלק איבער די יידן, וועלכע ער האָט געבראַנגט אַזעלכע וואַרעמע גרוסן פון זייערע ברידער און זין, וואָס שמאַכטן אין ווייטן סיביר״.

דאָך איז אַ פאַקט, אַז די יאָרן 1861—63 האָבן געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויפן וווּקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין וואַרשע. עס זענען פאָרגעקומען טיפע ענדערונגען אין די פּויליש־יידישע באַציאונגען. דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון דער נייער אָריענטאַציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיטן ליקווידירן די ראָמאַנטישע וועלט־אַנשויאונג און רופן צום נייעם צוגאַנג צו דער פּאָליטישער ווירקלעכקייט. עס האָט זיך אָנגעהויבן די באַוועגונג פון „פּוילישן פּאָזיטיוויזם״, אין וועלכער די יידן האָבן גענומען אַ לעבהאַפטיקן אָנטייל.

דעמאָלט האָבן אָנגעהויבן קומען קיין וואַרשע יידן פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך און אויך פון רוסלאַנד. די לאָקאַלע און צענטראַלע מאַכט־אָרגאַנען האָבן אָנגעהויבן מורא־האָבן, אַז וואַרשע וועט ווערן אַ יידישע שטאָט. עס זענען אמת, געמאַכט געוואָרן אָנשטרענגונגען, אַז עס זאָל נישט מיטאַמאָל ליקווידירט

ווערן דער אָפּיציעלער יידישער קוואַרטאַל און אין די „נישט־יידישע גאַסן האָט מען געגעבן דערלויבענישן צו וווינען נאָר אַזעלכע יידן, וואָס זענען שוין געוואָרן „אייראָפּעער", אָבער דער יידישער „דראַנג קיין וואַרשע" איז געווען אַ שטאַרקער און די מלוכהשע באַאַמטע האָבן געזוכט וועגן ווי אַזוי אַרויסצושטופּן די יידן אין די דערפער און שטעטלעך אַרום וואַרשע.

## יידן הויבן אָן בויען הייזער אין וואָלאָמין

יאַן ראבסקי אין זיין בוך „די אנטוויקלונג פון וואַרשע" דערציילט, אַז די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט געוואָלט דורכפירן אַ באַשלוס צו ליקווידירן די דער־שיינונג פון דער „לאַנגער קאַפּאָטע" אויף די וואַרשעווער גאַסן, נאָר די צענטראַלע רוסישע מאַכט האָט נישט דערלאָזט צו דעם באַשלוס, ווייל ער איז געקומען מצד פּוילישע פּאַרטריאָטן, וועלכע זענען נאָכן אויפשטאַנד געבליבן אין אַ גרויסער צאָל אויף זייערע אַמטן. דער פּוילישער היסטאָריקער פון דער שטאָט וואַרשע באַדויערט זייער, פאַרוואָס דער באַשלוס איז נישט דורכגעפירט געוואָרן און ווייזט אָן, אַז די יידן האָבן עס אנגענומען ווי אַ פאַרשטענדלעכע זאַך און האָבן זיך שוין אנגעהויבן באַזעצן אין די אַרומיקע ישובים, וואָס זענען נישט ווייט פון וואַרשע. צווישן די ישובים רעכנט ער אויס אויך וואָלאָמין, אסאליצאַ, וואדאווולינא א. א. און אין אַ גיפטיקן טאָן גיט ער צו: „...זייערע לאַנגע קאַפּאָטעס וועלן זיכער נישט העלפן אויסטרוקענען די בלאָטעס, אָבער יענע ערטער זענען פּאַסיקער פאַר זיי ווי די שיינע וואַרשעווער גאַסן".

דאָס זאָגט קלאָר, אַז אין יענע יאָרן זענען אין וואָלאָמין שוין געווען יידן און דווקא פרומע יידן, וואָס האָבן ביי זייער גאַנצן דראַנג קיין וואַרשע נישט געוואָלט אַראָפּוואַרפן די לאַנגע קאַפּאָטע און ווערן „אייראָפּעער".

מען דאַרף אָננעמען, אַז יענע יידן אין וואָלאָמין האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער ענערגיע און איניציאַטיוו נישט ווייניקער פון די, וועלכע עס איז געלונגען צו באַזעצן זיך אין וואַרשע. זיי האָבן געוויס נישט פאַרנומען זיך בלויז מיט ערד־אַרבעט און אַנדערע מלאכות, נאָר אויך מיט האַנדל און בויען הייזער.

לויט ד"ר י. שאַצקי איז דער טעמפּאָ פון יידישן דראנג קיין וואַרשע געווען אַזאַ שנעלער, אַז עס איז שוין נישט געווען קיין מעגלעכקייט פאַר די „פּוילישע פּאַטריאָטן" צו קלאַמערן זיך אין די אַנטי־יידישע געזעצן. פון יאָר צו יאָר איז געוואַקסן די צאָל הייזער, וואָס יידן האָבן אויפגעבויט. די פּוילישע ווירטסלייט האָבן נישט געוואָלט פאַרקויפן זייערע הייזער, ווייל די הכנסות זענען געווען גרויסע. אַזוי האָט עס אויסגעזען נישט בלויז אין וואַרשע, נאָר אויך אין דער אַרומיקער געגנט, במילא אויך אין וואָלאָמין, ווו עס זענען סיי־ווי־סיי נישט

געווען קיין ברווחדיקע דירות און די צוגעקומענע יידן האָבן זיך געמוזט אַליין בויען זייערע דירות.

די גרויסע ענדערונגען, וואָס זענען פּאַרגעקומען אין גאַנצן לאַנד, האָבן געהאַט אַ השפּעה אויך אויף דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער קהילה אין וואַרשע. עס איז געקומען די תקופה פון לודוויג נאַטאַנסאָנס רעגירן אין דער קהילה, וואָס האָט זיך געצויגן 25 יאָר. פון אַ קליינער פּראָווינצערישער קהילה איז זי אויסגעוואַקסן אין אַן אינסטיטוציע מיט אַ גרויסשטאָטישן פּאַרנעם. עס האָבן זיך געשאַפן פּאַרשידנערליי רעליגיעזע, ווירטשאַפטלעכע און קולטור־געזעל־שאַפטלעכע אַנשטאַלטן, עס איז איינגעפירט געוואָרן דער קהילה־שטייער, אָבער נישט יעדער ייד איז אימשטאַנד געווען אים צו צאָלן און דאָס איז נישט איינמאָל געווען אַ צוגאָב־סיבה, וואָס האָט באַוויזן אַן אָרעמען ייד צו זוכן זיך אַ דירה אין דער געגנט הינטער וואַרשע, וווּ דאָס מאַטעריעלע אויסהאַלטן זיך איז בכלל געווען פיל ביליקער ווי אין דער גרויסער שטאָט.

אין יאָר 1870 האָבן אין פּוילן ווידער אָנגעהויבן בלאָזן בייזע ווינטן פון שנאת ישראל. פּוילישע זשורנאַליסטן האָבן אָנגעהויבן שילדערן דעם ווירטשאַפט־לעכן ליבעראַליזם ווי סתם אַ „יידישע באַוועגונג". זיי האָבן רעזיגנירט פון לעזן די יידן־פּראַגע דורך אַסימילאַציע און האָבן אָנגעהויבן שרייבן, אַז די יידן האָבן „אַרויפגעלייגט זייערע הענט" אויף דער פּוילישער קולטור. דער באַקאַנטער פּוילישער אַנטיסעמיט, יאַן יעלענסקי האָט אָנגעהויבן אַ פּראָפּאַגאַנדע פאַר באָזייטיקן די יידן פון האַנדל און אינדוסטרי און עס איבערפירן אין פּוילישע הענט. אין יאָר 1881 זענען אין וואַרשע אויסגעבראָכן פּאָגראָמען, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן דריי טעג און אַרומגענומען איבער פופציק גאַסן, פון די אָרעמסטע ביז די רייכסטע, עס זענען געווען געהרגעטע און פאַרוווּנדעטע. דער מאַטעריעלער שאָדן איז שפּעטער אָפּגעשאַצט געוואָרן אויף אַ מיליאָן רובל.

אַסך פון די געליטענע יידן האָבן דעמאָלט געמוזט אַוועק פון וואַרשע און זוכן זיך אין דער נאָענטער געגנט אַ דאַך איבערן קאָפּ. זיי האָבן עס צווישן אַנדערע געפונען אויך אין וואָלאָמין ווו די יידן מיט די לאַנגע קאַפּאָטעס האָבן זיי אויפגענומען מיט דער גאַנצער ברידערלעכער וואַרעמקייט.

נאַטאַנסאָן, דער וואַרשעווער ראש הקהל איז דעמאָלט אַרויס מיט אַ דעקלאַ־ראַציע, אַז עס איז נישטאָ קיין רפואה צו דער פּלאָג פון אַנטיסעמיטיזם נאָר דורך דערנענטערן זיך צו די פּוילישע שכנים, אויפהערן רעדן יידיש און אַוועקוואַרפן די יידישע מלבושים, די אַלע „אויסערלעכע סימנים, וואָס שטעלן אויף אַ מחיצה צווישן ייד און נישט־ייד". אינגיכן האָבן די יידן זיך איבערצייגט, אַז אויך די רפואה איז אַ פאַלשע. די „פּוילישע פּאַטריאָטן" האָבן גענומען מורא האָבן פאַר

די יידישע אַסימילאַטאָרן, וואָס „פֿאַרטיידיקן די פּוילישע קולטור״. דאַקעגן האָבן זיך גענומען אַלץ בעסער פֿילן די יידן מיט די לאַנגע קאַפּאָטעס, וואָס האָבן געלעבט אין אָפּגעזונדערטע גרופּעס. אַ סך האָבן גענומען ציִען צו די קלענערע יידישע ישובֿים הינטער וואַרשע, צווישן וועלכע וואָלאָמין האָט מיט די יאָרן אָנגעהויבן פֿאַרנעמען אַ קענטיק אָרט.

## ערשטע אַקטיווע ציוניסטן

אין די נײַנציקער יאָרן פֿונעם פֿאָריקן יאָרהונדערט האָבן די ראַדיקאַלע נאַציאָנאַליסטן אָנגעהויבן זיך פֿאַרנעמען אויך מיט די פּויערים, דערנענטערן זיי צום פֿאָלק, קעגנווירקן דער פּראָפּאַגאַנדע פֿון דער רוסישער רעגירונג, וואָס האָט געשילדערט די פּאָלאַקן ווי אויסנוצערישע פּריצים, פּאַנעס און גאווהדיקע שליאַכטע, וואָס באַציט זיך צום פּויער ווי צו אַ שקלאַף. די פּוילישע נאַציאָנאַליסטן האָבן אין זייער פּראָפּאַגאַנדע ווידער גענומען באַנוצן דאָס אַנטיסעמיטישע פּערדל געהעצט די פּויערים קעגן די יידישע סוחרים. ווידער האָט דאָס זיך אָפּגעשלאָגן אויף די יידן אין וואָלאָמין, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אַרויסווייזן איניציאַטיוו פֿאַר אַנטוויקלען די שטאָט. דער אומצוטרוי, וואָס די פּוילישע נאַציאָנאַליסטן האָבן געזייעט צווישן דער דאָרפֿישער באַפֿעלקערונג, האָט געהאַמעוועט די אַנטוויקלונג פֿון שטעטל.

דער טראַדיציאָנעלער אַנטיסעמיטיזם, ווי עס האָבן אים פֿאָרמולירט סטאַניסלאַוו סטאַשיץ און יאַן יעלענסקי, האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן אָנגענומען אַ נאָך שאַרפֿערן כאַראַקטער. אין יאָר 1909 האָט ראָמאַן דמאָווסקי, דער פֿירער פֿון די פּוילישע ענדעקעס, פֿעסטגעשטעלט, אַז די יידן ווילן אַרויפֿצווינגען זייערע באַגריפֿן און שטרעבונגען אויף דער פּוילישער געזעלשאַפֿט און אַז עס איז נישטאָ קיין שום אויסזיכט פֿאַרן פֿולשטענדיקן אַסימילירן זיך פֿון די יידן צווישן די פּאָליאַקן. אויף דער יידישער גאַס האָבן זיך געשטאַרקט די אידעען פֿון ציוניזם און פֿון „בונד״. ביי דער זייט פֿון דער אַלטער וועלט האָט אָנגעהויבן אויפֿגיין אַ נייער דור, וואָס האָט געטראָגן מיט זיך די וויזיע פֿון אַ נייער וועלט, פֿאַר דעראָבערן נייע לעבנס־באַדינגונגען.

דאָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויך אין יידישן שטעטל, אָבער וואָלאָמין האָט אויסגעזען אין דער הינזיכט צו זיין אָפּגעשטאַנען. דאָרט האָט געהערשט דאָס טראַדיציאָנעלע יידישע לעבן, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען עס האָבן אין וואָלאָמין זיך אָנגעהויבן באַווייזן די ערשטע אַקטיווע ציוניסטן און זיי האָבן גענומען אַנטוויקלען די ערשטע פֿאַזן פֿון וועלטלעכע קולטור־טעטיקייט.

יעקב סיגלוב

# מיין לעבן אין וואלאמין



אין וואָלאַמין בין איך צום ערשטן מאָל געקומען אין יאָר 1915 און האָב דאָרט געטראָפן אַ קליינעם און אָרעמען יידישן ישוב, צו וועלכן איך האָב גלייך דערפילט אַ נאָענטקייט ווי צו האַרציקע יידישע מענטשן. אין וואַרשע האָב איך פאַרקערט אין אַן אַסימילירטער געזעלשאַפט, טיילווייז אויך צווישן ריינע פּאָליאַקן, אָבער טיף אין האַרצן האָב איך געפילט אַ בענקשאַפט צו עכט־יידישע מענטשן. אין מיר האָט געלעבט דער גייסט פון מיין זיידן, וועלכער איז געווען גבאי ביי ר׳ דודל טאלנער און אין מיר האָבן געזונגען די ניגונים, וואָס איך פלעג הערןביים פאָטער אין שטוב. אין אונדזער שטעטל גאַלאָוואַניעווסק, נעבן אומאן, האָט מען בכלל געקענט זינגען. מען האָט געזונגען זמירות, ביי מלוה־מלכהס און שלש־סעודות, נאָר טאלנער חסידים האָבן געזונגען מיט מער התלהבות, מיט מער ברען, מיט שמחה, מיט תענוג.

עס זענען אויך געווען ניגונים פול מיט בענקשאַפט. דער זיידע האָט געזאָגט: „עס בענקט אַ נשמה צוריק צו איר שורש״. איך בין דעמאָלט געווען נאָך אַ קינד, אַבער די דאַזיקע ווערטער און די ניגונים האָבן זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון און אין געמיט, און ווען איך בין אַנגעקומען קיין וואלאמין און זיך באַגעגנט מיט די אמת־יידישע מענטשן, האָט ווידער אויפגעלעבט אין מיר די בענקשאַפט פון מיין פאָטערס טאלנער און חב״דער ניגונים, כאָטש זיי זענען געווען אַזוי אַנדערש פון די, וואָס עס האָבן געזונגען די פּוילישע חסידים.

צווישן די ערשטע יידן, מיט וועלכע איך האָב זיך צוזאַמענגעטראָפן אין וואלאמין, איז געווען ר׳ נחמיה מאנדלבערג, וועמענס אויסזען און האַלטונג האָט אַרויסגערופן צו זיך דרך־ארץ. עס איז געווען אַ פאַרגעניגן צו רעדן מיט אים. צו די אָנגעזעענע באַלעבאַטים האָבן אויך געהערט בראנדעס, שטראובוים און גאַלדשטיין, און פון די חסידים זענען מיר גאָר נאָענט געווען: משה גראדזשיצקי און יאנקל מארגאלעס, בוים, וועמענס זון לעבט אין תל־אביב. אַלע זענען זיי

געוועז ערלעכע מענטשן מיט יידישע הערכער, סוחרים מיט אָפענע קעפּ, מיט לעבנס־חכמה.

דעם גאַנצן טאָג בין איך געווען פאַרנומען מיט מיינע געשעפטן, מיט דער גיסעריי, וואָס איך האָב געלאָזט אין גאַנג און געהאַט צו טון מיט אַרבעטער, מיט סוחרים. אין די אָוונטן בין צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע. אָבער עס פלעגט טרעפן אין אַ פאַרנאַכט און איך פלעג פאַרבייגיין אַ חדר, וווּ דער מלמד האָט געלערנט מיט די קינדער תורה. אויך אין בית המדרש זענען געווען אָפן די פענצטער און עס האָבן זיך פון דאָרט געהערט די גמרא־ניגונים. בחורים זענען געזעסן אַרום די טישן, פאַרטיפט אין לערנען, געזונגען, ווער שטיל, ווער אויפן קול. אַ ווײַלע בין איך געבליבן ווי צוגעשמידט און נישט געקענט זיך רירן פון אָרט. עס האָט מיך געצויגן ציען אַהין אין בית המדרש, ווי דאָרט וואָלט געווען מיין שורש, פון וועלכן כ׳בין אָפּגעריסן געוואָרן.

עס זענען מיך באַפאַלן זכרונות פון מיין געבורטס־שטעטל און די פאַרשידענע מעשיות, וואָס מען האָט דערציילט וועגן דער שול און בית המדרש, וועגן נשמות פון הייליקע צדיקים, וואָס קומען אַהין אין די נעכט, ברענגען מיט זיך אַ פייער־דיקע ספר־תורה. עס זאַמלען זיך מלאכים און שרפים. די צדיקים דאַווענען, די מלאכים זאָגן שירה, די שרפים זאָגן: קדוש, קדוש...

## גייסטיקע סביבה

וואָלאָמין, דאָס קליינע שטעטעלע, וואָס האָט דעמאָלט געהאַט נישט מער ווי צוויי גאַסן: די וואַרשעווער און די קאָשטשעלנע, האָט זיך מיר מיטאַמאָל געוויזן אויסגעוויזן געהייליקט אין תורה און מעשים טובים. די לופט איז געווען פול מיט געזאַנג. אויך די פייגעלעך זינגען־מיט די פאַרבענקטע גמרא־ניגונים פון די פאַרדבקהטע בחורים.

אין יענע מינוטן האָב איך באַדויערט, וואָס איך בין נישט איינער פון די דאָזיקע פאַרדבקהטע בחורים, וואָס זענען מיט אַלע זייערע רמ״ח אברים אין די העכערע עולמות, אין דער שיינער וועלט פון געזאַנג און הויכער מאָראַל.

אַרויסגעשלאָגן פון די דאָזיקע געדאַנקען האָט מיך דאָס פייפן פון צוג. דעמאָלט האָב איך נאָך יעדן אָוונט געדאַרפט צוריקפאָרן קיין וואַרשע, וווּ איך האָב געהאַט מיין סטאַבילע דירה, וווּ מיין סביבה איז געווען אינגאַנצן אַן אַנדערע, אַן אַסימילאַטאָרישע און אַ פּוילישע. דאָרט האָט מען געהאַט גאָר אַנדערע השגות וועגן לעבן. מען האָט זיך איינגערעדט, אַז מען איז אויף לאַנגע מיילן ווייט פון שטעטל, אַז מען האָט דערגרייכט הויכע קולטור און מען האָט פאַרשטענדעניש פאַר גרויסע אידעאַלן.

גערעדט האָט מען אין יענער סביבה נאָר פּויליש. זיי פלעגן זיך וווּנדערן, פונוואַנען עס קומט צו מיר, דעם רוסישן ייִד, אַזאַ גוטער פּויליש. אויף דער זעלבער פראַגע פלעג איך זיך אָנטרעפן בעת מיין צונויפקומען זיך מיט דער פּוילישער אינטעליגענץ אין וואלאמין. דער געוועזענער גענעראַל מאַרקאָווסקי, ד״ר טשאַפּליצקיס שווער, וועלכער האָט גערן זיך אָוועקגעזעצט מיט מיר, דער־ציילט וועגן זיינע גבורות און באַמיט זיך אַרויסצווייזן זיין אַריסטאָקראַטישע באַזונדערקייט און פּוילישן האָנאָר אין דער פּוילישער שפּראַך. פון מיינע אָפטע צונויפטרעפן מיט דער פּוילישער אינטעליגענץ אין וואַרשע איז מיין שפּראַך באַרייכערט געוואָרן און דאָס האָט דעם פּוילישן גענעראַל ממש אַריינגעבראַכט אין התפּעלות, כאָטש איך האָב אין זיינע מויל־ווינקלען באַמערקט אַ מעלאַנכאָלישן שמייכל. „אַך אַזוי — האָט ער געזאָגט — די פּוילישע שפּראַך איז ביי אייך זייער אַ רייכע און דער אַקצענט גאָרנישט ווי ביי קיין ייִד״.

אינדעראמתן איז אים נישט געגאַנגען בלויז אין מיין גוטן פּויליש. מער נאָך ווי די שפּראַך האָט אים געוווּנדערט דער נאַציאָנאַלער שטאָלץ, וואָס איך האָב אָפן אַרויסגעוויזן. אין אונדזערע שמועסן איז מיר אָפט אויסגעקומען אָנצווייזן אים אויף די שיינקייטן פון דער אייגנאַרטיקער ייִדישער סביבה אין שטעטל. נישט געקוקט דערויף וואָס וואלאמין איז געווען אַזוי נאָענט פון וואַרשע, האָט דאָס שטעטל שוין דעמאָלט געהאַט זיין פולן, אייגנאַרטיקן אינהאַלט און עס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן זיין באַזונדערער כוח צו געשטאַלטיקן אַ מענטשלעכע פּערזענלעכקייט. ביי דער גאַנצער האָרעניש און יאָגן זיך נאָך פּרנסה איז שוין דאָרט געווען אַ ייִדישע גייסטיקע סביבה. די השפּעה פונעם ייִדישן וואלאמין האָט זיך אויסגעשפּרייט אויך אויף שטעטלעך און דערפער אַרום, מקומות, ווו עס האָבן געלעבט איינצלנע אָדער געציילטע משפּחות.

## די ייִדישע שטוב

די ייִדישע שטוב אין וואָלאָמין איז געווען אַן אָרגאַניזירטע קולטור־מלוכה: אַזוי זאָל מען זיך פירן, דאָס דאַרף מען טאָן אָדער נישט טאָן. די קינדער די קליינע און קלענערע, זענען נישט געווען קיין פילאָזאָפן, קיין טעאָלאָגן, האָבן זיך נישט געחקירהט, אָבער זענען געווען ווייט פון צעלאָזטקייט, פון הפקרות. דער אויטאָריטעט פון טאַטן איז געווען גרויס, יונג און אַלט האָבן געפילט אויף זיך דעם ייִדישן עול. דער זעלביקער גורל האָט אַלע פעסט צונאַמענגעבונדן און איינגעשפּאַנט אין זעלבן יאָך.

דער פּאַליאַק האָט זיך נישט אַלעמאָל געוואָלט אונטערגעבן, געוואָלט מיר אויפווייזן, אַז דאָס חדר איז אַ מיטלאַלטערלעכע דערציאונג־אינסטיטוציע. אָבער

עס איז געװען אַזױ גענוג, אַז כ׳זאָל אים אָנװײַזן אױף די מענטשן, װאָס זײַנען אױסגעװאַקסן און דערצױגן געװאָרן אינעם חדר, ער זאָל אַנטשװיגן װערן. בײַ אַלע זײַנע פֿאַראורטײלן פֿון אַ האָנאָראָװן פּאָליאַק, האָט ער געהאַט גרױס דרך ארץ פֿאַר אַזעלכע ייִדן װי נחמיה מאַנדעלבערג, דוד גאָלדשטײן און אַנדערע, אין װעלכע ער האָט געזען ערלעכע מענטשן, שאַרפֿזיניקע קעפּ, מיט אַ סך לעבנס־חכמה.

אין װאָלאָמין האָבן ייִדן גערעדט דורכאױס ייִדיש. איז דען דאָס נישט דערפֿאַר װײַל זײ זײַנען געװען שטאָלץ? דאָס איז געװען אַן אינערלעכער שטאָלץ, פֿון װעלכן זײ האָבן זיך אַפֿילו נישט אָפּגעגעבן קײן חשבון. דעם געװעזענעם פּױלישן גענעראַל איז דאָס אין אָנהױב נישט לײַכט געװען צו פֿאַרדײַען: װי קומט ייִדיש רעדן מיט שטאָלץ? אָבער ביסלעכװײַז האָט ער זיך אָנגעהױבן ערנסטער צוצוהערן צו מײַנע רײד. אין אַ בלימלדיקן פּױליש האָב איך אים דערצײלט, אַז אױך מיט מיר האָט מען אין דער הײם גערעדט ייִדיש. קינדער, װאָס מען רעדט מיט זײ אַ פֿרעמדע שפּראַך, װאַקסן אױס מיט זײער אַן אָרעמער שפּראַך, אױב אַפֿילו די שפּראַך, װאָס מען רעדט מיט זײ, איז פֿאַר זיך רײַך און שײן און זי פֿאַרמאָגט אַ רײַכע קולטור. אַזעלכע קינדער בלײַבן עמאָציאָנעל אָרעם.

כ׳האָב שױן דעמאָלט געקענט די פּאָעזיע פֿון מיצקיעװיטש און סלאָװאַצקי און האָב אים אױפֿגעװיזן, װאָס פֿאַר אַ פֿײַנעם חוש ייִדיש־רעדנדיקע קינדער קענען האָבן פֿאַר פּאָעזיע, צו שײנקײט פֿון שפּראַך בכלל, און אַזױ אַרום צו קונסט און קולטור בכלל.

אַזעלכע און ענלעכע שמועסן איז מיר אױסגעקומען צו האָבן אױך מיט די אַנדערע פּױלישע אינטעליגענטן פֿון שטעטל, מיטן בױ־אינזשיניער טשײקאָװסקי, מיטן ד״ר טשאַפּליצקי, מיט קאָפּיאָװישן, דעם פֿאָרשטײער פֿון פּױלישן סוחרים־פֿאַרײן, װאָס איז שפּעטער געװען פֿון די הױפּט־אָרגאַניזאַטאָרן פֿון אַנטי־ייִדישן בױקאָט אונטער דער לאָזונג „סװאָי דאָ סװעגאָ״, אָבער אַלײן האָט ער געקױפֿט אַלע סחורות בײַם ייִדישן סוחר יחיאל־מאיר טשאַכנאָװיעצקי. און שפּעטער זײ פֿאַרקױפֿט צו אַנדערע פּױלישע סוחרים.

אָבער אין יענע ערשטע יאָרן האָט נאָך קײנער פֿון די פּאָליאַקן נישט געטראַכט פֿון קײן באָיקאָט, כאָטש דער אַנטיסעמיטיזם, װאָס איז געקומען פֿון װאַרשע, האָט אָנגעשטעקט אױך די פּאָליאַקן אין װאָלאָמין. דער סם פֿונעם צורר היהודים שװיענטאָכאָװסקי און פֿון דמאָװסקי איז אַרײַנגעדרונגען צװישן די פֿאַרשידענע שיכטן פֿון דער פּױלישער באַפֿעלקערונג. עס זײַנען געװען אַזעלכע, װאָס האָבן געהאַט אַ רוסישע אָריענטאַציע. אין דעם מאַניפֿעסט פֿון ניקאָלאַי־ניקאָלאַיעװיטש, דעם צאַרס פֿעטער, דער הױפּט־קאָמאַנדיר פֿון רוסישן מיליטער, האָבן זײ געזען זײערס אַ נצחון. דער מאַניפֿעסט האָט גערופֿן דאָס פּױלישע פֿאָלק

צוהילף אין דער מלחמה קעגן די דייטשן, די היסטאָרישע שונאים פון די סלאַווישע פעלקער. זאָל דאָס פּוילישע פאָלק, האָט זיך געזאָגט אין יענעם מאַניפעסט, געדענקען די צייטן פון גרונוואַלד און שלאָגן דעם דייטשן שונא. דער נצחון וועט ברענגען צום רעאַליזירן דאָס שטרעבן פון פּוילישן פאָלק צו נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט, מיטן באַדינג, אַז עס זאָלן נישט אָנגערירט ווערן די רעכט פון די מינדערהייטן.

די פּוילישע נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטן האָבן דאָס אויסגעטייטשט ווי אַ צוזאָג צו פאַרייניקן דאָס צעשניטענע פּוילן. דעם פּאַראַגראַף וועגן די מינדערהייטן האָבן זיי געהאַלטן, אַז דאָס מיינט מען די ווייסרוסן און אוקראַינער. די צייטונג „דוואַ גראָשע" איז אַרויס מיט אַן אַרטיקל, וואָס האָט אויפגעוויזן, אַז דער מאַניפעסט מיינט נישט די יידן, וועלכע זענען אָפּהענגיק בלויז פונעם גוטן ווילן פון די פּאָליאַקן. די ידיעות, וואָס זענען אָנגעקומען פון די שטעט, ווו די רוסן האָבן געהאַט נצחונות, האָבן דערציילט פון פּאָגראָמען, הריגות און חורבן. אין קאָנגרעס־פּוילן האָבן זיך גענומען פונאַנדערשפּרייטן מעשיות וועגן יידישן פאַראַט, אַז יידן שפּיאָנירן לטובת די דייטשן, גיבן זיי צייכנס און ידיעות דורך געהיימע טעלעפאָנען. יעדער עירוב איז געווען אַזאַ געהיימער טעלעפאָן. די העכערע געזעלשאַפטן אין וואַרשע האָט גערן אויפגענומען די מעשיות און זיי נאָך מער צעבלאָזן. די זעלבע האָבן פאַר דער מלחמה געהעצט די פּאָליאַקן, אַז די יידן האַלטן מיט די רוסן. איצט האָבן זיי געשריגן, אַז יידן העלפן די דייטשן. יידן, האָבן זיי געזאָגט, האָבן פיינט די פּאָליאַקן און פאַראייניקן זיך מיט אַלע שונאים פון פּוילן.

## וואָלאָמינער יידן נעמען־אויף פּליטים

איבער די יידן האָבן געפּלייצט כוואַליעס פון שווערע רדיפות, גירושים, אַרעסטן, תליות און כאַפּן ערובאַיקעס. וואַרשע איז פול געוואָרן מיט פּליטים, וואָס זענען אַנטלאָפן אי פאַר די רוסן, אי פאַר די דייטשן. דער דאָזיקער שטראָם פון פּליטים האָט זיך געלייגט ווי אַ שווערע מאַסע אויף דער וואַרשעווער קהילה. אַ סך פון די פּליטים זענען זיך צעלאָפן אין די אַרומיקע שטעטלעך און זענען אויך אָנגעקומען קיין וואָלאָמין.

די יידן אין וואָלאָמין האָבן אויפגענומען די פּליטים מיט דער גאַנצער וואַרעמקייט פון רחמנים בני רחמנים. מען האָט זיי איינגעאָרדנט אין שטיבן פון יידישע משפחות און אָרגאַניזירט פאַר זיי די ווייטגייענדיקסטע הילף.

דער פּוילישער צענטראַלער קאָמיטעט אין וואַרשע האָט זיך אָפּגעזאָגט צו העלפן יידן, אָבער אין וואָלאָמין איז מיר געלונגען צו באַקומען די שטיצע פון געוויסע פאָרגעשריטענע פּאָליאַקן, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען, אַז מיט דער אַנטי־

סעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע העלפט מען בלויז צו די רוסן, וואָס נעמען גערן אויף די מעשיות וועגן יידישן שפּיאָנאַזש און פאַרענטפערן דערמיט זייערע מפּלות אויפן שלאַכט־פעלד.

דער געהיימער ציוניסטישער קאָמיטעט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין וואַרשע, האָט אונטערגענומען אַן ענערגישע אויפקלערונגס־אַרבעט צו באַקעמפן די פאַלשע בלבולים. עס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן ספּעציעלע שליחים, וואָס זענען געקומען אין קאָנטאַקט מיט דער פּאָרגעשריטענער רוסישער און פּוילישער אינטעליגענץ און זיי אויפגעוויזן ווי פאַלש עס זענען די וועגן, אויף וועלכע עס האָבן זיך געלאָזט די פּוילישע ענדעקעס.

מיט מיין גאַנצן יוגנטלעכן ברען האָב איך זיך אַריינגעלאָזט אין דער דאָזיקער טעטיקייט אויף מיין אָפּשניט אין וואלאמין, העלפן די פּליטים און אויפקלערן די פּאַליאַקן ווי נאַריש עס איז צו פאַרדעכטיקן יידן אין שפּיאָנאַזש. דאָס איז נישט געווען קיין לייכטע זאַך, ווארום די ענדעקעס האָבן כסדר צוגעטראַכט אַלץ נייע בלבולים. שפּעטער האָבן זיי אַרויסגעלאָזט קלאַנגען, אַז די יידן אין רוסלאַנד שעדיקן די אינטערעסן פון פּוילן, אויסטראַכטנדיק, אַז פּוילן איז פאַרפלייצט מיט אַנטיסעמיטיזם. דערמיט, האָבן זיי געזאָגט, ווילן די יידן פאַרשוואַרצן פּוילנס פּנים אין די אויגן פון די לינקע עלעמענטן. איך האָב געזוכט הילף ביי די פּילסודסטשיקעס, אָבער זיי האָבן געשוויגן. נישט געקוקט דערויף, וואָס זיי האָבן באַקעמפט די ענדעקעס און זייער רוסישע אָריענטאַציע. זיי האָבן געזען, אַז די שפּיאָנאַזש־בלבולים אויף יידן האָבן דערפאָלג און ציען אָפּ די אויפמערקזאַמקייט פון די רוסן און דערפירט, אַז זיי זאָלן זיך ווייניקער פאַרנעמען מיט דער טעטיקייט פון פּילסודסקיס לעגיאָנען, וואָס האָבן זיך געשאַפן אין די אָקופּירטע געביטן.

ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען וואַרשע זענען די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס אַרויס פון זייער קאָנספּיראַציע און האָבן איבערגענומען דעם רודער, גענומען פּראָפּאַגירן אָפן זייער דייטש־עסטרייכישע אָריענטאַציע. תחילת האָבן די יידן אויפגענומען פריינדלעך דאָס דייטשע מיליטער, געהאָפט, אַז דאָס לעבן וועט ווערן בעסער. דאָס דייטשישע לשון האָט געקלונגען היימיש, אָבער באַלד האָבן די פּאַליאַקן גענומען באַשולדיקן די יידן אין סימפּאַטיעס צו רוסלאַנד... די דייטשע זיגער האָבן זיך אָבער דעמאָלט נישט גענוציקט אין קיין שפּיאָנאַזש־בלבולים. זיי האָבן געהאַט נצחונות. אָפיצירן און גענעראַלן האָבן זיך איינקוואַרטירט אין רייכע יידישע הייזער. אויך נידעריקערע אָפיצירן האָבן גערן געוווינט ביי יידן, ווייל מיט די יידן האָבן זיי זיך געקענט בעסער פאַרשטענדיקן.

נאָך אַ תקופה פון וואַקלענישן האָט די דייטשע ציווילע מאַכט רעזיגנירט פונעם געדאַנק צו פאַרוואַנדלען די פּוילישע יידן אין אַן אינסטרומענט פון גערמאַ־

ניזאַציע און אין אַ פּאָליטישן אָנלען פֿאַר דייטשלאַנד. אין דער זעלבער צייט זענען זיי געקומען צום אויספֿיר, אַז עס דאַרף געשאַפֿן ווערן אַ פּוילישע מלוכה, וואָס זאָל זיין פֿאַרבינדן מיט דעם טייל אייראָפּע, וואָס ווערט אָנגעפֿירט דורך דייטש־לאַנד. אָבער די יידן האָבן געדאַרפֿט געניסן פֿון באַקוועמע באַדינגונגען פֿאַר זייער קולטורעלער אנטוויקלונג און פֿאַר זייער טעטיקייט אויפֿן געביט פֿון סאָציאַלער שוץ. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער פּראָצעס פֿון איבערגעבן די מאַכט אין די הענט פֿון די אָפֿיציעלע פּוילישע פֿאַרשטייערשאַפֿטן. די ערשטע שריט אין דער דאָזיקער ריכטונג איז געווען דאָס געזעץ פֿון זעלבסטפֿאַרוואַלטונג אין די שטעט, וואָס האָט זיך באַזירט אויף דער גלייכבאַרעכטיקונג פֿון אַלע בירגער אין לאַנד.

אַזוי ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן די וואַל־אַקציע איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די נויטווענדיקייט פֿון אַ פֿאַראייניקטן פֿראָנט פֿון פּאָליאַקן און יידן. די יידן האָבן נאָך גוט געדענקט די וואַלן צו דער פֿערטער רוסישער דומע און האָבן מורא געהאַט פֿאַר אַנטיסעמיטישע אומרוען אויב זיי וועלן גיין צו די וואַלן אַליין און אויסשעפּן די גרויסע מעגלעכקייטן, וואָס עס האָט זיי געגעבן דער פֿונאַנדערטייל אין ראַיאָנען. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז געווען פֿאַר אַ פֿאַראייניקטן פֿראָנט און יידן האָבן דערפֿאַר אין אַ סך ערטער געמוזט רעזיגנירן פֿון עטלעכע מאַנדאַטן.

אַזוי האָט עס אויסגעזען אין וואַרשע און אַזוי האָט עס אויך אויסגעזען אין וואלאמין, ווו איך האָב אויף דער ווענדונג פֿונעם רב מסכים געווען צו קאַנדידירן און בין אויך אויסגעוויילט געוואָרן אין וואָלאמינער שטאָט־ראַט.

## די ערשטע יידן אין דער גיסעריי

די קאָמפּראָמיסן, אויף וועלכע די יידן זענען איינגעגאַנגען האָבן נישט אָפּגעהאַלטן די פּאָליאַקן ווייטער צו פֿירן זייער אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע קעגן יידישן האַנדל. מיר איז דערפֿאַר אָפּט אויסגעקומען צו שטיין אויף דער וואַך און פֿאַרטיידיקן די אינטערעסן פֿון די יידישע סוחרים, קרעמער און בעלי־מלאכות.

אויך ביי מיר אין דער פֿאַבריק האָב איך געמוזט פֿירן אַ קאַמף קעגן די פּוילישע אַרבעטער, וואָס האָבן נישט געוואָלט צולאָזן קיין יידן צו דער אַרבעט אין דער גיסעריי. עס האָט זיך דעמאָלט געהאַנדלט וועגן זעקס יידן, וועלכע איך האָב צוגענומען צו דער אַרבעט און האָבן זיך אָנגעטראָפֿן אויף אַן עקשנותדיקן ווידערשטאַנד מצד די פּאָליאַקן.

איך האָב גלייך גערופֿן אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון אַלע אַרבעטער. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געהאַלטן חוצפּהדיק, איבערגעחזרט די רייד פֿון די אנטיסעמיטישע אַגיטאַטאָרן וועגן די געפֿאַרן, וואָס באַדראָען פּוילן אין רעזולטאַט

פון דער גרויסער צאָל יידן, וואָס באַהערשן די ווירטשאַפט אין לאַנד און שטופּן אַרויס די פּאָליאַקן פון אַלע פּאָזיציעס. עס זענען אָבער געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן אונטערגעשטיצט מיין אַרויסטרעטונג. איך האָב ענערגיש אָפּגעוואָרפן יעדע טענדענץ פון דיסקרימינאַציע, אויפגעקלערט די זינלאָזיקייט פון די אַנטיסעמיטישע רייד און בלבולים, מיט וועלכע עס פירן אָן בייזוויליקע פּאָליטיקער. דערביי האָב איך ווי צומקלאָרסטן געגעבן צו פאַרשטיין, אַז איך בין מיט די קלוגע און פאַרגעשריטענע אַרבעטער, וואָס פאַרשטייען ווי געפערלעך עס איז אַזאַ בייזוויליקער אַנטיסעמיטישער צוגאַנג און וועל קעמפן מיט אַלע כוחות פאַר די רעכט פון יידן אויף אַרבעט.

עס פלעגט טרעפן, אַז די זשאַנדאַרן האָבן אַרעסטירט אַ ייד, וועלכן מען האָט געכאַפּט ביי שמוגלען פלייש קיין וואַרשע אָדער ביי אַן אַנדערער עבירה. די זשאַנדאַרן פלעגן באַפאַלן אַנקומענדיקע צוגן און דורכפירן רעוויזיעס. גאַנץ אָפט זענען געווען קרבנות און מיר איז אויסגעקומען צו אינטערווענירן. צומאָפטסטן איז מיר געלונגען איבערצוצייגן די מאַכט־אָרגאַנען אין דער אומשולד פונעם קרבן.

נישט קיין לייכטע זאַך איז געווען איינטענהן מיט די פּאָליאַקן אין די פאַרשידענע צייטן פון מיין צוזאַמענאַרבעט מיט זיי. „די יידן האָבן צוזאַמענגעאַרבעט מיט די דייטשן — האָט מיר מאַרקאָווסקי געוואָלט אויפווייזן — זיי האָבן געהאַנדלט, געווען מיט די דייטשן אין די בעסטע באַציאונגען, נישט געקעמפט פאַר אַ פרייַ פוילן”. אָבער ער האָט געמוזט אַנטשוויגן ווערן און אַראָפּלאָזן די אויגן, ווען איך האָב אים אַנגעוויזן אויף די וועלדער, וואָס פּוילישע אַרבעטער האָבן אויסגעהאַקט פאַר די דייטשן, געהאָלפן זיי אָנלאָדן דאָס האָלץ אויף די צוגן אין ריזיקע טראַנספּאָרטן. דאָס האָלץ איז געגאַנגען פאַרן פראָנט, פאַרן דייטשן מיליטערישן פּאָטענציאַל, פאַרן דייטשן הינטערלאַנד. אין די טויזנטער זענען די פּוילישע אַרבעטער געווען דערביי באַשעפטיקט און קיינעם איז נישט איינגעפאַלן זיך קעגנצושטעלן.

דער נצחון פון דער רוסישער רעוואָלוציע, דאָס אַראָפּוואַרפן די ראָמאַנאָווס און די דערקלערונג פון דער צייטווייליקער רוסישער רעגירונג, אַז זי אַנערקענט פוילנס מלוכהשע זעלבשטענדיקייט — האָבן צוגעאײַלט דעם פּראָצעס פון איבערגעבן די מאַכט אין לאַנד צו די פּאָליאַקן. עס האָט זיך געשאַפן אַ פּוילישע רעגירונג מיט יאַן קאַכאַזשעווסקי בראש. זיין שנאה צו יידן האָט ער אָפּגעהיטן נאָך פון די צייטן, ווען אַדאַנק די יידישע שטימען איז ער דורכגעפאַלן ביי די וואַלן צו דער פּערטער דומע. ער האָט גלייך דערקלערט, אַז מען דאַרף זוכן אַ וועג צו לעזן דאָס יידישע פּראָבלעם. ער האָט זיך אָבער געהיטן פון אויפקלערן אין וועלכער ריכטונג עס וועלן געמאַכט ווערן די זוכענישן. אָבער מיר האָבן זיך

אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז די ריכטונג וועט ווייט נישט זיין לטובת די יידן.

אינצווישן איז אָנגעקומען די אַמעריקאַנער עקספּעדיציע־אַרמיי קיין פראַנק־רייך און דייטשלאַנד האָט נאָכן באַקומען אַ שווערן קלאַפּ זיך אונטערגעגעבן. די נייע דייטשע רעגירונג האָט באַפרייט פּילסודסקין פון דער מאַגדעבורגער פעסטונג און ער האָט זיך צוריקגעקערט קיין וואַרשע. באַלד איז געגעבן געוואָרן דער סיגנאַל פאַר אַ דעצידירנדיקער אַקציע. אין לובלין איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די אנטשטייאונג פון דער פּוילישער מלוכה אין שפּיץ פון אַ צייטווייליקער רעגירונג, וואָס איז געווען צונויפגעשטעלט פון סאָציאַליסטן און פּויערים. אין וואַרשע האָט פּילסודסקי איבערגענומען די מאַכט, מאָביליזירט די מיטגלידער פון דער געהיימער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע פּ.א.וו. און אנטוואָפנט די דייטשע זעלנער. זיי האָבן זיך נישט קעגנגעשטעלט און אַליין אָפּגעגעבן זייער געווער פּילסודסקיס פאַר־שטייער. עס זענען געווען פאַלן, ווען איינצלנע דייטשע זעלנער האָבן אויף די וואַרשעווער גאַסן אָפּגעגעבן זייער געווער יעדן צופעליק־אָנגעטראָפענעם יונגנמאַן, אַפילו מינדעריעריקע, וואָס האָבן זיך געטשעפּעט צו זיי. אָבער שוין אין יענע ערשטע טעג פון פּוילנס באַפרייאונג האָבן די פּאַליאַקן גענומען שלאָגן יידן אין די גאַסן פון וואַרשע און דאָס האָט זיך גיך איבערגעטראָגן אויך קיין וואלאמין.

## „שלאָג די יידן!"

די אָרגאַניזאַטאָרן פון די אַנטי־יידישע עקסצעסן האָבן געוואָלט באַווייזן די יידן, אַז זיי זענען אין זייערע הענט און זיי האָבן זיך שוין מער נישט צו פאַרלאָזן אויף קיין שום כוח, וואָס זאָל זיי פאַרטיידיקן. די יידן אין וואלאמין זענען, פּונקט ווי אין וואַרשע, נישט געווען צוגעגרייט צו אַזעלכע אָנפאַלן, האָבן נישט אָרגאַניזירט קיין זעלבסטשוץ און די פּוילישע יוגנט האָט זיך פּשוט געלאָזט ווילגיין, פאַרטשעפּעט פראַנק־און־פרייַ יידישע פאַרבייגייער און געשלאָגן. זייער לאָזונג איז געווען: „זאָל לעבן פּילסודסקי, שלאָג די יידן!"

צווישן די פאַרשטייער פון דער נייער מאַכט אין וואלאמין זענען געווען פּילסודסטשיקעס און ענדעקעס און עס איז געווען אַ געפאַר, אַזביידע זאָלן נעמען קאָנקורירן צווישן זיך אין אָנפאַלן אויף יידן. די שטימונג איז געווען אַ געשפּאַנטע. די ענדעקעס האָבן געשריגן, אַז דער באָלשעוויזם ווערט אָנגעפירט דורך יידן. די פּוילישע רעפּאַטריאַנטן, וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט פון רוסלאַנד, האָבן דער־ציילט מוראדיקע מעשיות וועגן די יידישע באָלשעוויקעס און די דאָזיקע מעשיות האָבן נאָך מער פאַרסמט די לופט אין די יידישע שטעט און שטעטלעך. באַזונדערס שאַרף האָט מען עס אָפּגעפילט אין וואלאמין, ווו די ענדעקעס זענען געווען אַ שטאַרקער כוח.

די יידן אין וואַלאַמין האָבן זיך געפילט דערדריקט, דיסקרימינירט און נישט זיכער מיטן מאָרגנדיקן טאָג. מאַרקאָווסקי, דער ענדעקישער פאָרשטייער אין נאַציאָנאַל־ראַט, כאָטש פערזענלעך האָט ער מיט מיר גוט געלעבט, האָט ער אָבער אין זיין פאָליטישער טעטיקייט געטון אַלץ דורכצופירן די שטרעבונגען פון זיין פאַרטיי. ער האָט זיך אָפגעגעבן אַ קלאָרן חשבון, אַז אין דער לופט הענגט די געפאַר פון אַ בירגער־קריג צווישן פילסודסקיס סאָציאַליסטישע אָנהענגער מיט די ענדעקעס, וועלכע האָבן מאָביליזירט אַלע זייערע כוחות, גערופן מאַסן־פאַרזאַמלונגען און אין זייער פראָפּאַגאַנדע אונטערגעשטראָכן דעם יידישן מאָמענט. די זיגערישע גרויסמאַכטן האָבן אונטערשטיצט פאַדערעווסקין און דמאָווסקין, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט, אַז פילסודסקי וועט זיך לאָזן אויף די וועגן פון דער רוסישער עוואָלוציע.

דאָס האָט לסוף באַוויגן דעם פילסודסקי־לאַגער איינצוגיין אויף אַ פשרה מיט פאַדערעווסקין, דמאָווסקי און קאָרפאַנטי. מאַראַטשעווסקיס רעגירונג האָט דימיסיאָנירט און אויף איר אָרט איז געקומען פאַדערעווסקי, וואָס האָט גענאָסן דעם צוטרוי פון די אַמעריקאַנער און זיי האָבן אים צוגעזאָגט הילף. די סאָציאַליסטן און די ראַדיקאַלע פויערים האָבן זיך צוריקגעצויגן. אין דער רעגירונג זענען אַריין עטלעכע פון פילסודסקיס אָנהענגער.

דער דאָזיקער קאָמפּראָמיס האָט אויך געהאַט אַן איינפלוס אויף דער באַציאונג צו די יידן. איך האָב זיך דאַן באַמיט, אַז די פוילישע ראַטמענער פון די פאַרשידענע פאַרטייען ווי אויך אַנדערע פון דער פוילישער אינטעליגענץ, וואָס האָבן געהאַט געוויסע השפעות אויף דער באַפעלקערונג, אַז עס זאָלן צו זיי דערגיין די ידיעות, וועלכע זענען נישט געקומען צום אויסדרוק אין דער פוילישער פרעסע, אָבער מען האָט זיי געקענט לייענען צווישן די שורות. כ׳האָב געצויגן זייער אויפמערקזאַמקייט אויפן צוזאַמענשטעל פון די אויסלענדישע דעלעגאַציעס פון די זיגערישע לענדער, וואָס האָבן געזוכט צו העלפן פוילן, עקאָנאָמיש און מיליטעריש. צווישן זיי זענען געווען יידן מיט גרויסע איינפלוסן און זיי האָבן באַרירט די פראַגע פון גלייכע רעכט פאַר דער יידישער מינדערהייט. דאָס האָט געהאַמעוועט די אַנטיסעמיטישע טענדענצן אין דער רעגירונג און אין סיים.

די ענדעקעס אין וואַלאַמין, וואָס האָבן אין אָנהויב אָפן גערעדט וועגן באַגרענעצן די רעכט פון די יידן, האָבן גענומען פאַרשטיין, אַז די לאָזונג איז אין די נייע באַדינגונגען נישט קיין גאַנגבאַרע סחורה.

## קאַמף פאַר ייִדישע רעכט

פונעם ערשטן טאָג אָן פון מיין אַרבעט אין וואַלאַמינער נאַציאָנאַל־ראַט,

האָב איך קאָנסעקווענט געקעמפט פאַר די יידישע רעכט. כ'האָב נישט דורכגעלאָזט קיין איין געלעגנהייט צו טאדלען יעדע פאַראָרדענונג, וואָס איז געווען געצילט קעגן די יידישע איינוווינער, אָפּצושוואַכן זייער שטאַנדהאפטיקייט און אַרויס־שטויסן זיי פון די אַזוי אויך נעבעכדיקע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.

עס זענען אָבער געווען מאָמענטן, ווען איך בין געווען אומבאַהאָלפן, באַזונדערס ווען די פאַראָרדענונגען זענען געקומען פון אויבן, פון דער רעגירונג אין וואַרשע, וועלכע האָט מורא געהאַט, אַז אין די שטעטלעך, ווו יידן בילדן אַ מערהייט, וועט די מאַכט אין די נאַציאָנאַל־ראַטן אַריינפאַלן אין יידישע הענט. די רעגירונג האָט דערפאַר אויסגעברייטערט די ראַיאָנען, צוגעגעבן צו יעדן שטעטל אַלץ מער דערפער, ווו די באַפעלקערונג איז אַ ריין־פּוילישע. די ענדעקעס אין וואלאמין האָבן אויסגענוצט דאָס דאָזיקע געזעץ, כדי די יידן זאָלן האָבן וואָס ווייניקער פאָרשטייער אין נאַציאָנאַל־ראַט. פון אַ העלפט אין געוואָרן אַ דריטל.

עס איז אויפגעקומען אַ פּראָבלעם פון „ליטוואַקעס”. דאָס האָט מען געמיינט די יידן פון תחום־המושב אין רוסלאַנד, וואָס די צאַרישע מאַכט האָט „אַריינ־געשמוגלט” קיין פּוילן, ווילנדיק האָבן דאָרט פאַרבינדעטע. די ענדעקעס האָבן געשאַפן אַ לעגענדע וועגן הונדערטער טויזנטער אַזעלכע יידן אין פּוילן. שפּעטער האָבן זיי אַליין אויך אָנגעהויבן גלויבן אין דעם און אָנגעשטעקט מיט דעם אַלע אַנדערע פּוילישע פּאַרטייען.

אויך אין וואלאמין האָבן מארקאָווסקיס און וואָיטשעכאָווסקיס לייט גענומען זיך טשעפּען צו יידן, וואָס זענען געקומען פון רוסלאַנד און געוואָלט ביי זיי צונעמען דאָס רעכט צו ווערן בירגער. צומאַקטיווסטן איז געווען וואָיטשעכאָווסקי, פריער־דיקער פּאָסט־נאַטשאַלניק אין וואלאמין.

מיר איז עטלעכע מאָל אויסגעקומען צו אינטערווענירן אין אַזעלכע ענינים. דאָס פּראָבלעם האָט עקזיסטירט אויך אין וואַרשע און אין אַנדערע שטעט. דאָס האָט אָפּגעקלונגען אויך אין אויסלאַנד און אַ דאַנק דער הילף פון איינפלוסרייכע יידן איז אויסגעאיבט געוואָרן אַ דרוק אויף פּוילן אָנצונעמען דעם צוגאָב־אָפּמאַך צום אַלגעמיינעם שלום־אָפּמאַך. אין דאָזיקן אָפּמאַך איז פעסטגעשטעלט געוואָרן ווי אַ פּרינציפּ, אַז די יידן, וועלכע זענען געווען בירגער פון די מלוכות, וואָס האָבן איינגעטיילט צווישן זיך פּוילן, האָבן די רעכט צו באַקומען פּוילישע בירגערשאַפט.

טרעפנדיק זיך מיט די פאָרשטייער פון די פּוילישע פּאַרטייען, די ענדעקישע ווי די סאָציאַליסטישע, האָבן זיי געפּרווווט אויסלאָזן צו מיר זייער כעס. זיי האָבן אָפן איבערגעחזרט די באַשולדיקונג פון די פּוילישע קרייזן, אַז יידן האָבן פאַר־שוואַרצט פּוילנס נאָמען אין אויסלאַנד. די יידן זענען שולדיק וואָס מען האָט

געקוקט אויף פוילן ווי אויף אַן אָפּגעשטאַנען לאַנד, אָן אייראָפּעישער קולטור, אָן שטאָטלעכער טראַדיציע; אַ לאַנד, וואָס ווייסט נישט ווי אַזוי צו באַציִען זיך יושרדיק מיט די מינדערהייטן. מיך האָבן זיי באַשולדיקט, אַז איך בין איינער פון די, וואָס טרייבן איבער מיט די מעשׂיות וועגן אַנטיסעמיטיזם און פּאָגראָמען.

ד״ר טשאַפּליצקי האָט דעמאָלט צו מיר געזאָגט:

„פּאָליאַקן זענען אַ גרויסמוטיק פֿאָלק און איר, יידן, באַשולדיקט אונדז אין זאַכן, וואָס מיר טוען נישט. פון יעדער אַוואַנטורע מאַכט איר אַ פּראָבלעם און הויבט אויף אַ געשריי איבער דער גאַנצער וועלט. אָט, לעבט איר דאָך דאָ אין וואלאמין, ווי אין גן־עדן. ווער טשעפּעט אייך?״

מיין פּרינציפּ אין די דיסקוסיעס מיט די פּוילישע כלל־טוער איז געווען נישט צו לאָזן זיך אַרויספירן פון גלייכגעוויכט, נישט אַריינפאַלן אין כעס. באַהערשט און מיט אַ לייכטן שמייכל האָב איך אים געענטפערט:

„כ׳האַלט אייך ביים וואָרט, פּאַניע דאָקטאָר. איר וועט באַלד האָבן די געלעגנהייט אַרויסצוּווייזן אייער גרויסמוטיקייט אין באַצוג צו יידן״.

דער צוגאב־אָפּמאַך, וואָס פּוילן איז געווען געצוווּנגען אָנצונעמען, איז נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין קאָדעקס, כדי ער זאָל נישט האָבן די געזעצלעכע קראַפט אויף אינעווייניק און נישט נוצן אַלס יסוד פאַר דער גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידן. די מערהייט אין סיים האָט אויסגעדרייט דעם באַגריף פון סטאַבילן און צוגעגעבן אַ פאָרמעלן באַדינג: היות די „ליטוואַקעס״, די וואָס העצן די נאַיווע פּוילישע יידן, האָבן בעתן באַזעצן זיך אין פּוילן בעת דער רוסישער הערשאַפט געדאַרפט געדענקען, אַז פּוילן איז אַ באַזונדער לאַנד, הגם אָקופּירט, און דערפאַר געדאַרפט זיך רעגיסטרירן אין די באַזונדערע עווידענץ־ביכער, כדי צו באַווייזן, אַז זיי אַנערקענען די באַזונדערקייט פון פּוילן. אַזוי ווי זיי האָבן דאָס נישט געטון, האָבן זיי דערמיט דעקלאַרירט זייער פרעמדקייט אין לאַנד און זיי קענען דערפאַר איצט נישט ווערן קיין בירגער. דער דעמאָלטיקער אינערן־מיניסטער וואָיטשעכאָווסקי, פון די פּויערים־פירער אין קאָנגרעס־פּוילן, האָט געוואָלט שאַפן אַ שיכט יידן, וואָס זענען נישט קיין בירגער, נאָר איינוווינער, וואָס דאַרפן אויס־טראָגן אַלע פליכטן אָבער נישט האָבן די רעכט פון בירגער.

אויך מיר האָט מען געפּרוּווט מאַכן שוועריקייטן צוליב דעם, וואָס איך בין געווען אַ רוסישער בירגער און מען האָט מיר דערפאַר געוואָלט פאַרמאַכן די פאַבריק אין וואלאמין, נישט געקוקט דערויף, וואָס דער פּלאַץ צוזאַמען מיט דער פאַבריק־געביידע האָבן נאָך געהערט צו מיין פאָטער, וועלכער האָט עס אָפּגעשריבן אויפן נאָמען פון זיין איידעם, וואָלף קראַפּמאַן. ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה האָט מיין שוואָגער איבערגעפירט די מאַשינען קיין יעקאַטערינאָסלאַוו,

היינט דניעפּראָפּעטראָווסק. אויפֿן דאָזיקן סמך האָב איך גלייך ווי איך בין געוואָרן פּוליעריק איבערגענומען די פֿאַבריק און געלאָזט אין גאַנג די אייזנגיסעריי.

## די אויסגעקעמפטע קאָנצעסיע

נאָכדעם ווי די פּאָליאַקן האָבן איבערגענומען די מאַכט האָט דער וואָלאַמינער סטאַראָסטע אָרלאָווסקי נישט געוואָלט מיר אַרויסגעבן די קאָנצעסיע אויף דער גיסעריי. מען דאַרף באַמערקן אַז אין אַלגעמיין איז אָרלאָווסקי, ווי אויך זיין געהילף פּיאָטראָווסקי, געווען טאָלעראַנט צו יידן.

לאַנג האָב איך זיך געמאַטערט מיטן דאָזיקן פּראָבלעם ביז עס איז אַרויס דאָס געזעץ, אַז יעדער וואָס פֿאַרנעמט זיך אין משך פֿון דריי יאָר מיט געזעלשאַפֿט־לעכער טעטיקייט, ווערט אויטאָמאַטיש אַ פּוילישער בירגער און גענייסט פֿון אַלע רעכט. דאָ איז מיר געקומען צוהילף מיין פּיליאַריקע טעטיקייט אין וואָלאַמין און נאָך אַ ריי קאָנטראָלן, וואָס עס האָט דורכגעפֿירט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, האָב איך באַקומען צוגעטיילט די קאָנצעסיע.

קעגן דאָזיקן געזעץ האָבן די יידישע דעפּוטאַטן אין סיים געפֿירט אַ פֿאַר־ביטערטן קאַמף, אָבער קיין סך האָבן זיי נישט געווינען, בלויז געוויסע פֿאַר־לייכטערונגען. אין וואָלאַמין האָבן די ענדעקעס אייניקע מאָל געפּרוּווט אויפֿהויבן דאָס דאָזיקע פּראָבלעם אין נאַציאָנאַל־ראָט. אָבער דאָ איז מיר געקומען צוהילף דער ד״ר טשאַפּליצקי, ביי וועלכן כ׳האָב געמאָנט די פּוילישע גרויסמוטיקייט, מיט וועלכער ער האָט זיך פֿאַר מיר באַרימט.

די פֿראַגע פֿון בירגערשאַפֿט איז געלעזט געוואָרן שפּעטער, נאָכן שלום־אָפּמאַך מיט סאָוויעט־רוסלאַנד, לויט וועלכן פּוילן האָט צובאַקומען טיילן פֿונעם תּחום־המושב, אויף צפֿון און דרום פֿון קאָנגרעס־פּוילן. דער זעלבער טשאַפּליצקי האָט דערנאָך צו מיר געזאָגט האַלב־שטאָלץ, האַלב־סאַרקאַסטיש:

„איר זעט, זעקס הונדערט טויזנט „ליטוואַקעס״ האָבן באַקומען פּוילישע בירגערשאַפֿט... וועלן די יידן כאָטש אָפּשאַצן די גרויסמוטיקייט פֿונעם פּוילישן פֿאָלק ?״

דער טעראָר קעגן די יידן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צוזאַמען מיטן אַנטשטיין פֿון פּוילן, האָט אייגנטלעך נישט אויפֿגעהערט. די האַלערטשיקעס זענען באַפֿאַלן יידן און זיי אָפּגעשוירן אָדער אויסגעריסן באָרד און פּאות, גאַנץ אָפֿט צוזאַמען מיטן פֿלייש. לויט אַלע סימנים האָט אַ „פֿאַרבאָרגענע האַנט״ אָרגאַניזירט די דאָזיקע געשעענישן. די פּאָליציי האָט נישט רעאַגירט, נישט פֿאַרטיידיקט די יידן. די העכערע מאַכט האָט אויך נישט אָנגענומען קיין שטרענגע מיטלען. זיי

האָבן אָפּגעלייקנט, אַז דאָס זענען אָרגאַניזירטע אָנפֿאַלן. געזאָגט, אַז דאָס זענען „שפּילערייען" פֿון זעלנער.

אַזעלכע פֿאַלן האָבן פּאַסירט אויך אין די גאַסן פֿון וואָלאָמין, אויפֿן וואָקזאַל, אין די צוגן. עס זענען געווען טעג, ווען עס איז געווען אַ געפֿאַר פֿאַר אַ ייִד מיט אַ באָרד און פּאות צו באַווייַזן זיך אין גאַס.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה מיט דער רויטער אַרמיי איז די דאָזיקע פּורענות נאָך שווערער געוואָרן. די אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע אין מיליטער איז אָנגעגאַנגען פֿראַנק־און־פֿרײַ און האָט געהאַט פֿאַר אַ ציל פֿאַרצושטעלן דעם רוסישן באָלשעוויק ווי אַ ייִד אָדער געשיקט און געהעצט דורך די ייִדן. טראָצקי איז געוואָרן דער סימבאָל פֿונעם רוסישן קאָמוניזם. די פּױלישע זעלנער, וועלכע זענען דורכגעגאַנגען וואָלאָמין, האָבן פֿונאַנדערגעשפּרייט קאַריקאַטורן פֿון טראָצקין, אַ מעפּיסטאָ, וואָס זיצט אויף אַ קופּע קעפּ און שמייכלט סאַרקאַסטיש, מיט זעלבסט־צופֿרידנקייט. אין וואָלאָמין האָט, ווי אין אַ סך אַנדערע שטעט אָפּגעקלונגען דאָס דערשיסן דעם פּלאָצקער רב אַלס שפּיאָן.

## בלבולים

ווידער האָבן צווישן דער פּוילישער באַפֿעלקערונג אין וואָלאָמין אָנגעהויבן אַרומקרייזן מעשיות וועגן ייִדן, וואָס פֿאַרבינדן זיך מיטן שונא דורך אונטער־ערדישע טעלעפֿאָנען און גיבן איבער מיליטערישע סודות. ווידער האָט מען אויס־געטראַכט בלבולים וועגן ייִדישע פֿאַרעטער און וועגן דער פֿרייד, מיט וועלכער ייִדן האָבן אויפֿגענומען די ידיעה, אַז די רויטע אַרמיי פֿאַרנעמט גאַנץ פּוילן און קומט אַריין קיין וואָלאָמין. די פּוילישע ראַטמענער האָבן זיך נאָך באַמיט צו האַלטן לייטיש און האָבן אין מיין קעגנוואַרט נישט איבערגעחזרט די בלבולים. דאָך האָב איך געפֿילט די פּאָגראָם־שטימונג. עס האָט זיך געשאַפֿן אַ פּסיכאָלאָגיע פֿון המון, וואָס איז גרייט אויף אַלץ: ראַבעווען, ברענען, מאָרדן. זיי האָבן דאָך געוווּסט, אַז אין אַנדערע שטעטלעך טוט מען עס.

אין יענע טעג האָב איך זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון וועגן דער גרויסער געפֿאַר. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן מיר געראָטן, כ'זאָל זיך נישט צופֿיל אָנגאַזשירן, בעסער בלייבן עטלעכע וואָכן אין וואַרשע. אין דער גרויסער שטאָט, האָבן זיי געמיינט, איז די געפֿאַר קלענער. אָבער איך האָב געפֿילט, אַז מיין אָנוועזנהייט אין וואָלאָמין איז נייטיק און כהאָב זיך באַמיט וואָס מער צו פֿאַר־ברענגען מיט די פֿירער פֿון דער פּוילישער געזעלשאַפֿט און אַרויספֿירן די שמועסן אויף דער לאַגע פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג. אין אָנהייב איז עס זיי געווען פּיינלעך צו זאָגן מיר אָפֿן וואָס זיי טראַכטן וועגן ייִדן, אָבער ביסלעכווייַז האָבן

זיי געעפנט די מיילער און גערעדט וועגן אויסגלייכן חשבונות. כ׳האָב זיך אויפ־מערקזאַם צוגעהערט צו די פֿאַרשידענע וואַריאַנטן פון קאָלעקטיווער רכילות און רשעות. פון ביטול און חוזק זענען זיי אַריבער צו כעס און דראָונגען.

זייערע רייד זענען פֿאַר מיר נישט געווען קיין איבעראַשונג און כ׳האָב נישט פֿאַרלוירן מיין גלייכגעוויכט, נאָר רואיק און באַהערשט זיי אויפגעוויזן, אַז דער עצם געדאַנק פון סטעמפּלען אַ פֿאָלק ווי פֿאַרעטער און מאָראַליש מינדער־וויכטיק איז הפקרות. אָבער אויך אַסך ערלעכע מענטשן גיבן זיך נישט אָפּ קיין חשבון ווי ווייט זיי זינדיקן מיט אַזעלכע אומגעלומפּערטע גענעראַליזאַציעס. ווען איך האָב אַנגעהויבן אויסרעכענען די נעמען פון די וואלאמינער יידן, וועלכע אַלע האָבן געקענט ווי ערלעכע און איידעלע מענטשן, האָט ווער געפּרוווט זיך פֿאַרופן אויף ביאַליסטאָק, אויף אַנדערע שטעטלעך אין ווייס־רוסלאַנד, ווו יידן זאָלן האָבן געשאָסן אויף פּוילישע זעלנער, געגאָסן הייס וואַסער פון די דעכער אויף דעם אָפּטרעטנדיקן פּוילישן מיליטער.

קאָלעקטיווע רכילות און קאָלעקטיווע רשעות איז ממש געוואָרן די קללה פון יענער צייט. קאָלעקטיווע רשעים האָבן געדאַרפט האָבן אַ קאָלעקטיוון שונא. דאָס גאַנצע יידישע פֿאָלק איז שולדיק געווען אין די מפּלות פון פּוילישן מיליטער. האָס איז מאָראַלישער כוליגאַניזם, און כוליגאַניזם איז אין דער ערשטער ריי געוואַנדן קעגן בעסערן מענטש, קעגן שוואַכערן קאָלעקטיוו. אויב אַ פֿאָלק שאַפט אַ קולט פֿאַר אַזאַ מין כוליגאַניזם הויבט זיך דערמיט אָן זיין ירידה, מעג זיין לאַנד זיין ווי גרויס און שטאַרק.

אַט־די געדאַנקען האָב איך אַרויסגעזאָגט פֿאַר מיינע פּוילישע מיטשמועסער, צווישן וועלכע עס זענען געווען אויך פֿאַרביסענע ענדעקעס, און זיי האָבן אַראָפּ־געלאָזט די קעפּ. עמעץ פון זיי האָט געפּרוווט זאָגן דאָס באַקאַנטע אַנטיסעמיטישע ווערטל: „ווען אַלע יידן וואָלטן געווען אַזעלכע ווי דו, וואָלט"... כ׳האָב זיי אויפגעקלערט ווי פּיינלעך עס איז צו הערן אַזעלכע רייד פון מענטשן מיט העכערע בילדונג, מיט אָפענע אויגן, וואָס זעען דאָס לעבן פון זייערע יידישע שכנים, וועלכע ווילן אַנטיילנעמען מיט אַלע זייערע כוחות אין דער מלחמה קעגן געמיינ־זאַמען שונא. אין וואַרשע האָט די יידישע אַקאַדעמישע יוגנט פרייוויליק געוואָלט אַריינטרעטן אין דער פּוילישער אַרמיי, אָבער די פּויזנער פּולקן האָבן געמאָלדן, אַז זיי וועלן נישט קעמפן צוזאַמען מיט די יידן, וועלכע זיי האַלטן פֿאַר קאָמוניסטן און שונאים פון פּוילן.

## דיסקרימינאַציע

דער זיכערהייטס־מצב פון די יידן אין די ערשטע יאָרן פון נייעם פּוילן איז געווען גאָר שלעכט. אין סיים האָבן די יידישע פֿאָרשטייער בראש מיט יצחק

גרינבוים געפירט אַן אומאויפהערלעכן געראַנגל קעגן דער אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק פון דער רעגירונג. נאָכן נצחון איבער דער רויטער אַרמיי איז דער אַנטיסעמיטיזם אַביסל אָפּגעשוואַכט געוואָרן, די טעראָר־אַקציעס פון מיליטער און פון המון זענען געוואָרן זעלטענער. עס איז אָבער נישט געענדערט געוואָרן די אַלגעמיינע ליניע. די אַנטיסעמיטן האָבן ווייטער אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט אַרויסצושטויסן יידן פון זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.

דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגעשפּיגלט, כאָטש אין אַ קלענערער פאָרם, אויך אין ווילנע. אויף די יידישע סוחרים זענען אַרויסגעלייגט געוואָרן שטייערן אין אַזאַ הויך, אַז זיי איז אוממעגלעך געווען צו צאָלן. די דיסקרימינאַציע איז געווען אַן אָפענע. ביים יידישן סוחר און קרעמער האָט מען אָפט דורכגעפירט רעוויזיעס, קאָנפיסקאַציעס און געשטעלט זיי אונטער די העכסטע קאַטעגאָריעס אויף צאָלן שטייערן.

די פוילישע באַאַמטע האָבן דאָס אַלץ געטון אונטערן מאַנטל פון מכלומרשטן געזעץ. אָפּגעבנדיק זיך אַ חשבון צו וועלכע קאַטאַסטראָפעס דאָס קען דערפירן האָב איך גענומען אינטענסיוו לערנען די געזעצן און אַדמיניסטראַטיווע פאָר־שריפטן, כדי כ'זאָל קאָנען קעמפן קעגן יעדן איבערשרייטן דאָס געזעץ מצד די באַאַמטע אין די פאַרשידנערליי מלוכהשע און מוניציפּאַלע אינסטיטוציעס. אין אַ סך פאַלן איז דאָס מיר געלונגען. אויב כ'האָב נישט געקענט באַוועגן זיי צו האַנדלען מיט מדת הרחמים, צו נעמען אין אַכט די נעבעכדיקע לאַגע פונעם יידישן סוחר, האָב איך געפאָדערט פון זיי צו האַלטן זיך שטרענג ביי די געזעצן און פאַרשריפטן. ווו עס זענען אָפט געווען פאַראַגראַפן, וועלכע האָבן געקענט אויסגענוצט ווערן לטובת די יידן, זיי זאָלן נישט ווערן באַהאַנדלט ערגער פון די קריסטלעכע סוחרים.

אין משך פון מיין אַרבעט אין ווילנער שטאָט־ראַט האָב איך זיך געהאַלטן ביי די פּרינציפּן און צילן, וואָס איך האָב זיך געשטעלט: קעמפן קעגן דיסקרימי־נאַציע פון די יידישע איינוווינער, קעגן נישט־גערעכטע שטייערן, פאַר אַנטקעגנ־קומען די באַדערפעניש פון דער יידישער באַפעלקערונג, פאַר שטיצן יידישע אינסטיטוציעס אין דער פּראָפּאָרץ, וואָס עס געניסן די פוילישע. כ'האָב פון אָנהויב אָן נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז מיין אַרבעט זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין שתדלנות. כ'האָב אין נאָמען פון די רעכט, וואָס די קאָנסטיטוציע האָט גאַראַנטירט פאַר די מינדערהייטן, געקעמפט קעגן יעדער עוולה באַזונדער און קעגן עוולות בכלל.

דער סיים און די פוילישע רעגירונג זענען געווען געצוווּנגען אַריינצופירן אין דער קאָנסטיטוציע פאַראַגראַפן, צו וועלכע עס האָט זיי פאַרפליכטעט דער שלום־אָפּמאַך. אָבער גלייכצייטיק האָבן זיי אַלץ געטון, אַז די אינטערפּרעטאַציע

אין דער פּראַקטיק זאָל די פּאַראַגראַפֿן פֿאַרוואַנדלען אין טויטע אותיות. אַזוי איז געשען מיטן וואַל־געזעץ, וואָס האָט נישט באַגרענעצט די רעכט פֿון די יידן, אָבער די וואַל־ראַיאָנען זענען אַזוי איינגעטיילט געוואָרן, אַז די יידן זאָלן נישט האָבן מער ווי פֿיר, פֿינף ערטער אין סיים. האָבן די יידן געשלאָסן אַ בלאָק מיט די אַנדערע מינדערהייטן, כּדי צו פֿאַרזיכערן זיך אַ גרעסערע פֿאַרשטייערשאַפֿט אין איינקלאַנג מיט זייער צאָל אין לאַנד. האָט זיך עס ביי דער פּוילישער באַפֿעל־קערונג אין וואַלאַמין אָפּגעשלאָגן מיט ברוגז און שׂנאה. „איר האָט ווידער באַוויזן, אַז איר זייט אונדזערע שׂונאים" — האָט צו מיר געזאָגט מאַרקאָווסקי ווען די פּרעסע האָט פֿאַרעפֿנטלעכט דעם אָפּמאַך. נאָך פֿאַרשאַרפֿטער איז געוואָרן דער ברוגז ווען דער בלאָק האָט ביי די ערשטע וואַלן צום פּוילישן פּרעזידענט אונטערשטיצט די לינקע פּאַרטייען. אין רעזולטאַט דערפֿון איז אויסגעוויילט געוואָרן נאַראַטאָוויטש, וועלכער איז שפּעטער דערמאָרדעט געוואָרן.

## יידיש לעבן — אַ דאָרן אין אויג פֿון די שׂונאי־ישׂראל

ווען איך האָב זיך אין יענע טעג באַוויזן אין נאַציאָנאַל־ראַט האָבן מיך די ענדעקישע ראַטמענער אויפֿגענומען מיט רוגזה און צאָרן, געשריגן, אַז עס איז אומדערלאָזבאַר, עס זאָל הערשן אין לאַנד אַ פּוילישע מינדערהייט, וואָס ווערט אונטערשטיצט דורך יידן. דאָס איז אַן אָנגריף אויף די העכערע אינטערעסן פֿונעם פּוילישן פֿאָלק.

„איר זייט בלינד פֿון שׂנאה — האָב איך זיי געענטפֿערט — און איר זעט נישט ווי די שׂנאה שלאָגט אייך אַליין, שעדיקט די אינטערעסן פֿון לאַנד". מיינע אַרגומענטן האָב איך אילוסטרירט מיט פֿאַקטן סיי פֿון אונדזער שטאָט און סיי פֿון אַנדערע שטעט אין פּוילן, ווו יידן האָבן געהאָלפֿן אויפֿבויען דאָס לאַנד, די אינדוסטריע, די גאַנצע ווירטשאַפֿט.

אָבער אין יענע באַדינגונגען איז דער אַנטיסעמיטיזם געוואָרן אַ דעצידירנ־דיקער פֿאַקטאָר אין אַלע פֿראַגן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו יידן. אמת, אין די העכערע אינסטאַנצן האָט מען זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון פֿון דעם גרויסע שאָדן, וואָס דער אַנטיסעמיטיזם ברענגט סיי דער פּאָליטישער און סיי דער ווירטשאַפֿט־לעכער אַנטוויקלונג פֿון לאַנד. עס איז געווען אַ מאָמענט, ווען זיי האָבן אפֿילו געזוכט אַ וועג צו ברענגען צו עפּעס אַ מאָדוס וויוועדי מיט די יידן און זיי האָבן אָנגעהויבן פֿירן אונטערהאַנדלונגען מיט דער יידישער פֿאַרשטייערשאַפֿט אין סיים, אָבער זיי זענען נישט אימשטאַנד געווען צו האַלטן די קליינע פֿאַרזיכערונגען, וואָס זיי האָבן געגעבן. דאָס איז פֿאָרגעקומען אין די שפּעטערדיקע יאָרן. דערוויל

האָט דער אַנטיסעמיטיזם געבושעוועט אין אַלערליי פֿאָרמען און פֿאַרביטערט דאָס לעבן פֿון די יידן. מער נאָך ווי אין די גרעסערע שטעט האָבן עס אָפּגעפּילט די יידן אין די קלענערע שטעטלעך, וווּ יידיש לעבן איז געווען אַ דאָרן אין אויג פֿון די אַלערליי שונאי־ישראל.

צוזאַמען מיטן לערנען די געזעצן און פֿאַרשריפֿטן האָב איך געלערנט אויך די געשיכטע פֿון דער פּוילישער ווירטשאַפֿט און אין מיינע אַרויסטרעטונגען איז מיר אָפֿט אויסגעקומען צו ברענגען ביישפּילן פֿון דער געשיכטע. כ׳האָב אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט אויפֿצוקלערן דער פּוילישע אינטעליגענץ אין וואָלאָמין ווי ווייט פּוילן דאַרף זיין פֿאַראינטערעסירט אין די פֿעיקייטן פֿון די יידישע בירגער. אין 18־טן יאָרהונדערט איז פּוילן געווען דאָס אָפּגעשטאַנענסטע לאַנד אין אייראָפּע. אַן אויסנאַם זענען געווען יענע באַלקאַן־לענדער, וועלכע זענען געווען אונטער דער טערקישער הערשאַפֿט. פּוילן איז געווען אָפּגעשטאַנען אפילו אין דער באַציאונג צו רוסלאַנד, וואָס איז געווען אַ סך ווייטער פֿון צענטראַל־אייראָפּע. רוסלאַנד האָט ביים סוף פֿון 18־טן יאָרהונדערט שוין געהאַט אַן אייגענע אינדוסטרי און אַ באַדייטנדיקע שיכט אינדוסטריעלער בורזשואַזיע און רייכע סוחרים. דער גרויס־סוחרישער קלאַס האָט באַדייטנדיק אויסגעברייטערט זיין טעטיקייט אין די דרום־ראַיאָנען, וועלכע רוסלאַנד האָט אָפּגענומען ביי די טערקן. אין דער זעלבער צייט איז פּוילן געזונקען אין אינערלעכע פּאָליטישע קאָנפֿליקטן, געליטן אַ מאָראַלישע און קולטורעלע ירידה, געוואָרן אָפּגעשוואַכט אויך מיליטעריש, די אויפֿשטאַנדן פֿון די אוקראַינער האָבן זיך אָן אויפֿהער איבערגעחזרט זינט דעם אויפֿשטאַנד פֿון כמעלניצקי אינמיטן 17־טן יאָרהונדערט. איבער 85 פּראָצענט פֿון דער באַפֿעלקערונג אין פּוילן איז געווען באַשעפֿטיקט ביי לאַנדווירטשאַפֿט. נישט מער ווי אַן ערך 5 פּראָצענט זענען געווען באַשעפֿטיקט אין אינדוסטרי, האַנדל און מלאכה. די איבעריקע 10 פּראָצענט זענען באַשטאַנען פֿון מיליטער, באַאַמטע און קלער, שוין אָפּגערעדט פֿון דער גרויסער צאָלליידיקגייער, אַריסטאָקראַטן און בעטלער. דער סאַמע אָפּגעשטאַנענסטער ראַיאָן אין פּוילן איז געווען דער וואַרשעווער אין עקאָנאָמישער הינזיכט. דער סאַמע אַנטוויקלטסטער צווייג איז דאָ געווען די אַלקאָהאָל־פּראָדוקציע...

אין יענער תקופה איז וואָלאָמין נאָך געווען אַ דאָרף. דעמאָלט האָבן איבער 36 פּראָצענט פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג אין וואַרשעווער פּירשטנטום געוווינט אין די דערפֿער, פֿאַרנומען זיך מיט האַנדל, מיט בוי און וואַרשטאַטן. מלמדים און כליקודש זענען געווען נישט מער ווי צוויי פּראָצענט פֿון אַלע באַשעפֿטיקונגען. די לאַגע פֿון די פּויערים אויפֿן דאָרף און פֿון די אַרבעטער אין שטאָט איז געווען אַ קלאָגעדיקע. אין לאַנד האָבן געהערשט פֿעאָדאַלע לעבנס־

פאַרמעז, אַבער אנשטאָט צו באַפרייען זיך פון פעאָדאַלן רעזשים, געבן פרייהייט די שעפערישע כוחות אין לאַנד, אויסנוצן די יידישע ענערגיע, די יידישע דינאַמיק, די טאַלאַנטן און פאַרבינדונגען אין מערב־אייראָפּע, האָבן די פּאָליאַקן זיך פאַר־נומען מיט מלחמה קעגן... יידן.

„זענען דען נישט די יידן דער פּאָסיקסטער עלעמענט צו אַ בשותפותדיקן קאַמף פאַר פוילנס עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג?" — האָב איך געפרעגט די וואָלאָמינער ענדעקישע ראַטמענער און אויפגעוויזן זיי דעם גרויסן נוצן, וואָס יידן האָבן מיט זיך געברענגט אין דער תקופה פון אינדוסטריאַליזירן פוילן און שנעלן אַנטוויקלען דעם האַנדל אין 19־טן יאָרהונדערט. די עקאָנאָמיע האָט זיך דעמאָלט ווי אָפּגעריסן פון דער פּאָליטיק און כאָטש די יידן זענען נאָך דעמאָלט נישט געווען קיין בירגער מיט פולע רעכט, האָט עס זיי נישט געשטערט צו שטעלן זיך בראש פון די אינדוסטריעלע און פינאַנסיעלע אונטערנעמונגען, וואָס האָבן געשפּילט אַ צענטראַלע ראָל אין דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון גאַנץ קאָנגרעס־פּוילן. די יידן זענען געווען די ערשטע, וואָס האָבן געברענגט די איניציאַטיוו, דעם טאַלאַנט און אויך די אינטערנאַציאָנאַלע פאַרבינדונגען, וועלכע האָבן געהאָלפן מאָביליזירן דעם נויטיקן קאַפּיטאַל פאַרן אַנטוויקלען די ווירטשאַפט אין לאַנד.

„זעט וואָס די יידן האָבן געמאַכט פון וואַרשע — האָב איך אין אַ דיסקוסיע אויסגערופן צו די ענדעקעס — פון דער אָפּגעשטאַנענסטער שטאָט אין אייראָפּע איז זי געוואָרן איינע פון די שענסטע. ווער עס קען די פּוילישע געשיכטע ווייסט ווי גרויס עס איז געווען דער אַנטייל פון די יידן אין דער אַנטוויקלונג פון וואַרשע".

זיי האָבן געוווּסט דעם דאָזיקן אמת. זיי האָבן עס געזען אויך אין וואָלאָמין, אָבער די קנאה און שנאה איז געווען שטאַרקער פון דער לאָגיק. פּוילן איז נאָך דער מלחמה געווען שוואַך און אָרעם, און איז געשטאַנען פאַר ריזיקע אויפגאַבן. אין האָט זיך אַזוי שטאַרק געניוטיקט אין יידישער איניציאַטיוו.

## אַ היים אויף וויסטע פעלדער

אין יענער צייט האָבן אָנגעהויבן שטראָמען קיין פּוילן יידישע פּליטים פון אוקראַינע און צענטראַל־רוסלאַנד. דער גרעסטער שטראָם איז געפלאָסן קיין וואַרשע אָבער די שטאָט איז פאַר זיי געווען פאַרמאַכט. דער שטאָט־ראָט האָט מורא געהאַט פאַרן אָנפלייץ פון די יידישע פּליטים, כאָטש זיי זענען געווען נאָר טראַנזיט־פּאַסאַזשירן מיט דער דורכאויסיקער כוונה צו פאָרן ווייטער, ס'רוב קיין אַמעריקע און אין די דרום־אַמעריקאַנער לענדער.

די אָנפירער פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין וואַרשע האָבן

געפילט אויף זיך די אחריות פאַרן גורל פון די יידישע פליטים, אָבער נישט געקוקט אויף אַלע זייערע באַמיאונגען האָבן זיי נישט געקענט דורכברעכן די מויער פון שנאה. אויך אין די קלענערע שטעטלעך האָבן די ענדעקעס אין די נאַציאָנאַל־ראַטן קעגנגעשטעלט זיך דעם אַריינלאָזן יידישע פליטים פון רוסלאַנד.

קענענדיק די באַציאונגען אין וואָלאָמינער נאַציאָנאַל־ראַט האָבן די געזעל־שאַפטלעכע טוער פון וואַרשע זיך געוואָנדן צו מיר אונטערצונעמען אַן אַקציע אַריינצולאָזן די פליטים קיין וואָלאָמין.

איך בין גלייך צוגעטרעטן צום אונטערהאַנדלען מיט די ענדעקישע ראַט־מענער, מיינענדיק, אַז דער הויפט־ווידערשטאַנד וועט קומען פון זייער זייט. מאַרקאָווסקי, צו וועלכן איך האָב זיך געוואָנדן צומערשטן, ווייסנדיק, אַז ער האָט אַ גרויסע השפעה אויף זיינע חברים, האָט ווירקלעך אין אָנהויב מיט גרויס כעס זיך קעגנגעשטעלט מיין ווענדונג. זיינע ערשטע ווערטער זענען געווען:

„וואָס? די זשידאָ־קאָמונע פון רוסלאַנד פעלט אונדז נאָך דאָ?"

עס האָט אויסגעזען ווי כ'וואָלט געשטאַנען פאַר אַן אייזערנער מויער פון ענדעקישער שנאה צו יידן און באָלשעוויקעס, אַ מויער נישט צום דורכברעכן. עס איז געווען אַ מאָמענט ווען איך האָב שוין געוואָלט פון אים רעזיגנירן און זוכן פאַרשטענדעניש ביי אַנדערע ראַטמענער צו געווינען דורך זיי אַ מערהייט בעת דער אָפּשטימונג אין נאַציאָנאַל־ראַט, ווו איך האָב זיך געגרייט צו שטעלן דעם ענין אויפן טאָג־אָרדענונג. אונדזער שמועס האָט זיך ווייטער געצויגן. כ'האָב גערעדט וועגן גורל פון אייביקע וואַנדערער, וואָס קענען נישט געפינען קיין גאַסטפריינדלעכקייט אויף דער פוילישער ערד. נישט געקוקט דערויף, וואָס זיי אַנטלויפן פון קאָמוניסטישן צאַרן, שרייט מען זיי נאָך קאָמוניסטן, כאָטש זיי שטעלן מיט זיך פאָר די בעסטע פאַרבינדעטע אין קאַמף קעגן דער קאָמוניסטישער געפאַר, און זיי ווילן דאָך נישט מער ווי אַן אָרט ווו אָפּצורוען זיך, אַנטלויפנדיק פון אוקראַינישע רוצחים, אָננעמען כוחות, דערליידיקן די פאָרמאַליטעטן און ווייטער וואַנדערן, זוכן אַ ברעג, ווו צו פאַראַנקערן און בויען אַ היים אויף וויסטע פעלדער.

מיטאַמאָל האָב איך באַמערקט ווי עפּעס האָט זיך אַ ריר געטון אַ מוסקול אויף זיין מיליטערישן פנים. ער האָט אָבער נאָך אַלץ געשוויגן. איך האָב באַשלאָסן צו אַפּעלירן צו זיין פּראַקטישן חוש. דעמאָלט האָבן אין וואָלאָמין זיך געעפנט אַ סך קריסטלעכע געשעפטן פון שפּייז און פאַרשידענע אַנדערע אַרטיקלען, זיי האָבן גענאָסן פון פאַרשידענע פּריווילעגיעס. די ענדעקעס האָבן מיט אַלע מיטלען זיי אונטערגעשטיצט, געוואָלט מיט זיי אַרויסשטופן די יידישע קרעמער און סוחרים. דאָס איז זיי נישט געלונגען, ווייל דער קריסטלעכער סוחר האָט

נישט געקענט קאָנקורירן מיטן יידישן און די פּוילישע קונים האָבן בעסער געוואָלט קויפן פאַר ביליקערע פּרייזן ביים ייד. איך האָב פאַר אים געשילדערט די אויפלעבונג, וואָס אַזאַ מאַסע פּליטים וועלן אַריינברענגען אין האַנדל. זיי קומען נישט אויף איינצוואָרדענען זיך, נישט צו אַנטוויקלען אַ האַנדל, אָבער אין משך פון זייער אויפהאַלטן זיך בלייבן זיי קאָנסומענטן פון קליינעם סוחר און שטעלן מיט זיך פאָר אַן אוצר פאַר דער ווירטשאַפט אין שטעטל.

נאָך אַ לאַנגער דיסקוסיע, האָב איך ענדלעך באַקומען זיין הסכמה, אָבער ווען די פראַגע איז דיסקוטירט געוואָרן אין שטאָט־ראַט איז, צו מיין גרויסער שטוינונג, די קעגנערשאַפט געקומען דווקא מצד די סאָציאַליסטישע ראַטמענער פון פ.פ.ס. זייער קעגנערשאַפט אַריינצולאָזן פּליטים האָבן זיי מאָטיווירט מיט דער מורא פאַר אַ יקרות, וואָס וועט וואַקסן מיט אַזאַ גרויסן צושטראָם פון מענטשן.

זיי זענען אָבער געבליבן אין אַ מינדערהייט און מיט אַ מערהייט שטימען איז דורכגעגאַנגען דער באַשלוס אַריינצולאָזן די יידישע פּליטים קיין וואָלאָמין.

## יידישע פּליטים ברענגען אַריין ניי לעבן

עטלעכע טויזנט פּליטים זענען דעמאָלט אָנגעקומען קיין וואָלאָמין און די יידן האָבן זיי אויפגענומען מיט דער גרעסטער האַרציקייט. אַ סך זענען אַריין אין הייזער, וועלכע זענען פאַרלאָזט געוואָרן אין די מלחמה־יאָרן. אַנדערע האָבן די וואָלאָמינער יידן אַריינגענומען צו זיך אין די דירות, געטיילט זיך מיט זיי מיט די וווינונגען און געטון אַלץ צו פאַרלייכטערן זיי דאָס געפינען אַן אָפּרו.

עס איז געווען קלאָר, אַז דער אָפּרו איז נישט אויף קיין איינצלנע וואָכן אָדער חדשים. אַלע האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז דאָס קען דויערן יאָרן ביז זיי וועלן באַקומען די פּאַפּירן צו פאָרן ווייטער. מיר, די יידישע עסקנים אין וואָלאָמין, האָבן דערפאַר אַלץ געטון אַז עס זאָל זיך שאַפן אַרום זיי אַ גינסטיקע אַטמאָספער.

צווישן די פּליטים, וואָס זענען אָנגעקומען קיין וואָלאָמין, זענען געווען אַ סך אינטערעסאַנטע מענטשן, וועלכע האָבן שוין געהאַט הינטער זיך אַ לאַנגיאָריקן סטאַזש פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. געווען צווישן זיי אַזעלכע, וואָס האָבן אָנטיילגענומען אין קאַמף פאַר יידישער גלייכבאַרעכטיקונג אין צאַרישן רוסלאַנד, שפּעטער ביי די באָלשעוויקעס און זיי האָבן זייער אַרבעט געטון מיט מסירות־נפש.

דורך די עטלעכע יאָר, וואָס די דאָזיקע יידן זענען געווען אין וואָלאָמין, האָבן זיי אַריינגעברענגט אין שטעטל אַ סך לעבן. זייערע דערפאַרונגען זענען פאַר די יידישע כלל־טוער אין וואָלאָמין געווען זייער באַלערנדיק. מיר האָבן פון זיי

געלערנט לעבנס־חכמה, טאַקט און שווונג אויך אויפן געביט פון אויפלעבן די ווירטשאַפט אין אונדזער שטעטל.

נישט אַלעמענס נעמען זענען מיר געבליבן אין זכרון, אָבער אַ סך פון זייערע שמועסן, פון זייער שילדערן און דערציילן וועגן זייערע איבערלעבונגען און וועגן זייער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, געדענק איך נאָך היינט. איך, ווי אויך די אַנדערע עסקנים אין וואָלאָמין האָבן פון זיי אַ סך געלערנט. אַ פירנדיקער ציוניסט אין אַמאַליקן רוסלאַנד האָט מיר איבערגעגעבן וועגן אַ סצענע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף אַ באַראַטונג פון יידישע עסקנים באַלד נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע אין יאָר 1917: די ערשטע דעמאָקראַטישע רעגירונג האָט דעמאָלט אָפּגעשאַפט אַלע צאַרישע אויסנאַם־געזעצן און גזירות קעגן יידן. עס האָט אויסגעזען, אַז עס הויבט זיך אָן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אַ רואיקע צייט מיט אַלע מעגלעכקייטן פאַר אַ שעפעריש לעבן. אין דער דאָזיקער שטימונג האָט איינער פון די אָנטיילנעמער אין דער באַראַטונג זיך אָנגערופן: „איצט איז אונדזער אַרבעט פאַרענדיקט!” אָבער גלייך האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט איינער פון די רוסישע ציוניסטן און דערקלערט מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט: „פאַר אונדז הויבט זיך ערשט אָן די אַרבעט!”

די געזעלשאַפטלעכע טוער אין וואָלאָמין האָבן געוווּסט ווי גערעכט עס איז געווען יענער ציוניסטישער עסקן. די ציוניסטן זענען געווען די ערשטע קרבנות פון די ווייטערדיקע שטורמישע אַנטוויקלונגען. אין אָנהויב זענען די באָלשעוויקעס געווען פאַרנומען מיט זייערע אייגענע פּראָבלעמען און עס האָט אויסגעזען, אַז זיי טראַכטן נישט וועגן די ציוניסטן, אָבער גאָר גיך האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף קעגן דער יידישער קאָנטער־רעוואָלוציע און די אַטאַקע קעגן די ציוניסטן האָט זיך אָנגעהויבן איבער גאַנץ רוסלאַנד, אומעטום וווּ עס האָבן נאָר געוווינט יידן. דער גרעסטער צאָרן איז אויסגעגאָסן געוואָרן איבער די ציוניסטן אין מאָסקווע און קיעוו. דער קאָמיסאַריאַט פאַר נאַציאָנאַליטעטן־פראַגן, וואָס איז דאַן אָנגעפירט געוואָרן דורך סטאַלינען, האָט אַרויסגעגעבן אַ צירקולאַר, אין וועלכן העברעיש איז דערקלערט געוואָרן אַלס קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע שפּראַך. דער פאַרבאָט צו לערנען העברעיש איז חל־געווען אויף קינדער און דערוואַקסענע. עס האָבן זיך אָנגעהויבן סיסטעמאַטישע באַשולדיקונגען קעגן די ציוניסטן אין „קאָנטער־רעוואָלוציע” און אויך אין שפּיאָנאַזש פאַר ענגלאַנד. עס זענען דורכגעפירט געוואָרן רעוויזיעס און אַרעסטן. אין קיעווער גובערניע זענען פאַרמאַכט געוואָרן אַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. ציוניסטישע פירער זענען פאַרמשפּט געוואָרן אָן אַ פּראָצעס אויף לאַנגע יאָרן טורמע.

## פירער פון קאַמיטעט

איינער פון די אָנגעזעענסטע יידישע פּליטים, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין וואַלאַמין, איז געווען גרינבערג, וועלכער איז אין דער צייט פון קערענסקיס רעגירונג געווען ראש הקהל אין קיעוו. ווען איך טראַכט פון אים זע איך פאַר זיך אַ מענטש, וואָס האָט מעכטיק און דורותדיק געשטעקט אין געדיכטער יידישער טראַדיציע און גײַסטיקער טעטיקייט. ער האָט פאַרמאָגט אין זיך אַ סך יידישע חכמה און יידישן פאָלקלאָר. ער איז געווען ווי אָנגעמאָסטן אָנצופירן מיט דעם יידישן פּליטים־קאָמיטעט, וואָס מיר האָבן אָרגאַניזירט אין וואַלאַמין. אָבער נישט האָבנדיק קיין פּוילישע בירגערשאַפט, האָט ער נישט געקענט שטיין אין שפּיץ פון קיין שום אָרגאַניזאַציע. עס איז דערפאַר באַשלאָסן געוואָרן, אַז איך זאָל פיגורירן אָפיציעל אַלס פאָרזיצער פונעם קאַמיטעט. פאַקטיש איז ער געווען די נשמה פונעם גאַנצן קאַמיטעט. אגב זיין ברודער איז געווען, פון פרויס צד, אַ קרוב פונעם באַנקיר שערעשעווסקי און ער איז זיין גאַנץ לעבן געבליבן אין וואַלאַמין. זיין טאָכטער איז די באַרימטע זינגערין ווערע גרין.

מיין צוזאַמענאַרבעט מיט גרינבערגן איז פאַר מיר געווען אַן אוניווערזיטעט. זיין מוח איז תמיד געווען וואַך און אַקטיוו און ער איז געווען אַ גאַנצער ייד, אַ גאַנצער מענטש, באַוואָפנט מיט טויזנטער ביישפּילן ווי אַזוי אונדזערע עלטערן האָבן איבערגעלעבט צרות, רדיפות און גזירות, ווי אַזוי זיי האָבן געלעבט און געטראַכט. ער האָט גיך דערקענט אונדזערע פּוילישע שכנים, די באַזונדערע אופנים פון זייער לויערן אויפן ייד ווי בייזע וועלף אין דער נאַכט. ער האָט פאַרמאָגט אין זיך קאַמפס־גייסט, וואָס האָט אויסגעזען צו דרימלען אונטער די מחיהדיקע יידישע פאָלקסווערטער, וואָס האָבן אַראָפּגעשמעקט פון זיינע ליפּן. ער האָט אויף אַלץ רעאַגירט, האָט נישט קיין מורא געהאַט פאַרן לעבן. ער האָט זיך כל־ימיו העלדיש געשלאָגן מיטן לעבן, מיט די היסטאָרישע שונאים פון יידישן פאָלק, מיט די שווערע באַדינגונגען פון דער בלוטיקער רעוואָלוציע, מיט דער באָלשעוויסטישער שנאה צו יידישקייט און דערנאָך מיטן אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז געווען איינ־געוואַקסן אין פּוילישן פאָלק.

צווישן די ערשטע מיטאַרבעטער אינעם קאַמיטעט איז אויך געווען גאַרנשטיין, דער געוועזענער ראש־הקהל פון פּראָסקוראָוו, אַ ייד מיט אַן אָפענעם מוח, אָפּגעהיטן, מיט בטחון און מיט אַ וואַרעם יידיש האַרץ.

געווען צווישן די פּליטים נאָך אַנדערע טייערע יידן מיט אַן אַנטוויקלטן חוש פאַר גייסטיקער אַרבעט. ליידער געדענק איך נישט זייערע נעמען, אָבער דער אָנדענק פון זייער מסירות נפשדיקער איבערגעגעבנקייט איז מיר

געבליבן אויף שטענדיק אין זכרון. וואָס מער איך האָב דערקענט די הערצער, דאָס טראַכטן און די מעשים פֿון די מענטשן, אַלץ שטאַרקער האָב איך זיך צו זיי צוגעבונדן און די דאָזיקע צוגעבונדנקייט האָט באַפֿליגלט מיין אַרבעט און קאַמף, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו פֿירן פֿאַר זייער איינאָרדענען און פֿאַר שאַפֿן די נויטיקע אַטמאָספֿער פֿאַר זייער לעבן אין שטעטל.

שוין נאָך די ערשטע וואָכן פֿונעם אָנקומען פֿון די פּליטים, האָבן די פּפּ״סישע פֿאַרשטייער אין שטאָט־ראָט אַריינגעטראָגן אַ פֿאָדערונג צוריק אַרויסצושיקן די פּליטים. די פֿאָדערונג האָבן זיי מאָטיווירט מיטן יקרות, וואָס איז דורך דער צייט ווירקלעך געשטיגן. דער צופֿלוס פֿון טויזנטער מענטשן האָט אַרויסגערופֿן אַ מאַנגל אין פּראָדוקטן, אין אַרטיקלען פֿון ערשטן געברויך. די סוחרים האָבן דערפֿאַר באַלד אויפֿגעהויבן די פּרייזן און דאָס האָט זיך קודם כל אָפּגעשלאָגן אויף די אַרבעטער. עס איז דערפֿאַר געוואָרן אַן ערנסטע דראָונג, אַז אין שטעטל זאָל ווערן אומרואיק.

אמת איז, אַז אויך צווישן דער יידישער אָרעמקייט האָט מען אָנגעהויבן מורמלען און באַקלאָגן זיך צוליבן יקרות, אָבער באַלד נאָך די ערשטע שמועסן מיט זיי, האָבן אַלע גלייך אַרויסגעוויזן פֿאַרשטענדעניש און די טענות האָבן זיך גלייך איינגעשטילט.

## ערשטער קאָאָפּעראַטיוו

דאָך האָט מען געדאַרפֿט זוכן אַן עצה ווי אַזוי קעגנצווווירקן דעם יקרות. אויף אַ באַראַטונג פֿון פּליטים־קאָמיטעט איז גרינבערג אַרויסגעטרעטן מיט אַ פֿאָרשלאָג צו גרינדן אַ קאָאָפּעראַטיוו, וואָס זאָל זיך שטעלן קלענערע פֿאַרדינסטן און אַזוי אַרום דיקטירן די פּרייזן אויפֿן מאַרק, נישט דערלאָזן צום שטייגן פֿון די פּרייזן אויף קיין שום אַרטיקל פֿון ערשטן געברויך. זייענדיק אַן אָנהענגער פֿון קאָאָפּעראַציע איז מיר גרינבערגס פֿאָרשלאָג געווען נאָענט צום האַרצן.

באַשאַנקן מיט איניציאַטיוו און ענערגיע האָט גרינבערג, גלייך גענומען זיך צום רעאַליזירן דעם געדאַנק און נאָך אַ קורצער צייט האָט דער קאָאָפּעראַטיוו שוין געאַרבעט.

דאָס שטעטל האָט מיטאַמאָל ווי אויפֿגעלעבט. דאָס געלט האָט צוריק באַקומען זיין ווערט. עס האָט אויפֿגעהערט דאָס מורמלען און באַקלאָגן זיך פֿון די פּוילישע אַרבעטער און אָרעמען שטאַנד. דאַקעגן זענען אַרומגעגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ די פּוילישע אייגנטימער פֿון די שפּייז־קראָמען, וועלכע האָבן פֿאַר דער קורצער צייט באַוויזן צו מאַכן אַ פֿאַרמעגן, הויבנדיק אָן אויפֿהער די

פרייזן. איצט האָבן זיי געמוזט נאָכקומען די פרייזן, וואָס עס האָט דיקטירט דער קאָאָפּעראַטיוו. דערצו האָט דער קאָאָפּעראַטיוו דיספּאָנירט מיט אויסגעצייכנטער סחורה, וואָס האָט צוגעצויגן די קונים.

אין שטעטל האָט מען זיך גלייך דערקענט אויף דער גוטער קוואַליטעט פֿון די פּראָדוקטן און אויסגעצייכנטער באַהאַנדלונג. דער קאָאָפּעראַטיוו איז געוואַקסן אַלץ וואָס גרעסער עס איז געווען דער אומזאַץ, אַלץ גרינגער איז אים געווען צו קאָנקורירן מיט די פּרייזן.

דער פאַרדינסט פֿונעם קאָאָפּעראַטיוו איז געווען, וואָס אין וואָלאָמין איז דאָס לעבן געוואָרן גרינגער ווי אין דער נאָענטער גרויסער שטאָט וואַרשע.

וואַרשע איז דאַן געווען נישט בלויז אַ צענטער פֿון קליין־אינדוסטרי און וואַרשטאַטן, אין וועלכע עס האָבן געאַרבעט אַ סך יידן. אין דער זעלבער צייט איז וואַרשע געווען דער צענטער, דורך וועלכן עס איז דורך כמעט אַ העלפט פֿונעם האַנדלס־אומזאַץ פֿון גאַנץ קאָנגרעס־פּוילן. די גרויסע יידישע סוחרים האָבן באַשעפטיקט יידישע אַנגעשטעלטע, וועלכע זענען, פּונקט ווי די יידישע אַרבעטער, געווען שלעכט באַצאָלט, געווען אַ סך ביליקער פֿונעם פּוילישן אַרבעטער.

אַנדערש האָט עס אויסגעזען אין וואָלאָמין, ווו יידן האָבן געאַרבעט אין אַלע פאַבריקן און מען האָט זיך צו זיי באַצויגן גלייך ווי צו די פּוילישע אַרבעטער. מאָראַליש האָט ער גענאָסן פֿונעם פֿולן צוטרוי מצד די פאַבריקאַנטן.

אין וואַרשע איז מיר אָפט אויסגעקומען צו טרעפן זיך מיט פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן נישט גערן צוגענומען יידישע אַרבעטער און אָפט זיי אָפּגעזאָגט פֿון דער אַרבעט און אויף זייער אָרט צוגענומען פּוילישע. זיי האָבן געטענהט, אַז דער יידישער אַרבעטער איז צר־קלוג, רעכנט נאָך די רווחים פֿונעם פאַבריקאַנט און זוכט צו פאַרגרינגערן זיך די אַרבעט, פאַרגרעסערן זיינע אייגענע פאַרדינסטן אויפֿן חשבון פֿונעם באַלעבאָס, ווייזט נישט אַרויס קיין הכנעה. דאַקעגן דער קריסטלעכער אַרבעטער גיט דעם באַלעבאָס אָפּ כבוד נישט בלויז אין דער פאַבריק, ביי דער אַרבעט, נאָר אויך ווען ער טרעפט אים אין גאַס, בויגט זיך אין דרייען, אין דער צייט, ווען דער ייד זאָגט אפילו נישט קיין גוט־מאָרגן.

נישט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צו דענערווירן זיך, ווען איך האָב געהערט אַזעלכע רייד פֿון יידן. פֿון מיין דערפאַרונג אין וואָלאָמין האָב איך געקענט די יידן ווי אויסגעצייכנטע אַרבעטער. די יידישע פאַבריקאַנטן אין וואָלאָמין האָבן נישט געפאָדערט קיין הכנעה נישט פֿון זייערע יידישע און נישט פֿון די פּוילישע אַרבעטער. זיי האָבן אָבער גענאָסן פֿון כבוד און דאַנקבאַרקייט. די וואָלאָמינער יידן האָבן פאַרשטאַנען ווי אָפּצושאַצן דעם גרויסן פאַרדינסט פֿון

די יידישע פאַבריקאַנטן פאַרן אויפלעבן די אינדוסטרי אין שטעטל און העלפן שאַפן די פערספעקטיוו פון וווקס און אויפבלי.

ערגער איז געווען מיט די פוילישע אַרבעטער און מייסטער, וועלכע האָבן גאַנץ אָפט אַרויסגעוויזן זייער אַנטיסעמיטיזם, זייער אומווילן צו די יידישע אַרבעטס־קאָלעגן. די מייסטער האָבן נישט געוואָלט אויסלערנען יידישע אַרבעטער דאָס פאַך. מען האָט דעם מייסטער נישט געקענט צווינגען דערצו, ווייל ער איז אָפט געווען אַ גאַנצער מיוחס צוליבן מאַנגל אין ספּעציאַליסטן.

אַן ערנסטער ענין איז געווען דאָס אַרבעטן אום שבת. אָבער אין מיין צייט איז אין וואַלאָמין נישט געווען קיין איין ייד, וואָס זאָל אַרבעטן שבת אין דער פאַבריק. דער באַלעבאָס פון דער פאַבריק האָט אים נישט געמאַכט קיין שום שוועריקייטן. עס האָט זיך בלויז אָפּגעשלאָגן אויף דער קעשענע, ווייל עס זענען אים געבליבן נישט מער ווי פינף אַרבעטס־טעג.

דווקא דער שטראָם פּליטים, פאַר וועלכן די פוילישע באַפעלקערונג האָט אַזוי מורא געהאַט, האָט אַריינגעברענגט אַן אויפלעבונג. עס זענען צוגעקומען האַנדלס־פּלאַצוווקעס און וואַרשטאַטן, עס האָט זיך פאַרשטאַרקט די פאַרבינדונג מיט וואַרשע.

## רעסטאַווורירטע און נייע הייזער

אין יענער צייט זענען אין וואַלאָמין געווען אַ סך חורבות וואָס עס האָבן איבערגעלאָזט נאָך זיך סיי די דייטשן סיי די רוסן. מען האָט זיי רעמאָנטירט, רעסטאַווורירט און עס זענען צוגעקומען אַ סך נייע הייזער, וואָס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן דורך יידישע בוי־אונטערנעמער. עס האָט אויפגעוואַכט דער יידישער אונטערנעמונגס־גייסט. וואַלאָמין האָט זיך אויסגעצייכנט אויך מיט אַ וואַכנדיק געזעלשאַפטלעך לעבן. עס זענען געווען פאַרשידענע חברות און אינסטי־טוציעס פאַר העלפן נויטבאַדערפטיקע.

געווען אויך עטלעכע ציוניסטן, אָבער זיי האָבן אין דער ערשטער צייט נישט געפירט קיין אָרגאַניזירטע טעטיקייט. זיי האָבן נאָך געלעבט ווי אין דער תקופה פון „שיבת ציון", די ערשטע פאָרם פון דער מאָדערנער ציוניסטישער באַוועגונג, וואָס די „ליטוואַקעס" האָבן געברענגט קיין וואַרשע. געציילטע יידן אין וואַלאָמין האָבן געלייענט די „הצפירה", וואָס נחום סאָקאָלאָוו האָט רעדאַגירט. אין בית־המדרש איז אפילו געקומען צו אַ קאָנפליקט צווישן חסידים מיט עטלעכע בחורים, וואָס זענען געווען געכאַפּט אין ציוניזם.

אין יענער צייט האָב איך זיך אָפט באַגעגנט מיט יצחק גרינבוים, הארטמאַן, מיט ד"ר לעוויטע צייטלין און מיר האָבן אַ סך גערעדט וועגן אָרגאַניזירן די

ציוניסטישע טעטיקייט אין וואָלאָמין. אין מיין זכרון האָבן זיך איינגעקריצט זיינע ווערטער, אַז דער קאַמף פון פוילישן יידנטום איז פּאַקטיש אַ קאַמף פון צוריק־מאַרש, וואָס האָט נישט קיין אויסזיכטן צו זיגן און די הויפּט־אויפגאַבע איז נישט צו דערלאָזן דאָס צעטרעטן ווערן דורכן פוילישן אַנטיסעמיטיזם. די מלחמה פון די פוילישע יידן איז אַ ציוניסטישע מלחמה. אויב מיר ווילן שאַפן אַן אייגן סוווערן פאָטערלאַנד אין ארץ־ישראל, מוזן מיר פירן דעם קאַמף פונעם פוילישן יידנטום, וואָס איז דער גרעסטער יידישער קיבוץ אין אייראָפּע און דערפאַר דאַרפן מיר קעמפן פאַרן נאַציאָנאַלן שטאָלץ פון פוילישן ייד, נישט לאָזן זיך איינברעכן דורכן פוילישן אַנטיסעמיטיזם.

דעמאָלט בין איך צוגעטרעטן צום ממשותדיקן דורכפירן דאָס אָרגאַניזירן און צעמענטירן די ציוניסטיש־געשטימטע יידן אין וואָלאָמין, דערוואַקסענע און יוגנטלעכע. די אָרגאַניזאַציע האָט דאַן געטראָגן דעם נאָמען „תרבות”.

## ערשטע קהילה־וואַלן

אין יאָר 1925, ווען עס איז אַרויס די פאַראָרדענונג, אַז יידן דאַרפן דורכ־פירן וואַלן צו די קהילות, האָב איך באַקומען אָפיציעל די אינסטרוקציע פון יצחק גרינבוים צוצוטרעטן אָרגאַניזירן די וואַל־אַקציע אין וואָלאָמין מיטן ציל צו פאַרשטאַרקן די ציוניסטישע השפעה אין דער קהילה.

ווי אַ דיסציפּלינירטער מיטגליד האָב איך זיך גענומען צו דער אַרבעט מיט מיין גאַנצן יוגנטלעכן ברען און אידעאַליזם. אין דער צייט, וואָס אין וואַרשע איז דער ציוניזם שוין געווען אַ שטאַרקע, לעבעדיקע און ברויזנדיקע באַוועגונג, איז אונדזער אָרגאַניזאַציע אין וואָלאָמין געווען נאָך גענוג אָרעם. דער רוב פון דער יידישער באַפעלקירונג איז באַשטאַנען פון חסידים, פרומע יידן און בונדיסטן. דער ציוניזם איז פאַר זיי געווען אַ באַוועגונג, וואָס האָט רעוואָלטירט קעגן דערווירקלעכקייט, אין וועלכער זיי האָט זיך אויסגעוויזן צו זיין פאַראַנקערט. אמת, עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט דרך־ארץ און אפילו יראת הכבוד פאַר אונדזער רוף צו גאולה, צו גרויסע מעשים. זיי האָבן אָבער נישט געזען אין אונדז די קראַפט צו רעאַליזירן די מעשים און האָבן זיך דערפאַר געקלאַמערט אינעם אַלטן לעבנס־שטייגער.

אין וואָלאָמין איז דער לעבנס־שטייגער געווען אַן אָרטאָדאָקסישער. אַלץ, די גאַנצע אָנפירונג מיטן געזעלשאַפטלעכן לעבן, איז געווען אין די הענט פונעם רב און אַ גרופּע באַלעבאַטים, וואָס האָבן אים געהאָלפן פירן די ביכער. קיינער האָט זיי נישט קאָנטראָלירט און קיינעם האָט נישט אינטערעסירט ווי אַזוי עס ווערט געפירט די שטאָטישע באַלעבאַטישקייט.

זייענדיק פאַרנומען מיטן סוחרים־פאַריין, וואָס איך האָב געשאַפן, האָב איך זיך כמעט נישט אינטערעסירט מיט דער שטאָטישער באַלעבאַטישקייט. צום סוחרים־פאַראיין האָבן געהערט אויך די חסידישע יידן. אין דער פאַרוואַלטונג זענען געווען אָנגעזעענע באַלעבאַטים, ווי שפּיגלמאַן, דער אייגנטימער פון אַ גאַרבעריי, איטשע־מאיר מארקוספעלד, אַ האָלץ־סוחר און אַנדערע פון די גערער און אַלעקסאַנדרער חסידים, וואָס האָבן געהערט צו דער אגודת־ישראל. פון די מתנגדים און אומפּאַרטייאישע איז דער אָנגעזעענסטער געווען ר׳ נחמיה מאַנדל־בערג, אַ מוסטער פון ערלעכקייט און דערפאַר האָט מען זיך שטאַרק גערעכנט מיט זיין מיינונג. די גרעסטע השפּעה אין שטאָט האָבן געהאַט די גערער חסידים בראש מיט ר׳ משה גראַדזשיצקי. פון די אַלעקסאַנדרער חסידים — מאַטעס טייבלום.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די וואַל־אַקציע האָט מען, פאַרשטייט זיך, גערעדט אַ סך וועגן דעם אויך אין אונדזער סוחרים־פאַריין. מיר איז אויסגעקומען אויפצוקלערן די נויטווענדיקייט פון אַריינציען אין דער קהילה מענטשן מיט וועלטלעכער בילדונג, וואָס זאָלן זיין פעיק צו רעפּרעזענטירן אויך כלפּי־חוץ און די קהילה זאָל מיט זיך פאַרשטעלן אַ דיסציפּלינירטן כוח, וואָס זאָל אימשטאַנד זיין צו געשטאַלטיקן דאָס פּנים פון יידישן ישוב אין שטעטל.

קלאָר, אַז מיר איז געגאַנגען אין אַריינציען אַקטיווע ציוניסטן אין דער קהילה־אַרבעט, אָבער מיטאַמאָל איז צו מיר דערגאַנגען אַ קלאַנג, אַז אין בית־המדרש זענען אָנגעזעענע באַלעבאַטים אַרויס מיט דעם פאַרשלאַג אַרויסצושטעלן מיך אַלס קאַנדידאַט צו דער קהילה־פאַרוואַלטונג. זיי האָבן אין אָנהויב געהאַט קעגן זיך אַ גרויסן טייל פון די מתפללים, וועלכע האָבן זייער קעגנערשאַפט מאָטיווירט דערמיט, וואָס איך בין נישט קיין פרומער ייד, אַ מחלל־שבתניק.

מיינע אָנהענגער האָבן זיך אָבער נישט אונטערגעגעבן און געפאָדערט פון די קעגנער, זיי זאָלן ברענגען באַווייזן, אַז איך בין אַ מחלל־שבתניק. אַזעלכע באַווייזן האָט קיינער נישט געקענט ברענגען. קיינער האָט מיך קיינמאָל נישט געזען מחלל־שבת־זיין בפרהסיא. פון מיינע פריסטע יוגנט־יאָרן בין איך געווען אָפּגעהיטן נישט צו באַליידיקן קיינעמס רעליגיעזע געפילן.

דער קאַמף האָט זיך אָפּגעשפּילט הינטער מיינע פּלייצעס. קיינער האָט זיך צו מיר אָפיציעל נישט געוואָנדן. ערשט שפּעטער איז צו מיר דערגאַנגען דער גאַנצער פאַרלויף פון דער אויפגעברויזטער אַקציע, וואָס מיינע אָנהענגער האָבן געפירט אָן מיין וויסן. אַ דעלעגאַציע איז געפאָרן אויף אַ באַראַטונג צו הרב ר׳ איטשע־מאיר לעווין, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער פּאָליטיק פון די גערער. די גערער חסידים האָבן זיך באַראַטן מיט אים, צי זיי זאָלן מיך אַרויסשטעלן אַלס דאַזאָר, נישט געקוקט דערויף, וואָס איך בין אַ ציוניסט.

ר׳ יצחק־מאיר לעווין האָט, לויט ווי עס איז צו מיר דערגאַנגען, נישט געקענט דעצידירן צו געבן אַ דייטלעכע תשובה. פון איין זייט האָבן די חסידים אים פאַרגעשטעלט די נוצלעכקייט פון אויסוויילן מיך פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, פאַר די יידישע סוחרים. אָבער פון דער אַנדערער זייט איז אים שווער געווען צו געבן די דייטלעכע הסכמה אויסצוויילן אַ ציוניסט אין דער קהילה. ער האָט דערפאַר בלויז מרמז געווען: „זעט וואָס אַנדערע יידן טוען און טוט אַזוי ווי זיי״.

דאָס איז געווען אַ רמז, אַז מצד דעם רבינס הויף איז נישטאָ קיין שום מניעה אויסצוויילן מיך אַלס דאָזאָר אין דער וואַלאַמינער יידישער קהילה.

אַזוי זענען פאַרגעקומען די ערשטע וואַלן צו דער יידישער קהילה, די ערשטע אָרגאַניזירטע קהילה אין וואַלאָמין. צום ערשטן מאָל האָבן די וואַלאָמינער יידן זיך באַטייליקט אין אויסוויילן זייערע פאָרשטייער, פיר דאָזאָרעס און אַ פּרעזעס, וואָס זאָלן אָנפירן מיטן ווירטשאַפטלעכן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. די דאָזאָרעס האָבן מיט אַ מערהייט און הסכמה פון רב אויסגעוויילט מיך אַלס פּרעזעס.

אויף די צען טויזנט יידן, וואָס האָבן דעמאָלט געוווינט אין וואָלאָמין, זענען געווען אַן ערך דריי טויזנט וואָל־באַרעכטיקטע. אַלץ, וואָס עס איז פאָרגעקומען אינעם יידישן לעבן אין פּוילן, האָט געפונען אַ וואַרעמען אָפּקלאַנג אין וואָלאָמין, און עס איז נאָך צוגעקומען דער צופלוס פון די רוסישע יידן, דער רוב ענערגישע, איניציאַטיוופולע און אייגנאַרטיקן לעבנס־שטייגער, וואָס האָט צו געגעבן דעם שטעטל קאָלאָריט און דינאַמיק.

אַרום וואַלאָמין זענען פאַראַן אַ סך דערפער און אַ גרויסע דאָרפישע באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך בעת די מלחמה־יאָרן אויסגעהונגערט נאָך אַ מלבוש און אַ פּאָר שיך, ווי אויך אַנדערע אַרטיקלען. וואַלאָמינער יידן זענען דעריבער געוואָרן די צושטעלער פאַר דער פּויערישער באַפעלקערונג און אויך די אָפּנעמער פון אירע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן.

## ערשטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע

די ערשטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „תרבות״ האָט פיל מיטגעווירקט צו אַקטיוויזירן דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן צווישן די יידן אין וואַלאָמין. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קולטור־אַרבעט. יוגנט האָט געפירט הייסע וויכוחים איבער פּראָבלעמען פון ליטעראַטור און קולטור, איבער נאַציאָנאַלע פראַגן. עס זענען געקומען רעפערענטן פון וואַרשע, וועלכע האָבן געהאַלטן פאָרלעזונגען איבער טעמעס, וואָס האָבן פאַראינטערעסירט די יידישע יוגנט. עס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן קעסטל־אָוונטן, אויף וועלכע עס

זענען אויפגעטרעטן פּרעלעגענטן פון קרן היסוד, פון פאַרשידענע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. עס איז אויך געקומען ה' איינשטיין פון קרן היסוד אין וואַרשע.

נישט לייכט איז געווען דער אָנהויב פון דער טעטיקייט פון דער נייער קהילה. מיר האָבן געדונגען אַ לאָקאַל אין דער מקוה־גאַס און ביסלעכווייז אָנגעהויבן אַרומנעמען אַלע אַפּשניטן אינעם לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

די אַרבעט האָט זיך אַרויסגעוויזן פיל שווערער און קאָמפּליצירטער ווי מען האָט זיך געקענט פאָרשטעלן. עס איז דערפאַר אָנגענומען געוואָרן מיין פאָרשלאַג צוצוקאָאָפּטירן צו אונדזערע זיצונגען אַ ראַט פון נאָך צען מיטגלידער, וואָס זענען געוואָרן רעקאָמענדירט דורך די דאָזיקע. הגם זיי האָבן נישט געהאַט קיין שטים־רעכט, האָט זיך דאָך איינגעשטעלט אַן ענגע צוזאַמענאַרבעט. די צוקאָאָפּטירטע מיטגלידער פון ראַט האָבן אַרויסגעוויזן גרויסע אחריות און איבערגעגעבנקייט. בראש פונעם ראַט איז געשטאַנען: משה גראַדזשיצקי, מאַטעס טייבלום, שפּיגלמאַן און נחמיה מאַנדלבערג.

די נייע קהילה־פאַרוואַלטונג האָט געשענקט גרויס אויפמערקזאַמקייט פאַר די סאַניטאַרע ענינים. אויפן ערשטן אָרט איז געשטאַנען די מקווה, וועלכע מיר האָבן זיך אונטערגענומען צו רעקאָנסטרואירן און פאַרשענערן.

## די תלמוד־תורה

אַ וויכטיקער פּונקט איז אויך געווען די תלמוד־תורה, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט גאָלדוואַסער. ער איז אויך געווען איינער פון די פינף מלמדים אין יענער צייט. ווי איינער פון די צען צוקאָאָפּטירטע מיטגלידער פון ראַט, האָט גאָלדוואַסער פאַרשטאַנען ווי אַזוי אַוועקצושטעלן די באַזונדערע פּראָבלעמען, מיט וועלכע די תלמוד־תורה האָט זיך געראַנגלט און ער האָט זיך שטענדיק אָנגעטראָפן אויף אָפענע אויערן און גרייטקייט צו העלפן זיי לייזן. גאָלדוואַסערס טאָכטער לעבט אין ישראל.

די דאָזיקע גרייטקייט צו לייזן די פּראָבלעמען פון יידישן לעבן אין שטעטל האָט זיך אַרויסגעפילט אויך אויף די אַנדערע געביטן. עס האָט זיך איינגעשטעלט אַ צוזאַמענאַרבעט מיט די כלי־קודש. פאַרן רב און די שוחטים איז באַשטימט געוואָרן חודשלעכע שכירות. דער רב, ר' וואָלף בערגאַזען האָט זיך אָפט באַטייליקט אין אונדזערע זיצונגען און אַרויסגעוויזן פאַראינטערעסירונג מיט אונדזער אַרבעט ביים לייזן די פאַרשידענע פּראָבלעמען.

## לינת הצדק און ביקור־חולים

ווי אַלע יידישע שטעטלעך האָט וואָלאָמין אויך געהאַט אַ גאַנצע ריי חברות, וואָס האָבן געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ מין זעלבסטהילף. בראש פון

## א גרופע תלמידים פון „יסודי התורה"



**ללמוד וללמד, לשמור ולעשות ולקיים... באהבה**
אַליין לערנען, אַנדערע לערנען, אָפּהיטן די תורה און אַלץ טון באַהבה, מיט ליבע, און ליב האָבן קען מען נאָר ווען מען פילט און מען גלייבט, אַז אַלץ, וואָס מען פאָדערט פון אים, ער זאָל טון, איז אויך אין זיין אינטערעס, פאַר זיין פערזענלעכן נוצן דאַן קען ער אויך אַלץ טון, וואָס עס איז נייטיק פאַרן פאָלק.

די חברות זענען געשטאַנען עמך־יידן, וואָס האָבן אַריינגעלייגט אין זייער אַרבעט אַ סך האַרציקע וואַרעמקייט. אַזאַ איז געווען די חברה „לינת הצדק". די מיטגלידער פון דער חברה זענען געגאַנגען נעכטיקן צו קראַנקע און באַדינט זיי מיט אַלעם נויטיקן, אָנהויבנדיק פון אַ רעצעפּט ביז פּשוטע בעט־באַדינונג. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז אַ סך וואַלאַמינער יידן האָבן געוווינט אין קלאָגעדיקע דירות. דאָרט אַהין זענען געגאַנגען די מיטגלידער פון דער חברה, כדי צו טראָגן הילף פאַר קראַנקע.

אַ וואַרעמע הילפס־טעטיקייט האָבן אויך געפירט די חברות ביקור חולים, הכנסת כלה, הכנסת־אורחים. זייערע אָרגאַניזאַטאָרן און מיטגלידער זענען געווען פּשוטע מענטשן מיט וואַרעמע יידישע הערצער. זיי פלעגן אָפט קומען אין דער קהילה בעטן הילף פאַר אַנדערע, און כאָטש דער בודזשעט פון דער קהילה האָט נישט געטראָגן פאַר די אַלע ענינים, האָב איך דאָך געטון אַלץ אַקעגנצוקומען די אָרעמע מענטשן. איך האָב אויך דורכגעפירט אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג צוזאַמען מיט סובסידיעס פאַר אינסטיטוציעס אויך שטיצע פאַר אָרעמע יחידים.

אין פּרינציפּ האָט יעדער יידישער איינוווינער געדאַרפט צאָלן אַ באַזונדערן שטייער פאַר דער קהילה, אויך די, וואָס האָבן אַליין נישט געוווינט אין וואָלאָמין, נאָר געהאַט אין שטעטל אומבאַוועגלעכע פאַרמעגנס. די פאַרמעגלעכע האָבן טאַקע אַלע געצאָלט. דאַקעגן האָבן מיר באַפרייט פון יעדן אָפּצאָל די, וואָס זענען געווען באַקאַנט, אַז זיי פאַרדינען קוים אויף חיונה.

אין וואָלאָמין פלעגט מען געבן פיל צדקה אויף יידישע זאַכן, צאָלן אין יידישע חברות. עס פלעגן קומען מחברים, רבנים מיט זייערע חיבורים. קיינער איז נישט אַוועק מיט ליידיקע הענט.

## פאַבריקן און הוטעס

אין וואָלאָמין זענען געווען פאַבריקן און הוטעס, וואָס האָבן געהערט צו יידישע באַלעבאַטים און מיר האָבן אויף זיי אַרויפגעלייגט גרויסע שטייערן. על־פי־רוב האָבן זיי אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש פאַר אונדזערע באַדערפענישן און געצאָלט רעגולער. עס זענען אָבער אויך געווען פאַלן פון קעגנשטעלן זיך און נישט וועלן אויסטראָגן די פליכטן, וואָס די קהילה האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט. דעמאָלט איז מיר אויסגעקומען פּערזענלעך צו אינטערווענירן, רעדן צום געוויסן, פאַרשטעלן זיי די אחריות, וואָס ליגט אויף דער קהילה פאַרן אָקעגנקומען די באַדערפענישן פון דער באַפעלקערונג, און איך געדענק נישט קיין איין פאַל, אַז איך זאָל זיך אָנטרעפן אויף טויבע אויערן.

געווען אין וואָלאָמין אַ גלאָז־הוטע, וואָס האָט געהערט צו די שותפים: פלאַנצרייך און רינגלעוווסקי, וועמענס אמתער נאָמען איז גאָר געווען רינגלבלום. בעת דער מלחמה האָט ער געאַרבעט ביי מיר אַלס אַגענט. שפּעטער האָט ער זיך באַקענט מיט אַ פּוילישער גוווערנאַנטין. עס איז געווען אַ קעגנזייטיקע ליבע. ער האָט זיך געשמדט און האָט מיט איר חתונה־געהאַט. דער ענין האָט אים געלוינט. איר פאָטער איז געוואָרן דירעקטאָר פון מלוכהשן מאָנאָפּאָל און האָט זיין איידעם געגעבן די קאָנצעסיע אויף צוזשטעלן פלעשער פאַרן מאָנאָפּאָל.

צום דאָזיקן געשעפט פון איינקויפן פלעשער האָט רינגלבלום־רינגלעוווסקי צוגעצויגן אַלס שותף ישעיהו פלאַנצרייך. דאָס געשעפט איז גוט געגאַנגען. זיי האָבן געמאַכט אַ סך געלט און לסוף אָפּגעקויפט די גרויסע גלאָז־הוטע, וואָס איז געשטאַנען ליידיק. דערנאָך אויך אַנדערע הוטעס.

ביים אויפמאָנען די קהילה־שטייערן פון פלאַנצרייכן האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן אויף אַ שווער פּראָבלעם. זיין יערלעכער שטייער האָט באַטראָפן דריי טויזנט זלאָטעס און ער האָט געהאַלטן, אַז דאָס איז צופיל. צו די הוטעס איז אַ

שותף דער משומד רינגעלעווסקי, וועלכער געהערט נישט צו דער יידישער קהילה און דערפֿאַר פֿאַלט די גאַנצע סומע אויף זיין חשבון.

פלאנצרייך איז געווען דער דירעקטאָר און אייגנטימער פון דער גרויסער פֿאַבריק. ער, אַ געבוירענער אין ווילנע, דערצויגן אין מאָסקווע, האָט אין וואָלאָמין אָרגאַניזירט די גרויסע פֿאַבריק, נאָך פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה זענען זיי צוריק אַוועק קיין מאָסקווע. שפּעטער זענען זיי צוריקגעקומען און אַדאַנק אונדזער שמועס האָט ער אָנגעהויבן אַרויס־ווייזן אַ סך פֿאַרשטענדעניש פֿאַר געזעלשאַפטלעכע ענינים. די פֿאַרשטענדעניש איז נאָכמער פֿאַרשטאַרקט געוואָרן ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען די ציוניסטישע טעטיקייט.

זאלקין איז דעמאָלט געווען דער אייגנטימער פון דער גאַרבעריי, שפּיגלמאַן, ליפשיץ פון דער גרויסער צעגיעלניע און נאָך אַזעלכע, אויף וועלכע איך האָב אַרויפגעלייגט גרעסערע שטייערן, אויפגעקלערט זיי ווי גרויס עס איז זייער אויפגאַבע צו טראָגן דעם עול פֿאַר די באַדערפֿענישן פון דער יידישער קהילה.

פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז מיר נישט אָנגעקומען גרינג. אין אָנהויב האָב איך זיך אָנגעטראָפֿן אויף אַ ווידערשטאַנד, ווייל דאָס איז געווען אַ געװנוג גרויסע פֿאָדערונג ווי אַ צוגאָב צו די שטייערן פון דער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג, פון דער מלוכה. זייער קעגנשטעלן זיך איז פֿאַר מיר נישט געווען קיין איבעראַשונג, אָבער איך האָב זיך נישט אָפּגעשראָקן, אויפגעקלערט זיי ווי וויכטיק עס איז דאָס ענדיקן דעם בנין פֿאַר דער תלמוד־תורה, וואָס האָט געפֿאָדערט שיינע טויזנטער זלאָטעס.

פלאַנצרייכן האָב איך געווידמעט באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט. מיר איז געלונגען צו האָבן מיט אים אַ שפּראַך, ווייל איך האָב נאָך געקענט זיין פֿאָטער, געווען מיט זיי אין האַנדלס־באַציאונגען, ווען זיי האָבן נאָך געהאַט די גרויסע אונטערנעמונג פון אַלטע אייזנס, פון גוס, וואָס זיי האָבן צוגעשטעלט פֿאַר די גיסערייען, וועלכע זענען געגרינדעט געוואָרן נאָך אין 16־טן יאָר. זיי האָבן געהאָלפן דעם פֿאָטער ביים פירן די געשעפטן.

זיי זענען געווען די סאָלידסטע סוחרים פון וואַרשע פון גוסאייזן. און דווקא די סאָלידקייט האָט אים געהאָלפן שטייגן, ביז ער איז געוואָרן זייער רייך און אויפגעבויט די אונטערנעמונג צוזאַמען מיט רינגלעווסקין.

כ׳געדענק, מיר האָבן זיך אמאָל באַגעגנט אין צוג קיין וואַרשע. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אין וואַגאָן נעבן מיר און גענומען זיך באַקלאָגן, אַז עס איז נישט יושרדיק מצד דער קהילה־פֿאַרוואַלטונג, וואָס זי שטעלט אים אַזאַ גרויסן שטייער. ער האָט אַפּעלירט צום געפיל פֿאַר גערעכטיקייט און געבעטן אַריינגיין

אין זיין באַזונדערער לאַגע, וואָס זיין שותף דער משומד וויל נישט צאָלן פאַר דער יידישער קהילה.

כ'האָב אים געלאָזט אויסרעדן און גענומען אים געבן צו פאַרשטיין די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע פון דער יידישער קהילה אין וואָלאָמין, ווו עס געפינט זיך אַ גרויסע יידישע אָרעמקייט. דער שאַרפער און האַרטער אויסדרוק אויף זיין פנים האָט אָנגעהויבן ביסלעכווייז אָפּלאָזן. אַ גוטמוטיק פלעמל האָט זיך באַוויזן אין זיינע אויגן. כ'האָב דייטלעך געזען ווי עס צעשפילן זיך אין אים זיינע יידישע געפילן און עס שטאַרקט זיך אין אים דער נייגער צו די אויפטוען פון דער יידישער קהילה אין שטעטל. ער האָט מיר געשטעלט פראַגן און איך האָב אים געענטפערט, אויפגעקלערט, געשילדערט אים די אַרבעט אויף די באַזונדערע אָפּשניטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, דעם קאַמף מיטן שטייגנדיקן אַנטיסעמיטיזם און געראַנגל פאַר פיזישן און גייסטיקן קיום.

דער שמועס האָט זיך געצויגן אויך נאָך דעם ווי מיר זענען אַראָפּ פונעם צוג, אַרויס פון וואָקזאַל און געגאַנגען איבער די וואַרשעווער גאַסן. עס האָט אויסגעזען ווי דער ייִד, וואָס איז אַלע זיינע טעג און נעכט פאַרטון אין געשעפטן, אין יאָגן זיך נאָך פאַרדינסטן, האָט פלוצים געעפנט די אויגן און דערזען פאַר זיך אַן אַנדערע וועלט, אַ וועלט פון רוחניות, פון אַ העכערער ספערע, וואָס באַהאַלט אין זיך דעם כוח פון יידישן קיום.

ער האָט זיך מער נישט באַקלאָגט אויף דעם הויכן שטייער. זיינע אויגן האָבן אויפגעלויכטן ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז מיט זיין געלט העלפט ער פונאַנדערבויען די תלמוד־תורה און אַז אין איינעם פון די חדרים וועט ווערן אַריינגעמויערט אַ טאָוול, אויף וועלכן עס וועט זיין אויסגעקריצט זיין נאָמען, האָב איך געזען די גרויסע ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין אים. זיין צוזאָג צו העלפן האָט געקלונגען אויפריכטיק.

ער האָט זיין צוזאָג געהאַלטן. מיר איז אָפטמאָל אויסגעקומען צו דיסקוטירן מיט רייכע יידן איבער די חלומות פון חיבת ציון און איבער יידישע נאַציאָנאַלע געפילן. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן עס געהאַלטן פאַר געפערלעכע חלומות פאַר די יידן אין פוילן. אין די ערשטע צייטן פון פוילנס ווידערגעבורט האָבן אַ סך געמיינט, אַז אין לאַנד וועט הערשן דעמאָקראַטיע און טאָלעראַנץ. באַזונדערס די, וואָס עס איז זיי גוט געגאַנגען, זענען געוואָרן רייך און אַלע טויערן זענען פאַר זיי געווען אָפן.

דער פאַל מיט פלאַנצרייכן איז נישט דער איינציקער און ער שפיגלט אָפּ די באַדינגונגען, אין וועלכע אונדז איז אויסגעקומען צו בויען די תלמוד תורה. דאָס געזעץ איז געווען, אַז יעדער מיטגליד פון דער יידישער קהילה מוז צאָלן

עטאט. איך האָב זיך אָבער אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז אין וואָלאָמין זענען פאַראַן אַ סך יידן, וועלכע קענען נישט צאָלן. קלאָר, אַז איך האָב נישט געקענט נעמען אויף זיך דאָס באַשטימען די הויך פון די שטייערן און דערפאַר האָב איך צונויפגענומען דעם גאַנצן ראַט, אין וועלכן עס זענען אַריין פאָרשטייער פון אַלע שיכטן און זיי האָבן געקענט יעדן איינציקן איינוווינער, באַשטימט די מעגלעכקייטן פון יעדן באַזונדער, קלענערע און גרעסערע סומעס, פון וועלכע מיר וואָלטן אומשטאַנד געווען אויפצושטעלן אַ בודזשעט פון אַן ערנסטע קהילה.

דאָס אויפמאָנען די שטייערן האָב איך פאָרגעשלאָגן איבערצוגעבן דעם מלוכהשן באַאַמטן יאקוביאַן, וועלכער האָט אויפגעמאָנט סיי די מלוכהשע און סיי די שטאָטישע שטייערן. מיין פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרן, אָבער דעם באַאַמטן איז עס נישט גרינג אָנגעקומען אויפצומאָנען ביי עמך נאָך אַ צוגאָב צו די אַלע שטייערן. אַ סך יידן אין וואָלאָמין האָבן נישט געוווּסט, אַז דאָס צאָלן קהילה־שטייערן איז אַ מלוכהש געזעץ און זיי האָבן אָנהויב זיך אויסגעלאַכט פון די קהילה־פּאַפּירלעך. יאקוביאן האָט נישט געוווּסט קיין חכמות און ווער עס האָט נישט געצאָלט, האָט ער ביי אים צוגענומען די שבתדיקע לייכטערס אָדער אַנדערע זאַכן, וואָס ער האָט געפונען אין שטוב. פאַרשטייט זיך, אַז די ערשטע רעאַקציע פון די יידן איז געווען צו קומען צו לויפן צו מיר אין דער פאַבריק מיט אַ געוואַלט: „סטייטש, פאַרוואָס האָט מען ביי מיר צוגענומען די שבתדיקע לייכטער ?״

כ׳האָב זיך אָפּגעגעבן אַ קלאָרן חשבון, אַז דאָ קען עס קומען צו טראַגעדיעס און איך האָב גלייך פאַראָרדנט דעם מלוכהשן באַאַמטן, ער זאָל די יידן צוריק אָפּגעבן די קאָנפיסקירטע זאַכן. איך האָב זיך אָנגעהויבן נעענטער צו באַקענען מיט דער לאַגע פון באַזונדערע יידישע איינוווינער און געזען, אַז עס זענען ווירקלעך פאַראַן אַזעלכע, וואָס זענען בשום אופן נישט בכוח צו צאָלן דעם מינימאַלסטן שטייער. אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן האָט מיך געפרעגט: „פאַניע סיגאַלאָוו, וואָס זאָל איך טון, קויפן אַ פאָר שיכלעך פאַר מיינע קינדער, וואָס גייען באָרוועס אָדער באַצאָלן דעם שטייער ?״ מיין ענטפער איז געווען: „קויפט שיך פאַר די קינדער״.

באַלד דערויף האָב איך צונויפגערופן דעם ראַט, פאָרגעשטעלט פאַר זיי די לאַגע און פאָרגעוואָרפן זיי, אַז עס זענען נישט ריכטיק אָפּגעשאַצט געוואָרן די מעגלעכקייטן פון די שטייער־צאָלער. עס האָבן זיך דערהערט שטימען, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז מיין אָפּשאַצונג איז אַן איבערגעטריבענע, אַז די מענטשן וועלכע זענען געקומען צו מיר באַקלאָגן זיך, האָבן דאָך די מעגלעכקייט צו צאָלן דעם מינימאַלן שטייער.

## רעפאָרמען אין דער קהילה־אַדמיניסטראַציע

מיט דער צייט האָב איך איינגעזען, אַז עס דאַרפן דורכגעפירט ווערן רעפאָרמען אין דער סטרוקטור פון דער קהילה־אַדמיניסטראַציע. דער בוכהאַלטער פון דער קהילה קראָסוצקי איז געווען אַ שותף צו אַ מיל און איך האָב געהאַלטן, אַז אויף זיין אָרט קען קומען אַזאַ אַרבעטסלאָזער ייד ווי סאַפּירשטיין, אַ גוטער בוכהאַלטער. קראָסוצקי האָט אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש און ער האָט אָפּגעטראָטן זיין אָרט פאַר סאַפּירשטיינען.

ענלעכע אַזעלכע פאַלן זענען געווען אָפט אין שטעטל און זיי באַווייזן ווי ביי אַ גוטער צוזאַמענאַרבעט האָבן די וואָלאָמינער יידן אַרויסגעוויזן גרויס פאַרשטענדעניש פאַר די אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָדערונגען פון דער יידישער קהילה.

די דאָזיקע פאָדערונגען האָבן מיך געצוווּנגען צו ענדערן די סטרוקטור פון הכנסות פאַר דער קהילה. מיר איז געלונגען דורכצופירן דעם פּרינציפּ פון אויפזיכט איבער דער שחיטה, וועלכע האָט זיך אַרויסגעוויזן צו האָבן גענוגנדע הכנסות אויף צו דעקן די הוצאות פון די כלי־קודש. דאָס האָט באַדייטנדיק פאַרגרעסערט די הכנסות פון דער קהילה.

אויך דאָ האָב איך געדאַרפט דורכמאַכן קאָנפליקטן, קודם־כל מיט די קצבים. עס איז אפילו דערגאַנגען צו אַ פּראָצעס מיט אַ קצב פאַר אָנגרייפן מיך. עס האָט אים געדראָט אַ גרויסע שטראָף, אָבער אין געריכט האָב איך דערקלערט, אַז איך שענק אים דעם אָנגריף. די שמחה איז געווען גרויס, מען האָט געמאַכט אַ גרויסן קידוש און עס איז געוואָרן שלום צווישן דער קהילה און די קצבים און עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז גאָר אַ גרויסער פּראָצענט יידישע איינוווינער האָבן ווירקלעך געקענט באַפרייט ווערן פון צאָלן די קהילה־שטייערן און דאָך זאָל דערפון נישט ליידן דער בודזשעט.

עס איז אויפגעקומען די פראַגע פון אויפנעמען נאָך אַ מורה הוראה. אמת, אַז איך האָב זיך אין אָנהויב קעגנגעשטעלט. כ׳האָב מורא געהאַט, אַז עס זאָל נישט באַשווערן דעם בודזשעט. מיר איז קוים געלונגען דורכצופירן סובסידיעס פאַר פאַרשידענע קולטור־אויסגאַבן, וואָס עס האָבן געפירט ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, ווי אויך דער „בונד“, און זיי האָבן באַקומען אַ געוויסע שטיצע פון דער קהילה.

יידן אין וואָלאָמין, ווי אין אַנדערע שטעט אין פוילן, האָבן געלייגט גרויסע האָפענונגען אויפן נצחון פון פּילסודסקיס מיליטערישער איבערקערעניש, וואָס האָט ליקווידירט די מאַכט פון די ענדעקעס און זייערע פאַרבינדעטע, די פויערים פון רעכטן לאַגער. אָבער נאָכן נצחון האָבן זיך די געשעענישן אָנגעהויבן אַנטוויקלען אין גאָר אַן אַנדערער ריכטונג. פּילסודסקי אַליין האָט נישט געוואָלט ווערן קיין פּרעזידענט אויפן יסוד פון דער קאָנסטיטוציע. דער סיים איז נישט פונאַנדער־

געלאָזט געוואָרן. אַלס פּרעזידענט איז אויסגעוויילט געוואָרן פּראָפ׳ מאָשטשיצקי. פּרעמיער איז געוואָרן פּראָפעסאָר בארטעל. אין זיין פּראָגראַמאַטישער רעדע האָט ער, אמת, אַנגעזאָגט אַן ענדערונג אין דער באַציאונג צו די מינדערהייטן, פאַרזיכערט, אַז די רעגירונג וועט נישט אָנווענדן קיין אַנטיסעמיטישע מעטאָדן אין דערווירטשאַפט, ווייל דאָס איז שעדלעך פאַרן לאַנד. אַ סך יידן האָבן דערפאַר געזען אַן אָנזאָג אויף אַ נייער תקופה פאַר דער יידישער באַפעלקערונג.

אין די מיניסטעריומס און אַמטן האָבן גענומען בלאָזן מילדע ווינטעלעך פאַר יידן, וועלכע האָבן עס גלייך דערפילט אין טאָג־טעגלעכן לעבן. עס זענען טאַקע געווען דעמאָלט אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געוואָלט הערן פון ציוניזם. דאָס הייסט נישט, אַז זיי האָבן נישט ליב געהאַט ארץ־ישראל. וועלכער ייד האָט עס נישט ליב ציון? אָבער אפילו אין שווערע צייטן האָבן זיי געטראַכט מער פון אַמעריקע און אַנדערע לענדער. מיט אַקטיווער ליבשאַפט צו ארץ־ישראל האָט זיך אויסגעצייכנט די יוגנט.

די גוטע צייטן אין פוילן האָבן לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. דער אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט אייגנטלעך קיינמאָל נישט אויפגעהערט, האָט ווידער אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האָט זיך פאַרפעסטיקט אין די הויכשולן און זיך פונאַנדערגעשפּרייט איבער די שטעט און שטעטלעך, האָט אויך נישט אויסגעמיטן וואָלאָמין.

אין יענע טעג איז מיר אָפט אויסגעקומען צו באַגעגענען זיך מיט יצחק גרינבוים, וועלכער האָט אין סיים געפלעגט אַרויסטרעטן מיט שאַרפע רעדעס. אין פּריוואַטע שמועסן האָט ער פאָרויסגעזען נאָך שווערערע צייטן. ער האָט מיך געמונטערט און געמוטיקט צו פירן אין וואָלאָמין אַ ברייטע ציוניסטישע טעטיקייט, אין וועלכער ער האָט געזען דעם איינציקן וועג צו ראַטעווען דאָס יידישע פאָלק.

דאָס, וואָס וואָלאָמין איז געווען אַזוי נאָענט צו וואַרשע, ווירטשאַפטלעך און געזעלשאַפטלעך געקניפּט און געבונדן מיט דער הויפּט־שטאָט, האָט געהאַט זיינע פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע זייטן. וואָלאָמינער יידן זענען נישט געווען קליינשטעטלדיק, האָבן אין זייער טראַכטן און האַנדלען געהאַט עפּעס פונעם שווונג פון דער גרויסער שטאָט, אָבער גלייכצייטיק האָט מען אין וואָלאָמין גיך אָפּגעפילט יעדע פּאָליטישע ענדערונג און די מעטאָדן פון עקאָנאָמישן קאַמף קעגן יידן, וואָס האָט שפּעטער באַקומען די אָפענע באַשטעטיקונג פונעם פּרעמיער, דעם גענעראַל סקלאַדקאָווסקי, מיט זיין באַרימטן „אָווּשעם״־זאָג: „עקאָנאָמישע מלחמה קעגן יידן — אדרבה״.

יאַנואַר 1934 איז געשלאָסן געוואָרן דער אָפּמאַך צווישן פוילן און היטלעריסטישן דייטשלאַנד. נאָך פּילסודסקיס טויט אין יאָר 1935 האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט די דערנענטערונג צו היטלער־דייטשלאַנד. עס האָט נישט

לאַנג געדויערט און דאָס האָט זיך גאָר שטאַרק געלאָזט אָפּפילן אויף די יידן. די אַנטיסעמיטישע העצע האָט זיך פאַרשטאַרקט און די יידן אין וואָלאָמין האָבן גענומען דערפילן דעם ווירטשאַפטלעכן בויקאָט. יידן זענען פאַראָרעמט געוואָרן. די מיטלען פון דער קהילה זענען געוואָרן איינגעשרומפּן פון טאָג צו טאָג. אין דער לופט האָט מען דערפילט די שוועריקייט פון די טונקעלע וואָלקנס, וואָס האָבן זיך גענומען זאַמלען איבער די פּוילישע הימלען.

## ביים אָנהויב פון ציוניסטישער טעטיקייט

באַלד אין אָנהויב האָבן מיר געפירט געלט־אַקציעס פאַר קרן היסוד, און נישט געקוקט דערויף, וואָס מיר זענען געווען אַזאַ קליינע גרופּע ציוניסטן איז אונדז געלונגען צונויפצוזאַמלען גרויסע סומעס. קרן היסוד איז געווען איינע פון די וויכטיקסטע ציוניסטישע אַקציעס פון וואָלאָמין.

ענדלעך זענען מיר צוגעטרעטן אויפצושטעלן דעם תרבות־בנין, ביי וועלכן מיר האָבן מיט דער צייט איינגעאָרדנט אויך אַ מנין צום דאַווענען, געהאַט אַ חזן מיט אַ שיינער שטים, ממש אַ רעציטאַטאָר, ווו עס זענען אַריינגעקומען דאַווענען די רייכסטע יידן פון שטעטל, צווישן זיי אויך דימאַנט, זאַלקין דער אַדעסער און אַנדערע גבירים, וועלכע זענען געווען פאַרליבט אינעם דאַווענען און זינגען פונעם חזן. אין ימים־טובים האָבן די דאָזיקע גבירים מנדב געווען גרויסע נדבות אויף ציוניסטישע צוועקן.

אין די יום־טובים זענען געקומען צו אונדז דאַווענען אויך די פאַבריקאַנטן, וועלכע האָבן געוווינט אין וואַרשע און האָבן זייערע ווילעס געהאַט אין וואָלאָמין. דאָס זענען געווען פאַרגעשריטענע יידן, ראַזירטע, אויך אַזעלכע, וואָס האָבן אין געוויינלעכע שבתים און וואָכן־טעג בכלל נישט געדאַוונט.

אין די דרייסיקער יאָרן האָט זיך געשאַפן אין וואָלאָמין אַ הכשרה, אַדאַנק דעם וואָס איך האָב דערמעגלעכט די חלוצים און חלוצות אַרבעטן אין מיין גיסעריי. טייל האָבן געאַרבעט ביי פאַרשידענע אַנדערע אַרבעטן. דאָס האָט געהאַט אַ השפּעה אויך אויף בית־המדרש בחורים, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן צוגרייטן זיך צו פיזישער אַרבעט, כדי צו קענען עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

די אגודהניקעס זענען געקומען צו מיר מיט טענות, אַז איך מאַך קאַליע חסידישע בחורים. ביי מיין גאַנצער פאַרשטענדעניש פאַר די פרומע יידן איז מיר דאָך שווער געווען צו באַנעמען די דאָזיקע טענות. איינעם פון זיי האָב איך געענטפערט: „געדענקט, אַז עס וועט נאָך קומען אַ צייט, ווען איר וועט זיך דערמאָנען אין דער גרויסער אַרבעט, וואָס עס ווערט דאָ געטון פאַר ארץ־ישראל".

אַזוי איז געווען, ווען אין אַ צייט אַרום האָט מען אין וואָלאָמין גענומען

פילן די קאָמוניסטישע טעטיקייט, וואָס האָט אַריינגעצויגן אויך חסידישע בחורים. דאַקעגן האָבן אַרויסגעוויזן ווידערשטאַנדס־פעאיקייט קעגן די קאָמוניסטישע לאָזונגען די אַלע, וואָס זענען אַנגאַזשירט געוואָרן אין ציוניסטישע טעטיקייט. אַ גרויסער טייל פון זיי איז אַדאַנק דעם געבליבן לעבן, ווייל עס איז זיי געלונגען צו פאַרווירקלעכן זייער שטרעבונג עולה צו זיין קיין ישראל.

געווען אין וואָלאָמין אַ רייכער ייד, האַסמאַן, געהאַט אַ גרויס געשעפט. ווען מיר פלעגן קומען צו אים, ער זאָל זיך באַשטייערן פאַר קרן היסוד האָט ער אָפגעזאָגט, געטענהט: „די גוים וועלן מיך פירן קיין ארץ־ישראל!?"

דער סוף איז געווען, אַז זיין זון איז אַנטלאָפן פון שטוב, איז אַוועק אויף הכשרה און עולה געווען קיין ארץ־ישראל, ווו ער האָט געטון די שווערסטע אַרבעטן, ביים בויען שאָסייען, ביים פירן מיסט. היינט זענען אין תל־אביב און אין ירושלים פאַראַן שולן, שערי־צדק א.א. וועלכע זענען אויפגעבויט געוואָרן פון אסמאַנס שפענדונגען פאַר ארץ־ישראל און פאַרן קרן־קיימת.

פאַראַן אין ישראל חלוצים פון דער מעטאַל־אינדוסטריע, וועלכע האָבן זיך געלערנט דאָס פאַך אין מיין גיסעריי אין וואָלאָמין. ווען מיין גיסעריי איז אָפגעברענט געוואָרן און איך בין געוואָרן דירעקטאָר פון דימענטס מעטאַל־פאַבריק, האָב איך אויך אַריינגעצויגן יידישע בחורים צו דער אַרבעט אין דער פאַבריק. איך האָב זיי שפעטער באַגעגנט אין תל־אביב און אין חיפה, ווער אַלס אַרבעטער אין אַ פאַבריק און ווער אַלס אייגנטימער פון אייגענע מעטאַל־וואַרשטאַטן.

וויניק, ממש געציילטע זענען געבליבן לעבן פון דער שיינער יידישער קהילה אין וואָלאָמין. דער גרעסטער טייל פון זיי לעבט אין ישראל, זענען באַשעפטיקט אויף פאַרשידענע אָפשניטן פון האַנדל און אַרבעט און עס איז פאַר פיר אַ גרויסע סאַטיספאַקציע צו באַגעגענען זיך מיט זיי און דערפילן די אָפגעהיטענע אייגנאַרטיקייט פונעם וואָלאָמינער ייד, דאָס אָפהיטן דעם אָנדענק פון די קדושים.

היינט — נאָך יאָרן, בעת מיר זיצן אין אונדזער פאָטערלאַנד, שלאָגן וואָרצלען אין דער נייער ווירקלעכקייט, קערן מיר זיך אום צו די זכרונות פון אַמאָל מיט צער און ווייטאָג, אָבער מיט אומגעהויערער ליבע צו די אַלע געשטאַלטן, צו דער פאַרגאַנגענהייט, מעג זי זיין ביטער ווי זי איז געווען. די ביטערנישן זענען פאַר אונדז אויך אַזוי הייליק, ווי דאָס שיינע און דערהויבענע.



עקב סיגלוב (תל־אביב)

# שנות חיי בוולומין



בית הורי קבלתי חנוך יהודי לאומי, אך החברה בה חייתי, והאשה, אותה נשאתי, היו מתבוללות לגמרי. לא היתה לי הזדמנות להכיר את העם היהודי. רק בוולומין, בה התישבתי בשנת 1915, נתנה לי ההזדמנות הזאת.

וולומין דאז היתה עיירה קטנה, תושביה היהודיים היו או סוחרים קטנים או בעלי מלאכה — רובם חסידים.

ברכבת, בה נסעתי כמעט יום יום מורשה לוולומין, באתי במגע עם וולומי־נאים, בעיקר חסידים, אשר עשו עלי רושם מאד חיובי תודות להתפתחותם האינ־טלקטואלית, אופקיהם הרחבים ושכלם הישר. השיחות איתם נתנו לי הרבה חומר למחשבה.

נודע לי במשך הזמן שהיהודים הללו היו נוהגים להשכים בבוקר וללמוד גמרא עוד לפני התחלת עבודתם. הם היו מתמסרים ללמוד גמרא גם בשעות מאוחרות בלילה.

פעם אחת בלילה נזדמן לי לעבור על יד בית־הכנסת. לאזני הגיע נגון של גמרא. נכנסתי. על יד שני שולחנות גדולים ישבו כמה עשרות יהודים וספרי־גמרא פתוחים לפניהם. אחד היהודים (זה היה משה גרודז׳יצקי ז״ל) קרא בגמרא ונתן פרושים בענין מאד מסובך. המסקנה הסופית, אליה הגיע הפרשן, היתה כל כך הגיונית עד שעוררה בי התפעלות ממש.

פעם הקשבתי לויכוח בענין חוק מסובך. הפרשן היה יעקב מרגלית ז״ל. דעתי היום היא שלא כל עורך־דין היה מצליח „לפצח" את הבעיה ולהגיע למסקנה כל כך יפה והגיונית, כפי שעשה זאת יעקב מרגלית ז״ל.

הייתי נפגש גם עם פשוטי העם. הם לא סבלו מרגש נחיתות.

פעם, בקרון רכבת, נסעו יהודים וולומינאים. הם היו במצב רוח טוב ודברו בקול רם. באותו קרון נסעו גם פולנים נוצרים. הפולנים צחקו ליהודים והעליבו אותם בדבורים מאד גסים. היהודים לא ענו להם.

הפולנים ירדו מן הרכבת ואני שאלתי את היהודים: „מדוע לא עניתם להם?" יהודי קטן, בעל פנים עליזים (זה היה יענקלה הקטן), ענה: „המכיר אתה

את השיר: ‚הגוי הולך לבית מרזח׳? מה אפשר לצפות ממבקרי בתי מרזח ואיך אפשר להעלב מהם?״

התשובה הזאת שכנעה אותי, שאני יכול להתגאות בעמך ישראל. למדתי לאהוב ולהעריך אותו.

במשך הזמן הנוער היהודי, אשר עד כה לא היה מאורגן, התחיל להתארגן. קם ארגון ראשון בשם „תחיה״. נוסדה ספריה קטנה. לנוער ניתנה הזדמנות לבלות את הערב בויכוחים מענינים או בשירה או להקשיב להרצאות.

הארגון התפתח ובשנת 1918 הפך לארגון ציוני „חבצלת״. היתה לו כבר דירה עם אולם גדול.

נוסדו שעורי ערב ללמוד השפה העברית וגם גני ילדים. הנוער היה אוסף כסף עבור הקרן הקימת לישראל. כמה בעלי בתים היו תומכים בארגון הציוני תמיכה כספית. הציונות התחילה לחדור יותר ויותר לשכבות העם.

בשנת 1933 יסד „החלוץ״ קבוץ בוולומין. קיומו של הקבוץ נתאפשר תודות לעזרת הארגון הציוני ושל התושבים היהודים של העירה.

הקבוץ מצדו השפיע על הרבה וולומינאים, אשר הפכו לקבוצניקים.

בשנת 1936 היו בוולומין 15,000 תושב, מהם שליש יהודים. היהודים יסדו בוולומין בית־חרושת לזכוכית, להתכת מתכות, ללבנים והרבה בתי מלאכה.

מיהודים אלה לא נשאר זכר. הגרמנים רצחו אותם. השם ינקום דמם.



# החינוך היהודי



ר׳ חיים לויטה, סופר סת״ם
כתב ספרי־תורה לבתי־כנסת בוולומין ובאיזור וישיבת חכמי־לובלין

# יידישע
# דערציאונג

# החינוך היהודי



לדות היא מולדת! ואין כל הבדל היכן ראינוה, והיא הגרעין למרחב הגדול והיא נקודת טבורו של עולמנו. לכן גם אין פלא, שאנו כולנו נושאים בלבנו את עיר ילדותנו, בה תפס ה„חדר" מקום מרכזי, ממנו יצא מסענו הראשון. כמשכן שבימי משה, שהיה עשוי ללוות את ישראל בכל מסעיהם וחניותיהם, כן היה החדר עשוי להטלטל, וכן הסתגל לתנאי החיים של עם גולה, לטלטוליו ונדודיו. היסטוריה ארוכה לו, ראשיתו מימי הסופרים והתנאים עד הדורות האחרונים בין תפוצות היהודים. מפאת גזרתו הפשוטה ומערכת לימודיו המועטים יוכל להתכונן בכל עדה מישראל, בכל מקום בואם ושבתם, בכל עיר ועיירה הקטנה ביותר. כך היה החדר מכוון לאופי חייהם. אם נמצא אדם מוכשר לחנוך בניהם, מיד נטפלו אליו ההורים, והחדר היה על תלו. ויש שההורים באו אליו לבקש גם עצה, הוא הלא היה התורני הקרוב אל פשוטי העם ונהנים ממנו עצה. החדר היה בבית המלמד, בדירתו הפרטית. בעיקר, עניו שגרם לכך, שהצטמצם הוא וביתו במבשלות, למען קמץ בהוצאות, והיו כאן קלקולים גדולים: צרות הדירה, חוסר־אויר, ריח־המבשלות, כלי בית־הספר. בחדר היו שולחן וספסלים בלי משען. זמן הלימוד בחדר — כל היום כולו. תכליתו של החדר: ללמד תורה לילדי ישראל' החיים היו תורה והתורה היתה חיים. דעת התורה היתה דעת החיים ותכלית הלימודים של החדר היתה להקנות לילדים את ידיעות שעשו אותם ליהודים. חיי הקהילה עזרו לחדר למלא תפקידיו שהיו תפקידי הציבור. לימוד התורה והרבצת התורה, שתהא נחלתו של כל יחיד מישראל, היתה משאת נפשו של עמנו מאז ומעולם.

וזו היתה משאת־נפשו של כל יהודי בוולומין.

שמעון קאנץ

ק. שמעוני

# המלמדים,
# החדר ובית־המדרש



א הרי החינוך היהודי כהרי החינוך החילוני, אף כי חינוך זה אינו מדיר עצמו לא מן המושגים המוסריים שבמסורת ולא ממקורותיו. גם בבית הספר החילוני למדו תורה ונביאים, אלא שבהם, היום כמו אז, אין מושגי־המסורת מוגשים אלא במשמעות מושאלת, שלא כתפיסת אומריהם הראשונים, כצו אלהי או כהסתעפות ממנו, אלא כחובה אנושית כללית, כחובת היחיד כלפי הציבור וכסתם מידה יפה והגונה.

החדר היה ברובו לא קנין ציבורי, אלא קנין בעלים. המלמדים היו הבעלים, והחדר התנהג על חשבונם, הם שהספיקו כל צרכיו, שכר דירה וכל שאר הצטרכותו, שאמנם היתה מועטת. בדרג הנמוך של החדר, שבו הצטרך המלמד לעוזרים, היה הוא המממנם והמשלם שכרם. הוא היה איפוא בבחינת־מה קבלן.

כך היה גם בוולומין עד שבנו את המוסד שנקרא „תלמוד תורה". סדרי הכנסות הקהילה הכשירו את יסודו. החדר נעשה אז למוסד ציבורי. בהתחלה שמש ברובו רק לילדי העניים, תמך בהם גם בספרים ובשאר מכשירי־לימוד. תמיד היו כאלה שנמנעו משלוח אליו את ילדיהם, בבכרם את החדרים הפרטיים על־פני המוסד הציבורי, יען קוו לתוצאות טובות מהם מאשר ממנו.

למלמדים בתור שדרה מיוחדת בעם יש היסטוריה ארוכה מאוד, ותפקידים גדולים מלאו בתולדות הרוח בישראל. בין המלמדים בוולומין היו אנשי־מעשה וידע ליעץ. המלמד היה עוסק במצוות, נזקק לעני לעמוד לו בשעת דחקו. בכל היות מצבו הוא דחוק, לא מנע עצמו מלהיות נטפל למצוה כזו, והיה מעשה לצדקה, והילדים ראו את רבם עוסק במצוות.

כך היה המלמד בוולומין מופרש מן החיים, אלא נתון בתוך החברה, חלק ממנה, וממלא תפקיד בתוכה.

המלמד בעיירה היה ידיד הבית של ההורים, משתתף בשמחתם ובאבלם, לוקח חלק בכל מאורעות המשפחה, בשמחת נשואים ובשבוע הבן, ב„שלום זכר" ובליל שמורים, בפדיון הבן ובבר־מצוה, ובבית פשוט הוא היה המצוין בין הקרו־אים, תלמיד־חכם שבהם.

הרבה פעמים בשנה היה נכנס לבית ההורים. הלא הבחינה בשבת הצריכתו להיכנס לעתים קרובות.

וכן ביקר את הבית לעתים מזומנות: בפורים ובחנוכה, וברגלים, ובכל פעם נתקבל בסבר פנים יפות, נכנס בשיחה והטעים דבריו בפסוק או במשל, ותלמידו הרגיש הרגשה מהולה של קרבה וכבוד, של אויר החדר והחופש שבבית. עמד סמוך לרבו ונהנה.

מתוך כל אלה יקבל אפילו „כיבוד שבת ויום טוב" צורה אחרת, אף־על־פי שהיה מעין חובה.

ויש שמלמד זקן ידע גם ללחש על „עין הרע" והיה בקי בסגולות, ובתור ידיד־הבית לא היה מונע עצמו ומשמש בידיעותיו.

ב„חדר" הוולומינאי ישבו הילדים בשורה אחת, ולא בשתי שורות זו לפנים מזו, כמו בכרכים גדולים. מעלתו של סדר זה, שאין המלמד והילדים מרוחקים זה מזה, בשבתם אל שולחן אחד.

הספללים היו בלי משען. הילד נשען לשולחן שלפניו, וזה אולי גרם קצת להרגיל להתנועע בשעת לימוד, דבר הנהוג בישראל מזמן קדום, ולא נתפרש כל־צרכו.

הלימוד בחדר נחשב ל„זמנים". רגילים היו להכניס ילדים לחדר ל„זמן" אחד. כן היתה גם שכירת מלמד. „זמן" זהו המשך של ששה חדשים מחג הסוכות עד מועד הפסח, ומכאן לראש השנה.

בין הזמנים היו כחודש ימים חופש, זמן הקיץ כלה בראש־השנה, וזמן החורף החל אחר החג, ובפרוס הפסח פסק הלימוד כשבוע ימים לפני יום־טוב.

בעתים הללו המלמדים היו טרודים בסדור החדר לימים הבאים.

אמנם גם בין הזמנים לא היה חופש גמור, קצת למדו ענינים שהשעה גורמת.

זמן הלימוד בחדר — כל היום כולו.

הלא דין הוא זה „שיושב כל היום וקצת מן הלילה, כדי לחנכם ללמד ביום ובלילה".

הילדים השכימו ובאו בבוקר ואחרו לצאת בנשף. השעות הקבועות ללמוד היו מאחר התפילה בשחרית עד זמן מנחה בקיץ, ובחורף — שתים שלוש שעות בערב.

בחדר הגמרא יש שהקדימו ולמדו גם בהשכמה לפני התפילה.

הלימוד בערב החל בתחילת החורף ונמשך כל הזמן. היציאה מן החדר בלילה היתה שמחה לילדים.

כשהגיע החורף הכינו הילדים עששית של ניר או של זכוכית, ובכל לילה

יצאו מן החדר בחבורה, וכל ילד עששית בידו, שהתגאה והתפאר בה. לפעמים היה העוזר מלווה את הילדים מזוין במקל והילדים הלכו בשיחות על שדים ורוחות.

החדר בוולומין היה בית־ספר ליום, כלומר, ליום שלם. היו כאלה בהם הילדים לא הלכו לביתם לארוחת־צהרים. החיים דרשו תקנה זאת. אמותיהם עסוקות היו בחנויותיהן ובעבודתן גם־יחד, וטוב היה להן שהילדים לא יפריעון מעבודתן.

פת שחרית הביאו הילדים אתם, ואת ארוחת הצהרים הביא העוזר בסלו הגדול ולפעמים הביא גם לחם בין־הערבים.

בסדר הזה למדו כל הימים, מלבד ערב שבת אחרי הצהריים. יום החמישי ויום השישי היו ימי־חזרה.

שבתות וימים־טובים היו, כמובן, פנויים מלימוד, ובכל זאת למדו בשבת אחרי הצהרים שעה או שתיים שיעור של שבת, שהרי גם ההורים היו לומדים שיעור באותה שעה.

החדר היה כולו חלק של החיים היהודיים בעיירה, כסניף של בית המדרש, שבו למדו הגדולים.

המלמד היה אחד העם וכמעט אחד מבני־המשפחה.

הילדים חיו בתוך העדה כולה.

חיי הקהילה עזרו לחדר למלא תפקידיו שהיו תפקידי הציבור.

כל הלימודים נלמדו בנעימה: נגינה מיוחדת לחומש הנבדלת מנגינת הטעמים שבקריאת התורה; נגינה לנביאים, נגינה מיוחדת לתהילים ולכל אחת מחמש מגילות.

היו מלמדים שהתנהגו בשיטת הלימוד האינדיבידואלי. המלמד לא הורה את הכיתה, מלבד בשעת הרצאה, פעם או פעמיים בשבוע, אלא הורה תמיד רק ילד אחד, שקרא לפניו, וכך לימד ילד אחר ילד בהגיע תורו. הילדים האחרים היו מחויבים להקשיב, אבל באין קפידא נחו או עיינו על דעת עצמם. שעת חזרה מילאה מקום הפסקות, קראה לתלמידים לתור אחרי מחשבות ולהימסר לשקידה עצמית.

מובן שיש כאן אי־יכולת להורות כיתה שלמה, ומכאן כל חומר המשמעת, שהכבידה על הילדים, דוקא בחדרים טובים.

אולם מצד אחר הכיר המלמד את טיבו של כל ילד והסתגל אליו והתאים הסברתו לאחד הלומד. אף שלא מדעת ומרצון תפש את מהות התלמיד.

למלמד מעולה ולתלמיד משובח אין לך שיטה טובה ממנה, אולם מה יעשה החלש והרשלן שלא יחטא.

אופן־לימוד זה גרם למעט מספר ילדי הכיתה. התלמוד קבע בימיו עשרים וחמישה ילדים שעליהם אין להוסיף. כיתות הגמרא בחדר הוולומינאי לא הגיע מעולם למספר זה. כאן היו כעשרה או כשנים־עשר תלמידים המספר הרגיל.

להתחלת החומש בחדר־הדרדקים קדמה לפעמים חגיגה, שהיתה לחג־משפחה וגדלה עד לערך של מעשה סמלי רב של קבלת עול תורה וחובת יהדות.

החל החלו בחומש ויקרא.

לא שהחלו והמשיכו באמת בכך, אלא שנתקיים כאן מנהג ישן להתחלת הלימוד.

בשבת שחלה בה חגיגה, הוזמנו ובאו אורחים, קרובים ושכנים. ילדי החדר נתכנסו לראות בכבוד חברם. הלה נתקשט לכבוד היום בבגד חדש. האורחים הקטנים זכו בר־ביום לקבלת־פנים הגונה. הגדולים פינו להם מקום והגישו לפניהם מגדנות.

ואמנם בשבת זו החל הילד מפרשה ראשונה שבויקרא, ובה היתה חגיגה, אולם למחרת החל הילד בפרשת השבוע ונטפל ללמודי חומש בכיתה ראשונה.

אחר־כך: חומש עם פירוש רש״י וגם אותיות רש״י הקטנות והמוזרות.

בגלל מרווח הגילים היה נהוג ללמוד קבוצות. קבוצות ה„גדולים״, ה„קטנים״ וכו׳.

היו מלמדים שאצלם התמריץ המשכנע ביותר היתה הרצועה ואיך שהוא התקדמו בלימודים מי פחות ומי יותר.

מצוידים בלימודי־יסוד אלה עברו התלמידים למלמדים בדרגים יותר גבוהים. אצל ר׳ ברוך היו לומדים תורה וגם פרק בתלמוד. אצל ר׳ זושא, שהיה למדן חריף למדו סוגיות מסובכות עם פירושי תוספות, מהר״ם ומהרש״א ומפרשים אחרים.

המלמד ר׳ יהושע היה זה שעמד בראש הפירמידה הלימודית הזו. הוא היה קפדן מאוד ודרש הרבה מתלמידיו המעטים, כי רק בעלי כשרונות בולטים נתקבלו אצלו.

גם ר׳ בנימין עסק עם תלמידיו בסוגיות מיוחדות שבתלמוד והכניס אותם בסוד דעתם של פוסקים ומפרשים.

תארתי את החדר מצדו האוביקטיבי ובקוים כלליים ביותר. כדי לא להרחיב את היריעה של מאמר זה, התעלמתי במתכוון מן הצד הסוביקטיבי, מהאווירה ששרדה בתוך כותלי החדר, מהחויות האישיות של התלמידים, מהיחס בינם ובני משפחת המלמד. את כל זה השארתי לשאר בני־וולומין, שירחיבו את הדיבור על חוויותינו בימי הקיץ החמים ובערבי החורף הארוכים, עת היינו חוזרים מהערב עם פנסים שונים ומשונים; על כל התופעות של עליות וירידות, של עמידה ונפילה, של חלומות ותקוות.

למרות כל האכזבות אנו מלאים פליאה למוסד הזה שנקרא חדר ולמלמדים שלנו, כי יצאנו מבתי אולפנה אלה שלמים ברוחנו ומצוידים בידיעות יסוד לא מעטות שנתנו לנו הכשרה ורצון להרחיב אופקים ולהרבות דעת.



ישראל לעוויטא

# מיינע מלמדים

אַז כ'בין אַלט געוואָרן פינף יאָר איז אין שטוב געווען אַ גרויסע שמחה. די מאַמע האָט ספּעציעל אָפּגעבאַקן אַ קוכן, אַרויסגענומען אַ פלאַש ווישניאַק, וואָס זי האָט אַליין איינגעלייגט און דער טאַטע האָט מיך איינגעהילט אין זיין גרויסן טלית, געפירט אין חדר אַריין, צו ר' אברהם־יאָסל מלמד, אויף דער דלוגע־גאַס. די מאַמע האָט נישט פאַר־געסן מיטצונעמען אַביסל באַניעקערן, ניסלעך, צוקערלעך, ראָזשינקעס מיט מאַנדלען, כדי צו צעטיילן עס די אַנדערע ייִנגלעך אין חדר.

ביי די חדר־ייִנגלעך איז דאָס געווען אַ דאָפּלטע שמחה. קודם־כל האָט מען זיי געטיילט זיסוואַרג און דערביי האָט מען איבערגעריסן דאָס לערנען. מען האָט זיך געשפּילט אויפן הויף מיט קאַשטאַנעס און שטרולקעס.

דער מלמד האָט גלייך מיך אַוועקגענומען פון דער מאַמען מיטן טאַטן, אַוועקגעזעצט מיך נעבן זיך ביי אַ גרויסן אלף־בית און מיט זיין טייטל גענומען מיר ווייזן די אותיות געלערנט אלף־בית.

אזוי האָט זיך אָנגעהויבן מיין ערשט באַקענען זיך מיטן חדר, מיטן מלמד און מיט נייע חברים.

נאָכדעם ווי איך האָב געענדיקט ביי אים דאָס לערנען אלף־בית און עברי האָט מען מיך אַריינגעגעבן צו ר' יהושע יחזקאל מלמד, ווו איך האָב שוין אָנגע־הויבן לערנען חומש און רש"י. יעדעס איבערגיין פון איין חדר אין אַנדערן איז געווען באַגלייט מיט נייע איבערלעבענישן. אַזוי האָב איך געלערנט אויך ביי ר' ברוך־מאיר אָן אַ פוס, ביי ר' אברהם עסטערדינער, ביי וועמען איך האָב געלערנט גמרא, פּרק און תנ"ך. שפּעטער האָב איך געלערנט אויך ביי ר' פישעלע מלמד, דער אַלטער סופר פון לעשנע־גאַס. מיין לעצטער רבי איז געווען ר' זישע מלמד, ביי וועמען איך האָב געלערנט גמרא מיט תוספות. ביי אים האָב איך אויך געפייערט מיין בר־מצווה.

דערמאָנענדיק זיך די אַלע מלמדים, וועלכע האָבן אונדז געלערנט ליב האָבן נישט בלויז די תורה, נאָר אויך יעדן ייִד, שטייען מיר פאַר די אויגן זייערע געשטאַלטן, וואָס זענען געווען דורכגעדרונגען מיט אהבת ישראל. איך זע פאַר זיך אברהם עסטערדינער, וואָס האָט געהאַט זיין חדר אין יאַסקע סאַלטיס הויז. געווען אַ גרויסער אָרעמאַן, האָט נישט געהאַט אויף קיין קוילן צו באַהייצן זיין קליינע וווינונג. מען האָט דאָרט געציטערט פאַר קעלט. עס זענען געווען פאַלן, ווען מיר האָבן געזען אים אויפקלויבן די שטיקלעך ברויט, וואָס די קינדער האָבן איבערגעלאָזט.

אַ טראַגישע געשטאַלט איז געווען ר׳ ברוך־מאיר מלמד. נישט גענוג וואָס ער איז געווען אַ קאַלעקע, אַן אַ פוס און אַ גרויסער אָרעמאַן האָט נאָך גאָט אים געשטראָפט מיט אַ צערודערט ווייב, טובה־רבקה, וואָס האָט אים אָנגעטון גרויסע צרות. ער איז געווען אונדזער שכן און איז נישט איינמאָל אויסגעקומען צו ליידן פון איר. ביי אונדז האָט מען געזאָגט, אַז ר׳ ברוך־מאיר מלמד קומט אָפּ אויף דער וועלט און עס וועט אים דערפאַר זיין גוט אויף יענער וועלט.

מיר האָבן צוגעזען די געברענטע צרות, וואָס זיין ווייב האָט אים אָפּגעטון און מיר פלעגן אויף אים שטאַרק רחמנות האָבן. עס איז צו באַוווּנדערן, ווי ער האָט נאָך געהאַט דעם קאָפּ צו לערנען מיט די עטלעכע חדר־ייִנגלעך, וואָס מען האָט אים אָנגעטרויט.

רעדנדיק וועגן מיינע מלמדים זע איך פאַר מיינע אויגן אויך די חברים אין פאַרשידענע חדרים, טייערע און האַרציקע ייִנגלעך: יאַנקעלע דעם רב׳ס, אברהם איידלזאָן, מרדכי וויינברום, די זין פון שעפסל קצב, פונעם שוחט, פון פלאַטקאָווסקי. שפּעטער שוין גרעסערע בחורים: עזריאל פאָדבערגער, משה שטערן, שמואל פייגנבוים, שמאי בוים, דער רב׳ס זון א.א.וו.

## מיין מלמד ר׳ ברוך־מאיר

מיין ערשטער מלמד איז געווען ברוך־מאיר מיט איין פוס. געוווינט האָט ער אין אונדזער שכנות, אַ טיר ביי אַ טיר, ביי קאָווערן אין הויז. אַחוץ וואָס ער האָט געליטן פון די ייִנגלעך, וואָס ער האָט גערופן „שקצים״, האָט ער נאָך געהאַט אַ ווייב, טאָבע־רבקה, וואָס האָט אים אָנגעטון אַזעלכע געברענטע צרות, אַז ער איז שוין אָפּגעקומען אויף דער וועלט פאַר יעדער זינד. מיר, ייִנגלעך, האָבן אים אויך אָפּגעטאָן נישט ווייניק צרות. למשל, אויב מיר האָבן נישט געקענט די פרשה חומש, האָט ער אונדז מיט דער קוליע שטאַרק געשלאָגן, האָבן מיר אים פאַר כעס באַהאַלטן די קוליע אין דער צייט ווען ער איז איינגעשלאָפן ביים חומש.

## ר׳ אברהם אסטערדינער

מיין צווייטער מלמד איז געווען אברהם אסטערדינער, ביי יאָסקע סולטעס אין הויז אויף דלוגע גאַס.

געווען איז ער אַ גוטער מלמד. תנ״ך האָט ער זייער שיין געלערנט. עס איז מיר נאָך געבליבן דער טעם פון זיין האַרציקן אויסטייטשן די קאַפּיטלעך שמואל הנביא. די בעסערע קינדער פון שטאָט, די זין פונעם רב און שוחט, האָבן ביי אים געלערנט.

## ר׳ יהושע־יחזקאל און ר׳ זישע פריימאַן

נאָך גוטע מלמדים האָב איך געהאַט, למשל, אונדזער שכן ר׳ יהושע־יחזקאל מלמד, דאָרט האָבן שוין געלערנט גרויסע יינגלעך, גמרא־בחורים. מיין לעצטער מלמד, דאָרט האָבן שוין געלערנט גרויסע יינגלעך, גמרא־בחורים. מיין לעצטער תל־אביב). ענדיקנדיק זיין חדר האָבן מיר שוין געקענט זעלבשטענדיק לערנען אַ בלאַט גמרא.



### מכל מלמדי השכלתי

מה רבים המעשים שחלפו בעולמנו, ודמויות העיירה נחרתו בלבי לעד. דמויות מלמדי ומורי.

אתם, מלמדי היקרים, זקנתם ושבתם לעיני יחד עם סבי ואבי, ויחד איתם נרצחתם בידי זדים.

אולם מה שלימדתם אותי הרי שחדר לראשי וללבי, לעורי ולדמי, ונשאר שם. גירסא דינקותא.

למדתי מכם לא רק „חולין״, „בבא בתרא״ ועוד, אלא גם למלא את החיים תוכן, בלי אנוכיות, באורח יהודי טהור.

עד היום אני שומע אותכם, את קולכם המרקיע שמים חדשים, המגלה לפנינו תעלומות עולם; קולו של ה„רבי״, של ר׳ ברוך־מאיר ושל ר׳ אברהם אסטרדינר, של ר׳ יהושע־יחזקאל ושל ר׳ זושא פריימן. שונות היו דרכי־החינוך והלימוד של כל אחד מכם, ואז כולן היו קשות עלי, אולם כעת אני שומע איך הקול חדר אל לב כל ילד ברוך ומתינות, לוטף, מחמם ומסעיר.

כולכם השתדלתם לחנך אותנו בתורה וחכמה, ששומה עליהן ללכת שלובות־זרוע בכל דור ודור.

זכרכם לא ימוש מקרב לב תלמידיכם, המעטים שנשארו בחיים, שומרים על גחלת הזכרון, רושמים שמות וקורות ומקימים מצבות.

שמאי באום

# חדרים און מלמדים



איך פֿיל זיך נישט בכוח אַרומצורעדן אַלע חדרים און אַלע מלמדים, וואָס האָבן געלערנט מיט יידישע קינדער אין וואָלאָמין. דאָס איז אַ גאַלעריע פון געשטאַלטן און טיפּן, וואָס האָבן מיט זיך פאָר־געשטעלט אַ וויכטיקן טייל פון יידישן לעבן אין שטעטל. איך וויל נאַר אין קורצע ווערטער דערציילן וועגן די חדרים און מלמדים, ביי וועלכע איך האָב געלערנט פון מיינע פריסטע קינדער־יאָרן. די ז׳אָזיקע חדרים זענען געווען מיינע אוניווערזיטעטן, אין וועלכע איך האָב געלערנט פאַרשטיין די ערשטע כללים פון יידישקייט און מענטשלעכקייט. זאָלן מיינע געציילטע ווערטער זיין אַ מצבה פאַר די, וואָס האָבן די ערשטע איינגעפלאַנצט אין מיר דעם דרך־ארץ פאַרן יידישן גייסט, פאַרן געשריבענעם וואָרט, פאַר די הויכע מידות און גרויסע אידעאַלן פון די נביאים און חכמי־התלמוד. וואָס עלטער איך בין געוואָרן, אַלץ בעסער האָב איך פאַרשטאַנען און אָפּגעשאַצט דעם גרויסן ווערט פונעם לערנען, פון דער דערציאונג, וואָס מיר האָבן באַקומען אינעם חדר, ישיבה און בית־המדרש.

## ר׳ אברהם־וועלוול

ר׳ אברהם־וועלוול איז געווען מיין ערשטער רבי. כ׳בין קוים אַלט געוואָרן דריי יאָר ווען מען האָט מיך געברענגט צו אים אַן איינגעוויקלטן אין טלית און ער האָט מיך שוין אינעם ערשטן טאָג גענומען לערנען דעם אלף־בית.

ער האָט געוווינט מיט זיין משפחה אין צוויי קליינע צימערלעך, ממש ד׳ על ד׳. אין איינעם פון די דאָזיקע צימערלעך האָט ר׳ אברהם־וועלוול געפּראַוועט זיין דרדקי־מלמדות.

דעם ערשטן „ברוך הבא", וואָס איך האָב באַקומען ביי ר' אברהם־וועלוול איז געווען מיט די ווערטער: „ביי מיר, שמאַילע, ווערסטו קיין יחסן נישט זיין. זעץ זיך אַוועק און לערן זיין אַ ייד".

דאָס האָט ער בלויז געמאַכט דעם אָנשטעל פון אַ שטרענגן און בייזן. אין דער אמתן איז ער געווען אַ האַרציקער ייד. ער האָט אונדז, חלילה, נישט געשלאָגן אָדער פיזיש אָנגעגרירט. איצט ווייזט זיך מיר אויס, אַז ער איז אַליין אויך געווען עפּעס ווי אַ קליין יינגל, פאַרקליידט און פאַרשטעלט פאַר אַ זקן.

מיר האָבן פאַר אים געהאַט גרויס דרך־ארץ. דאָס לערנען „אלף־בית" און שפּעטער „עברי" איז נישט געפאַלן שווער אויפן קליינוואַרג, האָט נישט פאַרשאַפט קיין יסורים. פאַר יעדן יום־טוב האָט ער אונדז דערציילט דעם מיין און באַדייטונג פון דער שמחה, די אור־אַלטע העלדישע געשיכטע פון יידישן פאָלק.

## ר' אברהם סטאַרדינער

נאָך צוויי יאָר לערנען ביי ר' אברהם־וועלוול בין איך איבערגעגאַנגען אין חדר פון ר' אברהם סטאַרדינער. אַזוי האָט מען אים גערופן ווייל ער האָט געשטאַמט פון שטעטל סטאַרדין. זעלטן ווער עס האָט געוווסט זיין פאַמיליע־נאָמען.

אין זכרון איז מיר געבליבן זיין געשטאַלט, אַ הויכער און שמאַלער, מיט אַ לאַנגער באָרד און לאַנגער קאַפּאָטע. ער איז געווען אַ כעסן און מען פלעגט נישט איינמאָל פילן זיין שטאַרקע האַנט. דאָס האָט אונדז אָבער נישט אָפּגעהאַלטן פון איבערקערן דאָס בית־המדרש און אָפּטון כל־מיני שטיקלעך.

הגם איך בין ביי אים געווען פּריווילעגירט, ווי דעם גבירס זון, האָט זיך אָבער ביי מיר גאַנץ אָפט דאָס האַרץ געקורטשעט פון צער צוקוקנדיק ווי אַנדערע קינדער כאַפּן אַריין קלעפּ פון זיינע ביינערדיקע הענט. דער קאַנטשיק איז ביי אים תמיד גרייט געווען מקיים־פּסק־צו־זיין די ווידערשפּעניקע יינגלעך, וועלכע האָבן פאַר אים מורא געהאַט אימת־מוות. די טאַטעס האָבן עס געוווּסט און גאַנץ אָפט האָט עס זיי הנאה־געטון דעם מלמדס שטרענגקייט. זיי האָבן געזען אין דעם אַ גוט מיטל פאַרן דערציען און אָנלערנען זייערע קינדער, אַז זיי זאָלן ווערן מענטשן... ווען אַזאַ טאַטע האָט זיך ביי אים נאָכגעפרעגט ווי עס פירט זיך אויף זיין זון, האָט ער באַקומען דעם ענטפער:

„כ'האָב אים שוין גענומען אויף דער קאַפּיטע..."

דאָס האָט געהייסן, אַז דאָס אָרעמע יינגל האָט שוין דערפילט דעם טעם פון זיין קאַנטשיק און דאָס איז געווען די גאַראַנטיע, אַז נישט געזאָרגט, ער וועט שוין זיין אַ לייט...

## ר׳ שיע־כאסקל

נאָכן ענדיקן דעם „זמן״ ביי ר׳ אברהם סטאַרדינער האָט מען מיך איבער־געפירט צו ר׳ שיע־כאסקלען, וועלכער האָט שוין געלערנט אַ שיעור גמרא. ביי אים האָבן מיר אויך באַקומען די ערשטע לעקציעס שרייבן יידישע אותיות און צונויפשטעלן אַ בריוול.

זיין חדר איז באַשטאַנען פון איין־איינציקן צימער, ווו עס האָבן זיך געפונען דער שלאָף־חדר, די קיך און עס־צימער. דאָ האָט ר׳ שיע־כאסקל געקנעלט מיט אונדז דעם „שנים אוחזין בטלית״. ער האָט פונעם גאַנצן האַרצן געוואָלט פון אונדז מאַכן מענטשן, געוואָלט מיר זאָלן אי קאָנען לערנען, אי קאָנען שרייבן און האָבן אַ שיין כתב. אין שטעטל האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַ קענער. מען האָט געזאָגט, אַז ער האָט געהאַט אַ ידיעה אין תשבורת, ער וואָלט געקענט זיין אַ בוכהאַלטער, ווען דאָס שטיקעלע מזל זאָל אים נאָר דינען.

## ר׳ בנימין שוחט

אַזוי האָט מען אים גערופן און קיינעם האָט נישט אינטערעסירט זיין פאַמיליע־נאָמען. ווייזט אויס, אַז פון שחיטה האָט ער נישט געקענט האָבן קיין פרנסה און זיך געמוזט נעמען צו מלמדות. אויך פון דעם האָט ער נישט געלעקט קיין האָניק. די נויט און דחקות האָט אַרויסגעקוקט פון יעדן ווינקל.

## ר׳ זושע מלמד

ער איז געווען פאַרעכנט פאַר אַ גוטן מלמד. מען האָט אים אַראָפּגעברענגט פון דער „יסודי התורה״ אין אַן אַנדער שטעטל, און לערנען ביי אים איז געווען אַ כבוד. ביי אים אין חדר זענען געווען תלמידים מיט שאַרפע קעפלעך. ר׳ זושען האָט פאַרשאַפט גרויס הנאה זעענדיק ווי זיינע תלמידים זענען תופס דעם שיעור, וואָס ער האָט געלערנט, אָבער די תלמידים פלעגן אים אָנטון צרות, אָפּטון כלערליי שפיצלעך.

עס פלעגט טרעפן, אַז ער האָט אינמיטן שיעור איינגעדרימלט, אונטער־געשפאַרט מיט די הענט דעם קאָפּ, וואָס האָט כמעט אָנגערירט דעם טיש. מיר פלעגן דאַן נעמען אַ ליכט, צעגיסן דעם חלב און צוגעקלעפּט דערמיט זיין באָרד צום טיש. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער נישט געקענט אויפהויבן דעם קאָפּ. די יסורים זענען געווען טאָפּלטע: אי עס האָט אים וויי־געטון דאָס אָפּרייסן די באָרד פונעם טיש, אי די חרפה, פאַרוואָס זיינע תלמידים האָבן פאַרלוירן דעם דרך־ארץ פאַר זייער רבין, וואָס לערנט זיי תורה און וויל פון זיי מאַכן גרויסע און גוטע יידן.

די קונדסישע שטיק האָבן אים אָבער נישט אַרויסגענומען פון די כלים און ער האָט ווייטער געלערנט מיט גרויס איבערגעגעבנקייט און ליבשאַפט.

## ר׳ אברהם־ברוך

אַ שטילער און אַן ערלעכער ייד, וועלכן מען האָט אַראָפּגעבראַנגט פון אַן אַנדער שטעטל. אַליין האָט ער געגעסן „טעג״. ביי אונדז האָט ער געגעסן זונטיק, ווייל פאַר מיין מאַמען איז עס געווען אַ פרייער טאָג, די געשעפטן זענען געשלאָסן און עס איז דאָ מער צייט צו באַדינען אַן אורח. שבת האָט ער געגעסן ביי שעפּסל קצב, וועמענס זון איז אויך געווען זיין תלמיד און ער האָט טאַקע געגעסן ביי אים געוויסע פּריווילעגיעס, האָט אים נישט אָנגערירט אפילו ווען ער האָט זיך פאַר־זינדיקט, אין דער צייט, וואָס אַנדערע האָבן פאַר אַזעלכע זינד דערפילט זייער שווערע האַנט.

## ר׳ יהושע מלמד

ער שטייט מיר פאַר די אויגן ווי אַמאָל מיט צענדליקער יאָרן צוריק, ווען איך האָב ביי אים געלערנט. די עלטערן, וואָס האָבן געוואָלט, אַז זייער זון זאָל אויסוואַקסן אַ לערנער, האָבן זייער קינד געשיקט לערנען צו ר׳ יהושע מלמד.

געבראַנגט צום מלמדות האָבן אים ביי אַ זעקס משפּחות, וואָס זענען געווען דורכגעדרונגען מיטן באַגער צו געבן אַ גוטן מלמד פאַר זייערע זין. ביז דעמאָלט האָט ער זיך פאַרנומען מיט פירן פלייש און האָט דערפון געצויגן חיונה. די יידן האָבן אָבער געוווּסט, אַז ער איז אַ גרויסער למדן און אַ גוטער בעל־מסביר, האָבן זיי זיך געוואָנדן צו אים, ער זאָל אָוועקוואַרפן דאָס פירן פלייש און זיך נעמען צו מלמדות.

ר׳ יהושע האָט טאַקע אָנגעהויבן לערנען אינגאַנצן מיט זעקס תלמידים. חוץ דעם שיעור גמרא מיט אַ חריפותדיקן פּלפּול האָט ער אונדז אויך געלערנט חסידות, אויפגעקלערט דעם חסידישן דרך און דערציילט חסידישע מעשיות. ער פלעגט זאָגן, אַז ווען אפילו אַ ייד טייטשט אויס אַ פּסוק אַנדערש ווי דער פּשט איז, און אויב ער האָט נאָר דערביי ערלעכע כוונות, איז עס פּונקט אַזוי חשוב ווי דאָס תורה־לערנען פון אַ גרויסן למדן.

יומם ולילה פלעגט ר׳ יהושע זיצן על התורה ועל העבודה און פאַרלאַנגט אויך די זעלבע התנהגות פון אונדז, זיינע תלמידים. זייענדיק ווייט פון פניות האָט ער נישט געמאַכט קיין אויסנאַם צווישן איין תלמיד און דעם אַנדערן. אגב, האָבן אונדזערע טאַטעס ווי געהעריק אָפּגעשאַצט זיין אַרבעט, צו וועלכער ער האָט זיך באַצויגן ווי צו אַן עבודה, און מען האָט אים געצאָלט אַ הויכן שכר־לימוד.

ווען כ׳בין געוואָרן בר־מצווה, האָט ר׳ יהושע מיר צוגעהאָלפן צוגרייטן דאָס פשטל צו דער דרשה, וואָס איך האָב געדאַרפט האַלטן אויף דער סעודה. כ׳געדענק ווי היינט ווי דאָס פנים האָט ביי אים געגליט, ווי אָנגעצונדן פון היץ, ווען ער האָט דערמאָנט דעם מאָמר חז״ל, אַז יעדן טאָג זיצט הקדוש־ברוך־הוא אויפן כסא המשפט און ווען ער זעט, אַז די וועלט איז כולו חייב, שטעלט ער זיך אויף פונעם כסא־הדין און זעצט זיך אַוועק אויפן כסא־הרחמים, און ער האָט צוגעגעבן, ווען די וועלט וואָלט זיך נוהג געווען נאָר מיט מידת־הדין, וואָלט זי נישט געהאָט קיין קיום אפילו איין טאָג.

אַ סך יאָרן זענען פאַרביי זינט ר׳ יהושע מלמד האָט מיט מיר געלערנט ווי גרויס עס איז די מידה פון רחמנות און אויף אַלע מיינע וועגן האָבן מיך באַגלייט זיינע ווערטער און די התלהבות, מיט וועלכער ער האָט זיי געזאָגט.

ביזן היינטיקן טאָג קלינגען מיר אין די אויערן זיינע הייסע רייד:

„דעת, רחמים און תפארת זענען די מדרגות, אויף וועלכע דער מענטש איז עולה צו די העכסטע הייכן. דעת מיינט לימוד התורה אָן זייטיקע פניות; רחמים — נישט באַוולהן קיין שום מענטש, שאַנעווען דעם אַנדערנס כבוד, פאַרמעגן און געזונט און ברענגען ממשותדיקע הילף יעדן נויטבאַדערפטיקן; תפארת הייסט אויסזען תפארתדיק, איינפירן ריינקייט, סדר, שיינקייט אין לבוש, נישט רעדן קיין דברים בטלים, נישט מאַכן קיין פוסטע געשרייען, נישט קריגן זיך״.

פון די פריסטע קינדער־יאָרן האָבן מיר דערפילט די קדושה פון רחמים. מיר האָבן זיך כמעט יעדע וואָך אַרויסגעלאָזט זאַמלען געלט און זאַכן פאַר אָרעמע, פאַר נויטבאַדערפטיקע קראַנקע, בעיקר פאַר באַהאַלטענע אָרעמע לייט.

ר׳ יהושע האָט אונדז געלערנט די אידעען פון חסידות און איבערגעגעבן אויך די שיינקייט פון די רבישע געשטאַלטן. נישט אַלץ, וואָס ער האָט זיך באַמיט אונדז אויפצוקלערן, האָב איך אין יענע יאָרן תופס־געווען. ערשט אין יאָרן אַרום, ווען איך האָב שוין געלערנט אין דער ישיבה, האָב איך אַלץ מער און מער נאָכגעטראַכט און באַנומען די טיפקייט פון ר׳ יהושעס רעיונות, וואָס זענען מיר געבליבן אין געמיט, אין די טיפענישן פון דער נשמה.

## אין דער ישיבה

מיין זיידע איז אָנגעגאַנגען אין וואָלאָמין פאַר אַ גרויסן למדן, אַן עוקר הרים, צו וועלכן די חובשי בית־המדרש האָבן זיך געוואָנדן מיט אַלע האַרבע סוגיות און ער פלעגט אויף אַ ווילע נעמען זיין שפיץ־באָרד אין מויל אַריין און באַלד זי אַרויסגעלאָזט זאָגנדיק דערביי: „כ׳פאַרשטיי נישט וואָס דאָ איז אַזוי שווער צו פאַרשטיין... אָט, האָסטו דאָך דעם תירוץ אויבנאויף״.

דעם זיידן האָט מען גערופן ר׳ מאיר סאָקאָלאָווער, אפשר דערפאַר וואָס ער האָט געשטאַמט פון סאָקאָלאָוו. ווי לאַנג איך געדענק אים, פלעגט ער נאָר אויף שבת קומען קיין וואָלאָמין. אַ גאַנצע וואָך איז ער געווען אין וואַרשע, ווו ער האָט געזאָגט שיעורים אין דער פּיאַסעטשנער ישיבה.

נאָך דער בר־מצוה, ווען מען האָט מיך שוין געהאַלטן פאַר אַ דער־וואַקסענעם בחור, האָט מיך דער זיידע מיטגענומען אין דער ישיבה, וואָס האָט זיך געפונען אויף נאַוואָליפּקי־גאַס 16, ווו איך בין אין אָנהויב געווען דער איינציקער וואָלאָמינער צווישן די ישיבה־בחורים, וואָס זענען זיך אָנגעפאָרן קיין וואַרשע פון פאַרשידענע פּראָווינץ־שטעטלעך.

דאָ האָב איך צום ערשטן מאָל דערפילט דעם איבערגאַנג פון איין תקופה אין דער אַנדערער. ביז דעמאָלט בין איך אין וואָלאָמין געווען אַ פריי פויגעלע. אַ קינד אָן זאָרגן און האָב מיך געבאָמלט אין דעם קליינעם ליבן שטעטל צווישן פריילעכע חסידים און פאַרקלערטע מתנגדים און האָב געמיינט, אַז וואָלאָמין איז די גאַנצע וועלט און דער רבונו של עולם זיצט אויבן, אויפן הימל, און קוקט נאָר צו אונדז אין שטעטל אַריין. אין וואַרשע האָב איך, אמת, נישט געהאַט קיין גרויסע זאָרגן, דער טאַטע האָט מיך באַזאָרגט מיט אַלעם נויטיקן. אָבער דאָך האָב איך געהאַט דאָס געפיל פון אַ נע־ונדניק, אַ גולה למקום תורה.

פאַר מיר האָבן זיך געעפנט די אויגן און איך האָב דערזען פאַר זיך ברייטע וועלטן, וואָס האָבן פאַרכאַפּט מיין נשמה. כ׳בין גיך געוואָרן אַ תושב און זיך נעענטער באַקאַנט מיט אַלע ישיבה־בחורים, געפירט מיט זיי וויכוחים און גערעדט פון פאַרשידענע זאַכן, באַמיט זיך צו באַווייזן, אַז מיר, וואָלאָמינער יינגלעך, שטייען נישט אָפּ פון אַנדערע.

נאָכן פאַרענדיקן די „זמנים״ אין די חדרים האָט מיך דער זיידע גענומען קיין וואַרשע אין דער פּיאַסעטשנער ישיבה. ביזן היינטיקן טאָג קלינגט מיר נאָך אין די אויערן זיין קול און דער גמרא־ניגון, וואָס האָט אַזוי ווונדערליך ווייך געמאַכט דאָס האַרץ. נישט איינמאָל קומט מיר אויס צו דערמאָנען זיך יענע גוטע בחורשע יאָרן, בעת איך האָב אַליין געלערנט טאָג און נאַכט, געטון אין חסידות און געבויט פּאַלאַצן אויף עולם הבא... ווו איז דאָס היינט? דאָס אַלץ איז עפּעס געווען אַזוי זיס, אַזוי גוט. אין אַלע אברים האָט עס געזונגען פון זיסקייט און פון וואַרעמען בטחון.

איך האָב געהאַט אַ ציל צוליב וואָס צו לעבן. איך וועל זיין אַ רב, אַ ירא שמים, אַ צדיק, כ׳וועל טאָג און נאַכט טראַכטן וועגן הימלישע ענינים. אַלע וועגן זענען פאַר מיר זיכערע און ליכטיקע. לאָמיך נאָר אויסוואַקסן.

## לומדות און חריפות

אין משך פון די שפעטערדיקע יאָרן האָט זיך אין מיר אָפּט דערוועקט דער חשק צום לערנען, איבערחזרן פונסניי יענע טייערע ייִנגלשע טעג און נעכט ביי דער גמרא, מיט די תוספותן און פּלפּולים. דאָס איז נישט געווען קיין גרינגע זאַך, דאָך איז מיר אַמאָל געלונגען אָפּצורייסן שעהן און אַוועקזעצן זיך ביי דער גמרא, פאַרזיכטיק דורכגיין אַ דף נאָך אַ דף, פאַרזוכט צו צעקייען אַ תוספת. די דאָזיקע תוספות האָב איך אמאָל ליב געהאַט, הגם מיט גרויסער פּשטות און קלאָרקייט צייכענען זיי זיך נישט אויס. אין זיי ליגן, ווי שאָטנס, באַהאַלטן די סודות פון דער גמרא, און אין דער ישיבה איז געווען אַזוי אַנגענעם אַרויסצובאַקומען די דאָזיקע סודות, אויפדעקן זיי, קלאָר־מאַכן, פונאַנדערפּלאָנטערן, ווי מען פּלאָנטערט פונאַנ־דער אַ גרויסן געדיכטן קנויל.

מיט יאָרן צוריק בין איך געוואָרן איבעראַשט פון זיך אַליין, ווען איך האָב זיך איבערצייגט וויפל איך געדענק נאָך פון די ישיבה־יאָרן, ווי גלאַטיק איך בין דורכגעלאָפן איבער די פאַרפּלאָנטערטע תוספותן.

אויך אין דער ישיבה האָט געטראָפן, אַז אויף איין אָרט, ביי אַ שווערער סוגיא, בין איך געבליבן שטיין, ווי צוגעשמידט און נישט געקענט זיך רירן פון אָרט, כאַטש שטופּ און שטופּ — עס גייט נישט. וואָס טוט מען? כ׳קנייטש דעם שטערן, ברום זיך אונטער אַ ניגון און וויל מיט אַלע כוחות אַרויס אויף אַ וועג פונעם שווערן תיספת, בין מעיין אין מהרש״א, אין מהר״ם, אָבער עס איז נישט געגאַנגען.

דעמאָלט האָב איך זיך געוואָנדן צו מיין זיידן, און מאָדנע, די זעלבע ווערטער קומען ביים זיידן אַרויס אינגאַנצן אַנדערש. דער באַרג, וואָס האָט זיך מיר אויס־געוויזן נישט צום אַריבערשפּרינגען, איז פאַרשוווּנדן און עס גייט זיך אַזוי גלאַטיק, אַזוי לייכט, ווי אויף אַ שפּיגלדיקן שניי־וועג.

איך האָב אים מקנא געווען, דעם זיידן, פאַר זיין שאַרפן מוח און קלאָרן געדאַנק, פאַר זיין דבקות ביים לערנען און ביים דאַווענען.

עס האָט געטראָפן, אַז ער האָט פון דער העלער הויט זיך געקענט פאַרגיין אין אַ ניגון אויף מי יודע ווי לאַנג, אָבער נישט איינמאָל האָט ער די תפילות מער אָפּגעמורמלט און אָפּגעכאַפּט, אנשטאָט זיי אויסציקלען אין סקאַרבאָוון נוסח. ווען ער איז נישט ראש־ישיבה וואָלט מען זיכער געהאַט צו אים טענות, הלמאי ער כאַפּט אַזוי אָפּ דאָס דאַווענען, אָבער נישט איינמאָל האָט געטראָפן אין אַ פּראָסטן מאָנטיק אָדער דאָנערשטיק, אַז ער האָט זיך אַזוי צעזונגען, אַז איך האָב עס לאַנג נישט געקענט פאַרגעסן.

איך בין געווען שטאַלץ מיט מיין זיידן נישט נאָר אין דער ישיבה, נאָר אויך אין דער היים, ווען מיר זענען געקומען צוריק קיין וואָלאָזשין. אין בית־המדרש איז ער געווען דער צענטער פון אַלעמענס פאַרינטערעסירונג. די בית־המדרש־בחורים און קעסט־יונגעלייט האָבן זיך אַרום אים געדרייט, געזוכט ביי אים אַ באַשייד פאַר די קשיות און שאלות, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט ביי זיי אין משך פון דער וואָך. פונעם זיידנס פּנים האָט מען געקענט אַראָפּלייענען די צופרידנקייט מיט דעם וואָס עס וואַקסט אַ נייער דור לומדים אין שטעטל און ער האָט גערן און אפילו מיט פרייד זיך צוגעהערט צו די האַרבע קשיות, וואָס מען האָט אים געשטעלט און ער האָט זיי לייכט פאַרענטפערט און אַרויסגעפירט פון בלאָנדזשען אין דער פינסטער, מיט יענעם גלאַנץ און פינקל פון זיין גאונישן מוח, מיט בליצנדיקע חידושים.

כ׳דערמאָן זיך אויך ווי איך האָב אים אַמאָל געזען נאָכן ענדיקן לייענען די פּרשה פון דער וואָך. מיט ביידע הענט האָט ער צוגעהאַלטן די ספר־תורה און מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ צום באַלקן האָט ער גענומען זינגען הייזעריקלעך: „יהי רצון מלפני אבינו שבשמים״... און אין זיין קול איז געווען אַזויפיל זיסער טרויער, אַז מען האָט ממש געקענט זען און הערן ווי די פאַרטריבענע לוויים וויינען על נהרות בבל, בעת זייערע שטומע האַרפעס הענגען אויף די ווערבעס ביים טייך.:.

## דעם טאַטנס נגינה

דאָס זינגעוודיקע געמיט איז נאָך שטאַרקער געווען אַנטוויקלט ביי מיין טאַטן, און ער איז טאַקע געווען אין בית־המדרש דער בעל־תפילה אין די ימים־נוראים און ימים טובים. ער האָט געדאַוונט פאַרן עמוד מיט אַ מתיקות, אַז דאָס האַרץ איז אויסגעגאַנגען. כ׳וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן זיינע האַרציקע ניגונים און ווי זיינע אויגן האָבן געלויכטן בעתן דאַווענען מיט געלייטערטן אומעט, מיט אַזאַ פאַרטיפטן בליק, ווי ער וואָלט געזען פאַר זיך נישט בלויז די גאַנצע עדה יידן פון שטעטל, נאָר ווי ער וואָלט אין דער רגע אויך אויסגעוועזן אומעטום וווּ יידן געפינען זיך אין אַ צרה אָדער אין געפענגעניש, אויפן ים און אויף דער יבשה.

אַט זע איך זיין פּנים נאָכן אויסזינגען אַ תפילה און ער איז נאָכדעם געבליבן לאַנג שטיין אַ פאַרטראַכטער און געשוויגן, מיט פאַרגליווערטער שטוינונג אין די שוואַרצאַפּלען, ווי ער וואָלט נאָך נישט באַוויזן צוריקקומען פון בלאָנדזשען דורך דער וועלט אינאיינעם מיט די פאַרוואָגלטע יידן. די געשפּאַנטע שטילקייט אין בית־המדרש און די בליקן פון די מתפללים, וואָס זענען געווען געוואָנדן צו אים, האָבן אים לסוף אויפגעוועקט פון זיינע טריבע געדאַנקען, וואָס זענען

געקומען פונעם געפיל פון גרויס אחריות פאַר דער עדה, וועמענס שליח־ציבור ער איז געווען צום מתפלל זיין און ברענגען זייערע געבעטן ביז צום כסא הכבוד.



פון רעכטס: מיין שוועסטער שיינדעלע, מיין מאַמע שפרינצע, מיין פאָטער יהודה־לייב און די יינגערע שוועסטער פריידעלע.

פונעם טאַטנס זינגען, אפילו טרויעריקע ניגונים, איז מיר תמיד געווען זיס און לויטער אויפן געמיט. דאָס איז געווען אַ געזאַנג, וואָס דערהויבט די נשמה, פאַנגט אַרויס די מחשבה און איידלט אויס דעם מענטש.

## חסידות און קבלה

מיטן לערנען אין דער פיאסעטשנער ישיבה בין איך אויך צווישן די שטיבל־יינגלעך אין וואָלאָמין געוואָרן חשובער. אין די פרייע טעג האָב איך צוזאַמען מיט זיי געלערנט חסידות און געפּראַוועט הילולאס. כ'האָב געהאַט וואָס צו דערציילן וועגן לעבן פון די ישיבה־בחורים נישט בלויז אין דער פיאסעטשנער ישיבה, נאָר אויך אין אַנדערע ישיבות אין וואַרשע.

געווען ישיבות, ווו עס איז געווען אַזאַ מין דרך: פריער לערנען אויבער־פלעכלעך, וואָס מער, אפילו גאַנץ ש״ס. דערנאָך, אַז מען איז שוין געוואָרן באַהאַוונט אין ש״ס, האָט מען ערשט אָנגעהויבן לערנען טיפער, גרונטאַוונער, און אנשטאָט פלפולים געזוכט דעם אמתן זין אין יעדן ענין.

איך האָב דעמאָלט געהאַלטן ביי דער מדרגה פון בקיאות. כ'האָב געוואָלט פריער ווערן אַ בקי אין ש״ס און דערנאָך, האָב איך געטראַכט, וועט שוין די חריפות אַליין קומען.

עס זענען אָבער געווען בחורים, וואָס האָבן ליב געהאַט צו פאַרדרייען זיך און אַנדערע דעם קאָפּ מיט פלפולים און פאַרפלאָנטערטע סברות. נישט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צו ראַנגלען זיך מיט אַזעלכע איבער אַ תוספות, אויף וועלכן

איך האָב געהאַט אַ קשיא. זיי האָבן גענומען שיטן מיט מהר״מס, מהרש״אס און פני־יהושעס. עס איז געווען קלאָר, אַז זיי קענען נישט פאַרענטפערן די קשיא, נאָר ווילן זיך אַרויסדרייען מיט חריפות. דער סוף איז געווען, אַז כ׳האָב געמוזט אָנקומען צום זיידן, וועלכער האָט מיר אויפן אָרט פאַרענטפערט די קשיא.

דאָס פרעגן די קשיא איז ביי מיר נישט געווען, ווי ביי אַנדערע, לשם פרעגן. יענע פלעגן אָפּזיצן גאַנצע טעג איבער אַ דף גמרא און צוטראַכטן קשיות. איך האָב יענעם דרך גיהאַלטן פאַר אַ שלעכטן און נישט קיין פּראַקטישן. יאָרן גייען לאיבוד און דאָס לערנען שלעפּט זיך לאַנג, אָן טעם. מיר איז אָבער אויך נישט געפעלן דאָס צו־האַסטיקע לויפן איבער די מסכתאס און דפים. זיי האָבן געקענט הונדערטער בלעטער גמרא, אָבער האָבן דאָס אַלץ פאַרשטאַנען נאָר אויבערפלעכלעך און אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן זיי עס אָפּגעפילט, געזוכט וועגן ווי אַזוי צו דערוועגבן די מידה פון פאַרטיפונג, פון משיג זיין אַן ענין.

אַט אַזוי האָב איך זיך ביסלעכווייז אַריינגעצויגן אין זעלבשטענדיקן לערנען אונטער דער השפעה און ווירקונג פון מיין זיידן.

מיין זיידע איז ביי מיר געווען אַ מוסטער פון אַ גרויסן ייד, פון אַ מענטש, וואָס טשעפּעט נישט קיין פליג אויף דער וואַנט; פון אַ מענטש, וועמען עס גייען נישט אָן דער וועלטס מיאוסקייטן און כאָטש ער איז מיטן גוף אויף דער זינדיקער ערד, איז ער מיט זיין האַרץ, געדאַנק און נשמה אין די עולמות העליונים. אָבער מער פון אַלעם האָט מיך אימפּאָנירט זיין לומדות, זיין בקיאות און חריפות אין לערנען. מיין אידעאַל איז געווען אויסצוּוואַקסן אַזאַ גרויסער למדן ווי מיין זיידע.

די נייע וועלטן, וואָס האָבן זיך פאַר מיר געעפנט אין דער פּיאַסעטשנער ישיבה, האָב איך איבערגעטראַגן קיין וואָלאָמין. יעדן שבת האָב איך פאַר מיינע חברים אין בית־המדרש דערציילט די נייעסן, וואָס איך האָב זיך אָנגעזען און אָנגעהערט אין וואַרשע. די בחורים פון וואָלאָמינער בית־המדרש האָבן ביי מיר געוואָלט זיך דערוויסן נייע שיטות אין לערנען, נייע דרכים אין חסידות.

## מוסר

חוץ ש״ס ופוסקים האָב איך אין דער ישיבה געלערנט פאַר זיך אַליין אויך מדרשים, חסידישע ספרים, געכאַפּט אַ בליק אין אַ קבלה־ספר. גאָר שטאַרק האָט אויף מיר משפּיע־געווען די נאַוואַרדאָקער ישיבה, וואָס האָט זיך געפונען נישט ווייט פון דער פּיאַסעטשנער, אויף דער פראַנצישקאַנער 11. איך פלעג דאָרט אָפט אַריינקומען. דער פאַרטיפטער מוסר־ניגון, די הסתכלות אין זיך, די גוואַלדיקע, אַלץ־פאַרצערנדיקע רעליגיעזע התלהבות האָבן אויף מיר געווירקט און אין מיר געלעבט.

עס איז געווען אַ פּעריאָד, ווען איך בין געוואָרן מיטגעריסן מיטן דבקות פון די נאַוואַרדאָקער ישיבה־בחורים, מיט זייער עקסטאַטישן ביטול־היש און התפשטות הגשמיות... געוויינלעך דויערט אַן עקסטאַז־צושטאַנד ביי אַ בר־מצווה־יינגל מינוטן אָדער שעהן; ביי מיר אָבער זענען געווען טעג און נעכט, ווען איך האָב זיך געפונען אין אַזאַ צושטאַנד.

מיר ווייזט זיך אויס, אַז דאָס שטאַרקע רעליגיעזע געפיל ביי די וואָלאָמינער חסידישע בחורים איז פון קינדווייז אָן געווען באַגלייט מיט אַ מין געבוירענעם גלות־השכינה־טרויער, מיט אַ געפיל פון פּערזענלעכער אחריות פאַר אַלעם דעם, וואָס איז אויף דער וועלט נישט כשורה, וואָס איז אַן „ענין רע לענות בו"; ווי יעדער פון אונדז וואָלט מחויב געווען צו העלפן געפייניקטע, צו ראַטעווען גערודפטע, צו זעטיקן הונגעריקע, צו באַשיצן היימלאָזע, מחזיר־למוטב־צו־זיין זינדיקע און צו לערנען פאַרשטאַנד די בלאָנדזשנדיקע.

דערפאַר האָבן אויף מיר אַזוי שטאַרק געווירקט די מוסר־שעהן ביי די נאַוואַרדאָקער, ווען די ישיבה־בחורים האָבן זיך אַרומגעדרייט אַרויף־און־אַראָפּ, פאַרטראַכטע, פאַרטיפטע, מיט שטאַרקן דראַנג אויסצולייזן זיך פון דער ארומיקער שפלות, פון אייגענע שוואַכקייטן און ספקות, פונעם חושך אין טעגלעכן לעבן.

אין יענער צייט האָב איך נישט געוויסט וועגן די גרויסע מוסר־מחלוקתן, וואָס זענען אָנגעגאַנגען מיט יאָרן צוריק אין דער רבנישער וועלט, בעיקר אין ליטע, איבערן איינפירן דאָס „לערנען מוסר" אין די ישיבות, ווי עס האָבן געטון די גרויסע תלמידים פון ר' ישראל סאַלאַנטער. די דאָזיקע וויכוחים האָבן ביים סוף פון 19־טן יאָרהונדערט אָנגענומען אַ ליידנשאַפטלעכן כאַראַקטער. די רבנים האָבן געשריבן מאמרים אין די דעמאָלטיקע העברעישע צייטשריפטן וועגן דער דאָזיקער פראַגע, און עס זענען געווען ישיבות, וועלכע זענען דורך די בחורים אַליין פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַן אמתן מלחמה־פראָנט. די גרעסטע מלחמה קעגן איינפירן „מוסר־לערנען" האָט זיך געפירט אין די סלאַבאַדקער און טעלזער ישיבות. אין וואַרשע האָט אין מיינע צייטן קיין שום ישיבה נישט איינגעפירט קיין „מוסר־לערנען", בלויז די נאַוואַרדאָקער האָבן זיך עקשנותדיק געהאַלטן ביי דער דאָזיקער שיטה.

איך בין נאָך דעמאָלט געווען צו־יונג, אַז כ'זאָל באַנעמען דעם דאָזיקן דרך אין זיין גאַנצער טיף. עס האָט אָבער אויף מיר משפּיע־געווען די שטימונג, דער עקסטאַטישער רצון אויפצוהויבן זיך איבער דער טאָג־טעגלעכקייט. כ'פלעג דעמאָלט זען אין חלום ווי כ'הויב זיך פּלוצלונג אויף און נעם פליען. כ'הויב זיך, כ'פלי און עס וווּנדערט מיך, פאַרוואָס מענטשן טוען נישט דאָס זעלבע וואָס איך.

ווען כ'האָב פּאַר מיינע נאָענטע חברים אַמאָל איבערדערציילט מיין חלום, האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אויך זיי האָט זיך שוין אַמאָל געחלומט עפּעס ענלעכס. עס זעט אויס מאָדנע, אָבער אַזעלכע זענען זיי געווען די וואָלאָמינער חדר־יינגלעך און בית־המדרש־בחורים: געטאַנצט, געשטיפט, געקוילערט זיך אין זאַמד, געשפּילט אין יאַגעלעך, אין באַהעלטעניש, אָבער אינעווייניק האָט געגאַגט אַ באַגער, אַ בענקעניש, וואָס האָט שפּעטער, אין די בחורשע יאָרן, קיין רו נישט געגעבן.

דערפאַר האָבן זיי מיט אַזאַ אויפמערקזאַמקייט זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס איך האָב זיי דערציילט וועגן די נאָוואַרדאַקער מוסרניקעס. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מיין דערציילן האָט נאָך מער פאַרשאַרפט זייער יראת־שמים, אָבער דערביי האָט עס אויך געררייצט די פאַנטאַזיע. אפשר טאַקע דערפאַר וואָס דער מוסר־דרך איז געווען אַזוי ווייט פון דעם פּויליש־חסידישן שטייגער, אַזוי אַנדערש פון די דרכים און שיטות אין די חסידים־שטיבלעך.

## דאָס בית־המדרש

דאָס בית־המדרש האָט זיך געפונען אויף לעשנאַ־גאַס. פון באַגין ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט מען דאָרט געדאַוונט און געלערנט. אויף די לאַנגע הילצערנע טישן זענען תמיד געווען אַנגעלייגט ספרים, גמרות, יורה־דעהס, שולחן־ערוך, אַ חיי־אדם, אַן עין־יעקב. געווען אַזעלכע, וואָס זענען אַריינגעקומען בלויז אָפּדאַוונען און גלייך צוריק צו זייערע געשעפטן, סוחרים אין זייערע קרעמלעך, בעלי־מלאכות אין זייערע וואַרשטאַטן. געווען אָבער אויך אַזעלכע, וואָס זענען אין בית־המדרש געזעסן גאַנצע טעג, געדאַוונט און געלערנט.

איינער פון די שטענדיקע חובשי־בית־המדרש איז אויך געווען ר' אפרים עברי, וועלכער פלעגט זיך אויפהויבן, זומער און ווינטער, פיר פאַרטאָג און לויפן אין בית־המדרש, פלעגט זיצן און לערנען ביז דריי אַזייגער, ווען ער איז אַוועק אַהיים עפּעס איבערבייסן און באַלד ווידער צוריק אין בית־המדרש, זיצן און לערנען ביז שפּעט אין דער נאַכט.

זיין ווייב און צוויי טעכטער האָבן געפירט דאָס געוועלבל מיט שרייב־געצייג, פון וועלכן זיי האָבן קוים געצויגן אויף חיונה. מען האָט דערציילט, אַז אין די יונגע יאָרן האָט דער שווער אים ממש געצוווּנגען, ער זאָל זיך נעמען עפּעס טון, געשריגן צו אים: „אם אין קמח, אין תורה — מ'דאַרף זיך פירן גלייך מיט אַלע יידן, זוכן פּרנסה". האָט ער דעמאָלט געעפנט דאָס געוועלבל, איז אָבער סיי־ווי־סיי געווען פאַרטון אין די עולמות העליונים און דאָס ווייב איז געבליבן די גאַנצע פירערין פונעם געשעפט.

אין בית־המדרש פלעגט זיצן און לערנען יומם ולילה אויף זיין זון, אַ בחור

מיט שמאַלע אַקסלען און לאַנגע פאות, וואָס האָבן נאָך מער אויסגעצויגן זיין לענגלעך, אויסגעאיידלט פּנים. נאָך דער חתונה איז ער געפאָרן צום גערער רבין, כאָטש ער, ווי זיין פאָטער, זענען געווען אַלעקסאַנדערער חסידים. ער האָט געהאַט דעם מוט צו זאָגן אין גערער הויף, אַז דאָס קומט ער קיין גער, ווייל דער שווער פאָדערט עס פון אים. אָבער אינדערהאמתן דאַרף ער גאָר פאָרן צו זיין רבין. דאָס האָט ער געמיינט דעם אַלעקסאַנדערער.

צו די אָנגעזעענע יידן אין בית־המדרש האָט געהערט אויך ר׳ לייבוש פּאַרבער, אַן אָנהענגער פון דער אגודה, אַ פריילעכער, האָט זיך אויסגעטיילט פון די אַנדערע, וואָס כאָטש ער האָט געהערט צו די גאָר פרומע, וואָס האָבן באַקלאָגט די נייע צייטן און האָבן נישט געהאַלטן אפילו פון די אגודה־ניקעס, ווייל זיי ווילן אויך דוחק־זיין דעם קץ און ברענגען די גאולה פון ארץ־ישראל נאָך איידער משיח וועט קומען, האָט אָבער ר׳ לייבוש אָפן אַרויסגעוויזן זיין סימפּאַטיע צו די, וואָס זענען עולה קיין ארץ־ישראל. ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז איך גרייט זיך עולה־צו־זיין, האָט ער צו מיר געזאָגט מיטן גאַנצן ערנסט און מיט אַ קול דורכגעזאַפּט פון ליבשאַפט:

„וועסט זיין ביים כותל, געדענק, למען השם, אַריינצולייגן אַ צעטל אויך פאַר מיר...״

כ׳שטעל זיך אָפּ אויפן בית־המדרש, ווייל מיר ווייזט זיך אויס, אַז דאָס האָט פאַרנומען אין יעדן פון אונדז אַ גרויס אָרט זינט מען האָט אונדז אויסגעלערנט דעם ערשטן פּסוק „שמע ישראל״, „תורה צוה לנו משה מורשה קהילת יעקב״ און אַזוי ווייטער אַנדערע פּסוקים און ברכות, ביז די שפּעטסטע יאָרן אַלס זעלבשטענדיקער לערנער.

מיטן בית־המדרש איז פאַרבונדן אויך דער אָנדענק פון אונדזערע טאַטעס און זיידעס. אויך אונדזערע מאַמעס האָבן געלעבט מיטן געדאַנק וועגן בית־המדרש, ווי אַ מקום־קדוש, וווּ זייערע קינדער און מענער זענען מתפּלל און לערנען תורה. אין יעדער יידישער מאַמע איז געווען עפּעס פון דעם תנא רבי יהושעס מוטער, וואָס פלעגט אים אַלס עופעלע, ברענגען מיט זיין וויגעלע אין בית־המדרש אַריין, כדי ער זאָל הערן דאָס קול פון תורה. פון אונדזערע פריסטע קינדער־יאָרן האָבן מיר ווירקלעך זיך צוגעהערט צו די גמרא־ניגונים, וואָס זענען געגאַנגען פון בית־המדרש.

וווּ פלעגן מיר, קינדער אין וואָלאָמין, זיך שפּילן? אין און אַרום דעם בית־המדרש. דאָס אַלץ האָט אונדז מיט טויזנטער פעדעם צוגעבינדן צום בית־המדרש.

## גוטע לערנער און פֿייערדיקע פּאָליטיקער

אין מײַנע צײַטן, געדענק איך, די פּאָרדבקהטע בית־המדרש־בחורים: משה־פֿייוול שטולמאַן, אַ גוטער לערנער און פֿייערדיקער פּאָליטיקער, האָט געהאַלטן, אַז ווען עס איז עת לעשות — הפרו תורתך, מעג מען איבערײַסן דאָס לערנען און האַלטן אין בית־המדרש אַ רעפֿעראַט פֿאַר דער אגודה. ער האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן פֿאַר אַ גוטן רעדנער.

געשניטן זיך אויף אַ גרויסן למדן האָט אויך אברהם גרינשפּאַן, דעם סופֿרס זון, וואָס איז טאַקע הײַנט רבֿ, שוחט און מוהל אין העליפֿאַקס.

ווי אַ געשטאַלט פֿון אַ גרויסן ייִד האָט זיך אײַנגעקריצט אין מײַן זכרון דער אַמאָליקער באַברויסקער רבֿ, וואָס איז געקומען נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע קיין וואָלאָמין און איז געבליבן לערנען אין בית־המדרש יומם ולילה. שטענדיק, ווען כ׳האָב געטראַכט וועגן לערנען תורה לשמה, איז מיר געשטאַנען פֿאַר די אויגן די געשטאַלט פֿון דאָזיקן באַברויסקער רבֿ, ווי ער איז געזעסן איבער־געבויגן איבער דער גמרא און פּוסקים פֿון באַגין ביז שפּעט אין דער נאַכט.

מיט ר׳ חיים־אהרן בונעמס בין איך אָפּט געגאַנגען איבערן שטעטל צונויפֿ־נעמען געלט אויף אויסצוהאַלטן דעם גרויסן למדן, פֿון וועלכן עס האָט געאָטעמט מיט אהבת התורה. זײַן לומדות און איידלקייט האָט געהאַט אויף אונדז, בית־המדרש־בחורים, אַ גרויסע השפּעה. מיר האָבן געזען ווי דאָס לערנען איז אַרײַנ־געוואַקסן אין זײַן גאַנץ וועזן און מיר האָבן געוווּסט, אַז ער וואָלט שוין נישט געקענט אויסקומען אָן לערנען, ווי אַ מענטש קאָן נישט לעבן אָן לופֿט צום אָטעמען.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען איך האָב שוין געוווּסט, אַז דער אויסדרוק פֿילאָזאָפֿיע באַשטייט פֿון די צוויי גריכישע ווערטער: „פֿילאָ״, וואָס באַדײַט ליב־האָבן; „זאָפֿיע״, וואָס מיינט חכמה, האָב איך זיך קלאָר געמאַכט, אַז אַזוי וואָלטן די גריכישע געלערנטע אָנגערופֿן אויך דעם באַברויסקער רבֿ, וואָס איז געווען די פֿאַרקערפּערונג פֿון ליבשאַפֿט צו חכמת התורה, האָט פֿאַרמאָגט ממש אַ מאַגנע־טישע קראַפֿט פֿאַר לערנען.

באַלד דעם ערשטן שבת נאָך פּסח האָט זיך אָנגעהויבן אין בית־המדרש דאָס לערנען „פּרק״. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די דערוואַקסענע ייִדן האָבן, פּונקט ווי מיר, ייִנגלעך, ליב געהאַט דאָס לערנען „פּרק״, ווײַ עס ווערט דערציילט וועגן שיינע עטישע מידות, און התנהגותן פֿון די אַמאָליקע גרויסע ייִדישע גייסטער. מײַן זיידע האָט מיר דערציילט, אַז דאָס „פּרק־לערנען״ איז אײַנגעפֿירט געוואָרן נאָך מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק אין די גרויסע ישיבֿות פֿון בבֿל. פֿון דאָרט האָט דער מנהג זיך פֿאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער ייִדישער וועלט. די זעקס „פּרקי

אבות" זענען טאַקע געווען געדרוקט אין די גרעסערע סידורים, כדי יידן זאָלן עס האָבן לייכט צו דער האַנט. אָבער אין דער אמתן האָב איך געוווּסט, אַז דער „פרק" איז אַ טייל פון דער משנה און „ברייתא", איז געדרוקט צוזאַמען מיט אַלע משניותן אָדער אין די גרויסע ש"סן, אין סדר נזיקין און דערפאַר הייסט עס אויך „מסכת אבות", געפינט זיך אין רעכטן מיטן פון ש"ס.

## ר' חיים טאפאל



**ר' חיים טופול, הנקרא חיים קוסובר**
היה בעל מוח חריף וכשרונות עצומים, אשר לא נוצלו, אולם הלצותיו ומימראותיו היו בפי כל בני העיירה, ואנו מספרים כאן רק מקצת שבחו ומקצת מעשיו ומימראותיו והעיקר שהיה אהוב על כל אנשי־העיירה. ומי שזכה לקורטוב אהבת ישראל כל ישראל אהובים עליו. מספרים, שספר תהילים היה עמו בכיסו ובכל עת שהטרידוהו יסורי הדעת היה מוציא את ספר תהילים וקורא במקום שפתח, ואמר שכל המזמורים שוים לפני הנשמה.

ר' חיים טאָפּאָל האָט מען אין שטעטל גערופן חיים קאָסאָווער. ער האָט געהאַט אַ שאַרפן מוח און טאַלאַנט, וואָס איז נישט געוואָרן אויסגענוצט, אָבער זיינע גלייכווערטלעך זענען געגאַנגען פון מויל צו מויל און פאַרשאַפט גרויס הנאה ביי די יידן אין שטעטל.

אַן אינטערעסאַנטער טיפּ איז אויך געווען דער שמש פון בית־המדרש, ר' חיים טאָפּאָל, דער זיידע פונעם ישראלדיקן בינע־קינסטלער, וואָס איז היינט שוין באַרימט מיט זיין שוישפּילערישן טאַלאַנט אין דער גאַנצער וועלט. דער ניצוץ פון שפּיל איז זיכער איבערגעגאַנגען צו אים פון זיין זיידן. אמת, דער זיידע איז קיינמאָל אין קיין טעאַטער נישט געגאַנגען און האָט קיין בינע קיינמאָל נישט געזען פאַר די אויגן. ער האָט אָבער פאַרמאָגט אין זיך יענעם פונק פון טאַלאַנט, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין זיין הומאָר, אין זיין וויצלען זיך איבער זיך אַליין און איבער אַנדערע, גוטמוטיק, אָן ווילן אַריינצוזאָגן יענעם, אפילו ווען דער וויץ האָט פאַרמאָגט אין זיך אַ שטאָך. אַזוי, למשל, האָט ער אָן שום כעס אויף פרויען געקענט זאָגן, אַז אין דער עזרת נשים דאַרף מען האָבן אַ פּאָדלאָגע, ווייל די ווייבער זענען נישט ווערט וואָס די ערד טראָגט זיי...

אין זיינע געמיטלעך־פאַוואָליטשקע שמועסן האָט זיך אָפט אַנטפּלעקט די פּשוטע אינעווייניקסטע לעבנס־חכמה, אַז עס לוינט נישט צו יאָגן זיך נאָך רייכקייט, נאָך כבוד, ווייל מרבה נכסים — מרבה דאגה און כל הרודף אחרי הכבוד —

הכבוד בורח ממנו, און אויף אַלעם האָט ער געהאַט אַ מעשהלע, אַ וויץ, וואָס פּלעגט זיך פונאַנדערגיין, פון מויל צו מויל און מען האָט זיך געהאַלטן ביי די זייטן פון געלעכטער.

דאָס בית המדרש איז געווען אַ היימישער, פאָלקסטימלעכער מקום־תפילה. עס האָבן דאָרט געדאַווענט פשוטע פאָלקס־מענטשן און שיינע יידן. מען פלעגט זיך אַריינכאַפּן, ווער אויף אַ שיעור פון דף־יומי אָדער סתם אַ פּרק משניות, בלעטערן אַן אַלט ספר אָדער טאַקע לערנען מיט התלהבות אַ בלאַט גמרא ביז שפּעט אין דער נאַכט. אין די פריערדיקע יאָרן איז דאָ געווען לעבעדיק, בחורים פלעגן זיך מתפלפל־זיין אין שווערע סוגיאָס. אָבער אין דער שפּעטערדיקער צייט, נעענטער צו די מלחמה־יאָרן, איז געוואָרן אַלץ שטילער, אָבער סיי פאַרן עלטערן דור און סיי פאַרן יונגערן איז דאָס בית־המדרש געווען דאָס בעסטע אָרט פאַר גייסטיקן פאַרברענגען די צייט.

דער שוסטער און שניידער, דער בעל־עגלה, דער קליינער קרעמער און דער גביר, דער פאַרמעגלעכער ייד און דער אָרעמאַן — אַלע האָבן אין דער שעה פאַר מנחה ומעריב איבערגעלאָזט זייערע באַשעפטיקונגען און זייערע דאגות און זענען געגאַנגען געניסן פונעם לעבן, פאַרברענגען אַן אנגענעמע שעה אין בית־המדרש. קיין אַנדער אָרט ווו צו פאַרברענגען האָט פאַר זיי נישט עקזיסטירט. דער מקום־קדוש איז פאַר די יידן אין וואָלאָמין געווען אויך אַ צוזאַמענקום־אָרט, ווו מען איז אַביסל עוסק אין שיחות־חולין, אַ שטייגער פאָליטיק אָדער פאַרשידענע שטעטלדיקע ענינים, וואָס האָבן אינטערעסירט יעדן וואָלאָמינער ייד.

אָבער דער הויפּט־תענוג, מיט וועלכן אונדזערע טאַטעס און זיידעס האָבן זיך דאָרט אָנגעזאַפּט, איז געווען אַ בלאַט גמרא, אַ פּרק משניות, אַ שטיקל עין־יעקב אָדער פשוט תהילים־זאָגן, יעדער לויט זיין מדרגה און לויט דער חברה, צו וועלכער ער האָט געהערט. עס איז כמעט נישט געווען בנמצא קיין ייד פון עלטערן דור, וואָס זאָל זיך נישט באַטייליקן אין קיין שום לימוד און נישט אין תהילים־זאָגן. אַזעלכער איז באַטראַכט געווען אַ מענטש שלא מן היישוב. יעדער איינער האָט זיך אַריינגעפּאַסט אין דער ראַם, וואָס האָט זיך פאַר אים געפּאַסט און האָט באַקומען זיין באַפרידיקונג, נישט בלויז אַ נשמהדיקע באַפרי־דיקונג, נאָר אויך אַ הנאה און תענוג אין פשוטסטן זין פון וואָרט, פשוטו כמשמעו.

„כ׳האָב זיך מחיה געווען" — האָט מען געפּלעגט זאָגן אין וואָלאָמין. אין בית־המדרש האָבן די יידן זיך באַנייט און אָפּגעפרישט, דערקוויקט זיך ס׳האַרץ, דערפילט, אַז מ׳איז נישט עפּעס אַן אבר המדולדל, נאָר איינער פון אַ סך, פון אַ גרויס פאָלק, וואָס האָט אַ גרויסן גאָט און ער פאַרלאָזט נישט.

## מגידים

פלעגט אַמאָל קומען אין שטעטל אַ מגיד, איז די הנאה געשטיגן גאָר הויך. אַלע, מענער, פרויען און אויך קינדער האָבן הנאה געהאַט פון הערן אַ שיינע דרשה. עס פלעגט טרעפן אַ מגיד מיט אַ שיין קול און אַ ניגון, וואָס האָט פאַר־כאַפּט ביים האַרצן, האָט פייכט געמאַכט די אויגן און אַרויסגעבראַכט אַ טרער.

וואָלאָמינער יידן ווילן אַ ווײַלע פאַרגעסן די דאגות און געניסן די פרייד פון דער וועלט, און איז דען נאָך דאָ אַ גרעסערע פרייד ווי דערפילן אַזויפיל לויטערקייט, צו וועלכער מען גייט אויס פון גלוסטעניש. אין פלוג האָבן וואָלאָמינער יידן נישט געמאַכט דעם איינדרוק פון קיין סענטימענטאַלע. אדרבה, זיי האָבן אויסגעזען צו זיין מער ניכטערע, ליב געהאַט חכמות, אַ גלייכוווערטל, אפילו אַ שאַרפן שטאָך אין דער זיבעטער ריפּ, אָבער דאָס אַלץ איז מער געווען אויבנאויף. אין די דאָזיקע תמיד־פאַרהאָוועטע יידן, פאַרהאַרעוועטע אין געיעג נאָך פרנסה, אין זון און רעגן, אין שניי און פראָסט, האָט אָבער שטיל אין זיי געצאַפּלט אַ פילנדיק האַרץ, וואָס איז ממש אויסגעגאַנגען נאָך אַ וואַרעם וואָרט און געלאָזט זיך פאַנגען פון מתיקותדיקן ניגון, וואָס האָט זיי דערהויבן און אַריינגעפירט אין אַנדערע וועלטן, שענערע, העכערע.

יאָ, איצט ערשט באַנעמען מיר פיל שטאַרקער די שיינקייט פון די דאָזיקע בית־המדרש־יידן אין אונדזער שטעטל. די מערהייט פשוטע פאָלקס־מענטשן, קרעמער, האַרעפּאַשניקעס און סוחרים. ווי אַנדערש זענען זיי פון יענעם פּראָסטן עולם, וואָס מיר האָבן אַנגעטראָפן אויף אונדזערע רייזעס און וואַנדערונגען איבער פאַרשידענע לענדער און שטעט. די פּראָסטע מענטשן, וועלכע מיר האָבן באַגעגנט ביי אַנדערע פעלקער, פאַרענדיקן זייער טאָג מיט קאָרטן־שפּילן, מיטן ביטערן טראָפּן, מיט טרייבן רכילות א.ד.ג. אינסטינקטן, וואָס דרימלען אַ גאַנצן טאָג קריכן אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן און די נשמה ליידיקט זיך אויס פונעם פּאָזיטיוון פאַרמעג.

אַנדערש פון די אַלע איז דער וועג, וואָס אונדזערע טאַטעס און זיידעס האָבן געפּלאַסטערט אין אונדזער אַלטער היים. זיי זענען נישט אַרויסגעגאַנגען אין בין־השמשות פון זייערע שטובן, כדי צו זוכן דעם יצר־הרע, נאָר דווקא דעם יצר־טוב. נישט צוליב אויסלאַדענען און אויסליידיקן זיך פון אַלדאָס פּאָזיטיווע זענען זיי אַרויסגעגאַנגען פון שטוב, נישט זוכן לייכטע אַוואַנטורעס, נאָר דער־הויבן דאָס געמיט און אָנפילן די נשמה מיט די איידלסטע געפילן. די שעהן אין בית־המדרש זענען פאַר די יידן אין וואָלאָמין געווען אין משך פון דורות אַ מין גייסטיקע טבילה. זיי האָבן פון זיך אָפּגעטרייסלט דעם שטויב פון טאָג. זיי האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן אַ טייל פון זייער גשמיות, און זענען צוריקגעקומען אין

שטוב מער גייסטיקע, מער בעלי־נשמה ווי זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פון שטוב.

די יידישע סטרונע, וואָס האָט אַביסל נאָכגעלאָזט ביי זיי אין משך פון טאָג, אין דער האווענייש פון אַ גאַנצער וואָך, איז אין בית־המדרש ווידער געוואָרן געשפּאַנט. ווידער האָט דער וואָלאָמינער ייד דערפילט די איבערוואג פון דער־הויבענעם, פון רוחניותדיקן איבערן גשמיותדיקן, פון איידעלן איבערן פּאַר־גרעבטן, און נישט איינער האָט זיך אין אַזעלכע שעהן אָנגעהויבן שעמען מיטן שטות פון זיינע מעשים און געוואָרן דורכגענומען מיט הרהורי־תשובה.

שטענדיק ווען כ׳דערמאָן זיך אין די מנחה ומעריבס אין בית־המדרש, קומט מיר אויס, ווי אין אונדזער שטעטל וואָלט דער טאָג נישט אַראָפּגענידערט צום אָוונט, נייערט פאַרקערט, דער טאָג האָט געפירט צו אַן אויפגאַנג, נישט צו פאַרגאַנג. צום אָוונט איז דער ייד געשטיגן, איז אין אים נתעלה־געוואָרן. על־פּי־רוב זענען אונדזערע טאַטעס און זיידעס געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך נישט באַגנוגנט מיטן בלויזן דאַווענען. אָפּגעדאַוונט האָבן זיי עפּעס איבערגעכאַפּט, כדי צו שטאַרקן דעם גוף פאַר דער תורה און האָבן טאַקע באַלד גענומען זיך צום לערנען ביים שיין פון קליינע לעמפּלעך, אין די פריערדיקע צייטן ביי נאַפט־לעמפּ.

זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי די צעקאַרבטע און פאַרחלבטע טישן און מיט אַ מאַראַליש־ציענדיקן ניגון גענומען זיך דערגרונטעווען צום סאַמע תוך פון אַ „תנו רבנן” און „אמר אביי”. מיטן ניגון איז אויפגעגאַנגען אַן אַמפּערניש און אַ שפּאַרן זיך איבער דער דינקייט פון אַ כוונה און האַרבקייט פון אַ סוגיא. איינער האָט דעם צווייטן געוואָלט איבערשטייגן מיט אַ שאַרפן זאָג און טראַציקן אָפּווענד.

ערשט האָבן זיי גערעדט שיחות־חולין און דער שמועס איז געגאַנגען אַזוי גלאַטיק. מען האָט זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס איז געווען אַן אויטאָריטעט אין וועלטלעכע ענינים. אָבער קוים האָט מען געעפנט די גמרות און מען איז אַרויף אויף די וועגן פון נהרדעא און פומפּדיתא, האָט מען זיך גלייך אָנגעהויבן צו שפּאַרן און אַמפּערן. אָט פרעגט מען און אָט ענטפערט מען אָפּ, און אָט דאַכט זיך איז אַלץ שוין פאַרענטפערט, שטייט אָבער פלוצים אויף אַ נייער פרעגער, וואָס ציט מיט אַ ניגון אַ נייע קשיא, און געווען קולות, וואָס האָבן די קשיות און תירוצים אויסגעזונגען ווי אַ וויינענדיקע פלייט. אַנדערע האָבן געשאלט און געדונערט, מיט תקיפות, מיט רוגזה אויף דעם, וואָס וואַגט זיי איבערצושפּאַרן.

ביזן היינטיקן טאָג זע איך זיי פאַר זיך, די בלאַסע בחורימלעך מיט די פאַרחלומטע אויגן און די דערוואַקסענע יידן מיט שוואַרצע און גרויע בערד און עס קלינגען מיר אין די אויערן זייערע גמרא־ניגונים אינעם בית־המדרש. מיט די זעלבע ניגונים האָבן מיר אַליין אין די יונגע יאָרן געשליפן זיך די מוחות ביי יעדערע סוגיא, מאמר און פסוק.

אַזוי האָבן מיר איינגעזאַפּט אין זיך דעם זאַפּט פון דער תורה, פון דער גמרא מיט אַלע מפורשים צוזאַמען מיט די פאַרבענקטע ניגונים. כל עצמותי תאמרנה, אַלע ביינער, אַלע רמ״ח אברים זענען דערצו באַשאַפן געוואָרן.

ווי קלאָר דאָס לערנט, אַז אַ וואָרט איז נישט בלויז ווי עס איז פאַרשריבן, נאָר ווי אַזוי מען רעדט עס אַרויס. דער נגון איז וויכטיק ווי דער געדאַנק, דער טאָן איז וויכטיקער ווי דער סטיל, די כוונה פון וואָרט איז וויכטיקער ווי דאָס וואָרט אַליין, און איצט שוועבן זיי פאַר מיר די שיינע ניגונים און ריינע כוונות פון די וואָלאָמינער יידן ביים לערנען און דאַוונען אין בית־המדרש.

לאָמיר דערמאָנען און דערציילן וועגן זיי וואָס מער. אויך די וואָס האָבן געלערנט שטיל, פלעגן שעהן נאָכאַנאַנד אָפּשאָקלען זיך איבער דער גמרא און מ׳זאָל קיין פּיפּס נישט הערן פון זיי. אָבער מיטאַמאָל האָט עס פון זיי אויך אָנגעהויבן אַרויסזינגען דער ניגון, דער אַלטער גמרא־ניגון, מיט וועלכן עס האָבן געלערנט אונדזערע טאַטעס און זיידעס די זעלבע גמרות, ביי די זעלבע טישן אינעם זעלבן בית־המדרש.

# חסידים-שטיבלעך

## גערער

אויף דער לעשנא־גאַס האָט זיך געפונען דאָס גערער שטיבל, וווּ עס האָבן געדאַוונט אַן ערך זעכציק חסידים, וואָס האָבן זיך גערעכנט אין שטעטל פאַר די שאַרפסטע, היציקע, גרייט דורס צו זיין יעדן קעגנער. מיר אָבער ווייזט זיך אויס, אַז כמעט אַלע זענען זיי געווען גוטע און איידעלע יידן, זייערע בליקן דורכ־געדרונגען מיט לויטער וואַרעמקייט און ליכטיקייט, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך פון גערער הויף.

כ׳זע זיי אין אַ געוויינלעכן שבת נאָכן דרימל, ווי זיי גייען אין שטיבל אַריין מעיין־זיין אין אַ ספר און אונטערברומען אַ פריילעך גערער ניגונל, אַ ניגונדל אָן אַ סוף, מיט אָן אַ שיעור התעוררות, פּונקט ווי מ׳ברומט עס אין גער.

בעת די שלוש סעודותן האָט מען ווידער געהערט דורך די פענצטער די ניגונים פון זמירות, פאַרבענקטע, געזונגענע אין דער פינצטער, מיט פאַרמאַכטע אויגן, אומענדלעך, מיט תחנונים, מיט בטחון, מיט עצבות, מיט שמחה, ווי צו אַ מאַרש, אַ מלחמה־מאַרש צו די טויערן פון כסא הכבוד. באַלד נעמען ווידער די טענער פון די ניגונימלעך גלעטן, לאַשטשען, גיסן זיך ווי זיסער ווייַן איבערן גומען, באַרירן און וועקן יעדעס אבר. נישט אויסצושעפּן דעם טעם זענען די גערער ניגונים.

געווען אַזעלכע, וואָס פלעגן גאַנצע טעג בטלען אינעם חסידים־שטיבל, לערנען, שאָקלען זיך איבער ספרים, דערציילן, רעדן וועגן גער, וועגן די נייע דרכים, התנהגותן, תורהס.

צו די אָנגעזעענע גערער חסידים האָט אויך געהערט ר׳ שיע מלמד, וואָס איז נאָך געפאָרן צום „שפת אמת״, האָט אונדז געלערנט ווי אַזוי צו דערגרייכן אַ הויכע מדרגה פאַר דער נשמה, מדריך־געווען ווי אַזוי צו דינען השי״ת, לערנען לשמה. זיין זון האָט געלערנט אין אַ ישיבה אין וואַרשע און ר׳ שיע מלמד פלעגט אים אויף יעדן פרייטיק שיקן וועש ער זאָל האָבן אין מקוה איבערצוטון.

אַן אָנגעזעענער גערער חסיד איז אויך געווען ר׳ איטשע שפיגלמאַן פון דער גאַרבעריי, אַ למדן, פלעגט קומען יעדן שבת אין בית המדרש, אַן אָנגעטוענער אין שטריימל און זיידענע בעקעשע, פאַרהערן די יינגלעך.

דאָס חסידים־שטיבל איז געווען אַ וועלט פאַר זיך. דאָרט האָט געהערשט אחדות צווישן גביר און אָרעמאַן. אַלע האָבן זיך גערופן „דו״. דאָס שטיבל איז פאַר די חסידים געווען די צווייטע היים און אַמאָל נאָך מער פון דער ערשטער, ווייל אָהער זענען זיי אַנטלאָפן פון זייערע אַלע דאגות און עגמת־נפשן. דאָ האָט מען זיך קעגנזייטיק אונטערגעהאַלטן, געהאָלפן מיט אַן עצה און מיט מעשים סיי אין טעגלעכע זאָרגן, אין מאַטעריעלע און רוחניותדיקע ענינים.

## אַמשינאָווער

אויף סטאַצינאַ־גאַס האָט זיך געפונען דאָס אַמשינאָווער שטיבל. די אַמשי־נאָווער חסידים האָבן געהאַט אַ שם פאַר מער וועלטלעכע. עס זענען צווישן זיי געווען פאַרמעגלעכע סוחרים, טייל מיט צוגעשוירענע בערדלעך. געווען אויך פשוטע עמך־לייט, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן גרויס דרך־ארץ פאַר די לערנער, צוגעהערט זיך צו זייערע גמרא־שמועסן און חסידישע מימרות, וואָס חסידים האָבן נאָכגעזאָגט פון זייער רבין, צו וועלכן זיי פלעגן פאָרן קיין אָטוואָצק אויף די ימים־טובים, אָפּגערעדט זיך פאַרן רבין דאָס האַרץ און געגלויבט אין זיין כוח צו העלפן.

צווישן די אַמשינאָווער חסידים זענען נישט געווען קיין גרויסע גבירים. די, וואָס זענען אָפטער געפאָרן צום רבין, האָבן זיך נאָכדערציילט וועגן דער אהבת ישראל, וואָס האָט געהערשט אין רבינס הויף. ווען אַ חסיד איז געקומען אַהין מיט אַ צעבראָכן האַרץ, האָט ער גלייך ביים אָפּגעבן דעם רבין שלום־עליכם דערפילט די מילדע צאַרטקייט פון זיין בליק.

אַלטע חסידים, וואָס זענען געפאָרן צו רבי שמעון־שלום, האָבן דערציילט ווי שווער עס איז אַמאָל געווען אָנצוקומען צו אים. ער איז תמיד געזעסן אין

וואַרשע, כדי צו זיין מוכן ומזומן יעדע רגע צו פאַרטיידיקן די רעכט און דעם כבוד פון די יידן. אַזוי האָט ער זיך געפירט אין די צאַרישע צייטן און אַזוי שפּעטער, ווען פּוילן איז שוין געווען אַ זעלבשטענדיקע מלוכה.

שפּעטער, ווען דער רבי איז שוין נישט געווען בקו־הבריאות, האָט ער זיך באַזעצט אין אָטוואָצק, אָבער איז ווייטער געווען אין קאָנטאַקט מיט וואַרשע און איז כל ימיו געבליבן דער געטרייער שליח־ציבור און גרויסער שתדלן פאַר יידן אין אַן עת־צרה. די גדולי־ישראל אין פּוילן האָבן זיך שטאַרק גערעכנט מיטן אמשינאָווער רבין, האָבן אים איינגעלאַדן אויף אַלע גרויסע לאַנד־און וועלט־צוזאַמענפאָרן און זיין וואָרט האָט אָפטמאָל דעצידירט אין די וויכטיקסטע רעליגיעזע ענינים.

## וואָלאָמינער

וואָלאָמינער יידן האָבן אויך געהאָט זייער אייגענעם רבין, וואָס האָט, אמת, געהאַט זיין זיץ־אָרט אין וואַרשע, אָבער זיינע געטרייע חסידים אין וואָלאָמין האָבן געהאַט זייער אייגן שטיבל אויף דער קאָשטשעלנע־גאַס.

שטילע און באַשיידענע יידן זענען געווען די חסידים פון וואָלאָמינער רבין, כאָטש בדרך כלל פלעגט מען אין וואָלאָמינער חסידים־שטיבל דאַווענען מיט התלהבות, מיט לייב און לעבן, „כל עצמותי תאמרנה". עס האָט נישט געפעלט קיין ביסל בראַנפן ביי יעדער געלעגנהייט פאַר אַ שמחה בציבור, בפרט, אַז עס איז געקומען שמחת־תורה, ווען מען פלעגט גיין איבער די שטובן פון איין חסיד צום צווייטן, געטרונקען און געגעסן פון אַלעם וואָס מען האָט צוגעגרייט. חסידים אין וואָלאָמין האָבן בכלל ליב געהאַט זיך צו פרייען, עסן און טרינקען בחברותא, זוכן דעם באַדייט פון רבינס ווערטער, וואָס חסידים האָבן געברענגט נאָכן עולה־רגל־זיין אויף אַ יום־טוב צום רבין. איינער פון די אָנגעזעענסטע וואָלאָמינער חסידים איז געווען מרגלית, אַ גרויסער למדן און ירא־שמים.

די אחדות, וואָס האָט געהערשט צווישן חסידים אין יעדן שטיבל, איז אָבער נישט געווען צווישן איין שטיבל און דעם אַנדערן, ווייל יעדער פון זיי האָט געהאַט אַן אַנדערע שטעלונג צו די קהלישע ענינים, וואָס פלעגן פון צייט־צו־צייט אַרויסשווימען מיט אַ באַזונדערער שאַרפקייט, דערפירט צו מחלוקתן דווקא אין רעליגיעזע ענינים, ביים אויפנעמען אַ שוחט וכדומה.

איך אַליין האָב זיך גערעכנט פאַר אַ סאַכאַטשאָווער חסיד און נישט איינמאָל געוואָרן מיטגעריסן מיט די אַמביציעס, אויף וויפל דאָס האָט געקענט אינטערעסירן אַ יונגן בחור. אָבער איצט, ווען איך קער זיך אום אין זכרון צוריק צו יענע צייטן, זענען מיר גלייך נאָענט און טייער אַלע יענע חסידים־שטיבלעך, אַלעמענס חסידישע

ניגונים ביי די תפילות, ביי זמירות, אין די שבתדיקע בין־השמשותן, ווען די התלהבות האָט זיך אויסגעמישט מיט אַ נאָגנדיקער בענקעניש. יידן האָבן מיט אַלע כוחות זיך געקלאַמערט אין די דערהויבענע שעהן און נישט געוואָלט זיך שיידן מיטן שבת.

## חזנים און בעלי־תפילה

אייגנטלעך זענען עס נישט געווען קיין ספּעציעלע חזנים און קיינער פון זיי האָט זיך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין הויכער מוזיקאַלישער בילדונג, האָבן נישט געענדיקט קיין קאָנסערוואַטאָריעס. זיי זענען געווען פּשוטע בעלי־תפילה, אָבער זייערע תפילות, די ניגונים און טעמי־המלים האָבן פאַרמאָגט אַן אייגנ־אַרטיקע מתיקות און די וואָלאַמינער יידן האָבן זיך געקוויקט מיט זייערע אנגענעמע שטימען ביים מקבל־פנים־זיין, ביים דאַווענען שחרית און מוסף, גאָר באַזונדערס אין די ימים־נוראים.

די אָנגעזעענסטע בעלי־תפילה זענען געווען ר׳ ישראל־מרדכי שוחט. און מיין פאָטער, ר׳ יהודה־לייב. אינעם אופן פון זיין דאַווענען און זינגען פאַרן עמוד האָט נישט פאַרנומען קיין אָרט דער אימפּראָוויזאַטאָרישער רעטשיטאַטיוו, די דאָ־רע־מיס און אַנדערע אַקאַדעמישע כללים. אין זיין אויסזינגען די תפילה איז דער עיקר געווען די השתפכות הנפש און ער האָט מיט זיין געזאַנג געקענט אַרויס־רופן טרערן נישט בלויז אין דער עזרת נשים, נאָר אויך צווישן די מענער. מערסטנס זענען עס געווען טרערן פון גרויסן גייסטיקן תענוג, אָבער דערביי האָט דאָס געזאַנג פאַרמאָגט אויך טיפע התעוררות.

מיין פאָטער איז געווען אַ מוזיקאַלישער כוח, כאָטש נישט קיין געשולטער. ער אַליין האָט זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון פון דער לירישקייט, וואָס זיין שטים האָט פאַרמאָגט, אָבער די מתפללים האָבן געפילט דעם איידעלן און זיסן קלאַנג פון זיין שטים, וואָס האָט זיך דורכגעריסן די ווענט פון בית־המדרש און איז זיך צעגאַנגען איבער די געסלעך פון וואָלאַמין, וואָס זענען אין די שבתים און ימים־טובים געווען פאַרשטילט, ווי זיי וואָלטן זיך צוגעהערט צו די תפילות.

אַ בעל־תפילה איז אויך געווען ר׳ ישראל־מרדכי שוחט. כאָטש איך בין געווען אייפערזיכטיק אויף מיין טאַטנס זינגען און איך בין געווען שטאָלץ מיט זיין דאַווענען פאַרן עמוד, דאָך האָב איך אויך ביי ר׳ ישראלן געפילט ווי דער ניגון איז ביי אים געקומען גלייך פון האַרץ. צוגייענדיק צום עמוד האָט ער זיך דערפילט אַ שליח־ציבור, וואָס דאַרף אויסדריקן דאָס געבעט און די געפילן פונעם

גאַנצן ציבור וואַלאַמינער יידן און אויסגיסן פאַרן רבונו של עולם זייער ביטער האַרץ.

שטענדיק הער איך אין זיך יענע ניגונים. אַמאָל ווייזט זיך מיר אויס, אַז זיי ברומען ערגעץ פאַרהוילן אין מיר. אַמאָל שווימען זיי אַוועק ערגעץ ווייט און קומען נאָך דעם צוריק, ווי קלאַנגען און ריחות אין אַ זומערדיקן־פאַרנאַכט. זיי קומען צוזאַמען מיט די קולות פון יענע פאַרשניטענע וואָלאַמינער יידן, אויף וועלכע מען האָט עדות־געזאָגט, אַז דורך דער מתיקות פון זייערע שטימען קענען זיי אַראָפּברענגען משיחן. אַזעלכע זענען זיי געווען סיי די, וואָס האָבן שבת און יום־טוב געדאַוונט פאַרן עמוד און סיי די, וואָס האָבן נאָך מנחה געזאָגט אַ שיעור אין לערנען פאַר די שטעטלשע בני־תורה, חריפותדיק און האַרציק, אַזוי, אַז סיי די פשוטע יידן, סיי די לומדים זאָלן זיי האָבן צו געדענקען.

זיי זענען זיכער געווען, אַז זייערע קינדער וועלן גיין אין זייערע וועגן, ווי זיי זענען געגאַנגען אין וועג פון זייערע אבות.

# צעירי אגודת־ישראל

אין האַרצן האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט די צוגעבונדנקייט צום דאָזיקן וועג פון אונדזערע עלטערן, פונקט ווי עס וועט קיינמאָל נישט אויפהערן די ליבשאַפט צו זייערע געשטאַלטן. היינט באַגלייט אונדז דאָס דערמאָנען זייער אָנדענק אַ טיפער טרויער. דעמאָלט איז אונדזער צוגעבונדנקייט געווען דורכ־



מסיבת פרידה של צעירי אגודת ישראל לרגל עליתו ארצה של שמאי באום

געדרונגען מיט אַ הייליק פייער. אַזוי איז אויך געווען מיין אַנגעהעריקייט צו „צעירי אגודת ישראל״. מיטן זעלבן פייער האָב איך זיך אָפּגעגעבן דער מצווה פון ישוב ארץ־ישראל.

די מיטגלידער פון צעירי אגודת ישראל זענען געווען מערסטנס חסידישע בחורים, וועלכע האָבן געוואָלט באַווייזן, אַז זיי זענען פעיק צו עפּעס מער ווי צו לערנען אין ישיבה, אין בית־המדרש און איינאָרדענען סיום מסכתות פון דף היומי, חסידישע יאָרצייטן און מלווה־מלכהס.

ווען עס איז געקומען צו וואַלן, האָבן די יונגעלייט פון צעירי אגודת־ישראל גוט באַהערשט די וואַל־סטראַטעגיע און נישט אָפּגעשטאַנען פון די יוגנטלעכע אין די פרייע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס און פּאַרטייען.

די אגודה איז געווען טעטיק אויף אַלע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אָפּשניטן אין שטעטל. זי האָט זיך באַטייליקט אין די וואַלן צום סיים און סענאַט, צום שטאָט־ראַט און צו דער יידישער קהילה, אָבער בעיקר האָט די אגודה געשענקט איר אויפמערקזאַמקייט די פּראָבלעמען פון חיזוק הדת. די צווייטע גענעראַציע פון דער אגודה־באַוועגונג, די צעירים, כאָטש פון אַלטן טיפּ בית־המדרש־בחורים, האָבן אָבער שוין געלייגט מער אַכט אויף די מאָדערנע אָרגאַניזאַציאָנעלע מיטלען, אַרויסגעוויזן איניציאַטיוו און פעיקייטן ביים מיטרייסן די חסידישע בחורים און אַקטיוויזירן זיי אין דער אַרבעט פאַר אָנציִנדן תורה־פייער און קעגנווירקן די שטראָמען פון כפירה און פרייע אידעאָלאָגיעס, וואָס האָבן זיך פאַרשפּרייט צווישן די יוגנטלעכע אין שטעטל.

מיר האָבן אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן די אָרטאָדאָקסישע יידישע פּרעסע פון וואַרשע, אָרגאַניזירט שיעורים, גערעדט מיט די עלטערן פון יוגנטלעכע און אויפגעקלערט זיי די סכנה פון גיין אין די פרייע אָרגאַניזאַציעס; גערופן פאַרזאַמלונגען פון יוגנטלעכע און פּראָפּאַגירט דעם פּראָגראַם פון דער אגודה. מיר האָבן זיך געפילט ווי אַ געזעלשאַפטלעכער און פּאָליטישער כוח, מיט וועלכן די אַנדערע אָרגאַניזאַציעס און פאַרטייען מוזן זיך רעכענען.

פון צייט צו צייט האָבן באַזוכט אונדזער שטעטל אגודהשע רעדנער און מיר, צעירי אגודהניקעס, זענען געווען דער כוח פון איינאָרדענען, פון האַלטן אָרדענונג. פון די רעדנער, וואָס זענען אויפגעטרעטן אין וואָלאָמין, איז מיר צום־שטאַרקסטן געבליבן אין זכרון אַלכסנדר זישא פרידמאַן, דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון אגודת ישראל אין פּוילן. זיינע אַרטיקלען אין דער אָרטאָדאָקסישער פּרעסע זענען געווען פול מיט טעמפּעראַמענט און לאָגיק. זיין סטיל פון רעדן איז געווען שיין און קלאָר. אויך די קעגנער פון דער אגודה האָבן זיך מיט אים גערעכנט, הן צוליב זיין טאַלאַנט און הן צוליב זיין ערלעכקייט. זיינע חידושי תורה האָבן

אַרויסגערופן אַנערקענונג ביי לומדים. זיין ספר „כסף מזוקק״ איז געווען אי פעדאַגאָגיש, אי לומדיש. זיינע זאַמלונגען מיטן נאָמען „דער תורה־קוואַל״ זענען געווען נישט נאָר פרעמדע „זאַכן״, נאָר אויך אייגענע און פול מיט בקיאות און שאַרפזין.

זיינע רעפעראַטן און רעדעס אין וואַלאָמין האָבן שטענדיק איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן רושם און מיר, די צעירי אגודהניקעס, זענען געווען שטאָלץ מיט אים און געטריי געהיטן, אַז די קעגנערס זאָלן נישט שטערן זיינע רעדעס.

# שבתים און יום־טובים

נישט קיין פעלדער, נישט קיין פּאַלאַצן, נישט קיין פּאַמיליע־הערבן האָבן מיר פון אונדזערע עלטערן געירשנט. דעריבער האָבן מיר נישט געדאַרפט נאָכפאָרשן די העלדישע כראָניק פון אונדזער ספר היוחסין ביז אונדזערע עלטער־עלטער־זיידעס. איך האָב האָב שטענדיק געוווּסט, אַז זיי זענען געווען פרומע און אָפּגעהיטענע יידן און וויפל זיי זענען נישט געווען פאַרנומען מיט דאגות־פּרנסה, האָבן זיי דאָך אויף קיין איין שעה פון זייערע טעג און נעכט נישט פאַרלוירן דעם צלם אלוקים, זייער יידישע און מענטשלעכע ווירדע און אין די שווערסטע צייטן האָבן זיי נישט פאַרלוירן די האָפענונג אויף בעסערע טעג.

וואָס־זשע האָבן מיר פאָרט געירשנט פון זיי? וואָס איז פאָרט איבערגעגאַנגען צו אונדז, קינדער, פון אונדזערע זיידעס און עלטער־זיידעס? אַ האַרציקער ניגון, אַ מוסר־השכל, אַ מעשה פון פאַרצייטנס, וועגן ווונדערלעכע מענטשן, וועגן באַזונדערע געשעענישן און וועגן שבתים און ימים־טובים.

דאָס שפריכוואָרט זאָגט: „ווילסטו קענען לערנען דאָס פאָלק — גיי און זע ווי ער פייערט זיינע שבתים און יום־טובים״. אויך דער כאַראַקטער פון אונדזער שטעטל אַנטפּלעקט זיך אין זיינע שבתים און יום־טובים.

די הייליקייט פונעם שבתדיקן טאָג האָט אַרויפגעלייגט זיין חותם אויפן יידישן קינד ביז זיין ווייטן עלטער, האָט געפאָרעמט זיין גייסטיקע געשטאַלט, אַנטוויקלט אין אים די באַגייסטערונג פאַר שיינקייט און דערהויבנקייט און אויך די פילבאַרקייט פאַר פּאָעזיע און געזאַנג, פאַר שירה וזמרה.

אַ ציטער נעמט מיך אַדורך ווען עס שווימען אויף פאַר מיינע אויגן די הייליקע מאָמענטן פון אונדזער אומברחמנותדיק־פאַרטיליקט שטעטל. יעדע מינוט אין טאָג גייען פאַרביי פאַר מיינע אויגן אונדזערע טאַטעס און מאַמעס מיט זייער ציטערדיקער ליבשאַפט צו די מנהגים און מצוות פון האַלטן הייליק דעם זיבעטן טאָג אין דער וואָך און יעדן יום־טוב; מיט זייער נשמה יתירהדיקייט ביים אָנקומען פון די הייליקע טעג.

יעדער לויט זיין פרנסה־שטאַנד האָט לכבוד שבת צוגעגרייט בעסערע מאכלים און שענערע מלבושים, פאר זיך און פאַר די קינדער. אַ גאַנצע וואָך האָט מען זיך באַגנוגנט מיט אַבי־וואָס. געווען שטובן, אין וועלכע מען האָט נישט געגעסן מער ווי טרוקן ברויט מיט וואַסער, אַבי ס׳חיות צו דערהאַלטן, אָבער אויף שבת איז געווען אַ מצווה צוצוגרייטן פרישע חלות, וויין און מזונות.

פאַר די, וואָס האָבן דאָס אַלץ נישט געקענט זיך פאַרגינען, זענען תמיד געווען אין שטעטל מענטשן מיט גרויסע הערצער, נשים צדקניות, וואָס האָבן שוין געזאָרגט, אַז די שבתדיקע מאכלים זאָלן אויף פאַרבאָרגענע וועגן דערגיין אין יענע הונגעריקע שטובן און די ברכה פון שבת זאָל רוען אויף זייערע טישן.

געווען שטובן אין וואָלאָמין, ווו ווייסע טישטוכער האָבן זיך באַוויזן נאָר לכבוד שבת און יום־טוב. אַ גאַנצע וואָך זענען זייערע פּנימער געווען גרוי און פאַרוואָלקנט, אָבער אויף שבת האָבן זיך זייערע פּנימער אויסגעלייטערט און מען האָט געטון אַלץ, אַפּט אָנגעווענדט כל־מיני תחבולות, אָנצוגרייטן פיש און פלייש. מען קען זיך פאָרשטעלן די שמחה ביי די קינדערלעך אין יענע שטובן.

פרייטיק האָט דאָס שטעטל באַקומען אַן אַנדער פּנים, פון באַגין איז אין די געסלעך פול געווען מיט ריחות פון פריש געבעקס לכבוד שבת, און אין געוויסע שטובן אויף אַ גאַנצער וואָך. פרייטיק איז מען אין חדר געלאָפן פריילעך, ווייל מען האָט געוווסט, אַז דער לערן־טאָג איז היינט אַ קורצער. זומער איז מען גלייך נאָכן אָפּעסן געלאָפן זיך שפּילן. ווען די זון האָט גענומען ווערן קילער האָבן זיך באַוויזן יידן, וואָס זענען געגאַנגען אין מרחץ. לאַנג צו געניסן פון דאָזיקן פאַרגעניגן האָט מען זיך נישט פאַרגינען. דער אָנקומענדיקער שבת האָט אונטער־געיאָגט. מען האָט איבערגעטון די ריינע וועש און מיט נאַסע בערד און פּיאות האָט מען זיך געלאָזט פּאַוואָליע גיין אַהיים, גרייט אויפצונעמען די שבת־מלכתא.

אין דער זעלבער צייט האָבן די ווייבער מיט דורכגעפּעטעסטע פאַרטוכער גערוקט אין אויוונס די טשאָלנטער אין ליים־פאַרשמירטע טעפּ. דערנאָך האָבן זיי זיך גענומען צום אָפּוואַשן די קינדער, אָפּצוואָגן די קעפּ ביי די מיידלעך, אָפּפּוצן די זילבערנע לייכטער צום ליכט־צינדן.

אַזוי שטייט מיר פאַר די אויגן אונדזער שטוב ווי זי ווערט פול מיט שבת און איבער אַלעם צעשפּרייט זיך דער חן פון קדושה. אויפן טיש ליגן שוין די צוויי חלות פאַרדעקט מיט אַ טישטעכל. אין די אויסגעפּוצטע זילבערנע לייכטער זענען אַריינגעשטעקט די ליכט און איבער זיי שטייט די מאַמע, אַ צאַרטע און בלייכע, לייכט געבויגן, די צעשפּרייטע הענט פאַרשטעלן דאָס פּנים און זי בענטשט די שבת־ליכט.

שטיל מורמלען אירע ליפּן די תפילה. זי בעט פאַר מאַן און קינדער, פאַרן

גאַנצן שטעטל, פאַר יעדן ייִד. אירע הענט, ווי שכינה־פליגל, שוועבן איבער די ליכט, פול מיט רחמים, בטחון און טרייסט, און פון מאַמע־אויגן, הייליקע פון פיין און צער, פאַלט אויפן ווייסן טישטוך אַ טרער.

מאַמעס מילדע טויבן־אויגן, אַזוי הייליק אין דער שיין פון די געבענטשטע ליכט אינעם פרייטיק־אויפדערנאַכט, באַגלייטן מיך אויף אַלע מיינע וועגן.

טריט־ביי־טריט גייען די ייִדן אין שול אַריין, און בית המדרש, אין די חסידים־שטיבלעך.

„לכה דודי לקראת כלה, פני שבת נקבלה!" — הערט זיך דאָס געזאַנג פון אַלע מנינים אין פאַרשידענע גאַסן אין אַלע עקן שטעטל. אינעווייניק, אין אַלע בתי־תפילה, טובלט זיך אַלץ אינעם ליכט פון צעבליצטע לאָמפּן.

שבת, שבת! האָבן אין וואָלאָמין געזונגען ערד און הימל. עס איז דאָס געזאַנג פון דורות, וואָס האָט אין וואָלאָמין געהאַט זיין באַזונדערן חן און כישוף, וואָס ווירקט אויף אונדז ביזן היינטיקן טאָג.

ווּ זייט איר, ייִדן פון מיין פאַרטיליקט היים־שטעטל און ווּ זענען די טרוימען פון דער יוגנט, וואָס האָט אויף איר שטייגער אויפגענומען דעם שבת, די בית־המדרש־בחורים — מיט תפילות און געזאַנג פון זמירות, די יוגנטלעכע אין אָרגאַניזאַציעס און פאַרטייען — מיטן רעש פון דיסקוסיעס און פאַרלעזונגען, מיט קעסטל־אָוונטן און געזאַנג פון ציון־לידער?!

ווּ זייט איר, טייערע מאַמעס, מיט אייערע בענטשנדיקע הענט? אויפן אַש פון אייערע הענט וואַקסן נייעביימער ערגעץ אין טרעבלינקע, אין מיידאַנעק און אוישוויץ.

ווּ זענען יענע חדוהדיקע שעהן פון די פרייטיק־צו־נאַכטסן, די פולקייט און עשירות פון ייִדישן לעבנשטייגער אין אונדזער היים־שטעטל, וואָלאָמין?

פאַרשוווּנדן זענען די כישופדיקע פלעמעלעך פון די שבתדיקע ליכט אין די שמאָלע פענצטער פון אונדזערע שטובן! אנשטאט זיי צינדן מיר יאָרצייט־ליכט, אזכרה־פלעמעלעך נאָך אַ וואַרעם פולסירנדיק און שיין ייִדיש לעבן, וואָס איז געווען אַמאָל און איז מער נישטאָ.

# ימים נוראים

דורכגענומען מיט פארכטיקייט זענען געווען די צוגרייטונגען צו די ימים־נוראים. ביי יחידי סגולה, ביי מיין זיידן און נאָך אַנדערע זיינס־גלייכן, האָט עס זיך אָנגעהויבן שוין פון חמישה־עשר באב. זיי האָבן אָנגעהויבן מפשפש במעשים־זיין. בלייבן לענגער אין בית־המדרש. אין אַ בריוו צו אַ קרוב אין אַ ווייטער שטאָט

האָט מען זיך שוין געווונטשן לשנה טובה תכתבו און בכלל איז מען געוואָרן דורכ־גענומען מיט הרהורי־תשובה.

דער אמתער ציטער האָט זיך אָנגעהויבן ראש חודש אלול, דאָס שופר־בלאָזן, דאָס בציבורדיקע תהילים־זאָגן יעדן אינדערפרי האָבן פאַרוואָלקנט דאָס געמיט, אָנגעפילט דאָס האַרץ מיט אַ נאָגנדיקן אומעט און שטילער שרעק. עס האָבן זיך אָנגעהויבן טעג פון חשבון הנפש און לייטערונג, פאַרגעבונג און אויסבעסערונג. עס האָבן זיך געוועקט געפילן פון ברידערלעכקייט און אַ ווילן צו טון מעשים טובים, צדקה און חסד. מענטשן זענען געוואָרן מער נזהר אין וואָרט. אין חסידישע שטובן האָט מען אין יענע טעג גענומען רעדן שטילער. די שמועסן אין בית־המדרש האָבן געקלונגען איידעלער, געדעמפטער.

געווען אין וואָלאָמין אַ סך מענטשן, וואָס האָבן פון ראש חודש אלול ביז נאָך יום־כיפור נישט גערעדט קיין שיחות־חולין, ווייל אין דער גאַנצער וועלט איז נישטאָ קיין בעסער מיטל אָפּצורייניקן די נשמה ווי צו פאַרשליסן דאָס מויל און נישט רעדן קיין שיחה־בטלה. נאָכמער, אַזאַ אויסמיידן דברים בטלים ברענגט גרויס נוצן פאַרן מענטש ווען ער פאַרטראַכט זיך אין דער כוונה פון זיינע תפילות און ער פאַרזיכערט זיך, אַז זיינע ריינע כוונות זאָלן נישט צעמישט ווערן פון אַלערליי פרעמדע מחשבות.

נאָך שטאַרקער איז געווען די התעוררות צו די ערשטע סליחות, וואָס זענען געזאָגט געוואָרן אינמיטן דער נאַכט. געווען אַזעלכע, וואָס זענען גלייך נאָך דער מלווה מלכה געגאַנגען אין בית המדרש און די גאַנצע צייט ביז האַלבער נאַכט געזעסן און געלערנט. אַנדערע האָבן אין די טונקעלע געסלעך זיך געשאַרט צוזאַמען מיט די איבערגעוועקטע יינגלעך, צום בית המדרש, שווייגנדיקע, פאַרטראַכטע.

וואָלאָמין, שיין שטעטל מיינס, איצט, נאָך צענדליקער יאָרן הער איך די גערוישן אין דער שטילקייט פון יענער נאַכט. לבנה און שטערן האָבן זיך דורכ־גערעדט אויף זייער סודותדיקן לשון און עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס שטעטל איז פול געווען מיט שאָטנס.

ערב ראש השנה האָט מען זיך שוין נישט באַגנוגנט מיט בלויז סליחות נאָר מען האָט אויסגעזאָגט גאַנץ תהילים פאַר די סליחות און נאָך די סליחות. זיך מתיר־נדר־געווען, געגאַנגען אויפן בית־עלמין, געגעבן צדקה, געפאַסט, ווער אַ גאַנצן טאָג און ווער מער ווי אַ האַלבן טאָג. נאָך שטאַרקער, מיט מער עקסטאַז האָט זיך דאָס איבערגעחזרט צו די שלוש־עשרה מידות, אָבער צום העכסטן שטייגן איז עס דערגאַנגען אין סאַמע ערב יום־כיפור.

צו אָרעם איז מיין פעדער אַרויסצוברענגען די שטימונג, די איבערלעבענישן און געפילן פונעם ערב יום־כיפורדיקן טאָג אין שטעטל. פון פאַרטאָג אָן האָבן יידן

געשטראָמט אין מקווה אַריין. אַזוי לאַנג ווי איך געדענק זענען כמעט אַלע יידן, באַזונדערס פון עלטערן דור, געגאַנגען ערב יום־כיפור אין מקווה אַריין. געווען אַזעלכע, וואָס זענען אין דעם טאָג געגאַנגען דריימאָל זיך טובל זיין, פאַר שחרית, פאַר מנחה און נאָך דער סעודה המפסקת. די איינציקע מקווה איז שוין ממש געווען געדיכט און ווייס, אָבער דאָך האָט עס נישט קיינעם אָפּגעהאַלטן.

פון באַגין אָן האָט זיך אָנגעהויבן די סדרה פון כפרה־שלאָגן. פרומע יידן האָבן געזוכט אַ ווייסן האָן, אָבער בלית ברירה איז אַ ברוינער אויך גוט געווען. יינגלעך האָבן מיט כוונה געזאָגט דעם „בני אדם" בשעת דער טאַטע האָט געדרייט מיטן האָן אַרום זייערע קעפּ, זענען געווען זיכער, אַז אַלע עבירות גייען איבער אויף די הענער. דעמאָלט האָבן מיר באַגריפן פון וואַנען עס נעמט זיך דאָס ווערטל: „קוקט ווי אַ האָן אין בני אדם".

יידן האָבן אין דעם טאָג געטיילט צדקה, יעדער לויט זיינע מעגלעכקייטן. אין שול און אין בית־המדרש האָט מען אָוועקגעשטעלט „קערות" פאַר פאַרשידענע וווילטעטיקע צוועקן און קיינער האָט נישט אָפּגעזאָגט און צוגעוואָרפן פּאַפּירענע און ניקעלנע מטבעות.

עטלעכע שעה פאַרן ליכט־צינדן איז שוין דאָס גאַנצע שטעטל געווען אָנגעטון יום־טובדיק. מאַמעס און באָבעס האָבן אָנגעטון טיכלעך און שאַליקעס און מען איז געגאַנגען צו נאָענטע, צו שכנים און קרובים, צו פריינט און צו צעברויגזטע, אָנווינטשן זיך, אַז מען זאָל זיך אויסבעטן אַ גוט יאָר און אַ גמר חתימה טובה, ווי אויך בעטן מחילה פאַר אַ שלעכט וואָרט, וואָל האָט זיך אַרויס־געכאַפּט, פאַר דערצערענען מיט רכילות און לשון הרע. ווייבער זענען זיך געפאַלן אויף די העלדזער און פון די הייזער האָבן זיך אָנגעהויבן טראָגן יאָמערלעכע געוויינען. קינדער האָבן זיך געטוליעט צו מאַמעס און טאַטעס, געוואָרן אָנגעשטעקט מיט יום הדין.

אין גאַס האָט מען געזען מענטשן מיט פאַרוויינטע אויגן. די טאַטעס האָבן זיך אָנגעטאָן אין ווייסע קיטלען און טליתים, געבענטשט די קינדער מיט אַ קול, וואָס איז געווען אָנגעלאָפן מיט פאַרשטיקטע טרערן. די מאַמע האָט זיך אויס־געוויינט דאָס האַרץ פאַר די ליכט.

הייזער און געסלעך זענען געוואָרן אַרומגעהילט מיט אימה. די שטימונג איז געוואָרן ערנסט, הייליק און פאַרכטיק. מיט צעבראָכענע הערצער איז מען געגאַנגען אין שול, אין בית המדרש אין די חסידים־שטיבלעך צו דער תפילה זכה, צום ווידוי פון רבינו נסים.

באַלד האָבן איבערן גאַנצן שטעטל אָפּגעקלונגען די טענער פון כל נדרי־ניגון. אין שול און אין בית המדרש זענען געווען אָנגעצונדן די גרויסע יאָרצייט־

ליכט צום אָנדענק פון די פֿאָרשטאָרבענע אבות, פון די עלטערן, וואָס האָבן גערוט אויפֿן אייביקן אָרט. די שול איז פֿול געוואָרן מיט ליכט, מיט יידן אָנגעטון אין ווייסע קיטלען.

וואָלאָמינער יידן האָבן מיט אימה און מיט ציטערניש אויסגעהערט דעם מיסטישן ניגון פֿון כל נדרי. אַ סך זענען פֿיר־פֿינף און זעקס־און־צוואַנציק שעה געשטאַנען פֿאָרן באַשעפֿער און זיך מתוודה געווען אויף די זינד, געשלאָגן זיך אין האַרצן, חטאתי, געזונגען תפֿילות, שירים און תשבחות צום אויבערשטן, ממש טייכן טרערן האָבן זיך געגאָסן. ביי הזכרות נשמות האָט מען דערמאָנט די נפטרים, די עלטערן פֿון דורות און דורות, וועלכע זענען אַוועק אין דער אייביקייט.

ווען דער חזן האָט אויסגעזונגען דעם טרויער פֿון אונדזער געפּייניקטער אומה אין דער תפֿילה פֿון די עשרה הרוגי מלכות, האָבן דערוואַקסענע און יונגע געטראַכט נישט בלויז וועגן די, וואָס זענען פֿאַרפּייניקט געוואָרן דורך די רוימער, נאָך אויך וועגן די אַלע, וואָס זענען אומגעקומען אין שרעקלעכע פּיין מיט די קרייצוגן, אין דער אינקוויזיציע, אין די גזירות און רדיפֿות פֿון הונדערטער יאָרן צווישן אַלע פֿעלקער.

רירנדע געוויינען האָבן זיך געהערט פֿון דער עזרת נשים ווען דער חזן האָט דערמאָנט רבי עקיבא, וואָס זיינע פּייניקער האָבן געקעמט זיין לייב מיט אייזערנע קאַמען. אַזוי האָבן אונדזערע מאַמעס און באָבעס באַוויינט און באַקלאָגט דעם פֿינצטערן יידישן גורל אין גלות.

ענדלעך האָט מען פֿאַרענדיקט מיט „לשנה הבאה בירושלים".

אָפּגעדאַוונט מעריב איז מען אָבער נישט געלאָפֿן גלייך אַהיים אָפּעסן נאָכן לאַנגן תענית, נאָר אַוועקגעשטעלט זיך אויפֿן מאַרק מחדש זיין די לבֿנה. עס איז אַוועק דער הייליקסטער טאָג פֿון אַ גאַנץ יאָר. יעדער האָט זיך געפֿילט ריין, אָפּגערייניקט פֿון זינד און גרייט אָנצוהייבן אַ ניי יאָר, אַ יאָר פֿון ווייטער גיין אין שפּאַן פֿון פֿאַרהאַרעוועטן לעבן און האָפֿן אויף בעסערע צייטן.

וווּנדערלעך און הייליק זענען געווען די ימים־נוראים אין וואָלאָמין, אַ לעבנסשטייגער, וואָס איז איינגעשטעלט געוואָרן אין משך פֿון דורות דורך גרויסע יידישע חכמים, גאונים און רבנים און איז געהייליקט געוואָרן דורך קדושים, דורך שווערע יסורים און פּיין.

## סוכות און שמחת תורה

סוכות, אַזויפֿיל צערעמאָניעס און מצוות. אָבער צוליב דער ענגער צייט האָט מען אַלץ געמוזט צוגרייטן גיך. אַ סך האָבן געהאַט גרייטע סוכות, געדאַרפֿט

בלויז עפענען די דעכער און ברענגען סכך. קינדער האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מאַכן די נייע סוכה. באַצירן זי מיט קאָלירטע קייטן און לאַמטערנעס, אָבער די הויפּט־הכנות האָבן זיך געפּאָדערט צום אתרוג און לולב, וואָס מען האָט געדאַרפֿט פֿאַרזאָרגן פֿאַר גאַנץ קהל.

דער שמש פֿלעגט אַרומגיין איבער די הייזער מיטן אתרוג כּדי די פֿרויען זאָלן בענטשן. טאַטעס האָבן געלערנט די קינדער מאַכן די ברכות, נענועים.

אויף שמחת תורה האָבן די קינדער צוגעגרייט פּאַפּירענע פֿענדלעך מיט אַן עפּעלע אויפֿן שפּיץ פֿאָן. ביי די קינדער איז דאָס געווען אַ גרויס איבער־לעבעניש. אינעם עפּל האָט מען אַריינגעשטעקט אַ ליכטל. געווען קינדער, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געגעסן צו דער זעט אָבער אַ פֿאָן אויף שמחת תורה האָבן זיי געמוזט האָבן.

יידן אין וואָלאָמין זענען געגאַנגען מיט הקפֿות אין די בתי מדרשים און חסידים־שטיבלעך. ביים אַריינגאַנג אין שול האָבן מיידלעך געשטופּט זיך צו קושן די ספֿר־תורה.

בייטאָג זענען געווען אַזעלכע יידן, וואָס האָבן משמח געווען דעם עולם, געזונגען „צאן־קדשים" און יינגלעך פֿלעגן זיי אַרומרינגלען, אונטערהאַלטן און זייערע פֿריילעכע קולות האָבן אָפּגעהילכט ווייט אַרום.

# חנוכה

חנוכה געהערט צו די יום־טובים, וואָס מען טוט אין זיי אַ מלאכה. דערפֿאַר זענען די הכנות נישט געווען קיין לאַנגע. געוויינלעך איז אין יעדער שטוב געווען אַ חנוכה־לאָמפּ, וואָס מען האָט באַקומען דרשה־געשאַנק צו דער חתונה, ווער פֿון זילבער און ווער פֿון פּשוטן מעש, ווער אויף אייל און ווער אויף ליכטלעך. דאָך האָט דער עולם אין שטעטל זיך געלאָזט אַביסל וווילגיין, געבאַקן לאַטקעס, געשפּילט אַביסל אין קאָרטן און אין אַ סך שטובן האָט מען זיך גענומען אויס־לאָזן גריוון אויף פּסחדיקן שמאַלץ.

דערפֿאַר אָבער איז עס פֿאַר די קינדער געווען אַן אמתער יום־טוב. מען האָט באַקומען חנוכה־געלט, געשפּילט אין דריידל אין בית המדרש, אין שטוב. אינדרויסן האָט געקנאַקט אַ פֿראָסט, די פֿענצטער זענען געווען באַדעקט מיט שניי. באַלד נאָכן בענטשן די חנוכה־ליכטלעך האָט מען פֿון טאַטע־מאַמע אַרויסגעקריגן וויפֿל עס האָט זיך געלאָזט און מען איז געלאָפֿן צו פֿעטערס און מומעס נאָך חנוכה־געלט. שפּעטער האָט מען זיך אָוועקגעזעצט שפּילן אין דריידל און דערביי דערציילן זיך מעשׂיות וועגן דעם גרויסן גיבור יהודה המכבי און זיינע העלדישע

ברידער, מעשיות וואָס מען האָט געהערט אין חדר און זיי האָבן אנגערעגט אונדזער קינדערשע פאַנטאַזיע צו גרויסע מעשים.

## פורים

אויף פורים איז מען שוין אין די שטובן געווען מער פאַרהאַרעוועט. די מאַמעס האָבן געגרייט די המן־טאַשן, פליישיקע קרעפּלעך און פאַרשידענע שלח־מנותן. קינדער האָבן צוגעגרייט גרעגערס און קלאַפּערס צום מגילה־לייענען און דער עיקר מאַסקעס צום פאַרשטעלן זיך.

פאַרשטעלט האָבן זיך אויך דערוואַקסענע יידן, בחורים און יונגעלייט, און אַזוי איבערגעטוענע אין פאַרשידענע טראַכטן און מאַסקעס איז מען מיט געזאַנג געגאַנגען איבער די הייזער צונויפנעמען נדבות פאַר וויכטיקע צוועקן, אויף קמחא דפסחא און אַנדערע.

מען האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אחשוורוש און מרדכי הצדיק, פאַר די הייליקע אבות און אהרן הכהן, פאַר המן הרשע און פאַר ויזתא. דערביי האָט מען די פאַרשטעלטע אין יעדער שטוב מכבד געווען מיט משקה און פון די צוגעגרייטע געשמאַקע מאכלים.

דאָס שיקן שלח־מנות האָט אַריינגעצויגן די קינדער, וואָס זענען מיט צעגלאַנצטע נעזלעך פון פראָסט געלאָפן פונאַנדערטראָגן דאָס שלח־מנות און דערביי אַליין געכאַפּט אַ נאַש. ביי טייל — דאָס איינציקע מאָל אין יאָר.

## פסח

תיכף נאָך פורים האָט זיך געעפנט דער סעזאָן פון מצה־באַקן. פרומע יידן האָבן נאָר געניצט רחיים של יד און פריער אויסגעקליבן דעם ווייץ, ער זאָל זיין ריין פון יעדן חשש חמץ. סוחרים האָבן געברענגט פראָבקעס צום רב, ער זאָל געבן אַ הכשר אויפן ווייץ, כשר לפסח.

דער „ערשטער אויוון" איז באַטראַכט געוואָרן פאַרן גרעסטן כיבוד, וואָס איז צוגעטיילט געוואָרן די שיינע יידן, גבירים און תלמידי־חכמים, וואָס האָבן שוין געהאַט דערויף אַ חזקה.

געוויינלעך פלעגן קומען צום מצות־באַקן דער באַלעבאָס אָדער באַלע־באָסטע, אָפּשמועסן מיטן בעקער, געברענגט דאָס מעל. די מענטשן ביים בעקער זענען געווען געדונגענע, ס׳רוב פרויען און מיידלעך, קנעטערינס, וועלגערינס. יינגלעך, בחורים פלעגן רעדלען מיט אַ ציין־רעדל פון אַ זייגערל.

די מצות האָט מען אַהיימגעטראָגן אין אַ ליילעך, פאַרבונדן די פיר שפּיצן און אויפגעהאנגען אויף אַ האָק אין סופיט.

דאָן האָט מען איינגעזייערט דעם באָרשט, וואָס האָט אויך געהערט צו דער עבודה פון גרייטן זיך צום יום־טוב. שפּעטער האָט מען איינגעלייגט ראָזשינ־קעס אויף וויין, יין־צימוקים.

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט די וויכטיקסטע זאַכן, וואָס זענען געווען איינגעפירט ייִדישע מיניגים און איז איבערגעגאַנגען פון עלטערן צו קינדער דורות־לאַנג, האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון רייניקן, שאָבן, קראַצן און כשרן; אויסלופטערן די ספרים אויפן הויף, איבערדרייען די קעשענעס פון די מלבושים און כשרן די כלים. אין באָד זענען געווען ספּעציעלע קעסלען, אין וועלכע מען האָט געכשרט די כלים.

אַ באַזונדער הייליקע עבודה איז געווען דאָס באַקן די ערב־פּסחדיקע שמורה־מצות. דאָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ טאָג פריער, ווייל פאַרנאַכט איז מען געגאַנגען נאָך „מים שלנו”. דאָס וואַסער האָט, לויטן דין, געמוזט „איבער־נעכטיקן” אין שטוב און דערמיט האָט מען געקנעטן דאָס טייג פאַר די מצות.

אָפטמאָל בין איך מיטגעגאַנגען מיט די חסידים צום ברונעם. איינער האָט געהאַלטן דעם עמער. דוכט זיך, אַז ער האָט געדאַרפט זיין אַ הילצערנער. אַ צווייטער — דאָס ערדענע שעפ־טעפּל, אַן אַנדערער — דאָס דורכזיי־טיכל און עס איז געגאַנגען אַ כיבוד ווער עס זאָל אָנשעפּן פריער און ווער שפּעטער. ווען מען האָט שוין אָנגעפילט עטלעכע עמערס וואַסער איז מען אַהיימגעגאַנגען מיט געזאַנג.

נאָך מעריב האָט זיך אָנגעהויבן די בדיקת־חמץ. אָפטמאָל האָט מען פּשוט אונטערגעוואָרפן קרישקעלעך ברויט פאַר זיך אַליין, כדי צו קענען מאַכן די ברכה על ביעור חמץ. די צערעמאָניע איז געווען אַ קורצע. דערפאַר אָבער זענען די באַלעבאָסטעס על־פּי־רוב וואָך־געווען אַ גאַנצע נאַכט צוצוגרייטן אויף יום־טוב און עס האָט זיך זיי אויסגעוויזן, אַז זיי זענען קיינמאָל נישט פאַרטיק.

אויפצומאָרגנס האָט זיך ביים בעקער אָנגעהויבן די עבודה פון באַקן. נאָכן געבן דעם צייכן האָט זיך אָנגעהויבן דאָס קנעטן. איינער האָט אַכטונג געגעבן ביים צוגעבן טראָפּנס וואַסער צום טייג און ווען דאָס קנעטן איז געווען פאַר־ענדיקט, האָט ער אויסגערופן „נעמט די מיירע”. איינע פון די וועלגערינס האָט גענומען דאָס טייג, צעטיילט עס אויף קלענערע טיילן און יעדער וועלגערין געגעבן אַ טייל און יענע האָבן זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט.

דאָס וואַלגערן איז געטון געוואָרן אויף אַ לאַנגן טיש, וואָס מען האָט צונויפ־געשטעלט פון צוויי ברייטע ברעטער, וואָס מען האָט אָפּגעריבן ביז זיי זענען

געוואָרן וווּנדערלעך־ריין. די ברעטער האָט מען אָנגעלייגט אויף אַ הילצערנעם געשטעל, וואָס מען האָט גערופן קאָבילעס און עס האָט זיך באַקומען אַ טיש.

די אויסגעוועלגערטע מצה, דין ביז דורכזיכטיק, האָט מען צודערלאַנגט צום „מנקב״, דעם רעדלער, וואָס האָט דורכגעפּירט דאָס צייןְ־רעדל איבער דער מצה, געלעכערט, זי זאָל זיך נישט אָנבלאָזן אינעם אויוון. פון אים האָט מען עס גלייך צוגענומען און צודערלאַנגט צום אויוון, ווו אין ווינקל האָט געברענט אַן אויפהער אַ פייער. צו דער עבודה פון שטיין ביים אויוון און ציילן די מצות איז געווען באַשטימט אַ ספּעציעלער מענטש. די מצות האָט מען אַריינגעלייגט אין אַ ספּעציעלן קויש, און זיי פונאַנדערגעטיילט צווישן די חסידים.

צום סדר האָט דער טאַטע זיך געגרייט בדחילו ורחימו, אַליין צוגעגרייט דאָס היסב־בעט, די כוסות אויף ווייַן, די הגדות פאַר יעדן פון בני־בית. נאָכן פרעגן די פיר קשיות האָבן אַלע מיטגעזאָגט מיטן טאַטן „עבדים היינו״. נישט געווען קיין שטוב אין שטעטל, ווו עס זאָל נישט זיין צוגעגרייט די קערה של פּסח מיט אַלע מינים און דער טיש זאָל נישט זיין געגרייט מיט פיש, יויך און קניידלעך.

קינדער האָבן נייגעריקע זיך געגרייט צום עפענען די טיר ביי „שפוך חמתך״ און דערזען אליהו הנביא אַ טרינק־געבן פון זיין כוס, וואָס איז געשטאַנען אַ פולער מיט וויין אויף יעדן טיש. אָבער געזען האָבן זיי אים נאָר, ווען זיי זענען ווי דער שטייגער, איינגעשלאָפן. כמעט יעדעס יינגל אין וואָלאָמין האָט דורכ־געמאַכט אַזאַ חלום, ווען ער איז איינגעשלאָפן באַלד נאָך די קניידלעך. אין חלום האָבן מיר געזען אליהו הנביאן, אַן אַלטיטשקער, אַ גוטינקער, אַ פריילעכער, מיט אַ ווייס־זילבערנער באָרד, אין אַ ווייסער זיידענע קאַפּאָטע געשטיקט מיט זילבער. ער גייט צו צום כוס, גיט אַ זופּ קוים־קוים, אַז עס איז ממש נישט צו דערקענען. אַז מען האָט געטרונקען...

נישט איין יינגל האָט געהאַט צוגעגרייט אין האַרצן בקשות, ווּנטשן, וואָס ער זאָל אויסבעטן ביי אליהו הנביא, אָבער אין די מינוטן האָט ער פאַרלוירן ס׳לשון און נישט געקענט אויסרעדן קיין וואָרט. דאָך זענען די חלומות פון דער סדר־נאַכט געווען ביים יינגל פון די שיינע און גליקלעכע.

שטיל זענען געלעגן די געסלעך און זיך איינגעהערט אין די געזאַנגען פון דער הגדה, וואָס האָבן זיך געצויגן ביז נאָך האַלבער נאַכט. קיין מענטש האָט זיך נישט באַוויזן אין די געסלעך, כאָטש אַלע האָבן געוווּסט, אַז אין דער דאָזיקער נאַכט ווערן יידן, יידישע שטובן, געהיטן דורך הייליקע מלאכים. זיי שוועבן איבער די דעכער, קוקן דורך די פענצטער און שטייען ווי וועכטער ביי די טירן.

# הכנות לחג הפסח

ההכנות לחג הפסח התחילו זמן רב לפני בוא החג. עוד בקיץ, בעונת הפירות, היו מתקינים ריבות ומשקאות. בחנוכה היו שוחטים את האווזים שנתפטמו במשך החורף והיו ממיסים את השומן בכוונה מיוחדת „שומן לכבוד חג הפסח". מיד לאחר ט"ו בשבט החלו לדאוג להכשרת טחנת הקמח ולהכנת הכלים לאפיית מצות לפסח. כיום ישנם בתי־חרושת למצות אך בימים ההם היהודים בעיירות הקטנות היו מקפידים שלא לאכול אלא מן המצות שנאפו במאפייה שהוכשרה במיוחד לפסח, וכך נהגו גם בעיירתנו, וולומין.

קודם היה צריך להכין את המים המסוננים מבעוד יום, שכן בשביל המצות נחוצים מים „שלנו" בבית כל הלילה. לכן דאגו לספק מים מן הבאר יום קודם. אבא שלי היה השליח הראשון במלאכת האפייה והיה מודד הקמח. הוא היה ממונה על מילוי הכלי־קמח במידה הנכונה וברגע שהממונה על לישת הבצק היה נותן לו את האות, היה יוצק את הקמח לתוך הקערה. מיד עמד על משמרתו יוצק המים במשורה ומלאכת הלישה החלה. טיפה מים אפשר היה להוסיף אל הבצק, אך חס־וחלילה שיעיזו להוסיף קמצוץ קמח אל הבצק, מיד היה הכל נתחמץ. משנגמרה הלישה היה הלש מכריז „קחו את הבצק". מיד היתה נגשת אחת המגלגלות, נוטלת את העיסא, מחלקת אותה לחלקים לפי מספר המגלגלות שעמדו מוכנות לכך משך כל היום ומלאכת הגלגול החלה.

היכן גלגלו? היו מתקינים שני קרשים רחבים ועבים, היו מקציעים אותם ומשייפים אותם עד שהיו נקיים להפליא. זוג קרשים כאלה היו משעינים על כנים פרימיטיביים והיה מתקבל שולחן. ליד „שולחן" זה משני צדדיו עמדו כחמש עשרה נשים ומגלגלות את הבצק. היו נשים שעשו מלאכתם מעשי ידי אמן והיו מוציאות מתחת ידיהן מצה עגולה כאילו נחתכה באמצעות מחוגה, ועוביה של המצה היה שווה בכל מקום.

המצה המגולגלת הוגשה אל שולחן ה„מנקב", דער רעדלער, שהיה עובר על המצה בגלגל משונן של שעון ומנקב אותה לעשותה חורים־חורים שלא תתנפח בתנור כמו פיתה.

המנקב היה מעביר את המצה אל הרודה אל התנור. בתור היתה יוקדת באחת הפינות אש תמיד לא תכבה. מרדה מיוחד גדול ועגול שימש להכנת המצה לתנור, ומרדה אחר, קל יותר, שימש להוצאת המצות האפויות. איש מיוחד היה ממונה לעמוד ליד התנור כדי למיין את המצות שיצאו מן התנור, לערום אותן לערימות ולאכסן אותן בתוך סל קלוע מקש, טיפוסי ומיוחד למטרה זו.

מסורת של אפיית המצות היתה בעיירה שלנו אצל כמה בעלי־בתים שהכשירו

את תנוריהם. אחד מהם היה משה דעם רבינס, מלמד דרדקי דבי־רב. הוא היה יהודי בר־אוריין, חסיד גדול ונזהר בקלה כבחמורה.

# שבועות

קיין ספעציעלע הכנות זענען ביים ברייטן עולם אין שטעטל נישט געווען, ווייל דער יום־טוב פון מתן־תורה איז נישט פֿאַרבונדן מיט קיין ספעציעלע צערע־מאָניעס, בלויז די מילכיקערס זענען געווען שטאַרק טרוד און די באַלעבאָסטעס האָבן צוגעגרייט מילכיקע מאכלים, וואַרעניקעס און פּוטער־געבעקס, קעז־קיכן און קעז־ראגעלן א. א.

אין די שטיבלעך און בית־המדרש האָט מען באַצירט די ווענט און דילן מיט גרינינקע בוימעלעך, באַזונדערס אַרום דער בימה און ארון־הקודש, וואָס האָט געדאַרפט דערמאָנען דעם מעמד הר־סיני. קינדער האָבן זיך געלאָזט אין וואַלד אַריין, אַזוי ווי ס׳וואָלט אויף דער וועלט קיין חדר נישט געווען, קיין רבי, קיין קאַנטשיק. זיי האָבן אַהיימגעבראַכט די גרינע צווייגלעך, גרינס אויף יום־טוב, צעהאַנגען איבער די פענצטער, געלייגט שאווערן אויף די פּאַדלאָגעס.

⁂

אָט אַזוי זענען אָפּגעהיטן געוואָרן טראַדיציעס און מנהגים און אין דער דאָזיקער וואַרעמער אַטמאָספער פון אונדזער שטעטל, אַ היימיש־יידישע און טיף־מענטשלעכע, זענען אויסגעוואַקסן דורות, וואָס האָבן געצויגן זייערע לעבנס־זאַפטן פון אומאויסשעפּלעכן קוואַל פון יידישקייט, געוואָרן צוגעבונדן מיט אַלע פעדעם פון זייער נשמה צום יידישן פאָלק, מיטגעפילט זייערע ליידן און פריידן.

געווען אַ תקופה, ווען אַ סך פון דער יוגנט אין אונדזער שטעטל זענען אַוועק זוכן קולטור ביי אַנדערע פעלקער, געמיינט, ווי אַ סך, אַ סך אַנדערע אין יידישע שטעטלעך, צו געפינען דאָרט שענערע און בעסערע ווערטן. גיך איז געקומען די אַנטוישונג, אַ ביטערע און טראַגישע אַנטוישונג און דער פּרייז איז געווען דער גרויזאַמסטער אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט און האָט געפירט צום אונטערגאַנג.

ימען בלוט און טרערן זענען אָפּגעפלאָסן און איצט, ווען מיר שטעלן דעם דענקמאָל פאַר אונדזערע קדושים, אַנטפּלעקן זיך פאַר אונדז די אוצרות אין די טראַדיציעס, דינים, הלכות און מנהגים. וואָס מער מיר טראַכטן זיך אַריין אין זיי, אַלץ מער געפינען מיר אין זיי גרויסקייט און שיינקייט, אַלגעמיין־עטישע כללים אין פאַרזענלעכע באַציאונגען צווישן מענטש און מענטש און דעם גייסט פון אַ הויכער מאָראַל, וואָס האָט באַווירקט די גייסטיקע אַטמאָספער אין שטעטל.

שרה באום

# חיי טוהר וקדושה



עיירה יהודית טיפוסית, כמו כל העיירות בפולין, היתה וולומין, ואף שלא נולדתי בה הרגשתי את עצמי קשורה עם אנשיה ובמיוחד עם קרובי־משפחתי. היו בה יהודים מכל הסוגים; אמידים, קבצנים, סוחרים, פועלים, בעלי־מלאכה, אדוקים וגם חופשיים, אולם הרוב — חסידים, מכל הגוונים וגם מתנגדים.

כל המפלגות, שהיו קיימות בזמנו בפולין, לא נעדר מקומם בוולומין.

תחום מושבם של היהודים היה מרכז העיירה, כשמלפניהם ומאחוריהם שרצו אנטישמים למיניהם, ששנאת ישראל בוערת בהם, למרות שהיהודים יצרו ובנו וגם העשירו את שכניהם, הגויים.

באוירה זו חיו יהודי וולומין חיי טוהר וקדושה, התפרנסו מיגיע כפיהם. אחוז בלתי ניכר זכה לעושר. הרבה יותר חיו חיי עוני ומצוקה.

הכרתי את הנוער היהודי בשנים שלפני המלחמה. רובם היו פנינים יקרים, תמיד מוכנים לתת מחלבם ומדמם על מזבח המולדת ולמען העם. היו כאלה שלמדו וידעו עברית והצד השוה שבכולם — היו צמאים ללמוד ולדעת.

הנוער הזה לא איבד את צלמו אפילו בימי הזעם. בגאון נשא את סבלו והבליג על עינויו.

כולם עלו כקרבן עולה כליל על מזבח יהדותם בשואה הנאצית.

קדושים אתם, בני קהילת וולומין החרבה, ואת אנקותיכם האחרונות אנו שומעים, ויחד אתכם אנו פונים לאל צבאות:

„שפוך חמתך על הרוצחים, כי אכלו את יעקב".

קלמן פרוימן

# שנות־נעורי בוולומין

## יסודי התורה

שמונה שנות נעורי, מגיל עשר עד שמונה־עשרה ביליתי בוולומין ואת כל השנים האלו הקדשתי ללימודי־תורה, למדתי בתלמוד־תורה עד לחיסולו ובמקומו נבנה „יסודי־התורה", בית־ספר במובן מסוים יותר מודרני. היו בו ארבע כיתות ובכל כיתה הוקדשו שעתיים ביום ללימודי חול ויתר הזמן — ללימודי קודש.

אחרי שהתלמיד הצליח בבחינות־מעבר היה עובר מכיתה לכיתה יותר גבוהה.

אבי, יהושע פרוימן, היה מורה בכיתה הכי־גבוהה. הוא היה יהודי תלמיד־חכם ונוסף לכך איש העם בחיי יום־יום, נערץ וחביב על כל יודעיו. הוא עצמו היה עניו ומצניע לכת.

כשגמרתי את לימודי ב„תלמוד־תורה" הייתי כבר, לפי ידיעותי בתלמוד, ראוי להיכנס ל„ישיבה", אולם כזאת לא היתה קיימת בוולומין. הורי ,אמנם חשקה נפשם לשלוח אותי לוורשה או לוישקוב, ללמוד באחת מן ה„ישיבות" הגדולות, אבל לא היה ביכולתם, ואני המשכתי בלימודי בבית־המדרש.

יחד אתי למדו בבית־המדרש עוד תשעה בחורים, התחלנו בלימוד עצמי ונעזרנו על ידי בחורים יותר מבוגרים, שהספיקו כבר להתקדם בלימודיהם.

הם עזרו לנו רק במקרים מיוחדים, כשנפגשנו ב„מכשולים", שלא יכולנו לעבור עליהם בכוחות עצמנו. בעיקר זכור לי פייבל שטולמן, בחור למדן ונבון, תמיד מוכן לעזור.

המעבר הזה, מלימוד ב„חדר" ללימוד בבית המדרש, שבו נמצא הנער כל היום באולם גדול, בין אנשים שונים, צעירים ומבוגרים, לומדים ומתפללים, הוא מאורע עצום וכביר בחיי הנער, מאורע המטביע את חותמו על התפתחותו של הנער והמשפיע השפעה רבה על מהלך חייו בעתיד.

שקדנו על הלימודים מבוקר עד הערב, למדנו גמרא עם המפורשים. הבידור היחידי שלנו היה בלילות יום חמישי, בהם היינו מביאים לבית המדרש לחם ודגים

מלוחים ועורכים סעודה בצוותא, מפזמים ושרים מנגינות האבות, ניגונים חסידיים, באחווה וידידות.

כך הגעתי לגיל שמונה־עשרה. אז מתחיל הבחור בעיירה לחשוב על העתיד שלו, וככל שהמצב הכלכלי הלך ורע ורבו הנגישות והרדיפות והלחץ הכלכלי גבר ועצם, כן גדלה הכמיהה לעזוב את עמק הבכא בגולה ולעלות ארצה.

הבעיה לא היתה פשוטה, כי על מנת להגיע לארץ־ישראל נחוץ היה סרטיפיקט, רשיון מטעם הממשלה האנגלית המנדטורית.

אמנם היינו חברי „צעירי אגודת ישראל" וככל מפלגה גם היא קבלה כמות מסויימת של סרטיפיקטים לרשותה, אבל קטנה מדי ולא הספיקה עבור כל אלה שהיו מוכנים לעלות ארצה.. .

וולומין היתה עיירה אדוקה, היו בה מלבד „חדרים" גם בתי־מדרש, „שטיב־לעך" של חסידים, שבהם התפללו ילמדו מן הבוקר עד הערב, בימות חול ובשבתות וחגים. קול התורה היה בוקע בכל העיר מגרונם של תינוקות של בית רבן, קטנים וגדולים יותר, מבחורים ואברכים. וכך חושלה בעיירה רוחו של ישראל סבא וגדלו בה למדנים גדולים ויהודים גאים.



שמואל צוקער

# מיינע מלמדים





י אַ ווייטער חלום איז מיר פאַרבליבן אין זכרון יענער ערשטער טאָג, ווען מען האָט מיך געפירט אין חדר אַריין. עס איז דעמאָלט געווען אַ שווערער ווינטער און אויף די שויבן פון אַלע שטיבן אין שטעטל האָט דער פראָסט שוין געהאַט אויסגעוועבט די בלומען, וואָס האָבן געררייצט אונדזער קינדערישע פאַנטאַזיע. דאָס איז געווען אַ זונטיק־טאָג. דעם גאַנצן שבת האָט מען אין שטוב גערעדט וועגן דעם פירן מיך אין חדר אַריין. איך בין געווען צופרידן פון דעם געדאַנק, אַז באַלד וועל איך זיין גלייך מיט די אַנדערע יינגלעך, וואָס לויפן אַרויס פון חדר מיט רעש און געפּילדער. מיר האָט זיך נאָך דעמאָלט אויסגעוויזן, אַז דער חדר באַשטייט פון בלויז שפּיל און אַ סך קינדערישן טומל.

מיר ווייזט זיך אויס נאָך היינט צו פילן די וואַרעמקייט פון מיין טאַטנס האַנט ווען ער האָט מיך אַנגענומען און געפירט איבער דער גאַס אין יענעם ערשטן טאָג פון מיין ווערן אַ חדר־יינגל. צוקומענדיק צום רבינס הויף האָט זיך ברייט געעפנט די טיר און אַ ייד מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד און ברילן אין גאָלדענע רעמלעך האָט אונדז אָפּגעגעבן אַ מזל־טוב מיט דער גאַנצער האַרציקייט.

די וואָלאָמינער מלמדים אין זייערע פּריוואַטע חדרים, און תלמוד תורה און אין יסודי התורה, זענען געווען ווייט פון זיין פּעדאַגאָגן אין מאָדערנעם זין, אָבער דאָך האָבן זיי אויסגעאיבט אַן אומגעהויערן איינפלוס אויף דער געשטאַל־טיקונג פונעם כאַראַקטער פון די יידישע קינדער אין שטעטל. ווי די מערהייט פון מיין דור אין וואָלאָמין האָב איך דורכגעמאַכט אַ גאַנצע גאמע פון חדרים און האָב זיי אַ סך צו פאַרדאַנקען. וויל איך פאַרצייכענען אייניקע מלמדים ווי איך געדענק זיי פון מיין קינדהייט:

## וועלוול מלמד

דאָס איז געווען וועלוול מלמד, וועמענס נאָמען און אויך אים אַליין האָב איך געקענט שוין פון לאַנג. צוזאַמען מיטן טאַטן בין איך אַריין אין אַ באַגלאַזטער טעראַסע און באַלד איז אונדז אַקעגנגעקומען די רביצין, וואָס איז אַרויס פון דער קיך און האָט פאַר אונדז צוגעגרייט כיבוד, דערלאַנגט אַ גלאָז טיי מיט קיכלעך. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער רבי האָט אויף מיר געקוקט מיט ליבשאַפט און האָט דערבײַ נחתדיק געגלעט זיך זיין לאַנגע גרויע באָרד. אויפן טיש האָט זיך באַלד באַוויזן אַ זילבערנע טאַץ מיט עפּל און ראַזשינקעס. דער שמועס איז געווען אַ פריילעכער. מיר האָט דער רבי אָנגעוויזן אַוועקצוזעצן זיך ביים פענצטער, פון וואַנען מען האָט געזען וואַיטשעכאָווסקיס גאָרטן, וועלכן די קינדער האָבן אַזוי ליב געהאַט.

וואַיטשעכאָווסקיס גאָרטן איז געווען פול מיט הויכע און ברייט־פאַרצווייגטע ביימער, אויף וועלכע די פייגל האָבן געבויט זייערע נעסטן און זייער טשוויטשערן אין די פרימאָרגנס און פאַרנאַכטן האָט אָפּגעקלונגען אין מיינע אויערן ווי די שענסטע סימפאָניע. דער גאָרטן איז געווען אַרומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן און אין אונדזערע אויגן האָט עס אויסגעזען ווי אַ גן־עדן התחתון. עס זענען דאָרט געוואַקסן אַלערליי פרוכטן און שיין־געפלעגטע פלעצער פאַר פאַרשידענע שפּילן. פון די פאַרשידענע חדרים אין שטעטל פלעגן די יינגלעך זיך צונויפקומען נעבן דעם גאָרטן, שטיין פאַר די שטעכיקע דראָטן און קוקן אויף די צייטיקע פרוכטן, וואָס האָבן געגרייצט און עס פלעגט טרעפן, אַז אַ יינגל האָט זיך אָנגענומען מיט מוט, געפּרוווט דורכשטופּן זיך דורכן פלויט כדי אַרויסצוגנבענען אַן עפּל, וואָס דער ווינט האָט אַראָפּגעשאָקלט פון בוים. נישט איינמאָל האָט דאָס יינגל איבער־געלאָזט אַ שטיק פון זיינע הויזן מיט אַ שטיק פלייש פון אַ פוס אין די ציין פון גרויסן הונט, וואָס האָט געטריי געדינט זיין באַלעבאָס, איז אַרומגעלאָפן איבערן גאָרטן און געלויערט אויף זיין קרבן, דעם יידישן חדר־יינגל.

## פישעלע מלמד

צוויי ווינטערס און צוויי זומערס האָב איך געלערנט ביי וועלוול מלמד. איינגעזאַפּט אין זיך דעם ניגון פון אלף־בית און עברי, באַקומען דעם יסוד פאַרן ווייטערדיקן לערנען. דערנאָך האָט מיין טאַטע מיך אַריינגעגעבן צו אַ צווייטן רבין. דאָס איז געווען פישעלע מלמד. ער איז געווען אַ שטרענגער, פלעגט זיך צוזעצן צו זיין נייעם תלמיד, אַ רייב טון אַ האַנט אין אַ האַנט און נעמען זיין הילצערנעם טייטל, וואָס איז געווען פאַרשניצט אין אַ שאַרפן שפּיץ, מיט וועלכן

ער האָט געטייטלט אויף דער רש״י, וואָס ער האָט געפּרוּווט אַריינהאַקן אין דעם קינדערישן קעפּל.

האָט ווער פון די ייִנגלעך נישט באַנומען אַזוי שנעל דעם מיין פון רש״יס פּירוש אויפן חומש, האָט פּישעלע מלמד פאַרזשמורעט זיינע שמאָלע שוואַרצע אויגן, אַז מען האָט נישט אַרויסגעזען מער ווי דינע שפּעלטעלעך און באַלד האָט ער מיט זיינע קורצע און ברייטע פינגער אַריינגעכאַפּט אַ שטיקל לייב פונעם דערשראָקענעם ייִנגל און געגעבן אַ קניפּ צוזאַמען מיט אַ דריי. ער האָט דאָס גערופן: „דו באַקומסט ביי מיר אַ געדרייטן קנופּ״. ווען עס וואָלטן מיט דער צייט נישט פאַרשווונדן יענע שוואַרצע פלעקן אויפן קינדערישן לייב, וואָלטן אַ סך ייִנגלעך פון אונדזער שטעטל לאַנג געטראָגן אויף זיך די סימנים פון פּישעלע מלמד׳ס קנייפּן.

דער קניפּ איז נישט געווען די איינציקע שטראָף, וואָס פּישעלע מלמד האָט צוגעטראַכט פאַר זיינע תלמידים. ביזן היינטיקן טאָג איז אויפן קליינעם פינגער פון מיין רעכטער האַנט געבליבן אַ סימן פון אַ קלאַפּ, וואָס איך האָב באַקומען פון זיין קאַנטשיק, אַן אַרומגעוויקלטער מיט דינעם דראָט. מיין חטא איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס איך האָב זיך נישט צוגעהערט צו זיין לערנען, און דערביי געהאַלטן מיינע הענט אויף דער גמרא.

## מאיר מלמד

ביי פּישעלע מלמד האָב איך געלערנט נישט מער ווי איין זמן, ד. ה. אַ האַלב יאָר. דערנאָך האָט מיך מיין טאַטע אַריינגעגעבן צו מאיר שרעק. מאיר מלמדס חדר האָט זיך געפונען אין מקווה־געסל אין האַרבסט, ווען עס האָבן אָנגעהויבן פלייצן די רעגנס איז די בלאָטע געוואָרן אַזוי טיף, אַז מען האָט געקענט דאָרט בלייבן שטעקן מיט אַ פוס.

מאיר מלמד האָט געהאַט אַ באַזונדערן פאַרגעניגן צו האַלטן זיינע תלמידים אין חדר ביז אין דער שפּעטער נאַכט אַריין.

מיר דערמאָנען זיך די שמות, וואָס זיין ווייב טאָבע־רבקה האָט תמיד געטראָגן אויף זיך און אָנגעשפּילעט זיי אויף אירע קליידער ווי קמיעות. בעת אַ שטאַרקן פראָסט פלעגט זי זיך אַזוי אַריינרייסן אין חדר אַריין און מיטגעבראַכט מיט זיך דעם ווינט פון דער גאַס. זי איז געווען אָנגעטון פון קאָפּ ביז די פיס אין שוואַרצן, פלעגט אונטערטאַנצן פון קעלט און מורמלען פסוקים פון דער תורה. אָפטמאָל פלעגט זי זיך אַוועקזעצן אויף אַ באַנק צוזאַמען מיט די חדר־ייִנגלעך און אַריינגעטענהט אין אונדז מיט אַ רואיקער און זיכערער שטים: „ווען עך ווער

אַרויסגיין פון חדר, װעלן ענק באַגלייטן ביז אין שטוב אַריין די נשמות, װאָס קומען זיך טובלען אין דער מקווה"...

עס איז שווער פאַרצושטעלן זיך די שרעק, װאָס האָט אונדז אַרומגענומען די הערצלעך האָבן ביי אונדז געקלאַפּט גיך און האַסטיק. בלייך פון פּחד זענען מיר אַרויס מיט אונדזערע לאַמטערנעס, װעלכע דער װינט האָט גלייך פאַרלאָשן און מיר זענען געװען זיכער, אַז דאָס איז די אַרבעט פון די נשמות, װאָס האָבן זיך אַרויסגעלאָזט פון דער מקווה. אין טויט־אימה האָבן מיר זיך אָנגענומען פאַר די הענטלעך, געמורמלט פּסוקים, כדי די טויטע זאָלן אויף אונדז נישט האָבן קיין שליטה.

יענער פּחד האָט זיך איינגעגעסן אין אונדזערע הערצער און ליגט מיר נאָך ביזן היינטיקן טאָג אין די ביינער.

## שיע־כאַצקל מלמד

מיין קומענדיקער מלמד איז געװען שיע־כאַצקל. אַ דאַרער, בלייכע איינגעפאַלענע באַקן און אַ שיטער בערדל, האָט ליב געהאַט צו װיצלען זיך מיט די חדר־יינגלעך ער איז געװען איינער פון די מלמדים, װאָס האָט געהאַט אַ שם פון אַ גוטן מסביר, האָט געקענט געבן צו פאַרשטיין אַ קאַפּיטל תנ"ך, אַ שווערע סוגיא אָבער אַז אַ תלמיד האָט זיך אַמאָל צעבריקעװעט, האָט ער דערפילט אויף זיינע פלייצעס דעם שאַרפן שניט פון זיין קאַנטשיק, װאָס מען האָט גערופן דאָס נאַגייקעלע.

אויך מיר איז נישט איינמאָל אויסגעקומען צו פילן דעם דאָזיקן טעם און ביזן היינטיקן טאָג איז מיר שווער צו פאַרשטיין פון װאַנען עס האָט זיך גענומען צו אַזאַ ייד אַזויפיל כעס און רשעות.

דאָס משחיתדיקע נאַהייקאַלע האָט ער געפלעגט פאַרשליסן אין זיין שטענדערל, װאָס איז געשטאַנען אין צווייטן צימער צווישן די בעטן. װען אַ יינגל האָט זיך פאַרזינדיקט איז ער מיט כעס אַריינגעלאָפן אין צווייטן צימער, אויפגעשלאָסן דאָס שטענדערל, אַ כאַפּ געטון דאָס נאַגייקאַלע אין האַנט אַריין און אַ פאָכע געטון מיט אַזאַ כוח, אַז דער שפּיץ האָט זיך גלייך איינגעשניטן אין די פלייצעס פון יינגל.

דאָס נאַגייקעלע האָט אויסגעזען װי אַ שלאַנג פון דריי מעטער די לענג. װער עס האָט איינמאָל דערפילט דעם טעם האָט געהאַט גענוג אויף אַ לענגערע צייט צו געדענקען, און זיצן רואיק, קוקן דעם רבין אין מויל אַריין און מיט הכנעה טוען אַלץ װאָס ער האָט פון אים געפאָדערט.

## די מלמדים אברהם־ברוך און זישע

אויפן צווייטן יאָר בין איך געוואָרן דער תלמיד פון אברהם ברוך.

צווישן די צוויי מלמדים אברהם־ברוך און זישע האָט אין דער תלמוד־תורה אָפּגעטיילט אַ ווענטל מיט אַן אָפּגעריבענער טיר, וואָס איז תמיד געווען פאַרמאַכט, כדי נישט צו שטערן איינער דעם צווייטן.

ביידע מלמדים האָבן געהאַט געדיכטע גרויע בערד, געטראָגן די זעלבע אָפּענע כאַלאַטן, דורך וועלכע עס האָט זיך אַרויסגעזען דער גרויסער טלית קטן. ביידנס שיטות אין לערנען זענען געווען ענלעכע. זיי פלעגן פאַרטייטשן יעדעס וואָרט באַמיט זיך צו רעדן קלאָר און אַריינפירן דעם תלמיד איז דער געדיכטעניש פון אַ האַרבער סוגיא.

זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט חריפות און חכמה און מיר האָבן געקוקט אויף זיי מיט גרויס דרך־ארץ, געזען אין זיי די פאַרקערפערונג פון „בור סיד שאינו מאבד טיפה". זיי האָבן פאַר אונדז געעפנט טיר און טויער פאַר גמרא און מדרש, וואָס איז פאַר אונדז געווען אַ צעבליטער גרויסער גאָרטן פון וויסן. און קענטעניש און האָט אויך געהאַט אַ השפעה אויף אונדזערע כאַראַקטערס און מאָראַל.

אַזויפיל יאָרן זענען פאַריבער זינט יענער צייט. דער שרעקלעכער שונא האָט פאַרטיליקט אונדזער ייִדיש וואָלאַמין צוזאַמען מיט די חדרים, מלמדים און תלמידים. איך האָב זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן. זיי זענען געווען די, וואָס האָבן אונדז געלערנט נישט בלויז עברי, חומש און גמרא, נאָר אויך איינגעפלאַנצט אין אונדז שיינע ייִדישע מידות, הויכע מאָראַל, אהבת ישראל און אהבת הבריות.



צפורה לויט־גרודז׳צקי

# בית הספר היסודי



ת חינוכי קיבלתי בבית דתי. סבי, ר׳ משה גרודז׳יצקי היה מנכבדי הקהילה היהודית בוולומין והורי הלכו בדרכו המסורתית. בזמני היה כבר בפולין חינוך חובה וגם ילדי ישראל אנוסים היו לבקר יום יום בבית הספר היסודי, בו הספקתי לגמור שש כתות.

מלכתחילה נועד בית ספר זה לילדים יהודיים בלבד, אבל במרוצת הזמן העבירו אליו גם ילדים פולניים. אלה היו קשי־חינוך, אשר בתי־ספר פולניים רצו להשתחרר מהם.

המנהל של בית הספר, האדון ז׳ילינסקי אמנם היה שתיין, אולם יש להודות, כי בתקופת כהונתו לא הרגשנו בהפליה. המצב השתנה שנוי יסודי כאשר במקומו הופיע המנהל החדש, האדון וילצ׳נסקי, אנטישמי מובהק, שהפגין את שנאתו בכל הזדמנות ותמיד מצא סיבה לנזוף בנו ולהוכיח שהיהודים הם רמאים ופחדנים. אם תיפול מריבה בין הילדים בחצר בית הספר וילדי היהודים לא החשו והשיבו למחרפים כגמולם, היה מחרפם ומגדפם ומענישם בכל חומר הדין.

לכיתה שלנו הכניסו תלמיד פולני, טומשבסקי, אשר הטיל את אימתו על כל הכיתה, הרביץ לילדים היהודיים מכות רצח, והיה כי נסינו להתגונן ולהשיב לו כגמולו, הבהיל אותנו המנהל מיד לאסיפה, פתח במוסר ותוכחה וגמר בהטלת עונשים עלינו „למען ידעו״.

טומשבסקי הפושע אף פעם לא נענש.

ליום 11 בנובמבר, חג העצמאות הפולני, כל כיתה היתה בוחרת את נציגיה לחגיגה על־יד האנדרטה של החיל האלמוני. בשנת 1937 נבחרתי כנציגת הכיתה להשתתף בחגיגה, בה נשא המנהל וילצ׳ינסקי את נאומו. בין השאר אמר:

„תדעו לכם, שהרפובליקה הפולנית אינה בוטחת ביהודים... אין מקום כאן לתעתועי תרמיתכם הנלוזים. אני וחבר מורי נתמנו ללמד את הילדים בינה, כדי שיבחינו ברוב הטובה שמשפיעים עליהם, אולם אתם, היהודים, אינכם מסוגלים לקבל את שמקנים לכם. אנו שואפים לגדל דור אשר בבוא היום ידע להגן על מדינתנו, אבל יודע אני כי בעת הצורך לא אתם, רק טומשבסקי יהיה היחידי אשר יגן על מדינתנו...״



מגיל צעיר החלו הפעילים את החינוך החלוצי בעיירתנו, והיה בפעילות זו כוח־משיכה רב אשר עורר גם בתינוקות של בית־רבן שאיפות לעליה.

אנחנו, הילדים היהודיים, נדהמנו, כאילו הלמו בנו באלה, ואז התחלתי להבין שאנחנו זרים בארץ הזאת.

טומשבסקי, כמובן, ידע להסיק את המסקנות מנאומו של המנהל ובאותו יום עלתה חמת הפושע וניתכה בשצף קצף על ראשי הילדים כמפל מים גועש.

המורים שלנו היו בחלקם יהודים, בחלקם פולנים, ומהם זכור לטובה המורה זבדזקי, אדם ישר ומורה מצוין וידע להאציל עלינו מרוחו הטובה, נאמן לעקרונותיו אשר בהם היה דוגל תמיד: יושר, נקיון־כפיים ורגש אחריות. בגלל זה ידענו גם אנחנו לכבד אותו ולהעריך את אישיותו.

המורה קנאַפיק היתה זקנה ורווקה. בפולנית קראו לה: קנאַפיקובנה, כדי להדגיש כי רווקה היא. היתה בודדה וממורמרת ותמיד הבליטה אי־רצון מסויים שכולנו נרגיש בו, תוגה והתמרמרות נבעו מכל מלה ומשפט היוצאים מפיה.

בהוש היה מורה לגיאוגרפיה וגם ממנו נדף ריח האנטישמיות. לתלמידים בעלי פנים אריים או שמות אריים התייחס יותר טוב וגם נתן להם ציונים יותר טובים. אלי היה אומר: „פניך של פולניה, גם שם יש לך פולני.. חבל, שאַת יהודיה..."

הספקתי לגמור שש כתות ופרצה המלחמה.

חיים רובין

# מיין לערער
# ר׳ יחזקאל רובינשטיין



יידער איך בין אָנגעקומען לערנען צום לערער יחזקאל רובינשטיין בין איך אַדורכגעגאַנגען עטלעכע אַנדערע חדרים. יחזקאל רובינשטיין האָט געהערט צו די אַריסטאָקראַטישע מלמדים אין וואָלאָמין.

מיין ערשטער אָנפאַנג אין חדר איז געווען די תלמוד תורה. איך געדענק אַז איך בין אַלט געווען 4 אָדער 5 יאָר. די תלמוד תורה האָט זיך געפונען אין יוסקעס לאַסקאָווסקיס הויז אויף דער לאַנגער גאַס. אַ דריי צימערדיקע וווינונג אויפן ערשטן שטאָק. די נאָענטסטע שכנטע פון דער תלמוד־תורה איז געווען חוהלע ציאַפקעוויטש.

אין די דריי צימערן זענען געווען דריי כיתות. דער ערשטער צימער, אין וועלכן איך האָב געלערנט איז געווען פאַר אָנפאַנגער, וואָס האָבן געלערנט א׳ ב׳, און דאַוונען. דער צווייטער צימער איז געווען פאַר די תלמידים וואָס האָבן אַוואַנ־סירט און געלערנט חומש און רש״י. אין דעם דריטן צימער — פאַר די וואָס האָבן געלערנט גמרא.

נישט יעדעס יאָר פלעגט מען איבערגיין פון איין צימער צום צווייטן, די שילער פון דריטן צימער פלעגן לערנען יאָרן־לאַנג דאָרט ביז זיי זענען טייל-וויַיז אַוועק לערנען אין ישיבות.

מיין ערשטער לערער אין תלמוד תורה איז געווען אַ געלער, זיין נאָמען געדענק איך נישט. איך געדענק נאָר, אַז מיר פלעגן לערנען פון דער פרי ביז נאַכט יעדן טאָג אָן אויסנאַם. נישט איינמאָל פלעגט מען בעטן אַז דער רבי זאָל קראַנק ווערן, כדי מיר זאָלן זיין פריי.

אָפּלערנענדיק אַ יאָר בין איך איבערגעגאַנגען לערנען צו אַ צווייטן מלמד, צו פישעלען אויף דער לעשנע גאַס. דאָרט האָב איך געלערנט חומש. דער רבי, ר׳ פישעלע, פלעגט אָפט קומען צו מיינע עלטערן און רימען מיך, אַז איך בין אַ גוטער תלמיד, אַז איך האָב אַ גוטן קאָפּ, אַז איך וועל אויסוואַקסן אַ תלמיד חכם. אַ דאַנק דעם דאָזיקן רימען מיך איז אים געלונגען צו באַקומען אַ לוין העכערונג.

נאָך דריי יאָר לערנען איז מיין ציל דערגרייכט געוואָרן און איך האָב אָנגעפאַנגען צו לערנען ביים רבין ר׳ יחזקאל.

ר׳ יחזקאל איז געווען פאַר מיר דער ערשטער לערער, וואָס האָט מיך בעקאַנט מיט אַלגעמיינעד בילדונג. ביי אים האָב איך אָנגעפאַנגען צו לערנען שרייבן און לייענען יידיש, פויליש, העברעאיש, ווי אויך רעכענען.

דעם דראַנג נאָך אַלגעמיינער בילדונג האָב איך געקריגן צופעליק, ווען אַדורכגייענדיק די גאַס, האָב איך געזען ווי מען קלעפּט אויס פּלאַקאַטן מיט בילדער און איך האָב נישט געקענט לייענען. ביי די פּלאַקאַטן האָבן זיך גרופּירט פיל מענטשן און איך האָב זיך געשעמט צו פרעגן וואָס עס באַדייטן די אויפשריפטן.

דאָס איז געווען נאָכן אָפּשטופּן די סאָוויעטישע אינוואַזיע אויף וואַרשע.

ביי ר׳ יחזקאל האָבן מיר געלערנט צוואַנציק תלמידים אין פערשידענעם עלטער. זיין באַציאונג צו אונדז איז געווען פיל ליבעראַלער ווי אַלע אַנדערע מלמדים אין יענער צייט. פון צייט צו צייט פלעגט ער אויך באַנוצן אַ ראַפּניק, נאָר פאַר די תלמידים, וואָס פלעגן שטערן. ר׳ יחזקאל איז פאַר מיר געווען דער ערשטער מלמד און דאָס ערשטע חדר, וווּ איך האָב געפונען אינטערעס צו קומען לערנען יעדן טאָג. ער איז געווען דער ערשטער לערער וואָס האָט מיך געלערנט תנ״ך און דורך אים האָב איך באַקענט די היסטאָרישע פאַרגאַנגענהייט פון יידישן פאָלק.

זיין הויז האָט זיך געפונען אין צענטער פון שטעטל אויפן ראָג לאַנגע־און ווילענסקי־גאַס, דאָס צימער, ווו מיר האָבן געלערנט, האָט געהאַט צוויי פענצטער. מיר זענען געזעסן ביי אַ לאַנגן טיש פון ביידע זייטן און מיר האָבן אַלע מיט גרויס אינטערעס געהערט זיין פערטייטשן די קאַפּיטלעך תנ״ך, טאָג ביי טאָג. די האַרצי־קייט אין דער לערערישער צוגאַנג צו די קאַפּיטלעך פון שאול המלך, האָט אונדז, תלמידים, באַוויזגן, אַז נאָכן אַהיימגיין האָבן מיר לאַנג גערעדט וועגן די יידישע מלכים.

ר׳ יחזקאל האָט געהאַט זייער אַ פּראַקטישן צוגאַנג צום לערנען. איך געדענק, ווי ער האָט אונדז געלערנט שיין קאַליגראַפיש שרייבן. מיר האָבן געברענגט ספּעציעלע העפטן און מיר האָבן זיך קאָנצענטרירט צו שרייבן גלייך אין די שורות.

ר׳ יחזקאל איז נישט געווען קיין פאַנאַטיש פרומער. ער איז געגאַנגען זיין אייגענעם וועג, קיינעם קיין מוסר נישט געפּרעדיקט און אַלס אַזעלכער האָט ער געהאַט אַנערקענונג פון אַ גרויסן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין וואָלאָמין.

ער האָט ליב געהאַט צו טון טובות און ער האָט געשמט אַלס אַ גוטער שרייבער פון ביטעס צום שטאָט ראָט, צו דער סטאַראָסטווע און אַלע אַנדערע אַנשטאַלטן. זיינע ביטעס זענען געווען גוט באַגרינדעט, מיט אַ שיינעם פויליש. ער האָט אויך געקענט דייטש, רוסיש, און נישט ווייט געווען פון יידישער ליטע־

ראַטור. נישט איינמאָל האָט ער אונדז דערציילט שאַפונגען פון שלום עליכם, י. ל. פרץ א. א.

ר׳ יחזקאל איז נישט געווען קיין חסיד, נישט געפאָרן צו קיין רבין און נישט געהערט צו קיין שום חסידים־שטיבל. ער פלעגט זיין פעדאַנטיש ריין, שטענדיק אָפּגעפּוצטע שטיוול, ריינע קאַפּאָטע און שטענדיק פלעגט ער אונדז זאָגן און דערמאַנען, אַז מיר זאָלן נעמען דעם ביישפּיל פון אַזעלכע ווי ר׳ משה גראָדזשיצקי, און זיינע זין, ווי עס שיינט פון זיי דער יראת־הכבוד, ווען זיי גייען פרייטיק פאַרנאַכט אין שול אַריין.

ר׳ יחזקאל האָט פאַרשטאַנען די נשמה פון תלמיד, ער האָט אונדז קיינמאָל נישט געמאַכט קיין באַמערקונג, אַז מיר האָבן געשפּילט אין באַלעם אויפן הויף. אָפטמאָל האָט ער פאַר אונדז געמאַכט אַ מסיבה, ספּעציעל אין חנוכה, ווען זיין פרוי סימע האָט געמאַכט לאַטקעס און מכבד געווען אַלע תלמידים.

ער פלעגט זאָגן, אַז קיין בעסערע לאַטקעס ווי סימע האָט געמאַכט זענען אין דער וועלט נישטאָ. ער פלעגט זיי רופן פּאַמפּוכעס, און פאַרוואָס עפּעס פּאַמ־פּוכעס, ווייל זיי זענען געווען דיק, גוט אויסגעבאַקן, און ביים עסן האָבן זיי געקנאַקט אין מויל. ווער שמועסט, אַז ער האָט נאָך צוגעטרונקען אַ גלאָז טיי, צוגעביסן מיט צוקער — דער שונא זאָל נישט וויסן פון דעם טעם.

ר׳ יחזקאל איז געווען זייער אַ גוטער פאָטער און האָט געזאָרגט פאַר זיינע קינדער, אויך ווען זיי האָבן שוין געהאַט זייערע פאַמיליעס. אַזוי האָט ער זיך שטענדיק אינטערעסירט מיט זיינע תלמידים, אויך נאָכדעם ווי זיי זענען שוין געווען דערוואַקסן און זעלבשטענדיק.

ר׳ יחזקאל האָט פאַרשטאַנען דעם געדראַנג פון דער יידישער יוגנט, אַז זי האָט נישט קיין אויסוועג צו לעבן אין פּוילן און האָט געפלעגט זאָגן, אַז פאַר אונדז יידן איז דער איינציקער וועג עולה צו זיין קיין ישראל.

ער האָט ליב געהאַט צו באַוואונדערן די נאַטור, און פלעגט מיט אונדז נישט נאָר גיין צו תשליך, נאָר אויך שפּאַצירן אויף די אַרומיקע פעלדער און וועלדער.

איך געדענק ,אין 1929, נאָכן פּאָגראָם אין חברון, ווו צווישן די אומגעקומענע איז אויך געווען די משפחה דובניקאָוו, וועמענס זון האָט מיט מיר געלערנט אין חדר. זיי זענען געווען פּליטים פון רוסלאַנד און האָבן געוווינט אין וואָלאָמין אַ קורצע צייט. ער האָט געזאָגט יזכור אין שול און פיל מאָל דערמאָנט דובניקאָווס איידעלע געשטאַלט.

קורץ פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט זיך ר׳׳ יחזקאל נאָך זייער גוט געהאַלטן. ווען נישט די באַרבאַרישע נאַצישע מערדער מיט זייערע צוהעלפער וואָלט ער דערלעבט ביזן טיפן עלטער.

חיה רובינשטיין



# די תלמוד תורה

די תלמוד תורה האָבן די וואָלאָמינער באַלעבאַטים אויפגעבויט אויף דעם זעלבן הויף, וווּ עס איז געשטאַנען דאָס בית המדרש. דאָס בית המדרש איז געווען אַ הילצערנע געביידע, וועלכן די דייטשן האָבן באַלד נאָכן פאַרנעמען וואָלאָמין, פאַרברענט.

דער בנין פון דער תלמוד תורה איז געווען אַ געמויערט הויז, וואָס שטייט נאָך ביזן היינטיקן טאָג. ביי דער תלמוד תורה האָט מען אויך געשאַפן אַ 5־קלאַסיקע שול, אין וועלכער מען האָט געלערנט וועלטלעכע לימודים.

די מלמדים האָבן אַלע געוווינט אין שטאָט, דאַקעגן די לערער זענען געקומען פון וואַרשע. און נאָכן ענדיקן זייער אַרבעט זענען זיי צוריקגעקומען אַהיים. די 5־קלאַסיקע שול ביי דער תלמוד תורה איז געשאַפן געוואָרן פאַר די עלטערן, וואָס האָבן נישט געוואָלט שיקן זייערע קינדער אין די פוילישע שולן. נאָכן ענדיקן די 5־קלאַסן אין דער תלמוד־תורה, האָט יעדער תלמיד באַקומען אַ צייגעניש און אויב ער האָט געוואָלט, האָט ער געקענט ממשיך זיין דאָס לערנען אין העכערע קלאַסן אָבער שוין אין אַנדערע שולן.

אַ סך פון די קינדער האָבן טאַקע פאָרגעזעצט זייער לערנען אין דער פאָלקס־שול, ס׳רוב ביז זיבן קלאסן. געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געלערנט שפּעטער אין גימנאַזיע אָדער אין אַ פאַכשול. מערסטנס איז מען פון דער תלמוד־תורה אַוועק לערנען אין אַ ישיבה.

איינער פון די לערער אין תלמוד תורה איז געווען אַ וואָלינער בחור, שלמה טאַבאַקמאַן, וועלכער האָט אין וואַרשע געענדיקט אַ לערער־סעמינאַר און גלייך צוריקגעקומען קיין וואָלאָמין, וווּ ער האָט באַקומען דעם פּאָסטן אין דער תלמוד־תורה. אים איז געלונגען פאַר דער מלחמה עולה צו זיין קיין ישראל, וווּ ער פאַרנעמט ביזן היינטיקן טאָג דעם פּאָסטן פון אַ שול־אינספּעקטאָר אין דער געגנט פון חיפה.

# די פאָלקס שול
# און
# אירע יידישע לערער



עת פוילן איז אָקופּירט געווען דורכן צאַרישן רוסלאַנד, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז פאַר אַ יידיש קינד זייער שווער געווען אַנצוקומען לערנען אין אַ מלוכהשער שול.

אין וואָלאָמין איז, אמת, געווען אין יענער צייט אַ פאָלקס־שול, אָבער נישט יעדער האָט געקענט אַנקומען אין דער שול. ס'איז געווען אַ פאַר־אָרדענונג פון דער מאַכט, אַז אין דער שול קענען ווערן אָנגענומען נאָר קינדער, וועמענס עלטערן פאַרמאָגן אַן אייגן הויז. עס זענען נישט אָנגענומען געוואָרן קיין קינדער פון אָרעמע עלטערן. די אָרעמע קינדער זענען דערפאַר געווען גע־צוווּנגען צו לערנען ביי פּריוואַטע לערער. נישט אַלעמאָל האָבן זיי דאָס געקענט באַווייזן.

נאָך דער באַפרייאונג פון פוילן איז די פאַראָרדענונג אָפּגעשאַפט געוואָרן און אַלע קינדער אָרעם און רייך, האָבן געהאַט גלייכע רעכט אָנגענומען צו ווערן אין דער פאָלקס־שול. אין דער וואָלאָמינער פאָלקס־שול האָבן געלערנט צוזאַמען



**לערער צוזאַמען מיט די שילער פון דער פאָלקס־שול**

**די 4־טע פון רעכטס (אויבן):** שמואל צוקערס שוועסטער — — אסתר נאוואגראדזקי, מירל־גיטל איידלזאָן, שיינדל באַראָן.

**2־טע ריי, 4־טע פון לינקס:** איטשע טייבלומס טאָכטער — — רחל בורשטיין און אַנדערע.

יידישע און פוילישע קינדער. ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט מען געשאַפן אַ שול בלויז פאַר יידישע קינדער. די שול האָט זיך געפונען אויף דער וואַרשאַווער סקער־גאַס, אין אַ הויז, וואָס איז געוואָרן אָפּגעדונגען ביי אַ ייִדישן באַלעבאָס.

די פאָקלס־שול אין וואַלאָמין האָט געהאַט זיבן קלאַסן. דער דירעקטאָר איז געווען אַ פּאַליאַק. אַלס לערער זענען געווען באַשעפטיקט יידן און פּאַליאַקן.

אַ סך האָבן נאָכן פאַרענדיקן די פאָלקס־שול פאַרגעזעצט דאָס וויטערדיקע לערנען אין אַ וואַרשעווער גימנאַזיע אָדער אין אַ פאַך־שול.

צווישן די יידישע לערער האָט זיך אויסגעצייכנט די לערערין טיגלווונאַ, וועלכע איז געלונגען זיך אַפּצוראַטעווען פון די היטלעריסטישע מערדער און זי לעבט היינט אין פּאַריז.

אַן אויסגעצייכנטע לערערין איז אויך געווען די נעכאַלסוונא, וועלכע וווינט היינט אין אַמעריקע. ביזן היינטיקן טאָג געפינט זיך אין וואַרשע דער לערער שנייאור. די שילער, וועלכע עס קומט אויס אַמאָל צו באַגעגענען זיך מיט זייערע לעבנגעבליבענע לערער, לעבן איבער רירנדיקע מאָמענטן.

דער רוב פון יידישע לערער זענען אומגעברענגט געוואָרן דורך די היטלעריס־טישע מערדער. צווישן זיי אויך די לערערין העלערווונא, וואָס האָט צוזאַמען מיט איר גאַנצער משפחה געוווינט אין וואַלאָמינער געטאָ און אומגעקומען צוזאַמען מיט דער גאַנצער יידישער קהילה אין וואַלאָמין.

## די בית־יעקב־שול

די בית־יעקב־שול האָט זיך געפונען אויף דער לעשנאַ־גאַס, אין קערשס הויז. די שול איז געווען אַ 6־קלאַסיקע. די קינדער האָבן אָנגעפאַנגען פון אלף־בית, געלערנט לייענען און שרייבן יידיש, חומש, יידישע געשיכטע, יידישע דינים און אויך געזאַנג.

די מיידלעך אין דער בית־יעקב־שול זענען געווען זייער פרום, אָפּגעהיטן די מצוות, וועלכע האָבן פאַרפליכטעט די יידישע פרוי. ווען זיי האָבן געענדיקט די שול זענען זיי געווען גוט באַהאַוונט אין יידיש וויסן. מען האָט זיי גערופן מיטן ליבלעכן צונאָמען: בנותקעס.

ביים פאַרענדיקן דאָס שול־יאָר האָט מען איינגעאָרדנט פאָרשטעלונגען אויף תנ״כישע טעמעס. אין די פאָרשטעלונגען האָבן אָנטיילגענומען קינדער פון אַלע קלאַסן. צו די דאָזיקע פאָרשטעלונגען האָבן די קינדער צוזאַמען מיט די לערערינס געגרייט זיך מיט גרויס ענטוזיאַזם, אַליין געמאָלן און צונויפגעשטעלט די דעקאָ־ראַציעס. מערסטנס האָבן די פאָרשטעלונגען זיך אויסגעצייכנט מיט גרויס דערפאָלג.

די עלטערן האָבן געשעפּט נחת פון זייערע טאַלאַנטירטע קינדער און פאַר די לערערינס איז געווען אַ גרויסע סאַטיספאַקציע צו זען די גוטע רעזולטאַטן פון זייער אַרבעט און מי.

פונקט ווי זייערע מאַמעס, האָבן אויך די קינדער, די שילערינס, די בנות יעקב אָפּגעהיטן אין זיך די איידלסטע און שטילע צניעות. איצט שטייען מיר אַזוי טרויעריק־פאַרשעמט פאַר די יונג־פאַרשניטענע געשטאַלטן, טייערע און הייליקע וואָלאָמינער מיידלעך, וואָס האָבן נישט פאַרלאָזט זייערע עלטערן, לערערינס און דערציערינס אין זייער לעצטן גאַנג. אייביק שטייען זיי פאַר מיינע אויגן ווי די פאַרקערפּערונג פון יידישער שיינקייט און פון הויכער מאָראַל.



די בנות־יעקב מיט זייער לערערין באראכאוו ביים פאַרענדיקן דאָס שול־יאָר.

איך געדענק די לערערין באָראַכאָוו, וועלכע איז צו אונדז געשיקט געוואָרן פון דער צענטראַלע פון די בית־יעקב־שולן אין קראקע. זי האָט געוווינט ביי דער משפחה זעמבאַ, דער איידעם פון וואָלאָמינער רבין. זי איז געווען זייער באַליבט ביי די קינדער, וועלכע האָבן אין איר געזען די פאַרקערפּערונג פון ערלעכער יידישקייט. זי האָט ביי אונדז געלערנט ביזן לעצטן יאָר פאַרן אויסברעכן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אינעם לעצטן יאָר פאַר דער מלחמה איז איינע פון די בנותקעס, דבורה גראדזשיצקי געוואָרן לערערין אין דער ראדזימינער בית־יעקב־שול.

די בית־יעקב־שול האָט גענאָסן פון דער מאָראַלישער און פינאַנסיעלער

אונטערשטיצונג פון דער שטאַט. שכר־לימוד האָבן געצאָלט נאָר די פאַרמעגלעכע. אין דער מאַטעריעלער אונטערשטיצונג האָבן זיך אויסגעצייכנט די ברידער פּייוול און דוד שטולמאַן.

אומפאַרגעסלעך זענען געבליבן פאַר די קינדער די ל״ג־בעומר־אויספלוגן, די שפּאַצירן און די שמועסן, וואָס די לערערינס האָבן געפירט מיט זייערע שילערינס איבער די שענסטע קאַפּיטלען אין דער ידישער געשיכטע.

בית־יעקב־שילערינס פלעגן קומען אין די פרייטיק־צו־נאַכטסן, און שבת אינדערפרי צום דאַווענען אין שול. זיי האָבן שטאַלצירט מיט זייער וויסן און קענטעניש אין די ידישע לימודים.

## בנות יעקב

די אייגנאַרטיקייט און מאָראַלישע שיינקייט פון די מיידלעך, וואָס עס האָבן פאַרמאָגט די בנות־יעקב אין וואָלאָמין, איז באַשטאַנען נישט בלויז אין זייער פרומקייט, איידלקייט. זיי האָבן אויך ליב געהאַט ארץ־ישראל און געבראַכט פיל נוצן דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג אַריינגעטראָגן לעבן אין זייערע היימען.

צווישן די דאָזיקע פשוטע ידישע מיידלעך זענען געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן פאַרשטאַנען דעם טיפערן זין פון אַלע פרינציפּן און חוקים פון דער ידישער אמונה; ווי אַזוי מען דאַרף זיך באַגיין אין כלל מענטשלעכע סיטואַציעס לויט די ידישע פרינציפּן, די געבאָטן און איסורים וועגן שמירת שבת און אַנדערע געביטן פון ידישקייט.

די דאָזיקע מיידלעך האָבן אַסך געלערנט וועגן יהדות, וועגן דעם מיין און ציל פון ידישקייט. זיי האָבן געוווּסט, אַז עס איז פאַראַן נישט נאָר איין מיין, נאָר אַ סך מיינען; אַז עס איז פאַראַן אין ידישקייט אַ וועלט מיט סימבאָלן, וואָס אין זיי שפּיגלען זיך אָפּ די גרויסע אמתן פונעם יהדות, און וואָס עס זענען נאָך באַהאַלטן אין זיי באַזונדערע סודות און כוונות, וועלכע מען קען נישט דערגיין ביז צו זייערע לעצטע טיפענישן.

וואָס האָבן די דאָזיקע יונגע מיידלעך געטראַכט בעת זיי זענען געגאַנגען אויף זייער לעצטן וועג צום שוידערלעכן טויט? האָבן זיי דאָך געגלויבט, אַז דאָס ידישע פאָלק איז אויסדערוויילט געוואָרן צו גיין אַליין צווישן די אומות העולם: זיין די ערשטע און די איינציקע, כדי צו זיין אַ ראיה פאַר דער גרויסקייט פון ידישן גאָט, פאַר זיין איינציקייט; זיי זאָלן זיך לערנען די צדקות, די מידות און אידעאַלן פון דער ידישער אומה. פאַרוואָס־זשע קוקט גאָט צו גלייכגילטיק ווי די שונאים פאַרניכטן זיין חייל? און ווו זענען די בשורות פונעם גואל צדק, וואָס דאַרף קומען אויסלייזן אונדז און זיי?

אפשר האָבן זיי געטראַכט, אַז אַזוי דאַרף אויסזען די אתחלתא דגאולה, האָבן מצדיק־געווען דעם דין, דעם גרויזאַמסטן דין איבער אַ פֿאָלק. זיי האָבן דאָך תמיד געהאַלטן הויך די פֿאָן פֿון ייִדישקייט און פֿון איידלקייט, האָבן פֿאַרשטאַנען און געוווּסט פֿון זייער דערפֿאַרונג, אַז אַלץ אין לעבן ווערט דערוואָרבן דורך יסורים.

מיטן טיפֿן גלויבן האָבן זיי געלעבט און מיטן טיפֿן גלויבן האָבן זיי אויס־געהויכט זייערע ריינע, אין יסורים געלייטערטע נשמות.

צוזאַמען מיט זיי האָבן געטרונקען דעם גאַליקן בעכער ביזן סוף זייערע דערציִערינס, דערציִער און עסקנים, וואָס זענען אומגעקומען על קידוש השם.

די נאַציִשע מערדער האָבן די ייִדישע קינדער פֿאַרניכטעט, אָבער נישט געקענט זיי צעברעכן. אויך די פּשוטע, פֿרומע און יחוסדיקע ייִדישע מיידלעך זענען געווען פֿעסט ווי די דעמבעס, און אַזעלכע זענען זיי געבליבן אין די שווידערלעכע טעג. אונטער דער היטלעריסטישער שווערד, וואָס איז געהאַנגען איבער זייערע קעפּ, האָבן זיי דערפֿילט זייערע אויפֿגאַבן ביז צו די לעצטע מינוטן פֿון זייער לעבן.

אַזעלכע זענען זיי געווען די ייִדישע קינדער אין וואָלאָמין, די בנות־יעקב, אַ מוסטער פֿאַר אייגענע און פֿרעמדע, אַ ביישפּיל פֿאַר אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער, ווי אויסצוהאַלטן דעם ווידערשטאַנד קעגן דער צייט און אירע שטורעמס און דאָך בלייבן טריי דעם ייִדישן פֿאָלק און זיין הויכער מאָראַל.





י. א. וויינבערג

# מתמידים אין שטיבל און בית־המדרש

## אין גערער שטיבל



ראַכטנדיק וועגן מיין טאַטן זע איך פאַר זיך אויך דאָס גערער שטיבל, די חסידים, זייער התלהבות ביים דאַוונען און ביים לערנען, ביים טאַנצן און זינגען אין די ימים־טובים און אפילו אין פשוטע שמועסן און וויכוחים.

אין גערער שטיבל פלעג איך זיך אָפט צוהערן צו וויכוחים איבער די העכסטע זאַכן, איבער חסידישע דרכים און איבער קבלה, איבערן חילוק צווישן דער שיטה פון קבלה פונעם אר״י הקדוש און דער שיטה פון רבי משה קורדיבורו. עס זענען געוואָרפן געוואָרן ווערטער פון תלמוד, פון פוסקים און פון זוהר מיט אַ פאַר־באַרגענער באַדייטונג. מען האָט דערמאָנט נעמען פון גרויסע רביים, פון חידושי הרי״ם, פון שפת אמת און אַנדערע גרויסע יידן און מען האָט זיך נאָכדערציילט הייליקע ווערטער, רבישע תורות, וואָס רירן אָן הימלישע זאַכן און עפענען די אויגן בעסער צו זען און באַנעמען דאָס לעבן אויף ד׳ע ר וועלט.

מיין פאָטער איז געווען פון די אָנגעזעענסטע גערער חסידים אין וואָלאָמין און אויך אין גערער הויף ביים רבין, ווו ער איז געוואָרן אויסגעטיילט מיט כיבודים, וועלכע עס פלעגן באַקומען די סאַמע חשובסטע חסידים.

כ׳בין נאָך געווען אַ חדר־יינגל, ווען דער טאַטע האָט מיך מיטגענומען אויף אַ יום־טוב קיין גער. דער ריזיקער בית־המדרש איז געווען פול מיט חסידים, וועלכע זענען געקומען פון אַלע עקן לאַנד. צווישן די חסידים זענען געווען אויך רבנים, דיינים און גרויסע תלמידי חכמים. עס האָט אויסגעזען ווי די גאַנצע רוחניותדיקע יידישע וועלט וואָלט זיך דאָ צונויפגעקומען, כדי צו זיין נאָענט צום רבין. ווי אין אַן אמתער רעליגיעזער עדה איז אין גער אָפגעווישט געוואָרן

יעדער אונטערשייד צווישן אָרעם און רייך, צווישן למדן און געוויינלעכן ייד. אין גער האָט מען זיך געפילט ווי ביים באַרג סיני, אַלע יידן זענען גלייך.

ערשט ביים „טיש פירן" האָט מען גענומען זען די אונטערשיידן. פון די טויזנטער חסידים זענען נאָר געציילטע צוגעלאָזט געוואָרן צום זיצן ביים טיש אָדער ווערן אויסגערופן צום ווייַן, וואָס דער רבי האָט צוגעטיילט.

מיין טאַטע איז געווען איינער פון יענע געציילטע חסידים.

יענער מאָמענט איז מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון. דער געדראַנג אַרום רבינס טיש איז געווען אין לשער. הונדערטער חסידים האָבן זיך געשטופּט איינע אויף די אַנדערע. יעדער האָט געוואָלט זיין וואָס נעענטער צום רבין, זען הערן. אין דער לופט איז געשטאַנען אַ געדיכטע פּאַרע. טייכן שוויס האָבן זיך געגאָסן פון די מענטשן, וואָס האָבן מיט שעהן פריער פאַרכאַפּט אַן אָרט און די ענגשאַפט איז מיט יעדער רגע געוואָרן אַלץ שווערער און שטיקנדיקער. נאָר גאָר שטאַרקע האָבן געקענט אויסהאַלטן. די שוואַכערע זענען געפאַלן פון די כּוחות און פאַרחלשטע האָט מען זיי מיט גרויס מי ארויסגעשלעפּט פון די רייען, געגאָסן אויף זיי וואַסער. נאָכן אָפּמונטערן זיי זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך ווידער געריסן צו זיין נעענטער צום רבינס טיש. אָבער אַרום טיש זענען די מענטשן געווען צוזאַמענגעקנאָטן ווי רויגן אין בויך פון אַ פיש. איצט שטייען זיי מיר פאַר די אויגן, ווי אַ פאַרשוויצטע, צונויפגעגאָסענע מאַסע, צוזאַמענגעגליט אין פייער פון גרויסער אמונה.

דעמאָלט אָבער איז עס נאָך פאַר מיר געווען ניי און איבערראַשנדיק. נאָך גרעסער איז געוואָרן מיין איבעראַשונג, ווען אין דער אַריינגעטראָטענער שטילקייט האָב איך דערהערט ווי דעם רבינס גבאי האָט אויסגערופן מיין טאַטנס נאָמען:

„אברהם־יאָסל פון וואָלאָמין!"

דאָס האָט מען אויסגערופן מיין טאַטן צום באַקומען דעם כוס ווייַן פונעם רבין.

דאָס ריזיקע בית המדרש איז געווען שוואַרץ פון מענטשן, פון מענגעס חסידים, וועלכע זענען געשטאַנען אַנגעפּראָפּט, צוגעדריקט איינער צום אַנדערן, אָבער נאָר געציילטע חסידים האָבן זוכה געווען צו אַזאַ כבוד, צו באַקומען ווייַן פונעם רבין אַליין.

איך בין דאַן אַרומגעגאַנגען אַן אויפגערודערטער. מיין דרך ארץ פאַרן טאַטן איז געוואקסן. איך האָב געוווּסט, אַז דעם כבוד טיילט מען אים צו פאַר זיין גרויסער יראת־שמים, פאַר זיין הויכער מדרגה אין חסידות.

אין וואָלאָמין איז דער טאַטע געווען נישט נאָר גבאי אין גערער שטיבל, נאָר אויך בעל־שחרית אין די ימים־נוראים. ער האָט זיך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין באַזונדערס שיינער שטים, איז נישט געווען קיין בעל־מנגן, דאָך האָט מען

אים אויסגעקליבן פאַר אַ שליח־ציבור אין די פּאַרכטיקע טעג, ווייל ווען ער האָט געדאַווענט פאַרן עמוד, האָט מען געפילט ווי זיין תפילה עגבערט זיך אַריין אין די הימלישע טיפענישן דערגייט ביז צום כסא הכבוד. דאָס איז געווען די תפילה פון אַ גרויס יידיש האַרץ, וואָס איז מתפלל פאַר דער גאַנצער עדה.

דאָס גערער שטיבל איז געווען אינעם בנין פון דער תלמוד־תורה, ווו ר' הענעך גאָלדוואַסער, מיין פרויס פאָטער, איז געווען מנהל. אויך ער געהערט צו די שיינע געשטאַלטן, וואָס האָבן געלעבט אין אונדזער שטעטל און מיט זייערע מעשים און גוטע מידות געווען ביישפּילן פאַר אַנדערע.

## אין בית־המדרש

אין בית־המדרש האָט מען געדאַווענט און געלערנט, אָרעמע און רייכע, חסידים און מתנגדים, יונג און אַלט. ביי מנחה ומעריב פלעגט עסווימלען ווי אין אַ בינשטאָק. באַקאַנטע האָבן זיך געטראָפן און אַריינגעכאַפּט אַ שמועס, אָבער בעיקר איז דאָס בית־המדרש פאַרבינדן מיט לערנען. פון פריען באַגין ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט מען דאָרט געלערנט.

עס איז געווען אַ גרויסער ש"ס־טיש, ביי וועלכן מען האָט געלערנט גמרא. מיין טאַטע פלעגט אויך זיצן ביים דאָזיקן ש"ס־טיש, באַגין, אפילו ווינטער, ווען אינדרויסן איז נאָך געווען פינצטער, איז דער טאַטע שוין דאָרט געזעסן צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע יידן, פאַרטיפט אין האַרבע סוגיות און דאָס לערנען האָט געשאַרפט די מוחות און געוואַרעמט די הערצער.

צו די גרויסע מתמידים האָט אויך געהערט ר' חיים אהרן־בונעמס. יומם ולילה האָט ער עוסק געווען אין תורה. פונקט ווי ביים דאַווענען איז ער אויך ביים לערנען נישט איינגעשטאַנען אויף איין אָרט, נאָר אַרומגעדרייט זיך אין גרויס דבקות אַהין און צוריק, געשאָקלט זיך, באַוואויגן מיט די הענט, הייס, התלהבותדיק, כל עצמותיו תאמרנה.

געווען אין בית־המדרש אַ סך אַנדערע מתמידים, וווילערנער, אָבער אהרן חיים־בונימס איז געווען אַ יחיד במינו. עס האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט גאָר קיין היים נישט געהאַט, אָפּגעגעסן, אַבי צו דערכאַפּן ס'האַרץ, איז ער גלייך צוריק אַוועק אין בית־המדרש, איז געווען אויסגעוויקט אין יראת שמים און מעשים־טובים.

ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט גרויס פּילבאַרקייט אויף יענעמס צער און נויט. ווען מען האָט געדאַרפט שאַפן געלט פאַר אַ נויטבאַדערפטיקן, האָט עס חיים אהרן־בונימס דורכגעפירט ווי דאָס וואָלט געווען די סאַמע נאַטירלעכסטע באַדערפעניש אין דער וועלט. ער האָט אָפט געזאַמלט געלט אין בית־המדרש און אין גאַס. די מענטשן האָבן געהאַט צו אים אומבאַגרענעצטן צוטרוי און קיינער

האָט אים נישט אָפּגעזאָגט.

„ווײַל איז דעם וואָס קאָן אויף אַזאַ מדרגה קומען" — האָבן ייִדן אין וואַלאַמין געזאָגט ווען זיי האָבן זיך באַצויגן צו אים מיט דרך ארץ און ליבשאַפֿט.

ייִדן אין בית המדרש האָבן פֿאַרמאָגט אין זיך אַ שטאַרק געפֿיל פֿאַר יושר און צדק. איז געווען אַמאָל אַ פֿאַל, אַז אַ באַלעבאָס האָט געוואָלט אַרויסוואַרפֿן זײַן לאָקאַטאָר פֿון דער דירה, איז אין בית־המדרש געוואָרן אַ גרויסער רעש און ווען יענער באַלעבאָס איז שבת געקומען צום דאַווענען, האָבן די מתפּללים, אַלע ווי איין מענטש, אַוועקגעשטעלט זיך ביים בלעמער און נישט דערלאָזט צו קריאת התורה ביז דער באַלעבאָס וועט נישט עפֿנטלעך, בפֿני עם ועדה, זיך מתחייב־זײַן מבטל צו מאַכן דעם משפּט קעגן דעם אָרעמען לאָקאַטאָר.

## בעלי־תּפֿילה

דאָס וואַלאַמינער בית־המדרש האָט נישט פֿאַרמאָגט קיין גרויסע חזנים, איז אָבער דערפֿאַר געבענטשט געווען מיט גוטע בעלי־תּפֿילה. אַזעלכער איז אויך געווען ר׳ ישׂראל־מרדכי שוחט, וועלכער האָט געהאַט אַ שטאַרקע שטים און זײַן דאַווענען פֿאַרן עמוד אין די ימים־נוראים און ימים טובים האָט זיך אויסגעצייכנט מיט האַרציקער מתיקות.

מיטן אָנקום פֿון יום־טוב האָט פֿון ר׳ ישׂראל־מרדכין גענומען שטראַלן אַ הייליקע פֿייערלעכקייט. ער איז געווען אָנגעטון אין דער אַטלאַסענער קאַפּאָטע און פֿון דער זייטיקער קעשענע האָט זיך אַרויסגעזען די רויטע פֿאַטשיילע און אויפֿן קאָפּ — דאָס הויכע סאַמעטענע היטל. מיט זײַן אַוועקשטעלן זיך פֿאַרן עמוד איז דורך איבערן בית המדרש אַ שטילער מורמל פֿון טיפֿער איבערגעגעבנקייט. באַלד האָט זיך דערהערט זײַן הויכער אויסגעשריי: „אשרי..." און אַלעמענס הערצער האָבן אויפֿגעציטערט.

אין די אויערן קלינגען נאָך זײַנע סליחות, זײַן „הנשמה לך והגוף פּעלך". ביז טיף אין דער נשמה האָט זײַן ניגון אויפֿגערודערט און אַרויסגערופֿן דעם חשבון הנפֿש.

זײַנע מאַדזשיצער ניגונים האָבן אָפּגעקלונגען מיטן קול פֿון גבורה און וואַלאַמינער בית־המדרש־ייִדן האָבן אין אים געזען אַן אומאויסשעפּלעכן קוואַל פֿון הערלעך געזאַנג.

זײַנע געזאַנגען, פֿון סליחות ביז מוצאי יום־כּיפּור, האָבן אַרײַנגעבראַכט די מתפּללים אין אַן אויפֿגערודערטער שטימונג. ווען ר׳ יחזקאל, דער אַלטער שמש, האָט נאָך די ערשטע סליחות אַוועקגעשטעלט זיך ביי דער טיר מיט זײַן בלעכענער פּושקע, האָט יעדער אַרײַנגעוואָרפֿן אין אים אַ פּאָר גראָשן.

# ברוכי מעש

— — — מי ידע וישכיל לתאר את האוצרות של אידיאליזם, מרץ ללא־דוגמא ואהבת־מולדת עמוקה, אשר החלוצים הללו של התחיה העברית בוולומין השקיעו בעבו־דתם, שאין מזכירים אותה בשום דינים־וחשבונות ? כולם אש התלהבות, ברוכי־מעש, הביא לתנועה הציונית ממיטב לשדם ודמם וברצון רב נטלו על עצמם לשרתה בהגשמת רעיונות ותוכניות, באירגון העבודה הממשית, ובכל אשר דברו ועשו נשמע הצליל הזך של זהב טהור, אשר מבלי משים נגע עד לב כל איש ואיש וכצליל שיר מקהלת הקודש ישאוהו תמיד על שפתיהם.

אשרי הדור מלא־צלילים כאלה !

אוי לו לדור ביגונו על אבדן הצלילים שנאלמו דום. ציוני וולומין, הצעירים והזקנים, הרגישו עצמם חלק מן העם היהודי הגדול, ההולך לקראת תחייתו וגאולתו, ואינו מוכן לוותר על ייחודו ותקומתו. חייהם היו תוססים וסוערים, במאבקים בין שאיפות ואמונות ודעות חדשות, שבאו לדחוק ולהתיש את הקיימות ; בין מפלגות, שצמחו ועלו על קרקע הסתירה והבנין, מתוך רצון החיים ומאמצי־התחיה והגאולה. כל סקירה וסקירה נכתבה בידי אנשי המפלגות, ונתנו למחבר חופש גמור לספר את תולדות מפלגותיהם ואירגוניהם מבחינתם הם. הקורא ימצא מה שמאַחד את דרכי המפלגות האלה במגמתן אל דרך המלך של האוכלוסיה היהודית בוולומין בלבטיה ובשאיפותיה, במאבקיה, הפנימיים והחי־צוניים, בחילוקי הדעות על דרכי המאבק המדיני בכלל ובארץ ישראל בפרט ; וימצא גם את המאַחד, את הסינתיזה בחיים ובמאבק, שהיא דרך עליתו וירידתו של העם, שעלה בלהבות.

שמעון קאנץ

# התנועה הציונית

אלקה שמיר־גריז׳ק

## פעילות ציונית והכשרה חלוצית



יירתי, וולומין.
עיירה קטנה ובכל זאת מצאו להם בה ביטוי כל דפוסי הקיום וכל רחשי־רוח ואידיאולוגיה, אירגונים ותנועות נוער: השומר הצעיר, גורדוניה, החלוץ, החלוץ הצעיר, קן בית״ר, וכולם היו פעילים למען רעיון העליה והכשרה חלוצית.

כדרך צעירים בכל מקום נערכו גם אצלנו הפלגות וטיולים, אסיפות ותהלוכות. זכורות לי תהלוכות ל״ג בעומר, הנוער החלוצי יצא ליער בדגלים, בחצוצרות ובתופים. בראש התהלוכה צעד אליעזר ברגזין. אחר כך התעורר וויכוח ושיחת רעים על מדינת ישראל כעובדה קיימת בפעולותיה.

בערוב היום חזרנו. משהתקרבנו לעיר נערכנו בשורות לקראת כניסתנו, ובבוא הפקודה „קדימה צעד״ — בשרו החצוצרות והתופים את כניסתנו החגיגית העירה.

לכל אחד ואחד היתה השאיפה לראות את מדינת־ישראל בצורה חיובית ביותר ללא צללים.

הוי, קרבנות קדושים וטהורים, מי יגלה עפר מעיניכם והייתם רואים, כי משאת נפשכם התגשמה ומדינת ישראל קמה לתחיה, רבונית ועצמאית על הצבא המהולל והמפואר שלה.

איך הייתם מתגאים בצבא הגנה לישראל, כי הוא לתפארת לכל יהודי העולם!

עם התגברות האנטישמיות התגברה גם התודעה של עליה והנוער התחיל לזרום לתנועה הציונית, גם בני־טובים התבלטו בפעילותם.

למרות גילם הצעיר דרשו לצאת מיד להכשרה.

## החלוץ הצעיר

באותם הימים הייתי פעילה כמזכירת הסניף של „החלוץ הצעיר". הנוער נכנס במלוא מרצו והתלהבותו לעבודה החלוצית, שאפו לקבל חינוך חקלאי, כדי שיוכלו לעבוד בארץ ולהתפרנס מיגיעת כפם.

הצעירים הכניסו רוח של עליה בעיירה. „החלוץ הצעיר" מילא תפקיד ראשון במעלה.




החלוץ הצעיר



אַ גרופּע פון „החלוץ הצעיר" אין וואָלאָמין

סידרנו הגרלות, הרצאות והצגות, וההכנסה היתה קדושה לקרן עליה לחלוצים שיצאו להכשרה ולא היה להם כסף לעלות.

ניהלנו את העבודה התרבותית בתנופה ובהתלהבות. לעתים תכופות אורגנו ערבים ספרותיים, בהם השתתפו בני־הנוער באופן ער ופעיל. אולם מובן שהמשימה העיקרית היתה לתת לנוער חינוך חלוצי.

לא מעטים מבין חברי החלוץ הצעיר אמנם נסעו להכשרה, אך למרבית הצער לא כולם הצליחו לעלות עקב פרוץ מלחמת העולם. מעטים נמצאים איתנו בארץ.



קבוצת „החלוץ הצעיר"

## קרן קימת לישראל

היתה זו הסתערות גדולה וכיבוש דעת הקהל כאחד. קבענו לפנינו מטרה להכניס לכל בית יהודי קופסת הקרן קימת לישראל, אולם היתה זו פעולה קשה, כי היו כאלה שהתנגדו בכל תוקף והיינו צריכים לשכנע אותם ברוך ובהגיון.

הצלחנו בעבודתנו זו ופעם בחודש עברנו על הבתים שהסכימו להכנסת הקופסא הכחולה והורקנו את תוכנם. לבנו נתמלא גאווה ואושר אין קץ.

המרץ ורוממות הרוח וההכרה ביעוד הרחיקו מאתנו כל היסוס, וכך צמחה התנועה והכפילה שורותיה. הרגשנו שהתנועה הופכת כוח רציני בנוער.

השירה העברית השתרשה בתוכנו, וערב ערב בקעה מתוך כתלי החדר, בו התאספנו, וריקודי ההורה בלי סוף לא עייפו אותנו.

האסיפות, ההרצאות והכינוסים הרחיבו את ידיעותינו בכל השטחים.

ללבם של הורים רבים חדרה הסברתנו, שכל כוונתנו אינה להמריד בנים על הוריהם, אלא על חיי התלישות והניוון של הגלות, ולחנך את הנוער לבנין המולדת ולעיצוב דמות חדשה של יהודי־חלוץ.

ופעולתנו לא הכזיבה.

עד שבא הצורר והחריב את הכל.

## לייבלה שרמן

עשרות, עשרות בני־נוער־חלוצי היינו מתאספים ערב־ערב בחדרו של לייבלה הרמן. הוא היה מראשוני הפעילים בתנועתנו. גילגולי החיים פיתחו את רוחו והשגתו והיה לאישיות.

הדאגה לגורל עמו עמדה תמיד בראש מחשבותיו, ובכל מסיבות החיים היתה המטרה הלאומית לנגד עיניו.

כאיש עובד החי על יגיע־כפיו היה נוטה לעשייה ולבנין והקדיש את כל מאמציו לרעיון הציוני היקר לנפשו.

לייבלה הרמן עסק בפעולתו הציונית בהשקט ובבטחה, בתום לב ובתום רוח, והתמיד בה בלי ליאות.

לייבלה לא זכה לראות בהקמת מדינת־ישראל, כי נספה, כאלפי יהודי וולומין, במחנה המוות של טרבלינקה.



קבוצת צעירים מ„החלוץ"
יושבים: מרים מנדלברג, גורינר, אלעזר ברג




הועד למען ישראל העובדת

# בדרכי העליה

היד רועדת. איך אפשר לכתוב על חיי היהודים בעיירתנו, העיירה, בה נולדתי וגדלתי והיא נחרבה, על כל האהובים והיקרים שנגדעו ונשמדו בגיטו ובמחנות המוות?!

עזבתי את וולומין במרץ 1939, יצאתי את הבית בלב קשה ועל לבי העיקה ההרגשה שלא אוסיף עוד לראות את ביתי, שאנו הולכם לקראת ימים איומים, אבל לא יכולתי להעלות על דעתי שמתקרבת שואה כל כך איומה — השמדת כל משפחתי, עיירתי, עמי.

הורי מתו הרבה שנים לפני החורבן ובאו לקבר ישראל. נשארתי יתומה, בלי אב ואם. יחד עם שתי אחיותי: פייגה וגיטל עברנו לאחותינו פרידה הנשואה ואם לשלושה ילדים.

לא עברו הרבה ימים והיא נתאלמנה. מצבה הכלכלי היה בכי־רע. היתה צריכה לעבוד קשה ובזעת אפה הביאה את לחמה לילדיה הרכים. תנאי־החיים ירדו מיום ליום, ואני לא ראיתי בשבילי שום עתיד בפולין האנטישמית. משחר ילדותי הייתי פעילה בתנועה החלוצית ובכל נימי נפשי שאפתי לעליה.

הייתי מזכירת קרן־הקיימת, ואחר כך מזכירת סניף החלוץ ופעולתו בכל שטחי החיים החלוציים נתנו לי סיפוק רב. בשנת 1933 יצאתי להכשרה לגוש נבדין על מנת להגשים את שאיפתי לעליה.

אחרי ששה חודשים עבודה בהכשרה נסגרו שערי העליה. נשארתי בהכשרה שש שנים ואחרי מאמצים רבים וכרוכים בסכנות גדולות זכיתי בדרכי העליה הבלתי־ליגאלית להגיע ארצה.

נכנסתי ישר לקיבוץ אשדות־יעקב, בו מצאתי את ביתי וחיה בו עד היום.

פרצה מלחמת עולם השניה וכבר לא הספקתי לקבל הרבה מכתבים מאחיותי. הדאגה לחייהם לא נתנה לי מנוחה. בשנת 1941 קבלתי דרך צלב האדום את זעקתן: „אנו במצב קשה. אם תוכלי — תעזרי לנו".

דפקתי על כל השערים, והם היו סגורים.

נשארתי היחידה להספיד את אלה שניספו ואינם, את פרידה עם שלושת ילדיה: פייגה'לה, ישעיה ורוזה'לה; את פייגה ובעלה יוסף גרוסקופף עם תינוקם; את גיטל עם בעלה וילדם.

זהבה וויינברום – גאָלדע גאלדוואַסער



# חדוות נעורים בקן השומר־הצעיר



קן של השומר הצעיר בוולומין היה ברחוב דלוגה, בדירתו של לייבלה ברמן. המדריכים הראשונים היו משה וויינברום, משה פלטקובסקי זכרונם לברכה וכותבת השורות האלו.

ערב ערב היינו מתאספים, בנים ובנות, חלקם ממשפחות אדוקות ואצלם תגובת ההורים היתה חריפה. הם התנגדו וניהלו מאבק עם בניהם ובנותיהם, אסרו עליהם להשתתף בפעולות הקן. אולם לאט־לאט התגברנו על הקשיים. הצעירים האלה, שהיו עתידים לקשור את גורלם עם התנועה החלוצית, מצאו כאן, בתנועת הנוער של השומר הצעיר, באולם הדל הזה, את ביתם. הפעולה חתרה קדימה והיכתה שרשים עמוקים בנוער הוולומינאי, בפעילותם האירגונית באו על סיפוקם ומצאו בה את שמחת נעוריהם.



קבוצת חברי „השומר הצעיר"



קבוצת „השומר הצעיר" — באמצע למעלה, זהבה וויינברום

התנהלה פעולת ההדרכה הרעיונית, למדנו את הקשר ההיסטורי של היהדות עם ארץ־ישראל, הוגבר שיתוף הפעולה בין הקנים ונערכו פגישות תכופות ביניהם — אם במחנות ואם בסמינרים. הקן שלנו התברך בשכבת בוגרים מסורים בלב ונפש ונוסף על הפעילות בתנועה פיתחו החברים פעולה ציבורית עניפה, בקבוצות ובגדודים ובמחנות צופים.

השתדלנו לקשט יפה את קירות ביתנו בית הקן, בתמונות, בסיסמאות, בעיתון־קיר, שהיה מופיע מזמן לזמן.

במאמץ החינוכי ליצור דמות של „שומר" — חבר מסור ובעל סגנון־חיים הולם צריך היה להתגבר על קשיים שנבעו בין ממצב המשפחתי של הנוער ובין מסביבתם התרבותית, כי באו אלינו בני־טובים יחד עם בני שכבות שונות, שהקריאה לעליה מצא ביניהם אזנים קשובות.

הקן היה מצטיין באיסוף כספים למען הקרן־הקימת־לישראל. היינו פעילים בסניף „החלוץ" ובליגה למען א"י העובדת. קבענו פגישות בחורשה, כל גדוד תחת דגלו, שרנו שירים עבריים ורקדנו ריקודים ארצישראליים.

מלאי־רושם היו טיולי הקן של השומר הצעיר בל"ג בעומר. הטיול היה מאורע חשוב בעיירה. לפנות ערב יצאו זקן וילד לפגוש את הצועדים באון, כל קבוצה תחת דגלה. מראה הסקויטים הגאים עורר התפעלות גם בין האוכלוסיה הפולנית.

אנו נושאים באהבה את זכר אותם הימים, בהם בגרו חניכי הקן בפני בעיות ההגשמה ושאפו לעלות ארצה, אולם נקטפו ונרצחו בידי הנאצים.

זאב נדבורני

# הנוער
# בתנועה הציונית

תחנת רכבת זעירה ושם לא כל כך מוכר היתה העיירה וולומין. רק שמונה־עשרה קילומטרים מהמטרופולין ורשה, עיר הבירה של פולין. בעצם, עיירה ככל עיירות פולין על גווניהן השונים, וגם אלו לא היו מרובים כל כך. שמות מפורסמים של רבנים או משוררים לא קשורים בה, מנהיגים דגולים או אילו־הון לא היו בה. ומאורעות מרעשים לא נתחוללו שם, אבל דבר אחד הוא שייחד את העיירה והיה גאוותה — הנוער היהודי.

הנוער בעיירתנו שהיה ער ותוסס, נוער שלבו ונפשו פתוחים לקלוט אהבה ומסירות לעם ולמולדת הרחוקה.

הנוער בוולומין ידע, כי קודם כל יש להשכיל, ללמוד ולהבין את תורת הלאומיות. אין זו תורה פשוטה, כי אין די לעם ברצון הקיום, במאבק על קיומו, בכיסופי גאולה, ביצירת ספרות גדולה בשפתו במשך כל הדורות ובעצם הסבל והרדיפות על ייחודו, אלא יש צורך גם בהוכחות תיאורטיות, שכן קיים הוא ולאום הנהו. הנוער בעיירתנו התחיל להתעניין בוויכוחים, שמע הרצאות והתווכח עם מתנגדים, וכך נמצאו צעירי־וולומין משוכנעים על ידי ההוכחות שבידיהם.

מיטב הנוער התרכז והתלכד סביב התנועות הציוניות, כגון: „גורדוניה", „החלוץ־הצעיר", „השומר־הצעיר", „בית"ר", „החלוץ", וגם תנועות ספורט כגון „מכבי" ועוד.

הנערים היו מחונכים ומנוסים. ויחד עם זאת מלאי־מרץ ושמחה. תנועות הנוער הללו הפיחו רוח חיים בעיירה.

עוד מצלצלת באזני השירה בצבור, ונזכר אני במחול ה„הורה" כפי שראיתיו הן בין כותלי הבית והן סביב מדורות אש ביער.

אחת החגיגות היפות והמפוארות ביותר היתה בל"ג בעומר, שעה שמאות צעירים וצעירות של תנועות הנוער צעדו ברחובות המרכזיים של העיר בתלבושתם

החגיגית, מי בחולצות כחולות, ומי בחולצות לבנות ואפורות. עשרות דגלי תכלת־לבן נשאו ברמה והתנופפו ברוח מעל לראשם. גם מזג־האוויר שיתף פעולה על־פי־רוב, שמי תכלת ללא ענן, ממש שמיים ישראליים.

כששירים ישראליים בפיהם, צעדו בני הנוער ליער מירונובה, אשר בראש הגבעה וממנו אפשר היה להשקיף על העיר כולה.

בצל העצים, ליד השיחים ועל הדשא, התפרשו הללו כמחנה שלם, חבורה גדולה — מעגלים מעגלים של מחוללים, כולם סובבים במחול ההורה והקרקע נבקעת תחת רגליהם הרוקדות.

למחול הרוקדים אין סוף, להתפשטותם אין קצב, אין מדה, אין שיעור.

אחרי הריקודים נערכו קומזיצים. ואז היו הצעירים שרים ומנגנים וסתם מרעישים ומשמיעים קול בצהלה ובחדווה, מרבית השירים היו ישראליים ומסורתיים. שרנו את הפזמון „רבי שמעון בר יוחאי", והרגשנו כאילו שתינו מכוס־החיים המלאה־מלאה.

אותו יום מוקדש היה גם לשיחות ולדיונים. כל תנועה על פי דרכה היא היתה עוסקת, מי בשיחה על חיי הארץ ומי בהרצאות על התפתחות התנועה החלוצית, על המתרחש בארץ־ישראל, על חשיבותם של מחנות־ההכשרה וההכנה המוקדמת לעליה ארצה.

בין שאר השאלות היתה גם שאלת חינוך החברים לאור מטרותיה של התנועה. וגם בשיחות על נושאים רציניים אלו אפשר היה להבחין במעין אוירה של אושר וחדוה. בשעה שלמדו על העבר הרחוק והמפואר של עמנו, ברגעי התעלות־והגות, שהרוו צמאונם לדעת את המתרחש בתנועות הנוער הציוניות, הם האמינו באמונה שלמה שלא רחוק היום וגם הם ישתתפו ויקחו חלק פעיל בבנין הארץ.

עד לשעות החשכה עסקו הצעירים בימי־עבר העם וחזוני־העתיד, ברקמת חלומם, חלום ציון, אולם בשעה שירד הלילה והם חזרו לבתיהם, נתקלו בדרך במציאות הקודרת, באספקלריה של אדמת הנכר, כלומר — גלויי האנטישמיות.

בעיירה זו, בעיית האנטשמיות, שהתבלטה ביותר בפולין, היתה קיימת גם בעיירתנו וולומין, ורבו בה הרמזים לשואה הבאה.

צעירי־העיירה היו מן הראשונים והנועזים שלחמו בה.

באותה עת שררה בפולין אנטישמיות שמצאה בטוייה במעשי תוקפנות שבמרוצת הזמן היו מלווים בתגות והתנקשויות ביהודים שאורגנו על ידי נוער פולני מוסת.

התנהלה מערכת תעמולה נרחבת בכתב ובעל־פה נגד היהודים שמקורה היה מפלגת „האנדקים" ושזכתה לתמיכה נרחבת מן השלטונות הפולניים. האוכלוסיה

הנוצרית בוולומין היתה ספוגה גם היא בשנאת יהודים ארסית. ולא פעם קרה שצעירים נוצריים היו מתנפלים על יהודים בעיירתנו.

זוכר אני שבאחד מצהרי יום ראשון, באחד הרחובות המרכזיים רח׳ „דלוגה״ בו היו מרבית התושבים יהודים, טיילו כמה מחברי לתומם ברחוב, ולפתע הגיחה קבוצת צעירים נוצריים מולם ואחד מהם שלף אקדח וירה לעבר היהודים ופגע באחד מחברי, אברהם טייבלום ובדרך נס נפצע בפצעים קלים ויצא מכלל סכנה, עד היום נושא אותו חבר את הכדור בגופו.

וזוכר אני שבאחד הערבים, עת חזרתי הביתה, מצאתי את אבי ז״ל יושב בכורסא ודם ניגר מפניו, ואמי ז״ל מטפלת בו ורוחצת את פצעיו ומשקיטה את כאביו. הוא סיפר שהלך לתומו באחד הרחובות הצדדיים לאחד מלקוחותיו כדי להסדר עניינים. בדרך התנפלו עליו צעירים נוצריים באלות ובאבנים, ורק הודות לאומץ לבו ולקור רוחו הצליח להמלט מהם וניצל.

מקרים אלו עוררו את חמתנו, וזוכר אני איך התארגנו הצעירים להחיש עזרה בכל מקרה של התנפלות על יהודים. ולא פעם היתה ידנו על העליונה, וגרשנו את החוליגנים.

במבחן ההתנפלויות הללו נתגלתה לעין כל גבורתה הנאמנה והכרחיותה החיונית של ההגנה העצמית. נוכחנו לדעת כי עלינו מוטלת חובת ההגנה. מאחר והשלטונות לא דאגו להחיש עזרה לנתקפים ואף היו אדישים כליל לפרעות ביהודים.

מצב זה העסיק את מחשבת מיטב הנוער, והצעירים החלו לחשוב מה יהיה עתידם, הם התחילו לטפח את הרעיון בדבר הצורך בהגשמת חזונם, ורק פתרון אחד נצטייר במוחם — העליה לארץ ישראל.

נתעורר הצורך לשנות את פני הדברים על ידי מעשים. כל תנועת נוער האמינה שדרכה תחיש את ההגשמה וכל אחת עשתה זאת בדרכה היא. אולם כולן כאחת חינכו את חבריהן להגשמה עצמית והיו שולחות אותם ל„הכשרה״, בה הסתגלו למלאכת כפיים ולעבודה גופנית.

תנאי העבודה במחנות ה„הכשרה״ היו לעיתים קשים מאד ומרבית הצעירים לא טעמו לפני כן טעמם של עבודה ומאמץ גופני, אבל הודות לשאיפה לעלות לארץ ישראל, התגברו על כל הקשיים וגמרו את הכשרתם, וכך הצליחו לעלות ארצה, מי בעליה ליגאלית, ומי בעליה ב׳.

בהגיעם ארצה השתלבו עד מהרה בחיי הארץ ולקחו חלק פעיל בכל ענפי המשק והחיים. השתלבותם בבנין הארץ ניכר היה בכל הענפים בחקלאות, בתעשיה, במסחר, במלאכה, ברפואה וכו׳ אול מהרוב לא הספיק לעלות ולהגשים שאיפתו. אלה נספו בשואה.

אנו זוכרים ומזכירים את אשר עוללו שונאינו לנוער הוולומינאי.

**לא נשכח לעולם את הנוער היקר והמסור שנשאר נאמן לנצח ישראל ומסור לחזון של בנין האומה בארץ־ישראל, ושהושמד בידי היטלר ימ"ש.**

**נזכור את תנועות הנוער המפוארות שנהרסו ולא הספיקו להגשים חלומם לעליה ארצה ולקחת חלק בבנינה ובהתפתחותה.**

**יהי זכרם שמור בלבותינו לעד.**

**הי"ד!**



קבוצת „גורדוניה"

## קלמן פרומן

# „הכשרה"

כדי להשיג את הסרטיפיקט היינו חייבים לעבור „הכשרה", פירוש הדבר היינו צריכים לעבוד תקופה מסוימת בחקלאות וכל מיני עבודות אחרות.

בשנת 1933 אירגנה „אגודת ישראל" את קבוצת ההכשרה, הראשונה בקורותיה, במשק חקלאי ע"י העיירה חוז'ל.

בין חמישים חברי הקבוצה היו יחד אתי עוד שלושה וולומינאים. רוב חברי הקבוצה באו מפרנקפורט שבגרמניה.

חצי שנה, מפסח עד סוכות, עבדתי במשק. היתה זו תקופה מעניינת ושיחקה תפקיד בעיצוב דמותנו הרוחנית והנפשית.

עשינו את עבודתנו הקשה בהתלהבות. בשעות הפנאי למדנו והתווכחנו



הנוער הציוני במצעד ברחובות וולומין

היינו יושבים ומתענגים על דף גמרא, אך יותר מכל שאר גדולי־ישראל הלהיבו אותנו התנאים והאמוראים שהיו בעלי־מלאכה. גיבורינו היו: ר׳ יוחנן הסנדלר, ר׳ יצחק נפחא, שמעיה שאמר: אהוב את המלאכה ושנא את הרבנות, ור׳ יהודה מן הקדמונים, שהשאיר הוראה, כי כל שאינו מלמד את בנו אומנות, כאילו מלמדו ליסטות, ועליו מספרים כי בלכתו לבית המדרש, נטל קנקן על כתפו ואמר: גדולה מלאכה שמכבדת בעליה.

חיפשנו ומצאנו בספרים הקדושים את כל דברי־השבח שנאמרו בהם על מלאכה, כגון: „זכות מלאכה עומדת במקום שאין זכות אבות יכולה לעמוד״, או: „שמא יאמר אדם, בן אבות־העולם אני, ממשפחה גדולה, איני ראוי לעשות מלאכה ולהתבזות. אומרים לו: שוטה, כבר קדמך יוצרך, שעשה מלאכה קודם שבאת לעולם, שנאמר: מכל מלאכתו אשר עשה״.

לפעמים הקשבנו להרצאות. אחד מן המרצים, שהגיעו אלינו מדי פעם בפעם, היה הרב יצחק־מאיר לוין, מנהיג ונואם, שמקוריותו הולכת בד בבד עם אקטואליותו, ובנאומיו הסעיר ושילהב אותנו להתמודד עם בעיות זמננו.

אחרי גמר תקופת ההכשרה התחתנתי, קבלתי סרטיפיקט זוגי ועלינו לארץ־ישראל.

## זיקה לארץ ישראל

קשים היו החיים בתקופה ההיא בארץ, מלאי־דאגות וכאבים והפרנסה לא היתה מצויה ביותר. עסקנו בכל מיני עבודות והתנסינו בעבודה מפרכת אך ורק כדי להבטיח לנו קיום אלמנטרי.

התגברנו על הקשיים הודות זיקתנו לארץ־ישראל, שהיתה גם הגורם האידיאולוגי לעלייתנו.

גדלתי וחונכתי בבית דתי וספגתי לתוכי את זיקת עמנו לארצו. התורה מייחדת את ארצנו בשני סוגים של מצוות התלויות בארץ: חובות הקרקע הנוהגות אך ורק בארץ־ישראל והדינים שאין בהם כשלעצמם שייכות לארץ ישראל אך קיומם תלוי בארץ. מכאן ששמירתה של חוקת היהדות בשלמותה מותנית במגוריו של היהודי על אדמת אבותיו.

זיקתו של היהודי לארץ־ישראל מלווה את נתיב־חייו וידוע מאמר חז״ל: „כל הדר בחוץ לארץ כאילו עובד עבודה־זרה״ (כתובות ק״א). באותו המקום מפליג ר׳ יוחנן במצוות ישוב ארץ־ישראל באמרו: „כל המהלך ארבע אמות בארץ־ישראל מובטח לו שהוא בן העולם הבא״. מעלתה הרוחנית של הארץ מצאה מבע בפי חז״ל: „אין תורה כתורת ארץ ישראל ולא חכמה כחכמת ארץ־ישראל״.

המדרש מבטא את הזיקה שבין העם ומולדתו בפירושו על המקרא שבשיר

השירים „ודמה לך לצבי": „מה הצבי הזה הולך לסוף העולם וחוזר למקומו, אף ישראל, אף־על־פי שנתפזרו בכל העולם עתידין לחזור".

קדושתה וחיבתה של ארץ־ישראל לא פסקו בהגותם של חובשי בית־המדרש בוולומין. הגעגועים אליה הלכו וגברו, הלכו והתעצמו משנה לשנה, אבל ליגוננו הרב רק מעטים זכו להגשים את שאיפתם.



**קבוצת צעירי אגודת־ישראל**
הם ספגו לקרבם את רוח היהדות והמסורת ונשארו נאמנים לדרך התורה והמצוות והעליה לארץ היתה השלב הגבוה במחשבתם. רגישים היו הצעי־רים הללו ולבם אמר להם כבר אז כי מתקרבת ובאה שואה על האנושות ובעיקר על היהדות.

## בית הורי

היה לי ממי ללמוד. את הזיקה לארצנו וגם מידות טובות אחרות, ואכן למדתי.

אבי, יהושע, מורה, ב„יסודי התורה", רכש לב רבים להאבה ולהערצה, ידע להנחיל לבניו אוצר של יראת שמים ומידות טובות.

אמי, מאשה מבית נוימן, חוננה בלב יהודי חם, במרץ ורוח של „אשת חיל" אמיתית. יחד עם זה הכילה אוצר של סבלנות, צניעות וענווה.

אחי המבוגר היה עושה מלאכת ה' באמונה, בר־אוריין היה, המטפח בית יהודי חם ושומר מסורת, ובעל מסור היה לאשתו ואב רחום לחמשת ילדיו. בן עשרים ושמונה היה בעזבי את פולין.

אחותי אסתר, יפהפיה, בת מסורה להוריה, ענוגה, טובת־לב, שומעת לדברי הזולת ויודעת לקחת חלק בחייו של השני, בתום לבב וברגש.

בשנות הכיבוש הנאצי היתה מפרנסת את המשפחה ע"י הברחת מזון מוולומין לוורשה. היא היתה בלונדית עם עיניים כחולות, דומה לפולניה. הפולנים הלשינו עליה, הסגירו אותה לגרמנים ורצחוה.

אחי הצעיר למד ב„יסודי התורה" והמשיך בלימודיו בבית־המדרש, בצהלת לב ובהתלהבות נשא בחובו את השאיפה לעלות ארצה ולהצטרף אלינו. הוא ידע את תעודתו בחיים ולא זכה.

אחותי רבקה בת שתים־עשרה היתה כשעזבתי את פולין, ילדת־חן, נאה וחסודה, משוש לבבות, כל רואיה יכירו בה שושנת־חמד.

אחי הכי־צעיר אברהם היה בן עשר כשעזבתי את העיירה, רך ותמים. הנה רואה אני אותו משתעשע באופן ילדותי ומצלצלות באזני המלים הילדותיות, מלאות אהבה. ילד וכה נבון, כה מפותח וכה מתוק.

זכרם לא ימוש מלבי לעד.

בזוכרי אותם אני חש כי משהו עומד להתפוצץ במוחי ולבי נקרע לקרעים. כלום יש לאל ידי להביע על הנייר את הכול שאני מרגיש, שסוער וגועש בנשמתי? הי"ד!



שמואל ווינאגארא, ארגענטינע

# די ערשטע ציוניסטישע ארגאניזאציע

דאָס איז געווען אין יאָר 1916, אינמיטן זומער, חודש אב. מיר זענען זיך צונויפגעקומען עטלעכע חברים און חברטעס מיטן ציל צו שאַפן אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. עס זענען דעמאָלט מיט אונדז געווען: בנימין נאדוואָרני, חוה, מאניע און פייגע ווינאגארא, איטקע מאראקא, פייגע ליכטמאַן א. א. מיט דער קולטור־אַרבעט האָט אָנגעפירט אברהם טענענבוים.

מיר זענען געווען דורכגעדרונגען מיט התלהבות פאר דער ציוניסטישער אידעע און מיטן גאַנצן ברען אַריינגעוואָרפן זיך אין דער טעטיקייט פון אויפקלערן און אַריינציען נייע מיטגלידער. עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן פאַרזאַמלונגען, פאַרלעזונגען און רעפעראַטן אויף פאַרשידענע טעמעס.

אין שטעטל איז שוין דאַן געווען אַ ביבליאָטעק און מיר האָבן זי איבער־גענומען, איינגעקויפט נייע ביכער און איר אַ נאָמען געגעבן „השכלה".

די ערשטע צוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך גערופן „התקווה", האָט פאַרנומען אַ וויכטיקן פלאַץ אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אין וואָלאָמין. די קולטור־אָוונטן האָבן געהאַט גרויס דערפאָלג און מיר האָבן געמוזט דינגען אַ גרעסערן לאָקאַל.

צו די אָריגינעלע קולטור־אויפטועז האָבן געהערט די דיסקוסיע־אָוונטן. מען האָט דיסקוטירט ליטעראַרישע און פאָליטישע פראַגן, נאַציאָנאַלע און קולטור־פּראָבלעמען.

פון גרויס וויכטיקייט זענען געווען די אָוונט־קורסן צו לערנען די העברעישע שפּראַך.

ביים קלוב האָט זיך אויך געשאַפן אַ דראַמקרייז, וואָס האָט מיט זיינע

קאָנצערטן באַשיינט אונדזערע צוזאַמענקונפטן און קאָנפערענצן. עס זענען אויך איינגעאָרדנט געוואָרן פאָרשטעלונגען אין שטאָטישן זאַל, וואָס האָבן צוגעצויגן אַ גרויסן עולם צושויער סיי צווישן דער יוגנט און סיי צווישן דערוואַקסענע.

מיטן אויסברוך פון דער פויליש־רוסישער מלחמה איז כמעט די גאַנצע יידישע יוגנט אַוועק אין דער אַרמיי און די אַרבעט איז איבערגעריסן געוואָרן. ביי חיים ראַדזימינסקי אין שטוב האָבן מיר באַהאַלטן דעם אַרכיוו און דעם אינוועטאַר פון אונדזער ערשטער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

שפּעטער איז אויך חיים ראַדזימינסקי אַוועק אין דער אַרמיי, פונוואַנען ער האָט זיך מער נישט אומגעקערט.

נאָך דער מלחמה איז די טעטיקייט באַנייט געוואָרן מיט אַ פיל גרעסערן פאַרנעם. ביז די פינצטערע נאַכט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט, און די וואָלאָמינער יידן האָבן געטיילט דעם גורל פון די זעקס מיליאָן שוידערלעך־אומגעבראַכטע קדושים. צווישן זיי זענען אויך געווען מיינע ניינצן קדושים, מאַמע, ברידער, שוועסטער און זייערע משפחות. הי״ד.



מראשוני הציונים בוולומין
אַ גרופּע פון די ערשטע ציוניסטישע אַקטיוויסטן אין וואָלאָמין

י. א. וויינברום

# התאחדות

דער ערשטער ציוניסטישער צענטער אין שטעטל איז מיט פערציק יאָר צוריק געווען „תרבות". אין „תרבות"־לאָקאַל האָבן זיך גרופּירט אַלע, וואָס האָבן געפילט אין זיך שייכות צום ציוניזם. די אַלגעמיינע ציוניסטן זענען דאָ געווען די הויפּט־באַלעבאַטים. עס האָט זיך דעמאָלט געשאַפן אַ לאַגע, אַז ביים אויפקום פונעם געדאַנק צו שאַפן די פּאַרטיי „התאחדות", האָבן די חברים, וועלכע האָבן געוואָלט פירן די פּאַרטייאישע טעטיקייט אָנגעטראָפן זיך אויף שוועריקייטן מצד די אַלגעמיינע ציוניסטן. עס איז אפילו געשען אַ פאַל, ווען עס האָט אין אַ געוויסן פרייטיק־צו־נאַכט געדאַרפט פאָרקומען אַ פאַרזאַמלונג פון די „התאחדות"־חברים, זענען די אַלגעמיינע ציוניסטן אַרויס־געטרעטן קעגן זיי און דער קאָנפליקט איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז עס איז געקומען פּאַליציי און שליסנדיק דעם לאָקאַל פאַרבאָטן דורכצופירן די פאַרזאַמלונג.

אַזעלכע און ענלעכע שוועריקייטן האָבן באַגלייט די ערשטע טריט פון דער „התאחדות"־אָרגאַניזאַציע אין וואָלאָמין. מען האָט געדאַרפט קעמפן פאַר יעדער גרעסערער אימפּרעזע, ביים איינאָרדענען אַ קעסטל־אָוונט, אַ רעפעראַט, אַ צונויפ־טרעף צי אַ פאַרזאַמלונג.

דער לעבעדיקער גייסט פון דער „התאחדות"־אָרגאַניזאַציע איז געווען לייבעלע בערמאַן, וועלכער איז געווען אומדערמידלעך אין זיין טעטיקייט, האָט אַרויסגעוויזן אַ סך איניציאַטיוו ביים אָרגאַניזירן די אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט און ביים באַזיגן די שוועריקייטן אין די קאָנפליקטן מיט די אַלגעמיינע ציוניסטן. לייבעלע בערמאַן איז געווען אַ בעל־משפחה און אויך אַ געשעפט־מענטש, וואָס האָט געדאַרפט זאָרגן אויף פרנסה, אָבער נישט געקוקט דערויף פלעגט ער נישט איינמאָל פאַרנאַכלעסיקן זיינע געשעפטן, געזאָגט דער פרוי, אַז ער דאַרף עפּעס דערליידיקן אַ וויכטיקע זאַך. די דאָזיקע וויכטיקע זאַכן האָבן זיך אויסגעדריקט אין אַריינכאַפּן זיך אין לאָקאַל פון דער „התאחדות"־אָרגאַניזאַציע, זען וואָס עס



אַ גרופּע פון „התאחדות", ארגון ציוני בעל גון סוציאליסטי

הערט זיך, צי מען דאַרף עפּעס אָרגאַניזירן, פירן אַ זיצונג, צוגרייטן אַן אָוונט, אַ רעפעראַט. די פּאַרטיי־טעטיקייט איז ביי אים געווען דער העכסטער אידעאַל און יד טעטיקייט צווישן דער באַפעלקערונג, באַזונדערס צווישן דער יוגנט אין שטעטל איז פאַר אים געווען העכער און וויכטיקער פון זיינע געשעפטן.

ענדלעך איז געקומען דער טאָג, ווען די „התאחדות"־אָרגאַניזאַציע אין וואָלאָמין האָט באַקומען פון מרכז „החלוץ" צוגעטיילט דריי סערטיפיקאַטן. עס זענען אַרויסגעפאָרן די ערשטע דריי חברים פון שטעטל און זייער עליה קיין ארץ־ישראל איז געווען אַ גרויס געשעעניש. די אַרבעט אין דער אָרגאַניזאַציע האָט האָט זיך אַ רוק געטון פאָרויס. עס איז פאַרגרעסערט געוואָרן די צאָל מיטגלידער. עס זענען דאַן געשאַפן געוואָרן די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס „גורדוניה" און „החלוץ הצעיר". באַלד זענען אויך אויפגעקומען די אָרגאַניזאַציעס פון „החלוץ" און „השומר הצעיר". עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ פילפאַרביקע פּאָליטישע און קולטור־טעטיקייט. יוגנטלעכע האָבן גענומען פאָרן אויף הכשרה אין קיבוץ און דער חלום פון עליה קיין ארץ־ישראל האָט אַרומגעכאַפּט די גרעסטע טייל יוגנט פון שטעטל. אַ טייל פון דער דאָזיקער יוגנט איז אַזוי אַרום אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון די היטלעריסטישע רוצחים.

## קרן קיימת לישראל

די איניציאַטיוו צו אָרגאַניזירן די געלט־זאַמלונגען פֿאַר קרן קיימת לישראל אין וואָלאָמין איז געקומען פֿון די אַלגעמיינע ציוניסטן, וועלכע זענען אויך געווען די ערשטע זאַמלער. אין אָנהויב איז עס פֿאָרגעקומען אויף אַזאַ אופֿן: שבת אינ־דערפֿרי פֿלעגט מען זיך צונויפֿקומען אין תרבות־לאָקאַל דאַווענען און ביים עולה זיין צו דער תורה האָט מען מנדר געווען פֿאַר קק״ל. פֿאַרשטייט זיך אַז דער דאָזיקער אופֿן פֿון זאַמלען האָט נישט געהאַט דעם געהעריקן פֿאַרנעם, האָט נישט אָנגענומען דעם דערציערישן כאַראַקטער, וואָס די זאַמלונגען האָבן געדאַרפֿט מיט זיך פֿאַרשטעלן. די זאַמלונגען זענען געווען אינעווייניקסטע און האָבן נישט געהאַט קיין אָפּהילך אין דער עפֿנטלעכקייט. קיינער האָט זיך נישט פֿאַרנומען מיטן פֿאַרשפּרייטן איבער די שטובן די פּושקעס פֿון קק״ל. עס זענען אויך נישט דורכגעפֿירט געוואָרן פֿאַרשידענע אַנדערע ברייטערע אַקציעס און דערפֿאַר איז דער געדאַנק פֿון קק״ל־זאַמלונגען נישט אַריינגעדרונגען צווישן אַלע שיכטן פֿון דער באַפֿעלקערונג, ביי די יוגנטלעכע ווי ביי עלטערע.

ערשט מיטן אַנטשטיין פֿון דער אָרגאַניזאַציע התאחדות איז אויך אין דער ריכטונג געקומען אַן ענדערונג. די אידעע פֿון קק״ל האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען און עס איז געוואַקסן דער באַוווסטזיין פֿון איר וויכטיקייט. די אַקציע איז אַרויס פֿון די ענגע ראַמען פֿונעם פֿאַרטיי־לאָקאַל און מען האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן איר אין דער ענפֿטלעכקייט.

צום ערשטן מאָל איז באַשטימט געוואָרן אַ בלימל־טאָג. מען האָט דערצו געדאַרפֿט האָבן די דערלויבעניש פֿון די מאַכט־אָרגאַנען און די חברים און חברטעס זענען אַרויס אין גאַס מיט די בלוי־ווייסע פּושקעס און געזאַמלט געלט. דער רושם איז געווען אַ שטאַרקער, פֿאַר אַ סך מענטשן איז דאָס געווען אינגאַנצן ניי און האָט אַרויסגערופֿן התפּעלות.

מען האָט זיך אָבער אָפּגעגעבן אַ רעכענונג, אַז מען טאָר זיך נישט באַגנר־גענען דערמיט. ערשטנס האָט מען נישט געקענט איינאָרדענען צו אָפֿט בלימלטעג. צווייטנס איז אונדז נישט געגאַנגען בלויז אינעם זאַמלען גרעסערע אָדער קלענערע סומעס געלט. עס איז וויכטיק געווען דער פּסיכאָלאָגישער מאָמענט, דאָס אויפֿוועקן די געפֿילן פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג, אויפֿלעבן די באַציאונג צו דער אידעע פֿון קרן קיימת לישראל. פֿאַרשטייט זיך, אַז דער איינמאָליקער בלימלטאָג האָט ביים גאַנצן רושם, וואָס עס האָט געמאַכט אין שטעטל, האָט אָבער נישט געקענט לייזן דאָס פּראָבלעם וואָס איז געשטאַנען פֿאַר די יוגנטלעכע אידעאַליסטן און איניציאַטאָרן פֿון דער אַקציע.

עס איז געווען קלאָר און פֿאַרשטענדלעך די וויכטיקייט פֿון פֿאַרשפּרייטן די

קק״ל־פושקעס, אָבער אין דער זעלבער צייט זענען געווען פאַרשידנערליי שטערונגען, וואָס האָבן די אַקציע פון פאַרשפרייטן פושקעס פאַרוואַנדלט אין אַ שווערער און פאַראַנטוואָרטלעכער אויפגאַבע. דער ציוניסטישער געדאַנק איז נאָך נישט געווען גענוג פּאָפּולער צווישן אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטעטל. עס איז דאַן געווען די צייט פון דער פערטער עליה, ווען ארץ־ישראל האָט אַדורכגעמאַכט דעם גרויסן קריזיס, עטלעכע עולים זענען צוריקגעקומען פון ארץ־ישראל און דאָס האָט אין שטעטל אַרויסגערופן נישט קיין גוטן רושם. דאָס אַלץ צוזאַמען האָט באַשווערט דעם פאַרנעם פון דער קק״ל־אַקציע.

נעמענדיק אין באַטראַכט די לאַגע האָט די אָנפירונג פון התאחדות אויף אַ בשותפותדיקער זיצונג מיט די אַלגעמיינע ציוניסטן באַשלאָסן צו שאַפן אַ ספעציעלן קאָמיטעט, וואָס זאָל זיך אָפּגעבן מיט דער קק״ל־אַקציע און ווידמענען איר די מאַקסימאַלסטע אויפמערקזאַמקייט, מי און איניציאַטיוו. אַלס מורשה פון קק״ל איז דאַן באַשטימט געוואָרן דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות.

מיר זענען צוגעטרעטן צו דער אַקציע מיט גרויס התלהבות און אָנגעהויבן פאַרשפרייטן די קק״ל־פושקעס איבער די יידישע שטובן. קלאָר, אַז דאָס איז נישט געווען פון די לייכטע אַרבעטן, מען האָט געדאַרפט אַ סך איינטענהן מיט די מענטשן, איבערצייגן, באַאיינפלוסן, אויפקלערן זיי די גרויסע באַדייטונג פון דער דאָזיקער אַקציע פאַרן יידישן פאָלק אין גאָר דער וועלט און פאַר יעדן ייד באַזונדער.

למען האמת דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז נישט אין יעדער שטוב האָבן זיך געפאָדערט די דאָזיקע אָנשטרענגונגען. עס זענען געווען יידישע שטובן אין וואָלאָמין, וואָס זענען אַנטקעגנגעגאַנגען מיט פרייד די מענטשן, וואָס זענען געקומען צו זיי מיט דער קק״ל־פושקע, האָבן אָפן אַרויסגעוויזן זייער ענטוזיאַזם און געמוטיקט די זאַמלער צו דער ווייטערדיקער טעטיקייט.

אין דער זעלבער צייט האָבן מיר איינגעאָרדנט פאָרלעזונגען און רעפעראַטן וואָס זענען פאָרגעקומען סיי אין תרבות־לאָקאַל, סיי אין בית המדרש, אין וועלכע די רעדנער האָבן אויפגעקלערט פאַר די פאַרזאַמלטע די גרויסע וויכטיקייט פון דער קק״ל־אידעע, דעם חוב פון יעדן איינעם ייד אָנטיילצונעמען אין דער אַקציע די ווירקונג איז געווען אַ דירעקטע און אַ פרוכטבאַרע.

מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז דערמיט זענען מיר נישט יוצא פאַרן דערפילן אונדזערע גרויסע אויפגאַבע פאַרן קרן קיימת לישראל. מיר האָבן די אידעע פון קק״ל נישט אָפּגעזונדערט פונעם אַלגעמיינעם ציוניסטישן אידעאַל פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער טעטיקייט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין וואָלאָמין. געהאָלפן אין דעם האָט אונדז די ניי־געשאַפענע חלוצישע אָרגאַניזאַציע „גורדוניה״, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַ באַגייסטערטע אַקטיוויטעט פאַרן

פּאָפּולאַריזירן דעם ציוניסטישן אידעאַל צווישן דער יוגנט. באַלד דערנאָך איז געשאַפן געוואָרן די יוגנט־אָרגאַניזאַציע השומר הצעיר, אין וועלכער עס זענען אַריין געוועזענע מיטגלידער פון התאחדות. די ציוניסטישע טעטיקייט איז געוואַקסן און געוואָרן אַלץ אינטענסיווער און אַרומגענומען אַלץ ברייטערע שיכטן. עס האָט זיך געשאַפן דער החלוץ הצעיר, דער החלוץ. האָבנדיק פאַר זיך אַזאַ גרויסן כוח האָבן מיר באַשלאָסן צוצוטרעטן צו דער קק״ל־אַרבעט מיט מער פאַרנעם, מיט שטורעם. עס זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער אַקציע אויך שול־קינדער, וועלכע האָבן אַריינגעשטעלט די קק״ל־פושקעס נישט בלויז אין זייערע אייגענע שטובן נאָר אויך ביי די שכנים. די אַקציע האָט אַרומגענומען כמעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אין שטעטל. עס איז כמעט נישט געווען קיין שטוב, ווו מען זאָל אָפּזאָגן די קינדער זייער ווענדונג. עס איז שווער געווען קעגנצושטעלן זיך דעם קינדערישן ענטוזיאַזם פאַר ארץ־ישראל. אין זייערע אייגעלעך האָט זיך צעברענט אַ הייליק פייערל פאַרן אויפבוי פון ארץ־ישראל, זייערע פנימלעך האָבן געפלאַמט מיט דער פרייד פון אַקטיווער באַטייליקונג אין דער זאַמלונג פאַרן אויסלייזן דעם באָדן אין ארץ־ישראל. זיי האָבן פאַר זיך געזען די פאַרווירקלעכונג



אַ גרופּע חברים פון „גורדוניה״ אין אייגענעם לאָקאַל

פונעם דורותיקן חלום פון גאולה. עס איז כמעט נישט געווען קיין ייד, וואָס זאָל זיך קענען קעגנשטעלן דער דאָזיקער התלהבות פון די קינדער.

די רעזולטאַטן זענען געווען אומגעהויערע, סיי פסיכאָלאָגישע, פּאָליטישע און אויך פּראַקטישע. דאָס האָט צוגעגעבן שוווּנג דער ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע די יוגנטלעכע זענען אַנגעשטעקט געוואָרן מיטן חלוצישן אידעאַל, גענומען פאָרן אויף הכשרה אין די קיבוצים, צוגרייטן זיך צו די באַדינגונגען פון שווערער אַרבעט אין ארץ־ישראל.

דער גרויסער דערפאָלג האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דער קק"ל־צענטראַלע אין וואַרשע און זיי האָבן אונדז צוגעשיקט באַגריסונגס־בריוו און אויסצייכענונגען פאַר אונדזער גרויסער אַרבעט.

דאָס איז געווען אַ צייט, ווען די יידישע יוגנט אין וואָלאָמין האָט אויפ־לעבט גייסטיק, אַנטוויקלט זיך קולטורעל, אויסגעברייטערט די האָריזאָנטן און צוזאַמען דערמיט זענען אַנטשטאַנען אַלע ציוניסטישע שאַטירונגען.

אין אונדזער שטעטל האָבן נישט געפעלט קיין אַנהענגער פון אַלע עקזיס־טירנדיקע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און פּאַרטייען אין פאַר מלחמהדיקן פּוילן.

אַלע, אַלע האָבן געלעבט מיט דער האָפענונג דערלייזט צו ווערן פון גלות און אויסצולעבן זיך פריי, יידיש און מענטשלעך, אין אייגענעם לאַנד.

עס איז אָבער געשען אַנדערש — —

ווי שרעקלעך אַנדערש.

נישטאָ מער די ברויזנדיקע יונגען, די מורדי במלכות, וואָס האָבן מיט אַזויפיל התלהבות זיך אָפּגעגעבן דער ציוניסטישער טעטיקייט; די, וואָס האָבן געוואַגט צו ברענגען אינעם פרומען שטעטל דאָס ערשטע שענקל מיט ביכער און אַ נאָמען געבן עס ביבליאָטעק; האָבן געוואַגט צו מאַרשירן איבער די גאַסן מיט בלוי־ווייסע פענער און מיטן געזאַנג פון „התקווה" און זענען גרייט געווען זיך מקריב צו זיין פאַר די אידעען פון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייאונג און מיט חסידישן ברען און מסירות־נפש געוואָרפן זיך אין קאַמף פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון די טויזנט־יאָריקע חלומות פון ייד און מענטש.



שמואל צוקער

# גורדוניה

אזוי ווי אין אַנדערע שטעטלעך אין פּוילן איז אויך אין וואָלאָמין אַנטשטאַנען די יוגנט־באַוועגונג „גורדוניה". דאָס איז געווען אַ רעאַקציע אויף די אַנדערע שטרעבונגען פון די פאַרשידנערליי יוגנט־באַוועגונג ווי „השומר הצעיר", „הנוער הציוני". די „גורדוניה"־באַוועגונג האָט גערופן די אַרבעטנדיקע און לערנדיקע יוגנט אָנצושליסן זיך אין אירע רייען און אָננעמען דעם נייעם צוגאַנג צו די טאָג־טעגלעכע פּראָבלעמען פון דער אַרבעטנדיקער יוגנט. די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „גורדוניה" האָט געהאַט איר אייגענעם וועג פון אויפקלערן און דערציִען דעם ציוניסטישן יוגנטלעכן.

אין יענער צייט האָט דאָס יידישע לעבן אין וואָלאָמין געברויזט מיט פּיל־פאַרביקער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. פאַר אייגן יידיש לעבן, פאַר אַ בעסערער צוקונפט; די יוגנט האָט געזוכט נייע וועגן געשטרעבט צו גרויסע אידעאַלן.

אין מיין זכרון זענען געבליבן די לאַנגע ווינטער־נעכט, ווען מיר פלעגן זיך צונויפקומען אין לאָקאַל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע „התאחדות". מיר זענען דעמאָלט געווען אַ גרופּע יוגנטלעכע, וואָס האָבן באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אין אונדזער שטעטל די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „גורדוניה".

אין איינער אַ ווינטער־נאַכט האָט מען מיך איינגעלאַדן אין לאָקאַל פון „התאחדות". דאָס איז געווען אַ קליין און קאַלט צימער. דער שוואַכער שיין פונעם נאַפט־לעמפּל איז געפאַלן אויף די פּנימער פון די יונגע מענטשן, אַ גרופּע חברים, וואָס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט מיטן ציל צו אָרגאַניזירן אין וואָלאָמין אַן אָפּטיילונג פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „גורדוניה".

די אידעע פון „גורדוניה" האָט אונדז פאַרכאַפּט. עס איז געווען עפּעס נייעס און מיטרייסנדיקס און מיר האָבן זיך גלייך אַריינגעוואָרפן מיטן גאַנצן ברען אין דער אַרבעט, פאַרבונדן זיך מיט אַ ריי יונגע בחורים, אין וועלכע מיר האָבן געזען קאַנדידאַטן אויף חלוצים.

אונדזערע ערשטע שריט זענען געווען צו שאַפן אַ פאַרבינדונג מיט פאַרשידענע יוגנטלעכע אין שטעטל און אויסאַרבעטן די פאָרמען פון אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט. אינעם קליינעם און קאַלטן לאָקאַל „התאחדות" האָט גענומען אָטעמען מיט אַ נייעם גייסט. די יוגנטלעכע מיטגלידער זענען צוגעטרעטן צו דער טעטיקייט מיט ענערגיע און שווונג. די אַרבעט איז נישט געווען קיין גרינגע. דער עקאָנאָמישער מצב פון דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען אַ שווערער און די אידעע פון „גורדוניה" איז פאַר דער יוגנט געווען ווייט און פרעמד. מיר האָבן זיך נישט אָפּגעשראָקן, געפירט וויכוחים מיט אונדזערע קעגנער און אויפגעקלערט אונדזערע אָנהענגער די ווערטן פון דער נייער באַוועגונג. ביסלעכווייז האָבן מיר באַזיגט דעם קריזיס און געפילט ווי מיט יעדן טאָג שטאַרקט זיך דער חלוצישער גייסט צווישן אונדזערע מיטגלידער. עס זענען צוגעקומען נייע יוגנטלעכע. אין אָנהויב זענען זיי באַשטאַנען בלויז פון אַרבעטנדיקע. אָבער מיט דער צייט זענען צוגעקומען אויך יוגנטלעכע פון די שולן.

נאָך אַ קורצער צייט האָט די „גורדוניה"־אָרגאַניזאַציע באַוויזן צו דינגען אַ גרויסן און שיינעם לאָקאַל, וווּ מיר פלעגן זיך צונויפקומען יעדן אָוונט, אָרגאַניזירן שמועסן און פאַרלעזונגען איבער פאַרשידענע טעמעס.

אונדזערע אינסטרוקטאָרן זענען געשטאַנען פאַר אייגנאַרטיקע פּראָבלעמען, וועלכע עס איז נישט געווען גרינג צו לייזן. מערסטנס זענען די מיטגלידער געקומען פון פאָלקס־שיכטן. אַ סך האָבן נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו לערנען, אָבער



**די הנהגת „גורדוניה"**
עס שטייען: מרדכי שטולמאַן און שמואל צוקער
עס זיצן: לאַסט פאַגעל, לאה העניע בורטשעווסקי, שעדלעצקי, מאַרקוספעלד, אברהם טייבלום



**אַ גרופּע מיידלעך, מיטגלידערינס פון „גורדוניה"**

די מיידלעך פון „גורדוניה" זענען נישט אָפּגעשטאַנען פון די בחורים אין זייער התלהבותדיקער טעטיקייט פאַרן ציוניס־טישן געדאַנק און דערביי געלערנט מיט גרויס התמדה די פּראָבלעמען פון די יידן אין פּוילן און די אויפגאַבן, וואָס די צייט לייגט אַרויף אויף דער יידישער יוגנט. ליידער האָט זעלטן ווער פון זיי זוכה געווען צו פאַרווירקלעכן זייער גרויסן אידעאַל.

דאָך האָט זיי כאַראַקטעריזירט דער דורשט צו וויסן און בילדונג. אין אונדזער אָרגאַניזאַציע האָבן די יוגנטלעכע באַקומען די ערשטע באַגריפן וועגן דער ברייטער וועלט, וועגן די פּראָבלעמען פון די יידן אין פּוילן און פון יידנטום בכלל, וועגן יידישן אַרבעטער אין גלות און אין ארץ־ישראל, וועגן אונדזער אָרט אין דער ציוניסטישער און אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אין אונדזער אָרגאַניזאַציע צום ערשטן מאָל אויסגעלערנט זיך לייענען אַ בוך און פאַרשטיין די אידעען און פּראָבלעמען, וואָס ווערן אין אים אַרויסגעדרוקט.

מיר האָבן אונדזער אויפקלערונגס־אַרבעט געפירט מיט וואָרט און טאַט, געפירט פּריוואַטע שמועסן און געהאַלטן פאָרלעזונגען, געהאָלפן פאָרמירן דעם געדאַנק פון אַ נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל. דער געדאַנק האָט געגעבן אַ זין דעם לעבן פון יוגנטלעכן אין שטעטל און די אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיקייט איז געוואָרן לעבנס־אינהאַלט, דורכגעדרונגען מיט דער שטרעבונג עולה־צו־זיין קיין ארץ ישראל.

עס זענען געווען יוגנטלעכע, פאַר וועלכע דער ציוניסטישער געדאַנק האָט אויסגעזען ווייט און פרעמד און עס איז נישט געווען גרינג אויפצוקלערן זיי און דערפירן דעם געדאַנק צו זייערע מוחות און הערצער.

אַבער צוזאַמען מיט דער לאָגיק האָט אויך געווירקט אונדזער אייגענער ענטוזיאַזם און טיפע איבערצייגונג, אַז מיר האָבן אויסגעקליבן דעם ריכטיקן וועג.

אין אָנהויב זענען געקומען צו אונדז אַרבעטנדיקע יוגנטלעכע, וועלכע זענען געוואָרן דורכגעדרונגען מיטן געדאַנק, אַז דאָס יידישע פאָלק אין זיין לאַנד וועט זיין אַן אַרבעטער־פאָלק, אַ פריי פאָלק, וואָס שאַפט מאַטעריעל און גייסטיק, מיט פּראַצע און מוח, אַ פאָלק, וואָס האָט נישט קיין אונטערדריקער און אונטער־

דריקטע, נאָר שותפים און חברים אין דער אַרבעט און אין דער ווירטשאַפט.

אַזוי האָבן יונגע יידישע אַרבעטער אין וואָלאָמין אויפגענומען די אידעע פון „גורדוניה". דערנאָך זענען צוגעקומען אויך לערנענדיקע, שול־יוגנט. עס איז געוואַקסן די צאָל מיטגלידער און מיר האָבן זיך דערוואָרבן אַ גרויסן און שיינעם לאָקאַל, ווו מיר פלעגן זיך צונויפקומען יעדן אָוונט, דיסקוטירט און געפירט שמועסן אויף פאַרשידענע טעמעס, ליטעראַרישע, פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע.

„גורדוניה" איז אויסגעוואַקסן אין כמות און איכות, צעבליט זיך ווי אַ שיינער בליענדיקער גאָרטן, געוואָרן אַ ווירקנדיקער פאַקטאָר צווישן דער יוגנט אין שטעטל.

אין אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט דער יידישער יוגנטלעכער אין וואָלאָמין זיך אַנטוויקלט און צוגעגרייט צו זיין נייעם וועג. דער יידישער יוגנטלעכער אין וואָלאָמין איז צום ערשטן מאָל אָויפגעשטעלט געוואָרן פאַר דער באַדערפעניש צו פאַרנעמען אַ פולווערטיק אָרט אין דער געזעלשאַפט, טראָגן די קאָלעקטיווע אחריות און אָנטיילנעמען אין דער קעגנזייטיקער הילף צווישן איין יוגנטלעכן און אַנדערן און אַלע צוזאַמען מיטן מדריך.

„גורדוניה" האָט זיך צעבליט און אויסגעוואַקסן. אין שטעטל האָט מען אָנגעהויבן פילן דעם איינפלוס פון די „גורדוניה"־יוגנטלעכע. ביי דער אַרבעט האָט מען געגומען זינגען ישראל־לידער, וואָס מען האָט זיך אויסגעלערנט אין אונדזער אָרגאַניזאַציע. דער גייסט פון „גורדוניה" איז אַריינגעדרונגען אין אַ סך יידישע שטובן. מאַמעס האָבן אָפט פאַרוויגט זייערע קינדער מיט אַ לידל, וואָס איז געזונגען געוואָרן אין די אָוונטן אין „גורדוניה"־לאָקאַל.

ל"ג בעומר פלעגן די גורדוניסטן מאַרשירן איבער די גאַסן פון וואָלאָמין. זייערע עלטערן זענען דערמאָלט געשטאַנען ווי אַ שפאַלער פוןביידע זייטן גאַס און מיט שמייכלענדיקע בליקן באַגלייט זייערע קינדער.

עס זענען אויסגעוואַקסן און האָבן זיך אַנטוויקלט אין „גורדוניה" יוגנטלעכע מיט טאַלאַנט צו אָרגאַניזירן, אויפקלערן און דערציען אויך אַנדערע.

אין 1934־טן יאָר בין איך אַוועק פון וואָלאָמין און איבערגעלאָזט „גורדוניה" אין איר פולן גלאַנץ און פראַכט, פול מיט שטרעבן און האָפענונגען. די יוגנטלעכע האָבן געאַרבעט געטריי און איבערגעגעבן. דאָס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט. עס איז אָנגעקומען די גרויזאַמע מלחמה און אַלץ פאַרשניטן.

דער גרעסטער טייל פון די אַקטיוויסטן אין „גורדוניה" האָט נישט זוכה געווען צו פאַרווירקלעכן דעם אידעאַל, פאַר וועלכן זיי זענען גרייט געווען אָפּצו־געבן זייער לעבן.

געבענטשט זאָל זיין זייער אָנדענק!

מנחם טייבלום

# פון
# וואלאמין ביז תל־אביב

צענדליקער יאָרן זענען שוין פאַרביי זינט איך האָב פאַרלאָזט מיין שטעטל וואָלאָמין. ווער האָט דעמלט געקענט זיך פאָרשטעלן, אַז איך געזעגן זיך אויף שטענדיק מיטן שטעטל, מיט דער גרויסער און פאַרצווייגטער משפחה, מיט די אַלע טייערע און האַרציקע יידן, וואָס שטייען מיר שטענדיק פאַר די אויגן מיט זייער תמימות און ערלעכקייט, מיט זייער שווער לעבן אין אַ סביבה פון שונאים, מיט זייער וואַרעמקייט אין פריידן און אין צער, מיט זייער הילף פאַר אָרעמע און קראַנקע און זייער גרויסער צוגעבונדנקייט איינע צו די אַנדערע.

אין וואָלאָמין בין איך געבוירן און דערצויגן געוואָרן. מיינע עלטערן זענען געווען פאַרמעגלעכע, געפירט אַ האַלץ־מסחר און געהערט צו די אָנגעזעענסטע



אַ גרופּע מאָטאָציקליסטן לאָזן זיך אין וועג אַריין פון וואָלאָמין קיין ישראל

משפחות אין שטעטל. מיין פאַטער איז געווען צווישן די גרינדער פון דער סוחרים־באַנק, וואָס האָט געהאַט פאַר אַ ציל אַקעגנצוקומען מיט הילף יענע סוחרים, וואָס האָבן נישט באַוויזן צו שטעלן זיך אויף די פיס. האָבן זיך גענויטיקט אין אַ הלוואה. מיין פאַטער, אַ הייסער אַלעקסאַנדרער חסיד, איז געווען דער פאָרזיצער פון דער באַנק און אין שטוב פלעג איך אָפט הערן ווי ער רעדט מיט מיטלייד וועגן פאַראָרעמטע סוחרים, וואָס נויטיקן זיך אין הילף. אָפט פלעגט מען קומען צו אונדז נאָך נדבות פאַר פאַרבאָרגענע אָרעמע לייט יורדים. עס פלעגן קומען צו אונדז מגידים און סתם אורחים. אונדזער שטוב איז געווען אָפן פאַר יעדן נויטבאַדערפטיקן און פאַר יעדן, וואָס אַ שווערע זאָרג האָט אים געדרוקט אויפן האַרצן און געזוכט ביים טאַטן אַן עצה ווי אַזוי אַרויסצוקריכן פון אַ צרה.

בכלל האָבן קיין צרות נישט געפעלט ביי יידן אין וואָלאָמין. תמיד האָבן געדריקט די שווערע שטייערן. עס זענען געקומען צייטן, ווען פאָליאַקן האָבן געפירט אַ קאָנקורענץ, אַ פאַרביסענע העצע, אַז די פויערים און אַרבעטער זאָלן נישט קויפן ביי יידן. די מלוכה, דער שטייער־אַמט, דער מאַגיסטראַט האָבן זיי געהאָלפן אין צודריקן דעם יידישן קרעמער.

נישט געקוקט דערויף, וואָס אונדזער שטוב האָט געהערט צו די פאַרמעגלע־כערע, האָב איך נישט איינמאָל געזען דעם טאַטן אַ פאַרזאָרגטן און פאָרויסזאָגנדיקן שווערע צייטן פאַר יידן אין פוילן. נישט איינמאַל האָב איך געהערט דעם טאַטן קרעכצן איבער מיר, איבער דעם, וואָס אין קאָפּ ליגן מיר נאָר מעשיות און שפּילן און כ׳טראַכט נישט וואָס עס וועט זיין דער תכלית. דער תכלית, האָב איך געוווּסט, איז צו קענען לערנען. ווו דען קען מען געפינען אַ תכלית, אויב נישט אין דער גמרא? אָט דאָ, האָבן די יידן אין וואָלאָמין געהאַלטן, ליגט דאָס גאַנצע גליק פון אַ מענטש, דאָס בעסטע וואָס מען קען דערגרייכן אין לעבן.

יידישע קינדער אין וואָלאָמין, אָרעמע און רייכע, זענען געווען לעבעדיקע, רירעוודיקע און פריילעכע. אָבער יענע יאָרן זענען גיך פאַרגאַנגען. די קינדער האָבן גיך אָפּגעבליט און זענען גאָר יונג געוואָרן קליינע יידעלעך, מיט פאַר־טראַכטע, פאַרזאָרגטע פנימער. אפילו דאָס שטיפן און קונדסעווען איז גיך געוואָרן ערנסט, מיט באַרעכענונג, כאָטש אַריינגעטון דערין מיט לייב און לעבן.

איך בין גאָר פרי געוואָרן אַרייַנגעצויגן אין דער ציוניסטישער יוגנט און אין יאָר 1933 בין איך אַוועק קיין ביאַליסטאָק אויף הכשרה, וואָס איז געווען אָרגאַניזירט דורך דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „גורדוניה”.

אין שטוב האָט מען זיך געזאָרגט, אַז איך זאָל למען השם דאַווענען יעדן טאָג. איך בין זיך איצט מודה ומתוודה, אַז יענע גוטהאַרציקע רייד פון מיינע עלטערן האָבן דעמלט לחלוטין נישט געפינען קיין אָפּקלאַנג אין מיין האַרצן. מיין

חלום איז שוין דעמאָלט געווען צו זיין אַ חלוץ, עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל און בויען אַ ייִדיש לאַנד.

זייענדיק יונג בין איך נאָך נישט געווען באַהאַוונט אין אַלע פּראָבלעמען פון ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, אָבער איך האָב זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז פאַר ייִדן איז אין פּוילן נישטאָ קיין צוקונפט.

דערצו איז צוגעקומען דער פאַקט ווען אַ יונגער שגץ האָט געשאָסן אויף מיין ברודער. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע מהומה אין שטאָט. מיין מוטער האָט דאַן פון שרעק פאַרלוירן דאָס לשון, איז קראַנק געוואָרן און אין זעלבן יאָר געשטאָרבן.

איך בין דעמאָלט געווען אין ביאַליסטאָק ווען איך האָב באַקומען פון דער היים אַ טעלעגראַמע וועגן דעם שווערן מצב פון דער מאַמען. איך בין גיך אַהיימ־געפאָרן, אָבער ווען כ'בין אָנגעקומען קיין וואָלאָמין האָט שוין די מאַמע נישט געלעבט. כ'האָב נאָך באַוויזן אָנצוקומען צו דער לוויה.

גוטע, טייערע מאַמע מיינע, מיין גאַנץ לעבן שטייסטו פאַר מיינע אויגן, כ'הער דיינע גוטע רייד, וואַרעמע, טרייסטנדיקע. פאַר יעדן האָסטו געפונען אַ גוט וואָרט און אַליין האָסטו שווער איבערגעלעבט יעדע צרה, וואָס איז געקומען אויף ייִדן.

דיין האַרץ, טייערע מאַמע מיינע, האָט אין די שווערסטע צייטן נישט אויפגעהערט צו גלייבן, אַז עס וועלן נאָך קומען בעסערע טעג, אַז דער רבונו של עולם וועט זיך אָננעמען פאַר די עוולות, וואָס ווערן געטון די ייִדן.

נאָך איידער וואָלאָמין איז געוואָרן אַ טאָל פון חורבן, פון אומקום, ביזטו שוין געווען אַ קרבן פון די רציחות איבער ייִדן.

דו, טייערע מאַמע, ביזט געווען דער אָנזאָג אַז עס רוקן זיך אָן שווערע וואָלקנס איבער די ייִדן אין פּוילן.

איך בין באַלד דערנאָך אַוועק פון וואָלאָמין מיטן געפיל ווי פון אַן אומזיכער הויז, אַ שווימענדיקס ווי אַ תיבה איבער צעשטורעמטע כוואַליעס און קען יעדע רגע אונטערגיין. די איינציקע האָפענונג איז פאַר מיר געווען ארץ ישראל.

אַ לענגערע צייט בין איך געווען אין קיבוץ גבעת חיים. פון פריען באַגין ביז שפּעט אין אָוונט איז דער טאָג געווען אויסגעפילט מיט פאַרשידענע אַרבעטן. דאָס לעבן אין קיבוץ איז מיר, ביי דער גאַנצער האַרעוואַניע, געווען ליב און טייער. פונקט ווי פון דער אַרבעט בין איך אויך פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער געזעלשאַפט־לעכער און קולטור־טעטיקייט אין קיבוץ, פון דער חברישקייט צווישן די מיט־גלידער, פונים אידעאַליזם, מיט וועלכן מיר זענען אַלע געווען דורכגעדרונגען.

איינמאָל, ווען כ'האָב געאַרבעט אויפן כביש, האָט מיך דערזען ראדל

אסטראָוויאַק, אַ וואָלאָמינערין, וואָס האָט שוין עטלעכע יאָר געוווינט אין ישׂראל. זי האָט מיך גלייך דערקענט און אַן איבערראַשטע האָט זי אויסגערופן:

„זעט נאָר, טייבלומס זון אַרבעט אויפן כביש”.

זי האָט געזען מיין שטאָלצע האַלטונג און האָט גיך אַראָפּגעשלונגען איר אייגענע פאַרוואונדערונג, האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך. אין יענע מינוטן איז ווידער אויפגעשווומען פאַר מיינע אויגן דאָס שטעטל און איך האָב נאָך שטאַרקער דערפילט דעם הייסן באַגער, אַז אַלע יידן פון וואָלאָמין זאָלן זיך געפינען אין ארץ־ישׂראל און דאָ העלפן בויען אונדזער היים.

דאָס איז געבליבן אַ חלום. בלויז געציילטע האָבן זיך געראַטעוועט און זענען דאָ מיט אונדז אין ישׂראל. עס פאַרבינדט אונדז די אַטמאָספער פון דער אַלטער היים, די זכרונות וועגן אונדזערע נאָענטסטע און טייערסטע, די קדושים פון יידישן וואָלאָמין, וואָס איז געווען און איז מער נישטאָ.

## די מאַקס־נארדוי־געזעלשאַפט



די יוגנטלעכע מיטגלידער פון דער מאַקס נארדוי־געזעלשאַפט זענען געווען דורכגעדרונגען מיטן ציוניסטישן גייסט, מיט דער שטרעבונג צו זעלבסט־פאַרווירקלעכונג דורך עליה קיין ארץ־ישׂראל.

## שמואל פיראוויטש

# דער
# ספּאָרט קלוב „מכבי״

דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אינעם ספּאָרט־קלוב „מכבי״ איז געבליבן אין מיין זכרון ווי אַ שיינער חלום פון אַקטיווער יוגנט.

דער ספּאָרט־קלוב האָט אַריינגעבראַנגט אינטענסיוו לעבן צווישן דער יידישער יוגנט אין וואָלאָמין. כ׳געדענק דעם 29־טן מאַי, אין יאָר 1929, ווען מיר, אַ גרופּע חברים, זענען געזעסן אין דעם אָרעמען טונקעלן צימער און גערעדט וועגן דעם אומעט פון דער יוגנט אין שטעטל. עס איז דאַן אויפגעשווומען דער געדאַנק צו שאַפן אַ ספּאָרט־קלוב, וואָס זאָל דינען פאַר אַלע שיכטן פון דער יידישער יוגנט אין אונדזער שטעטל. די איניציאַטאָרן זענען געווען: ישראל גראָסינגער און ישראל ליכטמאַן ווי אויך ח. קווער ז״ל. מיר זענען גלייך אַרויס איבערן שטעטל און גענומען מאָביליזירן יוגנטלעכע פאַרן געדאַנק צו שאַפן דעם ספּאָרט־קלוב „מכבי״. קיין לאָקאַל, וווּ זיך צו פאַרזאַמלען, האָבן מיר נישט געהאַט, האָט דער חבר צוקער אונדז איינגעלאַדן אין לאָקאַל פון




ארגון ספורטיבי — „מכבי״
מיטגלידער פון דער וואָלאָמינער ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע „מכבי״

„גורדוניה", ווו מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אונדזערע זיצונגען. אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן מיר באַקומען די לעגאַליזאַציע. מיר האָבן אַריינגעשטעלט אַ פּינג־פּאָנג־טיש, וואָס האָט גלייך צוגעצויגן אַ סך יוגנטלעכע.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז אונדז געלונגען צו באַקומען אַן אייגענעם לאָקאַל און מיר זענען צוגעטרעטן צו שאַפן אַ גימנאַסטיק־סעקציע און זיך אָנגע־שלאָסן אין וועלט־פאַרבאַנד „מכבי". באַלד דערויף האָבן מיר געשאַפן די פוטבאָל־סעקציע און מיר זענען אַרויסגעטרעטן אויף פאַרמעסטן מיט אַנדערע ספּאָרט־קלובן. דעמאָלט האָבן זיך אויך אָנגעהויבן אונדזערע צרות. זייענדיק דער טויער־מאַן פון מכבי האָב איך ביים פאַרטיידיקן דעם טויער געדאַרפט גלייכצייטיק באַוואָרענען זיך פאַר די שטיינער, וואָס זענען געפאַלן פון די אַנטיסעמיטישע פוילישע יוגנטלעכע.

אונדזער ספּאָרט־קלוב האָט אויך געפירט אַ וואַרעמע קולטור־טעטיקייט. מיר האָבן געהאַט אַן אייגענעם דראַמקרייז, געווען פאַרטרעטן אין פאַרשידענע ציוניסטישע קאָמיסיעס, געאַרבעט אינטענסיוו פאַר קרן קיימת און פאַר קרן היסוד.

אַזוי האָבן מיר געפירט אונדזער אַרבעט ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.



אַ גרופּע יידישע ספּאָרטלער אין וואָלאָמין

מלכה יעלען־גרינבערג

# די קאָמוניסטישע באַוועגונג



די אונטערוואַקסנדיקע יוגנט, וואָס האָט בעת דער דייטשער אָקופּאַציע געפירט אַ קולטור־געזעלשאַפטלעכע און אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיקייט, איז ביים אויסברוך פון דער פויליש־סאָוויעטישער מלחמה געגאַנגען אין דער אַרמיי. ערשט ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט און דאָס לעבן האָט זיך ביסלעכווייז אנגעהויבן רעגולירן, האָט יונגוואַרג זיך גענומען פאַרטראַכטן איבער די ידיעות, וואָס זענען געקומען פון דער ווייטער און ברייטער וועלט און עס האָט זיך ווידער גענומען קאָכן און רוישן אַ געזעלשאַפטלעך לעבן, דיסקוסיעס, רעפעראַטן און לעקציעס.

נאָך איידער עס האָט זיך געענדיקט די ערשטע וועלט־מלחמה, ווען וואָלאָמין איז נאָך געווען פאַרנומען דורך די דייטשן, איז שוין צו אונדז דערגאַנגען דער אָפּקלאַנג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. עס זענען געווען יונגע אַרבעטער, וואָס זענען געווען דורכגעדרונגען מיט די סאָציאַליסטישע אידעען פון יענער צייט, געגלויבט, אַז מיט דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז געקומען די באַפרייאונג פון אַרבעטס־מענטש, די דערלייזונג פון דער מענטשהייט.

עס זענען געווען אין וואָלאָמין יוגנטלעכע, וואָס זענען געווען נישט בלויז טרוימערישע אידעאַליסטן, נאָר זענען אויך געווען דורכגענומען מיט שטאַרקן ווילן און שטרעבן צו טאָט, אַנטיילצונעמען אין קאַמף פאַר אַ בעסער לעבן. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געחלומט צו פאָרן קיין רוסלאַנד און אָנשליסן זיך אין די רייען פון די קאָמוניסטישע שלאַכט־לייט.

די זאמען זענען געפאַלן אויף אַ פרוכטבאַרן באָדן און שפּעטער האָט אין דער י. ל. פרץ־געזעלשאַפט זיך געשאַפן אַ לינק־געשטימטע גרופּע, וועלכע מען האָט גערופן „די רויטע".

די טעטיקייט פון דער דאַזיקער גרופּע איז געווען אַן אומלעגאַלע. די מיטגלידער האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַן אויסערגעוויינלעכן ענטוזיאַזם און מסירות נפש. נישט געקוקט דערויף, וואָס זיי זענען פאַרפאָלגט געוואָרן דורך דער פּאָליציי, האָבן זיי ווייטער געפירט די אונטערערדישע אַרבעט מיט זייער גאַנצן יוגנטלעכן אידעאַליזם.

די יונגע יידישע קאָמוניסטן זענען געווען אין ענגן קאָנטאַקט מיט די פּוילישע קאָמוניסטיש־געשטימטע אַרבעטער אין דער גלאָז־הוטע, האָבן געהאַט געמיינזאַמע צונויפטרעפן, פאַרזאַמלונגען, אויף יידישע און פּוילישע קאָמוניסטן זענען אַרויסגעטרעטן מיט רעדעס וועגן דער לאַגע אין לאַנד, וועגן שטרייקן און אַנדערע דעמאָלט־אַנגעווייטיקטע ענינים.

צווישן די קאָמוניסטישע טוער זענען געווען סיי אַזעלכע, וואָס זענען געקומען פון דער טיפעניש פון דער מאַסע, פון דער אָרעמקייט, סיי פון פאַר־מעגלעכע היימען, וואָס זענען דורך פאַרשידענע וועגן געקומען צו די אידעאַלן פון דער רעוואָלוציע און האָבן זיך מיט אידעאַליסטישן אימפּעט אַריינגעוואָרפן אין דער אומלעגאַלע טעטיקייט, געלערנט היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, לעניניס שריפטן און פאַרשידענע אַנדערע אומלעגאַלע שריפטן, ביכער און בראָשורן.

אין די נעכט פלעגן די יוגנטלעכע קאָמוניסטן פאַרקלעפּן אַלע פּלויטן און מויערן מיט קאָמוניסטישע לאָזונגען, פאַר ראַטנפאַרבאַנד, פאַרוואָרפן רויטן פענדלעך איבער די הויכע טעלעפאָן־דראָטן.

עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די לופט איז אָנגעפילט מיט רעוואָלט און יונגע אידעאַליסטישע הערצער האָבן דעם רעוואָלט געוואָלט נאָך מיר פונאַנדער־וואַרעמען און דירפירן צום העכסטן עקסטאַז.

## דער דראַמקרייז „אויפקום"

די מיטגלידער פונעם דראַמקרייז „אויפקום" ביי דער י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק זענען געקומען פון פאַרשידענע קרייזן, פון אַרבעטנדיקע און אינטעליגענץ. כ'געדענק די צוויי שוואָגערס משה זיסמאַן און ליפּע מיט זייערע פרויען, פריד פון דער קאַשטשעלנע־גאַס, וואָס האָט געהאַט אַ געשעפט פון ראַדיאָ־אַפּאַראַטן; אהרן דעמסקי, וועלכער געפינט זיך היינט אין בראַזיל, טוביה וויינבערג, שלמה פּלאָטקאָווסקי, איך און מיין שוועסטער ביילטשע א. א., וועמענס נעמען זענען מיר אַרויס פון זכרון.

דער דראַמקרייז האָט דורכגעמאַכט קריזיסן, באַזונדערס ווען טייל מיט־גלידער זענען אַוועק פון וואָלאָמין, ווער קיין וואַרשע און ווער קיין פּאַריז. ווידער האָט דער דראַמקרייז אויפגעלעבט ווען עס האָבן זיך גענומען צו

דער אַרבעט: טוביה ווײַנבערג, לייבל ראַדזימינסקי, נתן וואָלפּאָוויטש, יחיאל צוקער, יעקב מאַרקיטאַ, שלמה פּלאַטקאָווסקי, קאָפּעלושניק מיט זיין פרוי, פריידקע גרינשפּאַן, זשעניע אַסמאַן, וועלכע געפינט זיך היינט אין אַמעריקע; אסתר פרידמאַן — היינט אין בראַזיל. איך און מיין שוועסטער ביילטשע זענען ווייטער געווען אַקטיוו אַנטיילנעמער אינעם דראַמקרייז.

מיר האָבן אָנגעהויבן די פּראָבעס איבער יעקב גאָרדאָנס פּיעסע „גאָט, מענטש און טייוול". די פּראָבעס האָבן געדויערט איבער צוויי חדשים. די מיט־גלידער זענען געווען ענטוזיאַסטיש.

די ערשטע פאָרשטעלונגען פון פּרץ הירשביינס „נבלה", יעקב גאָרדאָנס „גאָט, מענטש און טייוול" זענען פאָרגעקומען אין זאַל פון דער פּרץ־ביבליאָטעק. דער דערפאָלג איז געווען אַ גרויסער און מיר האָבן שפּעטער געשפּילט אינעם זאַל פון קינאָ „אדריאַ", אויפן מאַרק

דער דערפאָלג האָט איבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען. די פאָרשטעלונג האָט געבראַכט אַ באַדייטנדיקע הכנסה און דאָס געלט איז געגאַנגען פאַר דער ביבליאָטעק, פאַר איינקויפן נייע ביכער.

נאָכן אָפּשטעלן די פאָרשטעלונג אין וואָלאָמין האָבן מיר זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַ טורנע איבער די נאָענטע שטעטלעך, ווי ראַדזימין, טלושטש א.א. די פאָרשטעלונגען האָבן אומעטום געבראַכט הכנסות און אויך זיי זענען געגאַנגען פאַר דער ביבליאָטעק.

אומעטום זענען די זאַלן געווען פול און מיר, ווי אמתע אַקטיאָרן, האָבן געפיבערט פון נערוועזיטעט. דאָס זענען דערינערונגען, וואָס זענען לאַנג געבליבן אין געמיט. ווען עס איז געוואָרן פינצטער אין זאַל און דער פאָרהאַנג האָט זיך פונאַנדערגערוקט. אַ שטילקייט, אַז מען האָט געקענט הערן אַ שפּילקע פאַלן אויף דער ערד. הערצער האָבן זיך אָפּגעשטעלט. איינע די אַנדערע האָבן זיך צוגעגעבן קוראַזש, געמוטיקט.

קוים איז דורך דער ערשטער אַקט און מיר האָבן דערהערט די ערשטע בראַוואָ־פּאַטשערייען, איז אונדז געוואָרן גרינגער אויפן האַרצן. דער צווייטער אַקט איז געוואָרן צעשפּילטער, לעבעדיקער.

ווען עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט דער פאָרהאַנג נאָכן לעצטן אַקט האָט דער זאַל געיובלט און אונדזערע הערצער זענען פול געוואָרן מיט פרייד און שטאָלץ. הינטער די קוליסן איז מען געקומען אונדז דאַנקען, לויבן פאַרן גוטן שפּילן.

אין וואָלאָמין האָט מען אַ סך גערעדט וועגן אונדזער דראַמקרייז, וועגן באַזונדערע מיטגלידער, ווי וועגן אַקטיאָרן און אַקטריסעס. וואָלאָמין האָט זיך דערהויבן צו אַ נייער הויך און אָנגערעגט צו ווייטערדיקע אָנשטרענגונגען.

מיר האָבן געגומען פּרובירן אויך איינאַקטערס, רעציטאַציעס, געזאַנג. מיר האָבן געשפּילט מאַרק אַרנשטיינס „דאָס אייביקע ליד", שלום עליכמס „מזל טוב", אנסקיס „דיבוק", גאָלדפאַדענס „צוויי קוני־לעמלס", יעקב גאָרדינס „מירעלע אפרת", „דער אינטעליגענט" א. א.

אונדזער דראַמקרייז האָט געמאַכט אַ רושם נישט נאָר אין וואָלאָמין, נאָר אויך אין די אַנדערע שטעטלעך, וווּ מיר זענען אַרויסגעטרעטן. יעדע נייע פאָר־שטעלונג איז געווען אַ יום־טוב פאַרן עולם און פאַר די שפּילער.

ערנסט און הייליק איז געווען אונדזער באַציאונג צו דער אַרבעט. אַ סך מי און כוחות האָבן מיר אַריינגעלייגט אין די פאָרשטעלונגען, כדי זיי זאָלן שטיין אויף אַ געהעריקער הויך. אַ „שטערן" אין אונדזער קרייז איז שוין דאַן געווען נתן וואָלפאָוויטש, וועלכער איז היינט אַן אָנגעזעענער אַקטיאָר און רעזשיסער אין ישראל.

די חברים: שלמה פּלאַטקאָווסקי, טוביה ווײַנבערג און קאַפּעלושניק האָבן אַליין געמאָלן די דעקאָראַציעס. מייעראָוויטש איז געווען דער סופליאָר.

דער דראַמקרייז האָט זיך געלאָזט פילן אין וואָלאָמינער קולטור־לעבן, האָט אַריינגעבראַכט אין שטעטל יום־טוב און פרייד.

די מיטגלידער פונעם דראַמקרייז זענען באַשטאַנען פון יוגנטלעכע, וואָס זענען אַ גאַנצן טאָג געווען פאַרנומען ביי דער אַרבעט, אין דער הוטע, ביים וואַרשטאַט. אין די אָוונטן זענען זיי געקומען אויף די פּראָבן, אָפטמאָל מידע, פאַר־מאַטערטע, אָבער פול מט אימפּעט און ענערגיע און אין קעגנזאַץ צו פּראָפעסיאָ־נעלע אַקטיאָרן האָבן זיי נישט נאָר נישט געטראַכט פון פאַרדינען דורך זייערע אויפטריטן, נאָר האָבן אָפט צוגעצאָלט פון זייערע אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס אויף צו דעקן די דעפיציטן, וואָס זענען געווען אין דער קאַסע פאַר און נאָך דער פאָר־שטעלונג.

דער דראַמקרייז האָט געהאַט די רירנדיקע אָנערקענונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין וואָלאָמין און איז צוזאַמען מיט איר אומגעקומען.



יעקב ראָזנבלאַט

# די
# פּרץ־געזעלשאַפֿט

וואַלאָמין, פלעגט מען זאָגן, איז אַן אַנגעלאָפענע שטאָט פֿון אַלע עקן פוילן, איז ווי דער שטייגער, דעמלסט אין אַלע שטעט און שטעטלעך, געווען פאַרשידענע יידן; רעליגיעזע, פרייע, ציוניסטן, „פּראָגרעסיווע" און כל מיני אַנדערע פאַרטייען, ווי דאָס ווערטל זאָגט צען יידן מיט 15 פאַרטייען. אין אַלגעמיין גענומען איז דאָס יידישע לעבן אין שטעטל געווען אי רעליגיעז, אי קולטורעל, מאָדערן. כ'וויל זיך אָבער נישט פאַרנעמען צו שרייבן וועגן אָט דעם פאַרשידנ־אַרטיקן פאַרטייאיש געזעלשאַפטלעכן לעבן אין שטעטל, מחמת ס'איז מיר ווייט נישט באַקאַנט, אָבער כ'וויל געלעגנהייטלעך זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן דער פּרץ־געזעלשאַפט, וווּ איך בין עטלעכע יאָר געווען אַ מיטגליד און פּרוּוון פאַר־אייביקן אירע טוער און אַקטיוויסטן, וועלכע זענען אין דער גרעסטער מערהייט אומגעקומען דורך די דייטשע בעסטיעס.

די פּרץ־געזעלשאַפט האָט געהאַט אַן אייגענע שיינע ביבליאָטעק, וווּ אַרבעטער פלעגן קומען נעמען אַ בוך צום לייענען און דערווערבן זיך אַ ביסל וויסן און קלאָרקייט. די אַנפירונג פֿון דער ביבליאָטעק האָט אַראָפּגעבערענגט פאַרשידענע רעפערענטן, איינגעאָרדנט פאַרלעזונגען, קעסטל־אָוונטן, ווי דער שטייגער אין יענער צייט איז געווען, איינגעאָרדנט פאַרשידענע ליטעראַרישע משפּטים און אויך פּאָליטישע, ווי למשל, איבערן אַלטן־יאָר. מיט איין וואָרט, געפירט אַ שיינע קולטורעלע אַרבעט.

די פאַרוואַלטונג פֿון דער ביבליאָטעק: מלינעק — פאָרזיצער, מאַיראָוויטש — סעקרעטאַר און ביבליאָטעקאַר. ליפּע, משה זוסמאַן, לאה אַסמאַן, פייגע בור־טשעווסקי, יצחק קראַסוצקי, דער שרייבער פֿון די שורות און נאָך אַנדערע אַקטיוויסטן, וועמענס נעמען איך געדענק נישט.

כדאי אויך אויסצורעכענען אייניקע מיטגלידער, וועלכע איך געדענק:ביידע ברידער מיינימער, רחל גאָלדוואַסער, חעליע בודני, טובה יאַגאָדאַ, משה

גראַזינגער, שעפסל זילבערשטיין, גיטל מאַנגע, נעשע קאַן,ביידע שווסטער גרינשפּאַן און נאָך פיל צענדליקער אַנדערע, וועמענס נעמען כ׳געדענק נישט.

ער דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן מאיר פאַלקאָוויטש, וועלכער איז שפּעטער אַוועק קיין פּאַריז און אין יאָר 1940 איז ער געפאַלן אין קאַמף קעגן די נאַציס.

ביי דער פּרץ־ביבליאָטעק איז אויך טעטיק געווען אַ דראַמקרייז, וועלכער האָט אויפגעפירט פאַרשידענע פּיעסן און נישט שלעכט. דער רעזשיסער, אַן אייגנער, אַ וואַלאַמינער, איז געווען טוביה וויינבערג, אָנטיילגענומען די וואָס איך געדענק: יחיאל צוקער, שלמה פלאַטקאָווסקי, יאָסל פלאַטקאָווסקי, יאַנקל מאַנקיטאַ, זשעניע האַסמאַן, מלכה יעליען, שמואלקע מאַנגע, פריידע גרינשפּאַן און אַנדערע.

## דער ספּאָרט־קלוב „פּראַמיען"

אויך האָט עקזיסטירט ביי דער ביבליאָטעק אַ ספּאָרט־קלוב — „פּראַמיען", וועמענס מיטגלידער האָבן זיך פאַרנומען מיט לייכטע איבונגען און אַ פוטבאָל־סעקציע. די פאַרוואַלטונג: זשעניע כץ, אברהם ראָזנבערג, שמעון ווישניעווסקי, קאַראָל יאַגאָדאַ, שלמה טראַסטערמאַן. מיטגלידער: חנה טשאַפּקעוויטש און רחל טשאַפּקעוויטש, רחל פלאַטקאָווסקי, רבקה באַרטשעווסקי, חייקע און אַנדערע. אין דער פוטבאָל־סעקציע האָבן געשפּילט משה מוץ — בראַמקאַזש, שמעון ווישניעווסקי, שלמה בלומענקראַנץ, שאולקע טאָפּאָל און אַנדערע. די אַלע אויבן־אויסגערעכנטע און אַנדערע נישט אָנגעגעבענע נישט אויסגעצייכנטע נעמען זענען אין דער גרעסטער מערהייט אומגעקומען דורך די נאַצישע באַנדיטן.

דאָך, נישט געקוקט אויף דער גרויסער קולטור־אַרבעט פון דער פּרץ־געזעלשאַפט און איר ביישטייער אַרויסצורייסן די אַרבעטער־יוגנט פון איר אומוויסן און פינצטערניש, האָבן זיי, צו אונדזער אַלעמענס גרויסן צער און ווייטיק, אומזיסט געבלוטיקט און פיל פון זיי זענען געזעסן אין די פוילישע תפיסות פאַרן פאַרטיידיקן אַ פאַלשע אידעע, הגם זיי אַליין האָבן דעמלט געגלויבט באמונה שלמה, אַז די דאָזיקע אידעע, פאַר וועלכער זיי גיבן אַוועק זייער לעבן, וועט אויך ברענגען די ישועה אי פאַרן יידישן אַרבעטער און אויך פאַרן יידישן פאָלק און נישט אויסבייזוויליקייט האָבן זיי אַוועקגעפירט די יידישע אַרבעטער־יוגנט אויף אַט דעם פאַלשן בלוטיקן וועג.

היינט, אין אַנבליק פון די געשעענישן פאַר די לעצטע יאָרן, בעת מיר וואַרצלען זיך איין אינעם היסטאָרישן לאַנד פון די אבות, באַווייזט עס אונדז אויף טריט און שריט די פאַלשקייט פון יענעם וועג, געגנג אַנצווייזן אויף די גרויסע

דיסקרימינאַציעס קעגן די ייִדן, וואָס האָבן איינגעפּירט טאַקע די זעלבע „פּראָגרע־סיווע" און „שלום"־פּרעדיקער אין ווערמענס ווענן און אידייען ס'האָבן זיך געקלאָמערט די פירער פון דער פּרץ־געזעלשאַפט ווייל עס בלייבט אונדז נאָר אויסצושרייען דעם באַרימטן פּסוק פון שיר השירים „שמיני נוטרה את הכרמים, כרמי שלי לא נטרתי"...

אויף אַלע מיינע וואַנדערונגען איבער שטעט און לענדער, דורכמאַכנדיק די שווערסטע איבערלעבונגען, זענען שטענדיק געשטאַנען פאַר מיינע אויגן די אידעלע געשטאַלטן פון די ייִדישע יוגנטלעכע אין וואָלאָמין. עס קלינגען נאָך אין מיינע אויערן זייערע הילכיקע שטימען ביים דיסקוטירן אין פאַריין, אין קלוב, איבער ענינים וואָס האָבן זיך זיי אויסגעוויזן צו האָבן אַן אוניווערסאַלע און נאַציאָנאַלע באַדייטונג עס איז נישט זייער שולד, וואָס זיי זענען אַזוי ביטער אָפּגענאַרט געוואָרן.



שעדלעצקי, אַלס פּוילישער זעלנער, זיצט צווישן אַ גרופּע וואָלאָמינער יוגנטלעכע, ביים קומען אַ היים אויף אורלויב.

חיה רובינשטיין

# פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן



לע פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן, וואָס האָבן עקזיסטירט אין יידישע שטעטלעך, זענען אויך געווען אין וואָלאָמין און האָבן זיך פאַרנומען מיט העלפן אָרעמע און קראַנקע. אַזאַ אינסטיטוציע איז אויך געווען די לינת הצדק, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט העלפן קראַנקע אָרעמעלייט, וועלכע האָבן נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו רופן אַ פּריוואַטן דאָקטאָר און אויסצוקויפן מעדיצינען.

די לינת הצדק פלעגט פאַר די דאַזיקע קראַנקע אויסבאָרגן אַ וואַרעם־פלאַש, אַ טערמאָמעטער, אַן עלעקטרישע קוואַרץ־לאָמפּ און נאָך אַנדערע זאַכן, אין וועלכע די קראַנקע האָבן זיך גענויטיקט און נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו באַקומען זיי אויף אַן אַנדערן אופן.

קיין שפּיטאָל איז אין וואָלאָמין נישט געווען און דערפאַר איז די לינת הצדק אינסטיטוציע געווען דאָרט אַן ערשט־ראַנגיקע נויטווענדיקייט און האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ וויכטיקע הילפס־אָרגאַניזאַציע פאַר די אָרעמע קראַנקע.

די מיטגלידער פון לינת הצדק פלעגן אויך גיין אויף שמירה צו קראַנקע, ביי וועלכע זיי זענען געזעסן וואַך אַ גאַנצע נאַכט און אויסגעפירט די פונקציעס פון אַ קראַנקן־שוועסטער.

די אָרעמע יידן אין וואָלאָמין האָבן געוווסט, אַז לינת הצדק איז אַן אַדרעס, ווו מען קאָן באַקומען די ערשטע הילף פאַרז קראַנקן.

די לינת הצדק האָט זיך געפונען אויף דער דלוגע־גאַס און אין זעלבן הויז, ווו עס איז געווען דאָס אַמשינאָווער חסידים שטיבל.

אינעם זעלבן לאָקאַל איז אויך געווען די גמילת חסדים קאַסע, ווו מען האָט אין פאַל פון אַ נויט געקריגן געבאָרגט געלט אָן פּראָצענט, אויסצוצאָלן יעדן חודש קליינע סומעס.

איך געדענק אַ פאַל, ווען עס איז קראַנק געוואָרן אַן עלטערע פרוי און זי האָט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט זיך צו היילן. איר מצב איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן ערגער און עס האָט איבער איר געשוועבט די געפאַר פון טויט. דער דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט, אַז מען מוז זי גיך אָפפירן קיין וואַרשע אין אַ שפּיטאָל, אָבער די דאָזיקע קראַנקע פרוי האָט נישט פאַרמאָגט אויף די הוצאות קיין וואַרשע.

איך בין דעמאָלט געגאַנגען אין דער גמילת חסדים־קאַסע און דערציילט וועגן דאָזיקן פאַל די פרוי האָט זיך דעמאָלט געגנויטיקט אין 150 זלאָטעס. אַזויפיל האָבן באַטראָפן די הוצאות פאַר אָפפירן אַ קראַנקן קיין וואַרשע אין שפּיטאָל אַריין.

איך האָב פאַר די אָנפירער פון דער גמילת חסדים־קאַסע געשילדערט די לאַגע און דערביי פאַרזיכערט, אַז איך נעם זיך אונטער צונויפצוזאַמלען די סומע, אָבער דאָס וועט דאַרפן דויערן עטלעכע טעג. די אָנפירער פון דער קאַסע האָבן מיר געגלויבט אויפן וואָרט און איך האָב גלייך באַקומען די נויטיקע סומע און אינעם זעלבן טאָג אָפגעפירט די פרוי קיין וואַרשע, ווו זי איז געלעגן אין שפּיטאָל ביז זי איז געזונט געוואָרן און צוריקגעקומען אַהיים קיין וואָלאָמין.

איך האָב מיין וואָרט געהאַלטן און צוזאַמען מיט מיין חברטע האָבן מיר געשאַפן דאָס געלט און צוריק אָפגעגעבן די גאַנצע סומע צו דער גמילת חסדים־קאַסע, אַז זיי זאָלן קענען העלפן אַנדערע נויטבאַדערפטיקע.

איך דערצייל דעם דאָזיקן פאַל ווי אַ מוסטער פון צענדליקער און הונדערטער אַנדערע ענלעכע פאַלן, ווען די גמילות חסדים־קאַסע איז געווען די איינציקע אַדרעס, ווו מען האָט געקענט דערוואַרטן די נויטיקע הילף.

עס האָבן אין וואָלאָמין נישט געפעלט קיין נויטבאַדערפטיקע, קרעמער און בעלי־מלאכות, וועלכע דער שטייער־אַפּאַראַט האָט געדרוקט און אויסגעקוועטשט פון זיי דעם מאַרך פון די ביינער. אין דער גמילת חסדים־קאַסע, האָבן זיי תמיד געקראָגן געבאָרגט אַ געוויסע סומע, וועלכע האָט זיי געשטעלט אויף די פיס. מערסטנס האָט יעדער צוריק אָפּגעצאָלט די הלוואות. די ראַטעס זענען געווען צוגענגלעכע.

## קאאפעראטיווע באנק

וואָלאָמין איז געווען איינע פון די יינגסטע שטעט אין פוילן און האָט זיך זייער שנעל אַנטוויקלט. אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט זענען צוגעקומען אַ סך נייע הייזער און גאַסן און עס איז אויסגעוואַקסן אַ שיין מאָדערן שטעטל.

נישט אַלע האָבן געקענט נאָכגיין אין די פוסטריט פון דעם גרויסן וווקס.

אַ סך וואָס האָבן זיך געמאַכט געשעפטן, וואַרשטאַטן, האָט אויסגעפּעלט אָטעם אויסצוהאַלטן קריזיסן און עס איז געקומען אַ מאָמענט, ווען פאַר די געזעלשאַפטלעכע טוער איז קלאָר געוואָרן, אַז עס דאַרף געשאַפן ווערן אַ באַנק, וואָס זאָל קענען אַרויסהעלפן די איינוווינער אין אַ מאָמענט פון עקאָנאָמישן קריזיס.

די סוחרים און די האַנטווערקער האָבן דאַן געשאַפן אין וואָלאָמין אַן אָפּטיילונג פון דער וואַרשעווער קאָאָפּעראַטיווע באַנק, אין וועלכער זיי זענען געוואָרן מיטגלידער.

די באַנק האָט זיך געפונען אויף דער פשעכאָדניע־גאַס, אין ברוך שולמאַנס געמויערט הויז, וועלכעס איז געוואָרן אָפּגעדונגען און אַריינגעפירט אַלע איינאָרדענונגען, אין וועלכע עס נויטיקט זיך אַ באַנק.

די באַנק איז ווירקלעך געווען אַ וויכטיקע הילפס־אינסטיטוציע פאַר די וואָלאָמינער סוחרים און האַנטווערקער, וועלכע האָבן דאָרט געקענט באַקומען אַ הלוואה ביז 1000 זלאָטעס אויף אַ קליינעם פּראָצענט. עס זענען גענוג געווען צוויי זשיראַנטן, וועלכע האָבן געדאַרפט גאַראַנטירן אַז דער חוב וועט אָפּגעצאָלט ווערן.

די מיטגלידער פון דער באַנק האָבן אויסגעוויילט אַ פאַרוואַלטונג, וועלכע האָט געדאַרפט באַשטימען דאָס אַרויסגעבן די הלוואה.

די הלוואות זענען געווען פון אַן אומגעהויערער באַדייטונג און האָבן ווירקלעך געהאָלפן אַ סך סוחרים און האַנטווערקער האַלטן זיך אויף זייערע פּאָזיציעס, פאַרגרעסערן דאָס געשעפט, דעם וואַרשטאַט, אויסצאָלן די חובות, כדי צו קענען ווייטער האַנדלען.

די באַנק האָט זיך זייער גוט אַנטוויקלט. עס זענען צוגעקומען נייע מיטגלידער. עס דאַרף דאָ באַצייכנט ווערן די דיסציפּלין פון די מיטגלידער, וועלכע האָבן פּינקטלעך געצאָלט זייערע ראַטעס, געזאָרגט אַז די באַנק זאָל זיך אַנטוויקלען, ווייל זיי האָבן אין איר געזען אַן אינסטיטוציע, וואָס זאָרגט פאַר זייערע אינטערעסן.

די לאַגע פון די ייִדן אין וואָלאָמין איז, ווי אין פּוילן בכלל, געוואָרן מיט דער צייט ענלעך צו אַ שיף, וואָס ווערט פאַרשווענקט פון די מים הזדונים, אַן אַ הײנט און אַן אַ מאָרגן. ווי אין יעדן קליינעם שטעטל איז אַלץ געווען אָפן. איינער האָט דעם אַנדערן געקענט און געוווּסט וואָס ביי יעדן טוט זיך אָדער דורך זען אָדער דורך הערן. דעם ייִדישן קרעמערס גראָשן איז געווען דורכגעווייקט אין שווייס און בלוט. עס האָט תמיד געדרוקט דער מאַנגל אין געלט און דערצו זענען צוגעקומען די שיקאַנעס און פאַרפאָלגונגען פון דער פּוילישער מאַכט, וועלכע האָט געטון אַלץ אויף צו מאַכן דעם מצב פון ייִדישן קרעמער ענגער און ענגער ביז צום לאָזן אים אַן לופט צום אָטעמען.

דערפֿאַר איז יעדער מינדעסטער שטראַל פֿון הילף געווען פֿון אומגעהויערער באַדייטונג און אַזעלכע איז אויך געווען די קאָאָפּעראַטיווע באַנק.

די קראָמען, וואַרשטאַטן און געוועלבער פֿון די יידן אין וואָלאָמין האָבן קוים געזשיפּעט און יעדע הלוואה, וואָס איז געלונגען צו באַקומען, האָט זיי געשטעלט אויף די פֿיס, געהאָלפֿן זיך האַלטן און האָפֿן אויף אויסגעבענקטער ישועה.

בכלל גענומען, ווען אַ שטאָט בויט זיך, איז דעמאָלט פֿאַראַן אַרבעט פֿאַר פֿאַרשידענע פֿאַכלייט. שטעלט זיך אָפּ דאָס בויען אויף אַ געוויסער צייט, הויבט זיך אָן דער קריזיס און דעמאָלט פֿילן עס צומשטאַרקסטן די יידן אין קליינעם שטעטל. עס הויבן זיך אָן מערן פּרנסהלאָזע משפּחות, וועמענס לאַגע ווערט מיט יעדן טאָג ערגער און זיי נייטיקן זיך אין הילף.

צום לויב פֿון דער יידישער שעפֿערישקייט ענערגיע און וויטאַליטעט דאַרף עס אָנגעוויזן ווערן די וואַרעמקייט, מיט וועלכע וואָלאָמינער יידישע מענטשן האָבן זיך אָנגערופֿן אויף יעדן רוף.

דאָס זענען נאָר עטלעכע שטריכן וועגן דער גרויסער אַרבעט פֿון די פֿילאַנ־טראָפּישע אינסטיטוציעס אין וואָלאָמין. געוויס האָב איך נישט אויסגערעכנט אַלע מענטשן, וואָס האָבן גענומען אָנטייל ביים אָרגאַניזירן די דאָזיקע אַרבעט, געווען אַקטיוו און טעטיק ביים ברענגען הילף פֿאַר נויטבאַדערפֿטיקע. איך בעט דערפֿאַר אַנטשולדיקונג און פֿאַרשטענדעניש, ווייל איך שרייב דאָס אַלץ פֿון זכרון, נישט האָבנדיק קיין שום פֿאַרשריבענע מאַטעריאַלן פֿאַר זיך.

דערפֿאַר האַלט איך זיך אויך אָפּ פֿון איבערדערציילן אַ ריי פֿאַקטן און געשעענישן, וואָס וואָלטן געדאַרפֿט פֿאַרצייכנט ווערן, אָבער איך בין נישט זיכער אין זייער גענויקייט און פּינקטלעכקייט און איך וויל דערפֿאַר קיינעם נישט באַעוולהן. זיי האָבן דאָך אַזויפֿיל אַוועקגעגעבן דעם שטעטל, אַזוי ווייניק באַקומען און אַזוי טראַגיש אומגעקומען.



הניה קנופף

# בגלל היותנו יהודים...

נולדתי בוולומין, גם גדלתי בה. היה לי מזל שבתקופתי היו כבר בתי־ספר עממיים לבנות וניתנה לי אפשרות להשיג השכלה יסודית וכתוצאה מזה להרחיב את האופקים שלי. בתקופתי קמו גם תנועות פוליטיות בעיירה.

אני השתייכתי לגורדוניה. התנועה הזאת היקנתה לנו השקפות פוליטיות וסייעה גם להרחבת האופקים שלנו. מדי פעם בפעם שמענו הרצאות על נושאים פוליטיים, תנ"כיים או סתם עניני דיומא. בתנועה קשרתי קשרים חברתיים. על חלק מהקשרים שומרת אני עד היום.

מכל החברים והחברות שלי נחרתה בזכרוני לאה מנדלסון, ילדה בת עיניים כחולות ושיער חום.

גם בקשר עם הילדה נחרת בזכרוני מאורע, אשר אני עומדת לצטט: לא כרוב יהודי העיירה, אשר התגוררו במרכז, לאה היתה גרה בסביבה נוצרית ואנו החברים היינו נוהגים ללוות אותה הביתה בשעות ערב אחרי ההרצאות.

פעם כשלווינו אותה והיינו בסביבת ביתה, התנפלה עלינו כנופית ילדים



תלמידי בית־הספר עם מחנכיהם

פולניים, אשר היכו אותנו מכות רצח. מרוב המכות איבדתי את הכרתי וכשהת־עוררתי, שכבתי בודדה ברחוב. בקושי הצלחתי לקום ואיך שהוא להגיע הביתה ועוד זמן רב הייתי שבורה ורצוצה.

מדוע היכו אותנו הפולנים?

בגלל היותנו יהודים...

ולכן מצאו הד עמוק בלבנו ניצני התחיה בעיירתנו, פעילות אירגוני הנוער החלוצי במטרה להרחיב ולהעמיק את השאיפה לתקומה מדינית בארץ ישראל, פעילות שהתחילה להשפיע כבר בבית־הספר.

הפעילות הזאת יצרה אוירה של תקוות וזוהרות במקום יאוש ודכדוך, של עליית־נשמה במקום אכזבה ואדישות; של שאיפות נעלות במקום מועקה וחדלון; אמונה במעשים קטנים וגדולים שבהצטרפם הם מחוללים את התמורה הגדולה בחיי העם.

כך קמו בעיירתנו סניפי „החלוץ", „השומר הצעיר", „גורדוניה" וכל האיר־גונים הציוניים האחרים, המפלגות והמוסדות, והצלחנו להתגבר על גורמי התנגדות שונים, לאחד השאיפות והפעולות למען הרעיון של יישוב ארץ־ישראל.



קבוצת תלמידי בית־הספר היסודי עם מחנכם

# דמויות והווי



# געשטאלטן און לעבנסשטייגער

# דמויות עיירתנו

העבר נעלם בתוך פורענות מזוועת שקידשה אותנו לנצח ואנו נותרנו שומריו היחידים ועלינו להוריש לילדינו את האור שהיה בעיירה, את המידות הנעלות, את מסירות הנפש והגדלות שהיו שם, את היהודיות היפה. ההווה של כולנו בנוי על אותו אורח־חיים תוסס ורב־עשייה. כל כמה שאנו באים בימים, אנו חשים צורך לשוב אליו, לדפוק על דלתותיו. ואם באה המולת הימים וטירחתם ומסיעות את העבר ודמויותיו מליבנו, באים חלומות הלילה וסיוטיו ומחיות אותן לפנינו, אז נשוב ונפקוד את בתי הורינו, את החדר או בית־הספר שבו למדנו, את בית־המדרש שבו התפללנו, ובבוקר נקיץ והנה היתמות. כן, אנו הדור האחרון, שבשבילו השואה אינו פרק מפרקי המארטירולוגיה של עמנו, פרק הנלמד בבתי־ספר או הנקרא בספרים, אלא חלק מתול־דותינו, מן הביאוגרפיה האישית של כל אחד ואחד מאתנו — יתמותנו ויגוננו ומכאובנו. אנו נושאים את השואה לא בזכרוננו ולא בדמיוננו, אלא בתאי בשרנו החי, הנכאב, ששם צמחנו צמיחתנו הראשונית, השורשית; שם רקמנו חלומו־תינו; שם נאבקנו על אמיתנו; שם אהבנו אהבתנו הראשונה; שם בנינו את דמות־דיוקננו. כל הייחוד שבנו, שקבע את מסד־נפשנו וצר תבנית הווייתנו הפנימית — משם הוא בא, שם נזרע הזרע, שם נגלפו תווי־דיוקננו הנפשי. מה יכולים אנו, מה מצווים אנו לעשות? לא לסוגרם, את אבותינו ואחינו המושמדים, בספרים אלא להזריעם כזרע חי בדם בנינו ובני־בנינו, זרע נובט, צומת, עושה פרי רב. נהיה נא לא רק נוחלים אלא גם מנחלים.

מי יתן ונשכיל לצרף את המורשת החיה של אבותינו לערכי בנינו עד שייעשו מזיגה אחת.

שמעון קאנץ

ד"ר שרה המבורגר—מנדלברג



# איש סגולות ורב חמודות

## לדמותו של הרב ר' זאב ברגזין

בעודו בגיל צעיר נבחר ר' זאב־וולף ברגזין לרב בוולומין. עד אז לא כיהן ברבנות, וישב על התורה ועל העבודה, נתבלט בכשרונותיו העילויים ובמדותיו הנעלות. היה נוהג לקום בחמש בבוקר וללמוד שיעורים שונים, עסק בלימודיו וחידש חידושי־תורה. אותו דבר היה נוהג לדרוש מחובשי בית־המדרש, ללמוד בכל יום קצת בעיון ומי יתן לחדש מה, כי אין שיעור לגודל הענין הזה, לחדש מה בתורה הקדושה.

דרכו היה לכתוב בעצם ידו עשרות מכתבים לאנשים שונים בענינים שונים, והיה ידוע בזריזותו להשיב מכתבים לכל דורש, נהג בניחותא והתייחס בכבוד לזולת.

היה רב למופת, בלט בידענותו התורנית המקיפה ובאישיותו האצילה, היה מקובל על הציבור כמרא דאתרא שכל מילי דמתא עליו רמיא, והכל בהצנע לכת, ולכן יצר מסביבו אוירה שקטה ונעימה.

היה עדין־הנפש ואציל־הרוח; האציל מרוחו על כל יהודי וולומין, אלה שהקיפו אותו, והם היו רבים וטובים.

הרב ברגזין היה בעל־נימוסין ובעל מידות תרומיות, בעל חזון ומעש, ואחד השלים את השני והלכו שלובי־זרוע. גם כוח העשיה שלו שרשו מאצילותו.

היה בעל דמיון רחב־האופק, אך לא נעדר מעל קרקע המציאות של העיירה, דאגותיה והגבלותיה, בבחינת „סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה". שמימיו היו תמיד בהירים, צלולים וטהורים, כמו שדעתו היתה צלולה ולבו טהור, ומכאן הנטייה לאופטימיות יתירה, אופטימיות המביאה ליד עשייה, בנין ויצירה בכל

השטחים הרוחניים והחומריים, כי הרב דאג גם לעניי העירה, עזר לא רק בעצה טובה כי אם גם בתמיכה כספית בזמן הצורך.

אמונתו היתה רבה וחזקה, אמונה עמוקה ושלמה בהשגחה פרטית, אך האמין גם באדם, באשר הוא חלק אלוקי ממעל ונברא בצלמו, ומכאן יחסו החיובי והאדיב לכל אדם.

פרק מיוחד היוו אצל הרב יחסי־ידידות והיה מוקף תמיד ידידים ומעריצים. אהבתו לאנשי וולומין היתה בלי משוא־פנים, היתה שורשית ומבוססת על אחריות עמוקה לכל מה שנעשה בקהילה היהודית ועל ידידות כנה.

אהבה, שאין עמה ידידות כנה ואמיתית, אינה מספיקה. אהבה גרידה פירושה לקחת ואילו ידידות פירושה — לתת. זה מה שאיפיין את הרב ברגזין, הוא היה מוכן תמיד לתת, בלי כל תמורה, דבר זה ידעו אלה שהיו קרובים לו ואלה שבאו עמו במגע, בענינים פרטיים וגם בענינים הנוגעים לכלל.

וכך היה אומר:

„לעלם יראה אדם את העולם כאילו חציו זכאי וחציו חייב ובידו להכריע את הכף".

לכן לא שקט ולא נח וחיפש תמיד דרכים חדשות לתקן את סדרי הקהילה, את היחסים בין המפלגות, בין אדם לאדם. לא נבהל מכל תקלה ומכשול, תמיד התעורר מחדש, וכך אמר: „אם נהר זורם ונתקל בדרכו במכשול, הוא מוצא לו אפיק חדש". החיים זורמים ואינם עומדים במקום אחד, יש לכן לשאוף להתחדשות, כמו שכתוב על היחס לתורה: בכל יום תהא עליך כחדשה!

לבו כאב על כל תופעה של פילוג בעיירתנו, ראה בפילוג מקור כל הכשלונות וחוסר השפעה. לכן עשה תמיד מאמצים נועזים להביא לידי הידברות, לפשר ולעשות שלום בין צדדים יריבים, למצוא שפה משותפת ועבודה משותפת, כי לא סבל ריב ומחלוקת והשתדל להתרחק מלהיות מעורב בכגון זה.

רבים הם מעשיו הטובים, מעשה צדקה וחסד של רב־עירנו, שיש לספר ולספר עליהם, היה מחונן בלב טוב והיה מליץ־יושר מטבעו, מקרב אנשים ומשתדל לעזור להם.

כן דאג לעניני דת וכשרות וכמו בכל תחום מתחומי עבודתו כמרא דאתרא זכה להערכה והוקרה רבה.

היתה לו מסירות נפש לעשות נפשות לה', וזאת עשה בעבודתו המעשית כרב בישראל.

שלא כדרך המוכיחים בזמנו, שהיו מאיימים ביסורי גיהנום ועונשי כף־הקלע, דרש הרב ברגזין בדברי נועם ואהבה, בדברי ריצוי ונעימות. מטעם זה היה

מרבה לתבל את דבריו במשלים נאים, לקוחים מהחיים והמציאות, כפי השגת השומעים.

חזרו מעריציו על סיפור ששמעו ממנו על אחד מחסידי קוצק שהסתתר מאחורי דלתו של הרבי כדי לשמוע כיצד הוא קורא את פרשת השבוע, וכשהגיע הרבי לפסוק „ואהבת לרעך כמוך", שמע החסיד שקרא בתמיהה: כמוך? כמוך? ורק אחרי כן נרגע.

הרב הסביר: מצוות „ואהבת לרעך כמוך" היא בעיה קשה. אם הכוונה לאדם הקרוב לי מאוד — ניחא, כמוך ממש, והרבה פעמים יותר מזה, כי עשוי אדם להיות קשור בזולת יותר משהוא קשור בעצמו. חייו של הזולת עשויים להיות יקרים לו יותר מחייו הוא, אבל אם הכוונה ב„רעך" לכל יהודי או לכל אדם — כלום זה אפשרי? כלום זה אמיתי? נראה שמצווה זו, שהיא כלל גדול בתורה, היא בבחינת מתן כיוון: היה מכוון לאהוב את רעך.

הבעיה העיקרית — אמר הרב — אינה ב„כמוך", אלא במשימה הקשה להיות פתוח וגם מכוון לאהבה. זהו קושי עצום, ותכנו של הכלל הגדול הוא להתגבר על הקושי הזה. קשה להיות מכוון לאהבה ויחד עם זה להיות אמיתי, היינו להישמר מהעמדת פנים, וחשוב שידע האדם לעמוד על הקושי הזה.



הראשון משמאל: הרב ברגזין עם ר' ישראל־מרדכי שוחט (טנמשה).

בשלוות נפש הפיג רוגז של אחרים, הסביר פנים ליריביו, גילה סובלנות כלפי השקפותיהם, היה רודף שלום ועושה חסד לשמו, מוכן לכל תפקיד, קשה וקל כאחד.

הוא היה מיישב אי־הבנות או סכסוכים בין אנשי־שלומנו, ובפקחותו השפיע על הצדדים.

בשואה האיומה עבר כל שבעה מדורי גיהנום אולם לא פסק את עבודתו ולא עזב את עדתו ועד הרגע האחרון היה עם יהודי וולומין, קיבצם ועודדם, הדריכם והכינם לקראת הבאות באהבה ובמסירות עד יומו האחרון.

# אודים לוהטים

ל לדות היא מולדת, ואין כל הבדל היכן ראינוה, אם כאן ואם שם; והיא הגרעין למרחב, בוקר־חיינו ונקודת טבורו של העולם. לכן גם אין פלא שאנו כולנו נושאים בלבנו את עיר ילדותנו, כי היא התחנה ממנה יצא מסענו הראשון למיטב תוכניותנו והיא נשארה בלבנו כאש בוערת, עצרה בעצמותינו, וחובה עלינו, עד כדי כורח פנימי עמוק, לכתוב עליה על אנשיה ומוסדותיה, על כל שחיינו בסביבתם והשפיעו מרוחם על חיינו.

„גדלת בסביבה תרבותית" — אמר לי פעם בן עירי.

נכון, גדלתי בסביבה תרבותית ואני חייבת להזכירה, לספר עליה.

אבי היה אברהם נחמיה מנדלברג, אמי — חנה קונה מבית זגורודזקי. שניהם באו מסביבות שונות.

אבי נולד בכפר שטבין בפלך סובלק. אבות אבותיו נולדו וחיו בכפר הזה. היו איכרים עוד בתקופה, בה השלטון על הכפרים בפולין היה נתון בידי פאודלים, הנקראים „פריצים". אחד מאבותיו, אברהם־נחמיה, נרצח על ידי פריץ, ביתר דיוק על ידי שליחו. הסיבה: אברהם נחמיה הפיץ כאילו שמועה, שהצאר הרוסי, אלכסנדר השני, עומד לשחרר את אנשי הכפרים מעבודותם בידי הפריצים. הפריץ, הרוזן בז'וסטובסקי נאסר והובא בשרשראות לגרודנו, אחר כך שוחרר מחוסר הוכחות שהוא רצח את היהודי.

לאבי־אבי, ר' יהודה־לייב מנדלברג הייתי קשורה מאוד. סבי היה סמל הטוב וההגינות.

בגיל שש חליתי ברבמטיזם קשה. שכבתי כולי נפוחה, ללא יכולת לבצע תנועה קלה. חשבתי על מוות. אני רואה את סבי, יושב על ידי ומכניס לי בכפית אוכל לפה. ובכל פעם, כשאני חולה, סבי על ידי ומטפל בי.

וכשהייתי סטודנטית לרפואה והיה עלי להתכונן לבהינות, הייתי מתכוננת בבית סבי, כי שם לא הפריעו לי, ידעתי, שסבא ישמור עלי ויעורר אותי בזמן הנכון, שאספיק להגיע לבחינות, כי היה עלי לנסוע ברכבת — לורשה.

ידעתי, כי סבי היה נדבן, אבל על ממדי נדבנותו נודע לי בזמן שהותי בביתו. סבי היה מוציא יותר כסף על נדבות מאשר על ביתו הוא. וכל זה נעשה בסתר, בהתאם למסורת היהודית של מתן בסתר. אבי הלך בעקבות סבי.

חוץ מזה סבי ואבי היו טיפוסים לגמרי שונים: סבי בלינדי, בעל עינים כחולות, אבי ברונט, בעל עינים אפורות. סבי היה מחונן בכשרונות טכניים, אבי היה איש ספר.

למראית עין כיוצא דופן, אך לאמיתו של דבר כמשלים את החסר בתמונה הכללית. עיניו האפורות רכות המבט, גילו סוד נשמה תמימה וענוגה, מתרפקת, עדינה.

והתרפקות על מה? על מעשה־עבודה יוצרת, ללא פסיחה על הסעיפים, חובקת עולם בפשטותה. יהודי פשוט וטוב, ישר דרך והליכות, עוזר לכושל, אהוב וחביב על כל מיודעיו.



מרים־אזיא רוזנברג, נכדתם הבכורה של נחמיה וחנה מנדלברג.

באותם הזמנים כל אב שאף לתת לבנו השכלה דתית רחבה. אבי למד בישיבות בסובלק, בגרודנו, ובישיבת סלובודקה. התוצאה: אבי היה למדן, בקי בש״ס ופוסקים עד כדי כך, שמעטים ידעו להתמודד אתו. היה גם בקיא בספרות העברית, בעיקר אהב לקרוא את ביאליק ואת טשרניחובקי. והיה, כי הוכנסה מלה חדשה לספרות, ידע בדיוק את מקורה. היה גם מתמטיקאי, אולם לא היתה לו אפשרות להפיק תועלת מכשרונותיו. ולמרות שבעיירה נחשבנו ל„עשירים״ התפרנסנו בקושי.

אמנם היה לנו בית, אבל רק חלק של הדיירים היו משלמים שכר דירה. ליתר דיוק: בעלי־יכולת היו משלמים, העניים גרו חנם. הדיירים העניים ידעו, שנחמיה מנדלברג לא יגרש אותם, חלילה, מהדירות ואפילו לא יגיש אף פעם משפט נגדם. בזה אבי לא היה היחידי.

וכשגמרתי רפואה והייתי רופאה צעירה, הלכה דיירת שלנו הגברת שמיטנקה ונתנה כסף לקרוביה על מנת שיזמינו אותי בתור רופאה ומר הרשל, שעבד כגגן אצל פולנים, היה מנצל את קשריו ומספר עלי, כעל רופאה מסוג א׳.

אבי מטבעו היה אוהב אדם. מוכן לעזור לכל אחד אף על פי שהתייחס באדישות לאדמו״רים, היתה לו הבנה לכל סוגי בני אדם, אפילו לבעלי השקפות לגמרי מנוגדות.

זכורה לי אפיזודה: בשבת אחרי הצהרים, אבי ואני יושבים על יד השולחן. אבי, כרגיל, בראש רכון על הגמרא, נכנסים כמה אנשים, מנכבדי העיירה. „ר׳ נחמיה״ — פונים אליו — אתה איש תורה ועבודה, תצטרף אלינו, לאנשי „מזרחי״.

„בלבי אני אתכם — ענה אבי — אבל לא אצטרף לשום מפלגה, כי בו

ברגע בו אני שייך למפלגה פלונית, בלא יודעין אני מתייחס בשלילה לחברי יתר המפלגות, ואני רוצה לאהוב את כולם".

בצדק תארו אנשי מזרחי את אבי בתור איש תורה ועבודה. חייו לא היו קלים. היה לנו בית מלאכה לקרשים דקים, מין רעפים, עשויים עץ. הרעפים נעשו במכשירים פרימיטיביים והיתה עבודה מפרכת.

הכסף של אבי הלך בשני כיוונים עיקריים: שכר לימוד ומסים. באותם הזמנים לא היה לימוד חובה, השכלה היתה נחלת אמידים ובגורלי נפל ללמוד בגימנסיה, אחר כך באוניברסיטה, ואלה לא היו מצרכים זולים.

וביחס למסים, היה ידוע, שבפולין היהודים היו משלמי המסים העיקריים. אבי היה משלם ומשלם — הרבה למעלה מיכולתו. בבית אף פעם לא חידשו רהיטים. אף פעם לא יצאו לבית הבראה, רק עבדו ועבדו.

מטרה אחת היתה לאבי: תורה ועבודה. ובאמצע הלילה, כשהייתי מתעוררת משנתי, הייתי רואה את אבי יושב על יד השולחן, לאור מנורת נפט פשוטה, רכון מעל הגמרא ושומעת את הניגון האופיני: „תנו רבנן" — זאת יכולתי להבחין, את היתר לא הבנתי.

אבי נפטר בגיטו ממחלת טיפוס, בכ"ז באב. יהיה זכרו ברוך.

אמי זכרונה לברכה, היתה מסביבה שונה לגמרי. היא נולדה בדויד־גורודוק, עיירה בפלך פינסק, ממשפחה מיוחדת במינה. ידוע היה, כי במשפחה הזאת היו רק סופרים או מלמדים ומעולם לא היה אף סוחר אחד. אבי קרא להם „שבט שמעון".



**יושבים:** ר' יהודה־לייב מנדלברג עם אשתו השניה יהודית.
**עומדים, מימין:** הזוג קראסוצקי והזוג קורן.

הסב של אמי, ר׳ יהודה לייב רסל היה ראש ישיבה במיר. מארבעת אחים של אמי, הגדול הלך בעקבות אבותיו והמשיך בהוראה, בעיר מולדתו דויד־גורודוק. היתר התקדמו: אחד עשה דוקטורט לאגרונומיה בברלין, אחד התמסר לעתונאות ועבד בעתון „הצפירה״ ואחר כך בעתון אידי „מומנט״ בורשה. הצעיר היה פקיד.

אמי התיתמה מאביה בגיל 13 שנה, לא היתה לה אפשרות ללמוד, היה עליה לדאוג לאמה הזקנה (אמא היתה הכי צעירה במשפחה).

אני זוכרת את אֵם־אמי, סבתי צפורה הניה בתור אשה גבוהת קומה ומאוד אדוקה, היתה מתפללת מסידור גדול ועבה, אשר מודפס היה כולו באותיות רש״י: — דבר, אשר עורר הערצה אצל כל שכנות הבית.

אמי למדה תפירה על מנת לפרנס את עצמה ואת האֵם הזקנה. גם אחיה היו תומכים באם הזקנה.





ר׳ נחמיה מנדלברג ואשתו חנה מבית זגורודזקי

אמי עבדה קשה. במשפחה שלנו היו 5 בנות, רק בנות, ואני הייתי השניה. יש להודות: כל אחת מאתנו היתה מרגישה את עצמה, כאילו היתה בת יחידה להוריה.

בחושך ואפלה, אשר ליוו את חיי בגולת פולין, החיים בחיק משפחתי היוו קרן אור, אשר יהיה זכור לי עד יומי האחרון.

אמי היתה מאוד מוזיקלית, רק הצעירה מאתנו, הניה, לה היתה כשרון דומה לאמי בשטח הזה. אבל גם הניה׳לה לא ניצלה את הכשרון למוזיקה.

אמי היתה סמל האצילות והעדינות, ידעה לסבול מבלי להתלונן, היה לה כוח סבל עצום וידעה לעבוד ולאהוב, למרות שלא היתה לה אפשרות לבקר בבתי ספר, שלטה בשפה הפולנית וגם הבינה את התפילות — הלוא היתה ממשפחת מלמדים.

אמי ובני משפחתה נרצחו על ידי הגרמנים. הוולומינאים מצאו את מותם בטרבלינקה. אמי כנראה נרצחה בליל חיסול הגיטו, זה היה ליל שמחת תורה שנת 1942. יהיה זכרם ברוך.

# אורח החיים בוולומין

על מגילת היוחסין של וולומין לא ידוע הרבה. יתכן שכפר אשר שמו וולומין קיים מימים ימימה, אבל וולומין היהודית, והיא אשר מעניינת אותנו, קמה בסוף המאה ה־19.

הממשלה הרוסית בנתה את הרכבת אשר חברה את ורשה עם פטרבורג (היום לנינגרד). לאורך פסי הרכבת הוקמו תחנות, כל 18 קילומטר בערך. התחנה הראשונה (מצד ורשה) היתה וולומין.

במובן גאוגרפי שוכנת וולומין 17 קילומטר בערך צפונית מזרחית מורשה, בשפלה המזובית. ההגדרה הגאוגרפית „שפלה" היתה נכונה — זאת יכול להעיד כל וולומינאי. מספיק היה לחפור חצי מטר לעומק כדי להגיע למי־תהום. העידו על זה גם הבוץ והרטיבות, אשר תמיד היו בשפע.

לי זכורה בעיקר וולומין־העירה, בה הכירו התושבים היטב זה את זה. ולא רק הכירו: כל אחד ידע את בעיותיו של שכנו, השתתף בשמחותיו ובדאגותיו.

באותם הזמנים, בהם לא היה בטוח לאומי, עזרה סוציאלית, ויצ"ו וכן הלאה — בכל זאת לא זכור לי אף מקרה, בו יהודי גווע ברעב או שכב חולה ללא עזרה. במקום המוסדות המודרניים היה „הלב היהודי" ופרושו של הלב היהודי הוא הרצון לחוש לעזרת הזולת בכל עת ובכל שעה.

היו כאלו אשר במיוחד היו מתמסרים לטפול בחולים גלמודים ועשו את מלאכתם במסירות־נפש ממש.

כמעט כל יהודי בעל יכולת היה מלווה כסף ללא רבית — קראו לזה גמילת־חסדים. העזרה ההדדית הזאת התבטאה בכיוונים שונים והיוותה קרן־אור בחיים הקשים של יהודי העירה.

חיי יהודי העירה היו באמת קשים. משרות ממשלתיות, עירוניות וכן הלאה היו חסומות בפניהם. שטח מחייתם היה מאד מצומצם. חלק היו חנונים, על פי רוב בעלי חנויות קטנות ובקושי הרויחו את לחמם. באופן יחסי היו הרבה בעלי מלאכה. מקצוע הצבעות כמעט כלו היה בידי יהודים. הרבה היו חייטים, סנדלרים, נגרים ופועלים בבתי חרושת. הסבלים היו כולם יהודים. את רוב הכבישים בוולומין (עד כמה שהיו כבישים) סלל זליג. אני רואה את זליג, בעל קומה נמוכה ובעל זקן, חבוש מצנפת יהודית וחגור חבל עבה למתניו. היהודי מותח חבלים וסולל וסולל וסולל. בקיץ ובחורף תמיד בדרכים ראית את זליג. מי תכנן את סלילת הכבישים? שום מהנדס, אלא זליג בעצמו.

גם התנאים החיצוניים היו קשים. העירה לא נהנתה משום המצאות של

הטכניקה המודרנית: לא היה גז, לא ביוב. תאורה חשמלית הונהגה רק בשנת 1930 בערך ורק בתים מעטים נהנו ממנה.

הרבה כוחות פיזיים דרש משק הבית. לדוגמה: הרתחת מים היתה קשורה בתהליך די מסובך, כגון: להביא מים, לפעמים ממרחקים עצומים, לחטוב עצים, עבים וכבדים, ולהדליקם; אחר כך היה צורך להוסיף לזה עצים רגילים, אחר־כך לשבור אבני פחם ולהוסיפן לאש, למען לא תכבה. היה גם להוציא את האפר מן הכיריים. מפליא הדבר שלמרות חוסר הנוחיות האלמנטריות היתה העירה נקיה — הרבה עבודה הושקעה על מנת לשמור על בקיונה.

בתי העירה ברובם היו בנויים לבנים; היו גם בקתות. מבנה העירה היה מקרי, כי לבוניה לא היה נחוץ רשיון ולא שאלו לעצת מהנדס. לבתים היו חצרות ובין החצרות הפרידו גדרי־עץ. הקוזקים מאמור, אשר חנו בוולומין בחורף שנת 1914—15 חשבו כנראה את הגדרות האלו למטרד מיותר. הם הרסו את כל הגדרות ומכל החצרות נעשתה חצר אחת.

בתקופה המתוארת, ז״א עד למלחמת העולם הראשונה, התרכזו חייה התרבותיים של העירה בעיקר בשטח הדת; ביתר דיוק — סביב בית־הכנסת. בבית־הכנסת התפללו בשבתות, בחגים וגם בימות חול. שם היתה לאנשי העירה הזדמנות לשמוע נגונים מפי חזן או דרשה מפי מגיד, אשר נזדמן לעירה. שם גם למדו גמרא ושוחחו על עניני דיומא.

הבנים למדו בחדר. חדר זה היה בית־ספר פרימיטיבי, על פי רוב בדירתו הפרטית של המורה, הנקרא „מלמד". במרוצת הזמן הוקם בוולומין בית־ספר יותר גבוה, הנקרא „תלמוד־תורה". בתלמוד־תורה היתה רמת הלמודים יותר גבוהה מאשר בחדר רגיל. היה גם רבי, אבל הרבי היה גר בורשה, ברחוב קופיצקא. כל זה היה נועד לגברים — ורק לגברים.

מאידך היו חייה החברותיים של הבת והאשה בכלל עלובים מאד. שאיפתה של בת היתה לדעת לכתוב מכתב באידיש וכתובת ברוסית. אבל רק מעטות זכו להגשים השאיפות. אם בת רצתה דוקא לדעת לכתוב אידיש, היה עליה לפנות למורה אברמצ׳ה. בית־הספר של אברמצ׳ה היה במטבח שלו, בו עמד שולחן ארוך. בראש השולחן ישב אברמצ׳ה ומסביבו הילדות, ואם ילדה דוקא רצתה לדעת לכתוב כתובת ברוסית, היה עליה לגשת לבית־ספר בעל כתה אחת, בהנהלת מרת סלומאה לבובנה שכנרוביץ׳, אשר נעזרה על־ידי בנה אלקסנדר וכלתה אנה. שם למדו רוסית וגם חשבון.

בתקופה השניה, עם קום פולין העצמאית, נוסדו בוולומין בתי־ספר עממיים, בהם למדו ילדים חינם אין כסף, כולל בנים ובנות. הדבר סייע במידה ניכרת להתפתחותן האינטלקטואלית של הבנות. רובן גמרו את בית־הספר העממי וחלקן

הצליחו להשתלם בורשה. בתקופה הזאת השתנה אופיה של העיירה. בגלל מחסור בדירות בעיר הבירה ורשה, גרו בוולומין הרבה אנשים, אשר בעצם לא היה להם שום קשר עם העיירה, ואשר בשבילם וולומין היתה מין בית מלון, כי מקום העבודה שלהם, סביבת הבילויים וכן הלאה היו קשורים בעיר הבירה. אנשים אלה גרו בעיקר בפרפריה. חלקה המרכזי של העירה שמר על אופיו. חל שינוי גם בחיי הנוער היהודי. קמו ארגונים בעלי אופי פוליטי, תרבותי או ספורטיבי, האופקים של הנוער התרחבו במדה ניכרת.

לדאבוני, התקופה הזאת זכורה לי מעט מאד. אני מקווה שאחרים יכתבו עליה בפרוטרוט.

# חברה קדישא

בעיירה וולומין קיים היה מוסד, אשר היה מטיל אימה ופחד על כל אלו, אשר לא השתייכו לשכבות הכי עניות.

שמו של המוסד — חברה קדישא.

מותו של אדם אמיד היווה גורם לויכוחים ערים בעיירה. אנשים היו מתווכחים: כמה יש לקחת מהמשפחה האבלה ומדוע יש לקחת יותר מאחרים.

לפעמים הסכום הנדרש עלה על יכולתה של המשפחה, ואז התנהל משא ומתן ממושך ובינתיים המנוח חיכה לטקס קבורתו.

הממשלה הפולנית קבעה מחיר מסוים עבור הקבר, אבל לא יכלה להכריח את החברה קדישא לתת את השרותים שלה במחיר קבוע מראש.

אנשים האמינו, שהמנוח, אשר הכבוד הזה לא ניתן לו, לא ידע מנוחה ועלול גם להופיע בחלום אצל בני משפחתו ולהטריד את מנוחתם. האמונה הזאת היא אשר היקנתה כח עצום לחברה וכולם היו נכנעים לה.

היה לנו דייר ושמו היה פנחס בורשטין. קראו לו „פיניה". הוא חלה ללא תקוה וידע את זה. הוא פחד, שאחרי מותו יצטרכו לתת לחברה קדישא את כל הכסף אשר צבר במשך כל ימי חייו. התחיל לבנות בית עבור בנו יחידה, אשר היה נשוי ואב לילדה. „לא יהיה כסף" — חשב פיניה — לא ישלמו ובינתיים לבני יהיה בית".

אחרי מותו של פיניה נתברר, שחשבונו היה מוטעה. החברה דרשה הרבה כסף והבן היה מוכרח לשלם.

תוך כדי משא ומתן שמעה המשפחה האבלה דעות שונות מפי דיירים

אחרים. אחד יעץ לשלם, אחרים יעצו לסרב ולהטיל את האחריות על אנשי החברה־קדישא. ניצח הפחד מפני בזיון המת והבן שילם את כל הסכום.

היתה בוולומין משפחה אמידה שקראו לה „קומורנה", שפירושה בפולנית: שכר־דירה. למשפחה הזאת היה פעם בית, ובעלת הבית נהגה לדרוש בתוקף מהדיירים „קומורנה". מכאן הכינוי. והנה נפטר ראש המשפחה, דוקא אדם שקט וטוב, וגופתו היתה מונחת שלושה ימים משום שלא הצליחו להגיע עם החברה לידי פשרה.

מספרת תמרי:

„דודי משה היה בעל השפעה בחברה קדישא. פנתה אליו האלמנה, ובקשה להוריד מהמחיר הנדרש עבור קבורת בעלה. הסביר לה ר' משה שהיא טורחת חינם. לא יורידו אפילו פרוטה. ראתה האלמנה, כי אין ברירה והסכימה לשלם, והיתה לה רק בקשה אחת: ר' משה, ייחשב הסכום הזה גם לתשלום עבורי, למען לא אצטרך גם אני אחרי מותי לחכות לקבורה שלשה ימים.

לזכותה של החברה קדישא יש לומר, כי צרכה את כספה למטרות קונסטרוק־טיביות. היא גם בנתה את בית „תלמוד תורה".

במלחמת העולם השניה הגרמנים הרסו אותו כליל.

## המגפה

זה היה בתקופת מלחמת העולם הראשונה, בשנים 1915—1917 בוולומין היו אז הגרמנים והם שמרו על הסדר. בכל זאת סבלנו הרבה. לא היה לנו מזון מספיק והיתה תקופה של רעב ללחם. לחם לבן היה מנת חלקם של יחידים. חסרו גם הרבה מצרכים חיוניים ובעיקר סבון. התנאים הסניטריים בוולומין לא היו הכי מעולים, לא היה ביוב, מים היו צריכים לסחוב ממרחקים. לזבל ומי שופכין נועד ארגז בחצר, קראו לו „מזבלה". זבל היה מצטבר וחיכה שבועות להרקתו.

אין פלא שבתנאים אלה פרצה מגפת טיפוס, אשר קטלה הרבה אנשי העיירה. בדרך כלל היתה הלוויה אחת ליום. נפטרה אז שרה'לה, בתו יחידה של דייר שלנו, פניה בורשטיין. במדחום שלנו, בו השתמשו אצל שרה'לה הכספית הגיעה עד ל־41,9 צלסיוס. שרה'לה היתה בת 18 ונחשבה לבחורה הכי־יפה בעיירה. אחרי מותה טענה אמה פרה'לה שבתה מתה מעין רעה.

בעיירה לא היה רופא. לא קבלנו שום הוראות היגייניות. אנשים התחילו לטכס עצה, כיצד להתגבר על הנגע, והגיעו לידי מסקנה שהמגפה תפסק אך ורק אם יקימו חופה על בית הקברות.

הגבאית אסתר'ל הצליחה לזווג זוג, אשר הסכים להתחתן בבית הקברות.

היא, בתו של נפח, לא היתה המוצלחת בבנות ונוסף לזה היתה לה יד משותקת. הוא, בנו חורג של השדכן ואת החורג של אולה, שואב המים, היה נער נורמלי, אבל כנראה בביתו של אב חורג לא לקק דבש.

כאמור, ערכו את החתונה בבית העלמין. ביום החתונה היו שתי הלויות, והמגפה המשיכה להשתולל. עם גמר המלחמה ושיפור התנאים שקטה המגפה.

## חייו הכפולים של שמעון שלכטר

אינני זוכרת את ר' שמעון שלכטר, אבל אנשי העיירה הרבו לדבר עליו — ובצדק. הוא היה נחשב לאדם מכובד, ידע ללמוד דף גמרא וידע גם להתנהג בחברה, מחסידיו של הרבי מוולומין, יוצא ונכנס בביתו.

במה התפרנס? אמרו, שהוא מנהל מסחר בשיער חזירים, חומר חשוב ליצירת מברשות.

כל יום ראשון היה נוסע למרחקים. חוזר הביתה בערבי שבתות וחגים.

פעם אחת לא חזר ר' שמעון הביתה ואנשי וולומין לא ראוהו יותר. העניין היה לחידה. אף אחד לא ידע לענות על השאלה: מה קרה עם ר' שמעון?

את החידה פתר סבי, ר' יהודה־לייב מנדלברג, בדרך מקרה. נזדמן לו להיות בנשילסק, והנה הוא רואה משמר שוטרים מוביל אסיר, אשר ידיו כלואות בשרשראות. הסתכל בו הסבא משתאה ופחוד. האסיר היה ר' שמעון שלכטר.

מיותר להוסיף איזה רושם זה עשה על סבי, והוא התחיל לחקור בין חוג מכיריו ונמסרו לו פרטים שנראו בעיניו מוזרים, אולם הם היוו את האמת לאמיתה:

ר' שמעון, יהודי מכובד, חי חיים כפולים.

בוולומין היה אדם הגון ומחוץ לוולומין היה אחד הגנבים המוכשרים בפולין. הרבה גנבות נועזות נזקפו על חשבונו.

וככה חי אדם שנים רבות ושנים רבות האירה לו הצלחה פנים — עד שבלילה אחד פנתה לו עורף.

ומעשה שהיה כך היה: בליל שבת אחרי הסעודה החליט זוג צעיר לערוך ביקור אצל ההורים. אבל כשהיו כבר על סף ביתם של ההורים, החליט הבעל לחזור הביתה. היה לו איזה אי־שקט בלב. שניהם חזרו הביתה, והנה ראו שהדלת פתוחה ובחשכה מתנועע צלו של בן־אדם, ניגש למזנון ומחטט בו.

הצעיר התנפל על „הצל", תפס אותו בגרונו והפילו ארצה. נזעקו השכנים, באה משטרה ואסרה את הגנב.

הגנב היה שמעון שלכטר.

בעיירה לא ראו יותר את שמעון שלכטר. נפל בגורלו לבלות את שארית חייו בבית הסוהר, כי הרבה גנבות נזקפו על חשבונו.

לי זכורה אשתו. זאת היתה אשה שקטה ונחמדה, אשתו השניה.

שוחחו בעיירה: כל עוד היה נשוי עם אשתו הראשונה, ההצלחה האירה לו פנים. פני הדברים השתנו כשנשא את האשה השניה, כי הצלחה תלויה באשה...

## עליתו וירידתו של אלתר פרידמן

סבי, ז"ל, ר' יהודה־ליב מנדלברג בבואו להשיא את בנו ואת בנותיו חיפש אחרי יחוס, וכך התנהג גם כשבתו הבכירה בלהה־מלכה הגיעה לפירקה והשיאה לאלתר פרידמן, בנו היחידי של הרבי מטרסטיאַנה, רבי שמואל־דניאל פרידמן.

שמו האמיתי של אלתר היה חיים־גרשון, אלא בהיותו חולה אנוש החליפו את שמו לאלתר.

כאמור, היה בנו של רבי וכנראה ביתו של הרבי השפיע על עיצוב דמותו של הצעיר, והיה טמון בחובו משהו אישי משלו, אשר לא ניתן לאיש לפענחו.

בהיותו בבית אביו, לא ידע אלתר הצעיר מחסור, לא עבד על מנת להרוויח כסף ויתכן שבגלל זה לא ידע להתיחס ברצינות לענינים הפיננסיים שלו.

לדוגמה: אחרי נשואיו עם בלהה־מלכה קיבל מסבי ז"ל חנות בדים גדולה ואח"כ סכום כסף הגון על מנת שיסע לגרודנו ויפרע שטרות.

אלתר לא נסע לגרודנו ואת השטרות לא פרע. תמורת זה שלח למשפחתו מכתבים, תחילה מברלין, אחר כך מהמבורג. הוא הודיע במכתביו, שהחליט לנצל את ההזדמנות ולראות את העולם.

אשתו בלהה־מלכה לא היתה מאושרת מזה, כי פרעון השטרות היה לה עדיף על ביקור בעלה בגרמניה.

אלתר, כדרך אביו, היה אוהב אדם ולא פעם הדגים את זה במעשיו. מספר ראובן מנדלברג: פעם אחת התארח אלתר אצל משפחת מנדלברג בסוקולקי, לפתע פתאום נעלם והופיע כעבור שעות מספר, מזיע ועיף. נתברר, שיהודי, עובר אורח, שאל את אלתר לדרך לכפר סמוך. אלתר לא הסתפק בהסבר מילולי, אלא בראותו את היהודי עמוס משא כבד, לקח ממנו את המשא וסחב אותו למחוז חפצו של היהודי.

במלחמת העולם הראשונה נהרסה שטאבין, מקום מגוריו של אלתר, ואז הטעין אלתר על עגלות את אשתו ואת בנותיו וגם את הבדים לא שכח, ועקר לוולומין.

הוא עומד לנגד עיני: גבר גבוה, בעל קומה כפופה וזקן מחודד, חיוור, לבוש מעיל קצר ולראשו כובע, אשר נקרא אז „מלוניק".

אמי היתה מספרת, שאותו יהודי חיוור בימי נעוריו היה גיבור. בתקופת

הפוגרומים התנפלו גויים על חנותו לבוז שלל. אולם אלתר פצע כמה מהם והם הסתלקו מהחנות.

בתחילת המלחמה שלטו עוד בוולומין הרוסים, בקיץ 1915 נכנסו הגרמנים, אחרי גמר המלחמה קמה מדינה פולנית עצמאית. באותם הזמנים שינה הכסף כל פעם את צורתו: תחילה היו רובלים רוסיים, אחר כך מרקים גרמניים, אחר כך מרקים פולניים. המכנה המשותף של אותם השטרות היה, שערכם הלך ופחת. אנשים עדיין האמינו, שכסף זה משהוא יציב, רק חשבו שהסחורות מתיקרות. אלתר השתייך לאלו, אשר לא השלימו עם „ההתיקרות". איך היה נוהג: אם היתה לו סחורה אשר עלתה לו לפני הרבה שנים שלשה רובלים מטר ואשתו מכרה אותה עבור עשרים רובל מטר, טען אלתר, שהרווח הוא מופרז — מספיק לקחת עבורה ארבעה רובלים מטר. על פי רוב מצא איזו אפשרות להחזיר לקונה את כל הכסף, פרט לארבעה רובלים עבור מטר, אשר הגיעו לו לפי הצדק שלו.

התוצאות היו שכמות הסחורות בחנות היתה הולכת ונעלמת, כי בבואו לקנות את הסחורה אצל הסיטונאים בוורשה היה משלם את המחיר המלא.

בעיירה נחשב אלתר לצדיק. הוא ידע למצוא עניים וחולים ולעזור להם למעלה מיכולתו. מספר ראובן מנדלברג: פעם אחת התארחנו אצל אלתר, ולכבוד שבת בישלה בלהה־מלכה דגים. כשרצתה לכבד את האורחים נתברר לה, שהדגים נעלמו. אלתר הספיק עוד קודם להוציא אותם מהסיר ולהביא לעניים.

ראובן מנדלברג מספר, שכל יום ששי היה אלתר אוסף מצרכים ומביא אותם למשפחות נזקקות.

משפחתו של אלתר חיתה בצמצום, אבל הוא תמיד היה במצב רוח טוב, תמיד מחייך ומוקף המון ידידים. בחנות הגדולה היו שלושה דוכנים, עליהם ישבו יהודים מזוקנים ומקשיבים לספוריו של אלתר. וסיפוריו היו רבים ומענינים. הוא ידע לספר על וילהלם קיסר ועל ביסמארק, על יהודים ועל נוצרים, על הכומר אשר היה בשטאבין וגם על המורה בכפר, על שמואל גריינום, אשר היה כל כך פיקח, שקראו לו „שמד־גריינום".

פעם הוא סיפר על משה מונטיפיורי, איך הוא נסע לקיסר הרוסי, ניקולאי הראשון, וביקש ממנו להקל על מר גורלם של יהודי רוסיה. הוא ידע לספר, איך הקיסר ניסה להרעיל את מונטיפיורי אבל הוא מצא דרך לנקום בקיסר האכזרי, אירגן נגדו את צרפת ואנגליה (מלחמת סבסטופול), והסוף היה שהצאר בעצמו נטל רעל והתאבד. בשביל, ילדה בת 9, היתה זאת ההזדמנות הראשונה לשמוע על סר מונטיפיורי, ויתכן שהיתה זאת ההזדמנות הראשונה בשביל הרבה אנשי העיירה.

זאת היתה תקופת הזוהר של אלתר.

געלערנט. דאָס גאַנצע לערנען איז דאָך כדי צו וויסן ווי אַזוי צו זיין ערלעך בין אדם למקום און בין אדם לחברו... נו, און מ׳דאַרף אויך זיין ערלעך צו זיך אַליין, נישט נאַרן זיך און אַרומגיין מיט פוסטע איינרעדענישן, מיט אָנגעבלאָזענער גאוה, נאָר באַמיען זיך צו זיין אַ ייד, אַן ערלעכער ייד. כ׳מיין, אַז דו האָסט עס פאַר־שטאַנען, אמת? צוליב דעם ביזטו דאָך געקומען צו מיר, אמת?״

„דאָס איז געווען אמת — האָט צוגעגעבן דער וואָלאָמינער חסיד — זינט דעמאָלט האָב איך גענומען אויף זיך צו לערנען יעדן טאָג אַ בלאַט גמרא און כ׳האָב דערפילט די שלימות של נפש, וואָס דער רבי האָט אין מיר אַריינגעגעבן״.

אַזוי איז וואָלאָמין באַקאַנט געוואָרן אין דער געגנט ווי אַ צענטער פון חסידות, וואָס איז צוגענגלעך פאַרן פשוטן ייד ווי פאַרן למדן.

אין וואָלאָמינער שטיבל, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער וואַרשאַווסקי־גאַס, אין ר׳ יעקב מרגליתעס הויז, האָט מען געדאַווענט און געלערנט און געמאַכט סעודהלעך אויך. עס האָט זיך דאָרט געשאַפן אַן אייגנטימלעכער דרך, אַ דרך, וואָס שטעלט דעם דגש אויפן תמצית, נישט קיין פשטל לשם פלפול, נאָר בירור הלכה לויט דער טיפער סברה. דער דאָזיקער דרך האָט געהאַט זיין המשך און אויס־ברייטערונג צווישן די וואָלאָמינער חסידים אין וואַרשע און אין אַנדערע שטעטלעך.

פאַרשטענדלעך, אַז דאָס לעבן אין וואָלאָמין אַליין איז אויך אַריינגעצויגן געוואָרן אינעם ריטם פונעם לעבן אין „הויף״. אין צענדליקער הייזער האָט מען שנעל אַריינגעכאַפּט די שבתדיקע סעודה, כדי דער פאָטער זאָל קאָנען גיין צום „טיש״. אַזוי האָבן זיך געפירט אויך די, וואָס זענען נישט געווען קיין וואָלאָמינער חסידים, האָבן נישט געדאַווענט אין רבינס שטיבל, נאָר אין בית המדרש אָדער אין אַנדערע מנינים. יונגע בחורימלעך זענען נייגעריק געווען אָנצוקוקן די אָנגעפּאַרענע חסידים פון אַנדערע שטעטלעך, צווישן וועלכע עס זענען געווען באַקאַנטע לומדים און אין וואָלאָמין האָט מען זיך געגרויסט מיט זייער באַרימטקייט. עס זענען געווען אין וואָלאָמין בחורים מיט שאַרפע קעפּ און זיי האָבן גערן געכאַפּט אַ שמועס אין לערנען מיט אַ למדן פון אַ פרעמדער שטאָט.

בעת אַ צרה, חס ושלום, איז מען געלאָפן צום רבין. האָט ווער געדאַרפט אַן עצה־האַלטן, האָט מען דאָך דעם רבין אין דער היים. מיט אַ גוטער בשורה איז מען געלאָפן צום רבין, ווייל מען האָט געוווסט, אַז דער רבי פרייט זיך מיט דער פרייד פון יעדן ייד.

אין אַ יום־טוב אָדער סתם אַ יומא דפגרא, ווען עס איז זיך צונויפגעפאָרן אַ גרעסערע צאָל חסידים, איז אויף דער וואַרשאַווסקי־גאַס און אין די אַרומיקע געסלעך געווען פול מיט שפּאַצירנדיקע גרופּן, וואָס האָבן זיך געדרייט אַרויף־און־אַראָפּ און געשמועסט אין לערנען, אין חסידות. די שטימונג אין שטעטל איז

דאַן געוואָרן פּייערלעכער ווי אַלעמאָל; ווי ביי אַ משפּחה, וואָס קומט זיך צונויף אויף אַ שמחה, אָבער דער דרך־ארץ האָט אַלעמען באַהערשט און געצוימט די ברויזנדיקע פרייד.

דעם וואָלאָמינער רבינס חסידים־שטיבל איז אויך געווען אַ מין פענצטער צו דער גרויסער וועלט. חסידים פון וואַרשע האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט גרויס־שטאָטישע רחבות און באַגעגענענדיק זיך מיט די חסידים פון אַנדערע קלענערע שטעטלעך האָט זיך געשאַפן אַ דערנענטערונג פון מרחקים, פון אָרעם און רייך. מען האָט זיך באַקענט, באַפריינדעט און טיילמאָל אויך געשלאָסן שידוכים, אַמאָל אויך צווישן אַ וואָלאָמינער באַלעבאָס מיט אַ צוגעפאָרענעם חסיד, אָפט מיט אַן עילוי פון אַ וואַרשעווער ישיבה.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט אויך געהאַט אַ באַדייטונג אויף דער חיונה פון די ייִדן אין וואָלאָמין. צוגעפאָרענע חסידים האָבן געדאַרפט סטאַנציעס אויף איבערצונעכטיקן אַ נאַכט אָדער צוויי. נישט ווינציק באַלעבאַטים האָבן אויסגענוצט אַ יום־טוב אויף צו פאַרדינען אַן איבריק קערבל דורך אַריינגעמען חסידים אויף עסן און שלאָפן.

דער רבי האָט געהאַט זיבן קינדער, זין און טעכטער. ווען די עלטסטע טאָכטער האָט חתונה־געהאַט איז דאָס גאַנצע שטעטל געגאַנגען אויף רעדלעך. אַלע האָבן זיך געפרייט מיטן רבינס שמחה.

איך בין נאָך געווען אַ קינד און זינט דאַן זענען שוין אַפגעפלאָסן אַזויפיל וואַסערן, אַזויפיל איבערלעבענישן, אָבער יענע חתונה איז געבליבן איינגעקריצט אין מיין זכרון און געמיט ביזן היינטיקן טאָג.

עטלעכע וואָכן פאַר דער חתונה האָט זיך שוין געקאָכט אין שטעטל. אין דער לופט האָט זיך געפילט, אַז אַ געשעעניש וועט אינגיכן פאַרקומען. יעדער האָט געפילט, אַז די חתונה פון רבינס טאָכטער האָט צו אים אויך עפּעס אַ שייכות. שניידערינס און נייטאָרינס זענען געווען באַוואָרפן מיט אַרבעט. הגם דאָס חופּה־קלייד האָט מען געמאַכט אין וואַרשע, איז נאָך גענוג געבליבן פאַר די היימישע שניידערינס. כלי־קודש האָבן שוין געוואָרט אויפן רח״ש, וואָס וועט צו זיי אַריינ־פאַלן. ייִדענעס האָבן צוגעשטעלט עופות, אייער און כלערליי פּראָדוקטן אויף דער חתונה. אין שטעטל האָט זיך גערודערט אַון קינד און קייט האָבן געוווּסט פונעם נייעס, וואָס וועט אינגיכן פאַרקומען.

דער חתן, האָט מען געוווּסט, איז אַ כלי־מפואר, נאָך גאָר אַ יינגיטשקער, וואָס האָט שוין פונדעסטוועגן היתר־הוראה און שטאַמט פון אַ רבישן הויף. אין שטעטל האָט מען אים שוין אויסגעקוקט מיט ליכט. מ׳וועט צוקריגן אַ שיינדל אין דער משפּחה, ווו תורה מיט גדולה איז צוזאַמען און ער וועט באַשיינען וואָלאָמינער

הסידות אין דער וועלט און די מזרח־וואַנט מיט זייד און אטלאַס און הויכן סויבלנעם שטריימל.

עלוישע בחורים האָבן זיך געשאַרפט די מוחות, עס וועט זיין מיט וועמען צו שמועסן אין לערנען, צו הערן אַ גוט וואָרט. וואָלאָמינער בית־המדרש־בחורים האָבן זיך בכלל געפרייט מיטן יעדן צוגעקומענעם למדן, בפרט נאָך ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַזאַ תכשיט, דעם רבינס איידעם.

די כלה האָט מען שוין נישט געזען אין גאַס, אַ חוץ ווען זי איז געגאַנגען צו דער שניידערין, צוזאַמען מיט דער מוטער אָדער מיט אַ יונגערער שוועסטער. ווען זי האָט זיך באַוויזן האָט מען זיך געשטעלט איר נאָכקוקן. איר איידל פנים האָט געלויכטן, און אין די שטובן האָט מען שפּעטער גערעדט וועגן איר חן און צניעות.

נישט איין מיידל האָט זי מקנא געווען צוליב איר שיינקייט און יחוס, און נישט איין בחור האָט מקנא געווען יענעם חתן, וואָס ער באַקומט אַזאַ שיינע כלה.

אין די לעצטע טעג פאַר דער חתונה האָבן די טירן אין רבינס הויז נישט גערוט קיין מינוט. דער אַריין און דער אַרויס. חסידים האָבן פרייוויליק זיך געמאָלדן צו זיין סארווערס, טרעגער און טון כלערליי נויטיקע אַרבעטן. חסידישע ווייבער, וואָס האָבן זיך געהאַלטן פאַר גוטע קעכינס האָבן פאָרגעשלאָגן זייער הילף ביים צוגרייטן די מאכלים און משקאות צו דער חתונה. שניידער און שוסטער האָבן אָפּגעבראַכט די מלבושים, שיך, וועש. אטלאס און זייד האָבן גערוישט מיט זייער איידל שאָרכן און די נייע שטיוועלעך פונעם רבינס זין האָבן געסקריפּעט.

דעם רבינס מקורבים זענען געזעסן פאַרמאַכט מיט די גבאים און צונויפגעשטעלט דאָס צעטל פון די חשובע געסט, וואָס מ'דאַרף פאַרבעטן. מען האָט געמאַכט דעם פּלאַן פון אויסשטעלן די טישן מיט די בענק, צוגעגרייט שטובן פאַר די פרעמדע מחותנים און דאָס יחוד־שטיבל פאַר חתן־כלה.

די קיך איז געווען פול מיט איינגעייערינס און צוהעלפערינס. פון הויף האָט זיך געטראָגן דאָס קוויטשעריי פון די עופות און אין די שטובן האָט זיך פאַרשפרייט דער ריח פון פריש געבעקס, אָנגעפילט מיט ראָזשינקעס און געפרעגלט איינגעמאַכטס.

אַלץ האָט זיך געפאָרעט. אַלץ איז געווען פאַראַרבעט, די פנימער פאַרפלאַמט און די אויגן פאַרלאָפן מיט אַ באַזונדערן גלאַנץ...

בלויז אין רבינס חדר־מיוחד איז נישט געשטערט געוואָרן דער סדר־היום. אינעם גאַנצן טאַראַראַם פון אַרום האָט דער רבי זיך געטאָן ס'זייניקע געלאָסן און געמיטלעך, געדאַוונט און געלערנט, אויפגענומען חסידים, געגעבן עצות, געווונטשן ברכות.

ענדלעך איז געקומען דער טאָג פון דער חתונה. דאָס שטעטל האָט זיך צערוישט. אין די אויגן האָבן זיך געוואָרפן זיידענע קאַפּאָטעס און הויכע שטריימלעך פון די אָנגעפאַרענע מחותנים, יחוסדיקע געסט און חסידים. אַרעמעלייט פון אַנדערע שטעטלעך זענען געקומען עפּעס געניסן. מען האָט פאַר זיי געפּראַוועט אַ באַזונדער אָרעם־מאָלצייט און דערנאָך יעדן געגעבן אין קעשענע אַ פּאָרציע לעקעך פאַר בני־בית און אין דער האַנט אַריין אַ שיינע נדבה.

די חסידישע סאַרווערס און צוהעלפערס האָבן דערווייל אַריינגעכאַפּט אַ כוסה, געוואָרן באַרעדעוודיק און געהאַלטן אין איין שרייען און שטופּן, אַז מען זאָל אַוועק פון וועג, מען זאָל נישט שטערן אין דער אַרבעט, וועלכע זיי האָבן האָבן געהאַלטן פאַר אַ הייליקע עבודה. אַ קלייניקייט, דער רבי מאַכט חתונה זיין עלטסטע טאָכטער!

יידענעס האָבן זיך געדרייט ביי דער כלה, אַריין און אַרויס, נאָכגעפרעגט זיך ווי זי פילט זיך אין תענית, צי ס'האַרץ חלשט איר נישט אַמאָל צופיל. זי איז איצט געווען די חשובסטע פּערזאָן אין הויז און אַלע זענען געשטאַנען אויף די פּיס צו דערפילן יעדן פאַרלאַנג, וואָס איז אַרויס פון איר מויל.

ווען עס האָט אָנגערוקט דער פאַרנאַכט האָט שוין דער יום־טוב אַרומגענומען יעדע שטוב אין שטעטל. פון די פענצטער אין רבינס הויז האָבן אַרויסגעבלאַנקט צענדליקער לאָמפּן און באַלויכטן די גאַנצע וואַרשאַווסקי־גאַס, וואָס איז געווען אַרומגעכאַפּט מיט ליכט און שמחה. ר׳ יעקב מרגלית האָט זיין גאַנץ הויז אָפּגעגעבן פאַר דער שמחה. אין איין שטוב האָבן געטאַנצט די מיידלעך, די חברטאָרינס פון דער כלה, וואָלאָמינער שוואַרצחנוודיקע יידישע טעכטער, אין זייערע ווייס־זיידענע קליידער. אין אַן אַנדער צימער זענען זיך צונויפגעקומען צום חתן די בחורים פון וואָלאָמינער בית־המדרש און פון די חסידים־שטיבלעך, געגעסן לעקעך מיט וויין און געשמועסט אין לערנען.

די אַנדערע צימערן זענען געווען געפּאַקט מיט די מחותנים און זייערע משפחות, מיט חשובע יידן מכל המינים, אָנגעטון אין זיידענע, אַטלאַסענע און ריפּסענע קאַפּאָטעס, יעדער לויט זיין שטייגער. זיי זענען געזעסן נישט נאָר אַרום די טישן, נאָר אויך אויף די בענקלעך, בענק און שטולן אַרום די ווענט, אָדער זיך געדרייט אַרויף־און־אַראָפּ איבער דער שטוב, געכאַפּט אַ בליק אין די אַנדערע שטובן.

אין דער לופט איז געשטאַנען אַ וואַרעמער רעש, אַדורכגעזאַפּט מיטן איידעלן ריח פון וויין און שמעקעדיקע ציגאַרן.

אין אַ פראָסטן מיטוואָך האָבן יידן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם עול פון

פרנסה און מסחר און זיך אַרייַנגעכאַפּט אין רבינס יום־טובדיקע שטובן, אַ חתונה מיט אַזויפיל רוחניות און דערהויבנקייט פון דער נשמה.

צוזאַמען מיט אַנדערע קינדער האָב איך זיך געפּלאָנטערט צווישן די פיס און ווי דערוואַקסענע האָבן מיר געפילט די חשיבות פון דער דאָזיקער חתונה.

פּלוצלונג האָט דער גאַנצער עולם זיך געטון אַ לאָז, ווי אַ שטאַרקע כוואַליע, צו דער טיר פון דער שטוב, וווּ עס איז געזעסן דער חתן מיט די בחורים; די מוזיק האָט געגעבן אַ זעץ־אַרויס אַ מאַרש. מען האָט געפירט דעם חתן צו דער חופּה.

דער געדראַנג איז געווען גרויס און וויפל איך האָב זיך נישט געשטופּט, האָב איך זיך נישט געקענט צוקריגן אַנצוקוקן דעם חתן. ערשט ווען מען האָט זיך געזעצט צו דער סעודה האָב איך אים געזען זיצן אויבנאָן און פון ביידע זייטן די מחותנים פון ביידע צדדים. אין בלענדנדיקן ליכט האָבן געגלאַנצט זייד און אטלאַס. די זילבערנע שבתניקעס האָבן געוואָרפן מיט פונקען. איך האָב געזען דאָס יונגע בלאַסע פּנים פונעם חתן, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון הויכן ברייטן שטריימל. עס איז געוואָרן שטיל און מען האָט געהערט ווי ער זאָגט תורה־ווערטער. דאָס האָט דער חתן געזאָגט דאָס פּשטל.

די מענטשן האָבן זיך צוגערוקט נעענטער, נישט געוואָלט דורכלאָזן קיין וואָרט. דער רבי, וואָס איז געזעסן פון זיין רעכטער זייט, האָט זיך אויך מיטגע־שאָקלט מיט אַן ערנסט פּנים, און אין דער שטילקייט האָבן זיך געגאָסן די ווערטער, אין אַנהויב שטילע, אָבער וואָס אַמאָל העכער און קלינגנדיקער. דער גמרא־ניגון האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע הויז.

ווען ער האָט געענדיקט האָט זיך אַלץ געגעבן אַ וויג און עס האָבן זיך געהערט אויסרופן:

„מזל־טוב, מזל־טוב!"

מען האָט זיך געווינטשעוועט, דערלאַנגט די הענט, געדריקט, גלייך עס וואָלט געווען אַלעמענס פּערזענלעכע שמחה. מען האָט אָנגעהויבן ציען פּראָפּנס פון די פלעשער און ווייַנען האָבן זיך געגאָסן אין די זילבערנע בעכערס און גלעזער. מען האָט שפּעטער דערציילט וועגן רייכע חסידים, וואָס האָבן געברענגט פון זייערע קעלערס די טייערסטע אַלטע ווייַנען.

דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן די טענץ. חסידים האָבן זיך אָנגענומען ביי די גאַרטלען און ביי די הענט, פאַרוואָרפן די קעפּ, פאַרמאַכט די אויגן, געהויבן די פיס, העכער, לעבעדיקער, פאַרגאַנגען זיך אין טאַנץ ביז דבקות.

איינצלנע, לעבעדיקע און פריילעכע חסידים האָבן באַוויזן קונצן, פאַר־שטעקט די פאָלעס אין גאַרטל, פאַרבויגן די קניען, דאָס קאָפּל אויף דער פּאה, דעם קאָפּ אָן אַ זייט און זיך געלאָזט אין אַ „קאָזאַק", אין אַ „קאַמארינסקע", ביי אַ

פּאַטשערײַ פֿון הענט און הילכיקן געלעכטער פֿון די ייִנגלעך און פֿון די מיידלעך, וואָס זענען געשטאַנען אין אַרײַנגאַנג, געוואָלט זען ווי חסידים טאַנצן.

מיטן אויסברוך פֿון דער מלחמה האָט זיך אַלץ געענדערט. חסידים האָבן געהאַלטן, אַז אין מלחמה־צײַט איז אַ סכּנה פֿאָרן רבין צו וווינען אין אַ קליין שטעטל און דער רבי האָט זיך אַריבערגעצויגן קיין וואַרשע, וווּ ער האָט געוווינט אויף דער קופּיעצקי־גאַס.

חסידים זענען ווײַטער געפֿאָרן צום רבין קיין וואַרשע. אויך פֿון וואָלאָמין איז מען געפֿאָרן און צוריקקומענדיק האָט מען זיך דערציילט תּורה־ווערטער, וואָס מען האָט אָקאָרשט געהערט פֿונעם רבין, אָבער דערבײַ זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך באַקלאָגט אויף דער גרויסער שטאָט, באַדויערט פֿאַרוואָס דער רבי האָט זיך באַזעצט אין כּרך. אמת, האָבן זיי געזאָגט, דאָרט איז מער פֿון. עס פֿעלט אָבער די... רחבות פֿונעם שטעטל.

דעמאָלט האָבן די דאָזיקע רייד געקלונגען פֿאַר מיר בטלניש, קאָמיש, אָבער מיט דער צײַט האָב איך בעסער פֿאַרשטאַנען יענע ייִדן. אין דער גרויסער שטאָט האָט ייִדישקייט נישט געהאַט די רחבות, דעם רוים, דאָס צוזאַמענפֿליסן פֿון רעליגיעזער שטימונג מיט דער גאַס, מיט דער אַרומיקער נאַטור, ווי דאָס איז געווען אין שטעטל.

פֿאַרצײַטיקע, אַלטע מנהגים האָבן אין וואַרשע נישט געהאַט אַזויפֿיל פּלאַץ ווי אין קליינעם וואָלאָמין.

קומענדיק קיין וואַרשע האָבן די חסידים שטאַרקער דערפֿילט דעם גלות השכינה. דאָרט זענען געווען שענערע שולן, רײַכערע חסידים־שטיבלעך, די בעסטע לולבים און כּשרסטע אתרוגים, גרויסע חזנים און טײַערע שופֿרות — אַלץ, וואָס מען קען קויפֿן פֿאַר געלט, שיינע פּרוכתן, טײַערע מענטלעך פֿאַר די ספֿרי־תּורה, קונציקע שטיקערייען. נאָר איין זאַך האָט דאָרט געפֿעלט — די אָפּנקייט צו דער גאַס, די פֿרײַקייט און היימישקייט, וואָס ייִדישקייט און חסידות האָבן געהאַט אין קליינעם וואָלאָמין.

אין וואָלאָמינער בית־המדרש זענען די תּפֿילות, די זיפֿצן און די ניגונים נישט געבליבן פֿאַרשטיקט צווישן די פֿיר ווענט. זיי האָבן זיך אויסגעמישט מיטן געוויש און שטילקייט פֿון שטעטל. זיי האָבן זיך צונויפֿגעטראָפֿן צווישן הימל און ערד מיט די ניגונים פֿון די אַנדערע חסידים־שטיבלעך, געפֿלאָסן האַרמאָניש און רויִק, ביז צו די פֿעלדער, ביזן וואַלד און זיך צונויפֿגעגאָסן מיט די שטילע פֿאַרסודעטע מעלאָדיעס פֿון דער אַרומיקער נאַטור.

אַלע שׂמחות, אַלע אַלטע ייִדישע מנהגים און ימים־טובים האָבן אין אונדזער

קליינעם וואָלאָמין געהאַט רוים, לופט, רחבות. אַזוי איז עס אויך געווען מיט וואָלאָמינער חסידות.

ווייזט אויס, אַז דער רבי האָט עס אויך געפילט און ער פלעגט פון צייט צו צייט קומען קיין וואָלאָמין און איז דעמאָלט איינגעשטאַנען ביי זיין חסיד, ר' מלך לעוויטא.

ווען אַ וואָלאָמינער חסיד האָט חתונה־געמאַכט אַ קינד פלעגט ער פאַר־בעטן דעם רבין און דער רבי איז געקומען פרייען זיך מיט זיינע חסידים, ווייל גאָר אַנדערש ווי אין וואַרשע האָט אַ חסידישע שמחה אויסגעזען אין וואָלאָמין.

דער רבי איז אומגעקומען דורך די היטלעריסטישע מערדער.

השם ינקום דמו!



חיה רובינשטיין

# דער
# וואלאמינער רב
# הרב וואלף בערגאזין


יידער הרב בערגאזין האָט איבערענומען דעם כסא הרבנות אין אונדזער שטעטל, איז צווישן די יידן אָנגעגאַנגען אַ שאַרפע מחלוקת. מען האָט אַראָפּגעבערענגט אַ רב, וואָס איז אָבער אַ טייל איינוווינער נישט געפעלן. האָט מען געברענגט אַ צווייטן רב, איז ער ווידער די אַנדערע נישט געפעלן.

אַ געוויסע צייט זענען אין שטעטל געווען צוויי רבנים און יעדער רב האָט געהאַט זיינע אָנהענגער און זיינע קעגנער.

די שטאָט האָט אָבער נישט געקענט אויסהאַלטן קיין צוויי רבנים און די קהילה האָט דערפאַר באַשלאָסן צו געפינען אַ רב, אויף וועלכן אַלע איינוווינער זאָלן זיין איינשטימיק.

מען האָט לאַנג געזוכט ביז מען האָט זיך דערוווסט, אַז דער רוזשאַנער רב האָט אַן איידעם אויף קעסט, וואָס האָט סמיכות אויף רבנות. דאַן איז אַרויסגעפאָרן אַ דעלעגאַציע קיין רוזשאַן, כדי צו שמועסן מיטן יונגערמאַן, וועלכער האָט אויף זיי ווירקלעך געמאַכט אַ גוטן רושם און די דעלעגאַציע האָט גלייך אויפן אָרט באַשלאָסן צו פאַרבעטן דעם יונגן רב קיין וואָלאָמין.

דאָס איז געווען אונדזער רב, הרב וואָלף בערגאזין.

הרב ר' וואָלף בעגאזין האָט געשטאַמט פון נאַשעלסק, נעבן ווארשע. זיין פרוי איז געווען די עלטסטע טאָכטער פון רוזשאנער רב. אויך אירע שוועסטער האָבן חתונה געהאַט מיט רבנים. איין שוועסטער איז געווען די פרוי פונעם דלוגאָשאָדלער רב, הרב פּאָמעראַנץ. די אַנדערע שוועסטער איז געווען די פרוי פון ראדאָמער רב, הרב קעסטנבערג.

געווען נאָך אַ שוועסטער, וועמענס מאַן האָט נאָך דער פטירה פון איר פאָטער איבערגענומען דעם כסא הרבנות אין רוזשאַן.



דעם וואָלאָמינער רבס זון, מענדל בערגאזין, האָט אין זיך אַ סך מעלות פון זיין גרויסן טאַטן, דער־צויגן אין דער אַטמאָספער פון לערנען און דורשט נאָך וויסן, האָט מענדל תמיד אויסגעצייכנט זיך מיט דער פאַרשטענדעניש אויך פאַר וועלטלעך וויסן, פאַרן געראַנגל צווישן אַלטן און נייעם דור, פאַר אַלטע און נייע אידעאַלן.

**דער יונגער רב, ר׳ וואָלף בערגאזין איז זייער געפעלן געוואָרן די באַלע־באַטים פון וואָלאָמין און איז איינשטימיק אויפגענומען געוואָרן אַלס רב.**

**אינעם זעלבן יאָר, ווען דער רב איז געקומען אין שטעטל, האָט מען אָנגע־הויבן בויען אַ ניי בית־המדרש.**

**הרב בערגאזין האָט געהאַט אַלע מעלות פון אַ מרא דאתרא, איז געווען אַ רודף שלום, אַ באַהערשטער און רואיקער מענטש און פאַרמאָגט אַ סך חכמה צו פירן אַ יידישע קהילה. די יידן פלעגן זיך אָפט ווענדן צום רב נאָך אַן עצה סיי אין משפחה־ענייַנים און סיי אין געשעפטלעכע.**

**ווען עס פלעגט טרעפן אַ מחלוקת האָט ער מיט גרויס חכמה שלום געמאַכט צווישן די מענטשן. זיין הויז איז געווען אָפן פאַר יעדן ייד אין שטעטל.**

**אויך זיין פרוי רחל האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר גאַסטפריינטלעכקייט און פילבאַר האַרץ, מיט גרייטקייט אַנטקעגנצוקומען יעדן נויטבאַדערפטיקן מיט אַן עצה, אַ טרייסט־וואָרט און אויך ממשותדיקע הילף.**

**זיי האָבן געהאַט אַכט קינדער, פינף זין און דריי טעכטער. אַלע קינדער זענען געבוירן געוואָרן אין וואָלאָמין.**

**דער עלטסטער זון דוד האָט חתונה געהאַט און עמיגרירט קיין אַמעריקע, ווו ער וווינט ביזן היינטיקן טאָג.**

**די צווייטע טאָכטער, איטא, האָט חתונה געהאַט מיט אַ וואָלאָמינער בחור, דעם וואָלאָמינער שוחט ר׳ ישראל מרדכיס זון, משה.**

**די צווייטע טאָכטער, שרה, האָט חתונה געהאַט מיט אַ וואַרשעווער בחור, לייבל זעמבא, וואָס האָט געהאַט סמיכות אויף רבנות.**

**די דריטע טאָכטער, פערל, האָט אויך חתונה געהאַט מיט אַ וואַרשעווער**

בחור און איז געבליבן וווינען מיט אים אין וואַרשע.

דער זון אלעזר האָט חתונה געהאַט מיט אַ וואָלאָמינער מיידל, חוה, אַ טאָכטער פון פערל און מאָטיס טייבלום.

די יינגסטע דריי זין זענען נאָך נישט געווען פאַרהייראַט. זיי האָבן געהייסן גדל, יעקב און בנימין, האָבן געלערנט אין דער ישיבה און זענען געווען באַליבט צווישן זייערע חברים אין שטעטל.

אין די שווערע טעג פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע איז דער רב געווען צוזאַמען מיט די יידן פון קהילה, האָט זיי געמונטערט, געוועקט טרייסט און האָפענונג אויף בעסערע צייטן.

דערמיט האָבן די יידן אין וואָלאָמין זוכה געווען צו דעם, וואָס נישט אַלע יידישע קהילות אין פוילן האָבן זוכה געווען. מערסטנס האָבן די היטלעריסטן גענומען די רבנים פאַר זייערע ערשטע קרבנות, פאַרפייניקט זיי אין געטאָ אָדער אין די לאַגערן.

ווען די דייטשן האָבן באַשטימט, אַז די וואָלאָמינער יידן דאַרפן אַריין אין געטאָ, איז צוזאַמען מיט זיי געגאַנגען אויך דער רב. דאָס געטאָ האָט זיך געפונען אין סאָסנאָווקע, זיבן קילאָמעטער פון וואָלאָמין.

צוויי יאָר האָט מען די יידן געהאַלטן אין געטאָ און די גאַנצע צייט איז דער רב געווען צוזאַמען מיט זיי, מיטגעלעבט אַלע שווערע עינויים, מיט וועלכע דאָס געטאָ איז געפּרוווט געוואָרן, ביז עס איז געקומען דער פינצטערער טאָג פון ליקווי־דאַציע. מען האָט אַרומגערינגלט דאָס געטאָ און געהייסן אַלע איינוווינער אַרויסגיין אויפן פּלאַץ. דעמאָלט האָט זיך אויך דער רב געפונען צווישן די אַלע יידן און געגאַנגען מיט זיי צוזאַמען אויף זייער לעצטן וועג.

די וואָלאָמינער יידן האָט מען געפירט קיין ראַדזימין, וווהין מען האָט אויך געבראַנגט די יידן פון לעגיאָנאָווו און צוזאַמען אַלע געפירט קיין טרעבלינקע.



יוסף אייזנבערג

# יחזקאל שמש



ערופן האָט מען אים כאסקל שמש. ער איז געווען אַ הויכער און ברייט־ביינערדיקער ייד, געהאַט אַ לאַנגע און געדיכטע ווייסע באָרד און דיקע ווייס־גרויע ברעמען, וואָס האָבן פאַרשטעלט זיינע קליינע, נאָר לעבעדיקע אויגן.

ער האָט געהאַט אַ קול פון אַ באַס און ווען ער פלעגט וועקן די יידן אין שטעטל יעדן שבת פאַרטאָג אויפצושטיין צום תהילים־זאָגן, האָט זיין באַסאָווע קול אָפגעהילכט איבער די געסלעך שטאַרק און וואַרעם.

זיין גאַנצע קענטעניש איז באַשטאַנען אין לייענען דעם „שבט מוסר" אויף עברי־טייטש און זאָגן תהילים. ווען ער האָט געוועקט צום תהילים־זאָגן האָט ער אין דעם ניגון אַריינגעלייגט זיין גאַנצע גאָטספאָרכטיקייט, יראת שמים און אהבת ישראל. ער האָט די ווערטער אויסגעזונגען:

„יידעלעך, ליבע און טייערע יידעלעך, הייליקע יידעלעך, שטייט אויף צו עבודת הבורא".

ער האָט זיך אָפגערוט אַ ווײַלע און ווייטער געזונגען מיט זיין וואַרעם באַסאָווע קול:

„שטייט אויף, יידעלעך, שטייט אויף צום תהילים־זאָגן. דער זייגער האָט שוין זעקס געשלאָגן!"

די ווערטער, דער ניגון, מיט וועלכן ער האָט זיי אויסגעזונגען האָבן אין זיך געהאַט אַ קדושה, וואָס האָט דורכגעדרונגען די הערצער, בישט געלאָזט צוריק איינשלאָפן, געמונטערט צום אויפשטיין, אפילו אין די קאַלטע פראָסטיקע באַגינענס.

זיין חיונה האָט יחזקאל שמש געצויגן פון דער אַרבעט אין בית המדרש. ער איז אויך געווען אַ שטענדיקער מיטבאַגלייטער צום רב אין שטעטל. פרייטיק פלעגט ער מיט אים גיין צוזאַמען אין מרחץ אַריין. שבת אינדערפרי האָט ער דעם רב געבראַנגט אין בית המדרש.

פאַרן אָנקום פון די ימים־נוראים האָט יחזקאל דער שמש אויך געקלאַפּט

מיט זיין הילצערנעם האַמער אין די לאָדנס פון יידישע טיר און פענצטער, גערופן צו סליחות.

אַ גאַנץ יאָר האָט ער אַכטונג געגעבן, אַז אַלץ אין בית המדרש זאָל זיין אין אָרדענונג, צונויפגעוויקלט אַלטע שמות און זיי אַרויפגעלייגט אויפן בוידעם, געהיטן זיי ווי הייליקייטן, איבערגענומען זיך מיט יעדן צעריסענעם ספר, געהיטן, אַז די יינגלעך זאָלן נישט רייסן די דפים.

כאַסקל שמש האָט אויך אַרויסגעהאָלפן דעם רב ביים רופן אַ ייד צו אַ דין־תורה און אין אַ סך אַנדערע ענינים, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צום קהל.

אין משך פון דער צייט האָט ער זיך שוין נישט באַגנוגנט מיט בלויז תהילים־זאָגן. זיין נוסח האָט זיך אויסגעברייטערט און עס איז צוגעקומען נאָך אַ פרק: „עקביה בן מהללאל היה אומר" א.א.וו. ביז צום „מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא".

געלעבט האָט ער פון דעם, וואָס וואָלאָמינער יידן פלעגן אים יעדע וואָך געבן אַ גראָשן שכירות, אָבער צוזאַמען מיט זיין אויסגעברייטערטן „נוסח", פלעגט ער פאָדערן צוויי גראָשן.

איך געדענק, ווען ער איז אַמאָל געקומען צו מיין טאַטן אויפמאָנען דעם גראָשן און האָט אים דערביי געפרעגט: „ר' בערל, איר ווילט מיט אָדער אָן „עקביה בן מהללאל?".

מיין טאַטע, וואָס האָט נישט געהערט צו די גבירים אין שטעטל, האָט אים געגעבן אַ צווייער.

קיינער האָט נישט געוווּסט פון וואַנען צו ר' כאַסקל שמש האָט זיך מיט־אַמאָל גענומען דער עקביה בן מהללאל. ערשט שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער סוד איז געווען גאָר אַ פּשוטער:

ווען ער איז איינמאָל אַריינגעקומען צום רב אין שטוב און האָט זיך באַקלאָגט אַז די וואָלאָמינער יידן פאַרשפּעטיקן זיך, פוילן זיך אויפצושטיין צום תהילים־זאָגן און האָט אים דערביי געבעטן, ער זאָל אים אויסלערנען עטלעכע נייע ווערטער, וואָס זאָלן מעורר זיין דעם עולם, האָט דער וואָלאָמינער רב ערנסט זיך פאַר־טראַכט, איז צוגעגאַנגען צו דער ספרים־שאַפע, אַרויסגענומען אַ ספר און אויפ־געמישט:

„עקביה בן מהללאל אמר: דע מאין באת ולאן אתה הולך, ולפני מי אתה עתיד לתת דין וחשבון — לפני מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא".

ר' כאַסקל האָט זיך עס אויסגעלערנט אויף אויסנווייניק. דאָס האָט ביי אים געדויערט אַ גאַנצע וואָך. אויף דער צווייטער וואָך איז ער געקומען צום רב און אים איבערגעזאָגט די משנה מיטן גאַנצן ניגון, וואָס ער האָט אַליין געשאַפן. דעם

רב איז דאָס זייער געפעלן געוואָרן און ער האָט אים אויפן אָרט פאַרטייטשט די ווערטער אויף יידיש. ר׳ כאַסקל האָט זיך דערמיט זייער איבערגענומען און גלייך אָנגעהויבן באַנוצן זיין עקביה בן מהללאל מיטן גאַנצן ברען.

איינמאָל, ווען אין שטעטל איז געשטאַנען אַ שטאַרקער פראָסט. אַ גאַנצן פרייטיק צו־נאַכטס האָט געבושעוועט אַ שניי־זאַוויערוכע. מיר האָבן דעמאָלט געוווינט אין שוכמאַנס הייזער אויף דער סטאַציענער גאַס. מיטאַמאָל האָט אָפּגעהילכט דאָס שטאַרקע באַסאָווע קול פון כאַסקל שמש: „יידעלעך, טייערע, ליבע יידעלעך, שטייט אויף...״

אין דער זעלבער מינוט האָט זיך דערהערט אַ מוראדיק געוואַלד. דאָס האָט ר׳ כאַסקל געשריגן מיט באַנומענע קולות:

„געוואַלט, יידן, ראַטעוועט!...״

צוזאַמען מיט מיין טאַטן בין איך אויך אַרויסגעלאָפן אין גאַס. יאַסקע סאָלטיס איז שוין געווען אינדרויסן, אָנגעטון די קופערנע בלעך אויפן האַלדז, וואָס האָט באַשטעטיקט אַז ער איז אַ פאַרשטייער פון דער מאַכט. עס איז אויך געווען דער לאַמער לייביש און נאָך יידן.

פאַר אונדזערע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט אַן אויסטערליש בילד:

צוויי גויים האָבן געהאַלטן ר׳ כאַסקלען ביים אַקסל און געשריבן צו אים אויף פויליש, ער זאָל נאָכאַמאָל אויסזינגען זיין לידל, וואָס איז זיי אַפּנים שטאַרק געפעלן געוואָרן, אָבער ר׳ כאַסקל האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס זיי רעדן און איז געווען זיכער, אַז די גויים זענען אים באַפאַלן און ווילן אים דערהרגענען.

די יידן האָבן דאָס באַלד תופס געווען און באַרואיקט ר׳ כאַסקלען, געגעבן אים פאַרשטיין, אין וואָס עס האַנדלט זיך.

אַ דורכגעפרוירענער, אָנגעטון אין פינף קאַפּאָטעס און אַ מענגע שאַליקלעך, מיט וועלכע ער האָט אַרומגעוויקלט האַלדז און פּנים ביז איבער דער באָרד, האָט ר׳ כאַסקל זיך אַ שטעל געטון אַן אויסגעשטרעקטער, ווי צו אַן עמוד און אָנגעהויבן זיין ליד מיטן אויסגעברייטערטן נוסח, פון עם קדושים, יידעלעך און דעם גאַנצן עקביה בן מהללאל.

אין גאַס האָט געהערשט אַ טיפע שטילקייט. די גויים זענען די גאַנצע צייט געשטאַנען גלייכע, אויסגעצויגן ווי די סטרונעס און איינגעהערט זיך אין דעם ניגון, וואָס האָט מעכטיק אָפּגעהילכט איבערן גאַנצן שטעטל.

ווען ר׳ כאַסקל האָט געענדיקט האָט מען אויף די פּנימער פון די גויים דערקענט אַ טיפע גערירטקייט. ביידע האָבן אַרויסגענומען מטבעות און דערלאַנגט ר׳ כאַסקלען און האָבן בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס כאַסקל האָט

זיך אָפּגעקערט פון זיי ווי אַן אָפּגעבריטער, האָט אַ זאָג געטון בלויז דאָס איינע וואָרט:

„שבת...״

צו די פאַרזאַמלטע יידן האָט ער געזאָגט:

„כ׳גיי גלייך אין בית המדרש אַריין... היינט וועק איך נישט מער...״

די מענטשן זענען געבליבן שטיין שווייגנדיקע, מיט וווּנדער און באַוווּנדערונג נאָכגעקוקט די איינגעבויגענע פיגור פון ר׳ כאַסקלען, וועמענס טריט פון זיינע באַטשוועקטע שטיוול האָבן אָפּגעהילכט אין דער פּראָסטיקער שטילקייט פון שבתדיקן באַגינען.

# ר׳ ישראלקע פעלדשער

ער איז געווען אַ קורץ־געוווקסיקער און האָט געטראָגן אַ לאַנגע קאַפּאָטע, ווינטער האָט ער אויך געטראָגן אַ וואַטענעם שפּענצער. זיין געדיכטע שוואַרצע באָרד האָט פאַרנומען דאָס גאַנצע פּנים ביז אונטער די אויגן. ער האָט זיך באַשעפטיקט מיט מעדיצין, געהיילט קראַנקע, כאָטש קיין מעדיצין האָט ער קיינמאָל נישט שטודירט. זיינע פּאַציענטן זענען באַשטאַנען נאָר פון מענער ווען מען האָט אים גערופן צו אַ קראַנקן איז ער אַריין אין שטוב ווי אַ ווינט און האָסטיק אַ פרעג געטאָן: „אנו, נו, ווו איז ער?״

זיינע פּאַציענטן האָבן מערסטנס געליטן פון שטעכעניש אין די זייטן, פון אַ מאָגן־פאַרשטאָפּונג אָדער סתם אַ שטאַרקן קאַטאַר.

ר׳ ישראלקע האָט גלייך ביים אַריינקומען זיך אַ נעם געטון צום קראַנקן, צוגעלייגט דאָס אויער צום האַרץ און דורך דעם קראַנקנס מלבושים זיך צוגעהערט ווי דאָס האַרץ קלאַפּט, געהייסן ציען לאַנג דעם אָטעם, שטאַרק אָפּהוסטן און באַלד געשטעלט דיאַגנאָז און אַרויסגעגעבן באַפעלן: שטעלן באַנקעס, אויסשמירן מיט פראַנצוזקי טערפּענטין און... שוין.

ווען עמיץ איז געלעגן מיט אַ פאַרשטאָפּטן מאָגן, האָט ר׳ ישראלקע זיך געהייסן ווייזן די צונג. וואָס איז ווי דער שטייגער געווען ווייס ווי מילך, האָט ער גלייך אַ כאַפּ געטון די צונג און אָפּגעווישט מיט דער האַנט, זאָגנדיק דערביי: „שוין... אויס ווייס...״ דאָס האָט געהייסן, אַז ער האָט די קרענק אָוועקגענומען מיט דער האַנט. דערנאָך האָט ער פאַראָרדנט צו מאַכן דעם קראַנקן אַ „קאַנע״, איינגעמען ריצינאייל און טרינקען זויערמילך.

אויב דער קראַנקער האָט זיך באַקלאָגט אויף אַ צוגעקילטן האַלדז און

געדאַרפט, אַז מ'זאָל אים „לאַפּיסירן", האָט ר' ישראלקע שטענדיק געהאַט מיט זיך גרייט אַ שטיקל וואַטע, וואָס ער האָט אַרויסגעריסן פון זיין וואַטענעם שפּענצער. ער האָט דאָס שטיקל וואַטע אויפגעוויקלט אויף אַ שטעקעלע, איינ־געטונקען אין יאָד און... דער קראַנקער איז גלייך געהאָלפן געוואָרן. פּונקט ווי די וואַטע, אַזוי האָט ער אויך די שטעקעלעך נישט געדאַרפט טראָגן מיט זיך אין וואַליזקע פון ערשטער הילף, אין וועלכער ער האָט זיך קיינמאָל נישט געניצט. די וואַטע האָט ער גענומען פון אייגענעם שפּענצער און דאָס שטעקעלע... אין וועלכער שטוב אין וואָלאָמין איז עס נישט געווען קיין בעזעם? האָט ר' ישראלקע אָפּגעבראָכן אַ ריטל פון בעזעם, אַרויפגעוויקלט די וואַטע און שוין...

עס האָט געטראָפן, אַז די לאַגע פונעם חולה איז געווען ערנסט, האָט ר' ישראלקע דעמאָלט זיך מישב געווען מיט זיין פּאַציענט, צי עס וואָלט נישט כדאי געווען צו רופן אַ דאָקטאָר. ר' ישראלקע האָט אים געגעבן זיין עצה צו פאָרן אָדער אויף מזרח, ד.ה. קיין יאַדאָווע, אָדער אויף מערב, ד.ה. קיין וואַרשע. דער קראַנקער האָט געדאַרפט אַליין דעצידירן.

אין וואָלאָמין פלעגט מען דערציילן, אַז ר' ישראלקע האָט אין די יונגע יאָרן געדינט אין דער צאַרישער אַרמיי און איז צוגעטיילט געוואָרן אויף אַרבעט אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל. זינט דעמאָלט האָט ער געכאַפּט די מעדיצינישע תורה און פאַרטראַטן אין שטעטל אי אַ פעלדשער אי אַ דאָקטאָר. ער האָט קיינמאָל נישט געפאָדערט, אַז מען זאָל אים באַצאָלן. וויפל מען האָט אים געגעבן איז געווען פאַר אים גענוג, און אַז מען האָט אים גאָרנישט געגעבן, האָט ער אויך נישט באַקלאָגט זיך מיט קיין וואָרט.

## שוחטים און חזנים

קיין ספּעציעלן חזן האָט דאָס וואָ־לאָמינער בית המדרש אויף לעשנע גאַס נישט געהאַט, אָבער אַלע האָבן געוווּסט, אַז די חזקה אויפן עמוד האָט געהאַט ר' ישראל־מרדכי שוחט. אין געוויינ־לעכע שבתים און ימים־טובים האָט ער געדאַוונט פאַרן עמוד אָן צוהעלפערס, אָן משוררים, אָבער צום אָנקום פון די ימים־נוראים האָט ער געפלעגט צונויפ־שטעלן אַ כאָר, וואָס איז באַשטאַנען פון


ר' ישראל־מרדכי שו"ב

יינגלעך מיט זיס־קלינגענדיקע קולעכלעך, וואָס האָבן אים געהאָלפן ביים זינגען די ימים־נוראימדיקע תפילות, די פאַרשידענע נגונים און מאַרשן.

ר׳ ישראל־מרדכי שוחט איז געווען אַ בעל־תפילה, וואָס האָט געמאַכט אויפציטערן די הערצער מיטן וואָרעמען טאָן פון זיין דאַווענען און האָט פאַר־כישופט די צוהערער מיט זיין שיינער שטים. ווען ער פלעגט אויסזונגען אַ מאַדזשיצער ניגון איז ער צעגאַנגען אין אַלע אברים. ער פלעגט דאַווענען כל־נדרי, מוסף און נעילה, און די ליבהאָבער פון נגינה, פלעגן קומען פון אַנדערע מנינים, בשעת די הפסקות הערן ר׳ ישראל־מרדכי זינגען אַ נייעם מאַדזשיצער ניגון. יעדער וואָס האָט אים אַמאָל געהערט האָט אים שוין מער נישט פאַרגעסן. ביזן היינטיקן טאָג ברומט נאָך אין מיר ר׳ ישראל־מרדכיס ניגון. עס שטייט מיר פאַר די אויגן זיין הדרת פנים, די לאַנגע בלאָנדע באָרד, זיין פאַרטראַכטער בליק און פאַרחלומטער אויסדרוק אויפן פנים. ווען מען האָט אים געזען גיין אין גאַס, האָט ער אפילו ביי מענטשן פון אַ פרעמדער שטאָט אַרויסגערופן דרך־ארץ און יראת הכבוד. אפילו די, וואָס האָבן אים נישט געקענט האָבן גלייך דערפילט אין אים אַ משמש בקודש.

ר׳ ישראל־מרדכי איז געווען אַ ייד אַ פיקח. מען האָט אים קיינמאָל נישט געזען זיך בייזערן און ער האָט פאַר יעדן געהאַט אַ גוט וואָרט און אַ ליבלעכן שמייכל. אַלע אין שטאָט, גרויס און קליין, רעכטע און לינקע, האָבן אים ליב געהאַט. זעלטן ווער עס האָט געוווּסט זיין פאַמיליע־נאָמען, טענטשער. אַלע האָבן אים גערופן ר׳ ישראל־מרדכי דער שוחט און אין דאָזיקן נאָמען האָט אָפּגעקלונגען יחוס און שטאָלץ.

עס זענען געווען נאָך צוויי שוחטים אין שטאָט. ר׳ ברוך ראַטשאַנזער איז געווען אַ גערער חסיד. ראַטשאַנזער האָט מען אים גערופן ווייל ער איז געקומען פון שטעטל ראַטשאַנדז, וואָס האָט זיך געפונען אויף יענער זייט ווייסל. ער האָט גערעדט מיט אַ האַרטערע ריש. אין די ימים־נוראים האָט ער געדאַוונט אין בית־המדרש די תפילת שחרית. טייל אין שטעטל האָבן אים אויך גערופן: דער שוואַרצער שוחט, ווייל אין קעגנזאַץ צו ר׳ ישראל־מרדכי האָט ר׳ ברוך געהאַט אַ פעך שוואַרצע באָרד. אַלס שוחט אין וואָלאָמין האָט מען אים אויפגענומען נאָכדעם ווי דער אַלטער שוחט, ר׳ חיים בנימין איז געקומען אויף דער עלטער און די הענט האָבן ביי אים אָנגעהויבן ציטערן. ער איז נישט אינגאַנצן אַוועק פון דער שחיטה, איז געבליבן נאָר עופות־שוחט.

ר׳ ברוך שוחט איז אין די דרייסיקער יאָרן געוואָרן אויסגעקליבן צוזאַמען מיט משה גוטוועטער אַלס דעלעגאַטן צו פאָרן קיין ישראל קויפן באָדן פאַר וואָלאָמינער באַלעבאַטים. דאָס איז געשען נאָכדעם ווי דער גערער רבי האָט

גערופן די יידן פאַרן קיין ארץ ישראל און האָט אין יפו און אין אַנדערע פּלעצער געקויפט גרויסע שטחים באָדן.

אַ תמימותדיקער ייד איז געווען ר׳ ברוך שוחט, ערלעך און איבערגעגעבן צו יעדער אויפגאַבע, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען. איך געדענק ווי צוזאַמען מיט מיין יוגנט־חבר משה קר־אור און ר׳ ברוך שוחט ווי אויך ר׳ משה גוטוועטער, זענען מיר אַרומגעפאָרן איבער פאַרשידענע ערטער איינקויפן באָדן.

משה קר־אור איז דערשאָסן געוואָרן דורך די נאַצים אין אַ שטעטל נעבן פּאַריז, וואַלעריאַן סירען, דעם 21־טן פעברואַר 1942.

ר׳ ברוך שוחט איז אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע וואָלאָמינער יידן דורך די נאַצישע מערדער.

# ר׳ משהלע דער ווייסער

ר׳ משהלע דער ווייסער האָט מען אים גערופן, ווייל ער איז געווען אַ קאַלכער. ער האָט געהאַט אַ האַלב־פאַרונדיקט בערדל און גערעדט מיט אַ דינער פּרויען־שטים. אַ שטעטלשער לץ האָט אים אַמאָל געפרעגט: „ר׳ משה איר קענט נישט רעדן אַביסל גרעבער?״ האָט ער מניה וביה געענטפערט: „פאַרוואָס נישט? אדרבא, קוש מיר אין... אויב דו ווילסט, קען איך נאָך גרעבער...״

תמיד זע איך אים ווי ער האַלט אין דער האַנט אַ לייטער, אויף וועלכן עס איז אָנגעהאָנגען אַ קיבעל מיט פאַרב און אין דער צווייטער האַנט אַ פּענדזל מיט אַ לאַנגן שטעקן, אין דער פרייער צייט, ווען עס איז נישט געווען קיין אַרבעט, די באַלעבאָסטעס אין שטעטל האָבן נישט געטראַכט פון קאַלכן די ווענט פון זייערע אָרעמע שטיבן, פלעגט ער טראָגן אַ וועסטל, אויף וועלכן עס איז געווען אָנגעשפּילעט אַ דיקע קייט פון ווייסן מעטאַל. אויף דער קייט זענען געווען אָנגעהאָנגען אַ פּאָר פּאַדקדוועס, אַ קאָפּ פון אַ פערד, אַ ביקסל, אַ קאָמפּאַס און נאָך עטלעכע ענלעכע קלייניקייטן. מיט דער דאָזיקער אויסשטאַטונג האָט ר׳ משהל שטאָלצירט און אויב עס האָט אים ווער אַ פרעג געטון: „ר׳ משה, וואָס איז דאָס?״ האָט ער פּאַוואָלע און מיט גרויס חשיבות גענומען אַרויסציען די קייט פון וועסטל־קעשענע ביז עס האָט זיך באַוויזן דאָס דיקע זילבערנע קעסטל, קיילעכיק, מיט אַ קעפּל. דאָס איז געווען אַ זייגער מיט דאָפּלטע טירלעך, אויף וועלכע עס זענען געווען אויסגראַווירט פאַרשידענע קעפּ פון רוסישע מלכים.

ר׳ משהל האָט דערביי אַ קוועטש געטון אין דער כלי און עס פלעגט זיך

אויפמאַכן אַ טירעלע און דאַן האָט ר׳ משה אין אַ דעקלאַמאַטאָרישן טאָן אַ זאָג געטון: „איצט איז פּינקטלעך 2 אַזייגער״.

ווען מען פלעגט אים אויפמערקזאַם מאַכן, אַז דער צוג קיין ביאַליסטאָק איז דאָך שוין לאַנג אַפּגעפאָרן, האָט ער זיך נישט איבערגענומען און מיט אַ גלייכ־גילטיק קול געענטפערט: „ווייזט אויס אַז די באַן איז צו פרי אָנגעקומען... דער זייגער מייַנער ווייזט געגוי די שעה״.

ר׳ משהל האָט געהאַט צוויי זין, וואָס האָבן אים געהאָלפן אין דער מלאכה אין די טעג ווען ער איז געווען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט. באַלד נאָך פורים, ווען דער שניי האָט אָנגעהויבן צעגיין און די בלאָטעס אין שטעטל זענען געוואָרן טיפער און געדיכטער, פלעגט ר׳ משהל ווערן חשובער ביי זיך, כמעט אַ פעלדמאַרשאַל, ווייל די דאָזיקע פאַר־פסחדיקע טעג אין וואָלאָמין האָבן אָנגעזאָגט דעם אָנגריף פון די באַלעבאָסטעס, וואָס האָבן זיך אַ לאָז געטון צו אים פון אַלע עקן שטעטל, ווי להבדיל חסידים צום רבין, מיט זייערע באַשטעלונגען און בקשות. יעדע איינע אויף איר שטייגער, האָט זיך אָנגעהויבן צו אים חנדלען, ווער מיט ווייבערישער קאָקעטעריע און ווער מיטן געבעט פון אַ מאַמע. יעדע באַלעבאָסטע האָט געוואָלט, אַז ר׳ משהל זאָל זיין ביי איר דער ערשטער, איידער אַנדערע פאַרכאַפּן אים, צערייסן אים מיט זייערע באַשטעלונגען.

אין יענע טעג האָט ר׳ משהל הויך אָפּגעשאַצט זיין ווערט. זייענדיק אַרומ־גערינגלט מיט אַזויפיל ווייבער, וואָס זענען געווען אָפּהענגיק פון זיין גוט האַרץ, פלעגט ער מיט גרויס חשיבות געבן צו פאַרשטיין, אַז ערשטנס האָט ער נאָך פאַראַיאָרן צוגעזאָגט דער און דער באַלעבאָסטע, אַז אויב מען וועט דערלעבן איבער אַ יאָר, וועט ער זיין ביי איר דער ערשטער...

צווייטנס, האָט ער דאָס יאָר נישט מער ווי איין פאַרב, וואָס דאָס קען דעקן נאָר די פאַרב, מיט וועלכער ער האָט געקאַלכט פאַראַיאָרן ביי דער אָדער יענער באַלעבאָסטע.

זעענדיק, אַז די ווייבער זענען אינגאַנצן אין זיינע הענט, האָט ער שוין אין איין וועגס דורכגעפירט נאָך אַ זאַך, וואָס איז אים שטענדיק אָנגעקומען אַביסל שווערלעך: „זייט וויסן — האָט ר׳ משהלע געזאָגט צו די ווייבער — אַז קיין שלאָקן וועל איך אייך היי־יאָר נישט מאַכן... כ׳האָב נישט קיין צייט צו פאַרנעמען זיך מיט אַזעלכע נאַרישקייטן״. די ווייבער האָבן אָנגעהויבן מורמלען מיט אומצופרידנ־קייט: „וואָס הייסט, נישט מאַכן קיין שלאָקן?״

ר׳ משהל איז געבליבן גלייכגילטיק צום צער פון די ווייבער, גערעדט האַרט, פראָסט און פשוט:

„ווער עס באַשטייט, איז גוט. ווער נישט, איז נישט...״

בלית ברירה האָבן די ווייבער אויך דעם באַדינג אָנגענומען און ר׳ משהל האָט זיך גענומען צו זיין אַרבעט, צום שמירן.

אין די הויפן האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן כלערליי מינים מעבל פון פאַרשידנאַרטיקע סטילן, פון פאַרשידענע דורות, וואָס די באַלעבאָסטעס האָבן אַרויסגעשטעלט פאַר דער טיר, כדי פריי צו מאַכן די שטובן צום קאַלעכן. מען האָט אָנגעהויבן שייערן, רייבן, גיסן און כליאַפען. דער רעש אין שטעטל איז געווען גרויס. דאָס שטרוי, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון די שעניקעס און זיך צעשפרייט אין באַזונדערע קליינע שטרויעלעך, איז געפלויגן איבערן שטעטל צוזאַמען מיט די קאַלירטע פאַפירלעך, וואָס האָבן דורכגעווינטערט צווישן די דאָפלטע פענצטער, וועלכע מען האָט פאַרשפאַרט, כדי נישט דורכצולאָזן די קעלט אין די שטובן. אין דער לופטן האָבן זיך געטראָגן פעדערן פון די איינשיטן און פערענעס.

ר׳ משהל האָט זיך געטון זיינס, האָט געקאַלעכט די ווענט, איינגעזייפט, געגאַנגען פון הויף צו הויף, געטראָגן די לייטער מיטן קיבעל פאַרב און דערביי זיך צוגעזינגען פאַרשידענע פריילעכע נגונים.

אַזוי האָט זיך געלעבט אין וואָלאָמין, אַמאָל שטיל און אידיליש און אַמאָל טומלדיק און ברויזנדיק. געווען פריידיקע טעג און אויך טריבע, אָונטן רוישיקע מיט געזאַנג און אסיפות און אָונטן אומעטיקע, ווען מען איז געוואָרן פאַרצערט פון בענקעניש און פון גאַרן צו גרויסער און שיינער וועלט, און מען האָט נישט געזען וויפל שיינקייט און גרויסקייט עס האָט זיך געפונען אין אייגענעם שטעטל, מיט זיינע לומדים און פשוטע יידן, גבאים און חסידים, שמשים און בעלי־מלאכות; בית־המדרש־בחורים, וואָס האָבן רק געשמועסט אין לערנען און גערעדט וועגן גרויסע ווייטע ישיבות און יוגנטלעכע, וואָס האָבן דיסקוטירט איבער פראָבלעמען פון נאַציאָנאַלער גאולה און וועלט־דערלייזונג, שטודירט אחד־העם, נאָרדוי, געגריבלט זיך אין העגעל, קאַנט, מאַרקס און ענגעלס, געקאָכט זיך היציק איבער יעדן רעפעראַט, יעדער אויף זיין אופן האָט צו עפּעס געשטרעבט און אַלע זענען זיי אונדז איצט טייער און הייליק.

נתן גינגאלד

# ר׳ ישראל־מרדכי שוחט

ר׳ ישראל־מרדכי איז געווען אין וואלאמין שוחט און חזן, אַן אייגנאַרטיקע פּערזענלעכקייט, וואָס האָט זיך פֿאַרדינט אַ ברייטערן און גרעסערן מאמר. אפשר וועלן עס טון אַנדערע, וועלכע האָבן אים בעסער געקענט, וויסן מער פֿון זיין פּערזענלעכן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן און האָבן מער מאַטעריאַל צו דערציילן וועגן אים.

איך ווייס נישט אין וועלכן יאָר ר׳ ישראל־מרדכי איז אָנגעקומען קיין וואלאמין און מוז זיך דערפֿאַר באַגנוגענען מיטן צייכענען די דאָזיקע אינטערעסאַנטע געשטאַלט ווי אויך זיין משפּחה, אָנהויבנדיק פֿון יאָר 1931, ווען איך האָב זיי דערקענט, ביזן אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

כ׳האָב געוווּסט, אַז ר׳ ישראל־מרדכי שטאַמט פֿון דעם שטעטל סטאָק און האָט גאָר יונג זיך גענומען צום לערנען שחיטה און אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַ גרויס האַרץ פֿאַר יידישקייט און מע־שים־טובים און דערביי געווען אויך אַ מתמיד אין לערנען, האָט ער גיך געקרויגן אַ שם פֿון אַ שוחט אַ למדן און ירא־שמים. זיין התלהבות און שאַרפֿע חושים פֿון חכמה האָבן זיך אַנטפּלעקט נישט בלויז אין לערנען, אין נאָכזאָגן דעם אַמשינאָווער רבינס תורה־ווערטער, נאָר אויך אין נגינה, משמח צו זיין אַן עולם יידן, געהאַט אַ



ר׳ ישראל־מרדכי מיט זיין ווייב לאה און טאָכטער פֿריידע.

שיין קול איז ער אויך מיט דער צייט געוואָרן אַ חזן. אַזוי איז ער טאַקע אין וואָלאָמין געוואָרן חזן און שוחט. יידן פלעגן זאָגן, אַז חזן און שוחט גייען שטענדיק צוזאַמען, אַזוי ווי „ויקהל און פקודי".

ר׳ ישראל־מרדכי האָט געהאַט 10 קינדער, 5 זין און 5 טעכטער. די עלטערע זין זענען געווען גאָר פרום. דער עלטסטער איז שפּעטער געוואָרן חזן־שוחט אין שטעטל ווישקאָוו. די יונגערע קינדער זענען שוין געווען מער מאָדערן, על פּי רוב געהערט צו דער ציוניסטישער באַוועגונג.

אָנגעקומען בין איך אין זייער הויז אין יאָר 1931, ווייל די פּערטע טאָכטער וואָס איז געווען דאָס ביינטע קינד אין דער משפּחה, איז אין יענעם יאָר געוואָרן מיין פרוי.

אַזוי אַרום האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט נעענטער צו דערקענען און אָבסערווירן די דאָזיקע אידעאַלע משפּחה. ר׳ ישראל־מרדכי איז געווען פון מיטעלן וווקס, אַ דיקלעכער, אַ ברייטלעך פּנים, וואָס די באָרד האָט געמאַכט נאָך ברייטער, אָבער נישט צוגענומען דעם שטענדיקן שמייכל און מילדקייט פון זיין פּנים. ער האָט זיך קיינמאָל נישט געבייזערט, געהאַט שטענדיק גרייט אַ וויץ און די יידן האָבן אים ליב געהאַט. אויך די יוגנט, וואָס איז נישט געווען אַזוי שטאַרק פרום, האָט אים אַרויסגעוויזן גרויס דרך־ארץ. ער האָט קיינמאָל קיינעם נישט געזאָגט קיין מוסר, נשט געהערט צו די, וואָס האָבן זיך געהאַלטן פאַר גאַטס קאָזאַק.

אין די שבתים האָבן אַ סך באַלעבאַטים שוין געהאַט אַ טראַדיציע אַרויפֿצוקומען צו ר׳ ישראל־מרדכי עסן קוגל. זיין ווייבס קוגלען, די קישקעס און מילצן זענען געווען אַ שם־דבר אין שטאָט.

עס איז מיר אַמאָל אויסגעקומען צו הערן ווי אַ וואָלינער באַלעבאָס, וואָס האָט געהערט צו די שיינע יידן, האָט געזאָגט צו ר׳ ישראל־מרדכי, אַז ער זאָל אַכטונג געבן אויף זיינע קינדער, ווייל מען רעדט אין שטעטל, אַז זיי פאָרן אום־שבת מיט דער באַן קיין וואַרשע. ר׳ ישראל־מרדכי האָט אים געענטפערט: „מיינע קינדער? חס ושלום... מ׳דאַרף אַזעלכעס נישט רעדן... איבעריקנס, האָסט, כ׳בעט דיך אַ טראַכט געטון וועגן דיינע קינדער? פאַלג מיך, היט זיך מיט די רייד, כדי זאָלסט נישט אַמאָל געהערן צו די, וואָס די חז״ל זאָגן וועגן זיי: „הטובל ושרץ בידו"...

וואָס בעסער און נעענטער איך האָב דערקענט דעם דאָזיקן האַרציקן ייד, אַלץ מער איז געוואַקסן מיין דרך־ארץ צו אים.

ר׳ ישראל־מרדכי האָט ליב געהאַט, אַז זיינע איידעמס זאָלן אין די שבתים און יום־טובים זיצן ביי זיין טיש צוזאַמען מיט זיינע זין. באַזונדערס גערן האָט ער געהאַט די צוויי יינגסטע איידעמס, ווייל זיי זענען געווען אַמאָל ישיבה־בחורים

און ער האָט מיט זיי געקענט שמועסן און לערנען. כ׳דערמאָן זיך אַ שמועס, וועג ר׳ ישראל־מרדכי האָט אונדז געזאָגט:

„צוויי זאַכן האָב איך געלערנט ביים אמשינאָווער רבין: אהבת השם און אהבת ישראל. דער בעל „ישמח משה״ ברענגט אַ ראיה פונעם וואָרט אהבה, וואָס איז בגימטריא דרייצן, ווען צוויי יידן האָבן זיך ליב, באַהעפט זיך בײדנס אהבה און עס ווערט צוויי מאָל דרייצן, וואָס באַטרעפט זעקס־און־צוואַנציק. אַזויפיל באַטרעפט אויך דער שם הוויה. דאָס הייסט, אַז פון דער ליבשאַפט צווישן איין ייד און דעם צווייטן ווערט געשאַפן אַ שם המפורש״.

אין דיני שחיטה האָט ר׳ ישראל־מרדכי געהערט צו די מקילים, באַזונדערס ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַ הפסד מרובה. ר׳ ישראל־מרדכי האָט דעמאָלט אַלץ געטון נישט צו דאַרפן טריפה מאַכן חלילה די בהמה גסה און נישט גורם זיין דעם אָרעמען קצב אַ גרויסן געלט־שאָדן. ער האָט דעמאָלט מעיין־געווען אין יורה דעה און אַלע אַנדערע ספרים וועגן הלכות שחיטה, ביז ער האָט געפונען אַ סיבה נישט טריפה צו מאַכן די בהמה.

גאָר באַרימט איז ר׳ ישראל־מרדכי געווען אַלס חזן. וואָלט ער יונגערהייט זיך געלערנט מוזיק און אַנטוויקלט זיין שטים, וואָלט ער וואָרשיינלעך אויסגעוואַקסן אַ באַרימטער זינגער. וועגן זיין זינגען, וועגן זיין שטאַרקער שטים און מתיקות האָט מען זיך אין וואָלאָמין דערציילט אַ סך מעשיות. איך וועל נאָר דערמאָנען איינע פון זיי:

דאָס איז געווען אין ראש־השנה, ווען ר׳ ישראל־מרדכי האָט געזאָגט די תפילה „הנני העני ממעש ונרעש ונפחד מפחד יושב תהלות ישראל״, האָט ער ביי די ווערטער „ורעש ונפחד״ געגעבן אַזאַ געשריי מיט זיין לייבן־שטים, אַז אַ שוואַנגערדיקע פרוי, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אין דער ווייבער־שול, האָט פון גרויס פחד געמפלט.

מען פלעגט אויך דערציילן, אַז אין די ערשטע יאָרן, ווען ער איז אַנגעקומען קיין וואָלאָמין, פלעגט קומען צו כל־נדרי און צו „נעילה״ קומען דער ראדזימינער סטאַראָסטע, באַגלייט פון אַנדערע הויכע באַאַמטע קריסטן, הערן ר׳ ישראל־מרדכי זינגען און דאַווענען.

כמעט אַלע זיינע קינדער האָבן געירשנט פון זייער פאָטער די מוזיקאַלישע פעאיקייט. גאָר אויסגעצייכנט האָט זיך זיין יינגסטע טאָכטער, פרידע־רחלע, וואָס פלעגט זייער שיין זינגען פאַרשידענע פיוטים און צוהעלפן איר פאָטער ביים זינגען די שבתדיקע זמירות. זי פלעגט אויך זינגען אַריעס פון אָפּערעס. זי האָט פאַרמאָגט אַ פּרעכטיקע שטים, קאָלאָריטור. זי האָט אָבער קיינמאָל נישט געזינגען ווען מען האָט זי געבעטן, נאָר ווען עס איז זי באַפאַלן אַ בענקשאַפט, דאַן פלעגט

זי פון זיך אַליין בעמען זינגען. מערסטנס פלעגט עס זיין אין די שבתדיקע פאַר־נאַכטן, ווען אין דרויסן איז שוין צוגעפאַלן די פינצטערניש און אין שטוב האָט מען נאָך נישט אָנגעצונדן קיין ליכט, ווייל דער פאָטער האָט נאָך געפּראַוועט שלוש סעודות. נישט איינמאָל פלעג איך זיך אין אַזעלכע שבתדיקע פאַרנאַכטן צוהערן צו איר כישופדיק געזאַנג, וואָס האָט מיך אַוועקגעטראָגן אין אַן אַנדערער וועלט, אַ וועלט שכולו טוב... ר' ישראל־מרדכיס ווייב, וועלכע מען האָט גערופן לאה די שוחטקע, האָט געהאַט אַ גרויס חלק ביים העלפן שאַפן די געלייטערטע אַטמאָספער אין זייער שטוב. איך האָב שטענדיק באַוווּנדערט די איידלקייט, די גוטע נשמה, וואָס די דאָזיקע פרוי האָט פאַרמאָגט. ווען איך האָב זי באַקענט, איז זי געווען אין די מיטעלע יאָרן, אַ שוואַכע, דאָך האָט זי קיינמאָל נישט געקאָרגט קיין מי און קיין געלט, ווען זי האָט געדאַרפט אַנטקעגנקומען עמיצן מיט הילף, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ קראַנקן אָדער סתם אַן אָרעמאַן.

אין שטאָט האָט מען געוווּסט, אַז אויב מען דאַרף עפּעס טון פאַר אַ נויט־באַדערפטיקן איז קודם־כל גייט מען צו לאה די שוחטקע. ז האָט קיינמאָל אַן אָרעמאַן נישט אַרויסגעלאָזט פון שטוב מיט ליידיקע הענט.

עס האָט געטראָפן, אַז עס איז אַריינגעקומען אין שטוב אַן אָרעמאַן בעטן אַ נדבה און לאה די שוחטקע האָט צופעליק נישט געהאַט קיין קליינגעלט און דער אָרעמאַן האָט נישט געהאַט צו געבן רעשט פון אַ גרעסערער מטבע, געזען איר פאַרלעגנהייט און איז אַוועק, האָט לאה די שוחטקע זיך שנעל געכאַפּט, גענומען עטלעכע שטיקלעך צוקער אָדער אַנדערע טרוקענע מאכלים און שנעל נאָכגעלאָזן דעם אָרעמאַן, געבעטן זיך ביי אים, ער זאָל עס נעמען, כדי נישט אַרויסצוגיין פון איר שטוב מיט ליידיקע הענט.

ר' ישראל־מרדכי פלעגט ברענגען פון שעכטהויז מילצן, קישקעס, לעבער, גראשיצעס און לאה די שוחטקע איז געווען די פאַרקויפערין. אָרעמע ווייבער האָבן שוין געקענט לאהס שוואַכקייט, אַז זי האָט אַ פול האַרץ מיט רחמנות צו אָרעמע־לייט און זיי פלעגן נישט איינמאָל אויסניצן איר שוואַכקייט, געבעטן זיך ביי איר, זי זאָל צולייגן נאָך אַ פיצעלע קישקע אויסער דער וואָג. געווען אויך אַזעלכע, וואָס עס האָט זיי שטענדיק צוגעפעלט עטלעכע גראָשן ביים באַצאָלן. זיי האָבן געוווּסט, אַז לאה די שוחטקע וועט קיינמאָל נישט צוריקנעמען ביי זיי אַ שטיקל פלייש פון דער וואָג. זי האָט אויך קיינמאָל נישט פאַרשריבן דעם חוב. ר' ישראל־מרדכי פלעגט זיך באַקלאָגן פאַר די קינדער, אַז ער ווייסט נישט ווו די מאַמע טוט אַהין דאָס געלט. „כ'האָב היינט געבראַכט אַזויפיל פון שעכטהויז — פלעגט ער זאָגן — און געלט איז דאָ אַזוי ווייניק". דעם סוד ווו די מאַמע טוט אַהין דאָס געלט האָט ר' ישראל־מרדכי באמת קיינמאָל נישט געוווּסט.

ר׳ ישראל־מרדכי איז נפטר געוואָרן עטלעכע טעג פֿאַר דער מלחמה אין עלטער פֿון עטלעכע זיבעציק יאָר. אין טאָג פֿון זיין לוויה איז ממש גאַנץ וואָלאָמין געווען איינגעהילט אין אבלות. די גאַנצע שטאָט האָט דאָן געברענגט צום אויס־דרוק די גרויסע ליבשאַפֿט צום דאָזיקן אידעלן גוט־האַרציקן ייד.

לאה די שוחטקע איז אומגעקומען צוזאַמען מיטן רוב פֿון אירע קינדער און אייניקלעך, ווער אין געטאָ און ווער אין לאַגער. געבליבן לעבן זענען נאָר צוויי טעכטער, וועלכע זענען געווען אין ישראל נאָך פֿון פֿאַר דער מלחמה. די דאָזיקע צוויי טעכטער מיט זייערע קינדער און אייניקלעך זענען עס דער המשך פֿון דער דאָזיקער אידעלער משפחה און דאָ, אין ישראל, ציען זיי ווייטער די גאָלדענע קייט פֿון דער דאָזיקער שיינער ידישער היים, די היים פֿון ר׳ ישראל־מרדכי שוחט.

לאה די שוחטקע האָט געהערט צו די געשטאַלטן, וואָס יעדעס ידישע שטעטל פֿלעגט זיך גרויסן מיט זיי. זי איז געווען פֿון די נשים צדקניות, וואָס האָבן זיך נישט באַגנוגנט מיט אַריינכאַפּן אַ קאַפּיטל תהילים, אַ דאַווענען אײנ־דערוואָכנס, ווען עס איז געווען שווער אויפֿן האַרצן און די אויגן האָבן געטרערט מיט טראָפּנס געוויין, באַפֿלעקט די אַלטע תפֿילה־בלעטער. די פֿרומע גוטסקייט איז געווען אין אַלעם וואָס זי האָט געטון אין שטוב און אין גאַס, אין אירע זאָרגן, אַז אַז עס זאָל, חלילה, אַ ידישע שטוב נישט בלייבן אָן חלות און פֿיש אויף שבת, אָרעמע קראַנקע זאָלן נישט בלייבן אָן דער הילף פֿון אַ דאָקטאָר, אָן דער וואַרעמער אויפֿזיכט פֿון אַ נאָענטן מענטש.

אָן אָרעם שטעטל געווען וואָלאָמין, אָבער רייך און גרויס מיט אַזעלכע געשטאַלטן ווי ר׳ ישראל־מרדכי און זיין ווייב לאה.



# שמואל צוקער / אונדזער הויף!

שוין יאָרן־לאַנג ווי כ'בין פון אייך אַוועק,
איך וועל זיך נישט שעמען,
אַז כ'האָב שוין באַלד אַ סך
פאַרגעסן פון אייערע נעמען.

ס'האָט דער טעם פון יוסף בעקערס
פריש־געבאַקענע זעמל און ברויט
נישט אויסגעמיטן דעם הונגער
פון אונדזערע שכנימס נויט.

איך הויב אָן ביי דיר מאיר טרעגער,
באַגלייט האָט דיך אַ בינטל שטריק,
האָסט קיינעם נישט מקנא געווען,
אַראָפּטראָגן אַ זאַק מעל איז געווען פאַר
דיר אַ גליק.

דיין טאַכטער פלעגט ביים פענצטער שטיין,
יעדן באַגלייטן מיט אירע בליקן,
אפשר וועט ווער פון זיי
אַ חתן פאַר איר צושיקן.

ס'איז ראססע דער קאַמאַשנשטעפּער
געווען באַוואָרפן מיט פיצלעך קינדער
און נישט איין מאָל זענען זיי שלאָפן
געגאַנגען
מיט געוויינען פון קעלט און הונגער.

ס'איז חנהן די מילך־הענדלערקע
נישט געווען אַזוי לייכט אויף אירע עלטערע
יאָרן,
פון איר שווערע האָרוואַניע
פאַר איר טאַכטער אַ נדן אָפּשפּאָרן.

ס'האָט יאַנקעלען דעם חלה־מאַכער
דער דלות אויך געפאַנגען.
אַ פאַרמעלטער פון קאָפּ ביז די פיס,
מיט אַ שלאָף אויפן געזיכט פאַרהאַנגען.

אויך איטשעלען פון ביר
נישט פאַרפעלט האָט קיין זאָרגן.
תמיד האָט ער געהאָפט
אויף אַ בעסערן מאָרגן.

ווי זאָל איך פאַרגעסן
צביה די נייטארינס הענט,
אַז מיין לייב געטראָגן
האָט פון איר אַ גענייט העמד.



הענעך צוקער און זיין פרוי רבקה,
טעכטער: לאה און פריידע,
זין: משה, יואלקע און ישראליק.

ווי אַ באַשיצערין ביזטו, מיין מאַמע,
מיט דיינע שטילע טריט און בלייכע ליפּן.
דעם צער פון הויף האָסטו
געטון אין זיך איינזאַפּן.

אָ, איר אַלע, מיט נעמען דערמאַנטע און פאַרגעסענע,
געלייטערטע אין אַלע גרויזאַמסטע טויטן.
איך קום צו אייך מיט טיפסטער ליבשאַפט,
איר טייערע, הייליקע געשטאַלטן.



# הכנסת אורחים

דאָס אויסגעטרעטענע וועגל, וואָס האָט געפירט צו די הילצערנע שטיגן פון דער שול איז געווען פאַרדעקט מיט געלע בלעטער, אַראָפּגעפאַלענע פון די שיטערע ביימער. נעענטער צו דער שול האָט מען גלייך דערפילט דעם פאַרדומפּטן ריח פון די פאַרלעגענע גמרות מיט די אָפּגעריסענע רוקנס, פון די שמות, וואָס זענען געלעגן אין די ספרים־שאַפעס, פאַרדעקטע מיט שטויב. די טירן פון בית המדרש זענען געשטאַנען אויפגעפראַלט און עס האָבן זיך פון דאָרט געהערט די צעצויגענע גמרא־נגונים. דאָ זענען אויך געווען די צוויי חדרים, וואָס האָבן געטראָגן דעם נאָמען „הכנסת אורחים”.

ייִדן מיט ווייסע בערד, מיט אויסגעאיידלטע פּנימער און קלוגע בליקן פון תלמידי־חכמים האָבן זיך דאָ אויפגעהאַלטן צוזאַמען מיט פּשוטע ייִדן, פאַרהאָרעוועטע און פאַרזאָרגטע פּנימער מיט שוואַרצע קאַלטענאַוואַטע בערד און איינגעפאַלענע אויגן, וואָס האָבן אומעטיק געקוקט אַרום זיך. דאָ זענען אויך געווען ייִדן מיט צוגעשוירענע בערדלעך אָדער גלאַט־ראַזירטע, זענען געקומען פון דער פרעמד, פון ווייטע שטעט און שטעטלעך. אין די פאַרנאַכטן האָט מען זיי געקענט זען גיין אַהין טראָגנדיק זייערע פּעקלעך מיטן ביסל וועש, אַ ספרל, אַ סידורל. זיי האָבן אויסגעזען צו זיין פאַרזונקען אין מחשבות, פאַרטון אין אַנדערע עולמות, זענען געגאַנגען שווייגנדיק, באַגלייט פון די מיטפילנדיקע בליקן פון די ווואָלאָמינער ייִדן.

אַ גאַנצן טאָג זענען זיי געגאַנגען פון הויז צו הויז, געזאַמלט אַ גראָשן צו אַ גראָשן, וועלכע זיי האָבן זיך צונויפגעלייגט און אַוועקגעשיקט צו זייערע משפחות, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט ערגעץ אין ווייטע היימען.

די הכנסת־אורחים צימערן האָבן זיך געפונען איבערן בית־המדרש. אינעווייניק איז די לופט געווען געדיכט, מיט פאַרשידענע ריחות. אין די ווינטער־אָוונטן האָט דער רונדקער אייזערנער אויוון אָנגעפּילט די צימערן מיט אַ שטיקנדיקן רויך, וואָס האָט איינגעהילט די פּנימער, אַזוי אַז די רעדנדיקע האָבן נישט געזען איינער דעם אַנדערן.

אין די פאַרנאַכטן פלעג איך אַמאָל זיך אַריינכאַפּן און צוהערן זיך צו די שמועסן פון די פרעמדע יידן, צו זייערע וווּנדערלעכע מעשיות. יעדער האָט געהאַט זיין לעבנס־געשיכטע, וואָס האָט זיך געצויגן פון מרחקים, איבער שטעט און שטעטלעך מיט פאַרשידענע פּאַסירונגען. אַ סך פון די מעשיות האָבן מיך באַגלייט לאַנגע טעג און נעכט, אין יענע יאָרן, ווען איך בין געזעסן אינעם שכנותדיקן חדר, ווו איך פלעג לערנען מיין שיעור. אין די אויערן האָבן מיר געקלונגען זייערע רייד, זייערע פאַרבענקטע שטימען. געווען אַזעלכע, וואָס זענען אַוועק פון זייערע היימען מט אַ סך יאָרן צוריק, אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, איבערגעלאָזט ווייבער מיט פּיצלעך קינדער. ווען זיי האָבן זיך צוריקגעקערט פון דער מלחמה האָבן זיי שוין קיינעם נישט געטראָפן. די שטעטלעך זענען אַוועק מיטן פייער. אַ סך יידן זענען אויסגעשאָכטן געוואָרן אין די פּאָגראָמען.

עס זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן איבערגעלאָזט אין זייערע היימען איינגעפונדעוועטע שטובן. שיינע געשעפטן, זענען אַוועק אין גרויס בהלה, אין שרעק פאַר די קאָזאַקן. ווען זיי זענען צוריקגעקומען, זענען זייערע געשעפטן געווען צעראַבירט און די שטובן זענען געלעגן אין חורבות.

מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די אַלע יידן זענען קרבנות פון דער שרעקלעכער וועלט־מלחמה, געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן דורכגעמאַכט דעם פראָנט, געוואָרן אינוואַלידן און נישט געווען פעאיק צו קיין שום אַרבעט און דאָס האָט זיי געברענגט צו וואַנדערן איבער דער וועלט, פון שטאָט צו שטאָט, אויסבעטלען דאָס שטיקל ברויט צו דערהאַלטן דאָס אייגענע חיות. עס זענען געווען יורדים און סתם אָרעמעלייט, וואָס עס איז זיי נישט געגאַנגען אין לעבן, נישט געהאַט קיין מזל און נישט געקענט מפרנס־זיין זייערע משפחות.

די שטובן פון הכנסת־אורחים זענען פאַר זיי געווען אַ דערקוויקעניש און אַ היילונג. עס פלעגט טרעפן, אַז ווער פון די יידן האָט אויף זיין וואַנדערוועג זיך אָפּגעריבן אַ פוס און זיך דערשלעפּט אַהער מיט די לעצטע כוחות, אין גרויסע ווייטיקן, אָפט מיט הויכער היץ. אין הכנסת אורחים האָט אים אויפגענומען יאנקל בלעכער, וועלכער האָט געזאָרגט פאַר די אָרעמע יידן און האָט צום קראַנקן גלייך גערופן אַ דאָקטאָר אָדער אַ פעלדשער, געזען, אַז זיין בעטל זאָל זיין ריין, אַ ווייס ליילעך, אַ קאָלדרע. ער איז אַרומגעגאַנגען אַרום אים ווי אַ גוטע מאַמע, איינ־

געדעקט אים, געזאָגט אַ גוט וואָרט, צוגעווונטשן אַ רפואה שלמה.

וואָלאָמינער יידן האָבן וועגן הכנסת אורחים גערעדט מיט גרוס וואַרעמ־קייט, געהאַלטן עס פאַר אַ גרויסער מצווה און מאַמעס פלעגן זאָגן: „אפילו די פייגל, וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע נעסטן, שטעלן זיך אָפּ אויפן דאַך, ווו זיי זעען שלענגלעך זיך דעם רויך פונעם באַהייצטן אויוון און זיי וואַרעמען דאָרט

## מתן בסתר

איך געדענק, ווי משה אויסלענדער האָט מיר אַמאָל דערציילט, אַז ער האָט אַמאָל געזען אין אַ שטוב, ווו אַ גאַנצע משפחה האָט געהונגערט, די עלטערן האָבן נישט געקענט צוקוקן צו די פיין פון זייערע קינדער און אין פאַרצווייפלונג געשלאָגן קאָפּ אין וואַנט.

אויך אין אונדזער הויף איז געוועזן אַזאַ משפחה מיט זיבן קינדער. דאָס לייבל ברויט פון שיטקי האָט זיך אין אויגנבליק געענדיקט און באַלד האָט מען דורך די צעבראָכענע פענצטער געהערט דאָס רופן פון די קינדער:

„מיר הונגערט!"

דערצו איז נאָך צוגעקומען דאָס, וואָס אויפן זעלבן הויף האָט יוסף בעקער געהאַט זיין בעקעריי און די ריחות פון פרישן ברויט און זעמעלעך פלעגן זיך צעגיין איבער אַלע שטובן און דאָס האָט נאָך מער פאַרגרעסערט דעם הונגער אין יענער אָרעמער שטוב.

אין יענער שטוב פלעגן די דערוואַקסענע און קינדער אָפט גיין שלאָפן אומגעגעסן.

משה אויסלענדער האָט געזאָגט, אַז די אָרעמקייט האָט אים געבראַנגט צום געדאַנק צום שאַפן דעם הכנסת אורחים און „מתן בסתר" פאַר אָרעמע יידן פון וואָלאָמין, געפאַלענע, וואָס זענען געבליבן אָן פרנסה.

מען האָט געשאַפן סטאַבילע מיטגלידער, וואָס האָבן געצאָלט יעדן חודש אַ מיטגלידס־אָפּצאָל און פאַרן געלט איינגעקויפט פאַרשידענע פּראָדוקטן, מעל, רייז, צוקער. זיי פלעגן אויך צוגרייטן קוילן אויפן ווינטער און דאָס אַלץ האָבן זיי צוגעשטעלט אין יענע אָרעמע שטובן, ווו מען האָט זיך געשעמט צו נעמען אָפן צדקה.

די מענטשן פלעגן זיצן פאַרשלאָסענע אין זייערע שטובן, געשעמט זיך מיט זייער אייגענער בראָך. זיי האָבן זיך גערעכנט אין שטאָט פאַר פאַרבאָרגענע אָרעמעלייט און די זאָרג פאַר זיי האָט געהייסן מתן בסתר, וואָס וואָלאָמינער יידן האָבן געהאַלטן פאַר אַ גרויסע מצווה און זי אָפּגעהיטן הייליק, קיינמאָל נישט

געראַדט מיט קיינעם וועגן יענע נויטבאַדערפטיקע. געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז מען ווייסט נישט וועגן זייער אָרעמקייט, כדי זיי נישט צו פאַרשעמען.

## די לעשנע־גאַס

ווען נישט די שווער־באַלאָדענע פערד און וועגענער, וואָס פלעגן יעדן דאָנערשטיק זיך ציען פון די אַרומיקע דערפער אויפן מאַרק־טאָג און צערודערט אין לעשנע געסל די וואַסערן און בלאָטעס אָנגעזאַמלטע פון די רעגנס, וואָלטן די הילצערנע הייזלעך צוזאַמען מיטן בית המדרש געזונקען אין שטייענדיקן וואַסער און בלאָטע פון ראש השנה ביז פסח.

נישט איינמאָל האָט געטראָפן אַז עמיץ איז געבליבן שטעקן מיט אַ קאַלאָש. נישט איין חדר־ייִנגל פלעגט אַמאָל אַהיימלויפן מיט אַ ביטער געוויין, ווייל ער האָט אין דער טיפער בלאָטע איבערגעלאָזט אַ שוך, וואָס איז געווען צו גרויס אויף אים, ווייל ער האָט אים אויסגעבאָרגט פון זיין עלטערן ברודער, כדי צו האָבן מיט וואָס צו גיין אין חדר אַריין.

דאָס לעשנע געסל איז געווען שמאָל און קליין, מיט צעוואָרפענע נידעריקע הייזלעך, וועמענס ווענט זענען שוין געווען פאַרגרינט, צוגעפוילט און האָבן עדות געזאָגט אויף זייער טיפן עלטער און יחוס פון זיידעס און עלטער־זיידעס.

אין לעשנע געסל זענען געווען אויך פלויטן, וואָס זענען שטענדיק געווען באַהאָנגען מיט מילך־קאַנען און אויסגעוואַשענע טעפ, מיט ווינדעלעך און פאַר־שידנערליי וועש.

אַרום די בלאָטעס האָבן זיך תמיד געזאַמלט הינער, גענדז און אינדיקעס, וועלכע האָבן מיט זייערע שנאָבלען אַרויסגעכאַפּט די קערנער, וואָס האָבן זיך אויסגעשיט פון אַ לעכערדיקן זאַק אויף אַ פויערישן וואָגן און זיי זענען געבליבן ליגן, לאַנג געווייקט זיך אין די וואַסערלעך, וועלכע זענען תמיד געווען פאַרדעקט מיט גרינלעכער שליים.

אַ געמיש פון קולות און ניגונים איז תמיד געגאַנגען פון לעשנע געסל, אָנהויבנדיק פון חיים אהרון בינעמס האַרציק־פאַרבענקטן גמרא־ניגון, וואָס האָט זיך דורכגעריסן פון דער צעבראָכענער שויב פון בית המדרש ביז צו די טומלדיקע קולות פונעם צערוישטן הויף, אויף וועלכן עס האָט זיך געפונען דער בנין פון דער יסודי התורה, וווּ צענדליקער תלמידים האָבן שאָקלענדיק זיך איבער די גמרות זיך געפילפולט איבער אַ האַרבע סוגיא, אַ שווערן תוספות. די קולות האָבן זיך אויסגעמישט מיטן הירזשען פון אַ צעבריקעוועט פערד, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון די האָלאָביעס.

צו דעם איז נאָך צוגעקומען דאָס מעקען פון די ווייסע קאָזעלעך, וואָס האָבן מיט הנאה געגריזשעט די גרינע גרעזלעך אויפן שטיקל פעלד, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיטן בית המדרש.

## אריה בראדע

אַמאָל האָבן פלוצים דערהערט זיך די געשרייען פון אפרים זילבערשטיין, וואָס איז געשטאַנען מיט פאַרבראַכענע הענט איבער דער אָזעקגעפאַלענער שקאפע, וועלכע איז געווען זיין איינציקע שפייזערין. די אויגן זענען ביי אפרימען געווען פאַרגאָסן מיט בלוט פון כעס און פראָטעסט קעגן דער גרויסער עוולה, וואָס אים איז געשען.

קיינער האָט אים נישט געקענט העלפן. זיינע געשרייען און געבעטן זענען פאַרהילכט געוואָרן פון צאלקע קאשע־מאַכערס מילעכל, וואָס האָט גאַנצע טעג געקלאַפט און מיט זיין טומל פאַרטויבט דאָס גאַנצע שטעטל.

בלויז אריה בראדע איז נישט געבליבן גלייכגילטיק צו אפרימס געשרייען, האָט נישט אַראָפּגעלאָזט די הענט, האָט אָנגעטון זיין וואַטענעם שפענצער און ברייטע שטיוואלעס און ווי אַ ווינט אַרויס פון זיין טונקל שטיבל, אַ טראָג געטון זיך איבערן געסל, גיך־גיך, צו דער חורבה, וווּ אפרים האָט געוווינט צוזאַמען מיט זיין פערד.




אַ גרופּע יוגנטלעכע אין אַ זומער־טאָג ביי די גלינקעס אין יאָר 1931.

אריה האט זיך א ווארף געטון מיט זיין קערפער אויפן בויך פון גוססדיקן פערד און מיט זיינע פעסטע הענט אויפגעריסן דאס פארשלאסענע מויל, וואס איז געווען פעסט פארקלאפט מיט די ציינער. ער האט אריינגעגאסן אינעם מויל אן עמער געזאלצן וואסער און א זאג געטון מיט א טאן פון א געניטן דאקטאר:

„דאס וועט העלפן!"

דאס האט ווירקלעך געהאלפן און ווען אריה האט זיך אויפגעשטעלט, אויסגעגלייכט זיך, האט ער אויסגעשטרעקט די הענט צום הימל און א זאג געטון:

„רבונו של עולם, האסט שוין נישט ביי וועמען צוצונעמען די פרנסה?!"

עס האט געטראפן, אז די פוילישע אנטיסעמיטישע יוגנט האט זיך געגרייט אנצופאלן אויף די יידן אין שטעטל, האט דעמאלט אריה בראדע גענומען קאמאנדעווען ווי א גענעראל, צונויפגעזאמלט ארום זיך די שטארקסטע יינגלעך און זיי באוואפנט מיט אייזערנע שטאבעס און דרענגער, פונאנדערגעשטעלט זיי אין אלע ווינקלען פון די גאסן, און אין שטעטל איז אריין א נייע נשמה. יידן האבן זיך באריאיקט. מען איז געווען זיכער, אז עס וועט גארנישט געשען, ווייל עס וואכט איבער זיי אריה בראדע.

אריה האט פארמאגט א גרויס יידיש הארץ. ווען ער האט זיך דערוווסט, אז ערגעץ א ייד האט נישט מיט וואס שבת צו מאכן, האט ער אנגעטון זיין שווארצע געהאקטע קאפאטע, וואס ער האט באקומען, ווייזט אויס, צו דער חתונה און זי איז שוין געווען פול מיט פלעקן פון אלטקייט, שמאל און קורץ. מיט זיינע ברייטע פינגער האט ער זיך צוגעקעמט די באַרד און זיך אוועקגעלאזט איבערן שטעטל צונויפזאמלען א פאר גראשן פארן הונגעריקן געזינדל אין דער ארעמער שטוב.

אין די הייסע טעג, ווען קינדער און דערוואקסענע האבן זיך געבאדן אין די וואסערן פון די גליניקעס, האט געטראפן, אז עמיץ האט זיך געטרונקען. באלד איז אויסגעוואקסן אריה בראדע, אנגעטון אין קאלירטן פלאנעלן העמד און ברייטן טלית־קטן. גיך האט ער דאס אלץ אראפגעווארפן פון זיך און זיך אריינגעווארפן אין וואסער ארויסצוציען דעם דערטרונקענעם.

איז אויסגעבראכן א שריפה אין שטעטל, איז אריה דארט געווען דער ערשטער, האט נישט געווארט אויף די פייערלעשער, נאר גלייך אריינגעשפרונגען אינעם ברענענדיקן הויז און געראטעוועט וואס עס האט זיך געלאזט, ארויסגעטראגן א שווער קראנקע פרוי, פיצלעך קינדער און שפעטער אויך די בעבעכעס.

אויף זיין ברייט פנים און רויטע באקן איז תמיד געווען אויסגעגאסן א קינדערישע נאיוויטעט און א מסירות־נפשדיקע גרייטקייט צו העלפן אלעמען, אן שום באלוינונג, מיטן טיפן דראנג צו טון מענטשן גוטס.

# ערב שבת אין שטעטל

פרייטיק האָט דאָס שטעטל באַקומען אַן אַנדער פּנים. פון באַגין איז אין די געסלעך פול געווען מיט ריחות פון פריש געבעקס, אויף שבת און אויף אַ גאַנצער וואָך; ריחות פון געבאַקטע חלות, קיכעלעך, צוגעברענטע ציבעלעס, געהאַקטע פיש, וואָרעניעס געפילט מיט שוואַרצע יאַגדעס, וואָס זענען געוואַקסן לרוב אין די אַרומיקע וועלדער און די פויערים האָבן זיי געפּלעגט ברענגען אין גרויסע ערדענע טעפּ, פאַרקויפט אין מאַרק פאַר גראָשנס.

אין חדר איז מען געלאָפן פריילעך, ווייל מען האָט געוווּסט, אַז דער לערן־טאָג איז היינט אַ קורצער. זומער איז מען גלייך נאָכן אָפּעסן געלאָפן הינטער דער שטאָט, פאַרברענגט אין פאַרשידענע שפּילערייען.

ווען די זון האָט גענומען ווערן קילער זענען אין די גאַסן שוין געווען ווייניק מענטשן. דער רעש האָט זיך איינגעשטילט. עס האָבן זיך שוין גענומען פאַרמאַכן די טירן און לאָדנס אין די געוועלבער און וואַרשטאַטן. דער לעצטער פערד און וואָגן איז שוין אַרויסגעפאָרן פון שטעטל צוריק אין דאָרף אַריין. עס האָבן זיך באַוויזן יידן, וואָס זענען מיט בעזעמלעך אין די הענט געגאַנגען אין שוויץ־באָד. אין יענע שעהן האָט פון באָד געזעצט אַ שוואַרצער רויך און דורך די פענצטער האָבן זיך געהערט די קולות פון די צעהיצטע שוויצער אויף די העכסטע בענק.

יידן האָבן זיך אָבער נישט פאַרגינען לאַנג צו געניסן פון דאָזיקן פאַרגעניגן. דער אַנקומענדיקער שבת האָט אונטערגעיאָגט. געענדיקט מיטן שוויצן האָט מען נאָך געדאַרפט אַראָפּגיין טובל זיין זיך אין מקווה, דריי מאָל לכבוד שבת. ערשט דאַן האָט מען איבערגעטון די ריינע וועש און מיט צעקעמטע באָרד און פיאות און שווערן סאָפּען האָט מען זיך פּאַוואָליע געלאָזט גיין אַהיים, גרייט אויפצונעמען די שבת מלכתא.

אין דער זעלבער צייט האָבן די ווייבער מיט דורכגעפּעטסטע פאַרטוכער געטראָגן צו די בעקער די טשאָלנטער אין ליים־פאַרשמירטע טעפּ. צוריקוועגנס האָבן זיי זיך געאיילט צו זיין וואָס גיכער אין שטוב. ס׳איז שוין באַלד צייט צו גיין אין שול אַריין און אין שטוב איז נאָך דאָ אַזויפיל צו טון. מען דאַרף אָפּוואַשן זיך, די קינדער, אָפּפּוצן די זילבערנע לייכטער צום ליכט־צינדן.

פון וועג קומען נאָך אַן איינצלנע יידן, פון דערפער, פון וואַרשע, פונעם האַנדל, און אָט באַווייזן זיך די לעצטע יידן. יחזקאל דער שמש, מיט זיין לאַנגער

ווייסער באָרד, מיט זיין שטעקן אונטערגעשפּאַרט, שפּאַנט ער איבער די געסלעך און קלאַפּט מיט זיין גרויסן הילצערנעם האַמער אויף די לאָדנס און ווענט, זאָגט אָן: שבת, שבת...

מאיר דער טרעגער מיט זיינע שווערע שטיוול גייט שוין אַ מידער אַהיים און שטעלט זיך אַוועק אויסקלאַפּן זיין וואַטענעם שפּענצער, וואָס איז דורכגעזאַפּט פון די מעל־זעק, וואָס ער טראָגט אַ גאַנצער וואָך אויף זיינע איינגעבויגענע פּלייצעס צו יוסף קראַסעווער.

שיעלע שוסטער האָט שוין אַראָפּגענומען פון זיין ברייטער נאָז די צעבראָ־כענע ברילן, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אויף אים מיט אַ צוגעבונדן שטריקל. ער האָט שוין ריין געמאַכט אַרום זיין אַרבעטס־וואַרשטאַט, ביי וועלכן ער איז געזעסן אַ גאַנצע וואָך, פון באַגין אין דער שפּעטער נאַכט אַריין.

מיגדאל דער שניידער האָט שוין אויסגעוואַשן די פּאַדלאָגע, אויף וועלכער עס איז געלעגן די בלאָטע פון אַ גאַנצער וואָך, וואָס די פויערישע שטיוול האָבן אַנגעטראָגן.

אפרים פון דער לעשנע־גאַס האָט שוין געטוישט דאָס שטרוי פון זיינע זעק, אין וועלכע עס זענען געשלאָפן זיינע קינדער. די שטרוי־זעק האָבן זיי געדינט אי פאַר אַ געלעגער און אי אויף צוצודעקן זיך, זומער אין די היצן און ווינטער אין די פרעסט.

באַשקע, די געפייניקטע נשמה, וואָס האָט אַ גאַנצע וואָך אַרומגעטראָגן זיך פון אָרט צו אָרט מיט אירע פעק שמאַטעס און נישט געהאַט ווו אַ נאַכט איבער־צושלאָפן, איצט האָט זי פאַרכאַפּט יוסף בעקערס פינצטערן קאָרידאָר, ווו זי וועט רואיק זיך איבערליגן ביז מוצאי שבת, ווען ער וועט דאַרפן פאַרקנעטן דאָס פרישע ברויט און זעמל צום באַקן זונטיק אינדערפרי.

פריידעלע פון מארק האָט שוין אַריינגעפּאַקט דאָס רויטע אָפּגעצויגענע קישן אין דער אויסגעהאַקטער שויב, כדי דער ווינט זאָל נישט פאַרלעשן די אָנגעצונדענע שבת־ליכט, וואָס זי וועט באַלד אַוועקשטעלן אויפן ווייס־געדעקטן טיש.

פריילעך האָבן שוין געהירזשעט די פערד פון אפרים און חיים זילבערשטיין, זיי זענען שוין געווען אויסגעשפּאַנט און געשטאַנען אין די צעבראָכענע הילצערנע שטאַלן, אַנגעבויגן די פאַרוואונדעטע רוקנס איבער די זעק האָבער.

מיידלעך מיט אויסגעצוואָגענע קעפלעך און געפלאָכטענע צעפלעך מיט רויטע סטענגעלעך, שפּרינגען אַרום אין זייערע הייף, האַלטן אין די הענט פריש געבאַקענע קיכעלעך, פון וועלכע זיי גיבן אַלע ווײַלע אַ ביס.

באַלד ווערן די שטובן פול מיט שבת און איבער אַלעם צעשפּרייט זיך

דער חן פון קדושה. אויף די טישן ליגן שוין די צוויי שיינע חלות פֿאַרדעקט מיט אַ טישטוכל. אין די אויסגעפּוצטע זילבערנע לייכטער זענען אַריינגעשטעקט ליכט און איבער זיי שטייט די מאַמע, אַ צאַרטע און בלייכע, לייכט געבויגן, צעשפּרייטע הענט, און באַלד פֿאַרשטעלט זי מיט זיי דאָס פּנים און בענטשט די שבת־ליכט.

שטיל מורמלען אירע ליפּן די תּפֿילה. זי בעט פֿאַר מאַן און קינדער, פֿאַר יעדן ייִד. אירע הענט, ווי שכינה־פֿליגל, שוועבן איבער די ליכט, פֿול מיט רחמים, בטחון און טרייסט, און פֿון מאַמע־אויגן, הייליקע פֿון צער און פּיין, פֿאַלט אויפֿן ווייסן טישטוך אַ טרער.

מאַמעס מילדע טויבן־אויגן, אַזוי הייליק אין דער שיין פֿון די געבענטשטע ליכט אין פּרייַטיק אויף דער נאַכט, באַגלייטן מיך אויף אַלע מיינע וואַנדערונגען, מיין גאַנץ לעבן.

ייִדן מיט שוואַרצע אַטלאַסענע קאַפּאָטעס, מיט אויסגעפּוצטע שיך און שטיוול, גייען שוין אין בית המדרש צו קבלת שבת, פֿירן קינדער ביי די הענט, די מער דערוואַקסענע ייִנגלעך גייען נאָך פֿון הינטן. מען גייט אין בית המדרש צו קבלת שבת.

עס גייט אויך ישראל־מרדכי דער שוחט, אַן אויסגעפּוצטער אין זיין זיידענער קאַפּאָטע, גלעט פֿאַרטראַכט מיט זיינע ווייכע פֿינגער די רויטלעכע באָרד. ער גייט מיט לאַנגזאַמע טריט מיטן וועג וואָס פֿירט צום לעשנע־געסל. עס וואַרט שוין אויף אים אין באַלויכטענעם בית המדרש דער עמוד, ביי וועלכן ער וועט באַלד אויס־זינגען דעם „לכה דודי״ מיט אַ נייעם מאַדזשיצער ניגון.

## צווישן מנחה און מעריב אין בית המדרש

דער הילצערנער בית המדרש, וואָס די דייטשע רוצחים האָבן צעשטערט און אָוועקגעלאָזט מיטן רויך, שטייט מיר שטענדיק פֿאַר מיינע אויגן. טיף איינ־געבאַקן אין מיין געמיט זענען די ווינטערדיקע פֿאַרנאַכטן, ווען מיר, חדר־ייִנגלעך, נאָכן ענדיקן דאָס לערנען חומש מיט רש״י, זענען געלאָפֿן אַהיים און צוזאַמען מיט די טאַטעס געגאַנגען אין בית המדרש דאַווענען מנחה און מעריב.

דער בית־המדרש איז געווען אַ וואַרעמע היים פֿאַר אַלע ייִדן אין שטעטל, עס האָבן זיך דאָרט צונויפֿגעזאַמלט גרויסע לומדים, סוחרים און בעלי־מלאכות, טרעגער אין זייערע פֿאַרמעליקטע מלבושים, בעקערס, וואָס האָבן געברענגט מיט זיך ריחות פֿון פֿריש ברויט. יעדער האָט דאָ געפֿונען זיין פּלאַץ, אָפּגעדאַוונט מנחה־מעריב האָבן זיך אין די ווינקלען אָוועקגעזעצט באַזונדערע גרופּעס. ווער עס האָט געוואָלט שמועסן און לערנען, געפּילפּולט זיך אָדער איבערדערציילט אַן

אגדתא פון דער גמרא, פון מדרש און ווער עס האָט גערעדט וועגן פּאָליטיק.

איך זע פאַר זיך חיים אהרון־בינעמס, דער בעל חלומות, וואָס איז תמיד געזעסן אָפּגעזונדערט און געשאָקלט זיך איבער דער גמרא. וואָס מער ער האָט זיך פאַרטיפט אין לערנען, אַלץ מער האָט זיך זיין פּנים צעשיינט און צעפלאַמט.

געווען אויך לומדים, וואָס האָבן געלערנט מיט אַנדערע, זענען געזעסן אויבנאָן און אַרום טיש האָבן זיך אַלע צוגעהערט צו זייערע שאַרפזיניקע פּילפּולים. געווען אויך שווייגערס, וואָס זענען תמיד גרייט געווען אויסצוהערן עמיצנס אַ חידוש אין דער גמרא און אפילו ווען דער חידוש איז זיי נישט געווען צום האַרצן, האָבן זיי הסכמהדיק צוגעשאָקלט מיט די קעפּ, האָבן נישט אַרויסגעוויזן זייער שאַרפזיניקייט, כאָטש אַלע האָבן געוווּסט, אַז זיי זענען גרויסע לומדים.

עס פלעגט טרעפן, אַז אין דער אָנגעוואַרעמטער אַטמאָספער האָט זיך פּלוצים אַריינגעריסן אַ געיאָמער פון אַן אומגליקלעכער מאַמען, וועמענס קינד איז געווען חרוב קראַנק. דעמאָלט האָט דער גאַנצער עולם זיך אָװעקגעשטעלט זאָגן תהילים. אין דער לופט האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט די גרויסע יידישע אחדות און אחריות פון איינעם פאַרן אַנדערן.

אויף דער מערב־וואַנט, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט דער ווייבער־שול, זענען ביי לאַנגע נאַקעטע טישן געזעסן יונגעלייט מיט די אויסגעוואַקסענע כאַלאַטן, געשאָקלט זיך איבער די גמרות. ווער עס האָט געלערנט באַזונדער און ווער בשותפות מיט אַ חבר, פון צייט צו צייט האָט זיך ווער פון זיי אויפגעשטעלט און צוגעגאַנגען צום אויוון, וואָס איז זעלטן געווען געהייצט. דערפילט די קאַלטע קאַכלעס איז ער ווידער צוריק צו זיין גמרא ביים טיש, ווידער זיך פאַרטיפט אין דער האַרבער סוגיא, נישט געזען וואָס אַרום אים טוט זיך. אַזוי פלעגן די יונגעלייט אָפּזיצן ביי די טריפנדיקע ליכט ביז שפּעט אין דער נאַכט.

גאָר התלהבותדיק איז געווען אין בית־המדרש אין די פאַרנאַכטן, ווען חסידים זענען נאָר וואָס צוריקגעקומען פונעם רבין און מיט גרויס התלהבות איבער־דערציילט זיך תורה־ווערטלעך פונעם רבין, אָדער איבערגעזונגען אַ נייעם ניגון, וואָס מען האָט געהערט ביים רבינס טיש.



ישראל לעוויטה

# מיין שטעטעלע וואלאמין

היר זענען געבליבן זייער ווייניק יידן פון וואָלאָמין, איז דערפאַר די פליכט פון יעדן איינעם, וואָס קען נאָר האַלטן אַ פעדער אין האַנט, צו באַשרייבן און באַקלאָגן דאָס גרוליקע פאַרשניטן ווערן פון אונדזערע טייערע און נאָענטע. די קדושים פון אונדזער שטעטל.

אין ספר איוב פרק א׳ איז דאָ אַ פסוק: „והנה רוח באה מעבר המדבר, ויגע בארבע פינות הבית ויפול על הנערים וימותו״.

דער פסוק איז חל אויך אויף וואָלאָמין. איוב׳ס צרות זענען געפאַלן אויף אונדזער שטעטעלע. אַזויפיל פאַמיליעס, פון וועלכע עס איז נישט געבליבן לעבן קיינער, וואָס זאָל דערציילן ווער זיינע טאַטע־מאַמע זענען געווען. מיט מיר איז געשען דער נס צו בלייבן לעבן, איינער פון אַ גאַנצער משפחה. איך האָב פאַרלוירן מיינע טאַטע־מאַמע, פיר שוועסטער, שוואָגערס, מיט זייערע משפחות, און כ׳פיל דערפאַר דעם חוב זיי צו פאַראייביקן, כדי זייערע שיינע מעשים, זייער נאָמען און אָנדענק זאָלן נישט אָפּגעמעקט ווערן.

גערופן האָט מען מיין פאָטער, מלך זייגערמאַכער, פון דער דלוגע־גאַס, ביי מאָטל קאַווער אין הויז. די מאַמע האָט מען גערופן אסתר׳ל די זייגערמאַכערין. מלך זייגערמאַכער איז געווען איינער פון די וואָלאָמינער שיינע יידן און חסידישע באַלעבאַטים, אַן ערלעכער און קלוגער ייד, אַ מיטגליד פון חברת שומרי שבת. יעדן פרייטיק פאַרנאַכט פלעגט ער צוזאַמען מיט ר׳ לייביש פאַרבער און ר׳ שמואל־דוד בורשטיין אַרויסגיין אַכטונג געבן, אַז מען זאָל פאַרמאַכן די געוועלבער צו דער צייט. אדאשעלס, רעטיגס און אַנדערע ראזורעס פלעגן האַלטן אָפן לענגער פון אַנדערע געוועלבער, אָבער אַזוי ווי זיי האָבן דערזען די שיינע יידן, זענען זיי גלייך אַרויס און פאַרמאַכט די פריזיערניעס.

מיין טאַטע איז געווען אַ מיטגליד פון חברה קדישא. אריה שמש פלעגט קומען צו מיין טאַטן און זאָגן אַז עס איז דאָ אַ נפטר אין שטאָט, האָט מיין טאַטע גלייך אַוועקגעלייגט די אַרבעט און געגאַנגען העלפן מאַכן די טהרה, אַלץ לשם מצוה. געדאַוונט האָט ער ביי יאנקל מאַרגאָלעס אין שטיבל אויף דער וואַרשאַווסקי־גאַס. כמעט יעדן פרייטיק־צונאַכט פלעגט ער מיטנעמען אַן אורח צום עסן.



**ר׳ מלך זייגערמאַכער (לעוויטה) מיט זיין פרוי אסתרל און זון ישראל.**

איצט זענען מיינע אויגן ווי פאַרמאַכטע ברונעמס, און קענען נישט פון זייער טיף אויפברענגען קיין טרער. ווי איז מיר און ווינד, פון אונדזער גרויסער משפחה, בין איך אליין געבליבן.

ביי יאַנקל מארגאַלעס אין שטיבל איז דער טאַטע געווען בעל־קורא, אין די ימים נוראים געווען בעל מוסף, כל נדרי, זיינע תפילות זענען געווען מיט אַ צעבראָכן האַרץ און געבעטן האָט ער דעם בורא־עולם פאַרן גאַנצן כלל ישראל.

ווי אַן עסקן לצרכי צבור איז דער טאַטע געווען אויך אַ חבר אין לינת הצדק. מען פלעגט אים רופן צו אַ קראַנקן, כדי ער זאָל וואַך־זיין אַ גאַנצע נאַכט, פלעגט מיין טאַטע אונדז אַלע איבערלאָזן און אַוועקגיין צום קראַנקן, כדי ער זאָל אים קענען מחיה זיין.

מיין מאַמע האָט מען גערופן אסתרל די זייגערמאַכערין. זי האָט אויך ליב געהאַט צו טון מצוות, פלעגט נעמען אונדזער שכנטע, טאבעלע שולץ, אהרון־בונעמס ווייב פון פוטער־געוועלב אויף דער דלוגע־גאַס און גיין צונויפנעמען אַ פּאָר זלאָטעס פאַר אַן אָרעמער כלה, כדי מען זאָל זי קענען חתונה־מאַכן.

ווער איז צו מלך זייגערמאַכער אין געוועלב נישט אַריינגעקומען?! יונג און אַלט, אַ חדר־יינגל, וואָס האָט געדאַרפט אַ באַטעריע צו זיין לעמפל, אַ קריסטלעך יינגל האָט געדאַרפט אַ סטרונע צו זיין גיטאַרע — אַלע זענען געקומען צו אונדז. פון דעם קליינעם געוועלבל האָט ער חתונה געמאַכט זיינע פיר טעכטער. קיין נדן האָט ער נישט געגעבן, ווייל ער האָט נישט געהאַט. אָבער חסידישע, יחוסדיקע וואַרשעווער בחורים, האָבן גענומען מלכס טעכטער אָן געלט, אַזוי ווי זיי שטייען און גייען, ווייל מלך זייגערמאַכער האָט געשמט פאַר אַן אָרנטלעכן מענטש.

## א שבת מיטן וואלאמינער רבין

דער וואָלאָמינער רבי, ר׳ אליעזר שלמה טאב זצ״ל, האָט געוווינט אַלע יאָרן אין וואַרשע אויף קופּיעצקע 5. יעדן זומער פלעגט ער קומען קיין וואָלאָמין אויף אַכט טעג, איז איינגעשטאַנען ביי אונדז אין דער וווינונג. מיין טאַטע פלעגט אוועקגעבן די גאַנצע וווינונג פאַרן רבין און מיר זענען געשלאָפן אין געוועלב.

איך וועל נישט פאַרגעסן די פריילעכע וואָך, ווען דער רבי איז געווען אין

וואָלאָמין, בעיקר שבת, פרייטיק־פאַרנאַכט פלעגן אַראָפּקומען פון וואַרשע בחורים, יונגעלייט, כדי צו זיין שבת מיטן רבין אינאיינעם. אַזאַ פריילעכקייט, ווי עס איז געווען דער פרייטיק־צונאַכט, ווען די חסידים פלעגן אָנהייבן זינגען זמירות, באַזונדערס מאָדזשיצער ניגונים, ווייל דער וואָלאָמינער רבי איז געווען שוועסטער־קינד פון מאָדזשיצער רבין, יונג און אַלט, פרויען, מיידלעך פלעגן קומען זיך אָוועקשטעלן הינטער די פענצטער פון אונדזער שטוב און זיך צוהערן צו די שיינע ניגונים. אפילו אַזעלכע, וואָס זיי זענען שוין לאַנג געווען ווייט פון יידישקייט, זענען געקומען הערן די שיינע געזאַנגען.

אַזוי איז דער גאַנצער שבת פול געווען מיט פריילעך געזאַנג.

אין דער צייט וואָס דער וואָלאָמינער רבי פלעגט זיך אויפהאַלטן אין וואָלאָמין, האָט מען אינאיינוועגס גערעדט שידוכים צווישן די טעכטער פון שטעטל און די בחורים, וואָס זענען געקומען צום רבין אויף שבת. יעדעס מאָל ביים רבינס קומען איז געשלאָסן געוואָרן אַ שידוך. אַזוי האָט מיין טאַטע חתונה געמאַכט זיינע טעכטער אָן געלט, געקראָגן שיינע, חסידישע איידעמס, אלע פון וואַרשע.

און דאָס אַלץ איז געוואָרן חרוב, אַש, איז אַוועק מיטן ווינט. ווי קען מען געפינען אַ טרייסט אויף אונדזער חורבן, אויף אונדזערע טייערע בעסטע יונג־פערשניטענע, לעבנס פון אונדזער טייער שטעטעלע וואָלאָמין. ווען אַלע וועלדער וואָלטן געווען פענעס, און אַלע וואַ־סערן וואָלטן געווען טינט, וואָלט נישט גענוג געווען צו באַשרייבן דעם חורבן, וואָס האָט אונדז גע־טראָפן. איז דען מעגלעך, אַז אַ מענטשלעכע האַנט זאָל דאָס קענען באַשרייבן? ווי קען מען באַגרייפן,



מיין טייערע און הייליקע מאַמע און מיין שוועסטער פערל צוזאַמען מיט מיר אויף דער שוועל פון אונדזער זייגערמאַכער־וואַרשטאַט.

אָ, טעג פאַרלוירענע, זיי קומען אָנ־געלאָדענע מיט טרויער, מיט נישט־געשטילטן צער און צארן. אין די נעכט הער איך דאָס וויינען און זיפצן פון מיינע נאָענטסטע און טייערסטע, פאַר־לענדטע דורך רוצחישע לאַפּעס, אין שוידערלעכע טויטן און אין כלערליי פיינען געלייטערטע, געהייליקטע אין קידוש השם.

אַז אַ גאַנצע וועלט זאָל אַזוי גלייכגילטיק צוקוקן ווי מען מאָרדעט קינדערלעך, יונגע מענטשן, אַלטע לייט, מיט אַזאַ אכזריות און קיינער האָט דעם רוצח נישט געשטערט די פינצטערע מערדעריי? קיינער איז אונדז נישט געקומען צו הילף, די קרעמאַטאָריעס פון אוישוויץ, פון מיידאַנעק און טרעבלינקע האָבן טאָג און נאַכט געבענט אונדזערע טייערסטע און נאָענטסטע, און קיין הילף איז נישט געקומען, ווי לאַנג מיר וועלן לעבן, וועלן מיר זיי געדענקען.

## אונדזערע שכנים

אונדזערע שכנים, טייערע, גוטע יידן — וויפל צערטלעכקייט, ליבע בענקעניש און היימווי עס רופן אַרויס אייערע געשטאַלטן!

אלתר פרידמאַן פון שניט־סחורה — אַן ערלעכער אָפּגעהיטענער בית־מדרש־ייד, געהאַט גוטע קינדער, טעכטער; אונדזער שכן דער פעלצער מארקרייך, אַ ייד מיט אַ סך האָרץ, געלאָפן אינמיטן נאַכט שטעלן באַנקעס, אָפּטמאָל קיין געלט נישט גענומען ביי אָרעמע מענטשן.

מיר האָבן אפילו געהאַט אַ שכן אַ קריסט, אַ בעקער, וולאַדערסקי, אָבער מיר האָבן מיט זיי גוט געלעבט און ער האָט קיינמאָל נישט אַרויסגעוויזן קיין שנאה צו קיין ייד.

## ר׳ אפרים עברי

אפרים עברי האָט געוווינט ביי יחזקאל־יהושע אין הויז אויף דלוגע 16, זיין וווינונג איז באַשטאַנען פון צוויי קליינע שטיבלעך מיט אַ קליין קיכל, דער עיקר — אַ געוועלבל. די סחורה אין געוועלבל איז באַשטאַנען פון בלייפעדערס, העפטן, ליניקעס, שנורוואַדלעס און סתם פּאַפּיר. אַ גאַנץ יאָר איז זעלטן אַריינגעקומען אַ יינגל אָדער אַ מיידל עפּעס קויפן, אָבער אָנהייב שול־יאָר האָט אפרים עברי מער געלייזט, ווייל די שקאָלע איז געווען קעגנאיבער זיין געוועלבל. פון דעם קליינעם געוועלבל האָט אפרים עברי געדאַרפט אויסהאַלטן אַ קראַנק ווייב מיט צוויי זין און צוויי טעכטער.

איין זון משה, אַ בטלן, אַ ישיבה־בחור, דער צווייטער האָט געהייסן: ישראל־עזריאל־חיים־יחזקאל.ביידע טעכטער: שרה און דבורה־לאה זענען געווען שטילע נשמות. איך געדענק ווען זייער מוטער איז פּלוצלינג געשטאָרבן און דאָס געוויין פון ביידע טעכטער האָט צעריסן דאָס האַרץ. מיטאַמאָל האָב איך געהערט ווי זייער ברודער ישראל־עזריאל האָט זיך געוואָנדן צו זיי און שטיל געזאָגט: „דבורה־לאה, דו ווייסט, אין דער הייליקער תורה שטייט געשריבן, אַז אַ יידיש קינד טאָר נישט אַזוי ביטער קלאָגן און טאָר נישט וויינען נאָך אַ מת. דאַנק גאָט וואָס דער טאַטע לעבט״.

די רייד פונעם פשוטן בחור האָבן געווירקט. דאָס קלאַגן פון די מיידלעך איז געוואָרן איינגעהאַלטענער, שטילער.

זייער פאָטער, ר׳ אפרים עברי האָט נישט געוווּסט וואָס עס טוט זיך אין געוועלבל, די סוחרטעס זענען געווען דאָס ווייב און די מיידלעך. ער האָט אפילו נישט געוווּסט, וואָס עס קאָסט אַ קאָיעט. אויפגעהויבן זיך פאַרטאָג, האָט ער גענומען זיין גרויסן טלית־זאַק און צוגעגאַנגען אין גרויסן בית־מדרש אויף לעשנאָ־גאַס, געדאַוונט, אַריינגעקוקט אין אַ ספר, געכאַפּט אַ דרעמל. ווען דער זייגער איז שוין געווען צוועלף איז ער אַהיימגעקומען, געוואַשן זיך צום אָנבייסן, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ ראָזאָווע ברויט מיט קאָפּ פון אַ הערינג, צוגעביסן אַ ציבעלע, נאָכגעטרונקען אַ ביסל ביטערע טיי און געבענטשט מיט התלהבות, געבעטן „ואַל תצריכני ד׳ לא לידי מתנת בשר ודם״ און געדאַנקט פאַרן חסד פון עסן צו דער זעט.

דערנאָך האָט ער זיך געזעצט לערנען אַ בלאַט גמרא, אַזוי געלערנט ביז מנחה, געגאַנגען אין בית־מדרש צו מנחה ומעריב און דערנאָך געזעצט זיך לערנען אַ צוויי שעה, אַהיימגעקומען, געזעצט זיך צו דער גרויסער וויעטשערע, וואָס איז באַשטאַנען פון אַן אָפּגעברענטער זופּ מיט אַ שטיקל ראָזעווע ברויט און אַ שטיקל קאָפּ־פלייש, צוגעטרונקען אַ טעפּל טיי און מיט גרויס כוונה געלויבט און געבענטשט גאָט וואָס טוט מיט אים אַ חסד אַ גאַנצן טאָג.

ביי דעם גרויסן דחקות האָט ער דערצויגן ערלעכע און פרומע קינדער, אַלע זענען געגאַנגען אויפן דרך־הישר, חתונה־געמאַכט, גענומען שיינע איידעמס, שנירן און דערלעבט אייניקלעך. פאַר דעם אַלעם האָט אפרים עברי יעדע מינוט פון טאָג געלויבט דעם רבונו של עולם פאַר די גרויסע חסדים וואָס ער טוט מיט אים.

## ר׳ שמואל־אייזיק פלאטקאווסקי

שמואל־אייזיק פלאַטקאָווסקי האָט געהאַט אַ שניט־געוועלב אויף דער דלוגע גאַס, געהאַט גוטע קינדער, טעכטער, זין, איז געווען באַשאָנקען מיט אַ גוט האַרץ. זיין טראַדיציע איז געווען צו געבן שבת פרי יעדן ייד וואַרעמע טיי. אַלע זענען אַריינגעקומען צו אים אין קיך, אַ גרויסע, אין וועלכע עס האָבן זיך געקאָכט גרויסע טשאַיניקעס וואַסער. דער סדר איז געווען פאַלגנדער:

שבת־פאַרטאָג, יידן זענען געגאַנגען פון מקוה און אַריין צו שמואל־אייזיקן טרינקען אַ גלעזל וואַרעמס, דער עיקר ווינטער, אין די גרויסע פרעסט. יידן האָבן זיך ממש מחיה געווען מיטן גלעזל טיי, מיט מילך אָדער הייסע קאַווע, צוקער איז געשטאַנען אין קלאַשלעך אויפן טיש, אויך טעלערלעך מיט צעשניטענעם לימאָן.

ר׳ שמואל־אייזיק איז אַרומגעגאַנגען אַנגעטון אין יידענעם שלאַפראָק, אַכטונג געגעבן, אַז אַלע זאָלן טרינקען אַ ביסל וואַרעמס.

נישט בלויז מענער זענען אַריינגעקומען צו ר׳ שמואל־אייזיקן, נאָר אויך פרויען מיט טעפּלעך אָדער סלאָיען נאָך אַביסל וואַרעמס. ר׳ שמואל־אייזיקס ווייב איז געשטאַנען אין קיך מיט אַ גרויסן שעפּ־לעפל און יעדן געטיילט וואַרעמס.

אַזוי האָט עס זיך געצויגן ביז הבדלה.

ווי קען מען זיי פאַרגעסן?

והגדת לבניך! מיר דאַרפן וועגן זיי דערציילן לדורות, כדי די וויטערדיקע דורות זאָלן קענען זייער אָפּשטאַם, זאָלן ווייטער ממשיך זיין די שיינע מידות און מעשים טובים פון אונדזערע עלטערן און אור־עלטערן.

יתגדל ויתקדש שמי רבא...

## מיינע זיידע־באבע

איך געדענק, ווען כ׳בין געווען אַ קליין יינגל און מיין זיידע ר׳ לייבל איז אין וואָלאָמין געווען אַ מלמד. ביי אים האָבן געלערנט שוין גרעסערע יינגלעך, וועלכע האָבן אים אַרויסגעוויזן גרויס דרך־ארץ. ווען עס איז געקומען פרייטיק פאַרנאַכט האָט דער זיידע אַנגעטון זיין ייִדענע קאַפּאָטע, וואָס איז שוין געווען אויסגעריבן פון אַלטקייט; דאָס סאַמעטענע היטל, דעם ברייטן גאַרטל, האָט גענומען דעם גראָבן עין־יעקב־סידור און זיך געלאָזט גיין אין גרויסן בית־המדרש אויף דער לעשנע גאַס.

די באָבע חיה האָט דערווייל זיך אַנגעטון דאָס גרויסע קאָפּ־טיכל און דאָס נייע לייוונטענע קלייד, אַוועקגעשטעלט אויפן טיש גרויסע פינף זילבערנע לייכטער מיט וואַקסענע ליכט, דעם אַלטן זילבערנעם בעכער מיטן טעצל, אוועקגעלייגט צוויי ראַזעווע ברויט אנשטאָט חלות, צוגעדעקט זיי מיטן חלה־טישטעכל און אָנגעצונדן דעם בליך־לאָמפּ.

שפּעטער האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט ביי די ליכט, געבענטשט מיט גרויס געוויין. זי האָט געבעטן אויף פּרנסה און געזונט, אויף נחת פון די קינדער, אַז זיי זאָלן גיין אויפן גלייכן וועג, זיין גוטע און פרומע יידן.

דער זיידע האָט אין גרויסן בית המדרש זיך אַוועקגעשטעלט דאַוונען מנחה מיט כוונה און התלהבות, געזאָגט שיר השירים.

ר׳ ישראל מרדכי שוחט איז צוגעגאַנגען צום עמוד מקבל שבת זיין, געזונגען לכה דודי מיט אַ ניגון מתיקותדיק, האַרציק.

נאָך מעריב האָט דער עולם, ווי דער שטייגער געזאָגט זיך גוט שבת, נאָכאַמאָל גוט שבת און אָנגעהויבן זיך פונאַנדערגיין.

# ארעמעלייט

ווי אין אַלע שטעטלעך פלעגן אויך קיין וואָלאָמין קומען אַרעמעלייט. אַוועקגעזעצט זיך אין בית המדרש, ווינטער געוואַרעמט זיך ביים אויוון. פרייטיק־צו־נאַכטס, נאָך מעריב פלעגן די אַרעמעלייט זיך שטעלן ביי דער טיר און וואַרטן, אַז די באַלעבאַטים זאָלן זיי אַהיימנעמען צו דער שבתדיקער סעודה.

מיין זיידע פלעגט וואַרטן ביז אַלע זענען אַהיימגעגאַנגען און ווען ער האָט געזען, אַז עס זענען געבליבן צוויי אַרעמעלייט, וואָס קיינער האָט נישט אַהיים גענומען האָט ער זיי מיטגענומען מיט זיך צו דער שבתדיקער סעודה.

ווען די באָבע האָט דערזען די אורחים, וואָס קומען מיטן זיידן איז איר געוואָרן אַביסל אומעטיק אויפן האַרצן. זי האָט געטראַכט, וואָס וועט זי זיי געבן צו עסן. קיין חלות האָט זי נישט געהאַט, קיין פיש אויך נישט. זי איז אָבער געווען אַן אשה צדקנית, האָט זי גאָרנישט גערעדט, נישט געזאָגט דעם זיידן קיין בייז וואָרט, נאָר גלייך זיך גענומען צום צעטיילן די פּאָרציעס, עס זאָל זיין פאַר אַלע גלייך.

דער זיידע האָט אָפּגעזונגען „שלום עליכם מלאכי השרת״, געמאַכט קידוש איבער די ראַזשאָווע ברייטלעך. קיין ווין האָט ער נישט געהאַט, ווייל פון וואַנען האָט ער געקענט האָבן געלט צו קויפן ווין, אַז ער איז בסך הכל געווען אַ מלמד פון עטלעכע גמרא־יינגלעך, וואָס האָבן ווייניק געצאָלט. נאָך קידוש האָט דער זיידע מיט די אורחים זיך געוואַשן צום ראַזשאָווע ברוט איינגעטונקען דאָס ברויט אין זאַלץ און געגעסן. די באָבע האָט דערלאַנגט די טעלערס מיט באָבעלעך, מיט קליסקעלעך.

אויפן פּנים פונעם זיידן איז נישט געווען דאָס מינדעסטע וואָלקנדל. עס האָט פון אים געשטראַלט מיט נשמה יתרה, און ער האָט געזונגען „כל מקדש״ מיטן וואַרקער ניגון.

ווען עס איז געקומען צום פלייש האָט די באָבע געגעבן די אורחים גרעסערע פּאָרציעס ווי דעם זיידן, מערסטנס איז עס געווען קאָפּ־פלייש. דערפאַר האָט זי אָבער נישט פאַרגעסן צוצוגרייטן מייערן־צימעס, וואָס האָבן געהאַט טויזנט טעם.

אָפּגעגעסן, האָט דער זיידע זיך גענומען צום בענטשן מיט גרויס כוונה און ווען עס איז געקומען צו פּסוק „ואל תצריכנו לידי מתנת בשר ודם״ האָבן אין זיידנס אויגן זיך באַוויזן טרערן. ער האָט מתפלל געווען, אַז ער זאָל נישט דאַרפן אָנקומען צו קיין שום מענטש און זאָל תמיד קענען מקיים זיין די מצווה פון הכנסת אורחים.

## חברה קדישא

די מיטגלידער פון דער חברה קדישא האָבן געטון זייער אַרבעט ווי אַ הייליקע עבודה שלא על מנת לקבל פרס. די מיטגלידער זענען באַשטאַנען פון חסידישע יידן, יראי שמים און לומדים. די סאַמע אָנגעזעענסטע באַלעבאַטים פון שטעטל. צווישן זיי זענען געווען: ר׳ דוד שוחט, איידלזאָן, ר יאַנקל מאַרגוליס, ר׳ מלך לעוויטא, ר׳ שמואל בורשטיין, ר׳ חיים שולץ, ר׳ שמואל־אייזיק פלאָט־קאָווסקי, ר׳ משה גראדיצקי א״א.

דער שמש פון דער חברה קדישא איז געווען ר׳ אריה, וועלכער איז אויך געווען דער קברן. ער איז געווען אַ פשוטער און זייער ערלעכער ייד. ווען עס איז עמעץ נפטר געוואָרן אין שטעטל האָט ער גלייך צו וויסן געטון די חברה־קדישא־לייט, זיי זאָלן קומען מאַכן די טהרהביים נפטר אין שטוב.

ביי אונדז אין שטעטל האָט מען נישט געדאַרפט פונאַנדערקלעפן קיין קלעפ־סידרעס. גלייך ווי עס איז עמעץ געשטאָרבן האָט עס געוווסט דאָס גאַנצע שטעטל. מען האָט דאָך געהערט פאָרן די שוואַרצע עגלה מיט די צוויי פערד, אַרומגעהילט אין שוואַרצן טוך ביז איבער די אויגן. אריה האָט געטראָגן די קרשים צום הויז פון נפטר.

ווען די לוויה איז פאַרבייגעגאַנגען די דלוגע־גאַס אדער די קאָשטשעלנא גאַס האָבן אַלע גלייך פאַרמאַכט די געשעפטן און אָפגעגעבן כבוד דעם נפטר.

ווען די לוויה איז צוגעקומען צום גרויסן בית המדרש אויף דער לעשנע־גאַס, איז שוין דאָרט געווען פאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם מיט דער חברה קדישא. מען האָט דעם ארון מיטן נפטר אַרויסגענומען פון דער עגלה, אַוועקגעשטעלט אויף די טרעפּ פון בית המדרש און דער רב, ר׳ זאב בערגאזין האָט געהאַלטן אַ הספד.

אויב דער נפטר איז געווען אַ חסיד, אַ למדן האָט מען אים אַריינגענומען אין בית המדרש, געמאַכט זיבן הקפות און דער רב האָט אים מספּיד געווען אינעווייניק אינעם בית המדרש.

פון דאָרט האָ מען דעם נפטר געטראָגן אויף די אַקסלען ביז צום הייליקן אָרט, וואָס איז געווען אַן ערך צוויי קילאָמעטער פון שטעטל.

בדרך כלל זענען אַ סך מענטשן נאָכגעגאַנגען דער לוויה, באַגלייט דעם נפטר ביזן הייליקן אָרט.

די חברה קדישא האָט געזאָרגט פאַר אַלע באַדערפעניש און פאַרן כבוד, וואָס מען האָט געדאַרפט אָפּגעבן דעם מת, האָט אויך געזאָרגט פאַר שטעלן אים אַ מצבה.

## כלל־טוערינס, נשים צדקניות

טייערע און האַרציקע פרויען זענען זיי געווען די נשים צדקניות, וואָס האָבן זייער גאַנץ לעבן געווידמעט דער זאָרג פאַר נויטבאַדערפטיקע, פאַר אָרעמע און קראַנקע, פאַר אַלמנות און יתומים. איך געדענק ווי זיי האָבן געטון זייער אַרבעט מיט גרויס מסירת נפש:

אסתרל די גבאיטע, האָט נישט געהאַט קיין קינדער און אַלע אירע יאָרן איז זי געווען פאַרנומען מיט העלפן נויטבאַדערפטיקע מענטשן און איר הילף האָט זי צוגעטראָגן דיסקרעט, קיינעם נישט צו פאַרשעמען.

אסתרל די זייגער־מאַכערין, טובהלע פון פוטער־געוועלב, רייזל מאַרגוליס די ווייבער פון שמואל־דוד בורשטיין, פון שמואל אייזיק פלאַטקאָווסקי — זיי האָבן געהערט צו די גבאיטעס פון שטעטל.

די נשים צדקניות פלעגן יעדן פרייטיק פאַרנאַכט אַרומגיין מיט גרויסע קוישן איבער די רייכע הייזער, ווו זיי האָבן צונויפגענומען חלות, ברויט, אייער, פלייש, בוימל א״א. דאָס אַלץ פלעגן זיי פונאַנדערטיילן צווישן פאַרבאָרגענע אָרעמעלייט.

געווען אין וואָלאָמין אַ סך אַזעלכע, וואָס זענען אַנגעגאַנגען פאַר בכבודיקע באַלעבאַטים, אָבער אין שטוב האָט געהערשט דער דלות, נישט געווען וואָס צו געבן די קינדער צו עסן, נישט צו באַהייצן די שטובן אין ווינטער. ווען אסתרל די גבאיטע האָט זיך באַוויזן אין אַזאַ שטוב מיט אַ פולן קויש עסן, האָט דאָרט ווי אויפגעשיינט די זון. די קינדער האָבן דערפילט ווי עס וואָלט זיך באַוויזן אַ גוטער מלאך פון הימל און געבררענגט זיי גוטע זאַכן צום עסן.

די נשים צדקניות האָט זיך אויך פאַרנומען מיט הכנסת כלה.

געווען אין וואָלאָמין אַ סך אַזעלכע משפחות, ווו עס זענען אונטערגעוואַקסן מיידלעך און עס איז נישט געווען קיין נדן זיי חתונה צו מאַכן, נישט געווען אויף קיין מלבושים. די נשים צדקניות האָבן געהאַלטן קאָפּ איבער יענע אָרעמע שטובן, ווו מען האָט געדאַרפט חתונה מאַכן אַ טאָכטער און זיי האָבן שוין געזאָרגט, אַז דאָס מיידל זאָל חלילה נישט בלייבן פאַרזעסן.

אין די אָוונטן פלעגן זיי זיך אַרויסלאָזן איבער די שטובן, אין די פרימאָרגנס זענען זיי געגאַנגען איבער די געשעפטן און צונויפגענומען געלט פאַר אָרעמע כלות.

אין דער ערשטער ריי זענען זיי געגאַנגען צו די רייכערע, צו פאַבריקאַנטן, צום ד״ר פראַנק, צום פעלדשער מארקרייך, צו די טייבלומס, צו מינצן א״א.

די נשים צדקניות האָבן זיך פאַרנומען אויך מיטן איינקויפן דעם אויס־שטייער פאַר די כלות, מעבל און אַנדערע זאַכן, וואָס זענען נויטיק אין אַ שטוב.

עס זענען געווען פֿאַלן, גאַנץ אָפֿטע, ווען זיי האָבן אַליין געדונגען אַ צימער פֿאַרן פֿאַרפֿאַלק, צוגעגרייט די חתונה, עס זאָל זיין פֿון כל־טוב, אַז די משפּחה זאָל נישט בלייבן פֿאַרשעמט.

אויף דער חתונה זענען זיי אַליין געווען די סאַרווערינס און געפּאַרעט זיך ביים אויפֿנעמען די געסט, ווי זיי וואָלטן געווען די הויפּט־מחותנעסטעס.

עס האָבן אין וואַלאַמין נישט געפֿעלט קיין שטובן, ווו טאַטעס אָדער קינדער זענען יאָרן לאַנג קראַנק געווען אויף שווינדזוכט. די קראַנקהייט איז געווײַנלעך געגאַנגען צוזאַמען מיט גרויסער אָרעמקייט. שווינדזיכטיקע טאַטעס האָבן נישט געקענט אַרײַנברענגען קיין פּרנסה אין שטוב אַרײַן. קראַנקע קינדער האָבן דערצו נאָך געליטן פֿון נישט־דערנערן, האָבן קיינמאָל נישט באַקומען די שפּייז, אין וועלכע זיי האָבן זיך גענויטיקט.

געווען שטובן, אין וועלכע עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט גרויסע מענטשלעכע טראַגעדיעס. די מאַמע איז געווען די איינציקע פּרנסה־געבערין, האָט געמוזט איבערלאָזן דעם קראַנקן מאַן מיט די פּיצלעך קינדערלעך און אַוועקלויפֿן אין רייכע שטובן וואַשן וועש, רוימען, קאָכן און פֿאַר דער אַרבעט באַקומען אַביסל שפּייז, אַן אָפּגענוצט קליידל, אַ פּאָר שיכלעך פֿאַר אירע קינדער. אַהיימקומענדיק נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט האָט זי זיך ערשט געמוזט נעמען צום קאָכן אַביסל זופּ פֿאַר דער שטוב און נישט אַלעמאָל איז געווען וואָס אָפּצוקאָכן. ווען אַ קינד איז קראַנק געוואָרן איז נישט געווען פֿאַרוואָס צו רופֿן אַ דאָקטאָר און אויס־צוקויפֿן אַ רעצעפּט.

איבער די אַלע אָרעמע שטובן האָבן די נשים צדקניות געהאַט זייער השגחה, מיטגעליטן מיט זייער צער און געטון אַלץ צו לינדערן זייערע יסורים.



שמעון ווישניעווסקי
פרעזידענט פון דער וואַלאַמינער לאַנדסמאַנשאַפט
אין אַמעריקע



# אומפארגעסלעך איז אונדזער שטעטל

אַזעצט זיך אין וואַלאַמין האָבן מיר ערשט אין יאָר 1925. מיין טאַטע האָט אין שטעטל געהאַט אַ שוועסטער, שבע־שרה מיגדאל, וועלכע האָט אונדז אויפגענומען און געהאָלפן אונדז איינאָרדענען. מיר האָבן זיך ווירקלעך גיך איינגעבירגערט, געוואָרן היימיש, קרובהש מיט די יידן אין שטעטל.

אַ סך שיינקייט פאַרמאָגן אין זיך יענע פאַרגאַנגענע יאָרן אין שטעטל, ווייטע, זיסע שטעטלדיקע יאָרן, געהילטע אין חלומות וועגן גרויסע מעשים, אין פאַנטאַזיעס וועגן אַ ווייטער גרויסער וועלט; באַגלייט מיט חסידישע ניגונים, מיט תפילות פון פרומע יידן, מיט עקזאלירטע געזאַנגען פון יונגע חלוצים, פון אידעאַליסטישע טרוימער, וואָס האָבן געזען זעאונגען און געגליט מיט דערוואַרטונגען.

אַ קליין אָרעם שטעטל און אַזוי רייך אין געהויבענע מאָמענטן, ווען אפילו די אָרעמסטע, מאַטעריעל און גייסטיק, האָבן דערפילט גרויסקייט און מיטגעכאַפּט געוואָרן מיט דער שטרעבונג צו פאַרווירקלעכן הויכע אידעאַלן.

תמיד זע איך פאַר זיך די גאטספארכטיקע יידן, לומדים מיט טיף־געקנייטשטע שטערנס, חסידים מיט דבקותדיקער התלהבות און סתם סוחרים מיט אַ סך לעבנס־חכמה; די מלמדים, וואָס לערנען די קינדער פונעם ערשטן אַלף ביז גמרא און תוספות, געשאַרפט זייערע מוחות און דורכגעזאַפּט הערצער מיט יידישער שיינקייט.

## פרומע יידן

אין מיינע אויערן קלינגען די אַלטע חסידישע ניגונים, וואָס האָבן ווי געשוועבט אין דער לופט פונעם שטעטל, פון קבלת שבת ביז מלווה־מלכה, די ניגונים פון „אתקינו סעודתא" און „כל מקדש", און יעדעס מאָל ווען איך דערמאָן זיך אין זיי, דוכט זיך מיר, אַז אַזוי זינגען מענטשן, וואָס ווערן אויסגעלייטערט פון ערדישע דאגות און באַהעפטן זיך מיט הימלישע ענינים, ווען אַליין לויטער גייסטיקייט.

דער שבת האָט פול געמאַכט וואָלאָמינער ידישע שטובן מיט מלאכי השרת, מיט אַ נשמה יתירה, מיט שבת מלכתא, מיט אורחים, וואָס האָבן געגעבן דאָס געפיל פון גרויסער מצווה.

אומפאַרגעסלעך זענען די ימים־טובים, דער פסח, וואָס האָט געשמעקט מיט וויין פון ארבע כוסות, מיט זיס־זויערן פסחדיקן באָרשט, מיט ווייסע פרילינגדיקע נעכט און אַ ים פון שטראַלנדיקע ליכט; דער שבועות, וואָס איז געקומען אין שטעטל מיט פרידיקן גרינס, מיט צויבער פון מתן־תורה; סוכות, ווען די געסלעך און הייף פון ידישן דלות זענען געוואָרן באַצירט מיט גרינע דעכער און אינעווייניק מיט רעגנבויגנדיקע קאָלירן פון די קייטן און לאַמטערנעס.

איצט די ימים־נוראים, ווען עס האָבן זיך געעפנט די שערי הרחמים און ידן האָבן אויסגעגאָסן זייערע תחנונים פאַרן רבונו של עולם, געבעטן מחילה פאַר זייערע זינד.

אַזויפיל יאָרן זענען פאַרגאַנגען זינט יענער צייט און ביז היינט זע איך פאַר מיינע אויגן די געבויגענע אָפּגעהיטענע ידן פון מיין שטעטל. פאַר וועלכע זינד האָבן זיי עס געבעטן מחילה?! אַ גאַנץ יאָר האָבן זיי שווער געהאָרעוועט אויפן שטיקל ברויט — וואָס פאַר אַ זינד, מ׳שטיינס געזאָגט, זענען זיי באַגאַנגען? אָבער וואָס גאָטספאָרכטיקער די ידן זענען געווען, אַלץ הייסער זענען געווען זייערע חרטה־געפילן איבער נישט־באַגאַנגענע זינד.

אין די פאָרכטיקע טעג האָט עס געוויריעט אין וואָלאָמין מיט פחד און פליכט. ידן זענען אַרומגעגאַנגען פאַרטיפט אין מחשבות, געלערנט תורה מיט דבקות און מתפלל געווען אין קדושה. דער באַשעפער האָט דיר געשענקט אַ נשמה, דאַרף מען זי שטענדיק האַלטן ריין, אָפּהיטן פון זינדיקע תאוות, וואָס לויערן אויף איר.

## אידעאַליסטישע יוגנט

אַ סך שיינקייט האָט אויך פאַרמאָגט די פרייע יוגנט אין וואָלאָמין. ווער קען פאַרגעסן די צעפלאַמטע פנימער אין היץ פון דיסקוסיעס איבער הויכע אידעאַלן?! יונגוואַרג מיט ערנסטן אויסדרוק אויפן פנים, אין דער גאַנצער האַלטונג, האָבן געטראָגן אויף זיך דעם עול פון פאָלק, פון דער גאַנצער מענטשהייט. בית־המדרש־בחורים מיט שיין־פאַרשווירענע פאַהלעך און אויסגעלייגטע ווייסע קעלנערלעך האָבן בגנבה געלייענט ביכער, שפּאַצירט הינטער דער שטאָט, אונטערגעהערט פלאַמיקע רעדעס אין וואַלד און שפּעטער אַליין אויך געוואָרן געכאַפּט אין דער מעשה...

זינט יענער צייט האָב איך שוין דורכגעמאַכט אַ וועלט, געזען גרויסע און שיינע זאַכן, באַזוכט גוטע טעאַטער־פאָרשטעלונגען, אָבער מיר ווייזט זיך אַלץ

אויס, אַז גאָרנשיט קען זיך פאַרגלייכן צו די פאָרשטעלונגען פון וואָלאָמינער דראַמקרייז.

אַ פאַרבענקטע פרייד נעמט מיך אַרום ווען איך דערמאַן זיך אין דער פּרץ־ביבליאָטעק. אַזאַ רייכער אוצר פון ביכער און אַזאַ רייסן זיך צו וויסן, ווי עס האָבן פאַרמאָגט די יונגע לייענער!

די רעפעראַטן, פאָרלעזונגען און קעסטל־אָוונטן האָבן אין די אָוונטן געוואַרעמט דעם גרוי פון די פאַרגאַנגענע און קומענדיקע שווערע אַרבעטס־טעג. יונג בלוט האָט זיך צעזונגען אין גרויסן חלום וועגן אַ גליקלעכער צוקונפט, פאַרן פאָלק, פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

ווער קען פאַרגעסן דיך, מיין טייער שטעטל וואָלאָמין?!



יהושע איידלזאַן

# מיין טאַטנס גרויסע אחריות



יין טאַטן האָט מען אין וואָלאָמין געקענט אונטערן נאָמען ר׳ בנימין־דוד שוחט. ער איז געווען אַ גרויסער למדן און אַן אָפּגעהיטענער ייד. בחורווייז האָט ער געלערנט ביים „ישמח ישראל״ און די יידן אין שטעטל האָבן אים תמיד אַרויסגעוויזן גרויס דרך־ארץ. אין זיין באַציאונג צו מענטשן האָט ער אַרויסגעוויזן טאַקט און שכל.

מיר, די קינדער, האָבן פון די פריסטע יאָרן איינגעזאַפּט אין זיך די מידה פון אָפּגעבן כבוד מענטשן, אפילו ווען זיי זענען אויפן געזעלשאַפטלעכן לייטער געשטאַנען נידריקער פון אונדז. טאָמער האָט אַ קינד אַמאָל אַרויסגעכאַפּט זיך מיט אַ וואָרט, וואָס האָט אין טאַטנס אויגן אויסגעזען עזותדיק, האָט דער טאַטע אים אַוועקגעזעצט נעבן זיך און מיט שטילע רייד אים געגעבן צו פאַרשטיין ווי מיאוס עס איז אויפצופירן זיך חוצפהדיק און ווי שיין דער מענטש איז ווען ער איז מכבד אַנדערע, אפילו יונגערע און אָרעמערע.

אַ, ווי באַנג עס טוט מיר נאָך יענער צייט, ווען איך בין צו מיין שכל געקומען און דערוווּסט זיך וואָס עס טוט זיך אין אונדזער וועלטעלע, אָנגעהויבן קענען די מענטשן אַרום מיר, פאַרשטיין ווער איז ווער, האָב איך דערזען פאַר זיך אַ פאַרצווייגטע משפחה פון ביידע צדדים, זיידעס, באָבעס, פעטערס, מומעס, שוועסטער־קינדער און סתם קרובים.

דער זיידע פון מיין מאַמעס צד איז געווען רב אין סטאָק. דער טאַטע האָט אַ צייט ביי אים געגעסן קעסט, גאַנצע טעג געזעסן און געלערנט, געווען אַ גרויסער מתמיד און דערצו געהאַט אַ שאַרפן מוח, אָבער עס איז געקומען די צייט, ווען ער האָט געדאַרפט ווערן זעלבשטענדיק. ער האָט נישט געטראַכט צו מאַכן פון דער תורה אַ קרדום לחפור בה, נאָר אַריינגעפאַרן קיין וואָלאָמין, געעפנט זיך אַ געוועלב און גענומען האַנדלען.

פאַרשטייט זיך, אַז דער עול פון מסחר איז געפאַלן אויף דער מאַמען. זי

האָט אָפּגעשאַצט דעם טאַטנס לומדות און אים געהאַלטן בכבוד, באַמיט זיך נישט צו שטערן אים אין לערנען און געטון אַלץ צו העלפֿן זיך אין די געשעפֿטן, פֿון וועלכע מען האָט געצויגן אויף חיונה, ביז עס איז געקומען דאָס אומגליק מיטן באַגנבענען דאָס געשעפט און די שטוב איז מיטאַמאָל געוואָרן פֿאַראָרעמט.

אין יענער צייט איז פּונקט געשען, אַז איינער פֿון די שוחטים אין וואָלאָמין איז אַוועק און דעמאָלט איז מען געקומען צום טאַטן און פֿאַרגעשלאָגן, ער זאָל איבערנעמען דעם פּאָסטן פֿון שו"ב.

מיט אַ שווער האַרץ האָט דער טאַטע מסכים־געווען צו ווערן שוחט און איז תמיד אַרומגעגאַנגען מיטן געדאַנק, אַז ער נעמט אויף זיך אַן אומגעהויער גרויסע אחריות.

מיט זיין איידלקייט, אהבת הבריות און פּשטות האָט מיין טאַטע געוווּנען די סימפּאַטיע און ליבשאַפט פֿון די יידן אין וואָלאָמין.

טאַטע טייערער, דיין גרויס אחריות־געפיל איז פֿאַר מיר געווען אַ מוסטער אין אַלע צייטן און אין אַלע באַדינגונגען.

תמיד זע איך דיך פֿאַר מיינע אויגן מיט דיין גרויס־יידישער און טיף־מענטש־לעך התנהגות, אין שטוב און אין גאַס, אין בית המדרש, וואָס איז שטענדיק פול געווען מיט לערנער, בחורים, יונגעלייט און עלטערע יידן, ביי וועלכע דאָס גאַנצע גייסטיקע לעבן איז באַשטאַנען פֿון לערנען תורה, חסידות און פֿרומקייט.

כ'זע דיך גייענדיק אין בית־המדרש מיט איינגעהאַלטענע טריט, מיט אַ שמייכלענדיק פּנים צו קליין און גרויס, דער שמייכל פֿון אהבת ישראל און אהבת הבריות.



# די
# פאמיליע קאווער



ייטע, זיסע שטעטלדיקע יאָרן. שרייבנדיק וועגן דער באַן־סטאַציע וואָלאָמין, וואָס האָט ביז איר חורבן און אונטערגאַנג פּולסירט מיט פּילפּאַרביק יידיש לעבן, קומען אויף אין זכרון די הערלעכע געשטאַלטן פון די וואָלאָמינער יידן. מנהיגים און פּשוטע יידן, סוחרים און בעלי־מלאכות, וואָס האָבן געבויט און געשאַפן דאָס אַמאָליקע יידישע וואָלאָמין. איינער פון די ערשטע פּיאָנערן, פון די, וואָס האָבן געלייגט דעם יסוד פאַר דער יידישער קהילה אין וואָלאָמין, איז געווען ר׳ מאָטל קאָווער.

ער איז געקומען קיין וואָלאָמין נאָך אין יאָר 1905, ווען ער איז געווען אין זיינע בליענדיקסטע יאָרן, פול מיט איניציאַטיוו און ענערגיע. ער איז דעמאָלט אַלט געווען עטלעכע און דרייסיק יאָר, ווען עס איז צו אים דערגאַנגען די ידיעה, אַז נעבן וואַרשע, ביי דער באַן־סטאַציע וואָלאָמין הויבט זיך אָן פונאַנדערבויען דער יידישער ישוב. ער האָט לאַנג נישט געטראַכט, פאַרלאָזנדיק זיך אויף זיין רייכער סוחרישער דערפאַרונג האָט ער געזאָגט צו זיין יונגער שיינער פרוי, פייגע־זיסל:

„מיר פאָרן!"

קומענדיק קיין וואָלאָמין האָט ער זיך גלייך באַפריינדעט מיט די אָרטיקע יידן, וואָס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ קליינע אָבער צעמענטירטע יידישע געזעלשאַפט. האָבן זיך געהאָלפן איינע די אַנדערע. האָבן אים פאַרלייכטערט דאָס איינאָרדענען זיך און ער האָט לייכט דורכגעמאַכט, וואָס מען רופט ביי אונדז חבלי קליטה.

די ערשטע טעג האָט ער אַרומשפּאַצירט איבערן שטעטל, אַרומגעקוקט זיך, אָבסערווירט די געסלעך און הייזער, וואָס האָבן דעמאָלט נאָך אויסגעזען אָרעם און נעבעכדיק, אָן טראָטואַרן, אָן געפּלאַסטערטע שאָסייען, אָבער דאָס האָט

אים נישט אָפּגעשראָקן, אדרבא, זיין פֿאַנטאַזיע האָט זיך אין אים צעשפּילט און ער האָט דערזען פֿאַר זיך אַ ברייט פֿעלד אויסצולאָדענען זיין ענערגיע.

ער האָט זיך פֿאַרבונדן מיט די באַלעבאַטים פֿון שטעטל, די אָפּיציעלע מאַכט־אָרגאַנען און זיי פֿאָרגעלייגט זיינע פּראָיעקטן פֿונאַנדערצובויען דאָס שטעטל, פֿלאַסטערן וועגן, טראָטואַרן, ברוקירן שאָסייען.

עס האָט זיך דעמאָלט געפֿאָדערט אַ סך דרייסטקייט צו קומען אינעם אַמאָליקן מאַגיסטראַט מיט אַזעלכע פּלענער. ר׳ מאָטל האָט עס געטון מיט דער גאַנצער זעלבסטפֿאַרטענדלעכקייט, אָבער דערביי צוגעגעבן:

„איך בין גרייט דאָס אַלץ אַליין דורכצופֿירן, אויפֿבויען, ברענגען אין אָרדענונג, פֿון אייך פֿאַרלאַנג איך בלויז די אָפּיציעלע הסכמה, די דערלויבעניש אויף דעם אַלעם״.

עס איז געווען מערקווירדיק: אָט איז געקומען אַ פֿולשטענדיק בייער מענטש, נאָך נישט באַוויזן איינצובירגערן זיך אין שטעטל און שוין האָט ער אַרויסגעוויזן אַזויפֿיל באַהאַוונטקייט און צוטרוי צו זיך. ער האָט נושא חן געווען ביי אַלע, ביי יידן און ביי פּאָליאַקן.

מעגלעך, אַז עס האָט אויך געווירקט זיין אויסערלעכער אויסזען, זיין פּאַטריאַרכאַלישקייט, זיין ווירדיקע האַלטונג, וואָס האָט פֿונעם ערשטן טאָג אָן צוגעצויגן צו זיך אַלעמענס אויפֿמערקזאַמקייט.

ער איז געווען הויך און שלאַנק, פֿון אונטער זיין שאַרפֿזיניקן שטערן האָבן אַרויסגעקוקט קלוגע אויגן, וואָס האָבן אי געגלעט, אי דורכגעבויערט און עס האָט געשטראַלט פֿון אים מיט מילדקייט און חכמה. זיין לאַנגע שוואַרצע באָרד האָט זיך אַראָפּגעשלענגלט ביז איבערן האַרץ.

אין זיינע רייד האָבן אַלע דערפֿילט די קלוגשאַפֿט פֿון אַ דערפֿאַרענעם אונטערנעמער, וואָס קאָן אַ סך אויפֿטון פֿאַרן שטעטל און ער האָט גאָר גיך פֿאַרנומען דעם אויבנאָן אין דער וואָלאָמינער געזעלשאַפֿט. דער מאַגיסטראַט האָט אים אויפֿגענומען אַלס זיין אָפּיציעלן אונטערנעמער, אָנפֿאַרטרויט אים דאָס פֿלאַסטערן אַלע טראָטואַרן אין די וואָלאָמינער געסלעך, פֿאַריכטן און אויס־בעסערן די אַלטע, ברענגען אין אָרדענונג דעם אויסערלעכן אויסזען פֿונעם שטעטל.

ר׳ מאָטל האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט.

אין שטעטל איז געוואָרן ממש אַן איבערקערעניש. אומעטום האָט מען גערעדט וועגן דעם ייד, וואָס איז געקומען פֿון קאָסאָוו פּאָדלאַסקי, באַזעצט זיך אין שטעטל און איידער ער האָט זיך נאָך גוט באַקענט מיט די מענטשן, האָט ער שוין איבערגעדרייט דאָס שטעטל. אַלע גאַסן זענען געוואָרן פֿול מיט אַרבעטער, אויפֿגעלעבט, אויפֿגעברויזט מיט בויען, מיט שאַפֿן.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און ר׳ מאָטל קאָווער איז געוואָרן אַן אונטערנעמער פון בויען הייזער. מען האָט געדאַרפט פאַרגרעסערן די סטאַציע, מען האָט געדאַרפט אַריינברענגען נאָך אַרבעטער, מער יידן אַריינציען אין שטעטל. אויף טריט און שריט האָט מען געפילט ר׳ מאטלס יונגן ענטוזיאזם פאַרן באַנייען דאָס שטעטל, פאַרן בויען הויז נאָך הויז. ער האָט זיך גיך קונה שם געווען אַלס דערפאַרענער אונטערנעמער מיט אַ סך איניציאַטיוו.

עס זענען צוגעקומען נייע איינוואוינער, יידן און פאָליאַקן. עס האָבן זיך איוסגעברייטערט און פאַרשטאַרקט די פאַרבינדונגען פונעם שטעטל מיט דער הויפטשטאָט וואַרשע.

עס איז אָבער נישט געווען די טבע פון ר׳ מאָטל קאָווער צו שטיין אויף איין אָרט. זיין אימפּולסיווע נאַטור האָט אים געטראָגן צו אַלץ ווייטערדיקן בויען, הייזער, גאַסן און טראָטואַרן, געגנטן גאַנצע.

פלוצלונג איז געקומען דער איבערברוך.

אין איינעם אַ פרימאָרגן איז ר׳ מאָטל פאַרשוווּנדן פון וואָלאָמין.

דאָס איז געשען נאָכדעם ווי ער האָט באַקומען אַ בריוו פון זיין משפחה אין קאסאוו פּאדאלסקי, אַז דריי קילאָמעטער פון זיי וויל אַ פריץ פאַרקויפן זיין הויף, אַ גרויסער מאַיאָנטעק מיט אַלע איינריכטונגען. דאָס איז געווען אין דאָרף אַלבענאווא.

דער פאַרשלאַג איז אים אַריין אין קאָפּ. דערצו האָט אים אין דער זעלבער צייט אַ קריסט פאָרגעלייגט אַ הויכן פּרייז פאַר זיין הויז אין וואָלאָמין. ער האָט נישט לאַנג געטראַכט און גלייך געשלאָסן די טראַנזאַקציע.



ר׳ אבא ראטענבערג (**אינמיטן**). **רעכטס** זיין איידעם מרדכי קאָווער מיט זיין פרוי. **לינקס** — זיין איידעם ברוך מאיר מיט זיין ווייב טובה־רבקה.

די משפחה קאווער האָט זיך אַריבערגעצויגן קיין אלבענאווא.

ר׳ מאָטל איז געוואָרן אַן אמתער פריץ און אין דער גאַנצער געגנט אַרום קאסאוו האָבן קינד און קייט גערעדט וועגן דעם נייעם יידישן פריץ מיט דער לאַנגער שוואַרצער באָרד, וועגן דער יידישע פריצטע פייגע־זיסל, די טאָכטער פון אַלטן קאצקער חסיד, וואָס איז שפּעטער געפאָרן צום חידושי הרי״ם און צום שפת אמת.

די יידן אין דער געגנט האָבן זיך געגרויסט מיט זיי, דערציילט זיך ווי דער פריץ מיט די פריצטע פאָרן אין אַ קאטש געשפּאַנט אין פיר פערד איבער די גאַסן פון קאסאוו. זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער צוגעבונדנקייט צו די יידן פון שטעטל, געלאָזט זיך אַ סך קאָסטן אויף צדקה־ענינים. פונקט ווי אין וואָלאָמין איז זייער שטוב געווען אָפן פאַר יעדן נויטבאַדערפטיקן, געגעבן גרויסע נדבות, געשטיצט די יידישע קהילה, אויף יעדן יום־טוב אַריינגעשיקט פולע פורן מיט קאַרטאָפל און תבואה צום צעטיילן פאַר אָרעמע־לייט. דער גוט פונעם יידישן פריץ האָט געשמט אין דער גאַנצער געגנט, ווו יידן האָבן מיט אים שטאָלצירט, געזען אין אים אַ מוסטער פון אַ הייסן ייד, וואָס נוצט אויס זיין רייכקייט פאַר העלפן נויטבאַדערפטיקע.

עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, די געגנט, די שטעטלעך און דערפער זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פראָנט־ליניעס. ווען די רוסן האָבן פאַרלאָזט די געגנט, האָבן זיי אונטערגעצינדן און פאַרברענט שטעט און דערפער. דער זעלבער גורל האָט אויך געטראָפן דעם גוט אלבענאווא. די רוסן האָבן דאָרט אַלץ פאַרברענט. דאָס האָט שווער געטראָפן די צענדליקער היימלאָזע פון דער אַרומיקער געגנט, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ביים יידישן פריץ, האָבן דאָרט געפונען אַ שוץ און שפּייז צו דערנערן זיך. די רוסן האָבן זייער גאַנצן צאָרן אויסגעגאָסן אויפן דאָזיקן מאַיאָנטעק.

ר׳ מאָטל קאווער האָט עס אָנגענומען ווי אַ גזירה מן השמים, האָט גלייך איינגעפּאַקט די איבערגעבליבענע בעבעכעס און אַוועק מיט זיין גאַנצן הויז־געזונט, די עלטסטע טאָכטער חנה־גאָלדע, חיהלע, משה, יהודית, רחל און דוד. אַלע האָבן זיי זיך צוריק אומגעקערט קיין וואָלאָמין.

אין וואָלאָמין האָט ר׳ מאָטל קאווער געהאַט אַן אייגן הויז, שיריים פון זיין אַמאָליק גרויס פאַרמעגן. איצט איז עס אים צונוצגעקומען. ער האָט זיך דאָרט באַזעצט צוזאַמען מיט זיין צעוואַקסענער משפחה.

זיין לאַנגע פּאַטריאַרכאַלישע באָרד האָט זיך שוין געזילבערט מיט שניי־ווייסע האָר. אין די קנייטשן פון זיין שטערן האָט מען דערקענט די דורכגעמאַכטע איבערלעבענישן, דאָך איז ער נאָך געווען פול מיט מוט און ענערגיע און האָט

זיך גלייך ווידער גענומען צו דער אַרבעט. די יידן אין וואַלאָמין האָבן אים אויפגענומען מיט גרויס וואַרעמקייט. אויך די קריסטלעכע געזעלשאַפט האָט אים אַרויסגעוויזן גרויס דרך־ארץ.

ער איז צוריק אַריין אין זיין סטיכיע, געוואָרן דער אונטערנעמער פון מאַגיסטראַט און זיך גענומען צום בויען.

עס איז נישט פאַרביי קיין סך צייט און ער איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס מיטגליד אין שטאָט־ראַט אָדער ווי מען האָט עס דעמאָלט גערופן: אַ לאַווניק.

## די פייערונג פון סיום ספר תורה

צו די רירנדיקע איבערלעבענישן אין דער משפחה קאַוער געהערט די אימפּאָזאַנטע פייערונג פון סיום ספר־תורה אין וואַלאָמין. דאָס איז אין שטעטל געווען די ערשטע פייערונג פון דעם מין. דאָס איז פאָרגעקומען נאָך איידער ר׳ מאָטל האָט זיך איבערגעצויגן קיין אלבאַנאַווע. אין דער פייערונג האָט זיך באַטייליקט דאָס גאַנצע שטעטל. מען איז געגאַנגען מיט ברענענדיקע שטורקאַצן איבער די גאַסן, מען האָט געזונגען חסידישע נגונים באַגלייט מיט מוזיק, קליין און גרויס האָבן זיך באַטייליקט אינעם פירן ד׳ ספר־תורה צום בית המדרש.

דאָס איז געווען אַן איבערלעבעניש וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין זכרון פון אַלע וואַלאָמינער יידן אין יענער צייט. יאָרן לאַנג האָט מען גערעדט וועגן דער דאָזיקער פייערונג.

## דער ערשטער חלוץ

אימפּאָזאַנט איז אויסגעפאַלן דער באַנקעט, וואָס די וואַלאָמינער יידן האָבן איינגעאָרדנט דעם ערשטן חלוץ משה קאַוער צו זיין אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל. דאָס איז געווען אין יאָר 1925, ווען יידן אין פּוילן האָבן נאָך נישט געטראַכט פון עליה בלויז יחידי סגולה האָבן זיך איבערגענומען מיט דעם געדאַנק פון בויען דאָס אייגענע לאַנד. זיי האָבן געזען די שוואַרצע כמאַרעס, וואָס זאַמלען זיך אויף די פּוילישע הימלען איבער יידישע קעפּ.

צו די דאָזיקע יחידי סגולה האָט געהערט די משפחה קאַוער מיט ר׳ מאָטל בראש. זיי האָבן גענומען ערנסט טראַכטן וועגן עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

דעם ערשטן האָט ר׳ מאָטל אַרויסגעשיקט זיין זון משה, וועלכער האָט געדאַרפט זיין דער פאָרויסגייער, דער חלוץ און אויסקוקער, צי עס איז פּאַראַן דאָרט אַן אָרט פאַר זיין גאַנצער משפחה.

באַלד נאָך משה׳ן איז אַרויסגעפאָרן די טאָכטער יהודית, וועלכע וווינט

ביזן היינטיקן טאָג אין תל־אביב מיט איר מאַן אברהם ראָזענבליט און זייערע טעכטער.

באַלד האָט ר׳ מאָטל אַליין אָנגעהויבן מאַכן אַלע צוגרייטונגען עולה צו זיין צוזאַמען מיט דער גאַנצער משפחה קיין ארץ־ישראל. ער האָט זיך נישט גערעכנט מיט די פּאָרזיכטיקע בריוו, וואָס ער האָט באַקומען פון זיינע קינדער, פון וועלכע ער האָט געקענט אַרויסלייענען צווישן די שורות, אַז דאָס לעבן אין ארץ־ישראל איז נישט אַזוי לייכט און מען מוז זיין צוגעגרייט צו שווערער פיזישער אַרבעט. ער האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן און דעצידירט זיך צו מאַכן דעם געוואָגטן שריט.

פאַר אים איז נישט געווען קיין פראַגע פון אַ סערטיפיקאַט, ווייל ער האָט געקענט פאָרן אַלס קאַפּיטאַליסט, וואָס פאַרמאָגט איבער טויזנט פונט־שטערלינג, ווי עס האָבן דעמאָלט געפאָדערט די פאַרשריפטן פון דער ענגלישער מאַנדאַטור־מאַכט.

דאָס יידישע וואָלאָמין האָט באַשלאָסן איינצואָרדענען אַ געזעגענונגס־באַנקעט לכבוד דער פאַמיליע קאָווער. עס האָבן אָנטיילגענומען אין דאָזיקן באַנקעט אַלע שיכטן פון שטעטל, אַלע פּאַרטייען, אָנהויבנדיק פון די סאַמע רעליגיעזע קרייזן ביז צו די עקסטרעמסטע ציוניסטן און אַלע אַנדערע פּאַר־איינען. אין זייערע אַרויסטרעטונגען האָבן אַלע געלויבט די גרויסע פאַרדינסטן פון דער פאַמיליע קאָווער פאַר וואָלאָמין, זייער צושטייער פאַרן אויפבוי פון שטעטל און פאַרן אויסהאַלטן די פאַרשידענע יידישע אינסטיטוציעס און איבער אַלעם פאַרן בויען דאָס שטאָטישע בית המדרש.

דער איינדרוק איז געווען אַן אומגעהויערער. די קאָווערס זענען געווען די ערשטע משפחה, וואָס איז אין יענער צייט אַרויסגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. דאָס האָט אַרויסגערופן אי האָפענונג אי בענקשאַפט.

לאַנגע יאָרן האָט מען אין שטעטל גערעדט וועגן דאָזיקן באַנקעט, וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין יעדנס זכרון.

ר׳ מאָטל קאָווער מיט זיין ווייב פייגע־זיסל האָבן זוכה געווען אָנצוקומען קיין ארץ־ישראל, געלעבט ביז די לעצטע יאָרן אין תל־אביב. ביזן היינטיקן טאָג וווינען אין תל־אביב זיינע טעכטער: יהודית מיטן מאַן, די טאָכטער רחל מיט איר מאַן, אַלע איבעריקע קינדער, חנה־גאָלדע מיט איר מאַן פּיניע, קינדער און אייניקלעך, חיה׳לע מיט איר מאַן און קינדער, זייער זון דוד — זענען אומגעקומען אין דער גרויזאַמער שחיטה צוזאַמען מיט אַלע יידן אין וואָלאָמין.

# משה קאַווער


ון זיין פריסטער יוגנט איז משה קאַווער געווען פאַרבונדן מיט אונדזער שטעטל, מט דער געזעלשאַפטלעכער און קולטור־אַרבעט, וואָס מיר האָבן געפירט, מיט דער ציוניסטישער טעטיקייט, מיטן דראמקרייז. אין אַלע זיינע מעשים האָט משה אַרויסגעוויזן זיינע שיינע מידות און הויכע מאָראַלישע אייגנשאַפטן, זיין טיפע איבערגעגעבנקייט פאַרן כלל און וואַרעמע פאַרשטענדעניש פאַרן יחיד׳ס צער און זאָרגן.


משה קאַווער

שטענדיק ענערגיש און פול מיט לעבן האָט ער געפונען צייט פאַר אַלץ, איז קיינמאָל נישט מיד געווען. אין יאָר 1922 זענען מיר ביידע געווען דעלעגאַטן פון וואָלאָמין צו דער קרן היסוד־קאָנ־פערענץ אין וואַרשע און מיר איז אויס־געקומען צו אָבסערווירן ווי ער איז דורכ־גענומען בלב ונפש מיט דער ציוניסטי־שער אידעע. איך האָב געזען זיין פאַר־ערונג צום ציוניסטישן פירער נחום סוקו־לוב, וואָס איז געקומען פון טיפן האַרצן. פיל צייט און מי האָט ער אָפּגעגעבן דער ציוניסטישער אַרבעט אין וואָלאָמין. ווען די יוגנט איז אַוועק אין פוילישן מיליטער, האָט ער איינער אַליין געטראָגן אויף זיך די אחריות פאַר דער אַרבעט, פאַר די פאַרשידענע ציוניסטישע אַקציעס, וואָס זענען דורכגעפירט געוואָרן אין וואָלאָמין און עס האָט זיך געפאָדערט גרויס איבערגעגעבנקייט, כדי צו קענען איבערוויגדן די אַלע שוועריקייטן אין דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט.

געקעמפט בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה אין דער פראַנצויזישער אונטערערד און געפאַלן ווי אַ העלד.

דערביי איז ער געווען אַ נוח לבריות, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין האַרציקער באַציאונג צו מענטשן און גרייטקייט צו טון אַ טובה און דערפאַר האָט זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט זיך נישט נאָר קאָנצענטרירט אויפן געביט פון

פאַרטייאישער אַרבעט, נאָר ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין אַנדערע אַקטיוויטעטן אויף אַלע געביטן פון יידישן לעבן אין וואָלאָמין.

ווען צווישן די יידישע אימיגראַנטן פון רוסלאַנד זענען אָנגעקומען אויך אומלעגאַלע פליטים, האָט ער אָפט אינטערווענירט ביי דער פאָליציי און מיט זיינע אינטערווענצן אָפּגעראַטעוועט אַ סך יידן פון אַרויסגעשיקט ווערן צוריק קיין רוסלאַנד.

משה קאווער איז געווען אַ שיינער מענטש און אַ גוטער חבר. איך בין געווען איינער פון די, וואָס האָבן זיך צוגעבונדן צו אים מיט טויזנטער פעדעם. איך האָב אין אים געזען מיין געטרייסטן חבר און ווען ער האָט עולה־געווען קיין ישראל, האָב איך זיך כסדר מיט אים דורכגעשריבן. זיינע בריוו האָבן געאָטעמט מיט טיפער פריינדשאַפט און אויך מיטן גרויסן אידעאַליזם, וואָס איז געווען די הויפט־אייגנשאפט פון זיין כאַראַקטער און האָט אים אויך געפירט אויף די שלאַכט־פעלדער פון שפּאַנישן בירגער־קריג און שפּעטער אין פראַנקרייך, ווו ער איז געפאַלן פון מערדערישע הענט.

ער פלעגט אין זיינע בריוו דערציילן וועגן זיינע זוכענישן און, דער עיקר וועגן זיינע אחיזות, און פאַר מיינע אויגן איז ער תמיד געשטאַנען ווי אַ מענטש, וואָס איז צוגעבונדן מיט אַלע פיבערן פון זיין נשמה צו אַ ליכטיקן אָנהייב אין זיין גייסטיקן לעבן, וועלכער שוועבט פאַר זיינע אויגן אויף יעדן טריט און שריט אין אַ וועלט וואָס פאַרמעסט זיך דאָס ליכט אויסצולעשן.

איך פלעג זיך אָפט פרעגן: פונוואַנען האָט זיך צו אים גענומען אַזויפיל אידעאַליזם און מסירות־נפשדיקע איבערגעגעבנקייט?

דער ענטפער קומט אין מיר אויף תמיד ווען איך טראַכט וועגן אונדזער פאַרשניטן שטעטל, ווו צוזאַמען מיט דער פאַרהאָרעוועטקייט און יאָגן זיך נאָך פרנסה איז אויך געווען אָנגעזאַמלט אַזויפיל ליבשאַפט צום מענטש. דאָס מאַטעריעלע לעבן איז געווען אָרעם און נישטיק, די גאַסן צעדרייטע, פאַרשטויבטע און פאַר־בלאָטיקטע, די שטיבלעך אָפּגענוצטע, אָפּגעבליאַקעוועטע, און אין זיי האָבן געלעבט מענטשן, וואָס האָבן מבטל־געמאַכט דאָס חומרדיקע און געבענקט, נישט נאָך מאַטעריעלער רייכקייט, נאָר נאָך אוצרות פון גייסט און זייער גרויסער באַגער איז געווען מהנה צו זיין דעם פשוטן פאַרהאָרעוועטען ייד מיט זיו השכינה.

משה קאָווער איז געווען אַ זון פון יענע וואָלאָמינער יידן, ביי וועלכע דער יסוד פון זייער נשמה איז „אהבה שאינה תלויה בדבר". משה האָט שוין אין אונדזער שטעטל זיך אָנגעזאַפּט מיט גייסט, אידעאַל, גלויבן. דאָרט האָט אויפ־געלויכטן זיין ליבע צום מענטש, צום ייד, און די פונקען פון יענעם הייליקן פייער האָט ער געטראָגן אין זיך זיין גאַנץ לעבן.

## משה מאלאזש — דער גרויסער מכניס־אורח

פון וואָלאָמין בין איך אַרויסגעפאָרן אין יאָר 1923, אָבער די וואָלאָמינער ייִדן האָבן זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון און כ'דערמאָן זיי תמיד מיט ליבשאַפט דאָס זענען געווען גוטע און האַרציקע ייִדן, פשוטע ייִדן פון אַ גאַנץ יאָר און לומדים, תלמידי־חכמים, בעלי־מלאכות און סוחרים, געדאַווענט דריי מאָל אין טאָג, און ווען עס איז זיי שלעכט געווען, האָבן זיי זיך געוואָנדן צום רבונו של עולם דורכן מויל פון דוד המלך, דורך זיין תהילים.

עס זענען אויך געווען חסידים, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין דערציילן די וואונדערלעכע זאַכן, וואָס זיי האָבן געהערט ביים רבין, איבער די וועגן פון לערנען און דינען השי״ת באהבה, דורך פרייד, האָבן זיך געפרייט מיטן רבינס תורה און געלעקט די פינגער פון יעדן וואָרט.

משה מאלאזש איז געווען אַ פשוטער ייִד, נאָר באַשאָנקען מיט אַ גרויס האַרץ, אַ לב־טוב, מיט מיטגעפיל פאַר יעדן ליידנדיקן, גרייט אָוועקצוגעבן דעם לעצטן ביסן אַ הונגעריקן, געבן אַ נדבה אַן אָרעמאַן.

אין יענע טעג איז אין וואָלאָמין נאָך נישט געווען קיין הכנסת אורחים, האָט משהלע איינגעאָרדנט ביי זיך אַ באַזונדער צימער און וועלכער אורח עס איז געקומען אין שטעטל האָט באַקומען ביי אים אַ נאַכטלעגער און אַ וועטשערע. ער פלעגט אַרומלויפן צווישן די שכנים, בעטן אַביסל געקעכטס, וואַרעם וואַסער. זאָל נאָך ווער האָבן די מצווה פון מחיה־נפש־זיין אַן אָרעמאַן. ביי זיין טיש איז תמיד געווען אַן אורח.

אין דער צייט פונעם ערשטן וועלט־קריג איז ברויט געווען אַ יקר־המציאות אין שטעטל, אָבער פון משהלס שטוב איז קיין שום אָרעמאַן נישט אַוועק קיין הונגעריקער און קיין שום פרעמדער איז נישט געבליבן אָן אַ נאַכטלעגער.



קינדער פון דער שיינער וואָלאָמינער משפחה ווינאגארא.

יעדע זאַך האָט איר פּראָבע, דורך וועלכער מען פּרווט זי, צו זי איז עכט, פּונקט ווי גאָלד און זילבער. די פּראָבע, מיט וועלכער מען קען אויספּרוּוון אַ ייד, איז אהבת ישראל, ווייל אויף אַזויפיל וויפל אַ ייד פאַרמאָגט אהבה צו אַ צווייטן ייד, אויף אַזויפיל איז ער אַן עכטער ייד.



די משפחה ווינאגארא

משהל מאלאזש האָט אויסגעהאַלטן די פּראָבע פון אהבת ישראל. האָלט עקזיסטירט אַ נאָבל־פּרייז פאַר נאָבלקייט און גוטסקייט, וואָלט אים געדאַרפט קריגן משהל מאלאזש.

דורך זיין האַרץ זענען דורכגעגאַנגען אַלע קרעכצן פון יידישע אָרעמעלייט, וואָס האָבן פאַרבלאָנדזשעט קיין וואָלאָמין. דורך זיינע אויגן — אַלע טרערן פון ליידנדיקע אין שטעטל.

זיין נאָבלקייט און גוטסקייט האָט אַרויסגערופן די אויפמערקזאַמקייט פון די באַלעבאַטים אין שטעטל און מען האָט זיך אַרומגעזען ווי גרויס און וויכטיק עס איז צו שאַפן אַן אינסטיטוציע פאַר הכנסת־אורחים. דעמאָלט האָט מען איבערן בית־המדרש איינגעאָרדנט אַ ספּעציעלן הכנסת־אורחים.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה איז משהל מאַלאזש שוין געווען אין די עלטערע יאָרן, אָבער זייענדיק אַ זאַפּאַסנער רוסישער סאָלדאַט האָט ער זיך אַליין צוגעשטעלט צו דער מיליטערישער קאָמיסיע, וועלכע האָט אים אָבער נישט געוואָלט אָננעמען צוליב זיין עלטער.

משהל האָט זיך אָנגערופן:

„כ׳האָב געוואָלט העלפן... נישט געוואָלט אַרויסדרייען זיך... אָבער, אַז מען וויל מיך נישט, וואָס קען איך טון? ווער בין איך און וואָס בין איך, אַז איך זאָל זיך קעגנשטעלן דעם ווילן פון נאַטשאַלסטוואָ?״

זיין גאַנץ לעבן האָט ער אַלץ אויסגעטייטשט צום גוטן, גם זו לטובה. אַלץ וואָס ער האָט געטון, איז נישט געווען פאַר קיין שכר, נאָר בלויז פון גרויס גוטסקייט און מיטגעפיל צו אָרעמע און ליידנדיקע און פאַר זיין ליבן נאָמענס־וועגן.



מרדכי פרידמאַן

# ליכטער פון האַרצן

יעדער טראָגט נאָך אין האַרצן די גאָלדענע פעדעם, וואָס האָבן אונדז צוגעבונדן צו דער אַלטער היים. אין יעדן פון אונדז טליען, ווי פייערן, וואָס קיין ווינט און רעגן קענען נישט אויסלעשן, נאָיענדיקע בענקעגישן נאָכן היימישן שטעטל, נאָך די שטילע געסלעך, נאָכן בית־המדרש און נאָך די אַלע געשטאַלטן, וואָס האָבן דאָרט געדאַוונט און געלערנט.

די ליבע, טייערע בית־המדרש־ייִדן, אַלע לעבן זיי אין מיין זכרון. אָפט האָב איך דאָס געפיל ווי כ׳וואָלט זיי ערשט נעכטן פאַרלאָזט.

אָט זע איך זיך אין אַ הייסן תמוז־טאָג. די לופט אין בית־המדרש איז אַ געדיכטע, פול מיט תפילה און מיט צעצויגענע גמרא־ניגונים. נעבן אַ לאַנגן טיש זענען אויסגעזעצט פשוטע ייִדן און שאָקלען זיך איבער די גמרות. אויבן־אָן זיצט ר׳ יעקב מרגליות, אַ הייסער געדרער חסיד און למדן מופלג. ער לערנט מיטן עולם, פאַרטייטשט אַ האַרבע סוגיא און אַלע הערן זיך צו מיט הנאה, קוועלן פון זיין שאַרפן מוח, פון זיין חריפותדיקן אויפפלאָנטערן אַ קנויל מיט שאלות און קושיות. און זיינע אויגן שיינען דערביי, ווי מיט אַ ליכט, וואָס קומט פון פאַרהוילענע וועלטן.

ווען ער האָט געענדיקט דעם שיעור און דער עולם איז זיך צעגאַנגען, איז ער נאָך געבליבן זיצן אַ פאַרטועגער אין מחשבות. מען האָט געזען ווי עס קאָכט אין אים אַ תשוקה צו גאָר דערהויבענע מדרגות, נאָר די לייטער, אויף וועלכער ער פרוווט קלעטערן אַרויף, טראָגט אים נישט...

אין בית־המדרש קומט־אַריין ר׳ חיים טאָפּאָל. גערופן האָט מען אים: ר׳ חיים קאָסאָווער. ער זעצט זיך אַוועקביים זעלבן טיש, ביי וועלכן עס זיצט ר׳ יעקב מרגליות. ער עפנט די גמרא און פרוווט זיך פאַרטיפן אין אַ סוגיא, הויבט אָן ציען אַ שטילן ניגון, אָבער עס גייט עפּעס נישט. די מחשבות רייסן זיך איבער, פליען אַוועק אין מרחקים אָדער אפשר גאָר צו די טעגלעכע דאגות פרנסה.

פון די מחשבות האָט אים אַרויסגעריסן ר׳ יעקב מרגליות, וואָס איז אָנגעגאַנגען פאַר ר׳ חיימס שטענדיקער בר־פלוגתא. איצט האָט ער מיטאַמאָל אויפ־

געהויבן די אויגן פון דער גמרא, אַ קוק־געטאָן אויף ר׳ חיימען מיט אַ פאַרטראַכטן בליק און געזאָגט מיט אַ שטיל קול:

„אין גאַס מוז אַוודאי זיין שטאַרק הייס, האַ?"

„יאָ!" — האָט ר׳ חיים געענטפערט בקיצור.

ר׳ יעקב האָט ווייטער געריידט האַלב צו זיך, האַלב צו ר׳ חיימען:

„אין בית־המדרש פילט מען נישט די היץ, אמת?"

ווידער האָט ר׳ חיים געענטפערט מיט אַ קורצן יאָ, ווי דער שמועס וואָלט אים נישט ניחא געווען, אָבער ר׳ יעקב האָט זיך גאָרנישט געמאַכט פון זיין שווייגעוודיקייט און איז דווקא געווען באַרעדעוודיק:

„ס׳גייט שוין צו די דריי וואָכן... די אַנדערע וואָך איז שוין תשעה־באב, איז שוין דער זומער אַוועק און די טעג ווערן קילער, ס׳קומען שוין אָן די ימים־נוראים..."

געוויינלעך איז ר׳ חיים נישט געווען אַזוי שווייגעוודיק. פאַרקערט, האָט דווקא געזוכט אַ געלעגנהייט אַריינצוזאָגן מיט אַ הלצהלע, אַ וויץ. אַ באַזונדערע הנאה האָט ער געהאַט אַריינצוזאָגן טאַקע ר׳ יעקבן, מיט וועלכן ער פלעגט זיך אויף זיין מילדן שטייגער אַרומקריגן, אָבער אין יענעם תמוז־טאָג איז די היץ באמת געווען גרויס נישט אויסצוהאַלטן. אים האָט זיך געדרייט דער קאָפּ און געקלאַפּט אין די שלייפן און כ׳בין דערפאַר געזעסן אין בית־המדרש, פאַרוקט אין אַ ווינקל און צוגעהערט צום שטילן שמועס פון די צוויי יידן, צו וועלכע איך האָב געטראָגן אַ פאַרבאַרגענע ליבשאַפט אין מיין קינדיש האַרץ, באַזונדערס צו ר׳ חיימען, וואָס האָט פאַרמאָגט אין זיך די וואַרעמקייט פון אַ האַרציקן פאָלקס־מענטש און עס איז אים אפילו אָנגעשטאַנען נאריש צו מאַכן זיך מיט קינדער, לאַכן, רעדן, אין קעגנזאַץ צו אַנדערע וואָלאָמינער יידן, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז פאַר טאַטעס פאַסן זיך נישט אַזעלכע זאַכן. פאַר טאַטעס דאַרף מען דרך־ארץ האָבן און יינגלעך דאַרפן נישט אַרומדרערן אין זייער קעגנוואַרט.

אינגאַנצן אַן אַנדער איז געווען ר׳ חיים טאַפּאַל, דער ויידע פונעם באַרימט־געוואָרענעם אַקטיאָר אין ישראל, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון זיין וואָלאָמינער זיידן, דעם תלמיד־חכם און שאַרפזיניקן וויצלער, מיט עשירות אין האַרצן, אַרעמקייט אין די קעשענעס און דלות אין שטוב.

כ׳דערמאָן זיך: כ׳האָב אים געזען אין די ווינטער־נעכט היטן דאָס פייער אינעם אויוון. אַן אַנדער מאָל האָב איך אים געזען זאָגן די קרבנות מיט כוונה, אָבער מער פון אַלעם געדענק איך זיין שטענדיקן שמייכל דעם זאַנפטן, אין די חנוודיקע קנייטשן צווישן דער באָרד און וואָנסעס און תמיד האָט ער געבורענגט מיט זיך הייטערקייט און שמחה.

ווען ר׳ יעקב מרגליות איז נפטר געוואָרן, איז ר׳ חיים דאָך געגאַנגען אויף דער לוויה. דער עולם האָט געוווּסט, אַז זיי האָבן זיך נישט ליב געהאַט און געקוקט אויף ר׳ חיימען מיט פאַרווּנדערונג. עמעץ האָט אפילו אַ מורמל־געטון: „ווי קומט עס?...״ ר׳ חיים האָט זיך נישט איינגעהאַלטן פון זאָגן אַ הלצהלע: „ס׳גלייבט זיך נישט, אַז ער איז געשטאָרבן... מ׳דאַרף זען ווי מ׳באַגראָבט אים״.

אַלע האָבן געפלעגט גערן צוהערן זיך צו ר׳ חיימס וויצן. בלויז ר׳ יעקב האָט עס נישט סובל־געווען, פלעגט אַרויסנעמען פון קעשענע די רויטע פאַטשיילע, געשנייצט אויפן קול, כדי צו געבן אַ סימן, אַז כאָטש דעם עולם געפעלט עס, ווייל עולם איז גולם, וואָלט ער, ר׳ יעקב, שוין גענוג געהאַט דאָס ליצנות. אָבער אין יענעם הייסן תמוז־טאָג האָט עס אויסגעזען ווי ער וואָלט זיך גערן אַריינגעלאָזט מיט ר׳ חיימען אין אַ שמועס און טאַקע וועגן ימים־טובים: ווי לאַנג איז דען פון פסח?! באַלד איז אַוועק אַזאַ שיינער יום־טוב שבועות, דער יום־טוב פון מתן־תורה, די גרעסטע מתנה, וואָס יידן האָבן באַקומען אויפן באַרג סיני. מען האָט באַשיינפערלעך געפילט די גרויסע פרייד, וואָס איז אויפגעגאַנגען אין אים און ממש געציטערט אין די רייד, אָבער ר׳ חיים האָט, ווי אויף להכעיס, געזאָגט:

„אוודאי, דער רבונו של עולם האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט דער תורה, אָנגעבאָטן זי אַלע פעלקער און קיינער האָט זי נישט געוואָלט נעמען, נאָר מיר האָבן גלייך געשריגן: נעשה ונשמע. וואָס־זשע איז נעבעך שולדיק דער קישענעווער שמש? פאַרוואָס איז אים געקומען צוצושלאָגן אין שול מיט טשוועקעס צום אָרון־קודש? וואָס האָט נעבעך דער שמש געזינדיקט?״

ר׳ יעקב, אַז ער האָט עס דערהערט, איז ער אַרויס פון די כלים, אַז ער האָט אַזש אַ שפּרונג־אונטער געטון פאַר משוגה־דיקער שרעק, ווי די ערד וואָלט איינגעזונקען אונטער אים, און צעשריגן זיך מיט אַ ווילד געשריי:

„שווייג, שווייג... ווען דו ביזט נישט חיים קאַסאָווער, וואָלט איך געזאָגט, אַז דו ביזט אַ שייגעץ, און עוכר ישראל... ביזט מזלזל די הייליקע תורה, ס׳חיות פון אַלע וועלטן...״

ר׳ יעקב האָט געשריגן אויף אַזעלכע קולות, אַז דאָס גאַנצע בית המדרש האָט געציטערט:

„ער וועט פאַרזינקען אין דער נוקבא תהום רבא — ער וועט פאַרפאַלן ווערן אין גיהנום...״

ר׳ חיימען האָבן די קולות נישט אַרויסגעבראַכט פון גדר און ווי ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס דאָס פייער האָט זיך אין ר׳ יעקבן אַזוי צעברענט, האָט ער געהויבן מיט די אַקסלען, נישט געפאַלן ביי זיך און געזאָגט:

„זע נאַר, זע, מ׳טאָר שוין נישט פרעגן אויך? אפילו די תנאים און אמוראים האָבן אויך געפרעגט קשיות און שאלות״.

ר׳ יעקב האָט ביטולדיק אַ מאַך־געטון מיט דער האַנט און זיך מיט ברען צעשאָקלט איבער דער גמרא. רך חיים איז אויך פאַרשוויגן געוואָרן, ווי ס׳וואָלט אים נמאס געוואָרן די פלוגתא, וואָס ער האָט גאָרנישט געמיינט. איבערגעבויגן איבער דער גמרא, האָט זיין שטילער ניגון זיך צונויפגעגאָסן מיט די אַנדערע ניגונים פון די בחורים און יונגעלייט ביי די שכנותדיקע טישן.

דורות־אַלטע גמרא־ניגונים, דינע און הייזעריקע קולות און די ווערטער האָבן זיך געצונדן ווי פלעמעלעך איינס אין אַנדערן, פאַרבענקטע און פריילעכע, פאַרטועטע אין זיך און צעטראָגענע אין אַנדערע וועלטן, העכערע, לויטערע, ווי די מחשבות, וואָס טראָגן זיך מיטן געפלאַטער פון די פייגל ביים זינגען שירה צום באַשעפער פון אַלע וועלטן.

טייערע, הייליקע געשטאַלטן פון אונדזער חרובער היים. מיט טויזנטער פעדעם בין איך פאַרבונדן מיט זיי, אייגן בלוט און פלייש, ווען אונטער־געהאַקטע לעבנס וועלן מיר נאָכגיין ווי שאָטנס ביזן קבר.



פעסע־פייגע ווענגראַווער
און אסתר־מלכה באַראַקאַווסקי־שטיינבערג

# די שטוב
# פון
# אונדזערע עלטערן


נדזער שטוב איז שטענדיק געווען אָפֿן פֿאַר הונגעריקע און נויט־באַדערפֿטיקע. זיי האָבן געוווּסט, אַז זיי ווען אין אונדזער שטוב געפֿינען אַן אויסגעשטרעקטע האַנט גרייט צו העלפֿן. אונדזערע עלטערן חיה און לייבל בוראַקאַווסקי זכרונם לברכה האָבן געטראָגן אויף זיך דעם עול צו זאָרגן, אַז אין שטעטל זאָל חלילה אַן אָרעמאַן נישט בלייבן אָן חלות און פֿלייש אויף שבת. זיי האָבן אַליין געגעבן און געזאָרגט, אַז אויך אַנדערע זאָלן נישט פֿאַרגעסן אין נויטבאַדערפֿטיקע.

דער טאַטע האָט אין די פֿריִע יאָרן געלאָזט שרייבן אַ ספר־תורה פֿאַר דער שול אין וואָלאָמין. ווען מען האָט געפֿירט די ספר־תורה אין שול אַריין איז אין שטעטל געווען אַ גרויסער יום־טוב. יונג און אַלט האָבן אָנטיילגענומען אין דער שמחה. די גאַנצע שטאָט איז געווען העל באַלויכטן אין יענעם אָוונט און די פּאָליציי איז געשטעלט געוואָרן אויף די פּיס אָפּצוהיטן די אָרדענונג. ייִדן האָבן געזונגען און געטאַנצט איבערן גאַנצן וועג פֿון פֿירן די ספר־תורה אין שול אַריין.

גרויס איז געווען דער טרויער, ווען מען האָט אין אַ צייט אַרום אַרויס־געגנבעט פֿון בית המדרש די ספר־תורה צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע ספרי־תורה.

זייענדיק אַן אַמשינאָווער חסיד, פֿלעגט דער טאַטע אָפּט פֿאָרן צום רבין, אָבער דאָס האָט אים נישט געשטערט צו זיין אויך אַן ענערגישער און פֿעאיקער סוחר. זיין הויפּט־פּרינציפּ אין מסחר איז געווען: „מוצא שפתיך תשמור“ און ער האָט זיך אויסגעצייכנט דערמיט, וואָס ער האָט געהאַלטן זיין וואָרט פֿאַר יעדן פּרייז. און איז טאַקע געווען באַרימט ווי אַן ערלעכער וואָרטסמאַן. די, וואָס האָבן אים געקענט נעענטער, האָבן געוווּסט אַז נישט געקוקט אויף זיין דבקות אין חסידות, איז ער אָבער נישט קיין בטלן. ער האָט באַהערשט עטלעכע שפּראַכן.

אויף אונדזער הויף האָט זיך געפֿונען דאָס אמשינאָווער חסידים־שטיבל,

וווּ מען האָט געדאַוונט און געלערנט. נאָכן טאַטנס פּטירה, האָט די מאַמע מקיים געווען אַלע הבטחות און התחייבותן, וואָס דער טאַטע האָט אויף זיך גענומען לגבי דעם אַמשינאָווער רבין. דער רבי האָט געוווינט אין אָטוואָצק און איך געדענק ווי מיין מוטער איז מיט מיר אַמאָל געפאָרן צום רבין קיין אָטוואָצק. עס איז נישט געווען גרינג אָנצוקומען צום רבין. עס זענען געווען פאַלן, ווען מען האָט געמוזט וואַרטן גאַנצע טעג, אָבער מיין מוטער איז געווען אַן אויסנאָם



ר׳ אריה־לייב באָראָקאָווסקי

און זי איז גלייך אויפגענומען געוואָרן און איך געדענק מיט וואָס פאַראַ באַגייסטערונג זי האָט גערעדט וועגן הייליקן רבין, וועגן זיינע לויטערע אויגן, וואָס האָבן געקוקט אויף די חסידים מיט אַזויפיל ווייכקייט און רחמים.

ערלעך און פעאיק האָבן אונדזערע עלטערן געפירט דעם גרויסן סקלאַד פון האָלץ און אַנדערע בוי־מאַטעריאַלן, ווי אויך דאָס געשעפט מיט וויינען און קאָנצעסיע אויף בראָנפן, וואָס מיר האָבן געהאַט ביזן יאָר 1937 ווען מען האָט אין רעזולטאַט פון פאַרשטאַרקטן אַנטיסעמיטיזם צוגענומען ביי אונדז די קאָנצעסיע.

אויף זיין פאָסטן אַלס ראַטמאַן און דאַזער אין דער קהילה, ווי אויך מיטגליד אין דער חברה קדישא, איז דער טאַטע געווען באַליבט און פאַרערט דורך אַלע, וואָס זענען געקומען מיט אים אין באַרירונג.

עס דערמאָנט זיך מיר יענע צייט, ווען עס איז אויך געווען ראַטמאַן ציטאָווסקי, וועלכער האָט געהאַט אַ גאַרבעריי נעבן בית־עלמין. צווישן אים און מיין פאָטער האָט זיך פאַרבונדן אַ נאָענטע פריינטשאַפט און ווען די גאַרבעריי איז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געבליבן שטיין און נישט געהאַט קיין מיטלען צו ברענגען זי אין באַוועגונג, האָט ציטאָווסקי זיך געוואָנדן צו מיין פאָטער, ער זאָל צושטיין אַלס שותף און מיט געמיינזאַמע כוחות צוריק עפענען די גאַרבעריי. ביי יעדער געלעגנהייט האָט דער פּוילישער ראַטמאַן אונטער־

געשטראָכן די ערלעכקייט פון אונדזער פאָטער און דאָס שותפות האָט ווירקלעך אויסגעהאַלטן ביז די לעצטע יאָרן פונעם טאַטנס לעבן.



אַלע זיינע יאָרן איז דער טאַטע געווען אַ הייסער ציוניסט און תמיד ג־טראַכט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. צום באַדויערן אָבער האָט ער דאָס נישט דערלעבט. די ליבשאַפט צו ארץ־ישראל האָט ער איינגעפלאַנצט אין אונדזערע הערצער און דערצויגן אונדז אין דעם גייסט פון שטרעבן עולה צו זיין אין הייליקן לאַנד.

חיה בוראקאָווסקי, אומגעקומען אינעם מורא־דיקן גיהנום. מיר ווייסן נישט ווען און ווו.

נאָך מיין חתונה, אין יאָר 1934 האָב איך צוזאַמען מיט מ־ין שוועסטער מלכה און איר מאַן איינגעצאַלט אויף אַ סערטיפיקאַט, אָבער מיר זענען דעמאָלט געפאַלן קרבנות פון אַן אַפערע. אין יאָר 1939 זענען מיר אַוועק קיין אַרגענטינע. אויך דאָרט האָבן מיר דערצויגן אונדזער קינד אין חלוצישן גייסט און אין עלטער פון 22 יאָר איז מיין זון אַוועק אַלס חלוץ אין קיבוץ עין השלושה. צען יאָר איז ער געווען אין קיבוץ אַן אונדז. אין יאָר 1965 האָבן מיר ליקווידירט אַלע אונדזערע געשעפטן אין אַרגענטינע און עולה געווען קיין ישראל. אויך מיין עלטערע שוועסטער איז מיט איר גאַנצער משפחה געקומען קיין ישראל מיט דער פולער גרייטקייט זיך מקריב צו זיין פאַר דער יידישער מדינה. דאָס איז דער גייסט פון אונדזער פאָטער, וועלכער האָט אונדז דערצויגן אין גרענעצלאָזער ליבשאַפט צו דער אידעע פון שיבת־ציון.

מיר האָבן געהאַט נאָך צוויי ברידער: גדליה און חיים. גדליה איז אומגעקומען צוזאַמען מיט מיין מוטער אינעם גרויסן חורבן וואָס האָט געטראָפן דעם גאַנצן פוילישן יידנטום. חיים איז געשטאָרבן אַ האַלב יאָר פאַרן פאָטער, אינמיטן חודש אלול. ער האָט איבערגעלאָזט אַ זון פון אַ יאָר, וועלכער האָט געלעבט ביז צו יענעם טאָג, ווען היטלער האָט אָנגעהויבן די שחיטה איבער זעקס מיליאָן יידן.

אין אונדזער הויז האָט געוווינט די פרוי הינדע באַרטשעווסקי, וואָס האָט געפירט אַ שניט־געוועלב. זי האָט געהאַט עטלעכע טעכטער און אַ זון, וועמענס



אַ בשותפותדיק בילד פון די זין און טעכטער פון די משפּחות:
בוראַקאָווסקי, בראַדשטיין און קאָווער.

נאָמען עס איז געווען יידל. דאָס עלטערע מיידל לאה האָט זיך מיט אונדז געחברט און גענומען ביי אונדז ביכער, וואָס מיר האָבן באַקומען פון דער ביבליאָטעק. אויך יידל האָט ליב געהאַט צו לייענען ביכער. זיי האָבן עס געמוזט טון הינטער די פּלייצעס פון דער מוטער, וועלכע איז געווען זייער אַ פרומע און האָט נישט דערלויבט זיי צו לייענען אַפּיקורסישע ביכער. עס האָט געטראָפן, אַז די מוטער האָט געכאַפּט ביי זיי די טריפהנע ביכער און האָט זיי מיט גרויס כעס צעריסן. אונדזערע עלטערן האָבן געוווּסט וועגן דעם, אָבער האָבן תמיד אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש סיי פאַר איר און סיי פאַר אונדז. אויך אונדזערע עלטערן זענען געווען פרום און אָפּגעהיטן, האָבן אָבער אונדז נישט פאַרווערט צו לייענען די ביכער, האָבן אונדז אַרויסגעוויזן טאָלעראַנץ און פאַרשטאַנען אַז מיר טאָרן נישט זיין אָפּגעשטאַנען און דאַרפן וויסן וואָס עס טוט זיך אין דער וועלט.

הינדעס טעכטער און זון זענען שפּעטער געוואָרן קאָמוניסטן. זיי זענען אַוועק קיין פּאַריז. יידל איז נאָך דער מלחמה געווען אין וואַרשע מיטרעדאַקטאָר פון דער „פאָלקס שטימע״.

מיר דערמאָנט זיך אונדזער טעטיקייט אין דער ביבליאָטעק. איך האָב דעמאָלט גענומען אויף זיך צו שאַפן ביכער. עס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן רעפעראַטן און פאָרלעזונגען, דיסקוסיעס און קעסטל־אָוונטן. מלך מאננע איז

געווען סעקרעטאַר און יעקב צוקער — קאַסירער. איך בין געווען די ביבליאָ־טעקאַרין, אַבער ווען עס האָט זיך געשאַפן די קאָמוניסטישע גרופּע האָבן זיי זיך גענומען צום פאַרכאַפּן די מאַכט פון דער ביבליאָטעק. זיי האָבן אָן אַ פּאַרוואָס אויסגעשלאָסן מיטגלידער, נישט גערופן קיין פאַרזאַמלונגען און געטאָן וואָס זיי איז געפעלן. אונדזער קעגנשטעלן זיך האָט נישט געגעבן קיין רעזולטאַטן. די קאָמוניסטן האָבן זיך נישט גערעכנט מיט קיין שום סענטימענטן, כאָטש זיי האָבן געוווּסט וויפיל מי און ענערגיע מיר האָבן אַוועקגעגעבן ביים שאַפן די ביבליאָ־טעק. ווען עס איז דאָרט נישט געווען קיין באַנק אַוועקצוזעצן זיך האָב איך אַרויסגענומען אַ באַנק פון אַמשינאַווער שטיבל, וואָס האָט זיך געפונען אין אונדזער הויף. עס איז דעמאָלט געקומען צו אַ סקאַנדאַל. דער עולם איז געקומען שבת צום דאַווענען און נישט געהאַט ווו זיך אַוועקצוזעצן. עס האָבן דעמאָלט מיר נישט געפעלט קיין צרות. לסוף האָבן מיר געמוזט אָפּטרעטן און אַוועק פון דער ביבליאָטעק, וועלכע איז געוואָרן באַהערשט דורך די קאָמוניסטן.

מיר זענען אָבער נישט אָפּגעשטאַנען און האָבן אינגיכן געשאַפן אַ ציוניס־טישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „תרבות". דאָרט האָבן מיר




מלכה בוראקאָסווקי—שטיינבערג מיט איר מאַן און זון ביי דער מצבה פון איר פאָטער ר' לייב באראָקאָווסקי.

געפירט אַ לעבהאַפטיקע טעטיקייט, אָרגאַניזירט לעקציעס צו לערנען העברעאיש. דער לערער איז געווען וואָלפאָוויטש, דער פאָטער פון דעם אקטיאָר נתן וואָלפאָ־וויטש, וואָס לעבט היינט אין ישראל. עס זענען אויך פאָרגעקומען פאָרלעזונגען און רעפעראַטן אויף פאַרשידענע טעמעס, אויף די קעסטל־אָוונטן זענען די יוגנט־לעכע געקומען מיט צוגעגרייטע פראַגן, וועלכע האָבן די גאַנצע וואָך געעקבערט זייערע מוחות. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן שוין נישט קשהדיק גערעדט עברית. מען האָט גיריק געשלונגען ניי אויסגעלערנטע ווערטער און געפרייט זיך מיטן באַרייכערטן באַגאַזש, וואָס האָט דערמעגלעכט צו פירן אַ ווערטער־אויסטויש אין דער העברעאישער שפּראַך.

ביים זאַמלען געלטער פאַר קרן היסוד, קרן קיימת און שקלים־פאַרקויף האָט די יוגנט פון תרבות אַרויסגעוויזן אַ סך אַקטיווּיטעט און התלהבות. אויף בלימל־טעג, וואָס מיר האָבן אָרגאַניזירט, פלעג איך אָפטמאָל גיין צוזאַמען מיט גאָלדע סאלאַוש און עס פלעגט טרעפן, אַז אויך קריסטן האָבן זיך באַשטייערט פאַר אונדזערע אַקציעס.

אונדזער שטוב איז אויך געווען אַ בית־ועד לחכמים. חסידים, לומדים און סתם יידן זענען געווען אָפטע איינגייערס אין אונדזער שטוב. דעם טאַטנס בעסטע ידידים זענען געווען: דער שוחט ישראל־מרדכי טענטשא, מאַנדלבערג, משה מאַננע, מארגוליעס און אַ סך אַנדערע טייערע און האַרציקע יידן.

זאָל זיין געבענטשט זייער אָנדענק!



# אונדזער היים

## דער טאַטע

געווינט האָבן מיר אין דער שול־גאַס. אונדזער דירה האָט זיך ווייניק אונטערשיידט פון אַלע אַנדערע באַלעבאַטישע דירות אין שטעטל איינגעאָרדנט לויטן אַלטן שטייגער. דער טאַטע, ר׳ העניך גאָלד־וואַסער, אַ פרומער ייד, אַ גערער־חסיד, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן פאַרברענגט על התורה ועל העבודה. זינט איך בין צו מיין שכל געקומען געדענק איך מיין טאַטן, ווי ער פלעגט אויפשטיין יעדן פאַרטאָג, זומער און ווינטער, ווען עס איז נאָך געווען פינצטער אינדרויסן, איז געגאַנגען אין בית המדרש לערנען און ערשט נאָכן אָפּדאַוונען שחרית איז ער געקומען אַהיים, גענומען זיך צו זיין שווערער אַרבעט, צום לערנען תורה מיט די קינדער פון שטעטל.



ר׳ חנוך גאָלדוואַסער מיט זיין הויז־געזונד אין זייער דירה.

דער טאַטע איז געווען אַ מלמד אין דער וואָלאָמינער תלמוד־תורה. ער האָט ליב געהאַט זיין אַרבעט פון דערציען קינדער על ברכי התורה און די יידן פון שטעטל האָבן געהאַט צו אים גרויס צוטרוי און אָנפאַרטרויט אים זייערע קינדער, ווויסנדיק, אַז זיי וועלן ביי אים באַקומען אַ גוטע יידישע דערציאונג. מען האָט אים אַרויסגעוויזן גרויס דרך־ארץ און כבוד.

דער טאַטע האָט שווער געהאָרעוועט ביי דער דאָזיקער אַרבעט, אָבער קוים אַרויסגעצויגן פּרנסה, דאָך איז ביי אונדז געפירט געוואָרן אַ באַלעבאַטישע שטוב, אַ פיין מוסטערהאַפט משפחה־לעבן.

אַ וואַרעמע יידישע שטוב, אין וועלכער עס האָט געהערשט די אַטמאָספער פון אַ הויכער מאָראַל. די קינדער זענען געווען געטריי און צוגעבונדן צו די

עלטערן און באַזונדערס שטאַרק געפילט אין זיך די זאָרג פאַר דער מאַמען, וואָס איז געווען אַ שוואַכע און קראַנקע פרוי און האָט זיך אָפּטמאָל געניטיקט אין אונדזער הילף. מיר האָבן דערפאַר זיך אויסגעלערנט זאָרגן אַליין פאַר זיך, ווייל דער טאַטע איז געווען צופיל פאַרנומען מיט קהלהשע זאַכן, מיט מצוות, מיט טובות פאַר פאַרשידענע נויטבאַדערפטיקע.

דער טאַטע איז אויך געווען גבאי פון דער חברה קדישא. דאָס איז געווען אַן אַרבעט פון חסד של אמת, צו וועלכער נישט יעדער איז געווען מסוגל און דערוואַקסן. געווען אַזעלכע וואָס האָבן נאָר געזען די סעודות, וואָס די חברה קדישא פלעגט איינאָרדענען יעדעס יאָר אין פורים און אַנדערע קלענערע פרייַלעכע צונויפטרעפן. דער וואָס האָט פון דער נאָענט אָבסערווירט די טעטיקייט פון דער חברה קדישא אין אונדזער שטעטל האָט דערפילט די הייליקייט פון זייער אַרבעט. נישט יעדער האָט געהאַט די זכיה אַרייַנגעצויגן צו ווערן אין דער אַרבעט פון דער חברה קדישא. דער טאַטע איז געווען איבערגעגעבן דער דאָזיקער אַרבעט מיט לייב און לעבן און ער האָט געפילט אויף זיך די גרויסע אחריות סיי פאַר דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט, סיי פאַר די באַזונדערע פייערלעכקייטן, וואָס זענען געפּראַוועט געוואָרן אין אונדזער שטוב: די סעודה, אַ קידוש נאָך תענית. דעם טאַטנס התלהבות האָט זיך אויך אונדז איבערגעגעבן און מיר האָבן צוליבן כבוד צום טאַטן געהאָלפן אים ביים צוגרייטן און איינאָרדענען די פייערלעכקייטן. דער טאַטע האָט אין דער טעטיקייט פון דער חברה קדישא געזען אַ גרויסע מצווה און האָט פרום אָפּגעהיטן אַלע אירע מנהגים, אויף וועלכע ער האָט נישט מוותר געווען אפילו זייענדיק אין געטאָ.

די דייטשן האָבן אין געטאָ אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז מען זאָל די טויטע באַגראָבן נישט אין לייוונטענע תכריכים, נאָר איינוויקלען אין פאַפּיר. דער טאַטע האָט אין דעם געזען אַ שוידערלעכן בזיון המת און האָט געענטפערט, אַז ווי לאַנג ער וועט לעבן, וועט ער נישט דערלאָזן, אַז מען זאָל די מתים באַגראָבן אין פאַפּיר. מען האָט אים דערפאַר איינגעזעצט אין תפיסה.

ער איז געבליבן געטריי און ערלעך זיינע אויפגאַבע ביז די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן און האָט זוכה געווען צו שטאַרבן אין געטאָ און נישט געדאַרפט מיטמאַכן די פיין פון לאַגער און קרעמאַטאָריע.

## אונדזער מאמע

גערופן האָט מען זי: ר׳ העניעכס ווייב. אפילו ביים ווענדן זיך דירעקט צו איר האָט מען איר צוגעטיילט דעם דאָזיקן כבוד און נישט געוואַגט צו רופן זי פּראָסט ביי איר נאָמען לאה.

זי איז געווען אַן אָפּגעהיטענע ייִדישע טאָכטער, געדאַווענט דריי מאָל אין טאָג, און כאָטש זי האָט געקענט אויסנווייניק דאָס גאַנצע דאַווענען, האָט זי אָבער פון גרויס אָפּגעהיטנקייט, זי זאָל נישט מאַכן קיין טעות, געדאַווענט פון גראָבן „קרבן־מנחה־סידור". אַזוי זע איך זי לעבעדיק פאַר מײַנע אויגן מיט אירע אָנגעטוענע ברילן, נידעריק אויף דער נאָז, מיט בענדלעך אויפן אָרט פון די אָפּגעבראָכענע דרעטלעך. די ברילן האָט זי אויך אָנגעטון צום שטריקן די פאַרשידענע זאַכן פאַר אירע קינדער.

די מאַמע איז געווען אַ גרויסע בריה אין דער ווירטשאַפט און אין דערציִען קינדער. כ'געדענק די גרויסע פרייד ווען עס האָט חתונה געהאַט מײַן עלטסטער ברודער הערשל, גענומען אַ פֿײַנע פרוי און אויך זײַנע קינדער האָט ער דערצויגן אינעם גייסט פון אונדזער שטוב. שפּעטער האָט חתונה געהאַט מײַן שוועסטער אסתר־גיטל, מײַן ברודער אברהם־יצחק, איז געווען אַ ישיבה־בחור, האָט שײַן געזונגען און איז דינענדיק אין פּוילישן מיליטער געוואָרן אַן אינוואַליד. ער האָט חתונה געהאַט מיט שמעון־נתן־מלמדס טאָכטער, אַ פֿײַנע פרוי, מיט וועלכער ער האָט געהאַט זיסע און טייערע קינדער, געבויט אַ שײַן משפחה־לעבן. אַזאַ שײַנע ייִדישע שטוב האָט אויך געפירט ישראלקע מיט זײַן פרוי. אַלע זענען זיי אומגעקומען, געוואָרן פאַרגאַזעוועט און פאַרברענט דורך די היטלעריסטישע רוצחים.

## שבת

אומפאַרגעסלעך איז אונדזער אַלטע ייִדישע היים מיט דעם אינהאַלטסרייכן ייִדישן לעבן, די מנהגים, דער שבת און יום־טוב, וואָס האָבן אויסגעפּילט אונדזער לעבן מיט אַזויפיל האַרציקע וואַרעמקייט.

ביז הײַנטיקן טאָג פיל איך די קדושה פונעם פרײַטיק־צו־נאַכטס, ווען דער טאַטע מיט די זין זענען געקומען פון בית־המדרש און אין שטוב האָט זיך דערהערט דאָס שײַנע געזאַנג פון „שלום עליכם, מלאכי השלום". שײַן האָט געקלונגען אין די אויערן דעם טאַטנס קידוש, צו וועלכן ער איז נישט צוגעטרעטן אויב עמעץ פון די קינדער, אפילו פון די טעכטער, האָט געפעלט אין שטוב. עס פלעגט טרעפן, אַז עמיץ פון אונדז, מיידלעך, איז צופעליק געווען אין גאַס, אָבער ווען זי האָט דערזען, אַז מען גייט פון דאַווענען, איז זי שנעל אין איין אָטעם אַהיימגעלאָפן וויסנדיק, אַז דער טאַטע וועט וואַרטן מיטן קידוש.

די שבתדיקע קיך, מיט דער שבתדיקער טיי, וואָס האָט געדאַרפט זײַן כשר למהדרין, האָט פאַרנומען אַ וויכטיק אָרט אין אונדזער שטוב, פון גאַנץ פרי אָן פלעגן שבת קומען שכנים מיט אַ שעפער נעמען ביי אונדז טיי, וועלכע מען פלעגט יעדן איינעם אָקעגנטראָגן בתשואות־חן. עס פלעגן קומען צו אונדז



**שמואלקע וויינבערום מיט זיין מוטער, רבקה־לאה**

האָט אין די יונגע יאָרן געלערנט אין אַ ישיבה, געווען ווי זיין פאָטער אַ הייסער גערער חסיד, דערנאָך איז ער געווען אַקטיוו אין צעירי אגודת ישראל

**אויך דעם טאַטנס ידידים טרינקען אַ גלאָז שבתדיקע טיי, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן לויטן שטרענגסטן דין.**

## ימים טובים

**ענלעך האָבן אויך אויסגעזען די ימים־טובים מיט דער אָפּגעהיטנקייט פון אַלע דינים. ראש השנה איז דער טאַטע פאַרן דאַוונען געלאָפן אין מקווה אַריין. ערב יום־כיפור איז ער געגאַנגען אין מקווה אינדערפרי און פאַרנאַכט נאָכן עסן. אַהיימקומענדיק פון מקווה האָט ער אָנגעטון דעם ווייסן קיטל, געבענטשט די קינדער און אָנגעוואָרפן אויף אונדז דעם הייליקן פחד פאַרן יום הדין.**

**מוצאי יום־כיפור האָט מען זיך גלייך גענומען צום שטעלן די סוכה, ביי וועלכער מיינע ברידער זענען געווען שטאַרק באַשעפטיקט. די מיידלעך האָבן געהאָלפן דער מאַמען ביים צוגרייטן די גוטע מאכלים. די מאַמע האָט תמיד געזאָרגט, אַז זי זאָל נישט בלייבן פאַרשעמט פאַר אַנדערע ביים אַריינגעבן די שיינע פּאָרציעס אין סוכה.**

**די ערשטע נאַכט סוכות זענען מיר אַלע געגאַנגען הערן דעם טאַטנס שיינעם זינגענדיקן קידוש און געטון אַ זופּ פונעם וויין.**



**משה און שרה וויינבערום, ברודער און שוועסטער**

משה איז געווען אַקטיוו אין „השומר־הצעיר". זיין גאַנץ לעבן האָט ער געשטרעבט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל און ליידער נישט זוכה געווען. ערגעץ אין סיביר איז ער געשטאָרבן נאָכן דורכמאַכן דאָרט שווערע און ביטערע מלחמה־יאָרן, ליידנדיק יסורים פון הונגער און קעלט.

צומאַרגנס אינדערפרי האָבן מיר געדאַרפט אויפשטיין פרי בענטשן אתרוג ווייל שפּעטער איז דער טאַטע מיט די זין אַוועק אין בית המדרש און מיטגענומען דעם אתרוג. נאָכן דאַווענען זענען צו אונדז געקומען פרויען, וועמענס מענער האָבן נישט געקויפט קיין אתרוג און געבעטן ביי אונדז דערלויבן זיי בענטשן אתרוג. אין די אויערן קלינגען מיר נאָך זייערע פראַגן ביים אַריינקום אין אונדזער שטוב:

„ר׳ הענעכס ווייב, מען קען ביי אייך בענטשן אתרוג?"

די מאַמע האָט פרום און פריילעך געענטפערט:

„מיט גרויס כבוד און פאַרגעניגן!"

אין זכרון איז מיר אויך געבליבן דאָס לייענען פורים די מגילה. דער טאַטע פלעגט אין שטוב לייענען פאַר אונדז אַלע די מגילה און מיר פלעגן דאַרפן אַריינרופן די שכנים, זיי זאָלן זיך צוהערן צום לייענען די מגילה. ביים אַוועקגיין פלעגן זיי אונדז ווינטשן: „מיר זאָלן אם ירצה השם דערלעבן לייענען די מגילה אויך איבער אַ יאָר".

באַזונדערס ליכטיק און שיין איז געווען דער יום־טוב פסח. עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס רוימען און ריניקן, דאָס באַנייען מלבושים און שיך, אָבער אַמשענסטן איז געווען דער סדר, דאָס זאָגן די הגדה. דער טאַטע האָט פאַר אונדז אויסגעטייטשט יעדן פסוק און מיר האָבן פונסניי איבערגעלעבט דעם גרויסן נס פון יציאת מצרים. מען האָט געזונגען „במהרה בימינו", „חד־גדיא".

די שטימונג, די קדושה און די דערהויבנקייט פון יענע טעג זענען געבליבן איינגעקריצט אין זכרון און אין געמיט ביזן היינטיקן טאָג.



שמואל ניסנקראַן



# די משפחה ניסנקראַן

ר' דוד ניסנקרױן איז נפטר געװאָרן אין יאָר תרפ"ז (1937), האָט איבער־געלאָזט פיר זין און צװיי טעכטער מיט אייניקלעך. אין דער מלחמה האָבן די היטלעריסטן אומגעבראַכט די גאַנצע משפּחה, בלויז צוויי זין האָבן זיך על פּי נס געראַטעװעט פון די מערדערישע הענט. יאָסל געפינט זיך היינט אין פּאַריז און שמואל — אין אַמעריקע.

ר' דוד ניסנקראַן האָט געהערט צו די אָנגעזעענע באַלעבאַטים אין װאָלאָמין. איז געװען אַן אַמשינאָװער חסיד און דערצויגן זיינע קינדער אויפן חסידישן דרך. זיין זון אהרון איז געװען אַ שוחט. די אַנדערע האָבן געלערנט אין ישיבות און די צוויי טעכטער זענען געװען בית־יעקב שילערינס.

ר' דודס פרוי איז געװען אַן ערלעכע און גוטע באַלעבאָסטע, אַ גאַסטפריינד־לעכע און זייער שטוב איז געװען אָפן פאַר יעדן נויטבאַדערפטיקן, פאַר יעדן שליח לדבר מצווה. כאָטש ר' דוד איז נישט געװען קיין גרויסער גביר איז ער אָבער שטענדיק גרייט געװען צו טון אַ גמילות חסד און געבן צדקה מיט אַ ברייטער האַנט.



ר' דוד ניסנקראַן מיט זיין פרוי און זון

ר׳ דוד איז געווען אַן אָנגעשטעלטער אין דער גלאָז־פאַבריק ביי די ברוקן פון פלאַנצרייך. ווען די פאַבריק האָט זיך פאַרמאַכט האָט ר׳ דוד זיך גענומען צום האַנדל מט בלוי געפּעס אויפן מאַרק. פונעם דאָזיקן געשעפט האָט ער געצויגן זיין פרנסה בכבוד, נישט געזשאַלעוועט קיין הוצאות אויף שכר לימוד פאַר די קינדער געשיקט זיי אין די ישיבות, איינעם קיין וואַרשע, אין דער ישיבת „תורת חיים״ איינעם קיין באַראַנאָוויטש אין דער ישיבה פון ר׳ אלחנן וואַסערמאַן.

די טעכטער, שילערינס פון דער בית יעקב שול, האָבן תמיד פאַרברענגט אין אַ קרייז פון חסידישע טעכטער.

ער האָט געהערט צו די, וואָס האָבן זיך קיינמאָל נישט געיאָגט נאָך קיין כבוד, געהאַלטן זיך פשוט און באַשיידן, געווען אַ בעל־קורא אין אַמשינאָווער שטיבל, האָט אָנטיילגענומען אין לערנען די שיעורים אינעם בית המדרש, ווו מען האָט יעדן פאַרנאַכט, צווישן מנחה און מעריב געלערנט אַ פּרק משניות אָדער אַ בלאַט גמרא.

זייענדיק אַ שמח בחלקו איז זיין גרעסטער באַגער געווען צו דערציען זיינע קינדער בדרך הישר און געהאַלטן פאַר אַ זכיה צו דערלעבן צו האָבן אַ זון אַ שוחט אין אַ קליין שטעטל נעבן קעלץ.

נאָך ר׳ דוד׳ס פטירה האָט דאָס ווייב מיט די טעכטער ווייטער געפירט דעם מסחר און די קינדער האָבן ממשיך געווען צו גיין אין דעם דרך, וואָס זייער פאָטער האָט פאַר זיי אָנגעצייכנט.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה בין איך געווען אין באַראַנאָוויטש וואָס האָט זיך געפונען אויף דער רוסישער זייט. איך האָב ווייטער געלערנט אין דער ישיבה. נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו פאָרן קיין וואָלאָמין, כאָטש כ׳האָב אַזוי שטאַרק געוואָלט זען די מאַמע, די שוועסטערס און ברידערס, וועלכע איך האָב שוין טאַקע מער קיינמאָל נישט געזען. עס איז מיט זיי געשען דאָס גרויזאַמע וואָס עס האָט געטראָפן אַלע וואָלאָמינער יידן אין געטאָ. קיינער פון זיי האָט זיך נישט געראַטעוועט פון די מערדערישע הענט. זיי האָבן זיך שווער געראַנגלט צו דערהאַלטן זיך ביים לעבן, אָבער דער גורל פון אַלע יידן האָט זיי אויך נישט אויסגעמיטן.

מיין עלטערע שוועסטער חנטשע, אַ פאַרהייראַטע מיט דריי קינדער, אין פּאַריז האָבן אויך דאָרט נישט אויסגעמיטן דעם פינצטערן גורל און עס האָט זיי געטראָפן די אכזריותדיקע האַנט פון די היטלעריסטן. בלויז איך מיט מיין ברודער יאָסל זענען געבליבן די איינציקע פון דער גרויסער און שיינער משפחה.

נח שולץ



# די חופה אויפן בית־עולם

מיין פאָטער אהרון־בינעם איז געווען פון די עלטסטע תושבים אין וואָלאָמין. מיינע ברידער: חיים דער שוחט און שלמה זענען צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס אומגעקומען אויף קידוש השם. זיי האָבן געטיילט דעם גורל פון אַלע יידן אין וואָלאָמין.

אָנהויב יאָר 1919 איז אין וואָלאָמין אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע, וואָס האָט געקאָסט אַ סך קרבנות, יונגע און אַלטע. די ערשטע קרבנות זענען געווען: שרה בורשטין, אַ יונג און שיין מיידל; דער זון פון העניך הינדעס, לייבל בוראָקאָווסקי, זעליק קצב, די טאָכטער פון יעקב דזשאבאק, אַ יונג מיידל.

אין יענער צייט איז אויסגעבראָכן אין שטעטל אַ קאָנפליקט צווישן רב מיט די שוחטים, וועלכע האָבן געטענהט, אַז זיי פאַרדינען ווייניק און זענען נישט אומשטאַנד צו האַלטן זייערע התחייבותן לגבי דעם רב. די שוחטים האָבן געהאַלטן, אַז אויך די באַלעבאַטים דאַרפן אויסטראָגן אַ טייל פונעם עול ביים אויסהאַלטן דעם רב. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דער רב האָט געאסרט די שחיטה. דאָס האָט נאָך צוגעגעבן אַ געוויסן אומרו צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין שטעטל. מען האָט גענומען זוכן וועגן ווי אַזוי אָפּצושטעלן די מגיפה. דער גורל איז געפאַלן אויף אולע וואַסערטרעגער, וועלכן מען האָט באַשלאָסן חתונה צו מאַכן מיט זינדל קאוואלס טאָכטער און שטעלן די חופה אויפן בית־עולם.

צו דער חתונה האָט זיך געגרייט די גאַנצע שטאָט. אַלע האָבן זיך געפילט ווי מחותנים און אַלע יידן פון שטעטל זענען געקומען צו דער חופה אויפן בית־עולם.

שמואל ווינאגארא האָט פאָרגעשלאָגן דעם רב, אַז מען זאָל איינשטעלן אַ פדיון נפש. ד״ה אַז יעדער, וואָס וועט אַריינקומען אין זאַל וווּ עס איז נאָך דער

חופה פֿאַרגעקומען די חתונה וועט דאַרפֿן אויסקויפֿן אַ בילעט און דאָס געזאַמלטע געלט פֿלעגט מען אַוועקגעבן דעם נייעם פֿאַרפֿאַלק.

דעם רב איז דאָס זייער געפֿעלן און מען האָט אַוועקגעשטעלט ביי דער טיר שמואל ווינאַגאַרא און יצחק בראַטשטיין.

די הכנסה איז ווירקלעך געווען אַן אָנזעעוודיקע. יעדער האָט געוואָלט אַריינגיין און אַ קוק טון אויף דער כּלה, וועלכע איז איינגעשטאַנען ביים וואַרשעווער בעקער. ייִדן האָבן זיך גערן בייגעשטייערט, האָבן געגלויבט, אַז די חופה אויפֿן בית עולם וועט ברענגען די ישועה און אָפּשטעלן די עפּידעמיע.



שמואל ווינאַגאַרא, אליעזר וואַגמאַן און נח שולץ ביי דער מצבה, וואָס די וואָלאָמינער לאַנדסלייט האָבן אויפגעשטעלט נאָך די קדושים פון אונדזער חרוב־געוואָרענער יידישער קהילה אין וואָלאָמין.

דבורה גראַדזשיצקי־שיכט

# טראַדיציעס פון שבת און אינדערוואָכנס

ומער. פרייטיק פאַרנאַכט, אויף דער לאַנגער גאַס אין שטעטל איז אַ געדיכטע באַוועגונג. עס איז נאָר וואָס אָנגעקומען אַ באַן פון וואַרשע, דער לעצטער צוג פאַר ליכט־בענטשן, מענטשן גייען מיט אייליקע טריט אַהיים. דאָס זענען די יידישע פּאַסאַזשירן, וואָס איילן אַהיים, ווילן זיי וואָס גיכער זיין מיט זייערע פאַמיליעס, איידער עס ווערט טונקל און עס קומט אָן די מלכּה שבת.

וואָלאָמינער יידן זענען געווינט צו יאָגעניש. דאָס איילן זיך איז געווען אַ טייל פון זייער לעבנס־שטייגער. דאָס לעבן אין שטעטל איז געווען ענג פאַר־בונדן מיט דער הויפּטשטאָט, וואַרשע איז דאָך געווען אַ שפּאַן, אינגאַנצן ניינצן קילאָמעטער. דער קרעמער איז געפאָרן עטלעכע מאָל אין טאָג, כּדי פאַר די אָפּגעלייזטע פאַר זלאָטעס ברענגען פון הורט־געשעפט אַ פּעקל סחורה אין זיין קלייט אַריין, כּדי צו קענען ווייטער האַנדלען. דער אַרבעטער איז יעדן טאָג געפאָרן צו דער אַרבעט אַהין און צוריק. די יוגנט האָט געלערנט אין וואַרשע, אין גימנאַזיע, אין פאַכשולן. אַנדערע זענען סתּם געפאָרן דערליידיקן פאַרשידענע ענינים, אין אַמטן, אין פאַרשידענע אינסטיטוציעס, וועמענס צענטראַלעס האָבן זיך געפונען אין וואַרשע.

אין קעגנזאַץ צום רוב יידישע ישובֿים אין פּוילן איז וואָלאָמין געווען אַ פאַרהעלטנישמעסיק יונג שטעטל און ווי אַ יונגער ישובֿ איז ער אויפגעקומען און קאָנצענטרירט זיך אַרום דער באַן־סטאַציע. מיט דער צייט האָט דאָס שטעטל זיך אַלץ מער פונאַנדערגעשפּרייט, פאַרנומען גרעסערע שטחים און עס האָבן זיך געשאַפן נייע געגנטן, וועלכע זענען אָבער מערסטנס באַזעצט געוואָרן דורך נישט יידישע איינוווינער.

אַרום דער באַן־סטאַנציע, אויף דער לאַנגער גאַס און אין די קלענערע געסלעך ווי: וואַרשאַווסקאַ, קאָשטשעלנאַ א.א. איז אַנטשטאַנען דער האַנדלס־צענטער, די יידישע סוחרים האָבן אויפגעשטעלט זייערע געשעפטן און קראָמען.

עס האָבן זיך דאָרט געפונען אויך אייניקע גרעסערע פאַבריקן פון יידישע באַלעבאַטים, די גלאָז־הוטע, די גאַרבעריי, די פאַבריק פון אייזערנע בעטן, וואָס האָבן באַשעפטיקט הונדערטער מענטשן.

אַ גאַנצע וואָך האָט זיך דאָ געקאָכט און געטומלט. ערשט פרייטיק פאַרנאַכט האָט זיך דער געפילדער גענומען איינשטילן. די געשעפטן האָבן זיך פאַרמאַכט, קרעמער און בעלי־מלאכות האָבן זיך באַמיט צו זיין וואָס פריער אין שטוב, אויפ־נעמען דעם אָנקומענדיקן שבת.

פון די שטובן האָט זיך געטראָגן דער ריח פון געקאָכטע פיש און אַנדערע שבתדיקע מאכלים. דורך די אָפענע פענצטער האָט מען שוין געזען אַרויסשפּינקלען און לייכטן די שבת־ליכט, וואָס האָבן דערציילט, אַז יידישע שטובן וואַרפן פון זיך אַראָפּ די וואָך, דאָס האָוועניש און דעם טומל פון געיעג נאָך פּרנסה מיט אַלע וואָכעדיקע דאגות און עס נעמט אַריינטרעטן די שבתדיקע געמיטלעכקייט, די נשמה יתירה, וואָס נעמט שוועבן איבערן גאַנצן שטעטל, איינהילן אַלץ און אַלעמען אין דער באַזונדערער שבתדיקער מנוחה.

די יידן אין שטעטל האָבן געהאַלטן שבת.

— גוט־שבת! גוט־שבת! — האָבן יידן זיך געבאָטן איינער דעם אַנדערן.

דער „גוט־שבת" האָט געשוועבט אין דער זומערדיקער לופט, ווי פליגל־פלאַטער פון דורכגעפלויגענע פייגל.

גרויס און קליין האָבן גענומען שטראָמען צום בית־המדרש. עס זענען געגאַנגען יידן, הויכע און נידעריקע, דאַרע און ברייטביינעקע. זיי זענען געגאַנגען פאַמעלעך און אייליק. אַלטע און יונגע יידן מיט אויסגעשטרעקטע קעפּ, לאַנגע בערד, מיט גרויסע, און שמאַלע טיף־איינגעזונקענע אויגן, האָבן געשפּרייזט לאַנג־זאַם, מאַיעסטעטיש. זיי זענען געגאַנגען דאַווענען און דערווייל האָבן זיי באַטראַכט גאָטס־וועלט.

אינעווייניק אין בית המדרש האָבן יידן ווידער זיך געווונטשן: „גוט־שבת, גוט־שבת!" חדווה האָט אַראָפּגעשיינט פון זייערע פּנימער. אַ גערויש פון קולות האָט זיך געמישט, ווי בינען זאָלן רויען אויף אַ צעבליטער צוויג. די אַריינגאַנג־טיר האָט כסדר זיך געעפנט און צוגעמאַכט. נאָך און נאָך יידן זענען געקומען דאַווענען. אַ געמיש פון קולות ווי אַ נישט־איינגעזונגענער כאָר האָט פאַרהילכט דעם היכל. די לופט איז כסדר געדיכטער געוואָרן. די היץ איז געווען אַדורכגענומען מיטן ריח פון שמות. ביים עמוד האָט זיך אָוועקגעשטעלט דער בעל־תפילה און באַלד האָט זיך דערהערט דער „לכו נרננה" און די עדה יידן האָט זיך צעוויגט מיט התלהבות.דער באַריר צווישן זייד און צייג פון די שבתדיקע מלבושים האָט זיך געגלעט ווי זאַנגען פון פעלד אין זומערווינט. די יידן האָבן געדאַוונט, זיך געשאָקלט,

ווער מיט קאָפּ אין די אַקסלען און ווער מיטן גאַנצן גוף, ווער עס האָט געדאַוונט שטיל און ווער הויך אויפן קול, געברומט.

אַהיימקומענדיק אין דער ליכטיקער שטוב, זאָגט דער טאַטע אַ ברייטן „גוט שבת" און באַלד האָט ער גענומען שפּרייזן איבער דער שטוב, פאַרלייגט די הענט אויף הינטן און גענומען זאָגן „שלום עליכם", מלאכי השרת, מלאכי עליון, ממלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא". דער טאַטע האָט דאָס געזאָגט, ווי די מלאכים זאָלן אַרומשפּאַצירן אין שטוב. אַז ער איז צוגעקומען צו דער וואַנט איז ער שטיין געבליבן, אַריינגעשטעקט די הענט פון ביידע זייטן גאַרטל און געזאָגט, ווי ער זאָל רעדן צו די מלאכים: „צאתכם לשלום מלאכי השלום, מלאכי עליון ממלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא". ער האָט זיך געזעגנט מיט די מלאכים. שפּעטער האָט ער אויסגעגליכן דעם רוקן און גענומען זאָגן: „אשת חייל מי ימצא" צעציריגן יעדעס וואָרט, מיט אַ ניגון. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צום טיש, אָנגעגאָסן דעם וויין אויף קידוש. דער בעכער איז געווען אַ ירושה פון דורות. טאַטע־מאַמעס דרשה געשאַנק דער טאַטע האָט פאַרמאַכט די אויגן און געזאָגט: „יום השישי, ויכלו השמים והארץ וכל צבאם". ער האָט געזאָגט וואָרט נאָך וואָרט. די ווערטער האָבן אָפּגעהילכט אין דער שטילקייט וואַרעם און הייליק.

די קינדער זענען שוין געווען אומגעדולדיק, אָבער האָבן מיט דרך־ארץ אויסגעהערט דעם טאַטנס קידוש, אַרומגעזעצט זיך אַרום טיש. טאַטע־מאַמע האָבן געגעסן פאַוואָליע. צווישן די מאכלים האָט דער טאַטע געזונגען: „כל מקדש שביעי כראוי לו". ער האָט געזונגען אַ חסידישן ניגון, האָט זיך געשאָקלט און געזונגען. די שטוב איז געוואָרן פול מיט געזאַנג. דריי־פערטל פון די שבת־ליכט זענען געווען שוין אויסגעברענט. איין ליכט האָט אָנגעהויבן טריפן. דער חלב האָט געקאַפּעט איבער די זילבערנע לייכטער. די פּנימער פון די קינדער האָבן געשטראַלט. אַלע זענען געזעסן איבערגעבויגענע איבער די טעלער און געגעסן. געענדיקט האָט מען זיך ווידער צעזונגען: „מנוחה ושמחה אור ליהודים". יונג־וואַרג איז אונטערגעוואַקסן און געוואָרן נאָך אומגעדולדיקער, נישט געהאַט קיין צייט, אָפּגעגעסן אויף גיך און אַוועק, געזוכט ווו אויסצולעבן דעם גייסטיקן אומרו וואָס איז געווען אַזוי שטאַרק ביי דער יידישער יוגנט אין וואָלאָמין, באַזונדערס אין די דרייסיקער יאָרן. עס איז דאַן אָנגעגאַנגען אַן אינטענסיווע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. ווער עס איז אַוועק אויף מסיבות אין די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, אין השומר הצעיר, אין החלוץ, בית"ר, גורדוניה און אַנדערע, ווו עס האָט זיך פאָרמירט דער בייער טיפּ פון אַ יונגן ייד אין חלוצישן גייסט, ווו עס האָט זיך געוועבט דער חלום פון יידישן רענעסאַנס, פון שיבת ציון, פון נאַציאָנאַלן ווידער־געבורט אין אַ יידיש היימלאַנד. מען האָט דאָרט געטאַנצט הורה און געזונגען לידער

פון גאולה־בענקשאַפט. בלויז געציילטע האָבן באַוויזן צו פאַרווירקלעכן זייערע אידעאַליסטישע שטרעבונגען נאָך עליה.

אַנדערע ווידער זענען זיך צונויפגעקומען אין דער בית־יעקב שול אויף דער לעשנע גאַס, ביי קערשן אין הויז. דאָ האָט מען געלערנט און קאָמענטירט די פרשה פון דער וואָך. די שיינע חומש־מעשהלעך האָבן אָנגעצונדן די קינדערישע פאַנטאַזיעס. אַרויסגערופן געפילן פון שטאָלץ מיט דעם רומרייכן עבר, געוועקט מוט און האָפענונג אויף בעסערע צייטן.

אין דער בית־יעקב שול האָבן אַ סך וואָלאָמינער מיידלעך באַקומען זייער טראַדיציאָנעל־יידישע דערציאונג. די אָרגאַניזאַטאָרן זענען געווען די עסקנים פון אגודת ישראל: משה גראַדזשיצקי, יצחק שטולמאַן, יהודה־לייב באום, שמואל־אייזיק קלאָטקאָווסקי א.א. מיט דער שול האָט אָנגעפירט די לערערין חנה גילעווסקאַ—גאַרפינקעל, די טאָכטער פונעם מירער ראש ישיבה. זי געפינט זיך היינט אין ניו־יאָרק. אַליין אַ שטרענג פרומע האָט זי אין אונדז איינגעפלאַנצט די ליבע און צוגעבונדנקייט צו יידישער טראַדיציע און יידישע ווערטן אין אַלע זייערע פאָרמען. נאָך איר פאַרלאָזן וואָלאָמין האָט דעם פאָסטן פאַרנומען לאה מערזער, די טאָכטער פון אַ חסידישער פאַמיליע אין וואַרשע. זי האָט זיך אָפּגעגעבן דער אַרבעט מיט גרויס מסירת נפש, געלערנט די יונגע מיידלעך די פּרינציפּן פון יידישער עטיק, פון מענטשלעכער ווירדע. די לעצטע לערערין איז געווען שרה באַראַכאָוויטש פון זשעליכאָוו, אַ צאַרטע און אידעלע נשמה און דערצו איז זי נאָך געווען גאָר יונג און איז דערפאַר גלייך געוואָרן אונדזער אַלעמענס חברטע, צו וועלכער מיר האָבן געהאַט אומבאַגרענעצטן צוטרוי. ביי די דעמאָלטדיקע שטרענגע דערציאונגס־מעטאָדן האָבן קינדער גאָר שטאַרק זיך געגויטיקט אין דער וואַרעמער חברישקייט פון אַ לערערין. עס איז נישט קיין ווונדער, וואָס מיר האָבן זיך דערפילט אַזוי נאָענט פאַרבונדן מיט דער דאָזיקער לערערין, שרהלע. עס ווילט זיך דאָ אויסדריקן אונדזער גרויסע פאַרערונג פאַר דער דאָזיקער שיינער געשטאַלט און אָפּגעבן כבוד דעם אָנדענק פון דער ליבער און האַרציקער לערערין, וועמענס ערלעכע פריינטשאַפט האָט געהאַט אַזאַ גרויסע באַדייטונג פאַר מיר און פאַר אַ סך אַנדערע מיידלעך.ליידער האָט זי אויך געטיילט דעם גורל פון אונדזערע קדושים.

ביים אויפוועקן די זכרונות וועגן דער בית־יעקב שול און די שפּעטערדיקע בנות אגודת ישראל דאַרפן דערמאָנט ווערן די תלמידות פון יענער צייט, וועמענס שיינע לעבנס זענען אויף אַזאַ גרויזאַמען אופן פאַרשניטן געוואָרן אין זייער פריסטער יוגנט. עס שטייען מיר תמיד פאַר די אויגן די צאַרטע דינה זילבערבערג, די זיסע פראַדל בוים, וועלכע האָט פאַרמאָגט אַזאַ פּרעכטיקע שטים; די איידעלע

בלומע שוואַרץ, חיה פלאַטקאָווסקי, חנה־גאָלדה שטולמאַן, לאהטשע טאוב, רבקה פילצמאַן, רבקה צירל און אַזויפיל אַנדערע, וועמענס נעמען די צייט האָט אויס־געמעקט פון מיין זכרון.

עס ווילט זיך דאָ דערמאָנען די צעירי אגודת ישראל, וואָס האָבן געבערענגט אַזאַ וויכטיקן ביישטייער צו דער טעטיקייט אין דער בית־יעקב שול. די אָרגאַני־זאַציע פון צעירי אגודת ישראל האָט זיך גרופּירט ארום דער מאָדערנער תלמוד־תורה אין דעם צוגעבויטן פליגל פון בית המדרש, וואָס מען האָט גערופן „דער בנין". מיט דער דאָזיקער תלמוד־תורה האָט אָנגעפירט דער יונגער משה־פייוול שטולמאַן, וועלכער האָט אַ סך יאָרן געלערנט אין פאַרשידענע ישיבות און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אויסערגעוויינלעכער דינאַמישקייט. אויך אין דער פּרץ ביבליאָטעק ביי מינצן איז פּריוויטיק־צר־נאַכטס פריילעך. מען לייענט, שמועסט, דיסקוטירט און מען פאַרברענגט סתם אַזוי זיך. דאָ האָט זיך קאָנצענטרירט די רעוואָלוציאָנערע יוגנט, וואָס האָט געגלויבט, אַז נאָר אַ רעוואָלוציע קאָן ברענגען די ישועה. פרומע יידן האָבן געקוקט קרום אויף דער פּרץ ביבליאָטעק, באַדויערט און געשראָקן זיך פאַר זייערע קינדער, וואָס זענען מיטגעריסן געוואָרן מיט דער התלהבות פאַר די אידעען פון סאָציאַלן יושר און ברידערלעכקייט, פאַר פרייהייט, גלייכהייט און אַנדערע הויכע אידעאַלן, וואָס האָבן אַזאַ שטאַרקן אָפּקלאַנג געהאַט צווישן דער יידישער יוגנט אין וואָלאָמין.

עס זענען פאָרגעקומען פאַרזאַמלונגען און מסיבות, אויף וועלכע מען האָט באַהאַנדלט וויכטיקע פּראָבלעמען און כמעט תמיד זענען די אָוונטן געוואָרן דורכ־געפלאָכטן מיט געזאַנג, מיט יידישע פאָלקס־לידער, אַ געדאַנק פון בענקשאַפט און גלויבן אין אַ בעסערן מאָרגן, אין אַ וועלט פון צדק און יושר.

דערנאָך האָט זיך די יוגנט אַרויסגעלאָזט אויף אַ שפּאַציר איבערן שטעטל. אין די שטובן זענען שוין די שבת־ליכט געווען פאַרלאָשן און די געסלעך זענען ביסלעכווייז איינגעהילט געוואָרן אין שלוהדיקן שבתדיקן שלאָף.



מרים גראדזשיצקא־פייגנבוים

# זלאטע



י יעדעס שטעטל האָט אויך וואָלאָמין געהאַט זיינע אייגנאַרטיקע טיפּן און געשטאַלטן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער באַזונדער־קייט. איינע אַזאַ געשטאַלט איז אויך געווען זלאַטע, די פרוי פון שמואל־אייזיק פלאַטקאָווסקי. געווען איז זי אַ שטילע און פרומע יידענע, די פאַרקערפּערונג פון גוטסקייט. זי איז שטענדיק געווען פאַרנומען, געהאַט אַ גרויסע פאַמיליע, אַכט קינדער און אַ קראַנקן מאַן, האָט זי אַליין געפירט דאָס מאַנופאַקטור־געשעפט. ווען עס זענען נישט געווען קיין קונים, איז זי געזעסן און געדאַוונט פונעם סידור. זי האָט שטענדיק געדענקט אין די נויטבאַדערפטיקע פון שטעטל, האָט געוווּסט אין וועלכער שטוב מען הונגערט און ווען צוטראָגן אַהין עפּעס עסן.

אין די קאַלטע ווינטער־טעג האָט זי געזאָרגט פאַר די פרויען פון די אָרעמיקע געוועלבלעך, אַריינגעטראָגן זיי אַ גלאָז הייסע טיי, זיי זאָלן זיך אַביסל דער־וואַרעמען און פאַר יעדן געהאַט אַ גוט וואָרט, אַ טרייסט און אַ דערמוטיקונג.

אין שטעטל פלעגן אָפט קומען אָרעמעלייט און אַז עס פלעגט טרעפן, אַז עס איז נשט געבליבן פאַר אַן אורח ווו צו שיקן אים אָפּעסן, איז שטענדיק נאָך געבליבן אַ פלאַץ ביי זלאַטען אָפּצועסן פאַר נאָך אַ מענטש.

אַזוי האָט עס אויסגעזען אַ גאַנצע וואָך און ווען עס איז געקומען דער שבת איז זלאטעס שטוב פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טיי־הויז. געפירט האָט זיך אין די יידישע שטעטלעך אין פוילן, אַז שבת אינדערפרי איז געקומען אַ קריסטלעכע הייצערקע מאַכן פייער אין די אויוונס, אָבער נישט אין אַלע שטובן האָט מען זיך געקענט פאַרגינען איינצוהייצן. אין יענע שטובן האָט מען געוווּסט, אַז ביי זלאַטען באַקומט מען יעדן שבת אַ גלאָז הייסע טיי.

פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט געדאַרפט אויפקאָכן אַ סך קעסלען וואַסער און דאָס וואַסער האָט מען געברענגט פון גאַנץ ווייט, ווייל מען האָט געזוכט אַ ברונעם מיטן בעסטן וואַסער. זלאַטעס טיי האָט געהאַט אַ שם אין גאַנצן שטעטל, ווארום

וואָס זי האָט געטון איז עס געווען פון גאַנצן האַרצן. דערפאַר האָט מען שוין מיטוואָך אָנגעהויבן צוגרייטן די שבתדיקע טיי. מען האָט געדאַרפט איינקויפן אַ סך צוקער, צוגרייטן גלעזער און טעפּלעך, טיי־עסענץ.

שבת באַלד אינדערפרי האָט מען אָנגעהויבן קומען צו זלאַטען טרינקען טיי. עס זענען געווען אַ סך וואָס האָבן זיך נישט באַגנוגנט מיט איין גלאָז. דאָס זענען געווען ליידנשאַפטלעכע טיי־טרינקערס, וואָס האָבן אויסגעטרינקען פינף און מער גלעזער טיי מיטאַמאָל. זלאַטע האָט אַלעמען אַרויסגעוויזן זייער אַ סך געדולד, האָט אַלעמען דערלאַנגט די טיי, באַרואיקט די, וואָס האָבן געדאַרפט וואַרטן אויף אַ פּלאַץ, ביז די פריערדיקע האָבן אויסגעטרונקען.

געקומען איז מען נישט נאָר טרינקען אויפן אָרט דאָס גלאָז טיי, נאָר אויך מיט גאַנצע טשייניקעס אויף אַהיימצונעמען פאַר די קינדער. ביי זלאַטען האָט קיינמאָל נישט אויסגעפעלט קיין טיי, אַזוי האָט עס זיך געצויגן דעם גאַנצן שבת. ווען אַנדערע האָבן אַריינגעכאַפּט דעם שבתדיקן דרימל, איז זלאַטע נאָך אַלץ געשטאַנען אויף די פיס. זי האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין צייט אָפּצורוען זיך, ווייל מענטשן זענען געגאַנגען אַריין און אַרויס און זי האָט אַלע אויפגענומען מיט דער האַרציקסטער וואַרעמקייט, ווי יעדעס גלאָז טיי, וואָס זי האָט דערלאַנגט וואָלט איר פאַרשאַפט גרויס פאַרגעניגן.

אַזאַ איז געווען זלאַטע.

פון דער גרויסער פאַמיליע זענען געבליבן נאָר צוויי טעכטער, רחל גראַסינגער, וואָס האָט איבערגעלעבט די מלחמה אין רוסלאַנד, און הענדל, וואָס האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ דאָרף, ביי אַ פּויער אין אַ סטאָדאָלע. ביידע געפינען זיך איצט אין אַמעריקע.



מלכה גרינבערג־יעלען

# יידישע פרנסות

צווישן ביידע וועלט־מלחמות האָבן יידן אין וואָלאָמין, ווי אין אַלע אַנדערע יידישע שטעטלעך אין פּוילן, פֿאַרנומען זיך מערסטנס מיט האַנדל. אין די לעצטע יאָרן האָט זיך פֿאַרשאַרפֿט דער קאַמף קעגן יידישן האַנדל. ווי אַ צוגאָב צו די גרויסע שטייערן איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַ באָיקאָט אויף יידישע געשעפֿטן, פֿאַר וועלכע עס זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן פּיקעטן. דאָך זענען די פּויערים און די אַרבעטער געגאַנגען קויפֿן אין די יידישע געשעפֿטן. דער ניי־אויפֿגעקומענער קריסטלעכער סוחר איז געווען שטייף, אָנגעבלאָזן און האָט זיך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין באַזונדערער העפֿלעכקייט.

דער קונה האָט אין קריסטלעכן געשעפֿט נישט געפֿילט זיך אַזוי היימיש ווי אין יידישן. ער האָט זיך נישט געטאָרט צורירן מיט די הענט צו קיין שום אַרטיקל. האָט געמוזט אַראָפּנעמען דאָס היטל און, דער עיקר, די פּרייזן אין די קריסטלעכע געשעפֿטן זענען געווען העכערע ווי אין די יידישע. דערצו האָט ער זיך נישט געטאָרט דינגען. די פּרייזן זענען געווען סטאַבילע.

אין די יידישע געשעפֿטן און קראָמען האָבן די קריסטלעכע קונים זיך געפֿילט פֿריי, געקענט קלויבן און באַטאַפּן די סחורות וויפֿל זיין האַרץ גלוסט, דינגען זיך און אַראָפּדינגען פֿון די פּרייזן, געניסן פֿון קרעדיט און באָרגן אויף חדשים־לאַנגע ראַטעס.

די יידישע סוחרים און קרעמער זענען געווען היימיש, צוגעלאָזן, נישט געבלאָזן פֿון זיך, געלאָזט זיך פֿאַראינטערעסירן מיט די פּריוואַטע דאגות פֿון זייערע קריסטלעכע קונים און האָבן גוט געקענט זייערע פּראָבלעמען, געוווינהייטן און שטייגער פֿון איינקויפֿן און האַנדלען. די יידישע קרעמער זענען אויך געווען די אָפּנעמער פֿון די לאַנדווירטשאַפֿטלעכע פּראָדוקטן, וואָס די פּויערים פֿלעגן ברענגען אין שטאָט אַריין צום פֿאַרקויפֿן.

די געוועלבער און קרעמלעך זענען געווען איינגעאָרדנט פּרימיטיוו, אָפֿט

אַן טירן און די קרעמער פלעגן אין די לאַנגע ווינטערס ליידן פון פראָסט און ווינט. געוואַרעמט די געפרוירענע הענט ביי די פייער־טעפּ.

אַזוי האָבן אויסגעזען די אָרעמע קראָמען. עס זענען אָבער אויך געווען פאַרמעגלעכערע סוחרים מיט בעסער־איינגעאָרדנטע געשעפטן, וואָס האָבן געפירט דעם האַנדל אויף אַ גרעסערן פאַרנעם, אָבער זייער צאָל איז געווען אַ קליינע.

יידן זענען אין וואָלאָמין געווען פאַרטרעטן אין פאָלגנדיקע האַנדלס־צווייגן:

מאַנופאַקטור־געשעפטן: שמואל־אייזיק פלאטקאָווסקי, יאָסקע לאסקאָווסקי, שפרינצע בוים א. א.

לעדער און שוסטער־צודאטן: מאָטל רובינשטיין און אבא פראם. שיך־געשעפטן: ליסטפאגל, יאנגערמאַן.

גלאָזוואַרג און קיך־געשיר: מרדכי און חנה גראדזשיצקי. אייזן געשעפט: ניסן און פעסע וואַגמאַן. קוילן־סקלאַד: מאנדבערג. ביכער־געשעפט: שטאטמאַן.

אויף ווי ווייט מעגלעך באַמי איך זיך צו דערמאנען מער נעמען, אָבער דאָס איז נישט גרינג. כ'געדענק די שפייז־געשעפטן פון ראדזימינסקי אויף דער וואַרשע־ווער גאַס, שמיענטאַנקע אויף דער דלוגע, שכנא און נאָך אַנדערע, וועמענס נעמען זענען מיר אַרויס פון זכרון.



**די שוועסטערס:** פעשע, ראָכטשע און יענטע יעלען.

## ישראל מאננע

# אונדזער שטוב — א פעסטונג פון גוטסקייט

יך זע פאַר זיך מיין פאָטער חיים־נח מאננע רעדן צו מיר זיינע האַרציקע און קלוגע רייד. אַזעלכער שטייט ער מיר תמיד פאַר די אויגן. ער שווימט איבער פונעם פאַרהוילענעם קבר אין געטאָ און דערמאָנט מיך אַלע גוטסקייטן פון דער וועלט.

גוט און האַרציק איז ער געווען נישט בלויז צום ווייב, אונדזער מוטער, חיה־רחל, וועלכע ער האָט ליב געהאַט מיט אַ גרויסער ליבשאַפט; צו די קינדער, פיר זין: משה, יחזקאל, ישראל און מלך; צוויי טעכטער: פריידע און דבורה — נאָר אויך צו אַלע נאָענטע פריינט און באַקאַנטע.

ער איז געווען אַ גרויסער וויצלער און עס האָט זיך האַרציק געלאַכט ווען מען האָט מיט אים גערעדט און ער האָט געשיט מיט וויצן און גלייכווערטלעך, וואָס האָבן געהאַט אין זיך אַ סך לעבנס־חכמה, מילדע פאַרשטענדעניש פאַר מענטשלעכע שוואַכקייטן און האָפענונג אויף בעסערע צייטן.

ווען עס האָט זיך אין יאָר 1930 געשאַפן דער האַנטווערקער־פאַריין איז מיין פאָטער געווען פרעזעס ביז ער האָט זיך געשלאָסן, און תמיד האָט יעדער געפילט אין אים אַן אָנשפאַר אין אַ שווערער צייט.

עס האָבן אים געקענט די אָרעמעלייט, וואָס פלעגן אויף זייער וואַנדערוועג דורכגיין וואָלאָמין. הונגעריקע האָבן זיך געוואָנדן צו אים מיט דער זיכערקייט, אַז ער וועט זיי שאַפן ערגעץ אָפּצועסן. זייענדיק גבאי אין דער חברה „הכנסת אורחים״ האָט ער געזאָרגט, אַז זיי זאָלן האָבן וווּ דעם קאָפּ אָנצולייגן און אָפּרוען פון וועג.

איך געדענק די „הכנסת אורחים״, ווי מען געדענקט רירנדיקע זאַכן פון די קינדער־און יוגנט־יאָרן. דער לאָקאַל האָט זיך געפונען איבערן בית־המדרש אויף דער לעשנאָ־גאַס.

דאָרט אויבן זענען געווען צוויי צימערן. אין איין צימער איז געשטאַנען אַן אָרון־קודש און דאָרט האָט יעדן שבת געדאַוונט אַ מנין. אינעם צווייטן צימער

זענען געשטאַנען עטלעכע בעטלעך, וווּ יעדער פֿרעמדער דורכגייער איז געווען אַן אָנגעלייגטער אורח און האָט דאָרט געקענט איבערנעכטיקן אַ נאַכט און מער, אומבאַצאָלט.

תּמיד האָט ער געשטרעקט דעם האַלדז פֿאַר אַנדערע. ווי דאָס יאָר איז איינ־געטיילט אין צייטן, אַזוי איז עס ביי אים געווען איינגעטיילט אין מצוות, שבֿתדיקע און וואָכעדיקע, בייטאָגיקע און ביינאַכטיקע. די שווערסטע, פֿאַרשטייט זיך, זענען געווען די ביינאַכטיקע. ווען, חלילה, אין שטאָט איז עפּעס געשען ביינאַכט און מהאָט געדאַרפֿט לויפֿן איבער שטאָק און שטיין צו ראַטעווען, צו העלפֿן.

זיין באַליבסטע מצווה איז געווען הכנסת אורחים, מיט וועלכע ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיטן גאַנצן לייב־און־לעבן, בייטאָג און ביינאַכט. ער פֿלעגט אויסשרייבן קוויטלעך צו דעם אָדער יענעם באַלעבאָס, ער זאָל נעמען אַן אורח אויף שבת.

ווען די דייטשן האָבן פֿאַרברענט דעם בנין פֿונעם בית־המדרש, איז עס פֿאַר מיין פֿאָטער געווען אַ פּילפּאַכיקער קלאַפּ, ווייל מיטן בנין זענען אויך פֿאַר־ברענט געוואָרן די הכנסת־אורחים־צימערן און ער האָט נישט געקענט העלפֿן די אָרעמעלייט, וואָס האָבן ממש פֿאַרפּלייצט וואָלאָמין.

אין געטאָ בין איך נישט געווען. איך האָב נאָך באַוויזן צו אַנטלויפֿן און דורכמאַכן סיבירער לאַגערן. ווען איך האָב זיך נאָך דער מלחמה אומגעקערט קיין פּוילן און געטראָפֿן אונדזער שטעטל חרובֿ און וויסט, האָט מען מיר דערציילט, אַז אויך אין געטאָ איז מיין טאַטנס שטוב געווען אַ צונויפֿקום פֿאַר אַ מנין מתפּללים, וואָס איז פֿאַרגעקומען אין סכּנות נפֿשות.

דער גורל האָט אים פֿאַרבונדן מיט די וואָלאָמינער יידן אויף שטענדיק און אויף אייביק און זיין שטוב איז תּמיד געבליבן אַ פֿעסטונג פֿון גוטסקייט.



זשעניע כץ־מאננע

# אונדזערע הוטע־ארבעטער


יין קינדער זענען מיר געווען, ווען מיר זענען געבליבן אַליין מיט אונדזער מאַמע רחל, ווייל מען האָט דעם טאַטן מאָביליזירט אין רוסישן מיליטער.

עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה.

די מאַמע האָט זיך שטאַרק געמאַטערט צו קענען באַשפּייזן אירע ניין קינדער, אַנטון און לערנען. זי האָט געאַרבעט איבער די כוחות, כדי צו קענען צאָלן די מלמדים. ווען מאטעס, יאנקל און משה זענען אונטערגעוואַקסן, האָט זי זיי געשיקט לערנען קיין וולאָדאַווע אין דער ישיבה.

ווען אין וואָלאָמין האָט, ווי אין אַ סך שטעטלעך אין פּוילן, געגומען בושעווען יד טיפוס־עפּידעמיע, האָט עס אויך געטראָפן אונדזער אויסגעהאָרעוועטער מאַמען און זי איז געשטאָרבן.

מיר זענען געבליבן יתומים.

דער טאַטע איז געווען אויפן פראָנט און מיר האָבן טאָג־און־נאַכט מתפּלל־געווען פאַר זיין לעבן, געוואַרט און געהאָפט אויף זיין צוריקקומען.

דערווייל האָבן די עלטערע קינדער איבערגענומען די ראָל פון טאַטע־מאַמע, געהיטן די יונגערע, זיי געשפּייזט און געלערנט. עס האָט אָבער לאַנג נישט גידויערט אַן אונדזער יתסט ברודערל, בערעלע, איז געפאַלן אַ קרבן פון טיפוס. באַלד נאָך אים איז געשטאָרבן די עלטערע שוועסטער חנה, וועלכע האָט שוין חתונה־געהאַט און איבערגעלאָזט דעם מאַן, שלום פארער מיט אַ צוויי־יעריק טעכטערל, קיילטשע. זי איז שפּעטער אויך געקומען צו אונדז.

שפּעטער איז אַוועקגעפאַלן אונדזער עלטערער ברודער יאַנקל, וואָס האָט שוין אויך געהאַט אַ פרוי מיט אַ קינד.

זעקס קינדער זענען מיר געבליבן, אַן מיטלען צום לעבן, אַן אויפזיכט, הפקר, עלנט.

וויפל איך פּרוּוו אָנצושטרענגען מיין זכרון און דורכטראַכטן ווי אַזוי און מיט וועלכע כוחות מיר, זעקס עלנטע יתומים, האָבן באַוויזן אויסצוהאַלטן אַזעלכע שווערע טעג.

ווייזט אויס, אַז אין יענער טרויעריקער צייט, זענען דאָך געווען אויך ליכטיקע מאָמענטן פון יידישן מיטלייד און מיטגעפיל וואָסעס האָבן אונדז אַרויסגעוויזן די יידן אין וואָלאָמין און געהאָלפן אונדז דורכמאַכן די שווערע צייט, ביז דער טאַטע איז צוריקגעקומען פון מיליטער.

דער חורבן, וואָס דער טאַטע האָט געטראָפן, האָט געמוזט שווער ווירקן אויף זיין געמיט. מען האָט באַשיינפּערלעך געזען ווי עס קומען פאָר אין אים געוואַלטיקע ענדערונגען. אין פאַרצווייפלונג האָט ער זיך שיער נישט צוזאַמענגעבראָכן, אָבער די אחריות פאַרן לעבן און דירציען די אומבאַהאָלפענע קינדער האָט אים פאַרהאַרטעוועט. פון אַ פרומען ייד מיט אַ באָרד איז דער טאַטע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פרייעם מענטש.

דער טאַטע איז אַוועק אַרבעטן אין דער הוטע „וויטרום”, וווּ ער איז געווען באַשעפטיקט אַלס „פאַקאָווטשיק”. ער איז געווען פון די ערשטע יידישע אַרבעטער אין דער הוטע און שפּעטער, ווען אַ סך אַנדערע יידישע בחורים און מיידלעך האָבן געוואָלט אַריינגיין אַרבעטן אין דער הוטע, האָט דער טאַטע זיי געטון גרויסע טובות, געהאָלפן זיי ביים ווערן אָנגענומען און אַכטונג־געגעבן, אַז זיי זאָלן וואָס גיכער באַהערשן די אַרבעט.

מיין טאַטנס הילף פאַר די דאָזיקע יונגע מענטשן איז געווען פון גרויסן באַדייט, ווייל די אָנפירונג פון דער הוטע, הגם יידן, האָבן אָפטמאָל נישט געהאַט קיין גרוסן חשק אַריינצונעמען יידן, ווייל דאָס איז געווען באַגלייט מיט באַזיגן אנטאגאניזמען צווישן די פּוילישע אַרבעטער און זיי האָבן געוואָלט אויסמיידן קאָנפליקטן. מיין טאַטנס אַמביציע איז געווען, אַז יידן זאָלן זיך אַרויסווייזן פאַר גוטע און אויסגעצייכנטע אַרבעטער.

אין דער דאָזיקער הוטע האָבן אויך געאַרבעט מיינע צוויי ברידער יצחק און שלום, וועלכע האָבן זיך דאָרט אויסגעלערנט טראָגן דאָס פייערדיקע גלאָז צו די פאָרמען, זענען געוואָרן באַקאַנטע און אויסגעוואַקסן אַלס מייסטערס, זענען דעמאָלט געווען איינציקע יידן ביים דאָזיקן פאַך, נישט נאָר אין וואָלאָמין, נאָר כמעט אין גאַנץ פּוילן, ווו מען האָט אין יענער צייט נישט צוגעלאָזט קיין יידן אין דער שווערער אינדוסטרי.

וואָלאָמין האָט אין דער דאָזיקער הינזיכט געהערט צו די אויסנאַמען. די וואָלאָמינער יידן, יונגע און מיטליאָריקע, האָבן דורכגעבראָכן די וואַנט פון פאַרורטיילן נישט בלויז פון די פּוילישע אַרבעטער, נאָר אויך פון די יידישע באַלע־

באַטים. יידישע אַרבעטער זענען נישט אָפּגעשטאַנען פון די פוילישע, האָבן זיי אָפּטמאָל איבערגעשטיגן מיט זייערע פּראָפעסיאָנעלע קענטענישן און קוואַלי־פיקאַציעס.

די יידישע אַרבעטס־מענטשן אין וואָלאָמין האָבן זייער אַרבעט געטון מיטן באַוווסטזיין פון חשיבות און זעלבסטזיכערקייט, האָבן געשאַפן אַרום זיך אַן אַטמאָספער פון קעגנזייטיקן צוטרוי און דרך ארץ.

מיט דער צייט האָט אין וואָלאָמין אָנגעהויבן זיך אַנטוויקלען די פּראָפעס־יאָנעלע אַרבעט. אויך די באַלעבאַטים האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ האַנטווערקער־פאַראיין.

ביסלעכווייז איז דער אַרבעטער געוואָרן אַ קעמפנדיקער עלעמענט. פון צייט צו צייט זענען פון וואַרשע געקומען רעדנער, געהאַלטן פאַרלעזונגען און רעפעראַטן. מען האָט אָנגעהויבן לייענען צייטונגען, בראָשורן און ביכער.

די נאַטור אַרום אונדזער שטעטל איז געווען אַ פּרעכטיקע. געדיכטע וועלדער, פעלדער און אַ טייך איז געפלאָסן. זומער האָט געשמעקט, בחורים האָבן שפּאַצירט מיט מיידלעך, געזונגען לידער, ווער אָפן און ווער אין געהיים, די עלטערן זאָלן זיך נישט דערוויסן.

אומעטום איז די יוגנט געווען אַקטיוו, אַ שפּרודלדיקע, פול מיט לעבנס־ווילן און ענערגיע, טיף־גלייביקע אין אַ ליכטיקער צוקונפט, אונטערן איינפלוס פון הויכע אידעאַלן, מיט די שיינע טראַדיציעס פון זייערע טאַטעס און זיידעס.

אין דער דיסטאַנס פון די פאַרגאַנגענע יאָרן זע איך די דאָזיקע יידן אין זייער גאַנצער שיינקייט. וויפל גערעכטיקייט, וויפל חוש פאַר סאָציאַלן יושר די דאָזיקע יידן האָבן פאַרמאָגט! וויפל הייליקן קולט צום ערלעכן אַרבעטס־לעבן, וואָס איז אַזוי גרויזאַם פאַרשניטן געוואָרן!



יעקבֿ ראָזנבלאַט

# יידישע יוגנט
# אין דער שווער־אינדוסטרי

אין יאָר 1927 בין איך אָנגעקומען אין שטעטל וואָלאָמין, וואָס ליגט ביי דער באַן־ליניע, וועלכע פירט פון ווילנער וואקזאל אין וואַרשע. דורך וואָלאָמין, וועלכע איז געווען 18 קילאָמעטער פון וואַרשע, פלעגן טאָג־טעגלעך דורכלויפן אַהין־און־צוריק בערך אַ פערציק צוגן, געוויינלעכע און עקספרעס. דורך דער ליניע פלעגט יעדן טאָג פאַרביי־לויפן דער אינטערנאַציאָנאַלער עקספרעס צום סאָוויעטישן גרענעץ שטעטל ניגאָרעלאָיע.

וואָלאָמינער יידן פלעגן טאָג־טעגלעך פאָרן קיין וואַרשע און צוריק; דאָס זענען געווען יידישע סוחרים און אויך אַרבעטער, וועלכע האָבן געאַרבעט אין וואַרשע אָדער געזוכט אַרבעט. וואָלאָמין מיט וואַרשע איז ביי די דאָזיקע יידן געווען ווי אַ שטוב מיט אַן אַלקיר, איין שפּרונג און מ׳איז אין וואַרשע אָדער צוריק אין וואָלאָמין.

אין וואָלאָמין זענען טעטיק געווען צוויי גלאָז־פאַבריקן: איינע „וויטרום" מיט איר יידישן באַלעבאָס פלאַנצרייך און זיין שותף, דער משומד רענגלעווסקי. דאָרט איז געווען דירעקטאָר, אהרון הערש גאַרטנקראַוט, שפּעטער איז אויף זיין אָרט געקומען אַ דייטש. די הוטע „וויטרום" איז די גאַנצע צייט געווען יידנריין, זיי האָבן נישט געוואָלט צונעמען קיין יידישע אַרבעטער. שפּעטער זענען אָנגעקומען אַרבעטן צוויי יידן, איינער — ירחמיאל זבערטשוק, אַ קוזין פונעם שרייבער פון די שורות, ער איז געווען אַלגעמיינער אויפזעער און הויפּט־סאָרטירער איבערן שליף־גלאָז. דער אַנדערער — אפרים כץ, וועלכער האָט געאַרבעט אין מאַגאַזין. די דאָזיקע צוויי יידן, האָבן אַ סך געטון, אַז עס זאָלן זיך אָנהויבן באַווייזן יידישע יינגלעך מיט מיידלעך ביי פאַרשידענע אַרבעטן אין דער הוטע. וואָס אַמאָל מער האָבן די דערמאָנטע צוויי אַריינגענומען יידישע אַרבעטער אין דער פאַבריק.

אפרים כץ׳ס צוויי זין, נאָך גאָר יינגע, זענען אַריין אַרבעטן אַלס „באַנקאַ־

זשעס"ביים אויוון. זיי זענען געווען די איינציקע יידישע באַנקאָזשעס אין דער הוטע; איציק און שלום זענען מיט דער צייט געוואָרן גאַנצע מייסטערס, וואָס דאָס איז געווען אַ גאָר גרויסע זעלטנהייט אין גאַנץ פּוילן צו זען יידישע הוטניקעס ביים אויזן.

אַ צווייטער ייד, ליקערמאַן, איז געווען אויפזעער איבערן פּרעס־גלאָז. אַלס מאַגאַזינער האָט געאַרבעט זאנוול גארטנקראוט, דעם געוועזענעם דירעקטאָרס אַ ברודער. ביי די אייזערנע פאָרמעס, האָט געאַרבעט דודטשע לאַטקע מיט זיין ברודער, נאָך גאָר אַ יינגערער, אַהרון לאַטקע. דער שרייבער פון די שורות האָט געאַרבעט אַלס סאָרטירער ביי דעם פּרעס־גלאָז. אין דער הוטע האָבן אויך געאַרבעטביידע כצ׳ס טעכטער, זאָשע האָט געאַרבעט ביים מאַליעווען דאָס גלאָז, זשעניע — ביי פאַרשידענע אַרבעטן. ביים פּאַקן דאָס גלאָז אין פּאַפּיר און אין זעק האָבן געאַרבעט מיינע צוויי שוועסטער, זעלדע און דבורה ראָזנבלאַט, מלכה זיצבאַנק, ביילע דעמסקי — ביי פאַרשידענע אַרבעטן און בעלא פּיאַסעצקאַ — ביים פאַרמירן דין גלאָז. מלכה יעליען האָט פריער געאַרבעט ביים פאַרוויקלען גלעזער און שפּעטער אַלס סאָרטירערין. עס האָבן אויך געאַרבעט זשעניע אַסמאַן, עטלעכע שוועסטער טראָסטערמאַן, חיים וויינריב, הערשל און נאָך אַנדערע יידישע אַרבעטער, וועלכע איך געדענק נישט זייערע נעמען. אַזוי אַרום האָבן יידן זיך אַריינבאַקומען אין דער הוטע „וויטרום" און געווען אַ גוטער מאַטעריעלער אָנשפּאַר פאַר זייערע עלטערן.

עס איז אויך געווען נאָך אַ הוטע, אַ קאָאָפּעראַטיווע, „פּראַצאַ", דאָרט האָבן געאַרבעט בלויז פּאָליאַקן. צוויי אייזנפאַבריקן, איינע אַ בעטן־פאַבריק, איר אייגנ־טימער, אויב כ׳האָב קיין טעות נישט — וויינמאַן. דאָרט האָט געאַרבעט אַלס בוכהאַלטער דער הויכער מיינימער. עס האָבן אויך געאַרבעט עטלעכע יידישע אַרבעטער, צווישן זיי אויך משה פּאַסטאַלסקי. אין דער צווייטער אייזנפאַבריק האָט געאַרבעט לעאָן בודנ, נישט באַקאַנט מיר צי עס האָבן דאָרט געאַרבעט נאָך אַנדערע יידישע אַרבעטער.

אין יענער צייט, ווען די יידישע יוגנט פון שטאָט און שטעטל האָט נישט געהאַט ווי די הענט אַהינצוטאָן, מחמת אפילו יידישע גרעסערע פאַבריקאַנטן האָבן נישט געוואָלט צונעמען קיין יידישע אַרבעטער, איז דער אויפטו פון די דערמאָנטע, זבערטשוק און כץ, געווען איינע פון די גרויסע מעשים, וואָס זיי האָבן אויפגעטאָן פאַר פיל יידישע יינגלעך מיט מיידלעך פון וואָלאָמין און דאָך האָט זיך די גרעסטע טייל יידישע יוגנט געראַנגלט מיטן עול פרנסה, געפאָרן זוכן אַרבעט אין שכנותדיקן וואַרשע, וואָס דאָס איז געווען טאַקע ווי מען זאָגט קריעת ים סוף...

העלע גאָלדוואַסער־בודני

# מיין היים־שטעטל


ין אָנהויב פון 18־טן יאָרהונדערט איז וואָלאָמין געווען נאָך אַ קליינער ישוב צווישן וועלדער און זומפּן, אין וועלכע עס האָט געראַיעט פון כלערליי חיות. די זקנים פון שטעטל פלעגן זיך דערציילן פאַרשידענע מעשיות און לעגענדעס, ווי אַזוי די מענטשן האָבן געלעבט אין די פאַרגאַנגענע יאָרן ווי אויף די אַרומיקע שטחים האָבן זיך געפּאַשעט אָקסן און צוליב דער גרויסער געפאַר, וואָס האָט זיי געדראָט, האָט מען דאָס אָרט גערופן „וואָלע־אמין", וואָס באַדייט: מײַד אויס די געפאַר פאַר די אָקסן.

מיין זיידע מאָטל גריזיאַק מיט זיין פרוי און קינדער האָבן זיך פאַרעכנט צו די ערשטע איינוווינער פון וואָלאָמין. וואָלאָמין פון יענע צייטן, האָט גאָרנישט דערמאָנט דעם וואָלאָמין, אין וועלכן איך און מיינע שוועסטער זענען געקומען אויף דער וועלט. אונדזערע קינדער־יאָרן האָבן מיר פאַרבראַכט אין וואָלאָמין, וואָס האָט זיך מיט דער צייט צעוואַקסן און געענדערט זיין אויסזען. עס זענען אַנטשטאַנען צוויי גלאָז הוטעס, צוויי מעטאַל־פאַבריקן, צוויי גאַרבאַרניעס און אַ סך לוין־וואַרשטאַטן.

די אייגנטימער און שותפים פון די פאַבריקן זענען געווען יידן. אַרום דעם אַלעם זענען אויפגעשטאַנען גרויסע אַרבעטער־ישובים. די באַפעלקערונג אין וואָלאָמין האָט זיך אין אַ זייער שנעלן טעמפּאָ צעוואַקסן. אַ טייל פון דער יוגנט האָט געפונען באַשעפטיקונג אין די אַנטשטאַנענע פאַבריקן.

צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין וואָלאָמין איז דער גרעסטער טייל געווען האַנטווערקער מיט די אַלטע יידישע פאַכן ווי: שוסטערס, שניידער, סטאָליאַרעס, בערשטנמאַכער, בלעכער און אויך טעקסטיל־אַרבעטער.

עס האָט אָבער נישט געפעלט קיין אָרעמקייט אין וואָלאָמין צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. ברויט און קאַרטאָפל צו דער זעט האָט געהערט צו דער זעלטנקייט ביי אַ סך פון יידישע משפחות.

די משפחה בודני, דוד און רבקה, האָבן אויך געהערט צו די ערשטע יידישע

איינוווינער פון וואָלאָמין. ער האָט געהאַט אַ שניידער־וואַרשטאַט, פון וועלכן ער האָט מפרנס־געווען זיין צעוואַקסענע משפחה.

אין אונדזער שטוב זענען זייער פייערלעך געפּראַוועט געוואָרן אַלע יום־טובים, לויט דער מסורה און הלכה. אַממייסטן האָט זיך מיר איינגעקריצט אין געדאַנק יום־כיפּור. ביזן היינטיקן טאָג איז עס מיר פאַרבליבן אַזוי ווי לעבעדיק אין מיין זכרון, און איך קען זיך נישט באַפרייען פון דער גרויסער שרעק, וואָס האָט באַהערשט אין אונדז פאַרן גיין דאַווענען צו כל־נדרי. מיין פאָטער האָט זיך אַרומגעוויקלט אין טלית גרייט צו גיין אין שול אַריין. ער האָט גערופן יעדן פון זיינע קינדער באַזונדער, אַוועקגעלייגט די הענט אויף די קעפּ פון די קינדער און זיי געבענטשט. דאָס זענען געווען זייער רירנדיקע מינוטן און מיט געוויין האָבן מיר זיך אַלע געווונטשן אַ גליקלעך יאָר.

שפּעטער זענען די עלטערן מיט מיינע ברידער אַוועק אין שיל אַריין. און מיר, די מיידלעך, זענען געבליבן אין דער היים. מיר זענען געזעסן ביי די ברענענדיקע ליכט און מיט שרעק אין די הערצער געוואַרט אויפן צוריקקומען פון די עלטערן פון דאַווענען.

בכלל האָט מען אין וואָלאָמין שטאַרק זיך איבערגענומען מיטן אָנקום פון די ימים־נוראים, די פּאַרכטיקע טעג אָדער הייליקע טעג. די צוגרייטונגען זענען געווען אַנדערש ווי צו די אַנדערע ימים־טובים, מער גייסטיקע. ביי די יחידי־



דוד און רבקה בודני און זייערע טעכטער: אסתר, מלכה און עלקע מיט זייער באָבע, חנה גרידיאַק.

סגולה האָט זיך דער סעזאָן פון חרדה און פחד אָנגעהויבן שוין פון חמשה־עשר באב. חסידישע יידן זענען שוין געבליבן אין שטי־בל לערנען באַנאַכט. ביים געזע־גענען זיך מיט אַ מענטש פון אַ צווייטער שטאָט האָט מען זיך שוין געווּנטשן אַ כתיבה וחתימה טובה.



אַ בילד פון דער משפחה בודני און דבורה שולץ, וואָס איז פאָטאָגראַפירט געוואָרן אין געטאָ.

ווען עס איז אָנגעקומען דער חודש אלול, דאָס שופר־בלאָזן דאָס בציבור־דיקע תהילים־זאָגן יעדן אינדערפרי אין בית המדרש, האָבן שוין אויך מיר, מיידלעך, דערפילט, אַז עס האָבן זיך אָנגעהויבן טעג פון חשבון־הנפש און לייטערונג, פאַר־געבונג און תשובה, מעשים־טובים, טון צדקה און חסד.

מיר ווייזט זיך אויס, אַז אין יענע טעג האָבן די מענטשן אין שטעטל גענומען ווערן מער נזהר מיט די ווערטער. מען האָט עפּעס גערעדט שטילער, איידעלער, און כ׳מיין, אַז אויך אין געשעפטלעכע ענינים איז מען געוואָרן אויפריכטיקער ערלעכער.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן די ערשטע סליחות, וואָס מען האָט געזאָגט אינמיטן דער נאַכט. קליין און גרויס האָבן עס דערפילט. אין די פינצטערע געסלעך האָבן מענטשן זיך געאײַלט אין בית־המדרש אַריין, און כאָטש איך בין איינגעשלאָפן אין שטוב האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך הער די קולות פון די מתפללים, וואָס רייסן זיך צום כסא הכבוד, בעטן פאַר זיך און פאַר כלל ישראל.

מיט מיין קינדיש האַרץ האָב איך דערפילט די התעוררות ערב ראש השנה, ווען די יידן אין שול האָבן אויסגעזאָגט גאַנץ תהילים, געגאַנגען אויפן בית־החיים, אָבער דער קולמינאַציע־פונקט האָט דערגרייכט ערב יום־כיפור.

צו־אָרעם איז מיין פעדער אַרויסצוברענגען די שטימונג, די איבערלעבענישן און געפילן פון ערב יום־כיפור. די שטימונג האָט אָנגעהאַלטן אַלע יאָרן, ביז צום חורבן. אפילו ווען אַ גרויסער טייל פון דער יידישער יוגנט איז שוין געווען וועלטלעך און אַ טייל איז אַוועק ווייט פון אמונה.

כמעט אַלע יידן אין וואָלאָמין זענען ערב יום־כיפור געוואָרן דורכגענומען מיט דער פחד־שטימונג. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס זענען דריי מאָל אין טאָג געגאַנגען אין מקוה, פאַר שחרית, פאַר מנחה און נאָך דער סעודה המפסקת. אויך די פרויען האָבן זיך אין דעם טאָג געטובלט.

יידן האָבן אין דעם טאָג געטיילט צדקה מיט אַ ברייטער האַנט. עטלעכע שעה פאַר ליכט־צינדן איז שוין די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג געווען אָנגעטון יום־טובדיק. די פרויען מערסטנס אין ווייסן, מיט ווייסע קאָפּטיכלעך אָדער שאַליקעס איבערן קאָפּ. יעדער איז געגאַנגען צו זיינע נאָענטע, פריינד און באַקאַנטע, זיך אָנווינטשן, אַז מען זאָל זיך אויסבעטן אַ גוט יאָר און אַ גמר חתימה טובה.

מיר, מיידלעך ווי יינגלעך, זענען געוואָרן אָנגעשטעקט מיט דער שטימונג פון אונדזערע עלטערן און אויך געבעטן מחילה איינע ביי די אַנדערע פאַר אַן עוולה, וואָס מען האָט זיך אָפּגעטון, פאַר אַ ברוגז און נישט־ריכטיקע אויפפירונג.

פון אַ סך שטובן האָבן זיך געטראָגן יאָמערלעכע געוויינען, ווען עס האָבן זיך באַגעגנט צעבראָכענע הערצער. יידישע מאַמעס האָבן זיך אונטערגעגעבן דער שרעק פאַרן גורל, וואָס עס דערוואַרט זייערע קינדער און האָבן מיט געוויין געוואָלט אָפּרופן אַ גזר־דין מן השמים.

קינדער האָבן זיך געטוליעט צו זייערע מאַמעס. מענטשן זענען געגאַנגען אין גאַס מיט פאַרוויינטע אויגן. אפילו די, וואָס האָבן נישט געוויינט, האָבן די טרערן געשטיקט זייער רעדן.

די שטימונג איז געווען ערנסט, הייליק און פאַרכטיק.

מיט צעבראָכענע הערצער, פול מיט מורא און פּחד פאַרן גרויסן יום־הדין האָבן יידן געאיילט מיט אַ שעה פאַרן זמן צום בית־המדרש, צו די בתי־תפילה און חסידים־שטיבלעך צו זאָגן תפילה זכה און ווידוי פון רבינו נסים, ביז דער חזן האָט אָנגעפאַנגען כל נדרי.

אַזויפיל ניגונים און מעלאָדיעס האָבן מיר זיך אָנגעהערט אין משך פון אונדזער לעבן, אָבער קיין שום ניגון האָט זיך נישט איינגעקריצט אין זכרון אַזוי שטאַרק און אַזוי טיף ווי דער ניגון פון כל נדרי.

דער ניגון האָט אָפּגעהילכט אין דער שטילקייט פון די וואָלאָמינער געסלעך, דערגאַנגען אויך צו אונדזער שטוב, ווו מיר, די מיידלעך, זענען געבליבן אַליין,ביים שיין פון די ברענענדיקע ליכט. מיר האָבן זיך נאָך דעמאָלט נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון וועגן דער באַדייטונג און נישט פאַרשטאַנען דעם זין פון די ווערטער, אָבער מיר האָבן געפילט, אַז אין דער דאָזיקער שטילער, טיפער נאַכט וויינט אויס דער ניגון די תפילה פון אַלע יידן אין גאַר דער וועלט, פון אַלע צייטן און דורות.

באַשרייבנדיק דעם קליינעם עפּיזאָד פון אונדזער היים, שטרעבן מיר פאַר־אייביקן דעם אָנדענק פון אונדזערע זיידע און באָבע: מאָטל און פריווע גריזיאַק ז״ל, אונדזערע עלטערן: רבקה און דוד בודני, וועלכע זענען אומגעקומען אין טרעבלינקי, די שוועסטער דאָרע, וועלכע איז אין דער צייט פון מלחמה־אויסברוך

געווען אַ מוטער פון צוויי טעכטערלעך. מיטן מאַן און קינדער איז זי אומגעקומען אין טרעבלינקי.

מיין ברודער נח, וועלכער איז געווען אַ טעטיקער מיטגליד פון „גורדוניה", איז אין 1939־טן יאָר אומלעגאַל אַרויסגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. ער איז געווען אַ חבר אין קיבוץ משמר־השרון. אין יאָר 1940 איז ער טראַגיש אומגעקומען. ער איז דערטרונקען געוואָרן אין כנרת. מיין ברודער לעאָן איז אויך פלוצלינג גע־שטאָרבן אין יאָר 1963 אין ישראל. די מומע אסתר, דער פעטער שלמה און מיינע קוזינקעס דארקע שולץ.

פון אונדזער גרויסער משפחה זענען נאָר פאַרבליבן די וואָס שרייבן דאָס אַרטיקל: העלא גאָלדוואַסער—בודני און פעלאַ אינדערשטיין—בודני.



קינדער פון דער משפחה בודני



נח בודני

שמואל צוקער

# אויף נח בודניס קבר

אין דעם וועלדל פון משמר־השרון
שטייט אַ שטיין צווישן שטיינער,
ווערטער, אויסגעקריצט לזכר
נח בודניס יונגע ביינער.

יונג האָסטו פאַרלאָזט דיין היים,
צו זיין דער אַנווייזער פאַר די פאַרבליבענע דאָרט.
האָט דיך דער ירדן איינגעשלונגען
אינמיטן דיין נישט־דערזאָגטן וואָרט.

געטרוימט האָסטו פון אַ בלויען הימל.
אויף דיינע ליפּן דאָס געזאַנג
פון אויפגעאַקערט פעלד
און צייטיקער זאַנג.

אין ס'האָבן זיך צעבליט
דיינע פאַרזייטע בלומען,
אָבער אומזיסט געוואַרט
אויף דיין צוריקקומען.

ניִשט געבליבן פֿון דײַן משפּחה קײנער,
קײן טאַטע־מאַמע, פּרוי און קינד.
גלעט דײַן קבֿר טאָג און נאַכט
חמסין, רעגן און ווינט.

אין וועלדל פֿון משמר־השרון
שטײט אַ שטײן צווישן שטײנער,
ווערטער, אויסגעקריצט לזכּר
נח בודניס יונגע בײנער.



רחטשע אש

# אולע דער וואַסערטרעגער

גערופן האָט מען אים דער שדכן, כאָטש קיינער האָט נישט געוויסט צי ער האָט אין זיין לעבן אַמאָל צונויפגעפירט אַ שידוך. מען האָט געוווּסט, אַז ער איז אַן אָרעמאַן אין זיבן פּאָלעס. צוזאַמען מיט זיין ווייב און צוויי זין האָבן זיי געוווינט אין אַ פינצטער שטיבל, וווּ די אָרעמקייט האָט אַרויסגעשריגן פון יעדן ווינקל.

ביידע זין: שלמה און אולע זענען געוואַקסן פריי און ווילד, האָבן נישט קיין מורא געהאַט פאַרן טאַטן, זענען תמיד געווען הונגעריק און אַרומגעגאַנגען אין צעריסענע מלבושים.

די מוטער האָט שטענדיק געזוכט צווישן אַלטע פאַרגעסענע מלבושים עפּעס אָנצוטון פאַר זיי. זי איז געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און געזוכט, צוגעהערט זיך ווי איר מאַן לערנט מיט אונדז, מיידלעך, דאַווענען. מיטאַמאָל פלעגט זי אָנהויבן אונטערמורמלען אונטער דער נאָז עפּעס אַ ניגון פונעם דאַווענען.



אולע וואַסערטרעגער, די פאַרקערפּערונג פון שווערן לעבן אין יידישן שטעטל.

אינעם ניגון איז געווען אַ גרויסער אומעט, אַ געבעט, וואָס האָט געשטיקט אין זיך אַ געוויין צום רבונו של עולם, פאַרוואָס ער האָט אין זיי פאַרגעסן. איך האָב געהערט, ווי זי מורמלט: „מענטשן לעבן, האָבן דירות, ברויט צו דער זעט"...

צוזאַמען מיט מיין חברטע דאָבע בודני האָבן מיר געלערנט ביים שדכן

דאַוועגען. ווען איך דערמאָן זיך אין דער אָרעמקייט פון זיין שטוב, דרוקט מיין האַרץ אַ שווערער טרויער. אין דער היים פלעג איך ליגן מיט אָפענע אויגן און טראַכטן פאַרוואָס די מענטשן זענען געשטראָפט געוואָרן מיט אַזאַ אָרעמקייט.

ווען אולע איז אויפגעוואַקסן איז ער געוואָרן אַ וואַסערטרעגער, האָט געטראָגן וואַסער אין יידישע שטובן. ווען איך פלעג אים זען גיין מיט די עמערס און מורמלען צו זיך — האָב איך זיך דערמאנט אין זיין מאַמע, ווי זי איז געזעסן אין ווינקל פון שטוב, ווו איר מאַן האָט געלערנט די מיידלעך דאַווענען און געמורמלט וועגן מענטשן, וואָס לעבן, האָבן דירות און ברויט צו דער זעט...



אסתר טייבלום־קאַרנפעלד

# אונדזער היים

טויזנטער פעדעם פאַרבינדן מיך מיט אונדזער היימשטעטל וואָלאָמין. מיין פאָטער, שמואל טייבלום איז געווען דער סאַמע ערשטער פון די טייבלומס, וואָס האָט זיך באַזעצט אין וואָלאָמין. ערשט נאָך אים זענען געקומען זיינע צוויי ברידער: פנחס און מענדל. אַלע דריי ברידער האָבן זיך פאַרנומען מיט מסחר פון האָלץ און בוי־מאַטעריאַלן.

וואָלאָמין איז נאָך דעמאָלט געווען אַ קליינער ישוב און גאָר אַ קליינע צאָל יידן. אין שטוב האָב איך אָפט געהערט דערציילן וועגן יענע ערשטע יאָרן, ווען די ערד איז ביסלעכווייז באַפרייט געוואָרן פון וואָלד און זומפּ און גענומען ברענגען פרוכטן פון מענטשנס זריעה. ווינטער־קאָרן און פרילינג־תבואות. אין שטעטל האָבן גענומען אויסוואַקסן הייזער און די באַפעלקערונג איז געוואָרן אַלץ גרעסער און געדיכטער.

אויך אונדזער משפחה האָט זיך צעוואַקסן. פערצן קינדער זענען מיר געווען אין שטוב. ווען דער טאַטע איז אַוועק פון דער וועלט בין איך אַלט געווען אינגאַנצן אַכט יאָר, אָבער אין מיין זכרון האָבן זיך איינגעקריצט זיינע אידעלע התנהגותן, די פרומע שבתים, זיין ספרימדיקע פּאַרטיפקייט, מיט וועלכער ער איז צוגעגאַנגען צו יעדער זאַך. ער איז געווען אַן אָפּגעהיטענער ייד, אַן אַלעקסאַנדרער חסיד.

ווי עס פירט זיך אין חסידישע שטובן האָט מען ביי אונדז די קינדער פרי חתונה־געמאַכט. דאָך זענען נאָך מיין טאַטנס פטירה געבליבן אַכט נישט־פאַרהייראַטע קינדער. זיי זענען נאָך געווען גאָר יונג און דער מאַמען איז שווער אָנגעקומען דאָס דערציען זיי.

צי איז דען פאַראַן אַ גרעסערער נחת פאַר אַ מאַמען ווי זען אירע זין זיצן יומם ולילה און לערנען? פאַר וועמען, מ׳שטיינס געזאָגט, האָרעווע איך? — פלעגט מיין מאַמע זיפצן אינדערשטיל — אויב נישט, אַז מיינע קינדער זאָלן זיין ערלעכע יידן, לערנען, גיין אין גאָטס וועגן״.

פאַר דעם טאַקע, האָט זי טאָג און נאַכט געבעטן דעם אויבערשטן און געלויבט אים פאַר דער הילף ביים דערציען אירע קינדער, און ווען זיי זענען אויסגעוואַקסן

געוואַקסן איז איר געוואָרן גרינגער. זי האָט דערלעבט אַ סך נחת פון זיי, חתונה־געמאַכט אַלע אירע קינדער, חוץ מינען, וועלכע איז געווען די יונגסטע און נאָך געוואַרט אויף איר באַשערטן.

אַ, מאַמע מיינע, ווי שיין דו האָסט דערצויגן דיינע קינדער. אין דיינע שטילע בליקן האָבן מיר אַרויסגעלייענט די שטורעמס פון דיין גרויס מאַמיש האַרץ, וואָס האָט געוויטיקט מיטן צער פון יעדן קינד און געפרייט זיך מיט זיין גליק. פאַר יעדן איינציקן פון אונדז האָסטו געפונען דאָס שטילע וואָרט, וואָס האָט געטרייסט אין די שווערסטע שעהן.

תמיד ביזטו, מאַמע טייערע, געווען מיט אונדז און דיינע ברכות האָבן געשוועבט איבער אונדזערע קעפּ מיט צוזאָגן פון שפע, מיט האָפענונגען אויף אַ לעבן אָן צער.

מיט דיינע הייסע ווּנטשן און ברכות איז גרינגער געווען צו גיין אין לעבן, דורכצומאַכן שווערע צייטן און האָפן אויף בעסערע.

מיט האַרציקע תפילות האָסטו געקאָרמעט אונדז ווען מיר זענען געווען קליין און ווען מיר זענען שוין געווען דערוואַקסן.

מיר ווייזט זיך אויס צו פילן נאָך ביז הייַנט דיין האַנט אויף מיין שטערן, ווען ער האָט געגליט אין הויכער היץ.

דיין גרויסע זאָרג איז געווען, אַז מיר זאָלן מיט גאָטס הילף זיין געזונט, נישט באַגיין קיין עבירות און שטענדיק אָפּהיטן די דינים פון כשרות.

טייערע מאַמע מיינע, די בלוטיקע מלחמה האָט אַ סוף געמאַכט צו אַלע אירע האָפענונגען. זי איז אומגעקומען צוזאַמען מיט אירע קינדער און אייניקלעך צוזאַמען מיט אַלע וואָלאָמינער יידן, וועלכע זענען אַרויסגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

פון אונדזער גרויסער משפחה, פון אַלע מיינע ברידער און שוועסטער בין איך איינע אַליין געבליבן לעבן, כדי טאָג און נאַכט צו באַוויינען זייער גרויזאַמען טויט.

מיין ברודער משה איז נאָך געווען אַ יונגער מענטש ווען עס איז אויס־געבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. פון זיינע פריסטע יאָרן האָט ער זיך אויס־געצייכנט מיט זיין גוטהאַרציקייט. עס האָט נישט געטראָפן, ער זאָל עמעצן אָפּזאָגן אַ גמילת חסד אָדער סתם אַ טובה.

משה האָט גאָר יונג אָנגעהויבן טראַכטן וועגן ארץ־ישראל ער איז געווען אַן איבערגעגעבענער ציוניסט און האָט זיך געלאָזט קאָסטן אַ סך געלט פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג, האָט אין אַלע זאַמל־אַקציעס פאַר קרן היסוד און קרן־קיימת אַרויסגעוויזן אַ ברייטע האַנט.

די מאַמע האָט אין אים דערלעבט אַ סך נחת. דער האָלץ־סקלאַד, וועלכן ער האָט געפירט; די צעגעלניע, צו וועלכער ער איז געווען אַ שותף, האָבן אים געמאַכט פאַר אַ פאַרמעגלעכן מענטש. בשותפות מיטן ברודער איטשע האָבן זיי געבויט הייזער און איז געווען צו זיינע שוועסטער ווי אַ געטרייער פאָטער, און ער האָט תמיד געזאָרגט, אַז עס זאָל דער מוטער גאָרנישט פעלן.

אויף מיין ברודער משה איז אויסגעפאַלן דער גורל צו זיין דער ערשטער קרבן, וועלכן די געסטאַפּאָ האָט אַרעסטירט אין וואָלאָמין. נאָכן רעקווירירן די צעגעלניע זענען זיי געקומען זוכן די באַלעבאַטים. ווען זיי האָבן אים נישט געפינען אין שטוב האָבן זיי צוגענומען מיט זיך זיין פרוי חנה און געמאָלדן, אַז ווען משה וועט זיך צושטעלן, וועלן זיי באַפרייען זיין פרוי.

אַלע האָבן געוווּסט, אַז זיין צושטעלן זיך וועט נישט העלפן צום באַפרייען חנהן. די דייטשן זענען שוין געווען באַקאַנט מיט זייערע שקרים. דאָך האָט משה נישט געקענט פויעלן ביי זיך צו בלייבן אין באַהעלטעניש בעת זיין פרוי זיצט אין תפיסה און ער האָט זיך צוגעשטעלט צו דער געסטאַפּאָ, מיט אַ שוואַכן פונק פון האָפענונג, אַז אפשר וועלן זיי פאָרט באַפרייען זיין פרוי, די מוטער פון זיינע קינדער.

מען האָט אים גלייך פאַרשיקט קיין דאַכאַו, אין טריערן־באַרימטן קאָנצענ־ראַציע לאַגער, פון וואַנען ער האָט זיך שוין מער נישט צוריקגעקערט.

זיין פרוי חנה האָבן די דייטשן נישט באַפרייט.

ביידע זענען זיי געווען די ערשטע קרבנות צווישן דער וואָלאָמינער באַפעלקערונג, שוין אין יאָר 1939, נאָך איידער עס איז געשאַפן געוואָרן דער געטאָ.

שוין דעמאָלט האָבן אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן די וועגן פון לעבן און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער וועג פון טויט, ביז עס איז געקומען דער פולשטענדיקער חורבן.



# אידעאַליזם


ישט ווייט פון דער גרויסער שטאָט וואַרשע האָט אָבער וואָלאָמין געהאַט דעם גאַנצן חן פון אַ שטעטל, אַרומגערינגלט מיט דערפער, פעלדער און וועלדער. עס איז געווען אַן ענגע פאַרבינדונג צווישן שטעטל מיטן דאָרף. יידן האָבן געהאַנדלט מיט די פויערים, געגאַנגען איבער די דערפער, און די פויערים זענען אין די מאַרק־טעג געקומען אין שטעטל, מיט זייערע וועגענער, אויסגעשטעלטע מיט תבואה און גרינוואַרג, מיט הינער און קאַטשקעס, קי און קעלבער.

מען איז געווען געקניפּט און געבונדן מיט וואַרשע. עס איז אָנגעגאַנגען אַ קעגנזייטיקער האַנדל, שידוכים, פאַמיליע־און געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען. די באַענטקייט צו וואַרשע האָט צוגעגעבן אונדזער שטעטל אַ גרויס־שטאָטישן קאָלאָריט, באַלעבט די טעטיקייט פון די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, אין די לאָקאַלן האָט מען געהאַלטן פאַרלעזונגען און רעפעראַטן אויף ליטעראַרישע און פּאָליטישע טעמעס. מען האָט געזונגען און געטאַנצט און געחלומט וועגן אַ שענער לעבן, דעם חלום פון גאולה.

מיט טרויער דערמאָנען מיר זיך דאָס פולסירנדיקע לעבן אין אונדזער שטעטל און אייביק וועלן מיר טראָגן אין אונדזערע הערצער די ליבשאַפט צום אידעאַליזם פון אונדזער יוגנט, צו דער ערלעכקייט פון אונדזערע עלטערן, צו דער גרויסער איבערגעגעבנקייט פון אונדזערע מלמדים און לערער, צו די יידישע דאָקטוירים און דענטיסטן, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן אַזויפיל מיטגעפיל צו אָרעמע קראַנקע.

ווי שיין זענען געווען די גרייז־גרויע זקנים, וואָס האָבן זייער זיקנה געטראָגן מיט זעלבסטווירדע און מיט ליבשאַפט צו די יונגערע, וועלכע האָבן זיי אַרויסגעוויזן דעם טראַדיציאָנעלן יידישן דרך ארץ און געלערנט פון זייער רייכער דערפאַרונג, אַזוי פון לומדים און תלמידי־חכמים, ווי פון פשוטע עמך־יידן, וועמענס מענטשלעכקייט מען האָט דערזען, ווען מען האָט זיי בעסער דערקענט און אַריינגעקוקט אין זייערע נשמות.

אומפאַרגעסלעכע, הייליקע קדושים, אייביק וועט אייער אָנדענק בלייבן איינגעקריצט אין אונדזערע הערצער.

מ. פאטאגראף

# די יוגנט פון מיין שטעטל

עוועזן אין פוילן אַ שטעטל וואָלאָמין מיט טויזנטער יידישע נפשות, איז דאָס שטעטל געבליבן יידן־ריין, אָן אַן איינציקן ייד. געוועזן יידישע גאַסן און געסלעך, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אייגנ־אַרטיקן לעבן, געדאווענט, געלערנט און געהאָרעוועט, געחלומט, געזונגען און געקעמפט פאַר אַ שענער און בעסער יידיש לעבן.

דאָס אַלץ איז געוועזן אַמאָל, ווען יידן אין וואָלאָמין האָבן געאַרבעט, געהאַנדלט, געבויט, געשאַפן, געהאָדעוועט נייע דורות און געהאָפט, אַז עס וועלן קומען בעסערע צייטן.

היינט, נאָך דעם בייזן שטורעם פון די נאַצישע מערדער, זענען אַלע האָפע־נונגען אויסגעלאָשן געוואָרן אינאיינעם מיט די לעבנס און וואָלאָמין איז געבליבן אָן יידן.

הגם איך שרייב פאַרן יזכור־בוך, וואָס דאָס דאַרף זיין ווי אַ טייל פון אַן אויפשריפט אויף דער מצבה, וואָס מיר, לעבנגעבליבענע, צעזייטע איבער אַלע עקן וועלט, שטעלן די קדושים פון אונדזער שטעטל; אַ מצבה אויף אַלץ, וואָס איז געוועזן יידיש און איז מער נישטאָ, נאָר דאָס האַרץ וויל עס נישט אַנערקענען.

דאָס האַרץ איז נאָך אַלץ באַהאפטן מיט יענעם לעבעדיקן האַרץ־צאַפּל פון די מענטשן איידער זיי זענען אומגעקומען.

דאָס האַרץ זעט נאָך די געשטאַלטן פון אייגענע און נאָענטע, פון פריינד און באַקאַנטע — אַלע זענען זיי מיט מיר אומעטום, אויף דער וואַך און אין חלום.

איך זע זיי פאַר זיך פון די פריע קינדער־און יוגנט־יאָרן, אין אונדזערע געמיינזאַמע חלומות און שטרעבונגען, אין וועלכע דאָס גרעסטע אָרט האָט פאַר־נומען דאָס גאַרן צו אַ באַפרייט יידיש היימלאַנד.

דאָס איז געוועזן אין יאָר 1924, ווען גייענדיק פון חדר, פלעג איך שטענדיק דורכגיין ליפשיצעס הויף, וואָס איז פון איין זייט אַרויסגעגאַנגען אויף דער

ווילענסקא־גאַס און פון דער צווייטער זייט אויף דער פשעכאַדניע. דער גרויסער הויף איז געווען באַוווינט מיט די פאַמיליעס סער, מארקאוויעצקי, גרויסבארד א. א. פון איין זייט האָט דער פּלאַץ זיך געגרענעצט מט דער פוילישער פאָלקסשול, וואָס האָט זיך געפונען אין אנשל יאגאָדעס הויז. פון דער צווייטער זייט — מיטן הויז פון שטרייך און בענדלער.

אין דאָזיקן הויף פלעגן אויך מושטירן די מיטגלידער פון „השומר הצעיר" אין זייערע סקאוטישע בלוזעס און איך האָב ליב געהאַט צוצוקוקן זיך און הערן די קאָמאַנדעס: הקשב, נע, קדימה א.א.וו. פון צייט צו צייט פלעגן זיי אַרויסגיין אין שטאָט, מאַרשירן אָדער שפּאַצירן אין רייען און מיר, קינדער, פלעגן זיי מקנא זיין און חלומען צו מאַרשירן אַזוי ווי זיי.

ענדלעך איז געקומען דער טאָג ווען מען האָט אונדז נאָך גרויסע באַמיאונגען אָנגענומען אין דער גרופּע פון די קלענסטע. אונדזער ראש הקבוצה איז געווען טוביה ראטבארד, וועלכער איז אין אונדזערע אויגן געווען הויך און שלאַנק און, פאַרשטייט זיך, אויך אַן אויטאָריטעט.

די מיטלסטע קבוצה איז געפירט געוואָרן דורך יוסף שפּירא. די ערשטע קבוצה — דורך לייבל שיינבוים. די קבוצה בוגרים, וואָס האָט נישט געטראָגן קיין שומרישע קראוואטן, איז אָנגעפירט געוואָרן דורך מענדל שיינבוים.

מיר פלעגן זיך טרעפן צוויי מאָל אין דער וואָך און מיר זענען געווען שטאָלץ מיט אונדזער מיטגלידערשאַפט, מיט אונדזער מאַרשירן אין רייען. מיר האָבן אויך געהאַט אַן אייגענעם טרומייטער, יידל פיינערמאַן. אין די זומער־פאַרנאַכטן פלעגט ער אויף ווינמאַנס פּלאַץ טרומייטערן, וואָס איז געווען אַ סיגנאַל אויף אַ צוזאַמענטרעף. מען פלעגט עס הערן אין דער גאַנצער שטאָט, אין די גאַסן: דלוגאַ, לעשנע, אגראַדאָווע, קאָשטשעלנע א.א. נאָך אַ געווויסער צייט האָט מען אונדז געהייסן קויפן געלע קראַוואַטן.

צו ל"ג בעומר האָבן מיר שוין געהאַט בלוזעס און קורצע הייזלעך און מיר זענען אַרויס קיין ראַדזימין, דורכמאַרשירט די גאַסן אין פיר גרופּן. אין דער ערשטער ריי זענען געגאַנגען די עלטסטע בחורים מיט מענדל שיינבוים בראש. ער איז געווען דער פירער פון גאַנצן קן.

פאַר מיינע אויגן שטייען נאָך ווי לעבעדיק די מיטגלידער פון דער ערשטער גרופּע: ווינאגורע, לאסקאָווסקי, פיינערמאַן, שיינבוים, זאמער און פיל אַנדערע, וועמענס נעמען זענען מיר אַרויס פון זכרון.

אין דאָרף טשארנע האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אויף פרישטיק. אין ראדזימין זענען מיר אָנגעקומען פאַרמיטאָג, איינקוואַרטירט זיך אויפן רבינס פּלאַץ, ווו די יידישע באַפעלקערונג האָט אונדז האַרציק באַגריסט. אויפן וועג צוריק קיין

וואָלאָמין זענען מיר געגאַנגען מיט געזאַנג. עס איז שוין געווען פינצטער ווען מיר האָבן אַריינמאַרשירט אין שטאָט מיט פאַקלען אין די הענט, דורכמאַרשירט די דלוגע־גאַס ביזן שיל־פּלאַץ און צוריק אויפן צוזאַמענטרעף־פּונקט, אין שיינבוימס הויז.

איך טראָג אין מיין געמיט די דערינערונג פון יענע צייטן, ווען דינא פידלער האָט אָנגעפירט מיטן „השומר", אָרגאַניזירט אַ פייערונג, געברענגט פון וואַרשע אַ יידישן בלאָז־אָרקעסטער און מיר האָבן מאַרשירט איבער די גאַסן מיט בלוי־ווייסע פענער ביי די קלאַנגען פון אָרקעסטער ביז צום גרויסן וואַלד.

זאָרגלאָזע קינדער־יאָרן, אויסגעפולט מיט לערנען און שפּילן און גלייכ־צייטיק מיט בענקשאַפט צו גאולה. שפּילנדיק אין פוטבאָל האָבן מיר געטראַכט וועגן קומענדיקע צייטן, ווען מיר וועלן זיין חלוצים אין ארץ־ישראל.

נישט איינמאָל האָבן מיר אויסגעהאַקט די שויבן און דער שמש טאַפּאָל פלעגט אונדז בעטן מיט גוטע ווערטער, אַז מיר זאָלן זיך איבערטראָגן אויף אַנדערע פּלעצער, ווו עס זענען נישטאָ קיין בנינים מיט שויבן און ווו מיר וועלן נישט שטערן די בית המדרש בחורים אין זייער לערנען.

עס דערמאָנט זיך מיר ווי מיר זענען אַמאָל אַריינגעגאַנגען אויף מאַנדל־בערגס פּלאַץ, ווו עס זענען געלעגן שטויסן מיט שטשאַפּעס, וואָס די בעקערייען פלעגן נוצן. דאָרט האָבן מיר אָרגאַניזירט אונדזערע שפּילן. איינמאָל אין אַ פרייטיק איז אינמיטן שפּילן אַריינגעקומען ר' נחמיה מאַנדלבערג און מיר זענען אין שרעק זיך צעלאָפן, איבערלאָזנדיק דעם באַלעם אויפן פּלאַץ.

ר' נחמיה מאַנדלבערג האָט זיך אָפּגעשטעלט און גערופן צו אונדז:

„קינדער, וואָס אַנטלויפט איר? קומט, שפּילט זיך, קיינער וועט אייך גאָרנישט טון".

זינט דעמאָלט איז דאָס געווען אונדזער שטענדיקער פּלאַץ צו שפּילן פוטבאָל און אונדז האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ר' נחמיה מאַנדלבערג איז אונדזער אפּוטרופּוס.

עס זענען פאַרביי עטלעכע יאָר. אינצווישן איז געווען אַן איבערייס אין דער טעטיקייט פון השומר הצעיר. נאָך לענגערע באַמיאונגען האָבן מיר באַקומען אַ דערלויבעניש צו עפענען אונדזערע אָרגאַניזאַציע אויף אַ געענדערטן נאָמען: „מלאָדי סטרוזש".

ווידער האָבן מיר געפירט אַ דערציערישע אַרבעט. נאָך אַ געוויסער צייט זענען די חברים משה פלאַטקאָווסקי, אליעזר בערגאַזין, משה וויינבראַם, גאָלדע גאָלדוואַסער און שלמה טאַבאַקמאַן, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט דער אַרבעט, אַוועק אויף הכשרה און די יינגערע האָבן איבערגענומען די אָנפירונג.

עטלעכע מאָל איז אונדז אויסגעקומען צו טוישן דעם לאָקאַל, אַריבער־

האָפענונג, פון אַן אילוזיע, אַז נאָך נישט אַלץ איז פאַרלוירן. דאָס איז די אילוזיע פון לעבן, וואָס קומט אין די שווערסטע מינוטן, ווען דאָס האַרץ האַלט ביים פּלאַצן צוקוקנדיק צו די גרוילן, צום צער פון די קליינע קינדער, וואָס זעען דעם טויט פאַר די אויגן און זייערע שטומע בליקן פרעגן: פאַרוואָס?

פון דער אַנדערער זייט קומען צו צוויי מאָל אין טאָג צוגן מיט לאַסט־וואַגאָנען, געפּאַקט מיט יידן. דאָס זענען טראַנספּאָרטן, וואָס גייען קיין טרעבלינקע. זיי שטעלן זיך אָפּ אויף אַ קורצער ווײַלע. מען זעט דאָרט פאַרשידענע טיפּן יידן: גריכישע, פראַנצויזישע, בעלגישע, האָלענדישע און אַנדערע. אין פאַרשידענע מלבושים, האַרטע הוטן און שירעמס. דורך די פאַרצוימונגען דערגייען צו אונדז זייערע פראַגן: „עס איז נאָך ווייט צו דער קאָלאָניע טרעבלינקע?" יידן האָבן מורא צוצוגיין. פאַרבייגייענדיקע פּאָליאַקן גיבן איבער זייערע פראַגן. מיר הערן אין געטאָ זייערע שטימען. די ווערטער איז שווער צו אונטערשיידן.

שוין נישט אַזוי נאַיוו זענען די יידן פון וואַרשעווער געטאָ, כאָטש אין די ערשטע טעג פון די אַקציעס האָבן זיי אויך נישט געגלויבט, אַז מען פירט זיי צום טויט. מיר דערקענען די וואַרשעווער טראַנספּאָרטן לויט דעם ווי זיי קלאָגן אויס זייער צער און פּיין, וואָס רייסט זיך אַרויס דורך די פאַרקראַטעוועטע פענצטערלעך

פון אייניקע פענצטערלעך דערטראָגט זיך אַ פאַרחלשט קול, וואָס בעט וואַסער. פון ערגעץ אַ וואַגאָן הערט מען ווי אַ קינד בעט אַ טעפּעלע פאַר אַ פיזיאָלאָגישער באַדערפעניש. זייערע קולות זענען אין אַ וויסטן מדבר.

פון טייל וואַגאָנען האָבן אַרויסגעקוקט בלייכע, פאַרפּייניקטע פּנימער, און זייערע בליקן האָבן אויסגעזען ווי זיי וואָלטן זיך געזעגנט מיט דער וועלט און אין דער לעצטער מינוט געזוכט צווישן די פאַרבייגייענדיקע פּאָליאַקן אַ באַקאַנט פּנים. אפשר האָבן זיי געזוכט אַן אייגענעם פון דער משפּחה, וואָס האָט זיך געראַטעוועט אויף דער אַרישער זייט, אַ מאַן, אַ פרוי. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אין דער לעצטער מינוט געפּרוווט די שטאַרקייט פון די קראַטן, געבליבן מאַכטלאָז, פאַרצווייפלט.

געווען פאַלן ווען יידן זענען אַרויסגעשפּרונגען פון די וואַגאָנען. זעלטן ווען עס האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן, מערסטנס האָט זיי דערגרייכט די קויל פון אַן אוקראַינישן, דייטשן, אָדער פּוילישן מערדער.

די וואָלאָמינער יידן אין סאָסנאָווקע האָבן דאָס אַלץ צוגעזען פון דער־ווייטנס. צוויי מאָל אין מעת־לעת זענען די צוגן פאַרבייגעפאָרן, איינער פאַרטאָגס און דער צווייטער מיטאָג־צייט. גענוי וויפל יידן עס זענען געווען אין אַזאַ טראַנספּאָרט האָט מען נישט געוווּסט, מען האָט געזאָגט, אַז יעדער טראַנספּאָרט באַשטייט פון זעקס טויזנט נפשות. די יידן אין סאָסנאָווקער געטאָ האָבן זיך

אפגעגעבן אַ חשבון, אַז דאָס פירט מען יעדן טאָג צוועלף טויזנט יידן צו די שרעק־לעכסטע טויטן.

אַזאַ איז געווען די שטימונג אין סאָסנאָווקע. און מיט די דאָזיקע מחשבות האָט מען זיך געגרייט צו די ימים־נוראים. שוין דאָס גיין צו סליחות איז געווען אַ שווער פּראָבלעם. עס איז געווען פאַרבאָטן צו פאַרלאָזן די הייזער פון זיבן אַזייגער פאַרנאַכט ביז פינף אַזייגער פאַרטאָג. באַזונדערס שטרענג איז געווען פאַרבאָטן יעדער צונויפקום. עס האָט געדראָט מיט טויט־שטראָף. דאָך זענען די יידן אין געטאָ זיך צונויפגעקומען אין מנינים און געזאָגט סליחות. מען האָט זיך געשאַרט ביי די מויערן, דורך הינטערוועגן און הינטערטירן און אין אַ דירה פון אַ נאָענטסטן שכן האָט מען זיך צונויפגעזאַמלט, געוויינט, געבעטן סליחה און מחילה.

מאָדנע, אין יענער צייט זענען דאָך די יידן געווען אַזוי ריין פון זינד און דאָך האָבן זיי מער ווי שטענדיק געבעטן פאַרגעבונג פאַר זייערע חטאים. צי האָבן דען די שרעקלעכע צרות, די אוממענטשלעכע פיין, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט טאָג־איין טאָג־אויס נישט מכפר געווען אַלע עוונות? איז דען דאָס בלויזע עקזיסטירן אַ זינד?

אַזוי זענען דורך די סליחות־נעכט און עס איז אָנגעקומען ראש השנה.

זייער פרי האָט מען זיך געשטעלט דאַווענען און מען האָט אויסגערעכנט צו ענדיקן וואָס פריער, כדי נישט צו ווערן באַמערקט דורך די מערדער. און אַ דאַווענען איז דאָס געווען! יעדער וואָס האָט דורכגעמאַכט אָדער צוגעהערט זיך צו יענע תפילות, וועלן זיי שוין אים אייביק קלינגען אין די אויערן.

אַלע זענען געווען דורכגעדרונגען מיטן הייליקן ציטער, די מענער, איינ־געוויקלט אין די טליתים, פרויען אין די טיכלעך אויף די קעפּ האָבן געשלוכצט און געוויינט. אין די ענגע צוויי צימערלעך האָט געהערשט די אַטמאָספער פון אַן אויסערגעוויינלעכן מקום קדוש. די מענטשן זענען געשטאַנען צונויפגעפּרעסט אין דער גרויסער ענגשאַפט, געוויינט און געבעטן און די גרעסטע בקשה איז געווען: אַ לעבעדיק יאָר. פאַרשוואונדן זענען די ווונטשן אויף געזונט און פרנסה. איין פאַרלאַנג, איין בקשה האָט דאָמינירט איבער אַלעם: לעבן, איבערלעבן.

„רבונו של עולם, הער זיך צו צום געבעט פון אונדזערע צעבראָכענע הערצער״, האָט זיך דערטראָגן פון אַ ווינקל דער געיאָמער פון אַ יונגער פרוי, וועמענס מאַן און קינד זענען אַוועק אין די מרחקים און שוין לאַנג ווי זי האָט נישט פון זיי קיין שום ידיעה.

איך זע זיי פאַר זיך ווי לעבעדיק די מתפללים אין די געהיימע בתי־תפילה, מענער און פרויען, צעבראָכענע, פאַרפייניקטע און דאָך מיט אַזויפיל גלויבן אין דער גערעכטיקייט פון דעם אַלמעכטיקן. איך זע פאַר זיך די מאַמע, וואָס באַקלאָגט

איר זעכצן־יאָריקן זון, וועלכער איז געווען דער ערשטער קרבן פון סאָסנאָוויעץ, איז אומגעקומען אויסערן געטאָ. יעדער האָט געהאַט עמצן צו באַוויינען. אין יעדער שטוב זענען געווען אומגעקומענע אָדער געשטאָרבענע מיט דעם נאַטירלעכן טויט בעת אַן עפּידעמיע.

איין גרויס געבעט האָט זיך געריסן פון אַלעמענס הערצער, האָט אָנגעפילט די לופט, געשוועבט און געריסן זיך צו די הימלען: לאָז אונדז לעבן!

אויך די קינדער, וואָס זענען געקומען הערן שופר־בלאָזן, זענען געווען באַהערשט פון דער אַלגעמיינער פאַרכטיקייט און מיט פּחד אין די אויגן געקוקט אויף זייערע טאַטעס און מאַמעס, געזוכט אַן ענטפער אויף די פיל פאַרוואָסן, וואָס האָבן געמאַטערט זייערע קינדערישע מוחות.

די קינדער אין געטאָ זענען נישט געווען שטיפעריש. אין געטאָ האָט מען נישט געהערט קיין קינדעריש געלעכטער. עס האָט אויסגעזען ווי זיי וואָלטן אינגאַנצן קיין קינדער־יאָרן נישט געהאַט. אַלע זענען אַלט געוואָרן פאַר דער צייט. קליינע קינדער האָבן געוווסט און געפילט וואָס אַרום זיי קומט פאָר, האָבן געלעבט מיט דעם פּחד, וואָס האָט זיי אַרומגערינגלט. באַזונדערס שטאַרק און בולט איז עס געווען ביי די קינדער, וואָס האָבן געהאָלפן מפרנס זיין זייערע משפחות. פלעגן זיך אַרויסגנבענען אויף דער אַרישער זייט, געבעטלט און דערנאָך אַריינגעשמוגלט דאָס עסן אין געטאָ פאַר זייערע משפחות. אַ סך פון זיי זענען אומגעקומען פון די רוצחישע הענט, פון דייטשע סס.־לייט און אויך פון היימישע שכנים.

די אַלע קינדער האָבן אין יענעם ראש השנה איבערגעלעבט דעם פּחד גלייך מיט אַלע דערוואַקסענע און זענען פונקט ווו זיי דורכגענומען געוואָרן מיט יענעם הייסן געבעט: לעבן!

מיטאַמאָל איז אַריינגעטרעטן אַ שטילקייט. מען האָט געהערט דאָס פאַר־שטיקטע זיפצן פון די דערוואַקסענע. מען האָט זיך געגרייט צום שופר־בלאָזן. דער חזן האָט מיט אַ צעטערדיק קול גענומען זאָגן „למנצח“, אָבער פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ שאָס.

אַלעמענס פּנימער האָבן זיך אויסגעדרייט אין דער ריכטונג פון וואַנען דער שאָס איז געקומען. אַלעמענס געדאַנקען זענען געווען פאַרנומען מיט דער איינער פראַגע וועמען האָט עס געטראָפן. אַלע האָבן געוווסט, אַז די דייטשן וואַרפן נישט אַרויס אומזיסט קיין קוילן. די אויפרודערונג דויערט נאָר אַ קורצע ווײַלע. די ייִדן האָבן זיך אויסגעלערנט צו זיין באַהערשט און דיסציפּלינירט. אין שפּאַנונג האָבן אַלע געוואַרט אויף אַ ידיעה, און באַלד איז טאַקע אָנגעקומען עמיץ, וואָס האָט דערציילט, אַז דאָס האָט אַ זשאַנדאַר דערשאָסן אַן אַלטע ייִדישע פרוי, וואָס האָט געפּרוווט אַרויסגיין פון געטאָ.

אַ שווערע דרוקעניש פרעסט אַלעמענס הערצער, אָבער לאַנג פאַרנעמען זיך דערמיט האָט מען נישט געקענט. דאָס איז שוין געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג, וועלכע מען איז פאַרביי מיט אַ טיפן זיפץ, אַ פאַרשטיקט געוויין. ווידער האָט מען ממשיך געווען דאָס דאַווענען, געזאָגט „ונתנה תוקף״, אַ האַרץ־רייסנדיק געוויין פילט אָן די לופט פון די קליינע צימערלעך. דאָס איז די תפילה פונעם קדוש רבי אמנון וואָס יידן האָבן שטענדיק מתפלל געווען מיט גרויס דביקות, אָבער כ׳ווייס נישט צי די תפילה איז ווען עס איז געזאָגט געוואָרן מיט אַזאַ כוונה, מיט אַזויפיל התלהבות, ווי דאָ דורך דער קליינער עדה מתפללים, אין די ענגע צימערלעך פונעם געטאָ אין סאָסנאָוויעץ.

מיט פאַרשמאַכטע ליפּן האָבן די יידן געשעפּטשעט: „שערי שמים פתח...״ די טויערן פון הימל זענען פאַר די יידן קיינמאָל נישט געווען צעפּראַלט אויף דער וועלט, אָבער איצט, אין די לעצטע טעג פון זייער לעבן, האָבן זיי געבעטן פונעם גאַנצן האַרצן, זייערע תפילות זאָלן דערגייין צום כסא הכבוד און זייער געוויין זאָל דערהערט ווערן.

געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן אין יענע מינוטן באַגערט, אַז די טויערן פון הימל זאָלן זיך עפענען און זיי אַריינפירן אין דער וועלט שכולו טוב, צו געפינען ענדלעך רו נאָך זייערע אוממענטשלעכע מאַטערנישן און אַביסל שכר פאַר זייערע גרויסע און שווערע יסורים, וואָס האָבן באַגלייט די טעג און נעכט פון זייער לעבן אויף דער ערד.

פאַרהוילענע כוחות, וואָס קיינער ווייסט נישט זייער באַשייד, פאַרטרייבן דעמאָלט די שווערע און ביטערע מחשבות און די נשמות ווערן געלייטערט אין הייליקן גלויבן.

מיר ווייזט זיך אויס, אַז די יידן אין געטאָ זענען ווי באַגייסטערט געוואָרן מיטן קידוש השם פונעם ווייטן אַמאָל און זענען אין די מינוטן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גיבורים, געשטאַרקט מיטן כוח פון יענעם היסטאָרישן קדוש.

אַ גרויסן כוח האָבן פאַרמאָגט די תפילות אין יענעם ראש השנה. געמוטיקט האָבן די געטאָ איינוווינער געוווּנטשן זיך אַ לעבעדיק יאָר און פאַרלאָזט זייער געהיים בית התפילה, געשטאַרקטע מיט בטחון און גלויבן, יענער בטחון, וואָס באַגלייט די יידן אין אַלע שווערע צייטן פון זייער געשיכטע.

אַהיימגייענדיק איז זיי אַנטקעגנגעפאָרן דער צוג, וואָס האָט געפירט אַ פרישן טראַנספּאָרט וואַרשעווער יידן אויף זייער לעצטן וועג. עס האָט אויסגעזען ווי דער טייוול אַליין וואָלט זיי אָפּגעטון דאָס דאָזיקע שפּיצל. די יידן האָבן זיך אָפּגעשטעלט און מיט זייערע בליקן מלווה געווען די קדושים.

דער צוג האָט געריזט.

קאפּל בערמאַן

# מיינע איבערלעבענישן אין געטאָ

צום אָנדענק פון מיין מוטער, וואָס איז אומגעקומען אין געטאָ אין עלטער פון 85 יאָר.



יך גיב זיך אָפּ אַ חשבון אז די אויפגאַבע צו פאַרצייכענען זכרונות איבערלעבענישן, אייגענע און פון אַנדערע, געשעענישן צווישן דער אַלגעמיינער יידישער באַפעלקערונג אין וואָלאָמין — איז שווער און אחריותפול. דער גורל האָט געוואָלט, אַז איך זאָל זיין פון די איינצלנע, וואָס זענען געבליבן לעבן, אָפּגעראַטעוועט זיך על פי נס און אַ געוויסע צייט נאָך דער מלחמה פאַרהאַלטן זיך אין וואָלאָמין, אָבער געמוזט פון דאָרט גיך אַנטלויפן צוליב די דראונגען פון די פּאָליאַקן.

עס איז פאַר מיר קלאָר, אַז איך בין נישט בכוח אויסצושעפּן דאָס גאַנצע מאַטעריאַל. עס איז אוממעגלעך צו געדענקען אַלע דאַטעס און נעמען. דאָך שרייב איך, ווייל איך פיל עס ווי אַ הייליקן חוב צו פאַרצייכענען אינעם יזכור־בוך נאָך דער חרוב געוואָרענער יידישער קהילה אין וואָלאָמין.

קיין וואָלאָמין זענען מיר געקומעןביים סוף פון יאָר 1933. ביז דעמאָלט האָבן מיר געוווינט אין דערנעבנדיקן שטעטל יאַדאָווע. דאָס איז געווען איינס פון די צענדליקער יידישע שטעטלעך אין פּוילן. אין יאַדאָווע איז 95 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג באַשטאַנען פון יידן. די מערהייט פון זיי זענען געווען קרעמער און בעלי־מלאכות. עס האָבן אויך נישט געפעלט אַזעלכע וואָס האָבן געלעבט פון דער לופט, פון נסים. איינמאָל אין דער וואָך, מיטוואָך, איז געווען אַ מאַרק־טאָג, ווען די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן געבראַנגט צו פירן זייער פּראָדוקציע צום פאַרקויפן און פאַרן געלט איינגעקויפט נאָפט, זאַלץ און אַנדערע שטאָטישע פּראָדוקטן, אין וועלכע זיי האָבן זיך גענויטיקט.

דריי קילאָמעטער פון יאַדאָווע האָט זיך געפונען די באַן־סטאַציע אָרלע, ווו עס איז געווען אַ גרויסער וואַלד, וווהין עס פלעגן אין די זומער־טעג קומען צו פאָרן פון דער גרויסער שטאָט הונדערטער לעטניקעס און דאָס האָט צוגעהאָלפן

צו דער פרנסה פון דער יידישער באַפעלקערונג. מען קען זאָגן, אַז 50 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג האָבן געלעבט פּתּעם זומער־סעזאָן.

מיין מאַטעריעלע פּאָזיציע אינעם שטעטל אַלס זייגערמאַכער איז נישט געווען בעסער פון די אַנדערע. דאָס פאַך האָט נישט געגעבן די מעגלעכקייט צו עקזיסטירן און איך האָב דערפאַר געמוזט זיך זוכן אַן אָרט מיט פּערספּעקטיוון אויף פּרנסה און אַזוי בין איך אַנגעקומען קיין וואָלאָמין.

וואָלאָמין האָט אין יענער צייט געציילט אַן ערך 25 טויזנט איינוווינער, פון וועלכע יידן זענען געווען נישט מער ווי אַ דריי טויזנט. די באַפעלקערונג איז געווען געקניפּט און געבונדן מיט וואַרשע, ווו זיי האָבן געאַרבעט אַלס באַאַמטע און ביי פאַרשידענע פאַכן און צוליב דעם דירות־מאַנגל אין וואַרשע האָבן זיי געוווינט אין וואָלאָמין.

אַזוי האָט עס אויסגעזען צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג און אַזוי אויך צווישן דער יידישער.

אַ סך וואָלאָמינער יידן האָבן געאַרבעט אין וואַרשע, געווען טריקאָטאַזש־ניקעס, וואַליזע־מאַכערס און אַנדערע בעלי־מלאכות. דער מאַטעריעלער מצב פון דער יידישער באַפעלקערונג איז אין וואָלאָמין געווען עטוואָס גרינגער ווי אין אַנדערע קליינע שטעטלעך. אויך מיר איז געלונגען זיך איינצואָרדענען און עס האָט זיך מיר נישט שלעכט געלעבט מאַטעריעל און אויך געזעלשאַפטלעך האָב איך זיך גיך אַקלימאַטיזירט.

בסלעכוויז האָב איך זיך באַקענט מיט די וואָלאָמינער יידן, מיט די וואָס האָבן גענומען אַן אַקטיוו אָנטייל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. מען פלעגט זיך צונויפקומען אין די אָוונטן ביי מיר אין שטוב, ווו מען האָט באַהאַנדלט פאַרשידענע פּראַגן, פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע, וועלכע זענען אין יענער צייט געשטאַנען אויף דער טאָג־אָרדענונג.

דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין וואָלאָמין איז געווען גענוג פאַרביק און אינטענסיוו. עס זענען דאָרט געווען צוויי ביבליאָטעקן און פּאַרטייען פון אַלע ריכטונגען, אָנהויבנדיק פון די רעכטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס ביז בונדיסטן און קאָמוניסטן, האָבן דאָרט געפירט אַ לעבהאַפטיקע טעטיקייט. עס איז אויך געווען אַ ספּאָרט־קלוב „מכבי“. די לינקע פּאַרטייען האָבן געהאַט זייערע מיטגלי־דער אינעם פּע.פּע.עס׳שן ספּאָרט־קלוב „פּראָמיען“. דאָרט זענען אויך אַריינגע־קומען די בונדיסטן.

אין יאָר 1933 האָט אין פּוילן זיך געמערקט אַ שאַרפע אויפלעבונג פון אַנטי־סעמיטיזם און אויך וואָלאָמינער פּאָליאַקן האָבן מיטגעטאַנצט דעם טייוולאָנישן טאַנץ, וועלכער האָט זיך דאָ געפילט עטוואָס שאַרפער ווי אין אַנדערע קליינע

שטעטלעך, ווייל די יידן זענען דאָ געווען אַ קליינע מינדערהייט און די פּוילישע באַפעלקערונג איז געווען אין ענגן קאָנטאַקט מיט די אַנטיסעמיטישע צענטערס אין וואַרשע.

מען האָט אָנגעהויבן שטאַרק פילן אויפן עקאָנאָמישן געביט. עס האָבן זיך אויך געמערט די אָנפאַלן אויף יידן אין גאַס. די מיטגלידער פון דער אַנטיסעמיטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „נארא" האָבן זיך אין וואַלאָמין אויסגעצייכנט מיט זייערע כוליגאַנישע מעשים, האָבן אַוועקגעשטעלט פּיקעטן ביי די יידישע קראָמען און געשעפטן און נישט אַריינגעלאָזט קיין קריסטלעכע קונים, אָנגעפאַלן אויף די יידן, באַזונדערס אויף די, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין די קריסטלעכע גאַסן. אין אונדז איז געווען אַ מורא אַרויסצוגיין אויך אין דער יידישער געגנט.

אין אַ זומערדיקן שבת־טאָג, ווען אויף דער דלוגע־גאַס איז געווען פול מיט שפּאַצירנדיקע יידן איז איינער פון די שפּאַצירנדיקע, טייבלום, געטראָפן געוואָרן פון אַ רעוואָלווער־קויל. דאָס האָט אַ „נארא" באַנדיט געשאָסן אין אים פון הינטן. דעם באַנדיט האָט מען נאַטירלעך נישט געכאַפּט. עס איז נישט געווען ווער עס זאָל עדות זאָגן.

עס איז געוואָרן געפערלעך צו פאָרן אין די באַנען, באַזונדערס אין אונדז. עס האָט אָפט געטראָפן, אַז אַ ייד איז אַהיימגעקומען פון אַזאַ רייזע מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ. עס זענען אויך געווען פאַלן פון אַרויסוואַרפן יידן אינמיטן פאָרן פון צוג.

## דער אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה

מיט יעדן טאָג איז די לאַגע געוואָרן ערגער און געפערלעכער.

אַ קורצע צייט פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז אין דער הינזיכט די לאַגע פון יידן אין וואַלאָמין געוואָרן עטוואָס גרינגער.

מיט דער העצע וואָס די דייטשן האָבן אַנטוויקלט קעגן פּוילן, האָבן אַ סך פּאָליאַקן געגומען זיך אַרומזען, אַז מען דאַרף עפּעס טון און עס האָט אין וואַלאָמין זיך געשאַפן אַ קאָמיטעט, אין וועלכן עס זענען אַריין אויך יידישע פאָרשטייער מיטן ציל צו שאַפן געלט אויף באַוואָפענונג.

די אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ גרויסער הלוואה, אין וועלכער יידן האָבן גענומען אַ גרויסן אָנטייל. אין דער זעלבער צייט האָט זיך אויך געשאַפן אַ קאָמיטעט צו פאַרטיידיקן די שטאָט וואַלאָמין. די אַקציע איז באַשטאַנען אין גראָבן אַקאָפּעס אַרום דער שטאָט און צוגרייטן די באַפעלקערונג צום קאַמף אין פאַל ווען די דייטשן וועלן באַדראָען וואַלאָמין. יעדן טאָג פלעגן אַרויסגיין יידן און קריסטן הינטער דער שטאָט און גראָבן אַקאָפּעס.

דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939 איז געווען מיין ריי צו גראָבן אָקאָפּעס. דאָס איז געווען באַלד אינדערפרי, שטייענדיק ביי דער אַרבעט מיט דער לאָפּאַטע אין האַנט האָבן זיך פּלוצלונג באַוויזן אויפן הימל צוויי עראָפּלאַנען, איין עראָפּלאַן האָט געיאָגט דעם אַנדערן און געשאָסן אויף אים. דעמאָלט איז נאָך קיינעם נישט איינגעפאַלן, אַז דאָס יאָגט זיך אַ דייטשער עראָפּלאַן נאָך אַ פּוילישן און שיסט אויף אים.

מיר האָבן נאָך דעמאָלט נישט געוווּסט, אַז אין יענעם באַגין איז דייטשלאַנד אַנגעפאַלן אויף פּוילן. מיר זענען געווען זיכער, אַז דאָס זענען מאַנעווורעס פון פּוילישע פליער און מיר האָבן ווייטער געאַרבעט, געגראָבן די אָקאָפּעס.

עס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און עס איז עמיץ אָנגעקומען פון שטאָט און איבערגעגעבן די ידיעה, וואָס ער האָט געהערט אין ראַדיאָ, אַז די דייטשן זענען אַנגעפאַלן אויף פּוילן און אין אייניקע ערטער אַריבער די גרענעץ.

די ערשטע ידיעות זענען געווען, אַז דאָס פּוילישע מיליטער שטעלט אַן ענערגישן ווידערשטאַנד, אָבער ביי אונדז האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט די הענט, מען האָט אָוועקגעלייגט די אַרבעט און יעדער איז געגאַנגען צו זיך אַהיים. אַ שווערע מרה־שחורה האָט זיך געלייגט איבערן שטעטל און גאָר באַזונדערס איבער די קעפּ פון דער יידישער באַפעלקערונג. צעטומלעניש און שרעק האָט אַרומגעכאַפּט די גאַנצע באַפעלקערונג. מען האָט געזען ווי די פּאָליציי, די באַאַמטע פון מאַגיס־טראַט און אַנדערע אינסטיטוציעס גרייטן זיך צו אַנטלויפן, ברענען די אַרכיוון פירן אַרויס וויכטיקע דאָקומענטן.

די וועגן זענען פול געוואָרן מיט אַנטלויפנדיקע, אויף פורן, אויף אויטאָס און צופוס. די מענטשן האָבן געשטראָמט אויף מזרח, אין דער ריכטונג צו דער רוסישער גרענעץ, אַהין איז געלאָפן כמעט די גאַנצע יידישע יוגנט, וועלכע האָבן געמיינט צו געפינען אַ שוץ אויף יענער זייט רוסישער גרענעץ.

ליידער האָבן אָבער זייער ווייניק דערגרייכט דעם דאָזיקן ציל. די דייטשן זענען זיי פאַרלאָפן דעם וועג, גענומען אין געפאַנגענשאַפט, געהאַלטן זיי אין לאַגערן. נאָך אַ געוויסער צייט האָט מען זיי באַפרייט און זיי זענען צוריקגעקומען קיין וואָלאָמין אויסגעמאַטערטע פון הונגער און שמוץ.

## די שטאט ווערט באמבארדירט

אַ וואָך פאַרן פאַרנעמען וואָלאָמין איז די שטאָט באָמבאַרדירט געוואָרן פון דייטשע עראָפּלאַנען, וועלכע האָבן זיך אַרומשפּאַצירט איבערן וואָלאָמינער הימל עטלעכע שעה און געזייעט חורבן און פאַרניכטונג. קיינער האָט זיי נישט געשטערט. זייער ציל איז געווען די באַן־ליניע, אָבער דערביי זענען צעשטערט געוואָרן די

וואַרשאַווסקי־גאַס, די פּאַטשאַווע א.א. די עראָפּלאַנען האָבן געוואָרפן צינד־באָמבעס און געשאָסן פון מאַשין־געווער אויף דער ציווילער באַפעלקערונג. די מענטשן זענען געלאָפן אין גאַס זוכן אַ באַהעלטעניש און געפאַלן.

אין יענעם טאָג זענען אין וואָלאָמין געווען עטלעכע צענדליק טויטע און אַ סך פאַרווונדעטע. צוויי טעג זענען די הייזער געשטאַנען אין פלאַמען און עס איז נישט געווען ווער עס זאָל לעשן די שריפות.

אויף צומאָרגנס האָבן זיך אויף די חורבות אָנגעהויבן באַווייזן שאָטנס פון די געראַטעוועטע און האָבן מיט שרעק אין די אויגן געקוקט אויפן הימל, צי עס באַווייזן זיך נישט ווידער די עראָפּלאַנען. דאָס נאָרמאַלע לעבן האָט זיך אָפגעשטעלט. עס איז געווען שווער צו קריגן עפּעס געקויפט צום עסן און באַלד האָט זיך אין די שטובן געלאָזט פילן דער הונגער.

ווער עס האָט נאָך געלעבט פון די זאַפּאַסן, וואָס ער האָט געהאַט און ווער עס האָט געפּרווט איינטוישן עפּעס אַ זאַך אויף אַ ברויט. דער צופיר פון שפייז־אַריטיקלען איז געווען אָפּגעשטעלט. דאָס שטעטל איז געווען הפקר, נישט געווען קיין שום מאַכט, נישט קיין פוילישע נישט קיין דייטשע.

דאָס האָט געדויערט אַ גאַנצע וואָך ביז עס זענען אַריינגעקומען די דייטשן.

דעם צווייטן טאָג ראש השנה, זיבן אינדערפרי איז די שטאָט באַוואָרפן געוואָרן מיט גראַנאַטן, וועלכע האָבן געטראָפן אין אייניקע הייזער, אָבער נישט געמאַכט קיין גרויסע שאָדנס, נישט געווען אויך קיין מענטשלעכע קרבנות. מיטאָג־צייט האָבן זיך באַוויזן די ערשטע פאַנצער־אויטאָס מיט באַוואָפנטע דייטשע זעלנער. קיינער האָט נישט געוואַגט צו באַווייזן זיך אין גאַס.

פון די באַהעלטענישן האָבן מיר געזען ווי עס ציען זיך גרויסע שטראָמען מאָטאָריזירט מיליטער. נאָך לאַנגע שעהן האָט זיך אָפגעשטעלט אין שטעטל אַ מיליטערישע איינהייט אָנגעפירט דורך אַן אָפיציר. די זעלנער האָבן אָנגעהויבן מאַכן זייערע „שפּאַצירן” איבערן שטעטל. קודם האָבן זיי אויפגעריסן גאָלדוואַסערס געוועלב מיט געטראַנקען, וואָס איז פולשטענדיק אויסגעליידיקט געוואָרן. דאָס איז געווען אַ סיגנאַל אָנצוהויבן דאָס רויבן צוזאַמען מיטן פוילישן המון. די פּאָליאַקן האָבן געוויזן די דייטשן וועלכעס עס איז אַ יידיש געוועלב און דערפאַר האָבן זיי באַקומען צוגעוואָרפן פון די דייטשן, דאָס וואָס זיי האָט נישט געלוינט צו נעמען.

אויפן דריטן טאָג האָט זיך די לאַגע אַביסל באַרואיקט. עס האָט זיך באַזעצט אויף סטאַביל אַ מיליטערישע קאָמענדאַטור און ארויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג אויפצומאַכן די געשעפטן, די באַפעלקערונג איז גערופן געוואָרן צו פאַרהאַלטן זיך רואיק און עס איז איינגעפירט געוואָרן אויסנאַם־צושטאַנד מיט פּאָליציי־שעהן פון זעקס אָונט ביז זעקס אינדערפרי. דאָס האָט אָבער נישט געשטערט די דייטשע

זעלנער אויפצורייסן צוזאַמען מיט פּוילישע קאָליגאַנעס יידישע געשעפטן אין די פּרי־און שפּעטע אָוונט־שעהן.

## די ערשטע גזירות

עס האָבן זיך אָנגעהויבן שוין די ערשטע גזירות אויף דער יידישער באַפעל־קערונג. עס איז פאַרווערט געוואָרן די יידישע שחיטה פון בהמות; ווען עס האָט זיך באַוויזן אַ דייטשער זעלנער, האָט דער ייד געמוזט אַראָפּנעמען פונעם טראָטואר; אין די שויפענצטער פון יידישע געשעפטן האָט געמוזט ווערן אַרויס־געהאַנגען אַ מגן־דוד, אויף די שילדן פון יידישע געשעפטן האָט געמוזט צוגעש־שריבן ווערן מיט גרויסע אותיות דאָס וואָרט: יודע.

דאָס עובר זיין אויף די דאָזיקע גזירות האָט געדראָט מיט שטרענגע שטראָפן.

גלייכצייטיק האָט זיך אָנגעהויבן דאָס געיעג פון כאַפּן יידן צו דער אַרבעט און צווינגען זיי צו רייניקן די גאַסן, פאַריכטן די צעשטערטע באַן־ליניע. ביים אַרבעטן אויף דער באַן־ליניע איז שווער צעשלאָגן געוואָרן טשאַניק, וועלכער איז אויף צווייטן טאָג געשטאָרבן.

מען האָט אויך געכאַפּט פרויען צו דער אַרבעט, צום וואַשן די פּאָדלאָגעס אין די וווינונגען, וואָס די דייטשן האָבן פאַרנומען. די פרויען האָט מען געצוווּנגען צו וואַשן די פּאָדלאָגעס מיט די אייגענע אונטערוועש.

## יציאת וואלאמין

אין יענע טעג האָט זיך אָנגעהויבן די צווייטע יציאת וואָלאָמין. דאַסמאָל זענען געגאַנגען נישט בלויז יונגטלעכע, נאָר אויך גאַנצע פאַמיליעס. די דייטשן האָבן נישט געמאַכט קיין באַזונדערע שוועריקייטן. עס זענען געווען פאַלן ווען די מיליטערישע קאָמענדאַטור האָט אַרויסגעגעבן שיינען, וואָס דערלויבן אַריבער־צוגיין די דייטש־רוסישע גרענעץ.

צווי פון מיינע איבערגעגעבענע פריינט: משה ווינבערג און משה צוקער זענען צום צווייטן מאָל אַוועק פון וואָלאָמין און עס איז זיי געלונגען אַריבער־צוגיין די גרענעץ. איך האָב זיך מיט זיי אָפּגערעדט צוזאַמען אַלס דריטער און איך האָב געמאַכט אַלע צוגרייטונגען. מיר האָבן זיך געדאַרפט טרעפן פינף אַזייגער אינדערפרי ביי מיר אין שטוב און פון דאָרט זיך לאָזן אין וועג אַריין.

אינצווישן איז ביי מיר פאָרגעקומען אַן ענדערונג. מיין פרוי און קינד זענען אויסגעבראָכן אין אַ ספּאַזמאַטישן געוויין און אין דער לעצטער מינוט האָב איך געענדערט מיין באַשלוס. ווען ווינבערג און צוקער זענען געקומען צו דער באַ־שטימטער שעה האָב איך זיי געמוזט אָנטזאָגן. איך האָב באַשלאָסן נישט איבער־

צולאָזן אַליין מיין פֿאַמיליע. לײדער איז מײנע טײערע חברים אויך נישט געלונגען זיך אָפּצוראַטעווען. זיי זענען אומגעקומען אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

עס האָבן זיך גענומען פֿאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז עס איז דאָ אַ דײטש־רוסישער אָפּמאַך, לויט וועלכן די רוסן דאַרפֿן דערגיין ביז צו דער ווייסל, וועלכע וועט זיין די צײטווײַליקע גרענעץ מיט די דײטשן. געוווּנט פֿאַלן ווען מען איז געקומען צום דײטשן קאָמענדאַנט נאָך אַ דאָקומענט אַריבערצוגיין די גרענעץ, האָט ער געזאָגט, אַז דאָס איז נישט נויטיק, ווײל אינגיכן וועלן אַהער אַרײַנגעמען די רוסן. מען האָט געזאָגט, אַז אין יאַדאָוו זענען די דײטשן שוין אָפּגעטרעטן. דעמאָלט האָט זיך אָפּגעשטעלט דער שטראָם פֿון די אויסוואַנדערנדיקע. אַלע האָבן געוואַרט מיט אומגעדולד אויפֿן אַרײַנקומען פֿון די רוסן, ווי אויפֿן קומען פֿון אַ נייעם משיח.

## די שיל אין פֿלאַמען

הושענה רבה בײַנאַכט, ווען פֿרומע ייִדן זענען געזעסן אין שיל, געוואַרט אויף אָפּריכטן תיקון חצות, האָבן זיך פּלוצלינג באַוויזן אין שיל עטלעכע דײַטשע אָפֿיצירן און גענומען זיך איזדיעקעווען איבער די ייִדן. געהייסן זיי אַרויסטראָגן די ספרי תורהס אויפֿן שיל־הויף, געצוווּנגען זיי צו שענדן די ספרי־תּורהס און דערנאָך אונטערגעצונדן זיי צוזאַמען מיט דער שיל.

דאָס איז געווען אַ סיגנאַל פֿאַר די פּאָליאַקן, אַז עס איז דערלויבט צו ווילדעווען, אַז ייִדן זענען הפקר. אין עטלעכע שעה אַרום איז פֿון דער שיל נישט געבליבן קיין זכר.

די וואָס האָבן נאָך אַלץ געהאָפֿט, אַז די רוסן וועלן אַרײַנקומען האָבן פֿאַרלוירן די לעצטע האָפֿענונג בעתן אָנקומען פֿון דער ידיעה, אַז לויטן אָפּמאַך צווישן ריבענטראָפּ און מאָלאָטאָוו איז ענדגילטיק פֿעסטגעשטעלט געוואָרן די גרענעץ אויף די טײַכן אַרוואַ און בוג.

עס האָט זיך ווידער באַנייט דאָס פּרוּוון אַנטלויפֿן פֿון שטאָט אין דער ריכטונג צו דער רוסישער גרענעץ, אָבער דאַסמאָל איז עס שוין אָנגעקומען פֿיל שווערער. די גרענעצן זענען געווען שטרענג באַוואַכט און דאָס אַריבערגיין די גרענעץ איז געווען פֿאַרבונדן מיט סכנות נפשות. אין בעסטן פֿאַל האָבן די דײטשן אויף דער גרענעץ צוגענומען אַלץ, וואָס עמיץ האָט מיט זיך געהאַט. אין די לעצטע ווינטער־חדשים זענען אויפֿן גרענעץ־פּאַס געלעגן צענדליקער טויזנטער מענטשן און געוואַרט אויפֿן מאָמענט, זיי זאָלן קאָנען אַריבערגיין די גרענעץ קיין רוסלאַנד. אַ סך זענען אומגעקומען פֿון קעלט און פֿאַרשידענע קראַנקהייטן.

אין אַ סך פֿאַלן האָבן די דײטשן צונויפֿגעזאַמלט די אַלע מענטשן און אָפּגע־

שיקט זיי צוריק צו זייערע היימען, אָבער נישט אַלע איז דאָס געלונגען. אַ סך זענען דערשאָסן געוואָרן אויף די וועגן.

די דייטשע ציווילע אדמיניסטראַציע האָט איבערגענומען די מאַכט פון מיליטער. עס איז אָנגעקומען די קרימינאַל־פּאָליציי, געסטאַפּאָ און ס.ס. די פּוילישע פּאָליציי האָט גלייך אָנגעהויבן מיטאַרבעטן מיט די דייטשן.

ווידער האָבן זיך גענומען שיטן נייע גזירות: יעדער ייד, מאַן און פרוי, פון צוועלף יאָר אָן, מוזן טראָגן אויפן לינקן אַרבל אַ ווייסע לענטע מיט אַ בלויעם מגן־דוד; מוזן געהערן צו אַן אַרבעטס־בריגאַדע און זיין פּאַרפּליכטעט צוצושטעלן זיך צו יעדער אַרבעט, צו וועלכער ער וועט גערופן ווערן דורך די דייטשן.

איין גזירה האָט געיאָגט די אַנדערע. דער ציל איז געווען צו דערנידעריקן, באַליידיקן און פאַרסמען דאָס לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

אין אַ געוויסן טאָג האָט מען אַרעסטירט די יידישע דאַזאָרעס און געהאַלטן זיי צוויי טעג אין אַרעסט, אָן עסן און אָן טרינקען. צווישן זיי זענען געווען: מענדל וואגענשטיין, אבא פראָם, גאלדגראם און אַנדערע. אין משך פון די צוויי טעג האָט מען די יידן שרעקלעך געפּייניקט. אויפן דריטן טאָג האָט מען זיי באַפרייט מיט באַדינג, אַז זיי זאָלן זיך פונדאַסניי אָרגאַניזירן אין אַ יודנראַט מיט אַ יודן־עלטסטן. דער צוועק פונעם יודנראַט איז געווען אויסצופירן די באַפעלן פון דער דייטשער מאַכט, מאַכנדיק זיי פערזענלעך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יעדן נישט אויסגעפירטן באַפעל.

## די ערשטע קאָנטריבוציע

דער ערשטער באַפעל איז געווען אויפצומאָנען די קאָנטריבוציע פון אַ פערטל מיליאָן זלאָטעס, וואָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף דער יידישער באַפעלקערונג אין וואָלאָמין. די סומע האָט געמוזט געשאַפן ווערן אין פאַרלויף פון פופצן טעג.

די נייע גזירה האָט אַרויסגערופן אַ נייעם שטראָם פון לויפן צו דער גרענעץ. עס זענען געלאָפן יונג און אַלט, אויף פאַרשידענע וועגן און אונטערוועגן, אויסגעשטעלט אויף שרעקלעכע געפאַרן.

וואָלאָמין האָט אויסגעזען ווי אין די ערשטע טעג נאָך דער באָמבאַרדירונג. די גאַסן זענען געוואָרן אויסגעליידיקט, פּוסט. קיין יוגנט האָט מען שוין כמעט נישט געזען. דעמאָלט האָב איך אויך באַשלאָסן צו פּרוּוון אַנטלויפן פון וואָלאָמין. מיט גרויסע שוועריקייטן איז מיר געלונגען צו דינגען אַ פור, אויף וועלכער איך האָב אויפגעלאָדעוועט אַביסל זאַכן און מיט ווייב און קינד געלאָזט זיך אין וועג אַריין.

ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין יאַדאָווע האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיר האָבן פֿאַרשפּעטיקט דעם צוג. יאַדאָווע ליגט אויפֿן וועג קיין מאַלקין, נאָענט צו דער רוסישער גרענעץ און דאָס שטעטל איז דערפֿאַר געווען פֿאַרפֿלייצט מיט וואַנדערער פֿון אַלע עקן פּוילן, אַנטלאָפֿענע ייִדן, וואָס זענען געבליבן שטעקן אין יאַדאָווע און נישט געקענט אַריבער די גרענעץ, געוואַרט אויף אַ ידיעה, אַז די גרענעץ־וואַך האָט זיך געטוישט און עס איז אָנגעקומען אַ „גוטע", וועלכע לאָזט זיך איבערקויפֿן.

אַזעלכע פֿאַלן זענען אָבער געווען געציילטע. ס'רוב זענען די, וואָס האָבן געפּרוּווט אַריבערגיין די גרענעץ, געוואָרן שווער צעשלאָגן ביז בלוט און באַראַבעוועט. מען האָט ביי זיי צוגענומען אַלץ, וואָס זיי האָבן געהאַט מיט זיך.

אויף אַזעלכע שריט האָבן זיך געקענט דערלויבן נאָר יונגטלעכע, וואָס האָבן נישט געהאַט וואָס צו פֿאַרלירן און געווען גרייט אויף אַלעם אבי צו ראַטעווען זיך. שווערער איז עס געווען פֿאַר גאַנצע פֿאַמיליעס, וועלכע האָבן זיך נישט געקענט דעציִדירן מפֿקיר צו זיין זייער לעצט ביסל פֿאַרמעגן, וואָס זיי האָבן מיטגענומען מיט זיך אויף צו דערהאַלטן ביים לעבן זייערע משפּחות.

דער וועג פֿון יאַדאָווע קיין מאַלקין איז געווען באַלייגט מיט מענטשן, אויף פֿורן און פֿוסגייער. מען איז געגאַנגען קיין מאַלקין און צוריק פֿון מאַלקין. די צוריקפֿאָרנדיקע, וועלכע עס איז נישט געלונגען אַריבערצוגיין די גרענעץ זענען געבליבן אין יאַדאָווע וואַרטן, אפֿשר וועלן אָנקומען בעסערע ידיעות און עס וועט פֿאָרט געלונגען צו ראַטעווען זיך פֿון דייטשן גהינום.

איך האָב אויך באַשלאָסן צו בלייבן מיט מיין פֿאַמיליע אין יאַדאָווע און אָפּוואַרטן אַ געלעגנהייט, וואָס וועט אונדז דערמעגלעכן אַריבערצוגיין די גרענעץ. אַכט טעג זענען מיר געזעסן ביי מיין פֿרויס עלטערן און געוואַרט אויף דער אויסגעבענקטער ידיעה, אָבער די לאַגע האָט זיך מיט יעדן טאָג אַלץ מער פֿאַרערגערט און די אויסזיכטן זענען געווען שוואַכע. די לעבנס־באַדינגונגען אין יאַדאָווע זענען געווען אומדערטרעגלעכע. עס איז געוואָרן קלאָר, אַז מיר וועלן לאַנג נישט קענען אויסהאַלטן אַזאַ מצב. און עס איז געפֿאַלן דער לעצטער באַשלוס צוריקצופֿאָרן קיין וואָלאָמין און וואָס עס וועט זיין מיט אַלע ייִדן, וועט אויך זיין מיט אונדז.

צוריקקומענדיק קיין וואָלאָמין האָבן מיר גענומען זוכן וועגן און מיטלען ווי אַזוי צוצופּאַסן זיך צו דער נייער לאַגע. ווי טרונקענדיקע, וואָס כאַפּן זיך אָן אין אַ שטרוי, האָבן מיר אויך גענומען קלאַמערן זיך אין דער האָפֿענונג, אַז די דייטשן וועלן זיך ביסלעכווייז באַרויִקן און נאָכלאָזן פֿון זייער ווילדער שנאה צו ייִדן און אפֿשר וועט דאָך געלונגען זיך איינצולעבן מיט זיי.

## דער ניי־געשאַפענער יודנראַט

דער ניי־געשאַפענער יודנראַט איז באַשטאַנען פון די פריערדיקע און אויך צוקאַפּטירטע מיטגלידער. אין שפּיץ פון דעם יודנראַט איז געשטאַנען בלומבערג. דעם יודנראַט איז געלונגען צונויפזאַמלען די קאָנטריבוציע און ביים איינצאָלן זי האָט מען אָפּגעמאַכט מיט די דייטשן, אַז דער יודנראַט וועט זיי צושטעלן דעם קאָנטיגענט געפאָדערטע אַרבעטער.

דאָס האָט אויסגעזען צו זיין אַ געוויסע דערגרייכונג, ווייל דאָס ווילדע געיעג צו כאַפּן יידן אויף אַרבעט איז תמיד באַגלייט געווען מיט קלעפּ און באַליי־דיקונגען. מען איז קיינמאָל נישט זיכער געווען, צי מען וועט קענען רואיק איבער־לעבן דעם טאָג.

טאָג־טעגלעך איז געקומען אַ שליח פון די דייטשן און געברענגט דעם יודנראַט אַ ליסטע פון זאַכן, וואָס מען דאַרף זיי צושטעלן, אָנהויבנדיק פון מעבל ביז שפּייז־פּראָדוקטן. דער יודנראַט האָט די אַלע באַפעלן געמוזט אויספירן.

עס איז געווען אַ צייט פון לית דין ולית דיין.

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ יידישע מיליץ. דאָס לעבן פון די יידן איז געווען אַ ביטערער גהינום. דער הונגער האָט זיך באַזעצט אין יידישע שטובן. צו דעם זענען נאָך צוגעקומען פיל פּליטים, וואָס זענען אַנטלאָפן פון זייערע היימען אָדער פאַרטריבן געוואָרן פון די אַנדערע שטעטלעך, פון ווישקאָוו, פון נאַשעלסק, פון פּולטוסק.

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ פאָלקס־קיך, וואָס האָט אַרויסגעגעבן יעדן טאָג מיטאָגן פאַר נויטבאַדערפטיקע. דאָס האָט אַביסל אַרויסגעהאָלפן אָבער נישט געלעזט דאָס פּראָבלעם פון הונגער. דער מיטאָג איז באַשטאַנען פון אַביסל שיטערע זופּ וואָס האָט נישט געקענט אָנזעטיקן די הונגעריקע יידן.

אין שפּיץ פון דער פאָלקס־קיך איז געשטאַנען אַ יונגערמאַן מיטן נאָמען טאַלעשניק, אַן איידעלער מענטש, וואָס האָט מיט אַלע כוחות באַמיט זיך צו פאַר־לייכטערן דאָס לעבן פון די הונגעריקע. ער האָט געמאַכט די אָנגעשטרענגטסטע באַמיאונגען, אָבער דאָס איז געווען איבער זיינע כוחות.

## טיפוס

עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַוויזן די ערשטע סימנים פון טיפוס. עס זענען געווען פיל טויט־פאַלן עס האָבן אויסגעפעלט מעדיקאַמענטן. מען האָט די פאַלן פון טיפוס געמוזט אויסבאַהאַלטן פון די דייטשן, ווייל די דייטשן פלעגן אַזאַ הויז איזאָלירן, נישט אַרויסלאָזן פון דאָרט די איינוווינער און קיינעם נישט צולאָזן צו זיי.

אויסערלעך האָט זיך די לאַגע אויף אַזויפיל פאַרערגערט, אַז אַ ייד מיט אַ באָרד האָט זיך נישט געטאָרט באַווייזן אין גאַס. אַ סך האָבן זייערע בערד פאַרבונדן מיט פאַטשיילעס, ווי זיי וואָלטן געליטן פון צאָן־ווייטיק. דאָס האָבן זיי געטון ווען זיי זענען געווען געצוווּנגען אַרויסצוגיין אין שטאָט, אָבער דאָס האָט נישט שטענדיק געהאָלפן.

אין די אָוונטן, נאָך 6 אַזייגער האָט מען זיך פאַרשלאָסן אין די שטובן און אין דרויסן האָבן געווילדעוועט די פוילישע כוליגאַנעס, באַגלייט פון דייטשע זעלנער און ס.ס.־לייט, אויפגעריסן געשעפטן און גערויבט.

איך בין געווען דער איינציקער זייגערמאַכער, וואָס איז געבליבן אין וואָלאָמין און האָב געהאַט אַ סך אַרבעט, אפילו פון דייטשע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן מיר אָפט געבראַנגט פאַר דער אַרבעט ברויט און אַנדערע שפּייז־פּראָדוקטן. מיר איז מאַטעריעל נישט געווען שלעכט און איך האָב נאָך געקענט אַרויסהעלפן אַנדערע מיט פּראָדוקטן און אויך מיט פאַפּיראָסן. איך אַליין האָב נישט גערויכערט, האָב איך די פאַפּיראָסן, וואָס איך האָב באַקומען פון דייטשע זעלנער פונאַנדער־געטיילט צווישן באַקאַנטע.

די צרות האָבן זיך אָנגעהויבן אין אָוונט. דייטשע זעלנער פלעגן אָפט אַנקלאַפּן אין דער טיר, ווען עס האָט געדויערט אַביסל לענגער ביז איך האָב געעפנט, האָט דער דייטשער זעלנער גענומען זיך אַריינרייסן מיט כוח, מיט געשרייען און זידלערייען, געפאָדערט, אַז איך זאָל אים פאַרקויפן אַ פינגערל אָדער אַנדערע צירונג פאַר זיין פרוילײן. דאָס פרוילײן איז מערסטנס געווען אַ פוילישע שיקסל, וואָס איז געשטאַנען ביי זיין זייט און ער האָט איר געוואָלט באַצאָלן פאַר דער ליבע, מיט וועלכער זי האָט אים באַשאָנקען.

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב אים דערקלערט, אַז איך פאַרנעם זיך בלויז מיט אַרבעט און נישט מיט האַנדל. דעמאָלט האָט ער צוגעשטעלט די ביקס צו מיין קאָפּ. איך בין געווען אומבאַהאָלפן, געזאָגט אים, אַז ער זאָל אַליין זוכן און אויב ער וועט געפינען זאָל ער זיך נעמען.

יעדער זעלנער האָט דעמאָלט דורכגעפירט די רעוויזיע אויף אייגענער האַנט און ווען ער איז אַן אַנטוישטער אַוועקגעגאַנגען האָט ער אויפן וועג אויסגעלאָזט דעם כעס צו אַלע, וואָס האָבן זיך געפונען אין שטוב.

אַזעלכע וויזיטן זענען געווען אָפטע און זיך געענדיקט מיטן זעלבן סוף.

אַזוי האָט זיך געצויגן דאָס היניטישע לעבן, הונגער, דערנידערונג און באַ־לײדיקונג.

## אפגעפונענע ביכער

פסח 1940, ווען עס זענען אָנגעקומען אייניקע געסטאַפּאָווצעס פון וואַרשע, האָבן זיי צוו. אַנד. אַרעסטירט אויך משה טייבלום. ווען זיי זענען געקומען אים אַרעסטירן איז ער צופעליק נישט געווען אין שטוב. האָבן זיי גענומען זיין ווייב און איבערגעלאָזט אַ קוויטל, אַז ער זאָל זיך צושטעלן אין דער געסטאַפּאָ, ווען מען דאַן באַפרייען זיין פרוי. אויף צומאָרגנס האָט ער זיך טאַקע צוגעשטעלט און מען האָט אים גלייך פאַרהאַלטן, אָבער זיין פרוי האָט מען נישט באַפרייט. ביידע זענען שוין מער נישט צוריקגעקומען. די קריסטלעכע פאַמיליע, וועלכע מען האָט אין דער זעלבער צייט אַרעסטירט, האָבן באַקומען צוגעשיקט קעסטלעך מיטן אַש פון זייערע מענער מיט אַ צושריפט, אַז זיי זענען געשטאָרבן פון אַ קראַנקהייט. דער פאַמיליע טייבלום האָט מען דאָס אויך נישט צוגעשיקט און קיינער האָט זיך נישט דערוווּסט ווי אַזוי זיי זענען אומגעקומען.

אין משך פון דער גאַנצער צייט איז אין שטאָט נישט געווען טעטיק קיין שום קולטור־געזעלשאַפטלעך לעבן. די איינציקע שיל, וואָס איז געווען אין וואָלאָ־מין, האָבן די דייטשן באַלד אין אָנהויב פאַרברענט. שכנים פלעגן אין די שבתים צונויפקומען זיך אין אַ פּריוואַטער שטוב, ווו מען האָט געדאַוונט מיט אַ מנין. פרומע יידן האָבן מורא געהאַט צו באַווייזן זיך אויף דער גאַס.

קיין צייטונגען האָט מען נישט געלייענט. די איינציקע פּוילישע צייטונג, וואָס איז דעמאָלט דערשינען איז אויספאַרקויפט געוואָרן צווישן די פּאָליאַקן. קיינער האָט נישט געהאַט קיין אינטערעס צו דער צייטונג, וועלכע איז געווען פול מיט שקרים, מיט פאַלשע ידיעות, קיין ראַדיאָ האָט מען נישט געטאָרט הערן. די דייטשן האָבן קאָנפיסקירט אַלע אַפּאַראַטן. די יידן אין וואָלאָמין האָבן זיך דאָך איבערגעגעבן ידיעות פון מויל צו מויל און תמיד מיט אָפּטימיזם, מיט איינגע־רעדטע האָפענונגען אויף בעסערע צייטן.

פאַר דער מלחמה זענען אין וואָלאָמין געווען צוויי יידישע ביבליאָטעקן, וועלכע זענען ליקווידירט געוואָרן נאָך איידער די דייטשן זענען אַריין. ווען מען האָט די יידן פאַרטריבן קיין סאָסנאָווקע, האָט מען דעם גרעסטן טייל ביכער פון דער פּרץ־ביבליאָטעק געפונען אין אַ שטאַל, ווו עס האָט געוווינט יאָסל בערגער. עס איז געווען נישט פאַרשטענדלעך פון וואַנען די ביכער האָבן זיך אַהין גענומען. אַנטדעקט האָט עס אַ יידישער פּאָליציאַנט, שמואל ראָזנער, מיט וועלכן מיר האָבן געוווינט צוזאַמען אין געטאָ, וואָס איז געווען הינטער סאָסנאָווקע און מיר האָבן באַשלאָסן איבערצופירן די ביכער אין אונדזער הויז, ווו מיר האָבן אויפן בוידעם געהאַט אַ באַהעלטעניש אונטערן דאַך. די ביכער זענען אונדז זייער צונוצגעקומען און זענען געווען אונדזער איינציקע גייסטיקע שפּייז אין געטאָ.

## דאָס לעבן אין געטאָ

אַ לענגערע צייט זענען שוין אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז מען גרייט צו אַ געטאָ. די קלאַנגען האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן זינט מען האָט אָנגעהויבן בויען אין וואַרשע די מויער אַרום די יידישע גאַסן. עס זענען געווען אַ סך, וואָס האָבן עס אויפגענומען גלייכגילטיק. זיי האָבן געהאַלטן, אַז מיטן אָפּזונדערן די יידן פון דער איבעריקער באַפעלקערונג, וועט מען זיך פילן זיכערער און נישט האָבן קיין מורא צו גיין אין גאַס און מען וועט זיין זיכערער מיטן לעבן. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן בכלל נישט געגלויבט אין די קלאַנגען, אַז מען וועט די יידן פאַרטרייבן אין אַ געטאָ. פון וואַנען וועלן מיר נעמען צום לעבן? — האָבן זיך געפרעגט איינע די אַנדערע.

סוף זומער 1940 איז אַרויס די פאַראָרדענונג, אַז די יידן פון גאַנצן גענעראַל־גובערנאַמענט מוזן ביזן 15־טן אָקטאָבער 1940 אָפּזונדערן זיך פון דער נישט־יידישער באַפעלקערונג, איבערגיין אין ספּעציעלע וווין־ערטער, וועלכע וועלן פאַר זיי באַשטימט ווערן. די דייטשע מאַכט איז באַלד צוגעטרעטן אויף אַלע ערטער אויסצופירן די באַפעלן. אין וואָלאָמין האָט מען דאָס געטאָ באַשטימט אינעם דאַטשע־אָרט סאָסנאָוועקע. דער יודנראַט האָט געפּרוּווט מאַכן באַמיאונגען צו ענדערן דעם באַשלוס אָבער אומזיסט. קיין שום כוח האָט נישט געקענט ענדערן דעם באַפעל.

דאָס געטאָ האָט זיך אָנגעהויבן אין דער געגענט פון שטוטמאַנס הייזער, אַ קליין קוואַרטאַל, וואָס איז געווען בערך אַ קילאָמעטער פון שטאָט. אין נאָרמאַלע צייטן וואָלט די געגענט נישט געקענט אַריינעמען קיין העלפט פון דער יידישער באַפעלקערונג. דערצו זענען נאָך צוגעקומען אַ סך פליטים, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון אַנדערע שטעטלעך קיין וואָלאָמין.

דאָס איבערזידלען די יידישע באַפעלקערונג צום באַשטימטן טערמין איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויפן יודנראַט, וועלכער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך, אַז קיין איין ייד זאָל נישט בלייבן אין וואָלאָמין. די מיטגלידער פון יודנראַט האָבן געדאַרפט באַשטימען די ערטער פאַר יעדן באַזונדער.

די פאַרמעגלעכע אָדער די, וואָס האָבן געהאַט שיינע דירות אין וואָלאָמין, האָבן זיך געקענט טוישן מיט אַ קריסטלעכן איינוווינער. אַזוי אַרום האָט זיך געשאַפן אין דער געגנט פון שטוטמאַנס הייזער אַן אָפּגעזונדערט רייכער קוואַרטאַל. דאָרט האָט זיך איינגעאָרדנט דער יודנראַט. די פּראָסט־געבויטע זומער־הייזער פון סאָסנאָוועקע האָבן אַריינגענומען די איבעריקע יידן.

די צייט צום באַשטימטן טערמין איז געווען אַ קורצע און די יידן האָבן גיך געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט און ביז זיי האָבן באַוויזן זיך איינצואָרדענען אין

די נייע וווין־ערטער זענען אַ סך מענטשן מיט זייערע אָרעמע מטלטלים געלעגן אין גאַס. די מענטשן האָט מען אַריינגעשטופּט ווי אין אַ הינער־שטייג. צו דעם אַלעם האָט מען נאָך צוגעשיקט אַ היפּשע טייל פון דער ראַדזימינער אָרעמקייט, וועלכע מען האָט געדאַרפט אַריינשטופּן אין געטאָ.

לויט דער פאַראָרדענונג פון דער דייטשער מאַכט האָט מען געמעגט מיט־נעמען מיט זיך אין געטאָ אַ וואַליזע מיט די נויטיקע זאַכן, אָבער נישט קוקנדיק אויף דער פאַראָרדענונג האָט יעדער איבערגעפירט פון געטאָ וואָס ער האָט נאָר געקאָנט. באַזונדערס האָבן זיך עס באַמיט צו טון די, וואָס עס איז זיי געלונגען צוצוגרייטן זיך אַביסל שפּייז־אַרטיקלען אויף דער ערשטער צייט.

עטלעכע וואָכן איז דאָס געטאָ געשטאַנען אָפן און עס איז געווען אַ מעג־לעכקייט צוצוגרייטן זיך אַביסל שפּייז־אַרטיקלען, וואָס מען האָט פאַר די לעצטע גראָשנס איינגעקויפט ביי די פויערים, אָבער דאָס האָט לאַנג נישט געדויערט. באַלד האָבן די דייטשן פאַראָרדנט הערמעטיש צו פאַרמאַכן דאָס געטאָ אויף דער גאַנצער לענג פון בערך דריי קילאָמעטער, אַרומצוימען מיט שטעכיקן דראָט און ביים אַריינגאַנגס־טויער האָבן צוויי יידישע וואַך־לייט געדאַרפט זיין פאַראַנט־וואָרטלעך, אַז קיינער זאָל נישט אַרויסגיין אָן אַ דערלויבעניש און קיין שום אַריער זאָל נישט אַריינגעלאָזט ווערן אין געטאָ.

אויפן טויער איז געווען אַ שילד מיט אַן אויפשריפט: „אַכטונג, אַנשטעקנ־דיקע קראַנקהייטן. אַריינגאַנג פאַר אַריער פאַרבאָטן!"

דאָס האָט אָבער נישט געשטערט די דייטשן צו קומען טאָג־טעגלעך אין געטאָ מיט זייערע פאָדערונגען צום יודנראַט, צוצושטעלן זיי פאַרשידענע זאַכן, ווי אויך מענטשן, וועלכע זיי האָבן געשיקט צו לאָקאַלע אַרבעטן און אין אַרבעטס־לאַגערן.

מיטן פאַרמאַכן דאָ סגעטאָ האָט דער יודנראַט באַקומען די פולמאַכטן פון אַ מלוכה אין אַ מלוכה. די יידן זענען געווען אונטערגעוואָרפן די פאַרשריפטן, וואָס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן יודנראַט. דער יודנראַט האָט געקענט אַרעסטירן מענטשן פאַר נישט האַלטן זיך ביי די פאַרשריפטן. געווען אויך אַ ספּעציעל אַרעסט־הויז.

אין שפּיץ פון דער יידישער פאָליציי איז געשטאַנען אַ מיטגליד פון יודנראַט, אָבער דערנאָך איז ער איינגעטוישט געוואָרן אויף אַן אַנדערן.

נאָך אַ גרעסערע צרה איז געווען די טיפוס־עפּידעמיע, וואָס האָט אין געטאָ אָנגענומען קאַטאַסטראָפאַלע פאַרמען. די מענטשן האָבן געוווינט אין אַ שרעק־לעכער ענגשאַפט און גיך אָנגעשטעקט איינע די אַנדערע. די מגיפה האָט זיך

פֿאַרשפּרייט מיט אַ בליציקער שנעלקייט און די דריי דאָקטוירים, וואָס זענען געווען אין געטאָ: פֿראַנק, פֿרידמאַן און רעזניק זענען געווען אומגעקומען. קיין מעדי־קאַמענטן זענען נישט געווען. ד״ר פֿרידמאַן אַליין האָט זיך אָנגעשטעקט פֿון אַ קראַנקן און איז געשטאָרבן.

אין אַזעלכע באַדינגונגען האָט מען נאָך געמוזט צושטעלן מענטשן פֿאַר די צוויי דייטשע אַרבעטס־לאַגערן, אין ווילִיאַנאָוו און איזאַבעלין, הינטער ראַדזימין. אין די לאַגערן האָט מען געאַרבעט ביי אוממענטשלעכע באַדינגונגען און נאָך אַ קורצער צייט זענען פֿיל קראַנק געוואָרן. געווען אַזעלכע, וואָס מען האָט זיי צוריק־געשיקט אין געטאָ און אויף זייער אָרט האָט מען געמוזט שיקן אַנדערע, אויס־צופֿילן דעם קאָנטינגענט מענטשן, וואָס וואַלאָמין האָט געמוזט צושטעלן.

די צוויי אַרבעטס־לאַגערן האָבן איינגעשלונגען אַ סך יונגטלעכע כּוחות און צו דער לאָקאַלער אַרבעט האָט מען געמוזט אויסנוצן די עלטערע מענטשן, אַזוי אַז קיינער איז פּראַקטיש נישט געווען באַפֿרייט פֿון אַרבעט. פֿאַרמעגלעכע האָבן געקענט פֿאַר געלט שיקן אַנדערע אויף זייער אָרט. עס האָבן קיינמאָל נישט אויסגעפֿעלט קיין מענטשן, וואָס זענען באַשטאַנען צו גיין אַרבעטן פֿאַר אַנדערע, וואָס האָבן זיי באַצאָלט דערפֿאַר.

דער הונגער איז פֿון טאָג צו טאָג געוואָרן אַלץ שאַרפֿער. עס האָבן זיך אויסגעלאָזט די זאַפּאַסן, וואָס מענטשן האָבן זיך אָנגעגרייט און קיין פֿרישע זאַפּאַסן האָט מען נישט געקענט מאַכן. קינדער זענען אַרויס פֿון געטאָ און איינגעקויפֿט אַביסל פּראָדוקטן, וועלכע זיי האָבן צוריק אַריינגעבראַכט אין געטאָ אויף צו פֿאַרקויפֿן. די דאָזיקע קינדער האָט מען גערופֿן „קליינהענדלער״. געווען אויך דערוואַקסענע, וואָס די אָרעמקייט האָט זיי געשטויסן אַרויסצוגיין פֿון געטאָ, שאַפֿן עפּעס צום עסן.

אין יאָר 1940 האָט נאָך דאָס פֿאַרלאָזן דאָס געטאָ נישט געדראָאָט מיט טויט. די ערשטע צייטן, פֿאַר דער דייטשער־רוסישער מלחמה, האָט מען נאָך באַקומען פֿאַרן געטאָ אַ געוויסן קאָנטינגענט מעל צו באַקן ברויט אויף באַנעס. עס זענען געווען טעטיק איייניקע בעקערייען. די צוטיילונג איז געווען הונדערט גראַם ברויט אויף אַ קאָפּ, אָבער דאָס איז אויך נישט געווען רעגולער און נישט אָפֿט. דאָס איבעריקע האָט מען געקויפֿט אויפֿן שוואַרצן מאַרק. פֿאַר געזאַלצענע פּרייזן האָט מען געקענט באַקומען געננוג ברויט. די בעקערייען האָבן אויך באַקומען מעל אויסערן געטאָ, וואָס פּויערים האָבן אין די נעכט צוגעשטעלט צו דער דראָט־פֿאַרצוימונג און פֿון דאָרט האָט מען עס אַריינגעשוואַרצט אין געטאָ. עס איז געווען אַ צייט, ווען קריסטן זענען געקומען פֿון די יידישע בעקערייען קויפֿן ברויט, וואָס זיי האָבן געפֿירט קיין וואַרשע אויפֿן שוואַרצן מאַרק. דער מסחר איז פֿאָרגעקומען

אין די נעכט. עס זענען אויך געווען אַ סך קליינע פּרימיטיווע מילעכלעך, וועלכע האָבן דורך פאַרשידענע וועגן באַקומען קאָרן צו מאָלן.

ענלעך האָט עס אויך אויסגעזען מיט באַהייצונג. קוילן האָט מען באַקומען פון יענער זייט דראָטן. די פּוילישע ייִנגלעך האָבן געגנבעט קוילן פון די וואַגאָנען, צוגעטראָגן זיי צו די דראָטן וווּ פון דער אַנדער זייט זענען שוין געשטאַנען הענדלער און אָפּגעקויפט די סחורה.

אין סאָסנאָוויעצ האָט מען אויך אויסגעהאַקט די ביימער, וועלכע האָבן דעם ערשטן ווינטער געגוצט צום ברענען. אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט איז דאָס באַרימטע דאַטשע־אָרט געבליבן אָן דעם שיינעם וועלדל, נישט געווען קיין בוים אויף אַ רפואה.

איך געדענק אַ קוריאָז. איך בין געווען אויף אַ חתונה אין סאָסנאָוויעץ, פון איינציקע חתונות, וואָס זענען פאָרגעקומען אין געטאָ. דאָס פּאָרל איז געווען: דער חתן קאָניאָקאָווסקי און די כלה מאָרגנשטערן, ישראל מאָרגנשטערנס אַ שוועסטער. די חתונה איז געווען אַ באַשיידענע. אינמיטן דער חתונה איז אַריינגעקומען פּאָליציי בראש מיטן קאָמענדאַנט גאָלדגראָם.

זיי זענען געווען אויף אַן אינספּעקציע אין דער געגנט פון וואַלד, צו היטן, אַז מען זאָל נישט אויסהאַקן די לעצטע ביימער. פאַרבייגייענדיק האָבן זיי באַמערקט די חתונה און זענען אַריינגעקומען.

ווייזט אויס, אַז זיי זענען שוין געווען אַביסל בגילופינדיק פון פריער. דאָ האָבן זיי צובאַקומען אַביסל כיבוד, זענען געוואָרן פריילעך און זיך געוויילט. גאָלדגראַם האָט געהאַלטן אַ רעדע, געווינטשן דעם יונגן פּאָרל אַ גליקלעך צו־זאַמענלעבן. דערנאָך איז ער איבערגעגאַנגען צו אַקטועלע פראַגן. און האָט געענדיקט מיט הומאָר:

„מען זאָגט, אַז נאָך דער מלחמה וועט מען מיך אויפהענגען אויף אַ בוים, אָבער ווו וועט מען נעמען אַ בוים צום הענגען, ווען דער גאַנצער וואַלד עקזיסטירט נישט מער".

די מפּלות, וואָס די דייטשן האָבן געליטן אויף די פראָנטן, האָבן זיך אָפּ־געשלאָגן אויך אין הינטערלאַנד. אויף די יידן אין די געטאָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן דאָס צושטעלן וואַרעמע מלבושים פאַר פראָנט. יידן האָבן געמוזט צו־שטעלן פוטערוואַרג. עס איז אַנגעגעבן געוואָרן אַ טערמין און ביי וועלכן ייד מען וועט נאָכן טערמין געפינען אַ פוטער וועט דערשאָסן ווערן.

די יידן אין וואַלאָמין האָבן דאָס אַלץ צוגעשטעלט גענוי צום טערמין.

געוויינלעך האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן באַהאַלטן די פוטערס אויף זיבערע ערטער אָדער ביי קריסטן. אַזוי איז געשען מיט די יידן פריד, פאָמע־

ראַנץ און לאַסקאָווסקי, וועלכע האָבן באַהאַלטן זייערע פּוטערס ביי אַ קריסט. עמיץ האָט צוגעטראָגן די דייטשן און מען האָט די אַלע יידן אַרעסטירט, אַוועק־געפירט קיין ראַדזימין, ווו מען האָט זיי דערשאָסן.

עס איז אַוועק אַ קורצע צייט און עס איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז יעדער ייד וואָס וועט אַרויסגיין אויסערן געטאָ, וועט דערשאָסן ווערן אויפן אָרט. דער קלאַנג איז געקומען פון ראַדזימין, ווו עס איז דערשאָסן געוואָרן אַ ייד פאַר אַרויסגיין פון געטאָ.

די זעלבע וואָך איז אַ יונגער בחור נאָוואָגראָדזקי אַרויס פון וואָלאָמינער געטאָ און געוואָלט גיין דערליידיקן אין שטאָט עפּעס אַן ענין. צופעליק איז אָנגע־קומען זשאַנדאַרמעריע, וועלכע האָט אים געכאַפּט. זיי האָבן אים צוגעבונדן מיט אַ שטריק צו זייער שליטן און געצוווּנגען אים נאָכצולויפן דעם שליטן, אין וועלכן זיי זענען געזעסן. ווען די כוחות האָבן זיך אים געענדיקט און ער איז געפאַלן, האָט דער שליטן זיך נישט אָפּגעשטעלט און האָט אים אַזוי געשלעפּט ביז צו די מוראַנאָווער גורקעס. דאָרט האָבן זיי אים דערשאָסן.

אַזעלכע סצענעס זענען שפּעטער געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. ווען די זשאַנדאַרמעריע איז געקומען קיין וואָלאָמין, האָבן זיי עמיצן געכאַפּט און אָפּגעשפּילט מיט אים די דאָזיקע טראַגישע סצענע. ווען זיי האָבן אַמאָל נישט געפונען אין וואָלאָמין קיין קרבן, האָבן זיי אַרויסגערופן אַ ייד, וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו די דראָטן און ווען ער האָט זיך דערנענטערט, האָבן זיי אים דערשאָסן. אין זייער סאַדיזם האָבן זיך אויסגעצייכנט די זשאַנדאַרן: שטיין, שומאַכער, האָפּפּע, רוטקע. מיט זיי פלעגט מיטגיין אַ בלאָנדע דייטשע בעסטיע, וואָס פלעגט זיך באַטייליקן אין דער יאַגד אויף יידן. אָפּגעטון דאָס שטיקל אַרבעט זענען די זשאַנדאַרן געקומען צום יודנראַט און געפאָדערט, אַז מען זאָל זיי באַצאָלן פאַר יעדער אויסגעשאָסענער קויל צוויי טויזנט זלאָטעס. נאָכן באַקומען דאָס געלט האָבן זיי אונטערגעשריבן אַ קבלה און איבערגעלאָזט די ליידיקע גילזן. זיי האָבן מיט דער גאַנצער נאַטירלעכקייט געזאָגט, אַז די גילזן געהערן צום יודנראַט, ווייל עס איז פאַר זיי געוואָרן באַצאָלט.

## עס דערנענטערט זיך דער סוף

מאַי 1942 איז אָנגעקומען די ביטערע בשורה, אַז אין טלושטש און פּוסטעלניק און וואַרקי האָט מען אַרויסגעטריבן די יידן און זיי אַוועקגעפירט אין וואַרשעווער געטאָ. אויפן וועג זענען זייער אַ סך אומגעקומען. אין טלושטש האָט מען אויס־געשטעלט די יידן אין רייען און געפאָדערט זיי זאָלן אָפּגעבן דאָס געלט און אַלע ווערטזאַכן, מיט דער דראָונג, אַז אויב די שפּעטערדיקע רעוויזיע וועט באַווייזן,

אַז עמיץ האָט עפּעס באַהאַלטן, וועט ער גלייך דערשאָסן ווערן. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געפּרוּווט באַהאַלטן עפּעס אין געהיימע ערטער. עס זענען אָבער פאָרגעקומען שטרענגע רעוויזיעס און ביי וועמען מען האָט געפונען עפּעס געלט אָדער אַ צירונג, האָט מען אויפן אָרט דערשאָסן. אויפן פּלאַץ זענען דעמאָלט געבליבן עטלעכע צענדליק דערשאָסענע יידן. אַ סך אַנדערע זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן וועג, ווען זיי האָבן נישט געקענט נאָכהאַלטן דעם שנעלן טעמפּאָ פון די זשאַנדאַרן, וועלכע זענען געריטן אויף פערד.

דער טלושטשער רב איז אין יענעם טאָג געווען אין יאַדאָווע אויף אַ לוויה פון אַ חשובן ייד, ווייל אין טלושטש איז נישט געווען קיין יידישער בית־עולם. ער איז דערפאַר געבליבן נעכטיקן אין יאַדאָווע און איז נישט געווען אין שטאָט בעת דער ליקווידאַציע. די דייטשן האָבן נישט אויפגעהערט צו פרעגן, ווו עס איז דער רב און פאַרוואָס ער איז נישט אויפן פּלאַץ. עמיץ האָט זיי געזאָגט, אַז דער רב געפינט זיך אין יאַדאָווע. די דייטשן זענען אויף צומאָרגנס אַוועק צום יאַדאָווער יודנראַט און געפאָדערט, אַז מען זאָל גלייך צושטעלן דעם טלושטשער רב. אַנדערש וועלן זיי דערשיסן צען יידישע פּאָליציאַנטן. אין שטעטל איז אויס־געבראָכן אַ בהלה. מען האָט געוווּסט, אַז מיט זיי איז נישטאָ קיין חכמות. די צערודערונג האָט אָנגעהאַלטן אַ קורצע צייט און אין צווישן האָט דער רב זיך דערוווּסט, אַז די דייטשן זוכן אים און האָט גלייך געמאָלדן, אַז ער גייט אויף קידוש השם. מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ האָט ער זיך צוגעשטעלט צו די מערדער. די זשאַנדאַרן זענען אויף אים אָנגעפאַלן מיט דער גאַנצער רציחה, אים שרעקלעך צעשלאָגן און דערנאָך אים דערשאָסן. זיי האָבן געהייסן באַגראָבן אים גלייך אויפן אָרט, אויפן הויף פון יודנראַט.

אין יאָר 1948 האָבן מיר דורכגעפירט די עקסהומאַציע פון די יאַדאָווער קדושים וואָס מען האָט דערשאָסן בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ און ביי אַנדערע געלעגנהייטן און מען האָט זיי דאַן באַגראָבן אין פאַרשידענע ערטער. מיר האָבן אויך געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען צו געפינען דאָס קבר פון רב און איבערפירן זיינע עצמות אויפן בית־עולם, אָבער לײדער האָבן מיר נישט געפונען. דאָס הויז, ווו עס האָט זיך געפונען דער יודנראַט, איז שוין געווען צעשטערט. אַרום און אַרום איז געווען פוסט און וויסט, פאַרזייט מיט קאַרטאָפל. מיר האָבן אונטער־האַנדלט מיט די קריסטן, וואָס האָבן פאַרזייט דאָס אָרט מיט קאַרטאָפל, געוואָלט זיי באַצאָלן פאַרן שאָדן, אָבער זיי האָבן נישט מסכים געווען. גראַד איז דעמאָלט געווען אַ מאַרק טאָג און אויף די געשרייען פון דער קריסטין האָבן זיך פאַרזאַמלט אַ סך נייגעריקע. מיר האָבן געזען, אַז מיט גוטנס וועלן מיר גאָרנישט אויפטון און מיר האָבן זיך דערפאַר געוואַנדן צו דער פוילישער פּאָליציי, וועלכע האָט זיך

געערעכנט מיט אונדזער דערלויבעניש אויף דורכצופֿירן די עקסהומאַציע און האָבן ליידער נישט געפֿונען די עצמות פֿון רב.

## טראַנספּאָרטן קיין טרעבלינקע

עס האָבן זיך פֿאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די דייטשן גרייטן זיך צו שאַפֿן פֿיר גרויסע געטאָס, אין וועלכע זיי וועלן קאָנצענטרירן די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון גאַנץ פּוילן. מיר האָבן שוין געהאַט גענוג דערפֿאַרונג ווי אַזוי עס זעען אויס די אויסזידלונגען פֿון די קליינע שטעטלעך, די ערשטע קרבנות זענען תּמיד געווען די פּליטים פֿון די אַרויסגעטריבענע שטעט. ווער עס האָט נאָר געקענט האָט זיך באַמיט איבערצושיקן עפּעס געלט צו קרובים אָדער באַקאַנטע אין וואַרשע. געווען אַזעלכע, וואָס עס איז געלונגען איבערצושיקן אויך מלבושים און וועש. די טאַקטיק פֿון די דייטשן קעגן דער ייִדישער באַפֿעלקערונג איז תּמיד געווען איינגעהילט אין סודות און מען האָט קיינמאָל נישט געקענט וויסן דעם ציל און נישט דעם טערמין פֿונעם איבערוואַרפֿן פֿון איין אָרט אין אַנדערן. די הויכע באַאַמטע האָבן תּמיד געגעבן פֿאַלשע אינפֿאָרמאַציעס, וואָס זאָלן באַרויִקן די ייִדן, אַז עס דראָט זיי נישט קיין שום געפֿאַר. קיינעם איז נאָך דעמאָלט נישט איינגעפֿאַלן, אַז דאָס וואַרשעווער געטאָ וועט גיין אויפֿן ערשטן פֿייער. מיר זענען געווען די ערשטע, וואָס האָבן זיך דערוווּסט דעם ביטערן אמת וועגן די טראַנספּאָרטן קיין טרעבלינקע. די דייטשן האָבן נאָך דעמאָלט אַלעמען איינגערעדט, אַז מען שיקט די טראַנספּאָרטן אויף מזרח, וווּ עס זענען איינגעאָרדנט אַרבעטס־לאַגערן און עס הערשן בעסערע באַדינגונגען. דער וואָלאָמינער געטאָ האָט זיך געצויגן לענגאויס דער באַן־ליניע און מיר האָבן געזען יעדן טראַנספּאָרט, וואָס איז געגאַנגען צוויי אָדער איין מאָל אין טאָג קיין טרעבלינקע. מיר האָבן געהערט די געוויינען, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פֿון די וואַגאָנען. עס האָט געטראָפֿן, אַז אַזאַ טראַנספּאָרט האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער סטאַציע און צו אונדז זענען דערגאַנגען די קרעכצן און געבעטן נאָך אַביסל וואַסער, אָבער ביי יעדן וואַגאָן זענען געשטאַנען זעלנער מיט געווער אין די הענט, גרייט צו שיסן יעדן, וואָס וועט פּרוּוון זיך דערנענטערן צום וואַגאָן. אויף צוריק זענען אין די זעלבע וואַגאָנען געפֿאָרן פּוילישע באַן־באַאַמטע, וועלכע האָבן צו אונדז אריבערגעשריגן און געוויזן מיט צייכנס, וואָס מען טוט מיט די ייִדן. עס פֿלעגט טרעפֿן, אַז אַ וואָלאָמינער באַן־באַאַמטער איז אַריינגעקומען אין געטאָ און דערציילט, אַז ווען דער טראַנספּאָרט קומט צו צום לאַגער טרעבלינקע, טוישט מען זיי אויס מיט דייטשע באַן־באַאַמטע, וועלכע פֿירן אַריין די וואַגאָנען אין לאַגער. אויף צוריק זענען די וואַגאָנען אָנגעלאָדן מיט מלבושים, וועלכע מען פֿירט קיין וואַרשע. די דייטשן, וואָס האָבן צוריק אַרויסגעפֿירט דעם

לײדיקן טראַנספּאָרט, האָבן אַמאָל אַרױסגעכאַפּט זיך און דערצײלט די פּאָליאַקן, װאָס מען טוט מיט די ייִדן.

אין אָנהײב האָט מען זיך צו די דאָזיקע ידיעות באַצױגן מיט אומצוטרױ. מען האָט נישט געװאָלט גלײבן אין די אַלע שװידערלעכקײטן. אפילו די טרײַע־ריקסטע שװאַרץ־זעערס, האָבן זיך נישט געקענט פֿאָרשטעלן, אַז אַזעלכעס קען געשען. מיר האָבן דאָס דערצײלן פֿון פּױלישן באַן־באַאַמטן אָנגענומען פֿאַר אַ קאָשמאַרפּולער פֿאַנטאַזיע. געװען אַזעלכע, װאָס האָבן געהאַלטן, אַז ער דערצײלט עס אונדז מיט דער כּװנה אָפּצושרעקן. עס איז אפילו געװען אַ פֿאַל װען אַ װאָלאָ־מינער שוסטער, װאָס איז געקומען פֿון װענגראָװ און איז נישט געװען ענלעך צו אַ ייִד. ער פֿלעגט אָפּט פֿאָרן אױף דער אַרישער זײַט און איז נישט געװען ענלעך ער אַלײן האָט גערעדט מיט אַ ייִד, װעלכן עס איז געלונגען אַרױסצובאַקומען זיך פֿון לאַגער, באַהאַלטנדיק זיך צװישן די מלבושים, װאָס מען האָט צוריקגעפֿירט קײן װאַרשע. ער האָט דערצײלט, אַז די ייִדן, װאָס מען פֿירט אין די טראַנספּאָרטן, הײסט מען זיך אױסטון נאַקעט און מען פֿירט זײ אַװעק אין גאַז־קאַמערן, װוּ זײ װערן פֿאַרגאַזעװעט און דערנאָך פֿאַרברענט מען זײערע קערפּערס. יעדער ייִד איז געװען אינעם אַרבעטס־באַטאַליאָן, װאָס האָט געדאַרפֿט סאָרטירן די מלבושים פֿון די פֿאַרגאַזטע. אים איז אַזױ אַרום געלונגען אַרײַנצוכאַפּן זיך אין אַ װאַגאָן און פֿאַרדעקן מיט די מלבושים. װען דער טראַנספּאָרט איז שױן געװען אױסערן לאַגער, איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פֿון װאַגאָן. דער גרעסטער טײל ייִדן אין געטאָ האָט געהאַלטן, אַז דאָס זענען פֿאַלשע קלאַנגען.

װען עס האָבן זיך ענדלעך באַשטעטיקט די מוראדיקע אמתן, װאָס מען האָט דערצײלט װעגן די טראַנספּאָרטן, איז אין געטאָ געװאָרן אַ שרעקלעכע בהלה. עס זענען געװען אַ סך, װאָס האָבן אָנגעהױבן אַנטלױפֿן פֿון געטאָ און גענומען זוכן װעגן װי אַזױ זיך צו ראַטעװען. אַ טײל איז געלונגען צו באַקומען פֿיקטיװע דאָקומענטן אױף אַרישע נעמען. די יונגערע האָבן זיך געריסן צו דער רוסישער גרענעץ. אַזאַ רײזע איז געװען פֿאַרבונדן מיט גרױסע געפֿאַרן און אַ סך װאָלאָמינער ייִדן האָבן דערפֿאַר באַצאָלט מיט זײער לעבן. דער ציל פֿונעם לױפֿן איז געװען זעמבראָװ, װאָס איז דעמאָלט געװען די דײַטש־רוסישע גרענעץ, אָבער זעלטן װעמען עס איז געלונגען צו דערגײן אַהין. די געפֿאַר האָט געדראָט באַלד בײַם אַרױסגײן פֿון געטאָ. פּױלישע באַנדעס האָבן געלױערט אױף אַלע װעגן און װען זײ האָבן געכאַפּט אַ ייִד האָבן זײ אים באַרױבט און אױסגעטון נאַקעט. די װעלכע עס איז יאָ געלונגען אַרײַנצובאַקומען זיך אין אַ צוג, זענען שפּעטער דערקענט געװאָרן דורך די פּאָליאַקן, װעלכע האָבן זײ איבערגעגעבן צו די דײַטשן אָדער אַלײן אַראָפּגעװאָרפֿן פֿון לױפֿנדיקן צוג.

די וואָס זענען געבליבן אין וואָלאָמינער געטאָ האָבן אויך נישט גערוט און געזוכט וועגן ווי אַזוי אָפּצוראַטעווען דאָס געטאָ פון אונטערגאַנג. עס איז געווען אַ פּרוּוו צו פאַרוואַנדלען דאָס געטאָ אין אַ אַרבעטס־לאַגער, וואָס וועט אויספירן אַרבעטן פאַר דער דייטשער ווערמאַכט. דאָס האָט געדאַרפט געטון ווערן לויטן מוסטער פון די וואַרשעווער שאָפּן און פאַבריקלעך, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר די דייטשן. אַזעלכע פּרוּוון זענען אויך געווען אין מינסק מאַזאָוויעצק, לאַפּיאַנקע און אַנדערע שטעטלעך. מען האָט אָנגעהויבן זוכן פּראָטעקציע אין די העכערע אַמטן, אָבער אָן דערפאָלג. אין אַ געוויסן מאָמענט איז געלונגען אויסצופועלן ביי דער באַן־מאַכט צו באַשטעטיקן אַן אַרבעטס־פּלאַן פאַרן וואָלאָמינער געטאָ אַזוי ווי די באַן־ליניע פאָדערט רעמאָנטירן צוליב דעם וואָס זי איז אין אַ סך ערטער געווען באַשעדיקט דורך דער שטענדיקער באַוועגונג פון די טראַנס־פּאָרטן, וואָס האָבן געפירט קריגס־מאַטעריאַלן צום רוסישן פראָנט, האָט די באַן־מאַכט באַשלאָסן צו שאַפן יידישע אַרבעטס־בריגאַדעס אין וואָלאָמינער געטאָ. דער פּלאַן איז באַשטעטיקט געוואָרן. דער יודנראַט האָט אַרויסגעהאַנגען אַ מעלדונג, אַז מען זאָל זיך קומען רעגיסטרירן אויף אַרבעט. מיט געמישטע געפילן, פול מיט ספיקות און וואקלענישן, האָבן די מענטשן זיך אָנגעהויבן רעגיסטרירן. קיינער איז נישט געווען זיכער, אַז דאָס וועט אונדז ראַטעווען פון אומקום. עס האָט געהערשט דער פחד פאַרן לעבן פון די פרויען און קינדער און עלטערע מענטשן.

יעדן טאָג זענען אויפן פּלאַץ פון יודנראַט זיך צונויפגעקומען אַן ערך 150 מענער און אונטער דער אויפזיכט פון דער יידישער פּאָליציי זענען זיי אַרויס־געפירט געוואָרן אויסערן געטאָ צו דער באַן־סטאַציע, וווּ מען האָט זיי איינגעטיילט אין גרופּעס, וועלכע די באַן־באַאַמטע האָבן זיך אויסגעקליבן יעדער אויף זיין אַרבעטס־אָפּשניט.

די אַרבעט איז געווען אַ שווערע. מען האָט געדאַרפט אַרויסרייסן די אַלטע קלעצער, צו וועלכע עס זענען געווען באַפעסטיקט די באַן־רעלסן און אויף זייער אָרט האָט מען געדאַרפט אַריינפּאַסן נייע. עס זענען געווען נאָך אַנדערע פאַר־שידענע אַרבעטן, ווי למשל, זאַמלען שטיינדלעך און זיי פונאַנדערשיטן צווישן די קלעצער.

אין בין געווען צווישן די, וואָס האָבן זיך רעגיסטרירט צו דער אַרבעט, נישט דערפאַר וואָס איך האָב געגלויבט, אַז דערמיט וועל איך ראַטעווען מיין לעבן, וואָס פאַראַ ווערט האָט עס דען געהאַט ווען דאָס האָט נישט געגעבן די זיכערקייט, אַז אויך די משפּחה וועט בלייבן לעבן. איך האָב געקוקט אויף דער דאָזיקער אַרבעט ווי אויף אַ מיטל אַרויסצוכאַפּן זיך פון געטאָ אויף דער פרישער לופט. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נישט געווען קיין פראַגע פון פאַרשאַפן זיך

פֿאַרגעניגן, נאָר אַ מיטל אָפּצוכאַפּן אַ ביסל דעם אָטעם.

דאָס איז געווען אין דער צייט פֿון די טראַנספּאָרטן, וואָס זענען געגאַנגען פֿון וואַרשעווער געטאָ, יעדן טאָג צוויי אָדער דריי טראַנספּאָרטן און יעדער טראַנספּאָרט איז באַשטאַנען פֿון דרייסיק, פֿערציק וואַגאָנען, פֿול געפּאַקט מיט מענטשן. מיר האָבן פֿון דערווייטנס געהערט זייער געוויינען און געבעטן, געזען די ס.ס.־לייט, ליטווישע, לעטישע און אוקראַינישע באַנדיטן, וואָס האָבן זיי באַוואַכט און זייערע ביקסן זענען געווען געצילט אויף אונדז אָפּצושרעקן, אַז קיינער זאָל נישט פּרוּוון זיך דערנענטערן צו די וואַגאָנען. טיילמאָל זענען אַזעלכע טראַנספּאָרטן באַשטאַנען פֿון דייטשע לוקסוס־וואַגאָנען און די פּאַסאַזשירן, וואָס מיר האָבן באַמערקט דורכן פֿענצטער זענען געווען אָנגעטון עלעגאַנט, פֿון די פּאַלצעס האָבן אַראָפּגעשיינט זייערע שיינע וואַליזעס. אייניקע זענען געשטאַנען ביי די פֿענצטער און באַמערקנדיק אונדז מיטן מגן־דוד צייכן אויפֿן אַרבל, האָט וועמען פֿון זיי געמאַכט אַ זשעסט, ווייזנדיק אויפֿן געלן מגן־דוד, וואָס ער טראָגט אויף דער ברוסט און געפֿרעגט וווהין מען פֿירט זיי. זיי האָבן פֿון אונדז קיין ענטפֿער נישט באַקומען. די וואַגאָנען זענען געלאָפֿן ווייטער, קיין טרעבלינקע. פֿאַר אונדז איז געווען מערקווירדיק דאָס וואָס זייערע וואַגאָנען זענען נישט געווען באַוואַכט. דאָס געוויסן האָט אונדז געפּייניקט, פֿאַרוואָס מיר האָבן זיי נישט געזאָגט דעם אמת, אפֿשר וואָלט וועמען פֿון זיי זיך געקענט ראַטעווען אַרויסשפּרינגענדיק פֿון לויפֿנדיקן צוג.

דערווייל זענען אָנגעקומען נייע פֿינצטערע בשורות, וועגן דער ליקווידאַציע וואָס צעשפּרייט זיך איבער גאַנץ פּוילן. עס זענען ליקווידירט געוואָרן אויך אַזעלכע ערטער, וואָס זענען געווען אָרגאַניזירט אין אַרבעטס־לאַגערן. אויך אין וואַרשע האָט מען אויפֿגעהערט צו מאַכן אַן אויסנאַם פֿאַר די אַרבעטנדיקע, פֿאַר די, וואָס זענען געווען פֿאַרשריבן אַלס נוצלעכע יידן, וואָס האָבן געאַרבעט פֿאַר דער קריגס־אינדוסטריע און מען האָט זיי אין אָנהויב געשאַנעוועט. עס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און זיי זענען אויך, פּונקט ווי די אַנדערע יידן, אַרויפֿגעלאָדעוועט געוואָרן אין די וואַגאָנען.

מיר האָבן שוין מער נישט געהאַט קיין אילוזיעס, אַז די אַרבעט וועט אונדז ראַטעווען. אַ סך האָבן אויפֿגעהערט צו קומען צו דער אַרבעט. און די וואָס זענען יאָ געקומען צו דער אַרבעט האָבן שוין נישט געהאַט קיין האָפֿענונג, אַז דאָס וועט זיי ראַטעווען. מען איז געגאַנגען מעכאַניש. טייל האָבן עס אויסגעטייטשט, אַז אין געטאָ איז זיי לאַנגווייליק און זיי ווילן ביי דער אַרבעט זיך אַביסל צעשטרייען. אַנדערע זענען געגאַנגען מיטן ציל איינצוהאַנדלען אויסערן געטאָ שפּייז־פּראָדוקטן.

טאָג־טעגלעך זענען מענטשן געשטאָרבן פֿון הונגער און מגיפֿות, פֿון דער־

שיסונגען, זענען אַרומגעגאַנגען ווי אין לעצטע גסיסה־צאַפּלעניש, פאַראורטיילטע צום טויט. דאָך זענען געווען פאַלן פון איינאָרדענען פאַרווײַלונגען. דווקא אין די צרות, אינעם פּחד פון טויט און דער פאַראַל איז געווען: „דיה לצרה בשעתה״. ס׳האָבן זיך אָפּגעפּונען עטלעכע פּעאיקע יינגלעך און מיידלעך, מיט אַביסל אַקטיארישן טאַלאַנט און זיי האָבן צוגעגרייט אַ פאַרשטעלונג וועלכע מען האָט געשפּילט שבת נאָכמיטאָג. געשפּילט האָט מען פּיעסן פון יעקב גאָרדין, פון שלום־עליכם. נאָך די פאַרשטעלונגען האָט מען זיך גענומען צום גראָבן באַהעלטענישן אין געהיימע ערטער, וווּ מען האָט געמיינט, צו קענען ראַטעווען זיך ביי אַ פּלוצלינגן אָנפאַל. מאָדנע, קיינער האָט נישט געגלויבט אַז עס וועט מעגלעך זיין איבערצולעבן די דאָזיקע מוראדיקע צייט, אָבער דאָך האָט יעדער געזוכט אַ וועג, ווו צייטווייליק זיך אויסצובאַהאַלטן. אויך איך מיט מיינע שכנים האָבן געמאַכט אַזאַ באַהעלטעניש. דאָס צוגרייטן האָט געדויערט עטלעכע וואָכן. מיר האָבן דאָרט צוגעגרייט שפּייז און וואַסער, אַ פּעקל וועש, אָבער קיינער האָט עס נישט אויסגענוצט. אין דער נאַכט פון שמיני עצרת, 1942 איז אַ פּוילישער פּאָליציאַנט געקומען אין יודנראַט און אָנגעזאָגט די בשורה, אַז דאָס וואָלאָמינער געטאָ וועט ביינאַכט אַרומגעשטעלט ווערן מיט דער ס.ס.־לייט, זשאַנדאַרמען און פּאָליציאַנטן און דאָס געטאָ וועט ווערן ליקווידירט.

פאַרשטענדלעך, אַז דאָס האָט אַרויסגערופן אַ מוראדיקע בהלה. אָבער דאָך האָט מען זיך געוואָלט איינרעדן, אַז אפשר וועט פאָרט געשען אַ נס, ווייל אַזעלכע קלאַנגען האָבן זיך שוין עטלעכע מאָל אַרויסגעוויזן פאַר פּריצייטיק. אין די לעצטע טעג זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, כלומרשט פון אָפּיציעלע קוועלן, אַז די שטעטלעך: וואָלאָמין, ראַדזימין און יאַדאָוו, וועט מען נישט ליקווידירן, ווייל זיי שטעלן צו שפּייז פאַר די וויכטיקע אַרבעטס־לאַגערן. אָבער די אילוזיע איז צעשטערט געוואָרן באַלד ווען מען האָט זיך דערוווּסט, אַז יאַדאָווע איז מיט צען טעג פריער ליקווידירט געוואָרן.

וועלנדיק זיך געגנוי אינפאָרמירן, צי די ידיעה איז נישט קיין פאַלשע בין איך אַרויס פון שטוב, צוזאַמען מיט מיין פרוי און קינד. כ׳האָב געוואָלט זען וואָס פאַראַ שטימונג עס איז אין גאַס און הערן צי עס קומט נישט אָן עפּעס אַ נייע ידיעה. דאַסמאָל איז די שטימונג געווען אַ סך ערנסטער ווי שטענדיק. פריער פלעגט דער יודנראַט באַרואיקן און אָפּלייקענען טרויעריקע קלאַנגען. דאַסמאָל זענען אַלע געווען דענערווירט און מודה געווען, אַז די לאַגע איז איצט זייער ערנסט. מען האָט טעלעפאָנירט קיין ראַדזימין, ווו מען האָט באַשטעטיקט, אַז אויך דאָרט הערשט דיזעלבע שטימונג און געעצהט, אַז ווער עס קען זאָל זיך ראַטעווען. דאַסמאָל האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס וואָלאָמינער געטאָ הויכט אויס זיין לעצטן

אַטעם. מיר זענען שוין מער נישט צוריקגעגאַנגען אין שטוב אַריין. אַזוי ווי מיר זענען אַרויס מיט ליידיקע הענט זענען מיר אין דער פינצטערער נאַכט אַוועק מיט דער באַן־ליניע.

די הערצער האָבן שרעקלעך געקלאַפּט פון פחד, אַז מיר זאָלן נישט אַנטרעפן עמיצן אויפן וועג. אין שטוב האָבן מיר איבערגעלאָזט אַלץ, וואָס מיר האָבן צוגעגרייט אויף אַזאַ פאַל. פאַר די אויגן איז אונדז געשטאַנען מיין אַלטע 85־יאָריקע מוטער, וועלכע איז שוין נישט אומשטאַנד געווען מיטצוגיין מיט אונדז. ביזן היינטיקן טאָג פייניקט מיך דאָס געוויסן. איך ווייס אפילו נישט ווי אַזוי עס האָבן אויסגעזען אירע לעצטע מינוטן און מיט וואָס פאַראַ טויט זי איז אומגעקומען.

די וואָס האָבן עס אַליין נישט איבערגעלעבט, וועלן עס בשום אופן נישט קענען באַגרייפן. ווי אַזוי איז עס מעגלעך געווען, אַז משפחות וואָס זענען געווען אַזוי ענג פאַרבונדן צווישן זיך האָבן זיך מיטאַמאָל אָפּגעריסן און יעדער איז געלאָפן באַזונדער ווי אַ געיאָגטע חיה, וואָס מיינט אויסצומיידן דעם טויט.

נאָך דער מלחמה האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז געראַטעוועט האָבן זיך גיכער די איינצלנע. גאַנצע משפחות, וואָס האָבן זיך געוואָלט האַלטן צוזאַמען, זענען אומגעקומען.

מרים פייגנבוים־גראדזיצקא

# דער אנהויב
# פון דער ליקווידאציע

ון צוויי דאַך־צימערלעך און אַ קיך איז באַשטאַנען אונדזער וווינונג אין געטאָ. אַזאַ דירה האָט מען ביי אונדז גערופן אַ פּאַציאַטקע. עס איז שווער צו באַנעמען ווי אַזוי מיר האָבן זיך דאָרט געקענט איינ־אָרדענען. אין די צוויי צימערלעך האָבן געוווינט פערצן פּערזאָן: אונדזער מוטער, די ברידער יחיאל מיט זיין פרוי און דריי קינדער, מתתיהו, די שוועסטער חיה־גיטל מיטן מאַן און צוויי קינדער; מיין ברודער יעקב׳ס צוויי קינדער און איך. דאָס וואָס זעט היינט אויס אוממעגלעך איז אין יענער תקופה פון אומנאָר־מאַלקייטן געווען פשוט און זעלבספאַרשטענדלעך. אין יענער צייט זענען פאָר־געקומען אַ סך ערגערע זאַכן, האָט מען איבערגעלעבט פיל שווערערע סיטואַציעס, וואָס דער קלאָרער פאַרשטאַנד קען עס היינט נישט באַגרייפן.

עס איז געווען די לעצטע נאַכט פון סוכות, די לאַגע אין געטאָ איז געווען זייער אָנגעשטרענגט. אין יידישע שטובן האָט געהערשט טרויער און פאַרצווייפלונג. אין די אַרומיקע שטעטלעך האָט מען נאָך אין יום־כיפור אַרויסגעטריבן אַלע יידן. געבליבן זענען נאָך וואָלאָמין און ראַדזימין, ווו די יידן האָבן געלעבט אין פאַר־צווייפלטער דערוואַרטונג אויפן שרעקלעכן סוף. עס זענען געווען מאָמענטן, ווען די נערוון האָבן נישט אויסגעהאַלטן. מען האָט אין האַרצן געוואָרט, אַז דער סוף זאָל שוין קומען וואָס גיכער. דאָס וואַרטן אויפן טויט איז געווען שווערער ווי דער טויט אַליין.

עס איז שוין פאַר קיינעם נישט געווען קיין ספק, אַז דער סוף דערנענ־טערט זיך.

ווער עס האָט נישט מיטגעמאַכט און אַליין איבערגעלעבט יענע שוידערלעכע טעג, קען נישט משיג זיין דעם גרויל פון יענעם וואַרטן אויפן סוף. שרעקלעך איז

דער פּחד פֿאַרן טויט, אָבער טויזנט מאָל ערגער איז דאָס וואַרטן אויף אים און נישט וויסן וואָס פֿאַראַ גרוילן די מערדער וועלן נאָך צוטראַכטן פֿאַר אונדז.

די יידן אין וואָלאָמינער געטאָ, פֿרומע און גאָטספֿאַרכטיקע האָבן געוואָלט אָפּהיטן דעם יום־טובֿ ביי אַלע אומשטענדן, נישט געוואָלט דערלאָזן צו פֿאַרשוועכן אים מיט טרויעריקע מחשבֿות. מיינע ברידער און נאָך עטלעכע יידן האָבן צונויפֿגעשטעלט אין געהיים אַ מנין און צונויפֿגעזאַמלט זיך אין אַ שכנותדיקער דירה, געדאַוונט, שטיל געזונגען די יום־טובֿדיקע תּפֿילות, אָבער אויפֿן האַרצן איז געווען שווער ווי בליי. די שטימונג איז ווייט נישט געווען קיין יום־טובֿדיקע, אָבער מיין מוטער האָט געזאָגט: „קינדער, עס איז יום־טובֿ היינט. לאָמיר פּרוּוון פֿאַרגעסן די צרות און פּראַוועון דעם יום־טובֿ ווי גאָט האָט באַפֿוילן“. אַ טיפֿער קרעכץ האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון איר האַרץ. אירע אויגן האָבן שטיל גערוט אויף יעדן פֿון אונדז, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט צום לעצטן מאָל זאַט אָנקוקן מיט אונדז. אפֿשר האָט זי געהאַט דאָס פֿאָרגעפֿיל, אַז עס איז די לעצטע נאַכט, ווי מיר זיצן צוזאַמען.

שווייגנדיק האָט זי געגרייט צום טיש, אַוועקגעלייגט צוויי קליינע ברייטלעך, שוואַרצע. דאָס האָט געדאַרפֿט זיין די יום־טובֿדיקע סעודה אין געטאָ. זי האָט אָנגעצונדן צוויי קליינע ליכטלעך, היימישע אַרבעט און האָט זיך אַוועקגעשטעלט בענטשן ליכט, פֿאַרשטעלט זיך די אויגן, פֿון וועלכע די טרערן זענען גערונען. דאָס זענען געווען ביטערע טרערן, וואָס האָבן נישט גרינגער געמאַכט די שווערקייט אויפֿן האַרצן.

די ברידער זענען געקומען פֿון דאַווענען. מתּתיהו האָט זיך געוואַשן די הענט, געגרייט זיך צו מאַכן קידוש, אָבער אין דעם מאָמענט, ווען ער איז אַזוי געשטאַנען מיט די נאַסע הענט, געוואָלט נעמען דאָס האַנטוך, האָט זיך פּלוצלינג געעפֿנט די טיר און עס איז אַריינגעקומען מיין ברודער מרדכיס טאָכטער, חנהטשע. איר פּנים איז געווען טויט בלאַס, זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער נישט געקענט אַרויסברענגען פֿון זיך קיין וואָרט. אָן ווערטער האָבן מיר אַלץ פֿאַרשטאַנען: עס איז געקומען דער סוף, דער סוף, אויף וועלכן מיר האָבן זיך געריכט שוין זינט לאַנגע וואָכן און דאָך האָט עס אונדז געטראָפֿן ווי אַ דונער.

דער אמת איז, אַז וויפֿל מיר זאָלן זיך נישט האָבן געריכט און געוווּסט אויף זיכער, אַז דער סוף איז אומפֿאַרמיידלעך, האָט דאָך אין האַרצן געטליעט אַ פֿונק פֿון האָפֿענונג אויף אַ נס. יעדער האָט זיך געקלאַמערט אין דער דאָזיקער האָפֿענונג, אַז אין דער לעצטער מינוט וועט עפּעס געשען און מיר וועלן בלייבן לעבן.

אַלע אין שטוב זענען געבליבן שטיין ווי פֿאַרשטיינערט. אויף די קאַלך־

ווייסע פנימער האָט זיך געמאָלן דאָס אומגליק און קיינער האָט נישט געפּרוּווט אַרויסרעדן קיין וואָרט. פאַר מיינע אויגן הערט קיינמאָל נישט אויף צו שוועבן דאָס בילד פון יענעם מאָמענט, ווען עס איז אונדז אָנגעזאָגט געוואָרן די שטומע בשורה און מתתיהו איז אַלץ געשטאַנען מיט די צוויי נאַסע אויפגעהויבענע הענט, ווי פאַרשטיינערט. איך קאָן זיך בשום אופן נישט אָפּגעבן קיין חשבון ווי לאַנג עס האָט אַזוי געדויערט, אפשר אַ מינוט און אפשר אַ שעה. די טויט־שטילקייט איז איבערגעריסן געוואָרן מיטן קינדישן אויסרוף פון חיה־גיטלס טעכטערל, אַ פיר־יאָריק מיידעלע: „מאַמע, וואָס איז געשען? די זשאַנדאַרן זענען געקומען אונדז הרגענען?... פאַרוואָס, מאַמע?"

די ליקווידאַציע פון וואָלאָמינער געטאָ האָט זיך אָנגעהויבן אין באַגין. ביינאַכט האָבן די מאַמע און די שוועסטערס געבעטן מיך, כ'זאָל זיך פּרוּוון ראַטעווען און אַנטלויפן. זיי אַליין האָבן אויך באַשלאָסן זיך אויסצובאַהאַלטן און דער פּלאַן איז געווען, אַז ווען איך וועל זיך געפינען אין דרויסן, אויסערן געטאָ, וועל איך זיי אפשר קענען מיט עפּעס העלפן.

אין דער זעלבער נאַכט האָב איך זיך אַרויסגעקריגן פון געטאָ.איך בין געגאַנגען מיט אַ שווער האַרץ, אָבער דאָך געטרייסט זיך, אַז איך וועל קענען מיט עפּעס העלפן מיין מאַמען, שוועסטער און ברידער, אָבער אויף צומאָרגנס נאָך דער ליקווידאַציע, ווען די מערדער האָבן זיך געלאָזט זוכן איבערגעבליבענע יידן אין די באַהעלטענישן, האָט מען זיי אויך אויסגעפונען און געשאָסן אויפן אָרט.

דאָס איז געווען דער סוף פון וואָלאָמינער געטאָ, וואָס האָט די גאַנצע צייט דורכגעמאַכט אַלע שבעה מדורי גהינום פון די דייטשע גרויזאַמקייטן. טאָג־טעגלעך זענען געקומען נייע גזירות, נייע רדיפות און הריגות. פון די גרויליקע בילדער וואָס האָבן זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון שטייט מיר פאַר די אויגן אויך דאָס דערשיסן יואלן. אונדזער דירה אין געטאָ האָט זיך געפונען נישט ווייט פון די דראָטן קעגנאיבער אונדזערע פענצטער איז געווען אַ ליידיקער פּלאַץ, אַרויס־קוקנדיק אַמאָל דורך די פענצטער האָב איך געזען ליגן יואלן אויפן גראָז. ביז היינט ווייס איך נישט די סיבה פון זיין דעמאָלדיקן ליגן.

אַ פאַרקוקטע אינעם שיינעם דרויסן האָב איך געטראַכט ווי שיין די וועלט איז אָבער נישט פאַר יידן און באַלד האָב איך באַמערקט פון דער ווייטנס אָנקומען זשאַנדאַרן, וועלכע האָבן זיך דערנעענטערט צום געטאָ. דער פּחד האָט מיך אַוועקגעטריבן פון פענצטער. איך האָב געוווּסט, אַז יעדער אָנקום פון די זשאַנדאַרן באַדייט אַן אומגליק פאַרן געטאָ. באַלד האָב איך דערהערט אַ מוראדיק געשריי, וואָס האָט דורכגעשניטן די לופט. איך האָב זיך גלייך אויסגעדרייט צום פענצטער. און פאַר מיינע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט אַ שוידערלעך בילד: די זשאַנדאַרן האָבן

אַרויסגעשלעפּט יואלן אויסער די דראָטן פון געטאָ, געהייסן אים לויפן און מיט צוויי שאָסן אים דערהרגעט.

אויף די בלוט־דורשטיקע פּנימער פון די זשאַנדאַרן האָבן זיך באַוויזן צופרידענע שמייכלען. זיי זענען צוגעריטן צום יודנראַט און באַפוילן, אַז מען זאָל דעם דערשאָסענעם יואל צוריק אַריינגעמען אין געטאָ.

אלתר כרמלי

## אין טאל פון פיין

נישטאָ קיין ווערטער, נישטאָ קיין טרייסט, נישטאָ קיין נאָמען פאַר די גרויזאַמקייטן. די רוצחים האָבן ביי אונדז צוגענומען דאָס טייערסטע, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט.

אויפן בילד: איך צוזאַמען מיט מיין מאַמע חנה, מיין שוועסטער כאַסיע און מיין ברודער שלמה.



נתן נונגאלד

# טעג
# פון פחד און איכה

ונדזער הויז איז פֿאַרברענט געוואָרן ביי דער גרויסער באָמבאַרדירונג אויף וואַלאָמין אָנהויב סעפּטעמבער 1939. איך בין געזעסן ביים טיש, וואָס איז געווען געגרייט צום מיטאָג און פּלוצלונג האָט זיך דערהערט דאָס פּייפֿן פֿון דער סירענע, דער אַלאַרם, אַז עס דער־נעענטערן זיך דייטשע באָמבאַרדיר־עראָפּלאַנען. נישט ווייט פֿון אונדזער דירה איז געווען די וואַלאָמינער עלעקטרישע סטאַציע, וואָס איז געווען דער ציל פֿון די דייטשע באָמבאַרדירער.

שפּליטערס פֿון די באָמבעס האָבן געטראָפֿן אין דאַך פֿון אונדזער הויז און דאָס גאַנצע הויז האָט אָנגעהויבן ברענען. די פֿלאַמען האָבן אַרומגעכאַפּט דאָס הויז פֿון אַלע זייטן. אַראָפּלויפֿן פֿון די טרעפּ איז שוין געווען צו שפּעט. די שטיגן האָבן שוין געברענט. איך און מיין פֿרוי האָבן גענומען אַראָפּוואַרפֿן אַלע ווייכע זאַכן, וואָס זענען געווען אין שטוב, קליידער, וועש, בעטגעוואַנט און דאַן האָב איך גענומען מיינע צוויי קינדער און אַראָפּגעשפּרונגען מיט זיי פֿון ערשטן שטאָק.

אַזוי האָבן מיר זיך אַרויסגעראַטעוועט פֿונעם פֿייער און אויסבאַהאַלטן זיך אין אַ קעלער פֿון אַ שכנותדיקן הויז ביז נאָך דער באָמבאַרדירונג.

מיין פֿרוי איז נאָך געבליבן אין דער וווינונג, געזוכט אָפּצוראַטעווען נאָך אַנדערע זאַכן פֿון דער שריפֿה.

ווען כ׳בין אָנגעקומען אין קעלער זענען שוין דאָרט געווען פֿאַרזאַמלט אַ סך מענטשן, יידן און קריסטן. ביי יעדן אויפֿרייס פֿון אַ באָמבע איז אויסגעבראָכן אַ גרויס געוויין, די קריסטן האָבן זיך געצלמט און געמורמלט תּפֿילות. די קליינע צאָל יידן, וואָס זענען געווען צוזאַמען מיט מיר אין קעלער, האָבן זיך געטוליעט צו די ווענט און ווינקלען פֿון קעלער, באַמיט זיך וואָס ווייניקער צו וואַרפֿן אין די אויגן. איך האָב מיינע ביידע קינדער געטוליעט צו זיך, געוואָלט זיי באַהאַלטן און שיצן מיט מיין גוף קעגן אַ פֿאַלנדיקער באָמבע.

איך געדענק נישט ווי לאַנג דאָס האָט געדויערט. אָבער ווי נאָר די סירענעס האָבן געגעבן אַ צייכן, אַז די עראָפּלאַנען זענען אַוועק, האָב איך פֿאַרלאָזט דעם קעלער און געלאָפֿן גלייך צום ברענענדיקן הויז פֿון וועלכן עס איז געבליבן אַ באַרג אַש. מיין פרוי איז געלונגען אַרויסצוראַטעווען זיך פֿון דער שריפה. אינעם אַש האָב איך נאָך געפֿונען דאָס טעפּל, אין וועלכן עס האָט זיך געקאָכט דאָס לעצטע מיטאָג אין אונדזער הויז.

אַזוי אַרום בין איך, נאָך איידער די דייטשן זענען אַריין קיין וואַלאָמין, געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. דאָס עלטסטע קינד אונדזערס, רחלע, איז דאַן אַלט געווען זיבן יאָר. דאָס ייִנגערע, אסתרל, איז אַלט געווען צוויי יאָר מיט ניין חדשים.

אויף מיין ווענדונג צום שטאָטישן מאַגיסטראַט האָב איך באַקומען צוגע־טיילט אין אַ גרויס דריי־שטאָקיק הויז, קעגנאיבער דעם מאַגיסטראַט, אַן איינצל־צימער פֿאַר אונדזער גאַנצער משפחה.

מיין שכן אין דאָזיקן הויז איז געווען אַן אַנגעזעענער וואַלאָמינער באַלעבאָס מאטיס טייבלום. די דאָזיקע איידעלע משפחה האָט מיר אין אָנהויב שטאַרק געהאָלפֿן ביים איינאָרדענען זיך אין מיין נייער דירה, וואָס איז געווען אינגאַנצן ליידיק.

אַזוי זענען געלאָפֿן די טעג אין פחד און אימה. פֿון פראָנט זענען אָנגעקומען איוב־בשורות. די פּוילישע אַרמייען זענען געווען פולשטענדיק צעשמעטערט. בלויז אין אייניקע ערטער האָט דאָס פּוילישע מיליטער געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. גרויס העלדישקייט האָט דאָס מיליטער אַרויסגעוויזן ביים פֿאַרטיידיקן וואַרשע.

דעם צווייטן טאָג ראש השנה, 6 אינדערפֿרי, האָט אַ דייטשע מיליטערישע איינהייט אַריינמאַרשירט קיין וואַלאָמין. די גאַנצע געגנט איז געווען פֿאַרנומען דורך מעכטיקע מאָטאָריזירטע כוחות. אויף יידישע קעפּ האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן צרות און גזירות. יידן האָבן נישט געטאָרט שטיין אין דער ריי נאָך ברויט. נישט געטאָרט גיין אויפֿן טראָטואַר. עס האָבן זיך אויך אָנגעהויבן די באַרימטע נאַכט־באַזוכן אין יידישע הייזער, וואָס פֿלעגן זיך כמעט תמיד ענדיקן מיט קלעפּ, אַרעסטן און אויך מיט טויט.

בייטאָג פֿלעגט מען כאַפּן יידן אין די גאַסן, אָפּשערן זיי די בערד, אַרויס־רייסן צוזאַמען מיט שטיקער פֿלייש פֿון דער באַק. אַן אימה איז באַפֿאַלן יעדן ייד אין שטעטל. באַזונדערס גרויס איז געווען דער פחד אין די נעכט. מען פֿלעגט זיך נישט אויסטון, נאָר שלאָפֿן אין די מלבושים. א סך פֿלעגן אַוועקגיין שלאָפֿן צו זייערע קריסטלעכע שכנים.

אין אָנהויב האָב איך זיך איינגערעדט, אַז מיין אויסערלעך אויסזען, אַן אַ

באָרד, אייראָפּעאישע קליידונג, וועט מיר העלפן אויסמיידן דאָס אומגליק אַרעס־טירט צו ווערן דורך די דייטשן. ווי אַ סך אַנדערע אויסרעכענונגען האָט זיך דער חשבון אויך אַרויסגעוויזן פאַר פאַלש. די דייטשן האָבן נישט געמאַכט קיין אונטער־שייד צווישן אַ ייד מיט אַ באָרד, אָדער אָן אַ באָרד, האָבן געשלאָגן, געמאָרדעט אויף רעכטס און אויף לינקס.

יידן האָבן אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַנטלויפן צו דער סאָוויעטישער גרענעץ. גאָר באַזונדערס האָט דער גייסט פון אַנטלויפן באַהערשט די יידישע יוגנט.

## די לעצטע נאכט

אין איינער אַ נאַכט האָט מיין פרוי גענומען זיך בעטן ביי מיר, אַז איך זאָל אויך אַנטלויפן, פּרווון זיך ראַטעווען.

„די דייטשן — האָט מיין פרוי זיך געבעטן ביי מיר — וועלן דאָך קיין פרוי און קינדער נישט טשעפּען, נישט טון קיין שלעכטס... די גרעסטע געפאַר איז פאַר די מענער...״

זי האָט געהאַלטן, אַז די מלחמה וועט לאַנג נישט דויערן און די קורצע צייט, וואָס מיר וועט אויסקומען צו זיין אין רוסלאַנד, וועט מיר געבן שאַנסן איבער־צולעבן די מלחמה און שפּעטער צוריקקומען אַהיים צו דער פרוי און קינדער. לאַנג האָט מיין פרוי איינגעטענהט אין מיר און באַמיט זיך איבערצוצייגן מיך, אַז עס איז נישטאָ קיין אַנדערער אויסוועג און איך מוז אַנטלויפן.

אין יענער נאַכט האָט ביי אונדז גענעכטיקט אַ ייד פון ווישקאָוו, אַ שוואָגער פון מיינס אַ שוואָגער, אַ חסידישער ייד, מיט אַ גרויסער שוואַרצער באָרד. זיין נאָמען איז געווען ר׳ בונים. די יידן אין ווישקאָוו, וועמענס הייזער זענען איינ־גאַנצן אָפּגעברענט געוואָרן פון די דייטשע באָמבאַרדירונגען, זענען זיך צעלאָפן איבער דער גאַנצער געגנט. אויך ר׳ בונים האָט זיין משפחה צעוואָרפן צווישן אַלע זייערע באַקאַנטע, אויף איין אָרט — זיין פרוי און אויף אַ צווייט אָרט די קינדער. ער אַליין איז געקומען צו אונדז.

איצט האָט ער מיר אויך צוגערעדט, אַז איך זאָל אַנטלויפן צו דער סאָוויע־טישער גרענעץ. ער אַליין האָט זיך אויך געגרייט דאָס צו טון.

עטלעכע שעה האָט געדויערט אונדזער באַראַטונג און איך האָב זיך נאָך אַלץ נישט געקענט דעצידירן צו פאַרלאָזן מיין פרוי און קינדער און אַליין אַוועק אויף דער אַנדערער זייט גרענעץ, אָבער פּלוצלינג האָב איך דערהערט ווי נעבן אונדזער הויז האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָס קעטשל פון דער געסטאַפּאָ. באַלד האָבן מיר דערהערט טריט פון זייערע געטשוועקעטע שטיוול אויף די טרעפּ, און זענען זיי שוין נאָענט צו דער טיר פון אונדזער שטוב.

כ׳פיל ווי איך וואַלט פּאַראַליזירט געוואָרן פון שרעק, מיינע בליקן וואַנדערן פון מיין פרוי אויף ר׳ בונימען, כ׳וויל פון זייערע פּנימער אָראָפּלייענען וואָס איך האָב צו טון. אַלע שווייגן, דער פּחד האָט ביי אַלע אָפּגענומען דאָס לשון.

עס דערהערן זיך די ערשטע קלעפּ פון די דייטשע ביקסן אין דער טיר. איך הער זייערע קולות. עס לויפט דורך אַ געדאַנק צו עפענען די טיר, ווייל אַנדערש וועלן זיי זי אויפרייסן און דעמאָלט שטעל איך אין געפאַר אויך דאָס לעבן פון מיין פרוי און קינדער.

אין דער רגע דערגייען צו מיינע אויערן ווערטער פון דער תפילה „על חטא״, וואָס ר׳ בונים מורמלט מיט פאַרטרוקנטע ליפּן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער זאָגט ווידוי און בין שוין געגאַנגען עפענען די טיר, אָבער אין דער זעלבער רגע האָב איך געהערט ווי די פּוילישע דינסט ביי די טייבלומס האָט געעפנט די טיר פון זייער שטוב און געזאָגט צו די דייטשן, אַז דאָ האָבן פריער געוווינט יידן, אָבער זיי זענען אַוועק און די דירה שטייט איצט ליידיק...

די דייטשן האָבן זיך שטאַרק דערפרייט מיט דעם פּוילישן מיידל, וואָס רעדט דייטש. זי איז וואַרשיינלעך געווען פון פּויזנער געגנט. זיי זענען מיט איר אַריינגעגאַנגען צו די טייבלומס, געווען דאָרט אַ געוויסע צייט און דערנאָך האָב איך געהערט ווי זיי גייען אַראָפּ פון די טרעפּ און פאָרן אַוועק אין אַ צווייטער גאַס.

דאָס איז געווען אַ נס. אין יענער נאַכט האָט מיך דאָס פּוילישע מיידל אָפּ־געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט.

נאָכן אָפּפאָרן פון דער געסטאַפּאָ, איז צוגעקומען צו מיר ר׳ בונים. ער האָט שטיל געשעפּטשעט:

„זייט מיר מוחל, ר׳ נתן, גיט מיר, כ׳בעט אייך אַ שיסל וואַסער מיט אַ שטיקל זייף און אַ האַנטוך... פון שרעק האָב איך זיך פאַראומרייניקט...״

פאַר אונדז איז שוין איצט געווען קלאָר, אַז דער איינציקער אויסוועג איז צו אַנטלויפן צו דער סאָוועטישער גרענעץ. מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז מאָרגן קענען די געסטאַפּאָווצעס זיך אומקערן אָדער אַרעסטירן מיך אין דער גאַס.

דאָס איז געווען מיין לעצטע נאַכט אין וואָלאָמין. איך בין געווען צופרידן, וואָס די קינדער האָבן זיך נישט איבערגעוועקט. מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ האָב איך זיי צוגעוואָרפן די לעצטע בליקן און בין אַרויס פון שטוב.

## וואר און חלום

אין משך פון מיין וואַנדערן איבער רוסלאַנד האָב איך דורכגעמאַכט אַלע שבעה מדורי גהינום, איבער די סאָוועטישע לאַגערן אין קאָמי א.ס.ס.ר. איבער

די אוראַלער בערג, ביז איך בין ענדלעך אָנגעקומען קיין אוזבעקיסטאַן, אין טאַשקענט, אין סאמאַרקאַנד.

אויף אַלע מיינע וואַנדערונגען האָבן מיך נישט אָפּגעלאָזט די מחשבות וועגן מיין היים. פאַר מיינע אויגן האָבן כסדר געשוועבט די פּנימלעך פון מיינע קליינע טעכטערלעך, וואָס איך האָב איבערגעלאָזט ביי די דייטשן.

אָנהויב נאָוועמבער 1939 בין איך אַריבער די גרענעץ און אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק. פון גרויס בענקשאַפט בין איך אַריינגעפאַלן אין אַ שווערער מרה שחורה. ווו איך פלעג ערגעץ הערן וויינען אַ קינד, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דאָס דערגייט צו מיר דאָס געוויין פון מיינע טעכטערלעך. מיט יעדן טאָג איז מיין מצב געוואָרן אַלץ ערגער, איך בין אַרומגעגאַנגען אַ צעבראָכענער און דערשלאָ־גענער. די בענקשאַפט האָט פון מיר געריסן שטיקער.

איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט, ווען איך בין געגאַנגען אַן איינזאַמער איבער די ביאַליסטאָקער גאַסן, פאַרטראָגן אין די אומעטיקע געדאַנקען וועגן מיינע קינדער, זענען צו מיר דערגאַנגען וויינענדיקע קולות און מיר האָט זיך מיטאַמאָל געגומען אויסוויזן, אַז צווישן זיי הער איך אויך דאָס געוויין פון מיין רחלע און אסתרל. זיי בעטן, מען זאָל אויף זיי רחמנות האָבן.

ווי אַ לונאַטיקער בין איך אַריין אין דעם הויף און געגומען זוכן פון וואַנען עס קומען די וויינענדיקע קולות. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז אַ בית־כנסת, צווישן מנחה און מעריב האָט עמיץ פון די פאַרזאַמלטע יידן אַוועקגעשטעלט זיך ביים עמוד און אָנגעהויבן זאָגן קאַפּיטלעך תהילים. די יידן האָבן אים באַגלייט מיטן וויינענדיקן ניגון.

דאָס זענען אַוודאי געווען אַזעלכע איינזאַמע יידן ווי איך, וואָס האָבן ערגעץ איבערגעלאָזט זייערע קינדער און אין זייערע יאָמערלעכע תפילות האָט זיך מיר דאָס אויסגעוויזן צו דערהערן דאָס געוויין פון מיינע קינדער.

אין אַ קורצער צייט אַרום בין איך אין ביאַליסטאָק געוואָרן אַרעסטירט און פאַרשיקט אין דעם לאַגער אין וויטן קאָמי אַ.ס.ס.ר. איבערן גאַנצן וועג מיטן עשאַלאָן, וואָס האָט זיך געשלעפּט לאַנגע וואָכן, האָב איך אין די טעג און נעכט געזען מטושטשדיקע חלומות, וואָס האָבן מיך אויסגעמאַטערט פיזיש און גייסטיק. ווען איך בין אָנגעקומען אין לאַגער בין איך שוין געווען פולשטענדיק צעבראָכן.

דער צער און ווייטיק פון בענקעניש נאָך מיינע קינדער האָט מיר נישט געגעבן קיין רו אויך אין לאַגער.

סוף אויגוסט 1941 בין איך באַפרייט געוואָרן פון לאַגער און איך האָב ווידער גענומען וואַנדערן איבער די רוסישע שטעט, קיראָוו, מאָלאָטאָוו, סווערד־לאָווסק, טשעליאַבינסק, ביז איך בין אָנגעקומען קיין טאַשקענט.

איך געדענק, ווי איינמאָל אין אַ קאַלטער נאָוועמבער־נאַכט בין איך געזעסן אויף די טרעפּ פונעם וואָקזאַל אין טאַשקענט. עס זענען דאָרט געווען אַ סך טויזנטער פּליטים. פון גרויס מידקייט האָב איך איינגעדרימלט, אָבער דער הונגער און די קעלט האָבן מיך נישט געלאָזט איינשלאָפן און איך האָב זיך כסדר איבערגעוועקט.

דער שכן, וואָס איז געזעסן נעבן מיר, אַן עלטערער מענטש, האָט געהערט מיין קרעכצן, האָט זיך צוגעבויגן צו מיר און מיך געפרעגט צי איך בין קראַנק. עס האָט זיך אַנטוויקלט צווישן אונדז אַ שמועס און איך האָב אים דערציילט, אַז איך בין שוין באַלד צען וואָכן אין וועג, כמעט אָן עסן.

איך האָב אים דערציילט, אַז מער ווי דער הונגער מאַטערן מיך די געדאַנקען וועגן מיין פרוי מיט די צוויי קליינע קינדער, וועלכע איך האָב איבערגעלאָזט אין פּוילן. איך האָב נישט געקענט איינהאַלטן מיינע טרערן און זיך צעוויינט.

דער פרעמדער מענטש איז געזעסן אַ פּאַרטראַגענער אין טרויעריקע געדאַנקען און געשוויגן. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט ער אַרויסגענומען אַ זעקעלע סוכאַרעס און מיר דערלאַנגט עטלעכע סוכאַרעס, זאָגנדיק דערביי:

„מער פאַרמאָג איך נישט...“

ווען איך האָב אָפּגעגעסן די עטלעכע סוכאַרעס האָט ער זיך ווידער צו מיר צוגעבויגן און דערלאַנגט אַ קאָץ, זאָגנדיק:

„דעקט זיך צו, וועט אייך זיין גרינגער איינצושלאָפן... דאָס וועט אייך באַרואיקן“...

איך בין ווירקלעך איינגעשלאָפן. מער ווי די וואַרעמקייט פון דעם קאָץ, האָט מיך איינגעוויגט די וואַרעמקייט פון זיינע רייד.

ווען איך האָב זיך אויפגעוועקט איז דער שכן מיינער שוין נישט געווען. איך האָב אים אומעטום אַרומגעזוכט, אָבער ווייזט אויס, אַז ווען איך בין געשלאָפן איז אָנגעקומען זיין צוג און ער איז אַוועקגעפאָרן, איבערגעלאָזט מיר זיין קאָץ, נישט וועלנדיק מיך אויפוועקן.

## וואָלאַמינער יידן אין סאַמאַרקאַנד

פון טאַשקענט האָב איך ווייטער געוואַנדערט אָן אַ ציל און אָן אַ תכלית. איבערן גאַנצן וועג אויף אַלע מיינע וואַנדערונגען האָט מיך כסדר באַגלייט די בענקשאַפט נאָך מיינע קינדער, וואָס האָט מיר צוגענומען מיין רו און דעם שלאָף ביינאַכט. קאָשמאַרפולע חלומות האָבן מיך נישט אויפגעהערט צו פאַרפאָלגן.

ערב פסח 1942 בין איך אָנגעקומען קיין סאַמאַרקאַנד. אַראָפּגייענדיק פון דער באַן איז מיין ערשטער וועג געווען צום באַזאַר און איך האָב זיך זייער געפרייט אָנטרעפנדיק דאָרט אויף וואָלאַמינער יידן, באַפרייטע פון די לאַגערן. זיי האָבן

שוין געהאַט ווו צו וווינען, ערגעץ אין אַן אוזבעקיש הייזל פון ליים, אַ קיביטקע. זיי האָבן מיר גענומען צו זיך און געגעבן אָפּצועסן.

נאָך לאַנגע וואָכן האָב איך דאָ צום ערשטן מאָל באַקומען די מעגלעכקייט זיך אַרומצווואַשן. די לאַגער מלבושים, וועלכע איך האָב אויף זיך געטראָגן, האָב איך דאָ אַראָפּגעוואָרפן פון זיך און פאַרברענט אויפן הויף פון דער קיביטקע. מיינע וואָלאָמינער האָבן מיר געגעבן אָנצוטון אַנדערע מלבושים.

נאָך עטלעכע טעג האָב איך באַקומען אַרבעט אין דער עלעקטרישער סטאַציע, אויפן וואָקזאַל פון סאַמאַרקאַנד. געוווינט האָב איך צוזאַמען מיט נאָך פּוילישע יידן, וואָס האָבן דאָרט געאַרבעט און פאַרנומען אַ צימער אין אַ קאָלעקטיוו אַרבעטער־הויז.

איך בין געווען פאַרזאָרגט מיט אַ שטיקל ברויט און אַ דאַך איבערן קאָפּ און בין דערמיט געווען צופרידן, ווי אַלע אַנדערע, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין גרויסע אַספּיראַציעס און געפרייט זיך מיט דער מעגלעכקייט איבערצולעבן די מלחמה. מיך אָבער האָבן פונדאַסניי אָנגעהויבן מאַטערן די מחשבות וועגן מיינע קינדער.

עס איז געווען אַן אָוונט, סוכות־צייט, ווען איך בין אַהיימגעקומען אַ פאַר־מאַטערטער פון דער אַרבעט און האָב זיך אַוועקגעלייגט אויפן אייזערנעם בעטל אָפּצורוען, אָבער ווי נאָר כ׳האָב איינגעדרימלט איז מיך באַפאַלן אַ קאשמאַר־פולער חלום:

איך האָב זיך געזען גיין אין אַ געדיכטן וואַלד. די פינצטערניש איז ווי אַ מויער, קוים איך זע צו שטעלן אַ טראָט. מיטאַמאָל דערהער איך קינדערישע קולות. אין דער געדיכטער פינצטערניש זע איך נישט קיין פנים. איך הער בלויז יאָמער־לעכע שטימען, טריט פון דייטשע זעלנער, דאָס בילן פון הינט. פון גרויס שרעק וויל איך אַנטלויפן, אָבער די פיס זענען ווי געליימט און איך קען נישט שטעלן קיין טראָט. עס באַגיסט מיך אַ קאַלטער שווייס און מיטאַמאָל נעם איך שרייען: ראַטעוועט, ראַטעוועט...

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט האָב איך געזען שטיין ביי מיין בעטל די חברים. זיי האָבן מיך געטרייסלט, געווישט מיר דעם שווייס פונעם פנים און געפרעגט: „וואָס איז געשען, נתן? וואָס שרייסטו אַזוי פון שלאָף?"

צוריקקומענדיק אין יאָר 1945 קיין פּוילן, בין איך אין חודש אָקטאָבער אַריינגעפאָרן קיין וואָלאָמין. די אָפּגעראַטעוועטע יידן, וועלכע איך האָב באַגעגנט, האָבן מיר דערציילט וועגן זייערע איבערלעבונגען אין געטאָ און זיי האָבן מיר איבערגעגעבן, אַז די ליקווידאַציע פון וואָלאָמינער געטאָ איז פאָרגעקומען אין הושענא רבא, אין דער זעלבער צייט, ווען איך האָב געהאַט דעם שוידערלעכן חלום...

ניסן זילבערשטיין

# צען קינדער זענען מיר געווען...

צען קינדער זענען מיר געווען אין שטוב. דער טאַטע איז געווען אַ פּשוטער ייד, וואָס האָט געלעבט פון אייגענער פּראַצע, האָט שווער געהאָרעוועט אויף צו פאַרדינען דאָס ברויט, אָבער נישט געקוקט דערויף האָט אין שטוב געהערשט אָרעמקייט און דחקות. די שטוב איז געווען אין אַ קלאָגעדיקן צושטאַנד און אָפט פלעגן מיר שלאָפן אונטער אַ געלעכערטן דאַך, דורך וועלכן עס האָט זומער אַריינגערעגנט און ווינטער האָבן מיר געליטן פון קעלט. עס זענען געווען צייטן, ווען מיר האָבן נישט געהאַט מיט וואָס זיך צוצודעקן און געלעגן אַריינגערוקט אין זעק שטרוי.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה בין איך אַוועק קיין ביאַליסטאָק, ווו איך האָב דורכגעמאַכט שווערע חדשים צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע טויזנטער פּליטים און צוזאַמען מיט זיי בין איך דורך דער ענקאווידע פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר.

צו די שווערע יסורים איז נאָך צוגעקומען די בענקשאַפט נאָך מיין פרוי און קינדערלעך, וועלכע זענען פאַרבליבן אין וואָלאָמין, די אומאויפהערלעכע זאָרג פאַר זייער גורל.

שווער איז מיר אויסגעקומען צו האָרעווען אויפן שטיקל ברויט אין סיביר. מיר האָבן נישט געהאַט וואָס אָנצוטון און געמוזט אַרבעטן אין די גרעסטע פרעסט. אויף די פיס האָב איך געטראָגן שטיקער גומי פון אַפּאָנעס, אַרומגעוויקלט מיט שטריק און אינגאַנצן האָב איך זיך אַרומגעוויקלט מיט שמאַטעס, כדי נישט פאַר־פרוירן צו ווערן. איך ווייס נישט, פון וואַנען עס האָבן זיך גענומען צו מיר די כוחות אויסצוהאַלטן דאָס אַלץ. דער גורל האָט געוואָלט, אַז איך זאָל בלייבן לעבן איינער פון מיין גאַנצער פאַמיליע.

שפּעטער בין איך מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי, דורכגעמאַכט אַלע שווערע קאַמפן ביז איך בין פאַרוואונדעט געוואָרן ערגעץ הינטער בערלין.

נאָך דער דעמאָביליזאַציע האָב איך טעג און נעכט אַרומגעוואַנדערט איבער די וויסטע יידישע שטעטלעך און אומעטום געזוכט עמיצן פון מיינע נאָענטסטע, ביז איך האָב באַגעגנט מאַלע בערמאַן. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די וואַרעמע פריינטשאַפט וואָס זי האָט מיר אַרויסגעוויזן. אין זייער שטוב האָב איך צום ערשטן מאָל דערפילט ערלעכע און נאָענטע מענטשן און דאָס האָט געגעבן מוט איבער־צוהאַלטן די שווערע צייט און ווייטער קעמפן פאַרן לעבן.

מ׳ט יעדן יאָר פון מיין איבערגעניצעוועט לעבן האָב איך אַלץ מער גענומען וואַרעמען אין האַרץ דעם חלום, אַז מער וועט זיך אַזעלכעס נישט איבערחזרן, ווארום איצט, ווען פאַר דער גאַנצער וועלט האָבן זיך אַנטפּלעקט די גרויזאַמקייטן און אַלע ווייסן שוין דעם אמת, וואָס די היטלעריסטישע רוצחים האָבן אָפּגעטון, וועט דער שוידער נישט אָפּלאָזן און עס וועט אַלץ געטון ווערן איבערצובויען די יסודות פון דער וועלט.

אַזוי האָב איך אָנגעהויבן מיין ווייטערדיק לעבן, חתונה געהאַט, אַרויס־געפאָרן פון פוילן און אָנגעקומען קיין עסטרייך, ווו עס איז געבוירן געוואָרן אונדזער טאָכטער סימעלע. פונעם לאַגער אין עסטרייך האָט אונדזער וועג געפירט קיין ארץ־ישראל.

מיר האָבן קיינמאָל נישט אָפּגעלאָזט די מחשבות וועגן גרויסן חורבן פון אונדזער שטעטל. תמיד שטייען פאַר מיינע אויגן די ליכטיקע געשטאַלטן פון מיין היים, אַזאַ עשירות פון שיינע מידות, פון ערלעכקייט און קעגן זיי אַזויפיל רשעות און רציחות, וואָס האָט אָפּגעווישט אונדזער היימשטעטל מיט אַלע אונדזערע נאָענטע און טייערע.

מיר וועלן זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

חיה־שרה רובינשטיין־שארפשטיין

# בלינדער גורל


יינע עלטערן זענען מיט זעכציק יאָר צוריק אַרויסגעפאָרן פון טשיזשעוו אויפן וועג קיין וואָלאָמין, ווו זיי האָבן באַשלאָסן צו באַזעצן זיך און בויען זייער נייע היים.

מיין פאָטער האָט געהאַט אַ לעדער־געשעפט אויף דער דלוגע גאַס אין וואָלאָמין. מיר זענען געווען אַכט קינדער און דער גרעסטער טייל פון מיינע ברידער און שוועסטער האָבן חתונה געהאַט אין וואָלאָמין און געבליבן דאָרט ווינען. מיין פאָטער האָט דערלעבט אייניקלעך און אוראייניקלעך. דאַקעגן מיין מוטער איז יונג געשטאָרבן.

אין יאָר 1935 האָט מיין פאָטער באַשלאָסן צו פאָרן קיין ישראל, ווו עס האָט שוין געוווינט זיין זון אפרים. דאָס געשעפט האָט ער איבערגעגעבן דער יינגסטער טאָכטער מרים און איר מאַן אבא פראם, וואָס האָט געשטאַמט פון לאָמזשע.



**אבא פראם מיט זיין פרוי מרים**

מיר האָבן צוזאַמען איבערגעטראַגן אַ סך שווערע צייטן, געליטן, געהאָפט און געראַנגלט זיך פאַר אונדזער מענטשלעכער און יידישער עקזיסטענץ. ווער האָט זיך געקענט ריכטן, אַז עס וועט קומען אַזאַ מבול פון פינצטערער שנאה, וואָס וועט פאַרגיסן אַלץ וואָס איז גוט אויף דער ערד ? !

מיין שוואָגער אבא פּראם איז געווען אַ הייסער ציוניסט און האָט זיין גאַנץ לעבן געחלומט צו באַזעצן זיך מיט זיין פרוי און פיר זין אין ישראל, אָבער די שוידערלעכע מלחמה האָט צונישט געמאַכט אַלע זיינע פּלענער און ער מיט זיין גאַנצער פאַמיליע זענען אומגעקומען.

מיין פאָטער איז נאָך אַ געוויסער צייט זיין אין ישראל באַהערשט געוואָרן פון אַ גרויסער בענקשאַפט צו זיין משפחה, וואָס איז געבליבן אין וואָלאָמין. אים איז געווען שווער צו זיין דערווייטערט פון זיי און האָט זיך אומגעקערט קיין וואָלאָמין, ווו ער האָט געטיילט דעם גורל פון זיין משפחה און פון דער גאַנצער יידישער קהילה. ער האָט געהערט צו די רעזיגנירטע, וואָס האָבן נישט געפּרוווט אפילו זיך ראַטעווען און אָנגענומען דעם מצב ווי אַ גזירה מן השמיים, וועלכע מען קען נישט אויסמיידן און פון וועלכער מען קען נישט אַנטלויפן. ער איז דערשאָסן געוואָרןביים אויסזידלען דעם וואָלאָמינער געטאָ.

צוזאַמען מיט מיין מאַן און נאָך אַ טייל פון מיין משפחה האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן ביי קריסטן, געווען פאַרשטעקט אין אַ באַהעלטעניש אין שווערע באַדינגונגען. מיין מאַן האָט נישט אויסגעהאַלטן די שווערע באַדינגונגען און זעקס חדשים פאַר דער באַפרייאונג איז ער קראַנק געוואָרן און מען האָט נישט געקענט ברענגען קיין דאָקטאָר צו אים. דאָס האָט צוגעאיילט זיין טויט.

וואָלאָמין איז צוויי מאָל איבערגעגאַנגען פון די דייטשן צו די רוסן און שפּעטער ווידער צו די דייטשן. דאָס זענען געווען שווערע טעג, ווען מיר האָבן געשוועבט צווישן לעבן און טויט. מיר זענען דאַן געווען באַהאַלטן אין אַ פאַרצע־לאַציע נעבן וואָלאָמין, אין העלענוועק. דאָס איז שוין געווען דאָס דריטע באַהעלטעניש. פון די פריערדיקע האָבן מיר געמוזט אַנטלויפן, ווייל שכנים האָבן זיך דערוווסט וועגן אונדז און מיר האָבן נישט געוואָלט ברענגען אין געפאַר אונדזערע רעטער.

ווען דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט האָבן די דייטשן אַרויסגעשיקט אַלע איינוווינער פון דער געגנט ווייטער פון דער פראָנט־ליניע. מיר זענען געווען פאַרצווייפלט, נישט געוווסט צי מיר זאָלן מיטגיין מיט אַלע עוואַקואירטע קריסטלעכע איינוווינער, געטראַכט אַ מינוט, אַז אפשר וועט מען אין דער פּאַניק נישט דערקענען, אַז מיר זענען יידן. אונדזערע קריסטלעכע רעטער האָבן אונדז אָבער אָפּגערעדט פון דעם. זיי האָבן געזאָגט, אַז די דייטשן נעמען אַוועק די מענער אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד און אין בעסטן פאַל האָבן בלויז די פרויען אַ שאַנס זיך אָפּצוראַטעווען. דערצו איז געווען גענוג גרויס די געפאַר, אַז מען זאָל אויף אונדזער יעקב דערקענען, אַז ער איז אַ ייד.

עס איז געווען דאָס יאָר 1944. צוויי יאָר זענען מיר געלעגן אויסבאַהאַלטן

אין אַ גרוב, וואָס איז אויסגעגראָבן געוואָרן אונטער דער פּאָדלאָגע, אין שטענ־דיקער פינצטערניש. איבער אונדז האָבן מיר געהערט די גערוישן און טומל פון די זעלנער, פון טאַנקען, וואָס זענען געפאָרן צום פראָנט. דאָס הויז איז געווען אַ הילצערנס און עס איז געווען דורכגעשאָסן פון פאַרבלאָנדזשעטע קוילן.

פון צייט צו צייט פלעגט צו אונדז אַראָפּקומען אונדזער רעטערין, געברענגט אונדז אַביסל נישט דערשטאַנענע עפּל, ווייל ברויט איז דעמאָלט שוין געווען זייער שווער צו באַקומען. מיר זענען מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ שוואַכער, צעבראָכן פיזיש און מאָראַליש און נישט געטראַכט, אַז מיר וועלן נאָך אַמאָל פון דאַנען אַרויס לעבעדיק.

עס איז געקומען דער טאָג ווען אונדזער רעטערין האָט אונדז אָנגעזאָגט די בשורה, אַז די דייטשן זענען אַוועק און עס זענען שוין אַריין די רוסישע טאַנקן. מיר זענען פריי. עס האָט געקלונגען אומגלויבלעך, מיר האָבן פּשוט נישט געקענט באַגרייפן דעם גרויסן נס. ווען מיר זענען אַרויס פון גרוב זענען מיר געווען אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז מיר האָבן קוים געשלעפּט די פיס.

צווישן די ערשטע זעלנער, וועלכע מיר האָבן באַגעגנט, זענען אויך געווען יידן. ווען זיי האָבן אונדז דערזען זענען זיי גלייך אַוועקגעלאָפן געברענגט אונדז עסן. די קריסטלעכע איינוווינער האָבן קוקנדיק אויף אונדז געשאָקלט מיט די קעפּ, געזאָגט: „לעבעדיקע מתים, זיי וועלן שוין נישט לעבן...״ אָבער ווי אויף להכעיס אַלע ביטערע פאָרויסזאָגונגען זענען מיר ביסלעכווייז געקומען צו זיך. אין וואָלאָמין איז דעמאָלט געווען אַ קריסטלעכער דאָקטאָר מיטן נאָמען איזדעוווסקי, אַן אָרנטלעכער מענטש, וואָס האָט אונדז אַרויסגעוויזן אַ סך האַרץ און געהאָלפן אונדז קומען צו די כוחות.

עטלעכע חדשים נאָך דער באַפרייאונג האָבן מיר געוווינט אין וואָלאָמין. עס האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפקומען נאָך איינצלנע לעבנגעבליבענע יידן, ביז עס האָבן זיך צונויפגעקליבן 70 יידן, וואָס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט פון אומקום. די קריסטלעכע שכנים האָבן אויף אונדז געקוקט קרום, מיט רשעות, האָבן נישט געקענט פאַרטראָגן די צוריקגעקומענע יידן און האָבן אָנגעהויבן שיקן צו אונדז דראָונגס־בריוו, אַז אויב מיר וועלן נישט פאַרלאָזן וואָלאָמין, וועלן זיי אונדז אויסענדיקן.

מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז די רוצחים קענען פאַרווירקלעכן זייערע דראָונגען און מיר זענען אַוועקגעפאָרן קיין לאָדזש, ווייל אין וואַרשע איז נישט מעגלעך געווען צו באַקומען קיין דירה. די שטאָט איז געווען צעשטערט.

אין לאָדזש זענען שוין דעמאָלט געווען אַ ביסל יידן. דאָס איז געווען מאַי 1945, עטלעכע חדשים נאָך דער באַפרייאונג פון לאָדזש.

איבער פינף יאָר האָבן מיר געוווינט אין לאָדזש, ביז מיר זענען אין יאָר 1950 אַוועק און עולה געווען קיין ישראל.

דער קאשמאַר פון יענע גרויזאַמע יאָרן באַגלייט אונדז אַלע טעג און נעכט פון אונדזער לעבן. מיר וועלן עס קיינמאָל נישט פאַרגעסן און שטענדיק וועלן בלייבן איינגעקריצט אין אונדזערע הערצער אונדזערע נאָענטע און טייערע, וואָס זענען אומגעקומען מיט אַזעלכע שרעקלעכע טויטן.

## דורך טייכן בלוט

דער טאַטע פלעגט דערציילן ווי אַזוי ער איז מיט זיין פאַמיליע געקומען זיך באַזעצן אין וואָלאָמין, ווען עס איז דאָרט נאָך נישט געווען קיין מנין יידן, קיין בית־הקברות. ווען עס איז געשטאָרבן אַ ייד האָט מען אים געמוזט פירן קיין ראַדזימין אָדער אידעווע.

די סיבה פון מיינע עלטערנס קומען קיין וואָלאָמין איז געווען די ידיעה, וואָס איז דערגאַנגען צו זיי וועגן דעם נייעם שטעטל, 18 קילאָמעטער הינטער וואַרשע. ווייזט אויס, אַז די באַדינגונגען פון איינאָרדענען זיך עזנען דאָרט געווען גרינגערוו אין וואַרשע און די נאָענטקייט צו דער גרויסער שטאָט האָט געצויגן, מען האָט פאָרויסגעזען אַ שנעלע אַנטוויקלונג. מענטשן האָבן געאַרבעט אין וואַרשע און געוווינט אין וואָלאָמין. די באַן־סטאַציע איז געווען אין שטאָט און יעדע האַלבע שעה איז אָפּגעגאַנגען אַ צוג און די נסיעה קיין וואַרשע האָט געדויערט נישט מער ווי צוואַנציק מינוט.

מיין פאָטער האָט געשטאַמט פון וואַרשע און דערפאַר איז אים אויך וואָלאָמין געווען נאָענט צום האַרצן נאָענט צו דער גאַנצער משפחה, וואָס האָט געוווינט אין וואַרשע.

דאָס שטעטל האָט זיך ווירקלעך שיין אַנטוויקלט און האָט געהאַט אַ שם פאַרן מאָדערנסטן שטעטל אין דער גאַנצער געגנט אַרום וואַרשע. באַאַמטע, וואָס האָבן געאַרבעט אין וואַרשע אויף מלוכהשע פּאָסטנס, האָבן אָנגעהויבן זיך באַזעצן אין וואָלאָמין. די באַדינגונגען זענען געווען גינסטיקע. מען האָט אָנגעהויבן פאַרצעלירן דעם באָדן אַרום וואָלאָמין און פּוילישע באַאַמטע האָבן זיך געבויט קליינע הייזלעך.

ביסלעכוויז האָט זיך די באַפעלקערונג צעוואַקסן נאָך פאַר דער וועלט־מלחמה האָט וואָלאָמין געציילט 30 טויזנט איינוווינער און צווישן זיי דריי טויזנט יידן.

סעפּטעמבער 1939 זענען די דייטשן אַריינגעקומען קיין וואָלאָמין. זיי האָבן

זיך, ווי אין אַנדערע שטעט, גענומען צום פאַרניכטן דאָס ביסל יידן, צורייבן זייער פאַרמעגן, עקספּלאָאַטירן זייערע אַרבעטס־כּוחות און דערפירן צו פולשטענדיקער ליקווידאַציע. אַדך אומגעהויערע יסורים און פּיין, וואָס די יידן אין וואָלאָמין האָבן געמוזט דורכמאַכן, איז געקומען דער נאָוועמבער 1940, ווען די דייטשן האָבן געמאָלדן מיט פּלאַקאַטן אין די גאַסן, אַז עס ווערט געשאַפן אַ געטאָ פאַר די וואָלאָמינער יידן און זיי מוזן פאַרלאָזן זייערע הייזער און אַוועק אינעם געטאָ, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אין סאָסנאָווקע, וואָס איז געווען אַ קוראָרט, דריי קלאָמעטער פון וואָלאָמין.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס שווערע וואַנדערן, דאָס איבערציען זיך קיין סאָסנאָווקע. ווער עס האָט זיך געטוישט מיט די קריסטן, גענומען פון זיי די דירות און אַוועקגעגעבן די יידישע אין וואָלאָמין, ווער עס האָט זיך געדונגען און באַצאָלט פאַרויס פאַר אַ יאָר. ווער עס האָט נישט געהאַט קיין געלט האָט באַקומען הילף פון דער יידישער גמינע, כדי צו קענען זיך שאַפן אַ דאַך איבערן קאָפּ אינעם געטאָ.

מערסטנס האָט מען געוווינט אין קליינע דירות, איינצלנע צימערן. ווי שווער עס איז נישט געווען די לאַגע האָט קיינער נישט פאָרגעשטעלט זיך, אַז דאָס איז נאָר אַ טייל פונעם אַלגעמיינעם פּלאַן צו פאַרניכטן אַלע יידן, דאָס גאַנצע יידישע פאָלק.

אַ סך יוגנטלעכע האָבן נישט געוואָלט שלום מאַכן מיט די דערנידערנדיקע באַדינגונגען, אין וועלכע מען האָט אונדז אַריינגעוואָרפן און זיי האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפן קיין רוסלאַנד, געשמוגלט די גרענעץ קיין ביאַליסטאָק אָדער קיין גאַליציע. די גרענעצן זענען אין דער ערשטער צייט נישט געווען אַזוי שטרענג געהיטן און גאָר אַ סך איז געלונגען דורכצושוואַרצן די גרענעצן און אָנקומען אויף דער רוסישער זייט און פון דאָרטן געוואַנדערט טיפער אין רוסלאַנד.

זיבן קינדער זענען מיר געווען, פינף ברידער און צוויי שוועסטער, אַלע געבוירן אין וואָלאָמין. פון זיי אַלע איז געבליבן: אַ ברודער, וואָס איז צוריק־געקומען פון רוסלאַנד און אַ צווייטער ברודער, וואָס איז נאָך פאַר דער מלחמה אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. מיין מאַן, יעקב, און איך מיט אונדזערע פינף קינדער זענען מיר געבליבן אין געטאָ צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע פון דער משפּחה.

נאָך צוויי יאָר זיין אין געטאָ האָט מען אָנגעהויבן דערזען דעם סוף און מיר האָבן זיך באַהאַלטן ביי קריסטן. מיר זענען געבליבן מיט אונדזערע צוויי יינגסטע קינדער. ערשט נאָך דער מלחמה האָט זיך אונדזער עלסטער זון אומגעקערט פון אוישוויץ. מיין טאָכטער איז אומגעקומען אין אוישוויץ. מיין זון איז געווען אין אַ לאַגער אין ווילאַנוווו, נעבן וואַרשע. דאָס איז געווען אַ לאַגער, וווּהין די

דייטשן האָבן אויסגעשיקט אַרבעטס־פעאיקע יידן פון געטאָ. פון דאָרט האָט ער זיך מער נישט אומגעקערט.

איינער פון מיינע ברידער, וואָס איז אַוועק קיין רוסלאַנד, איז אומגעקומען אין קאָוועל, ווען די דייטשן זענען שפּעטער אַהין אַריין בעתן אָנפאַל אויף סאָוויעט־רוסלאַנד. צוויי אַנדערע ברידער האָבן געפּרוּווט זיך ראַטעווען מיט זייערע משפחות, זענען אַנטלאָפן פון געטאָ, אָבער די רוצחים האָבן זיי געכאַפּט און דערשאָסן. מיין שוועסטער איז מיט איר משפחה געווען אין וואַרשעווער געטאָ. איר מאַן און שוואָגער זיינען אומגעקומען בעת דער באָמבאַרדירונג אין יאָר 1939, ווען זיי זענען געשטאַנען אין דער ריי נאָך וואַסער.

מיין שוועסטער איז געבליבן מיט פיר קליינע קינדער און די מאַמע האָט באַשלאָסן צו פאָרן צו איר און וווינען צוזאַמען.

אין יאָר 1941 בין איך אַוועק צופוס אין וואַרשעווער געטאָ, באַזוכן מיין מוטער און שוועסטער, זען ווי זייער לאַגע זעט אויס. איך האָב געמיינט, אַז איך וועל זיי קענען מיט עפּעס העלפן. פריער האָב איך זיך געמוזט באַזאָרגן מיט אַ צייגעניש, וואָס אונדזערע גמינע האָט באַקומען פון די דייטשן. דאָס איז געווען אַ דערלויבעניש אַריינצוגיין אין וואַרשעווער געטאָ.

מיר זענען געווען דריי פרויען פון וואָלאָמין. ווען מיר זענען צוגעקומען צום טויער פון וואַרשעווער געטאָ האָט מען ביי אונדז צוגענומען די דערלויבענישן. איך האָב באַזוכט מיין מוטער און שוועסטער, אַרומגעדרייט זיך עטלעכע טעג און געזען, אַז איך קאָן זיי מיט גאָרנישט העלפן, האָב איך באַשלאָסן אומצוקערן זיך אַהיים צו מיין מאַן און קינדער.

מיינע איבערלעבענישן אין משך פון די עטלעכע טעג וואָס איך בין געווען אין וואַרשעווער געטאָ, האָבן מיך אינגאַנצן צעטרייסלט. די בילדער שטייען פאַר מיינע אויגן אין זייער גאַנצן שוידער, מענטשן זענען געלעגן אויף די גאַסן, ווי לעבעדיקע שקעלעטן, אָפּגעדאַרט, אויסגעהונגערט, געבעטן אַ שטיקל ברויט. אַ סך זענען געווען אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. עס האָט זיך דערנענטערט דער סוף.

מיר זענען צוגעגאַנגען צום טויער פון געטאָ, וואָס האָט געפירט צו דער אַרישער זייט. די וועכטער האָבן אונדז, צוליב אונדזער אַרישן אויסזען נישט אָנגענומען פאַר קיין יידן און האָבן אונדז דורכגעלאָזט אָן שוועריקייטן. אָבער אין דרויסן האָבן אונדז פאַרהאַלטן פּוילישע פּאָליציאַנטן און אַוועקגעפירט אין דער טורמע אויף דאַנילאָוויטשעווסקא, וווּ מען האָט אונדז איינגעזעצט אין דער פרויען אָפּטיילונג.

נאָך אַ געוויסער צייט איז מיר געלונגען אַרויסצושיקן אַ בריוול צו מיין משפּחה, זיי זאָלן זיך דערוויסן וווּ איך געפין זיך. מיין מאַן האָט אָנגעהויבן מאַכן

אויסערגעווייגלעכע אָנשטרענגונגען, געלאָזט זיך קאָסטן אַ סך געלט. אָבער ביזן היינטיקן טאָג ווייס איך נישט צי די אָנשטרענגונגען האָבן געהאַט עפּעס אַ ממשות און צי דאָס איז געווען די סיבה פאַר אונדזער באַפרייאונג. אַ גאַנצן חודש בין איך געזעסן אין דער דאָזיקער תפיסה. אין מיין קאַמער זענען געווען נאָך יידישע פרויען, טייל געשמדטע. אַ סך האָבן אפילו נישט געוווּסט, אַז זיי זענען יידישע, זענען געווען שוין פון דריטן דור קריסטן.

ערשט אויפן צווייטן חודש האָט מען מיר מיט די צוויי אַנדערע וואָלאָמינער פרויען באַפרייט. מיר האָבן באַקומען אַ פּאַפּיר, וואָס דערלויבט אונדז צו גיין צוריק אין וואָלאָמינער געטאָ.

די פרייד מיט אונדזער אומקערן זיך אין געטאָ איז געווען גרויס. אַלע האָבן געמיינט, אַז מען וועט אונדז שוין מער נישט זען. דעמאָלט זענען שוין געווען אַ סך פאַלן פון דערשיסן יידן אין תפיסה.

דאָס איז ווירקלעך געווען אַ נס ווייל אין אַ חודש שפּעטער האָט מען יעדן ייד, וואָס מען האָט געכאַפּט אויסערן געטאָ, דערשאָסן.

דער מצב אין געטאָ איז מיט יעדן טאָג געוואָרן ערגער. עס האָט אָנגעהויבן בושעווען די טיפוס־עפּידעמיע און עס איז נישט געווען קיין מיטל זיי אָפּצור־ראַטעווען. גאַנצע משפחות זענען אויסגעשטאָרבן פון טיפוס. אַזוי זענען אויך געשטאָרבן מיין שוואָגער חיים רובינשטיין מיט זיין פרוי.

פון די אַרומיקע שטעטלעך האָט מען אָנגעהויבן אַרויסטרייבן די יידן קיין וואַרשע. קיין דירות זענען נישט געווען און זיי האָבן געמוזט וווינען אין באַראַקן. מיר האָבן זיך געריכט, אַז מען זאָל אונדז אויך אַרויסטרייבן פון סאָסנווויקע. מען איז נישט געשלאָפן גאַנצע נעכט, געלעגן אויף די פּאַרפּאַקטע פּעקלעך און געוואַרט מען זאָל אונדז קומען נעמען. עס האָבן אָנגעהויבן צו דערגיין די קלאַנגען וועגן די טויט־לאַגערן פאַר יידן. מען האָט געכאַפּט יידן צו דער אַרבעט. די איינצלנע, וואָס האָבן זיך אַ רויסגעריסן האָבן געבראַכט טרויעריקע ידיעות. פון וואַרשעווער געטאָ זענען געפאָרן ריזיקע עשאַלאָנען מיט יידן קיין טרעבלינקע. די עשאַלאָנען זענען דורכגעפאָרן דורך אונדזער געטאָ. דאָס פייפן פון די לאָקאָמאָטיוון, וואָס האָט צעריסן די שטילקייט אין די נעכט,האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד. דאָס לעבן איז געוואָרן אומדערטרעגלעך.

אין איינער אַ נאַכט איז פון אַזאַ צוג אַראָפּגעשפּרונגען אַ גרופּע יידן און זיי האָבן דערציילט וועגן די שוידערלעכע אַקציעס, וואָס קומען פאָר אין וואַרשע, אין אָטוואָצק, פאַליניץ, רעמבערטאָוו און אַנדערע שטעטלעך. עס איז געוואָרן קלאָר, אַז אונדזערע טעג זענען געציילטע. די יידן אין געטאָ האָבן אָנגעהויבן זוכן וועגן, ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען. אייניקע האָבן זיך געמאַכט אַרישע דאָקומענטן,

אַנדערע האָבן זיך געבויט באַהעלטענישן, אַ סך האָבן אָנגעהויבן אַנטלויפן קיין זאַמבראָווע, וואָס איז געווען אָנגעשלאָסן אינעם דריטן רייך און עס איז דאָרט נישט געווען קיין געטאָ.

די בהלה האָט מט יעדן טאָג אָנגענומען אַן אַלץ שרעקלעכערן כאַראַקטער. מענטשן האָבן אין פּאַניק געזוכט די געפּערלעכסטע וועגן צו ראַטעווען זיך. עס איז שוין געווען קלאָר, אַז וואַלאָמין וועט האָבן דעם זעלבן גורל, וואָס אַלע אַנדערע יידישע שטעטלעך.

עס איז אָנגעקומען די נאַכט פון סוכות. טרויעריקע זענען יידן געזעסן ביי די טישן, וואָס זענען געווען געגרייט מיט אָרעמע מאַלציייטן. די מחשבות זענען נישט געווען קיין יום־טובדיקע, אָבער דאָך האָט יעדער געפּרוּווט זיך טרייסטן מיט עפּעס אַ פונק פון האָפענונג, אַז אפשר וועט פּאָרט געלונגען איבערצולעבן די מוראדיקע צייט.

אין יענער נאַכט איז געקומען אַ פוילישער פּאָליציאַנט און געבראַכט די שרעקלעכע בשורה, אַז עס איז געקומען אַ באַפעל, אַז די פּאָליציי זאָל זיין גרייט ווייל אין דער היינטיקער נאַכט וועט מען ליקווידירן דעם געטאָ.

אייביק וועט די דאָזיקע נאַכט בלייבן אין מיין זכרון. איך בין אַרויס אין גאַס, וואָס איז געווען איינגעהילט אין געדיכטער פינצטערניש. די מענטשן, דער־שראָקענע, צעבראָכענע, זענען געווען צעטומלט, האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טון, ווי אַזוי צו ראַטעווען דאָס לעבן. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס זענען אַרויס פון געטאָ, געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן אין געטאָ גופא. אַ סך האָבן רעזיגנירט און געבליבן זיצן אין זייערע שטובן, געוואַרט אויפן טרויעריקן גורל.

קיין איינער פון די אַלע וועגן איז נישט געווען קיין זיכערער. יעדער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון ווי שוואַך עס זענען די אויסזיכטן צו ראַטעווען זיך. איינדרויסן, אויסערן געטאָ, האָבן די פּאָליאַקן געהאָלפן כאַפּן די אַנטלאָפענע יידן, וואָס האָבן זיך געפּרוּווט ראַטעווען. די באַהעלטענישן אין געטאָ זענען נישט געווען קיין זיכערע און עס זענען געווען שוואַכע אויסזיכטן אויסצומיידן דעם סוף.

אין באַגין האָט מען אַרומגערינגלט דאָס געטאָ מיט זשאַנדאַרמעריע און פּאָליציאַנטן, דייטשן און פּאָליאַקן. עס איז געקומען דער באַפעל, אַז אַלע יידן זאָלן זיך צונויפזאַמלען אויפן פּלאַץ און לאָזן אָפן די טירן פון זייערע וווינונגען. עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט שוידערלעכע סצענעס. אַלטע־לייט און קראַנקע האָבן די פּאָליציאַנטן גלייך אויפן אָרט דערשאָסן. אין דער קינדער־היים ביי דער גמינע, וואָס איז געווען אַ הויז פאַר יתומים, איז אַריין אַ סאַדיסטישער זשאַנדאַרם און האָט יעדעס קינד דערשלאָגן מיט אַן אייזן איבערן קאָפּ.

אין וואַלאָמינער געטאָ איז געבליבן דער ברידער־קבר פון די אַלע פאַר־פייניקטע און דערשאָסענע.

די איבעריקע לעבנגעבליבענע יידן האָט מען אַועקגעפירט קיין ראדזימין און פון דאָרט האָט מען זיי צוזאַמען מיט די יידן פון לעגיאָנאָווו געפירט קיין טרעבלינקע.

אַזוי האָט אויסגעזען דער סוף פון דעם יידישן ישוב אין וואַלאָמין.

פון רוסלאַנד זענען צוריקגעקומען איינצלנע יידן פון וואַלאָמין. איינצלנע האָבן זיך אויך אומגעקערט פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, בלויז אַ קליינער טייל האָט איבערגעלעבט יענע צייט אויף אַרישע דאָקומענטן אָדער באַהאַלטן ביי קריסטן, אין גריבער, אויף בוידעמס.

מיין מאַן איז פון די שווערע איבערלעבענישן אַרויס קראַנק און צעבראָכן. די גאַנצע צייט פון דער מלחמה האָט ער געפירט אַ שווערן גערראַנגל אָפּצו־ראַטעווען אַ טייל פון זיין פאַמיליע. ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט און עס האָט זיך געדאַכט, אַז עס הויבט זיך אָן אַ ניי לעבן, האָבן זיך אָפּגערופן די אַלע ביטערע איבערלעבענישן, די שווערע יסורים און פיין האָבן מיין מאַן פולשטענדיק צעבראָכן. ער איז געשטאָרבן אין לאָדזש.

דער גרעסטער טייל פון די אָפּגעראַטעוועטע וואַלאָמינער יידן וווינט אין ישראל. איינצלנע האָבן אויך אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע און אין אַנדערע לענדער, אָבער פונקט ווי מיר פילן זיי זיך פאַרבונדן אין זייערע זכרונות מיט אונדזער שטעטל, מיט שארית הפליטה פון דער יידישער קהילה אין וואַלאָמין.

## חורבן וואלאמין

דאָס יידישע פאָלק ווייסט נישט פון קיין פריידיקע טעג. יעדע פרייד איז אויסגעמישט מיט טרויער, יעדער טאָג פון יאָר איז אַן אָנדענק־טאָג נאָך אַן אַנדער יידישן ישוב, נאָך אַ קהילה וואָס איז פאַרניכטעט געוואָרן דורך די דייטשן.

אויך אויף אונדזער יידישער קהילה אין וואַלאָמין איז אויסגעגאָסן געוואָרן דער צאָרן. וויסט און חרוב איז אונדזער שטעטל.

פאַרשוווּנדן דאָס יידישע לשון פון וואַלאָמין, נישטאָ שוין די טייערע יידן, נישטאָ שוין דאָס גרויסע יידישע לעבן אין קליינעם שיינעם שטעטעלע, וואָס געפינט זיך סך הכל 18 קילאָמעטער הינטער וואַרשע.

וואַלאָמין איז געווען אַ מאָדערן שטעטל מיט אַ באַפעלקערונג פון 3500

נפשות האָט זיך גיך געבויט און איז שענער געוואָרן פון יאָר צו יאָר. דאָס שטעטל איז געווען ענג פאַרבונדן מיט דער פוילישער הויפּט־שטאָט. יעדע האַלבע שעה האָט די באַן געבראַכט מאַסן פּאַסאַזשירן פון וואַרשע און אָפּגעפירט אַהין מענטשן פון וואָלאָמין. מיט וואַרשע האָט מען געהאַנדלט און אין וואַרשע האָבן אויך פיל וואָלאָמינער געאַרבעט. דאָס קליינע וואָלאָמין האָט געהאַט פיל יידישע געשעפטן און וואַרשטאַטן.

און געבליט האָט דאָרט אַ שיין יידיש לעבן, מיט אַ שול און אַ תלמוד־תורה, אַ שול פאַר יידישע קינדער און אַ בית־יעקב, מיט אַ פּרעכטיקער יוגנט, פיל ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס און צוויי ספּאָרט־קלובן. יעדן יאָר פלעגן אַהער קומען יוגנטלעכע אויף הכשרה, כדי זיך צו לערנען אלערליי אַרבעטן און צוגרייטן זיך צום לעבן אין ארץ־ישראל.

דאָס יידישע לעבן האָט פּולסירט מיט פולער פּראַכט, ביז עס איז געקומען דאָס פינצטערע יאָר 1939. בעת די דייטשע אַרמיי האָט אַריינמאַרשירט האָבן קליינע קינדער זיי נאָכמאַרשירט צום טאַקט, נישט וויסנדיק וואָס עס דערוואַרט זיי. אָבער דעם יאָך פון אָקופּאַנט האָט מען גיך דערפילט. דער ערשטער טרויעריקער טאָג איז באַלד געקומען, בעת די מערדער האָבן פאַרברענט די שול מיט אַלע אירע ספרים.

דאַן האָט זיך אָנגעהויבן די העסלעכע רויב־וואָקכאַנאַליע. מען האָט ראַבירט יידישע געשעפטן, געכאַפּט יידן אויף אַרבעט, געשניטן בערד און מערדערלעך געשלאָגן. יידן האָבן געמוזט אַראָפּגיין פון וועג בעת עס פלעגט אַדורכגיין אַ דייטש. באַליידיקונגען און דערנידעריקונגען האָבן נישט געהאַט קיין גרענעץ. שפּעטער — סוף 1940 — איז געקומען די גזירה פון געטאָ. מיר האָבן געמיינט, אַז מען וועט אונדז שיקן אין וואַרשעווער געטאָ, אָבער געשיקט האָט מען אונדז קיין סאָסנאָווקע, אַ דערהאַלונגס־אָרט 3 קילאָמעטער פון וואָלאָמין, וווהין מען האָט געבראַכט אויך יידן פון אַנדערע שטעטלעך. צוערשט איז דאָס געווען אַן אָפענער געטאָ, מען האָט באַקומען דורכלאָז־שיינען אַרויסצוגיין, כדי צו אַרבעטן און פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט, אָדער אויסצופאַרקויפן אייגענע זאַכן, כדי דערפון צו לעבן. דער רוב האָט זיך פאַרנומען מיט מאָלן קאָרן אויף האַנט־מילעכלעך. דאָס איז געווען זייער אַ שווערע ארבעט. אַזוי איז אַדורך אַ יאָר, ביז עס איז אויסגעבראָכן די סאָוויעטיש־דייטשע מלחמה. דאָס געטאָ איז געשלאָסן געוואָרן, ווער עס האָט געפּרוווט אַרויסגיין, איז געוואָרן דערשאָסן. דער ערשטער קרבן איז געווען אַ 16־יעריק יינגל, חיים גארבינס אַן אייניקל. פון דאַן אָן איז נישט געווען קיין טאָג אָן קרבנות. יידן האָבן געוואָלט פאַרדינען אויף לעבן, אָבער אינדרויסן האָבן תמיד געטשאַטעוועט די מערדער. די מערדער האָבן אָפט באַזוכט דאָס געטאָ, פאַרלאַנגנדיק

יעדעס מאָל גרויסע סומען געלט און געדראָט דעם יודנראַט צו דערשיסן אויב דאָס געלט וועט נישט געגעבן ווערן. דאַן איז געקומען טיפוס־עפּידעמיע, וואָס האָט אָוועקגענומען פון אונדז פיל מענטשן, פיל יידישע יוגנטלעכע זענען אָוועקגעשיקט געוואָרן אויף אַרבעט אין די לאַגערן, פון וועלכע זיי זענען שוין מער נישט צוריקגעקומען.

דאָס געטאָ האָט זיך געפונען נעבן דער באַן־ליניע. יעדן מעת־לעת האָבן מיר געהערט אַדורכפאָרן צוויי צוגן אָנגעפולטע מיט מענטשן. מיר האָבן פיל מאָל געהערט פאַרצווייפלטע קרעכצן. צו אונדז זענען דערגאַנגען, קלאַנגען, אַז דאָס פירט מען יידן פון וואַרשע קיין טרעבלינקע.

פיל יידן פון די אַרומיקע ליקווידירטע קהילות, וועמען עס איז געלונגען צו אַנטלויפן, זענען געקומען צו אונדז. עס האָט זיך געדוכט — אפשר וועט געשען אַ נס און עס וועלן זיך אָפּשטעלן די אַקציעס. יעדער פייף פון דער באַן האָט אָבער אָנגעפולט אונדז מיט שרעק פאַרן טויט, וועלכער וואַרט אויף אונדז דאָרט, ערגעץ אויף די באַן־רעלסן...

טרויעריק זענען געווען די טעג אין הילפּלאָזן געטאָ, אַרומגערינגלט מיט שונאים און מוסרים.

עס איז געקומען די טרויעריקע בשורה. אין דער סוכות־נאַכט איז אָן אָנשטענדיקער פאָליאַק געקומען אונדז אָנזאָגן, אַז צומאָרגנס שמיני־עצרת אין־דערפרי וועט פאָרקומען די „אַקציע". אַ פינצטערניש האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די יידישע הערצער, אַ נאַכט פון שוידערלעכער דערוואַרטונג. נישט געווען וווהין צו אַנטלויפן, נישט געווען קיין קריסטלעכע אַמאַליקע פריינט, וואָס זאָלן וועלן ראַטעווען...

פאַרטאָג, שמיני עצרת, האָבן זיך דערהערט שיסערייען, עס זענען געפאַלן די ערשטע קרבנות — די אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן. יידן זענען צוזאַמענגעטריבן געוואָרן אויפן פּלאַץ. די ווינונגען האָט מען געהייסן לאָזן אָפן. די דייטשע מערדער האָבן געהאַט צוהילף די פוילישע פּאָליציי און פייערלעשער. די דייטשן האָבן אויפן אָרט דערשאָסן אייניקע יידן. אַ דייטשער מערדער האָט מיט אַן אייזענעם מכשיר אין האַנט דערשלאָגן אויף טויט די גרעסטע טייל קינדערלעך פון קינדער־היים. די עלטערן פון די דאָזיקע קינדערלעך זענען נאָך פריער אומגעקומען. פיל יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין געטאָ, אָבער אַ געוויין פון אַ קינד אָדער אַ מסירה פון אַ פּאָליאַק האָט זיי אויסגעגעבן און זיי זענען אומגעקומען.

מען האָט די יידן אָפּגעפירט קיין ראַדזימין און צוזאַמען מיט דער קהילה לעגיאָנאָוו — קיין טרעבלינקע. דאָס זענען געווען די לעצטע דריי קהילות נעבן וואַרשע.

עס זענען אייניקע אַרויס פון געטאָ זיך ראַטעווען, אָבער ווייניק ווער פון זיי איז געבליבן לעבן. אַנדערע זענען געפאָרן קיין זאַמבראָוו (נעבן ביאַליסטאָק), ווו עס זענען נאָך געווען יידן. פיל פון זיי זענען נישט דערפאָרן. און די, וואָס זענען אָנגעקומען אַהין, האָבן געטיילט דעם גורל צוזאַמען מיט די זאַמבראָווער יידן, וועלכע זענען אָפּגעשיקט געוואָרן קיין אָשוויענטשים.

אַזאַ איז געווען דער גורל פון די וואָלאָמינער יידן — ווי דער גורל פון פאַרטיליקטן פוילישן יידנטום. אין די הערצער פון די ביצול געוואָרענע וואָלאָמינער יידן, וואָס געפינען זיך אין לאַנד, בלייבט טיף פאַרוועבט דער גאָלדענער פאָדעם פון דעם גייסטרייכן יידישן לעבן.

דאָס, וואָס מיר פאַרצייכענען אין אונדזער יזכור־בוך איז דאָך נישט מער ווי אַ טראָפּן אין ים פון יסורים, גרויליקע פּיינען און אויסטערלישע טויטן, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט און צוגעזען מיט די אייגענע אויגן.

קיינער פון אונדז האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז עס איז מעגלעך אַזעלכעס, אַז אַ מענטש צו אַ מענטש זאָל קאָנען זיין אַזוי גרויזאַם, אַזוי קאַלטערהייט טויטן קינדער און דערוואַקסענע.

יעדער אומגעקומענער ייד אין געטאָ און אין לאַגער איז געווען אַ קדוש און מיר דאַרפן הייליק האַלטן יעדן אָנדענק, איבערגעבן אונדזערע קינדער סיי דאָס שיינע ערלעכע לעבן פון די קדושים און סיי זייער שוידערלעכן אומקום, דערציילן זיי, וואָס די שונאים האָבן מיט אונדז אָפּגעטון און צו וואָס עס זענען פעאיק אויך אונדזערע היינטיקע שונאים.

לאָמיר קיינמאָל נישט פאַרגעסן וואָס עמלק האָט געטאָן!



סאל ראזענבלום, ניו־יאָרק

# א וואלאמינער מאמע גייט אויף קידוש השם

ואיק איז געפלאָסן דאָס לעבן פון דער יידישער קהילה אין וואָלאָמין. דאָס שטעטל האָט געהאַט אירע שולן, בתי־מדרשים און חסידים־שטיבלעך, ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, ספּאָרט־קלובן און פּראָפעס־יאָנעלע פאַראיינען. די יידישע יוגנט האָט געפירט אַן אַקטיוו געזעלשאַפטלעך לעבן.

אין דאָזיקן שטעטל האָט געוווינט די משפחה לאַסקאָווסקי. ער, יאסקע, אַ הויכער און דאַרער, מיט אַ שיין בערדל, גערופן האָט מען אים יאָסקע סאָלטיס, וויילביים צאַר איז ער געווען דער סאָלטיס פון וואָלאָמין. אין גוטמוטיקע מינוטן פלעגט ער דערציילן פאַרשידענע עפּיזאָדן פון יענע טעג, אַרויסנעמען אַ לאַנגע גאָלדענע קייט, וואָס ער האָט געטראָגן אויף זיין אַמט אַלס סאָלטיס און האָט אים דעמאָלט צוגעגעבן גרויס חשיבות.

זיין פרוי רחלע, פון מיטעלן וווקס, זייער אַ די־קע, פלעגט פאָרן יעדעס יאָר אויף קוראַציע, כדי אַראָפּצוּוואַרפן פון דער וואָג, זיי זענען געווען אַ פאַרמעגלעכע משפחה, פאַר־מאָגט עטלעכע הייזער, אַ שניט־קראָם, פעלד, וואָס איז געווען פאַרזייט מיט קאַרטאָפל, מייערן, ציבע־לעס און אויך תבואה.



← רחלע לאַסקאָווסקי





די ברידער: אייזיק און שמואל לאַסקאָווסקי

פון זייערע זעקס זין זענען אין שטעטל געווען נישט מער ווי פיר. דער עלטסטער, אברהם איז אַוועק קיין אַמעריקע, שמואל — קיין פּאַריז. זיי האָבן אויך געהאַט אַן איינציקע טאָכטער. אַ חוץ די טאָג־טעגלעכע דאגות פון יעדער יידישער שטוב האָבן זיי געפירט אַ געמיטלעך און פרידלעך לעבן.

יאָסקע סאָלטיס האָט געהאַט אַ שם פאַר אַ מענטש מיט אַ וואַרעם יידיש האַרץ. מען פלעגט צו אים קומען נאָך אַ גמילות חסד, העלפן חתונה מאַכן אַן אָרעמע כלה, אָדער סתם אַ טובה, אַן אינטערווענץ אין אַ פוילישן אַמט א.ד.ג.

עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, די דייטשן זענען אַריין קיין וואָלאָמין און די געסטאַפּאָ איז געוואָרן דער באַלעבאָס איבערן לעבן און טויט פון די יידן. עס איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אַלע יידישע פרויען דאַרפן אין משך פון 24 שעה צושטעלן זייערע פוטער־מאַנטלען צו דער געסטאַפּאָ. פאַר אויסבאַהאַלטן אַ פוטער־מאַנטל האָט געדראָט מיט דערשאָסן ווערן.

לאַסקאָווסקיס שנור, משהס ווייב, חוהטשע האָט נישט געוואָלט אָוועקגעבן איר שיינעם פוטער־מאַנטל, נאָר איז אַוועק צו אַ גוי, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן געאַרבעט ביי יאָסקען, אויפן פעלד. זי האָט אים אַוועקגעגעבן דעם מאַנטל אויסצובאַהאַלטן, ביז עס וועט אַריבער די געפאַר...

דער דאָזיקער גוי האָט פון יאָסקען געהאַט זייער אַ סך טובות און פלעגט אים דערפאַר אין רואיקע צייטן אַרויסווייזן זיין דאַנקבאַרקייט, האָט געזאָגט, אַז ער וועט קיינמאָל נישט פאַרגעסן וואָס יאָסקע סאָלטיס האָט פאַר אים געטון. ער פלעגט אים אפילו רופן: „מיין טאַטע".

איצט האָט דער גוי גענומען דאָס פוטער און איז גלייך אַוועק אין דער געסטאַפּאָ, וווּ ער האָט דערציילט וועך עס האָט ביי אים געוואָלט אויסבאַהאַלטן דעם פוטער־מאַנטל.

די געסטאַפּאָ האָט גלייך געשיקט רופן די פרוי לאַסקאָווסקי.

אין שטוב האָט מען זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון פון דער געפאַר, וואָס הענגט איבער איר. אין הויז איז געוואָרן אַ יללה. חוהטשע האָט זיך מיט אַלע געזעגנט, האָט געקושט די קינדער, מיטן געפיל, אַז זי גייט דעם לעצטן וועג.

אין דער לעצטער מינוט האָט רחלע, די אַלטע שוויגער, נישט געקענט איבערטראָגן דעם צער פון די קינדער און זי האָט זיך אָנגערופן:

„חוהטשע, דו גייסט נישט... מען רופט דאָך די פרוי לאַסקאָווסקי, וועל איך גיין... דו האָסט נאָך קליינע קינדער און דאַרפסט פאַר זיי לעבן".

חוהטשע האָט זיך גענומען ווערן, אָבער רחלע איז געווען איינגעעקשנט:

„איך האָב שוין אָפּגעלעבט דרייפערטל פון מיין לעבן... ווי גאָט וועט מאַכן וועט עס זיין באַשערט... איר זאָלט נאָר אַכטונג געבן אויפן טאַטן".

זי האָט גערעדט מיט אַ שטאַרק קול, האָט נישט געוויינט. יאָסקע סאָלטיס האָט געשוויגן. ער האָט אין דער מינוט אויסגעזען אַ סך עלטער פון זיינע יאָרן. ער איז געווען איינגעפאַלן צעבראָכן.

רחלע איז מיט פעסטע טריט צוגעגאַנגען צום ווינקל, וווּ עס איז געשטאַנען איר שטעקן, אויף וועלכן זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט. אָן דעם שטעקן איז איר שווער געווען צו גיין. מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ איז זי אַוועק אין דער געסטאַפּאָ.

די ידיעה האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט איבערן שטעטל. די יידן אין דער גאַס האָבן איר נאָכגעקוקט און באַוווּנדערט איר מאָראַלישן כוח, די פעסטקייט פון איר כאַראַקטער. אַלע האָבן געוווּסט, אַז זי גיט זיך אָפּ אַ חשבון, אַז זי גייט איצט דעם לעצטן וועג.

אַ שטאָלצע און גלייכע, ווי זי פלעגט אַמאָל גיין אין שיל אַריין צום יום־טובדיקן דאַווענען, איז זי געגאַנגען צום בנין פון דער געסטאַפּאָ.

דער דיזשורירנדיקער געסטאַפּאָוויעץ איז געווען אין אָנהויב צעטומלט פון איר שטאָלצער האַלטונג. ער האָט געפּרוווט פאָדערן, אַז עס זאָל קומען די יונגע פרוי לאַסקאָווסקא, ווייל מען האָט אים אינפאָרמירט, אַז דאָס איז איר פוטער־מאַנטל, אָבער רחלע האָט זיך מיט עקשנות קעגנגעשטעלט און געזאָגט, אַז דאָס איז אַ טעות, ווייל דער מאַנטל איז אירער און זי האָט עס דעם מאַנטל געוואָלט באַהאַלטן.

לסוף האָט דער דייטש זיך געלאָזט איבערצייגן, האָט געהייסן זי אָפּפירן קיין ראַדזימין און אין עטלעכע שעה אַרום האָט רחלע שוין נישט געלעבט.

מען האָט שפּעטער דערציילט, אַז עדי ראיה האָבן געזען ווי די רוצחים האָבן זי געמאַטערט מיט ווילדער הנאה און האָבן מיט סאַדיזם זיך צוגעקוקט צו איר לאַנגזאַמער גסיסה.

נאָך רחלעס טויט איז יאַסקען שוין נישט געווען צו דערקענען. אַלט, גרוי און צעבראָכן האָט ער זיך אַרומגעבלאָנקעט איבערן געטאָ איינער אַליין, געשוויגן, נישט אויסגערעדט מיט קיינעם קיין וואָרט, ביז עס איז געקומען די ליקווידאַציע און ער איז אַריינגעשליידערט געוואָרן צוזאַמען מיט אַנדערע יידן אין וואַגאָן אַריין און די, וואָס זענען געשטאַנען נעבן אים האָבן געהערט ווי ער מורמלט צו זיך: „איצט גיי איך אַהין צו רחלען און מיר וועלן שוין זיין שטענדיק צוזאַמען...״

אַ סך ליכטיקע פּרויען־געשטאַלטן האָט אונדזער שטעטל אַרויסגעגעבן. איינע פון די ליכטיקסטע איז געווען רחלע לאַסקאָווסקי.

ווען מיר טראַכטן און באַווינען די מיליאָנען טויטע, פאַרפּייניקטע און דער־מאָרדעטע מיט די שוידערלעכסטע טויטן, וואָס עס איז אַזוי שווער משיג צו זיין מיטן מענטשלעכן מיח, שטעלן מיר אויך אַ נר־תמידיק יאָרצייט־ליכט די ליכטיקע געשטאַלטן, וואָס האָבן אין די לעצטע מינוטן פון זייער לעבן אַרויסגעוויזן אַזויפיל שטאָלצע מענטשלעכקייט און ווירדע.

מיר זענען די גרעסטע אבלים אין דער וועלט. דאָס אַש פון אונדזערע קדושים איז צעשיט איבער ווייסטע שטעט, איבער פעלדער און וועלדער, און דורך פאַר־אייביקן זייער אָנדענק גיבן מיר אָפּ כבוד דער גרויסקייט און שיינקייט, וואָס זיי האָבן געטראָגן אין זיך און דערהויבן זייער לעבן און ביז די לעצטע מינוטן נישט געלאָזט שענדן זייער ווירדע.

רחלע לאַסקאָווסקי האָט געהאַט אין זיך די שיינקייט פון אַ מוטער רחל, פון אַ מרים און דבורה הנביאה, פון הייליקע נשמות.

יאנקל מאנקיטא

# אונדזער מארטיראלאגיע

איך ווייס, אַז עס זענען פֿאַראַן אַ סך יידן, דווקא די, וואָס האָבן איבערגעלעבט דעם שוידערלעכן גהינום און זיי ווילן אין אים פֿאַרגעסן, און דערפֿאַר אַנטלויפֿן זיי פֿון די זכרונות און פֿון די שילדערונגען פֿון יענער מוראדיקער צייט. די אומשטענדן, אין וועלכע מיר לעבן דאָ אין אַמעריקע, העלפֿן פֿאַרגעסן אין זיך אַליין, אין דער אייגענער פֿאַרגאַנגענהייט, אין די גרויזאַמע געשעענישן, וואָס האָבן מיט אונדז פּאַסירט ערשט מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק. פֿאַר אונדז איז אָבער קלאָר, אַז מיר טאָרן דאָס אַלץ נישט פֿאַרגעסן. מיר דאַרפֿן דערמאָנען און מאָנען צו געדענקען דאָס אַלץ ביזן לעצטן טאָג פֿון אונדזער לעבן און אונדזערע זכרונות זאָלן בלייבן אויך פֿאַר די קומענדיקע דורות.

אין מיין פֿרייער צייט פֿאַרצייכן איך דערפֿאַר נישט בלויז וואָס איך אַליין האָב איבערגעלעבט, נאָר אויך וואָס איך לייען און הער פֿון אַנדערע, וועגן די מאָרדן און פּיין און די שרעקלעכע יאָרן פֿון דער היטלעריסטישער מאַכט.

עס טאָרן נישט פֿאַרשוויגן ווערן די גרוילן פֿון דער יידישער מאַרטיראלאגיע. אונדזער אומשולדיק פֿאַרגאָסן בלוט, די טרערן פֿון די פֿאַרפּייניקטע און אומגעקומענע טאָרן נישט פֿאַרזינקען ווערן אין תהום פֿון פֿאַרגעסנקייט. אונדזער פֿאָלק האָט שטענדיק געזאַמלט און אויפֿגעהיטן אין כתב־ידן און ספרים אַלץ, וואָס עס איז מיט אונדז געשען. אַלץ, אַלץ דאַרפֿן מיר אויפֿזאַמלען, אַלע אומענדלעכע גרויזאַמקייטן און סאַדיסטישע ווילדקייטן; נישט געבן קיין רו זיך אַליין און אויך נישט אַנדערע; נישט שוינען אונדזערע נערוון, נישט לאָזן באַהערשן פֿון שוואַכקייט, נישט מורא האָבן פֿאַר קיין שלאָפֿלאָזע נעכט, נאָר לייענען און שרייבן, פֿאַרצייכענען אַלץ, וואָס איז געבליבן אין זכרון, וואָס מיר אַליין האָבן איבערגעלעבט און וואָס מיר האָבן געהערט און געלייענט פֿון אַנדערע.

אָט ליגט פֿאַר מיר די זאַמלונג דאָקומענטן „קינדער־מארטיראלאָגיע”, וואָס

איז געוואָרן צונויפגעשטעלט דורך נח גריס און דערשינען אינעם פאַרלאַג ביים צענטראַלן פאַרבאַנד פאַר פוילישע יידן אין אַרגענטינע. נח גריס שרייבט:

„אין אָנהויב האָט קיינער נישט געגלויבט אין דער מעגלעכקייט פון הרגענען שוצלאָזע קינדער, אָבער די דייטשן זענען געגאַנגען פיל ווייטער. אין מערץ 1942 איז אַרויס הימלערס באַפעל, אַז מען זאָל אויפהערן צו שיסן יידישע קינדער, נאָר מען זאָל זיי באַגראָבן לעבעדיקערהייט, וואַרפן פאַר די ווילדע חיות אין צירק. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גריגע איבערצושטייגן אין סאַדיזם. די רוצחים האָבן יידישע קינדער צעריסן מיט די הענט צעשמעטערט זייערע קעפּלעך אין מויערן, סלופּעס און ביימער, צעשפּאָלטן זיי מיט העק, געוואָרפן לעבעדיקערהייט אין פייער אַריין.

אויף אַ וואַרשעווער גאַס האָט אַ דייטשער אָפיציר געכאַפּט צוויי יידישע קינדער, האָט אָפּגעשטעלט עטלעכע פאַרבייגייער, געהייסן זיי עפענען דעם קאַנאַל, כדי אַריינוואַרפן אַהין די קינדערלעך. די קינדער האָבן מיט שרעק זיך צוגעטוליעט איינס צום אַנדערן די רוצחים האָבן נישט אונטערגעיאָגט, האָבן זיך נישט געאיילט צו עפענען דעם קאַנאַל, האָבן געטון זייער אַרבעט פּאַוואָליע, די שרעק זאָל אָנהאַלטן וואָס לענגער.

ענדלעך איז דער קאַנאַל געעפנט און דער אָפיציר האָט אָפּגעריסן דאָס יידישע מיידעלע פון איר ברודערל, אויפגעהויבן עס איז דער הויך און מיטן גאַנצן אימפּעט אַריינגעשליידערט עס אינעם טיפן קאַנאַל.

דאָס יינגעלע איז געלעגן אויף דער ערד און גערופן:

מאַמע, מאַמע!

דער אָפיציר האָט זיין סאַדיסטישע אַרבעט געטון קאַלטבלוטיק, פּאַוואָליע אויפגעהויבן דאָס יינגעלע און אויפן זעלבן אופן עס אַריינגעשליידערט אין קאַנאַל"...

אין ווילנע האָט אַ דייטשער אָפיציר איינגעשמירט די ליפּן פון אַ ניי־געבוירן יידיש קינד מיט סם.

אין אַ בריוו, וואָס איז געשריבן געוואָרן פון פּאָליגאָן, ביי ווילנע, ווערט דערציילט צוו. אַנד.:

„אונדזערע קינדער האָט מען געפּייניקט אויף אַ בעסטיאַלישן אופן. אַכט־יאָריקע מיידלעך האָט מען געצוווּנגען צו געשלעכטלעכע באַציאונגען. ליטווינער און דייטשן האָבן צוגעבונדן אַ 12־יאָריק מיידעלע צו אַ טאַבאַרעטקע און איינער נאָכן אַנדערן האָבן זיי זי פאַרגוואַלטיקט. איר מוטער האָט מען געצוווּנגען צו שטיין דערביי און אַכטונג געבן, אַז דאָס קינד זאָל נישט שרייען...

...אין לובלין, פרילינג 1942 האָבן די דייטשן געצוווּנגען אויסצוגראָבן גריבער

אין פעלד אַ גרויסער לאַסט־אויטאָ האָט געבערענגט צו פירן קינדער, אין די וויקעלעך, און אַ געסטאַפּאָוויעץ האָט זיי אַלע אויסגעשאָטן און אַריינגעוואָרפן אין די גריבער.

...אין ראָוונע האָט מען אין די באַראַקן אויף טאַרלאָווע־גאַס צונויפ־געזאַמלט יידישע קינדער און געהאַלטן זיי זיבן טעג פאַרמאַכט, קיינעם נישט צוגעלאָזט צו זיי, נישט געגעבן זיי קיין עסן, קיין טראָפּן וואַסער.

בלויז עטלעכע זענען געראַטעוועט געוואָרן פון דעם גהינום און האָבן שפּעטער איבערגעגעבן די שוידערלעכע איבערלעבענישן.

אַזעלכע און ענלעכע איבערלעבענישן זענען פאַרצייכנט אין צענדליקער ביכער. דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד איז נישט ביכולת דאָס אַלץ צו באַגרייפן, אָבער צי דערפאַר דאַרפן מיר עס פאַרשווייגן?

ניין, טויזנט מאָל ניין.

דאָס דאַרף פאַרשריבן און איבערגעדרוקט און איבערגעזעצט ווערן אין אַלע שפּראַכן, קליין און גרויס זאָלן עס לייענען, זאָלן געדענקען, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטון אויף דער וועלט, ווען די גרויזאַמע פעלקער־מערדער זענען געווען ביי דער מאַכט.

דאָס דאַרף דערמאָנט ווערן אויך אין אונדזער וואָלאָמינער יזכור־בוך. אויך אין אונדזער שטעטל זענען די נעכט צעריסן געוואָרן דורכן געוויין פון אויס־גייענדיקע קינדער, אין הונגער און פחד.

דער שונא האָט נישט געשוינט קיין זקנים און נישט קיין קינדער, האָט אונדז דערנידריקט און צעטראָטן. אונדזער פחד איז געווען געדולד פון קדושים.



רחל אש

# טעג פון צארן

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן מיין שטעטל וואָלאָמין, וווּ איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן, פאַרבראַכט דאָרט אַלע מיינע קינדער־יאָרן, אויסגעוואַקסן און געפירט אַ פאַמיליע־לעבן און די מענטשן זענען מיר געווען אַזוי ליב און טייער. מיט טויזנטער פעדעם בין איך געווען פאַרבונדן מיטן יידישן לעבן אין וואָלאָמין, געטיילט זיך מיטן צער און מיט שמחות, מיט פרייד און יסורים פון יעדן ייד אין שטעטל.

איצט איז אויף מיר אויסגעפאַלן דער גורל צו באַטייליקן זיך אין דעם יזכור בוך נאָך אונדזער טייער שטעטל, פאַרצייכענען מיינע אייגענע זכרונות און דער־מיט געבן מיין צושטייער צו דער מצבה נאָך אונדזער חרובער יידישער קהילה, נאָך די אומגעקומענע קדושים, מיין אייגן בלוט און פלייש, מיינע בני העיר, וועמענס אונטערגעהאַקטע לעבנס וועלן מיר נאָכגיין ווי אַ שאָטן ביזן קבר אַריין.

אַ קאַלירפול קולטור־לעבן האָט זיך געפירט אין אונדזער שטעטל, אַ פּרץ ביבליאָטעק, אַ תרבות־שול, פאַרשידענע יידישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן קולטווירט דעם דורשט צו יידיש וויסן, צו בילדונג. עס איז אין מיר געבליבן אַ צערפּולע בענקשאַפט נאָך יענע טעג און יאָרן, נאָך די קינדערישע זומער־פאַר־נאַכטן, נאָך די פריידיקע שבתים און ימים־טובים, אַ בענקשאַפט אַהיים, צו די יידישע גאַסן און געסלעך, אָט שטייט מיר פאַר די אויגן די קאַשטשעלנע־גאַס, ווו עס האָט געוווינט אונדזער גאַנצע משפחה. כ׳זע פאַר זיך מיין פעטער יאַסקע לאַסקאַווסקי מיט זיין גאַנצער פאַמיליע. מיין פעטער פּוראַוויטש מיט דער גאַנצער משפחה, מיין מומע ביילע פרידמאַן. אַלע זענען מיר געווען ווי איין משפחה. שפּעטער איז אויך צוגעקומען מיין שווער און שוויגער, יצחק און מלכה אש מיט זייער פאַרצווייגטער משפחה.

פאַרשטייט זיך, אַז עס האָבן נישט געפעלט קיין דאגות און צרות, אָבער דאָך ווייזט זיך מיר אויס, אַז מיר אַלע האָבן געלעבט רואיק און צופרידן ביז עס איז געקומען דאָס יאָר 1939, דער אָנהויב פונעם שרעקלעכן חורבן, וואָס האָט נישט אויסגעמיטן אויך אונדזער שטעטל.

אויף דער שאַפּען־גאַס, ווו עס האָט געוווינט די פאַמיליע קריגער, איז געפאַלן די ערשטע באָמבע און עס זענען באַלד געווען עטלעכע הרוגים. אינגאַנצן עטלעכע טעג שפּעטער האָבן די דייטשן אונטערגעצונדן די שול אויף לעשנע־גאַס. אין מיין זכרון האָט זיך איינגעקריצט דאָס שרעקלעכע בילד ווי די שול האָט געברענט און די דייטשע רוצחים האָבן אַרויסגעפירט די בחורים, וואָס האָבן דאָרט געלערנט, געהייסן זיי רייסן די בלעטער פון די ספרים און זיי וואַרפן אין פייער אַריין. דערנאָך האָבן זיי באַפוילן די בחורים, זיי זאָלן טאַנצן אַרום דעם פייער. דאָס איז געווען אַ שוידערלעך בילד, וואָס האָט דערדריקט און מיט אונטערגעבראָכענע פיס האָב איך זיך אומגעקערט אַהיים. ביזן היינטיקן טאָג זע איך נאָך פאַר מיינע אויגן דעם דאָזיקן גרויליקן שדים־טאַנץ.

אַהיימקומענדיק צוריק אין שטוב האָט מיר מיין מאַן, הערשל, געזאָגט, אַז עס איז ביי אונדז געווען דער רבֿ. מען איז אים געקומען זאָגן, אַז די דייטשן זוכן אים אַרום, ווייל זיי ווילן אים שלעפּן צו דער ברענענדיקער שול. פונעם רבֿס וווינונג האָט מען געקענט דורכגיין דעם הויף צו אונדזער דירה, איז דערפאַר דער רבֿ אַנטלאָפן און זיך אויסבאַהאַלטן ביי אונדז אין שטוב. ערשט ווען עס איז שטיל געוואָרן איז ער אַוועק.

באַלד דערנאָך האָבן די דייטשן אָנגעהויבן כאַפּן יידן אויף אַרבעט. דאָס איז געווען אַ מוראדיק איזדיעקעווען זיך איבער די אומגליקלעכע יידן. מען האָט זיי איינגעשפּאַנט אין אַ וואָגן אַנשטאָט פערד און געהייסן זיי שלעפּן דעם וואָגן. יעדן טאָג האָבן זיי צוגעקלערט נייע גזירות און נייע צרות.

איינמאָל איז מיין מאַן געקומען אין שטוב און דערציילט, אַז ער האָט געזען ווי יוסף קראַסיווער איז געווען איינגעשפּאַנט אין אַ וואָגן און געשלעפּט אים מיט די לעצטע כוחות. אין יידישע שטובן זענען די געמיטער געווען דערדריקט און פאַרחושכט.

מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן וואָלאָמין און צוזאַמען מיט נאָך יידן זענען מיר נאָך שווערע מאַטערנישן אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק, ווו מיר האָבן געטראָפן טויזנטער מענטשן וואַלגערן זיך אין די גאַסן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. מען איז געשלאָפן אין די שולן און בתי מדרשים. דורך אַ צופאַל האָבן מיר זיך דערוווּסט פון אַ וווינונג, ווו עס זענען אַריינגעקומען וואָלאָמינער יידן און מען האָט זיי דאָרט אויפגענומען מיט פריינטשאַפט און מיטלייד.

אויך אין ביאַליסטאָק האָבן נישט געפעלט קיין צרות און אַ סך וואָלאָמינער יידן האָבן זיך צוריקגעקערט אַהיים צו זייערע פאַמיליעס, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט אין וואָלאָמין.

אין יאָר 1940 האָט די נ.ק.וו.ד. אונדז פאַרשיקט קיין סיביר, ווו מיר האָבן



די משפחה פרידמאַן ↑

די משפחות פרידמאַן און אַש →

דורכגעמאַכט שרעקלעכע צייטן, אָבער די גאַנצע צייט האָבן מיר געלעבט מיט דער האָפענונג צוריקצוקומען אין אונדזער אַלטער היים אוןווידער זען זיך מיט אונדזערע נאָענטע און טייערע, וועלכע מיר האָבן איבערגעלאָזט אין וואָלאָמין. ביז דער לעצטער מינוט האָבן מיר נישט געקענט זיך פאָרשטעלן דעם גרויסן חורבן.

ערשט ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט און מיר זענען צוריקגעקומען אויף דער פּוילישער ערד, האָבן מיר זיך אָנגעהויבן אָפּגעבן אַ חשבון וועגן דעם גרויסן חורבן. אַזוי ווי מיר זענען אַריבער די פּוילישע גרענעץ האָבן פּאָליאַקן באַוואָרפן אונדזערע וואַגאָנען מיט שטיינער. ווען מיר זענען דורכגעפאָרן אוישוויץ בין איך מיטגעגאַנגען מיט אַ סך אַנדערע זען דעם טויטן לאַגער און ווי לאַנג איך וועל לעבן, וועל איך נישט פאַרגעסן די גרויליקע בילדער, וואָס האָבן זיך מיר דאָרט אַנטפּלעקט פאַר מיינע אויגן, די גאַז־קאַמערן, די קרעמאַטאָריעס און די גאַנצע בערג קינדער־שיכלעך, טליתים און אָן אַ שיעור בריוועלעך, וואָס מענטשן האָבן געשריבן פאַרן אומקומען. דער גרויל האָט ממש אָפּגעטעמפּט די חושים, אָבער פּלוצלונג האָב איך אויפגעציטערט, ווען איינער האָט צווישן די בריוו, געפינען אַ בריוול אונטערגעשריבן מיטן נאָמען אליעזר בערגאַזין פון וואָלאָמין. איך האָב ממש אויסגעשריגן: „דאָס איז דאָך אונדזער רבס זון!". דער, וואָס האָט געפונען דאָס בריוול, האָט עס אָבער מיר נישט געוואָלט געבן.

ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען קיין לאָדז און איך בין אַריינגעפאָרן קיין וואָלאָמין און דאָרט האָט זיך אויסגעלאָשן דער לעצטער פונק פון מיין האָפענונג צו באַגעגענען עמיצן פון מיינע נאָענטע. ליידער האָב איך קיינעם נישט געטראָפן.

איך בין געגאַנגען איבער די גאַסן פון וואָלאָמין און דאָס האַרץ האָט אין מיר געוויינט. אָט בין איך ווידער אין מיין אַלטער היים, ווו עס האָבן געלעבט מיינע טאַטע־מאַמע און איך ווייס אפילו נישט ווו זייער קבר איז אַהינגעקומען. מיר דאַכט זיך צו הערן אַ פאַרשטימט געשריי, וואָס איז געבליבן הענגען אין דער לופט. דאָס גאַנצע שטעטל זעט אויס ווי אַ פוסט פעלד, אָבער אין דער אמתן זענען אַלע יידישע שטובן געווען פאַרנומען דורך פאָליאַקן.

מיר האָט זיך געוואָלט אַזוי שטאַרק אויסוויינען, אויסשעפּן די טרערן ביזן דנאָ, אָבער דער קוואַל פון טרערן איז געווען אויסגעטריקנט. צו גרויס איז געווען די בראָך. אויסגעטרוקנט איז מיין צונג געוואָרן. יעדעס שטיקל ערד זעט אויס צו זיין אַן אָפענער קבר.

געווען אַמאָל, אַ היים און נישטאָ מער, געווען אַמאָל אַ וועלט, און נישטאָ מער.

אַ צעבראָכענע און דערשלאָגענע בין איך געפאָרן צוריק קיין לאָדז און פון דאָרט האָבן מיר ווידער גענומען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט און זיך געלאָזט וואַנדערן איבער דער וועלט ביז מיר זענען ענדלעך אין יאָר 1948 אָנגעקומען אין אונדזער לאַנד.

יעדעס יאָר, צו דער אזכרה פון אונדזער שטעטל טרעפן מיר זיך מיטן שארית הפליטה פון וואָלאָמינער יידן און מיר זענען זיך מתיחד מיטן אָנדענק פון אונדזערע קדושים.



טובה פסקוביץ׳־טייבלום

# נדודי בנכר


טייבלומים היו משפחה מסונפת, אמידה ומכובדת והיו ביניהם אצילי־נפש והדורי־פנים. חלק מבני־משפחת טייבלום עזבו את וולומין עם פרוץ מלחמת העולם הראשונה, ואני הייתי בין אלה שהגיעו לביאליסטוק.

בביאליסטוק חיינו יחד, כדרך בני משפחה אחת. במזוודות משותפות החזקנו את חפצינו האישיים, את הבגדים, וכשבאו אנשי־המשטרה החשאית, נ.ק.וו.ד. להגלותנו לרוסיה, לא נתנו לי להוציא את בגדי מהמזוודות. גירשו אותי מן הבית ויצאתי רק עם אותם הבגדים שהיו על גופי.



מרים ומרדכי טייבלום וילדיהם

מי שעבר את הנסיעה הזו נדמה היה לו שהעולם נשרף והולך. הרבה כבר כתבו ועוד יכתבו, למען ידעו בנינו אחרינו את כל התלאות שמצאו אותנו. כאן אני רוצה לציין פרט אחד:

למרות התנאים הקשים נרקמה בין הנוסעים ידידות ואחווה. הגורל המשותף מקרב לבבות. אותי קירבה מאוד משפחת פסקוביץ.

האם פיללתי פעם שיבוא יום ואני אהיה חלק מאותה המשפחה?

דרכינו נפרדו. אותי הביאו לקומי ס.ס.ר., אזור בו הכפור מגיע עד למעלה מחמישים מעלות. סיפרו שפעם הוגלו לכאן הקוזאקים שהתמרדו בדון, והם כולם מתו אחרי שנים אחדות.

למחנה עבודה, אליו התגלגלתי יחד עם עוד יהודיה אחת הוגלו משפחות של קולאַקים. ראשי המשפחות גורשו למקום אחר ונשארו רק האמהות עם ילדיהם. הם גרו בבתים שנבנו מעצים בלתי־סתותים שם בתוך הישימון הלבן והקפוא, וכאן יישרנו את העצמות שנתעקמו מן הנסיעה הארוכה ברכבת המפוטמה.

הכל היה כאן עלוב ומדולדל. בבוקר היינו מקבלים מרק, בו התבשלו תפוחי־אדמה יחד עם קליפותיהם. לעתים רחוקות היה בו קצת מלח. אחרי ארוחה הזאת היינו יוצאים לעבודה ביער.

הלכנו ברגל, כי חבל היה על הסוסים. מאין היה לנו כוחות לעבודה? מתחת לשלג היינו מוציאים תותים אדומים ואוכלים אותם, למדנו לאסוף תותים בקיץ ולשמור עליהם לימי חורף נוסף על זה עשינו עוד תגלית: במרחק מה מאתנו היה מחסן תפוחי־אדמה. מדי פעם בפעם היו משליכים החוצה מהמחסן תפוחי־אדמה רקובים. בבוא החורף, כוסו התפוחים הרקובים בשלג. הבנות הליטאיות היו יוצאות בלילות, מחטטות מתחת לשלג על מנת למצוא תפוחי אדמה. היינו מבשלים אותם ונדמה היה לנו שזהו המאכל הכי־טוב בעולם.

בערב היינו מקבלים פרוסות לחם. גודל הפרוסה היה ביחס לכמות עבודה אשר בצענו, אבל בעיקר היה גודל פרוסת הלחם תלוי ברצונה של המנהלת, אשה מכוערת ורעה, בשנות הארבעים.

למשפחות הקולקים היו הרבה דברים וחפצים יקרי ערך והיו מחליפים אותם תמורת דלי תפוחי אדמה שאכלו אותם מבלי לבשלם רובם חלו ומתו.

אנו, שתי היהודיות היחידות במחנה, השתדלנו לפחות לבשל את תפוחי האדמה שלנו עד כמה שעלה בידינו להשיג אותם, ובגללם גם נפלתי בפח, כשיצאתי פעם החוצה על מנת לחפש אותם ואחרי שהצלחתי להסתיר מתחת למעילי כמה תפוחי אדמה, תפסו אותי. עשו לי משפט וגזרו עלי שנת מאסר, ודווקא בבית־הסוהר היתה לי הזדמנות לבוא במגע עם אנשי האינטליגנציה הרוסית, אקדמאים, אנשי חינוך ותרבות.

מצבי היה מאוד ירוד. ראה אותי רופא ד״ר פריבס והחליט, כי עלי לעבוד במטבח. בתנאים ההם זה היה אושר. במטבח כבר לא הייתי רעבה. אמנם בהתחלה העבידו אותי בשטיפת כלים בחצר ותוך עבודה הזאת ידי התנפחו ונסדקו. כשהרופא ראה את ידי, פקד להעביר אותי למטבח לעבודה פנימית, ושם היה לי כל כך טוב עד שפחדתי לעזוב את המקום, כשהגיעה פקודת השחרור.

עם גמר המלחמה נסענו כולנו מערבה. הגעתי לקיוב, ושם עבדתי שנה עד שקבלתי מכתב מאחותי חנה שהיתה בטורקסטן. היא ביקשה ממני לבוא אליה ולהצטרף למשפחה. ובאותו הזמן, כשכולם נהרו מערבה, החלטתי לנסוע מזרחה לאחותי. קניתי כרטיס רכבת, ארזתי במזודה מכל טוב אשר אספתי תוך שנת עבודה בקיוב. אבל ברוסיה לא מספיק היה לשלם עבור כרטיס. בכל תחנת קשר היה עלי לרדת לקבל חותמת חדשה לחותמת הזאת צריך היה לחכות 2—3 ימים ואחר־כך עוד ימים מספר לחכות לרכבת הבאה. באחת מתחנות הרכבת לא יכולתי להכנס לשום קרון. כולם היו סגורים.

באותם הזמנים היו ברוסיה המוני ילדים מופקרים, על פי רוב יתומים. הילדים האלו היו מוכנים לכל פשע. שניים מהם עמדו על גשרון בין שני קרונות וקראו לי והציעו לי מקום על ידם. התיצבתי על ידם. תוך כדי נסיעת הרכבת חטפו מידי את המזוודה והסתלקו. צעקתי נורא ועצרו את הרכבת, לחפש את הגנבים. את הגנבים לא מצאתי, אבל נשארתי כבר בתוך קרון הולמן. למרות שפה ושם נשמעו קולות נוסעים, שהנני יהודיה ערומה והקימותי צעקות על מנת לזכות בנסיעה בתוך הקרון.

בקויבשב ירדתי והיה עלי להמשיך ברכבת אחרת, וכאן שיחק לי מזלי. באה זקנה והביאה עמה את נכדה וגם מזוודה. היא ביקשה ממני להביא את הנכד לטורקסטן. במזוודה, אמרה הסבתא, יש אוכל עבור שתיכן.

ברכבת הזו נתגלה לנו כמלאך מן השמים קצין יהודי מצבא הרוסי והוא שמר עלינו לבל יאונה לנו כל רע בתוך המון של פראי אדם, שרצח ושוד כמשחק הוא בעיניהם.

מכאן ואילך היה הולך אתנו בכל תחנה לקנטינות שנועדו לקצינים ושם קבלנו אוכל חם וטעים.

רושם עמוק השאיר אותו קצין יהודי בלבי. פעם ביקש ממני לשיר „מיין שטעטעלע בעלז״... הוא חייך ואגלי דמעה הזהירו בעיניו.

בטורקסטן נפגשתי שוב עם משפחת פסקוביץ. שם גם התחתנתי עם בעלי.

בחזרה לפולין נסענו דרך ערים שרופות, רבבות חורבות עמדו בערי רוסיה ופולין, רבבות של פגרי־אדם היו מושלכים על פני שדות־העולם, האדמה מתחת לרגלינו היתה רטובה מדם. אין בי הכוח לרשום אותם המאורעות האיומים שעודם

חקוקים בחללו של עולם באותיות של דם ואש.

בחשכת הלילה שומעת אני עדיין את זעקת המעונים, בעיני רבים מבני־עירנו שדרך מקרה ניצלו מן הטבח, כשאני פוגשת אותם אני קוראת את כל פרשת האימה הזו.

## חסידי אומות העולם

את הימים האלה אזכרה תמיד כחורף ארוך, עכור ואכזרי. מדי אהגה בם אראה שדות זרועי־כפור, אילנות עלובים ערומים מירק, שעורבים שחורים מקננים בענפיהם המתים.

יגיעי־נפש וגוף יצאנו מרוסיה. זעקת השבר והאסון של עמנו הנשחט ליווה אותנו בדרכנו. אולם בחשכת הלילה האפל קרן גם אור רך, אור האנושי ואהבת האדם.

יחד אתנו באותו הקרון נסע כומר קתולי שחזר מגלותו ובכל תחנה כשבריונים פולניים רצו להיכנס על מנת להתעלל ביהודים התייצב הכומר בפתח הקרון ולא נתן להם להכנס פנימה, גער בהם: „אין לכם מה לעשות פה. צאו מכאן".

הפולנים הציקו ליהודים כשראו אותם יוצאים מן הרכבת. בעלי נגיסי נאלצו לצאת להשיג חלב עבור התינוקות וחזרו עגומים ושבורים. כשהכומר ראה את זה לא נתן להם לצאת והוא בעצמו הביא מכל תחנה את החלב וגם אוכל בשבילנו.

חסידי אומות העולם.

כאורות נוגה נטועים הם בעולם להאיר לו לאדם את אפילת־בדידותו. כנפים לא עשה לו אלוהים לאדם, על כן נתן לו מאורות נוגה אלה להיות לו לכנפים, להתנשא בהן ולעבור על־פני כל התהומות והאפילות האורבות לו בעולם.

חסידי אומות העולם.

על סף הכליון מצאנו אותם ונזכור אותם לנצח. הם הופיעו אלינו כמאורת נוגה בהיות סביבנו אפילה, אפילה, אפילה.



חיים רובין

# בדם ואש

מוקדש לזכר אבי פסח, אחי יצחק ואליעזר רובין ז"ל

בחדשים אוקטובר—נובמבר 1939 חלק לא מבוטל מאוכלוסיה היהודית בוולומין התכונן לצאת מזרחה בכדי להגיע לקו הדמרקציוני שהיתה בעיר מלקין על נהר בוג. הצד השני של הבוג היתה בזמן זה שייכת לרוסיה הסובייטית אחרי חלוקת השטחים בין ברית המועצות וגרמניה.

באותו זמן כל אחד רצה להתפטר מהחפצים הביתיים שהיה לו, כמו רהיטים וחלק מדברים אישיים, היות שהיה קשה להעביר אותם לצד השני, חוץ מזה גם הצד הכספי קבע.

היות שהיו הרבה מוכרים והקונים הנוצרים שהיו בשפע ראו את ההתעללות הגרמנים על היהודים קנו בחצי חינם או בכלל לקחו בלי תשלום.

אבי הזמין הביתה איכר מכפר לופין בשם זיך בכדי למכור לו את הרהיטים וחפצים אחרים.

כמובן שאבי אמר לו מחיר 10 אחוז מהערך הריאלי שהיה בזמן הזה.

האיכר אמר: „בין כך וכך אתה תסע ותשאיר את זה אז למה לי לקנות".

אבי לקח גרזן ושבר את כל הרהיטים בבית ואמר לאיכר: „עכשיו אני אעביר את העצים לאופה־יהודי". ככה זה היה והעצים קבל האופה גרבינה.

אבי הצליח לעבור לברית המועצות ושהה אתנו בסיביר. שם חלה וחזרנו אתו לפולין בשנת 1946 וחודש אחרי שבאנו הלך לעולמו. קברנו אותו בבית־הקברות היהודי בעיר סטשאגום בשלזיה התחתית. את המצבה הספיקו האנטישמים הפולנים להרוס.

אחי יצחק עבד בבית החרושת לטנקים בעיר טשלבינסק, שם התגוררנו יחד, היה חרט במקצועו ובמחלקתו היה אחד מהעובדים המצטיינים. המקצוע הזה למד עוד בוולומין אצל האחים לטקס.

בהתחלת 1942 התחילה האווקואציה של בית החרושת של מנועים מעיר חרקוב היות שהגרמנים היו בזמן זה קרוב לעיר. דירות בטשלבינסק היה חסר ומפקדי הבתים החלו לבדוק את הדרכונים של אחינו בני ישראל במיוחד היהודים שבאו מפולין.





**יצחק רובין**
נפל במלחמת העולם השניה ע"י ורשה

**אנו בזמנו קבלנו דרכונים סובייטיים עם סעיף 38, היות שלא הכרנו חוק הדרכונים הסובייטי חשבנו שדרכוננו הם רגילים כמו לכל אזרח סובייטי.**

**אבי ויתר בני משפחתי קבלו גירוש במשך 24 שעות (אני ומשפחתי ניצלנו היות שאני גרתי בסביבה אחרת לגמרי שטרם התחילו לבדוק אותה).**

**משפחתי יצאה לגור במשק ממלכתי רחוק מהעיר סצקמי, וברגע שעזבו את העיר גייסו את אחי יצחק לצבא האדום.**

**שנתיים ימים לחם בכל החזיתות וביום 15.1.1944 נפל בכפר אילינו, מחוז לנינגראד. שמה נקבר לפי ההודעה של משרד הבטחון הסובייטי בקבר אחים.**

**אבי ויתר בני משפחתי קבלו גירוש במשך 24 שעות (בזמן זה אני ומשפחתי**

**אחי אליעזר לא היה אתנו בכלל. בהתחלה התגורר בעיר מוגילוב על הנהר דניפר. בזמן המלחמה גויס וחזר עם יחידתו לעיר באקו להתארגנות בשנת 1941.**

**בהתחלת שנת 1942 נשלח לחזית סמולנסק והידיעה האחרונה ממנו היתה שהוא לוחם בסביבת סמולנסק ויחידתו מנסה לעצור את ההתקדמות של הצבא ההיטלרי על מוסקבה. יותר ידיעות ממנו לא קבלנו ועל שאלותינו למשרד הבטחון מה גורלו, קבלנו תשובה שנאבד בלי ידיעה.**

הנרי קריגר

# שנות נרודי
# מוולומין עד הנובר

ולדתי בוולומין בשנת 1923. הורי היו פרץ ואֶלקה קריגר. בוולומין גרנו ברובע של סביבה נוצרית. הבית בו גרנו, נפגע כבר בהתחלת המלחמה, ואז נהרגה אמי, שתי דודות ועם 14 שכנים. נפצעתי אז בראשי. היתה לי אחות בת 10 ואח בן ארבע וחצי שנה ויחד עם אבא הסתדרנו אצל דודי, אשר אשתו גם נהרגה. את המשק ניהלה אחותי בת ה־10.

כאשר הגרמנים נכנסו לעיירה התחילו לחטוף אותנו לכל מיני עבודות קשות. עבדתי בטעינת עצים בתנאים מאד קשים. התחלתי להסתתר, אחר כך החלטתי לברוח לרוסיה.

באיזור מלקיניה היה שטח הפקר, שמה הסתובבו כעשרת אלפים פולנים ויהודים. לננו על האדמה, בקור, גשם ושלג של חודש נובמבר, עד שהרוסים הסיעו אותנו ברכבת לביאליסטוק, שם קבלתי עבודה בפריקת מלט, עבודה קשה, הרווחתי 10 רובלים ליום. מנהל עבודה היה יהודי.

התכתבתי עם דודתי במוסקבה והיא הציעה לי לבוא אליה. הודעתי על זה לאבי במכתב, אשר העבירו סדובניק. אבי לא הסכים לנסיעתי למוסקבה ודרש בכל תוקף, כי אחזור לוולומין.

חזרתי לוולומין בחברתו של אותו סדובניק, אשר כל הזמן נדד בין ביאליסטוק וולומין והתמחה בחציית הגבול, אולם הפעם המזל לא האיר לו פנים. הגרמנים תפסו אותנו, ביחד 25 איש, נוצרים ויהודים.

זה היה בינואר שנת 1940. הגבול היה כבר סגור. דברו שהגרמנים יוציאו את היהודים להורג. איך שהוא קרה, שהגרמנים שלחו אותנו למלקיניה. במלקיניה התנפלו עלינו הפולנים ולקחו מאתנו את כל הכסף וכל הרכוש אשר היה ברשותנו.

בוולומין היהודים היו מרכיבים על שרוולי בגדיהם טלאי צהוב עם סמל של מגן־דוד.

בוולומין הפולנים הרביצו בי והשליכו עלי גושי שלג. כשחזרתי הביתה, אחי הקטן לא הכיר אותי. הייתי מלוכלך ונפוח וידי היו קפואות. „הבית" הפעם זה היתה דירתו של דודי. אותי ואת דודי החזיקו בחדר האחרון. הדלת אשר הוליכה לחדר היתה מוסתרת על ידי ארון על מנת שהגרמנים לא ימצאו אותנו תוך כדי חיפוש אחרי אנשים לעבודות כפיה. השיטה של „ארון", על פי רוב הוכיחה את עצמה.

באביב התחלתי להתיצב לעבודה מרצוני הטוב, כי איך שהוא עלה בידי להביא הביתה קצת מזון וקצת עצים. עם חיילים גרמניים רגילים אפשר היה להסתדר. הכי גרוע היה עם אנשי ס.ס. ועם אלו אשר לבשו מדים שחורים. הם דחפו אותנו ברוביהם והיו מרביצים לנו מכות רצח.

באוקטובר עברו כל היהודים לגטו בסוסנובקה ובבתי שטוטמן (על יד סוסנובקה). בהתחלה עסקנו בעיבוד עורות, באפית לחם, אשר היו מבריחים לוורשה. בסתר היו אנשים מביאים לגיטו תבואות בר ובחשאי היינו טוחנים אותו ומוכרים את הקמח למאפיות. ידענו גם לייצר כדורי סכרינה.

המצב החמיר בשנת 1941. אסור היה ליהודי לצאת מתחומי הגיטו. לגרמנים היתה שיטה מיוחדת להעניש את אלו אשר נמצאו מחוץ „לתחום". היו קושרים את רגליהם, מצמידים אותן למגלשה וסוחבים בכל העיירה, עד שהקרבן מת מן העינויים. את גופתו היו זורקים לתוך הכניסה הראשית של הגטו.

בסתיו 1941 היה מסוכן לצאת מהגיטו אפילו עם רשיון מטעם הגסטאפו. הגרמנים היו מנצלים כל הזדמנות לרצוח יהודים.

באותה התקופה פרצה בגטו מגפת טיפוס: טיפוס הבטן, טיפוס בהרות וכו'. בשום פנים ואופן אי אפשר היה לצאת מהגיטו. הרופאים היהודיים, אשר היו בגיטו יחד אתנו, היו אין אונים. אי אפשר היה להשיג תרופות. כל יום היו מתים 5—15 נפש, לא היו מספיק סוסים כדי להוציא את גופות המתים לבית הקברות ואז העמיסו את הגופות על עגלה רתומה לבני־אדם.

פעם, בליל חושך ואפלה אני ועוד כמה חברים התגנבנו מהגיטו והתקרבנו לפסי הרכבת, וכשעברו הרכבות שמענו בוקעים מתוכן קולות ילדים, מתחננים ללחם, למים. אז חדרה בנו ההכרה, כי סופנו הולך וקרב.

כבר מהתחלת שנת 1942 נסעו הרכבות יומם ולילה, עם אוקראינים על גגות הקרונות. מוורשה הרכבות היו מלאות יהודים. לוורשה חזרו הקרונות ריקים.

יום־יום יצאו מגיטו וולומין מאה יהודים לעבודה לאורך פסי הרכבת. כאשר חזרו חסרו תמיד שניים או שלושה. הם נורו על ידי הגרמנים.

בחג שמחת תורה, אחרי ההקפות שנערכו ב„שטיבל" של מרגולס, באו בסתר שוטרים פולניים לגיטו וספרו לנו שהגיעו לוולומין אוטובוסים עם אנשי גסטאפו, ז'נדרמים ואנשי ס.ס.. זה היה סימן, שהלילה יחסלו את הגיטו.

מנהל תחנת הרכבת בוולומין היה ידידו הטוב של אבי והיו לו קשרים עם ארגון פולני אנטי־נאצי. הוא המציא לי תעודת־זיהוי וכומר קתולי מכנסיה ברחוב סטלובה בפרגה נתן בשבילי תעודת לידה על שם הנריק ווז׳ניאק. שתי התעודות עלו 700 זלוטי.

בליל שמחת תורה בשעה 9 בערב יצאתי מן הגיטו יחד עם פרום ורובינשטיין והסתתרנו בז׳לונקה, התחנה השלישית מוולומין. בדרך התנפלו עלינו הפולנים ולקחו מאתנו הכל, אפילו את הנעליים סחבו מהרגלים שלנו. זה היה עיסוקם של הרבה פולנים: לחפש ולמצוא יהודים, לגזול מהם את כל רכושם ואחר כך להסגיר אותם לידי אנשי ס.ס. תמורת קילו סוכר וליטר וודקה. משום מה לא היה להם פנאי להסגיר אותנו לגרמנים. כנראה, יותר כדאי היה להם לרדוף ולחפש עוד יהודים, והיו משוכנעים, שהגרמנים ימצאו וימיתו אותנו.

לי היה פרצוף של גוי, ויען כי גדלתי בסביבת ילדים פולניים, הפולנית שלי היתה טבעית. על כן החליטו החברים, כי עלי ללכת לתחנה ולקנות שלושה כרטיסים למַלקיניה. בתחנת ז׳ילונקה ניגש אלי פולני, נכנס אתי לשיחה ושאל אותי במה אני עוסק. אמרתי לו כי אני מבריח סחורה לאוסטרולנקה. „אַל תהיה טפש" — אמר לי הפולני — „בוא אתי, נתפוס כמה יהודים. בין כה וכה יפלו לידי הגרמנים וישלחו אותם לטרבלינקה".

אחרי המלחמה נודע לי כי יהודי וולומין הוגלו ברגל לרדזימין, דרך של 10 קילומטרים. הגרמנים ירו בחלושים והדרך היתה זרועה גופות ודם.

בדרך ברכבת מז׳ילונקה למלקיניה היינו עדים למחזות זוועה. הגרמנים אספו יהודים, פקדו עליהם לכרוע על ברך אחת וירו בכולם בראשם במלקיניה ירדנו מהרכבת, מסרנו את כרטיסי־נסיעה בנוכחותו של סטודנט פולני, שתפקידו היה לעזור לגסטאפו לאבחון מי מהנוסעים הוא יהודי.

במַלקיניה אספו הגרמנים כעשרים יהודים וקשרו אותם בחוטי תיל דוקרני ממש כמו שקושרים בולי־עץ. נודע לי, כי במלקיניה המצב היה מסוכן, פנינו בכיוון צפון־מזרח, שם היה מחנה יהודים, אשר חיו בתנאים פחות או יותר מתקבלים על הדעת ואשר לא האמינו לנו כשסיפרנו להם על הנעשה אצלנו.

בבוקר היו אוספים את האנשים לעבודה, קוראים לכל אחד בשמו הפרטי ובשם משפחתו ומה היה עלינו לעשות ?... נוסף לזה ניגש אלינו גרמני ואמר לנו כי הוא יודע מי אנחנו, שמספרים אנו כל מיני סיפורי זוועות. ועוד מעט יבואו אנשי גסטפו וישלחו אותנו חזרה מאין באנו.

ברחנו מהמקום, הלכנו לזמברוֹבו ושם מצאנו מכרים אשר נתנו לנו לאכול. נפוצה שמועה שבארבע או חמש בבוקר יבואו לחטוף אנשים למחנות, לכן עזבנו את זמברובו ופנינו בכיוון לומז׳ה. בדרך נפרדתי מהחברים. הם הלכו לגיטו הגדול

בלומז'ה, כי שמה היו להם קרובים. אני נשארתי בצ'רוונע־בור ועבדתי במחצבה במשך 4 שבועות. המעביד היה היודנרט.

כעבור 4 שבועות נודע לנו, כי הגיעו אנשי ס.ס. חברי לעבודה ניסו להרגיע אותי ואמרו לי: „אַל תפחד, הגרמנים לא יעשו לנו שום דבר", אבל אני הייתי כבר מלומד וידעתי מה לחשוב על כל זה. לקחתי ככר לחם וברחתי ליער.

בשעה ארבע לפנות בוקר שמעתי יריות. כעבור זמן מה הגיעו ליער אותם האנשים אשר קודם הרגיעו אותי ואת עצמם, שהגרמנים לא יפגעו בהם, כי הם עושים עבודה פרודוקטיבית.

בבוקר נפרדתי מאנשים האלו והלכתי לבלתי ידוע.

היתה לי תעודת לידה וקצת מזל, חשבתי להצטרף לפרטיזנים, נדדתי מכפר לכפר. הפולנים היו נותנים לי עצות: בוא אתנו, נחפש יהודים, נתפס אותם, נסגיר אותם לגרמנים תמורת תשלום ונחלק בכסף ויהלומים, אשר נמצא אצל יהודים.

בכפר פודבצה נשארתי לעבוד אצל בעל משק, אשר בסוף הבחין בי שאני יהודי ודרש ממני לעזוב את המקום. הוא פחד, שהגרמנים יחרימו לו את המשק.

בנו של האיכר ריחם עלי והסתיר אותי במחסן במשך שבוע ימים.

נסיתי מזלי בכפר אחר והצלחתי למצוא עבודה, אולם אחרי שלושה שבועות באה פקודה, כי על כל אחד להצטייד בתעודת „קנקרטה". אחרת ייחשב ליהודי או פרטיזן ודינו למות.

פניתי לסולטיס הכפר והוא נתן לי תעודה, כי אני פועל טוב, עובד בכפר למעלה מחצי שנה.

בעל־הבית שלי רתם שני סוסים לעגלה ונסענו לעיר על מנת להשיג פספורט, אולם הפקיד היה עסוק מאוד לא היה לו פנאי בשבילי. אמר לי לבוא אחרי חג המולד.

אחרי חג המולד שוב נסעתי העירה והצלחתי לקבל את הפספורט.

הכוונה שלי היתה להגיע לגרמניה. מצאתי משפחה אשר בנה, סמל בצבא הפולני, עבד אצל בעל משק בגרמניה בסביבת הנובר והוא חלה. בעל־המשק הסכים לשחררו בתנאי שישלחו פועל אחר במקומו, ואני נועדתי לעבוד במקומו.

זה היה תהליך מסובך. הייתי זקוק לתעודת רופא. פנינו לאסיסטנט של הרופא, נתנו לו נקניק, בצים ושומן חזיר ותמורת זה נתן לי תעודה, שאני בריא ומסוגל לעבוד.

בלומז'ה השתדלנו להשיג כרטיס נסיעה לגרמניה לא דרך וורשה, אלא דרך פרוסיה המזרחית. טענתי היתה, שבוורשה עלולים לחטוף אותי לעבודה.

בהנובר פניתי לשוטר, הראיתי לו את התעודות שלי והוא הכניס אותי לרכבת אשר הביאה אותי לכפר, בו עבדתי עד סוף המלחמה.

אַזוי צענדליקער מאָל, נאָר געהייסן פאַלן דאָרט, ווו עס איז געווען בלאָטע און שלעפּן זיך אין דער בלאָטע און דערביי אויך געשלאָגן.

עס איז דאָרט געווען אַ פעלדפּעבל, וועלכער האָט ביי יעדער געלעגנהייט נאָר געזוכט ווי אַזוי צו פאַרפּאַלגן די יידישע געפאַנגענע.

## פראַנצויזישע קריגס־געפאַנגענע

אין אַ געוויסן טאָג האָט מען אָפּגעשלאָסן אַלע באַטאַליאָנען און עס איז געוואָרן אָפּגעשטעלט די באַוועגונג. אַ ביסל שפּעטער האָט מען אָנגעהויבן אַריינפירן פראַנצויזישע געפאַנגענע, זייער פיל. איך האָב זיך דאָרט געפונען, ווייל איך בין געווען אין דער קראַנקן־שטובע, וועלכע איז געווען צוזאַמען מיט דער שרייבשטובע. ביז מען האָט אַלע פאַררעגיסטרירט האָט געדויערט מער פון אַ האַלבן טאָג.

די פראַנצויזן האָבן געהאַט פיל גוטע זאַכן, ווי ענגלישע ציגאַרעטן, שאָקאָלאַד, גוטע וועש און וואָל־שקאַרפּעטן, אָבער זיי האָבן נישט געהאַט קיין ראַזירמעסערלעך, איז ביי יעדעס מאָל, וואָס איך האָב געמאַכט אַ טויש, האָב איך שנעל געמוזט זוכן וועמען צו פאַרקויפן די ציגאַרעטן, איך זאָל האָבן געלט אויף מעסערלעך, וועלכע איך האָב געקויפט אין קאַנטינע.

אין באַטאַליאָן, ווו מען האָט זיי אַריינגעפירט זענען געשטאַנען וואַכלייט און נשט צוגעלאָזט קיין אַלטע געפאַנגענע, אָבער דורך די דראָטן, ווען דער וואַכמאַן האָט נישט באַמערקט האָט מען געמאַכט געשעפטן. מען האָט געקויפט זאַקן, גאַטקעס, העמדער און אַלץ פאַר ציגאַרעטן, אָדער פאַר טאַבאַק און אין די ערשטע טעג, ווי אויך שפּעטער — פאַר ברויט.

אין געפאַנגענשאַפט זענען אויך געווען אַריסטאָקראַטן, די וועלכע זענען געווען פון ווילנע און אומגעגנט. רוסלאַנד און דייטשלאַנד האָבן דאַן געפירט אַ ליבע און עס איז געווען דערלויבט צו שיקן פאַר די פון יענער געגנט פראָדוקטן און זיי האָבן באַקומען גרויסע פּעק מיט פאַרשידענע גוטע זאַכן, ווי וווּרשט, שפּעק און אַנדערע זאַכן. אָבער יעדער איינער האָט געלעבט פאַר זיך, און מיטן צווייטן זיך נישט אינטערעסירט.

דער באַראַק איז באַשטאַנען פון 2 טיילן און אין דער מיט איז געווען אַ קליין צימער צום וואַשן. עס איז אויך געווען אַ גרויסער קעסל צום קאָכן וועש, אָבער דער קעסל האָט מער געדינט צום קאָכן עסן.

דאָס קאָכן איז צוגעגאַנגען אויף אַן אָריגינעלן אופן. יעדער האָט איינגעוויקלט זיינע קאַרטאָפל אין אַ שמאַטע און צוגעבונדן, אַלע האָבן אַריינגעלייגט דאָס אין קעסל. מען האָט אָנגעפילט דאָס קעסל מיט וואַסער און אַזוי האָט מען געקאָכט. ווען די קאַרטאָפל זענען געווען פאַרטיק האָט מען אַרויסגעלאָזט דאָס

וואַסער און יעדער האָט געגומען זיין שמאַטע מיט די קאַרטאָפל. די אוביקאַציע איז געווען ביי אַ 100 מעטער פון באַראַק. צווישן דעם באַראַק און קלאָזעט האָט מאַרשירט אַ וואַכמאַן.

מיר האָבן געמוזט סאַלוטירן יעדן וואַכמאַן, אָבער עס זענען געווען וואַכ־לייט, וואָס ווען מען האָט זיי סאַלוטירט האָבן זיי געשלאָגן און געשריגן: „יודע, פאַרוואָס סאַלוטירסטו?" און ווען מען האָט נישט סאַלוטירט האָט ער אויך געשלאָגן פאַרוואָס מען סאַלוטירט נישט.

אין אַ געוויסן טאָג איז אויפן אויבן דערמאָנטן פּאָסטן געווען אַ יונגער זעלנער, ווייזט אויס אַ פרישער אין מיליטער. ער האָט נאָך נישט געהאַט קיין פּראַקטיק, ער האָט זיך געפירט אַזוי ווי מען האָט אים געלערנט, אַז מען סאַלוטירט דאַרף מען ענטפערן. ווען איינער פון אונדז איז פאַרבייגעגאַנגען און ווי געוויינלעך סאַלוטירט און דער דייטש האָט געענטפערט, איז ער אַריינגעקומען אין באַראַק און דערציילט דעם וווּנדער. איז יעדע פּאָר מינוט ווער אַנדערש געגאַנגען אין קלאָזעט און דער דייטש האָט נעבעך געהאַלטן די גאַנצע צייט, וואָס ער איז געשטאַנען אויפן פּאָסטן, אין איין סאַלוטירן.

מען האָט אין אַ געוויסן טאָג אָפּגעשלאָסן די יידישע באַראַקן און אַוועק־גענומען עטלעכע מאַן אויף אַן אויספאָרשונג און צוליב אַ גאַנץ ערנסטע זאַך — צוליב שפּיאָנאַזש.

די זאַך איז געווען פאָלגנדע:

דאָס פּאַפּיר, וואָס מען האָט באַקומען אין קאַנטינע צום שרייבן בריוו איז אַרויס פון דרוק מיט פעלערן, עס האָט געהאַט רויטע פינטעלעך. עס האָט קיינער נישט געלייגט אויף דעם קיין אַכט, אָבער ווען די בריוו זענען געקומען צום צענזאָר, זענען אים נישט געפעלן די פינטעלעך און ער האָט די בריוו איבערגעפירט אין קאָמענדאַטור און פון דאָרט איז מען געקומען אַרעסטירן די בריוו־שרייבער. נאָך אַן אויספאָרשונג און נאָכן קאָנטראָלירן דאָס פּאַפּיר פאַר בריוו, וועלכעס איז נאָך געווען אין קאַנטינע האָט מען אַלע באַפרייט.

## די דייטשן דערשיסן יידישע געפאַנגענע

פאַרן איבערפירן מיך אין לאַגער, ווען איך האָב נאָך נישט געהאַט קיין פּראַטעזע, דאָס איז געווען אין מערץ 1940 איז געווען אַ טראַנספּאָרט פון פאַר־ווּנדעטע, און אויך יידן, וועלכע זענען געווען פעיק צום טראַנספּאָרט, האָט מען באַפרייט און צוריקגעשיקט קיין פּוילן. איך בין נישט געווען פעיק ווייל איך האָב נאָך נישט געהאַט קיין פּראַטעזע.

זיי האָבן אַלע קריסטלעכע געפאַנגענע פון דעם טראַנספּאָרט באַפרייט און

די ייִדן פֿון דעם טראַנספּאָרט נאָר די פֿון גענעראַל גובערנאַמענט באַפֿרייט.

די ייִדן פֿון די געביטן, וועלכע האָבן געהערט צו רוסלאַנד און צו די געביטן פֿון אויסערן גענעראַל גובערנאַמענט, וועלכע די דייטשן האָבן אַריינגערעכנט צו דייטשלאַנד זענען געוואָרן אַוועקגעפֿירט קיין ביאַלאַ פּאָדלאַסקאַ, און צו אונדז אין לאַגער זענען אָנגעקומען ידיעות, אַז מען האָט זיי אַלע דאָרט אויסגעשאָסן.

דאָס אַלץ האָט זיך דערנאָך באַשטעטיקט. ווי אַזוי מען האָט זיך אין לאַגער וועגן דעם דערוווּסט ווייס איך נישט.

מיט אַ צייט שפּעטער איז געוואָרן נאָך אַ טראַנספּאָרט פֿון קראַנקע, אָבער נאָר פֿון קריסטן, קיין ייִדן זענען אין דעם טראַנספּאָרט נישט געווען. איך האָב געשריבן אַ בריוו צו מיינע עלטערן, אַז זיי זאָלן זיך ווענדן צו דער קאָמענדאַטור און בעטן, אַז מען זאָל מיר באַפֿרייען און זיי האָבן אָנגעשריבן אַ ביטע אין לאַגער־קאָמענדאַטור און געבעטן מען זאָל מיר באַפֿרייען.

זיי האָבן באַקומען אַן ענטפֿער, אַז זיי זאָלן אַריינשיקן אַ פֿאַרפֿליכטיקונג, אַז זיי וועלן מיר אויסהאַלטן און אַ באַשטעטיקונג פֿון שטאָט־ראַט, אַז איך בין אַ פֿאָלקס־דויטש — דאַן וועלן זיי מיך באַפֿרייען.

זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז אַזאַ דאָקומענט האָב איך נישט געקענט באַקומען און איך בין ווייטער געבליבן אין געפֿאַנגענשאַפֿט.

אין לאַגער זענען אויך געווען פֿיל אוקראַינער. איך בין איינמאָל דאָרט פֿאַרביי געגאַנגען און כ׳האָב געזען אַלע אוקראַינער פֿאַרזאַמלט פֿאַרן בלאָק און עטלעכע דייטשע אָפֿיצירן. איין אָפֿיציר האָט געהאַלטן פֿאַר זיי אַ פֿאָרלעזונג אין אוקראַיניש וועגן אַ זעלבסטשטענדיק אוקראַינע, נאָך דעם האָבן זיי געזונגען לידער און יעדער איז צוגעגאַנגען צום אָפֿיציר און אונטערגעשריבן אַ דעקלאַראַציע.

אין אַ געוויסן טאָג האָט מען צונויפֿגענומען אַלע ייִדן און מען האָט אונדז אַריבערגעפֿירט נישט ווייט אין אַ צווייטן לאַגער. דאָס איז געווען אַן אָפּטיילונג פֿון דעם זעלבן לאַגער, וועלכער האָט זיך גערופֿן ל׳ לאַגער.

די דייטשן האָבן געזאָגט, אַז די ייִדן מאַכן צו פֿיל געשעפֿטן און שווינדל.

אין ל׳ לאַגער האָבן זיך נאָך געפֿונען בעגער און אַראַבער פֿון די פֿראַנצויזישע פֿראָנטן און אַ קליינע צאָל ענגלענדער. דאָרט האָבן מיר געמיינט וועט מען שוין אויסשטאַרבן פֿון הונגער, ווייל פֿון דער זייט האָט מען גאָרנישט געקענט אָרגאַניזירן. מען האָט נאָר געהאַט דאָס, וואָס מען האָט געגעבן אין קיך. אָבער נאָך אַפּאָר טעג האָבן זיך באַוויזן די אינסטאַלאַטאָרן פֿון לאַגער. דאָס זענען געווען ציווילע דייטשן, וועלכע האָבן געאַרבעט אין לאַגער און זיי האָבן אַריינגעשמוגלט פֿאַרשידענע פּראָדוקטן.

פאַר די פּראָדוקטן האָבן זיי באַקומען געלט, סוועדערס און זאָקן, וואָס מען פלעגט אויפקויפן ביי די נעגער און אַראַבער אויף דעם זעלבן וועג.

אויך אין ל׳ לאַגער האָט מען מיר געגעבן אַ פּלאַץ אין דער קראַנקן־שטובע. ווען איך בין אָנגעקומען אין קראַנקן־שטובע און מען האָט מיר געוויזן דאָס בעט, האָב איך זיך אַוועקגעזעצט און אַרומגעקוקט. עס איז געווען אַ גרויסער זאַל, ביי אַ 20 בעטן. אינמיטן זאַל איז געשטאַנען אַן אויוון, וועלכער איז געווען גוט פאַנאַנדערגעברענט, ווייל די נעגער מיט די אַראַבער זענען געפרוירן געוואָרן און דאָס איז געווען זומער, ווען אַלע אַנדערע פון אייראָפּע האָבן געשוויצט.

אויך פאַר די פראַנצויזישע געפאַנגענע איז געווען ערלויבט זומער צו האַלטן די ווינטער־שינעלן, ווייל עס איז זיי געווען זייער קאַלט.

אויף קיין אַרבעט אויסערן לאַגער האָט מען פון די יידישע געפאַנגענע, וועלכע זענען געווען אין לאַגער, נישט גענומען.

מיר זענען אין דעם לאַגער געווען עטלעכע וואָכן און דערנאָך האָט מען אונדז צוריק איבערגעפירט אין ערשטן לאַגער און מען האָט אונדז איינגעקוואַרטירט אין באַטאַליאָן, וווּ עס האָט זיך געפונען דער אַרעסט, ביים איינגאנג איז געשטאַנען אַ וואַכמאַן און קיינעם נישט אַרויסגעלאָזט אויסערן לאַגער, אָבער ווען די אינוואַלידן זענען אַרויס האָט זיך דער וואַכמאַן נישט וויסנדיק געמאַכט.

אַלע אַנדערע האָבן נאָר געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך פאַרשרייבן אינדערפרי צום דאָקטער און אויף דעם וועג דערליידיקן זייערע געשעפטן.

עס זענען געווען קלאַנגען אין לאַגער, אַז עס גרייט זיך אַ טראַנספּאָרט פון קראַנקע געפאַנגענע צום באַפרייען. איך בין אַוועק אין שרייב־שטובע פרעגן, צי איך בין אויך אין דער ליסטע און ווען מען האָט מיר געזאָגט אַז ניין, האָב איך געבעטן מיך פאַרשרייבן וועגן אַן אויפנאַמע אין קאָמענדאַטור, עס איז געווען אַזאַ מעגלעכקייט.

מען האָט מיך פאַרשריבן און אויף מאָרגן פרי בין איך אַוועק צו פוס מיט נאָך אַ גרופּע צו דער קאָמענדאַטור. צוליב מיר האָט דאָס גיין געדויערט אַ גאַנצן טאָג אין ביידע זייטן.

איך האָב אין קאָמענדאַטור געבעטן, אַז מען זאָל מיך באַפרייען און צושרייבן צו דער ליסטע פון נאָענטסטער טראַנספּאָרט. דער קאָמענדאַנט האָט מיט מיר גערעדט זייער שיין, צוגעזאָגט, אַז ער וועט אַנטקעגן קומען מיין ביטע. ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט טעלעפאָנירן אין שרייב־שטובע פון לאַגער און דאָרט וועל איך באַקומען אַ גענויען ענטפער.

פאַרנאַכט בין איך צוריק געקומען אין לאַגער און מאָרגן פרי בין איך אַוועק אין דער שרייב־שטובע און דאָרט האָט מען מיר אויפגעקלערט, אַז מען וועט מיך

נישט צושרייבן צום נאָענטסטן טראַנספּאָרט, ווייל דער טראַנספּאָרט איז נאָר פֿאַר קריסטן. ער האָט מיר גלייכצייטיק געזאָגט, אַז אין קורצן וועט מען אַלע יידן אַרויס־פֿירן פֿון לאַגער קיין פּוילן.

עס האָבן אָנגעהויבן אַרומגיין קלאַנגען אַמאָל, אַז מען וועט באַפֿרייען נאָר פֿון גענעראַל־גובערנאַמענט און אַמאָל, אויך פֿון רוסישן געביט. צווישן די יידישע געפֿאַנגענע האָט מען נאָר געפֿירט דיסקוסיעס ווי אַזוי מען זאָל זיך פֿאַרשרייבן — פּוילישע, אָדער רוסישע.

עס זענען אויך געווען געפֿאַנגענע, וועלכע זענען געווען פֿאַרשריבן אַלס קריסטן און ווען זיי האָבן געהערט, אַז מען וועט די יידן אַרויספֿירן קיין פּוילן האָבן זיי זיך געמאָלדן, אַז זיי זענען יידן. צווישן די פֿרישע יידן איז אויך געווען אַ דאָקטער.

אין אַ געוויסן טאָג האָט מען געבראַכט אין לאַגער אַריין 800 געפֿאַנגענע יידן, וועלכע זענען געווען אויף אַרבעט פֿון ערשטן טאָג ווי זיי זענען אַריין אין געפֿאַנגענשאַפֿט און מען האָט גלייכצייטיק גענומען רעגיסטרירן אַלע יידן.

## יום כיפור אין לאַגער

נאָך עטלעכע אינטערווענצן אין קאָמענדאַטור איז געקומען אַ דערלויבעניש, אַז יום כיפור זאָל מען די יידישע געפֿאַנגענע נישט נעמען צו קיין אַרבעט און מען זאָל מעגן דאַווענען. עס איז געווען אַ גרופּע רעליגיעזע צווישן זיי איינער, וועמענס פֿאַמיליען נאָמען איך געדענק, ער האָט געהייסן קוטין, און די גרופּע האָט דאָס אַלץ איינגעאָרדנט.

יום כיפור אינדערפֿרי, ווען אַלע האָבן זיך געשטעלט דאַווענען, האָט זיך געפֿונען אַ גרופּע, וועלכע האָט זיך פֿאָרגעשטעלט אַלס אַנטי רעליגיעזע און האָט גערופֿן צו אַן אַנטי־רעליגיעזער פֿאַרלעזונג אין דער זעלבער צייט און אין זעלבן פּלאַץ, וווּ מען האָט געדאַוונט. און ווען דער פֿאַרלעזער איז שוין געווען גוט אַריין אין טראַנס זענען אַריין אין זאַל אַ גרופּע דייטשן און די אַלע, וועלכע האָבן זיך נישט באַטייליקט אין דאַוונען, האָבן זיי אַרויסגעפֿירט צו פֿאַרשידענע אַרבעטן.

עס איז געקומען דער טאָג, ווען מען האָט אונדז געמאָלדן מיר זאָלן זיין גרייט. די דייטשן האָבן אַדורכגעקוקט וואָס מיר פֿאַרמאָגן און ביינאַכט האָט מען אונדז אָוועקגעפֿירט צו דער סטאַציע, וועלכע איז געווען עטלעכע קילאָמעטער ווייט. עס איז אויך געווען אַ פֿראָסט און אַ שניי.

דאָס איז געווען ווי איך געדענק ביי האַלב אָקטאָבער. מיר זענען איינגע־שטיגן אין לאַסט־וואַגאָנען. מיר האָבן באַקומען אויפֿן וועג אַ ברויט און עפּעס צום ברויט און מיר זענען געפֿאָרן. נאָר ווען פֿאַר אונדז אָדער נאָך אונדז איז געפֿאָרן

אַ מילטער טראַנספּאָרט. איך געדענק נישט ווי לאַנג מיר זענען געפאָרן, ווייל מיר זענען פיל מאָל געשטאַנען אין וועג. מען האָט אונדז נישט אַרויסגעלאָזט פון די וואַגאָנען.

מיר זענען סוף סוף אָנגעקומען אין אַ צווייטן געפאַנגען־לאַגער אין האמער־שטיין, דאָרט איז געווען דער לאַגער סטעלאַג 2 ב׳. דאָרט זענען מיר געווען עטלעכע טעג. אַ גרופּע אינוואַלידן זענען מיר אַוועק צום קאָמענדאַנט און געבעטן, אַז מען זאָל אונדז געבן וואַרעמע וועש, ווייל עס איז אונדז קאַלט. און עס איז געשען אַ ווּנדער — ער האָט אונדז אינוואַלידן געגעבן וואַרעמע וועש און אויך ווינטער־שינעלן.

מען האָט אונדז ווידער אויפגעלאָדן אין די וואַגאָנען און מיר זענען ווייטער געפאָרן ביז מיר זענען אָנגעקומען אין גרענעץ־שטאָט, וועלכע האָט פאַר דעם קריג געהערט צו פּוילן און דער צוג האָט זיך געשטעלט נישט אויף דער סטאַציע, נאָר אַ ביסל ווייטער. מען האָט אונדז דערלויבט אויסשטייגן פון די וואַגאָנען.

אין דעם שטעטל זענען נאָך געווען פּאָליאַקן און באַמערקנדיק פּוילישע מונדירן, האָבן זיי געבראַכט ברויט און האָבן דאָס ברויט דורכן פאַרקאַן דורכ־געוואָרפן צו אונדז. אָבער מיר האָבן נישט באַוויזן אויפצוקלויבן דאָס ברויט, ווייל די דייטשן האָבן אונדז צוריק אַריינגעיאָגט אין די וואַגאָנען און דעם זעלבן טאָג, ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין ביאַלאַ פּאָדלאַסקאַ.

## אונטער יידישער אנפירערשאפט

מען האָט אונדז פון דער סטאַציע געפירט דורך די ליידיקע גאַסן, ווו נישט ווו האָט מען געזען פאַרבייגיין אַ פאַרשפּעטיקטן קריסט. מיר זענען אָנגעקומען אין אַ ציווילן אַרבעטס־לאַגער.

מיר זענען ווי עס איז דורכגעשלאָפן די נאַכט. אין ביאַלאַ פּאָדלאַסקער אַרבעטס־לאַגער זענען די אָרטיקע יידן געווען די פירער, פאַרשטענדלעך אונטער דער אויפזיכט פון די דייטשן. איך געדענק נאָר איינעם וועלכן מען האָט גערופן דער שוואַרצער יאַנעק, די אַנדערע נעמען געדענק איך נישט.

עס איז אויך געווען אַ יידישער דאָקטער, אָבער דער דאָקטער און די יידישע אָרטיקע קאָמענדאַנטן האָבן נישט געוווינט אין לאַגער, זיי זענען נאָר אַ גאַנצן טאָג געווען אין לאַגער.

דאָס איז נאָך געווען פאַרן איבערזידלען די יידן אין די געטאָס. און עס איז געווען דערלויבט מיטאָג־צייט, פאַר די יידישע פרויען פון שטאָט, אַריינברענגען עסן פאַר די לאַגער מענטשן.

אין שטאָט האָט זיך פאַרפרייט דער קלאַנג, אַז עס זענען אָנגעקומען יידישע

קריגס־געפאַנגענע אין לאַגער אַריין און די ייִדישע פרויען האָבן אָנגעהויבן ברענגען שטיקלעך ברויט און אויך גאַנצע ברויטן. זיי זענען געשטאַנען בײַם פּאַרקאַן און געוואַרט, אַז מען זאָל שוין עפֿענען דאָס טויער און זיי זאָלן קענען אַרײַנקומען.

מיר זענען אַלע געווען גוט אויסגעהונגערט און ווען די פרויען זענען אַרײַן האָט יעדער געוואָלט וואָס פריִער כאַפּן אַ שטיקל ברויט און יעדער איז געלאָפן צו די ווייבער מיט די קוישן. און דאָ זענען אַרײַן אין דער ראָל די ייִדישע קאָמענ־דאַנטן. זיי זענען אונדז באַפאַלן מיט בײַטשן און מיט שטעקנס און אָנגעהויבן שלאָגן אויף אַ מערדערלעכן אופן. די ערשטע מינוטן האָט מען נישט רעאַגירט אויף דעם, אָבער באַלד האָבן מיר זיך אָנטקעגנגעשטעלט און גענומען צוריק שלאָגן.

אין קיך האָט מען באַקומען אַ מיטאָג, איז ער געווען ערגער ווי אין געפֿאַנ־גענשאַפֿט, אָבער ווער עס האָט געהאַט געלט צו באַצאָלן דעם קוכער האָט באַקומען בעסער עסן.

די, וואָס האָבן געאַרבעט אין קיך, זענען אויך געווען פון די פאַרשיקטע אויף אַרבעט, נאָר זיי האָבן געגעבן געלט די ייִדישע לאַגער־קאָמענדאַנטן, און דערפֿאַר האָבן זיי געאַרבעט אין קיך און געמאַכט, וואָס זיי האָבן געוואָלט.

דאָס זעלבע איז געווען אין באָד. ווער עס האָט געוואָלט זיך גיין וואַשן האָט געמוזט געבן געלט דעם, וואָס האָט געאַרבעט אין באָד.

## מעדיצינישע באהאנדלונג

אינדערפֿרי זענען די אַלע, וואָס זענען געווען קראַנק, אַרויס אויפֿן פּלאַץ צום אַפּעל. דער סאַניטאַר האָט באַדאַרפֿט פעסטשטעלן צי ער קען גיין צו דער אַרבעט צי נישט.

מיר, אַ גרופּע אינוואַלידן, זענען געשטאַנען און געוואָלט זען ווי אַזוי עס גייט צו די אונטערזוכונג. עס איז אַרויסגעקומען איינער, אויך פון די וועלכע האָבן געאַרבעט אין לאַגער, אָבער ער איז נאָמינירט געוואָרן אַלס סאַניטאַר, נישט ווייל ער איז געווען אַ סאַניטאַר, נאָר ווייל ער האָט געהאַט געלט צו געבן, ווענען מען האָט באַדאַרפֿט און ער איז געוואָרן סאַניטאַר.

עס איז געשטאַנען אַ גרופּע פון אַ 20 ביז 30 מאַן. דער סאַניטאַר איז צוגעגאַנגען און געפרעגט, וואָס עס טוט אים ווי און גלייך געענטפערט, אַז ער קען גיין צו דער אַרבעט. עס זענען געווען צווישן די קראַנקע אַזעלכע, וועלכע האָבן געהאַט שווערע ווונדן אויף די פֿיס און עס איז גערונען מאַטעריע און דער סאַניטאַר האָט געזאָגט, אַז זיי קענען גיין צו דער אַרבעט. אין געפֿאַנגענשאַפֿט האָט מען אַזעלכע קראַנקע געגעבן מעדיצינישע הילף.

מיר, די אינוואַלידן, וועלכע זענען געשטאַנען און צוגעקוקט ווי דער סאַניטאַר באַגייט זיך, האָבן גענומען זידלען דעם סאַניטאַר. ער האָט געלאָזן די קראַנקע און איז אַוועק.

מען האָט אָנגעהויבן נעמען די קריגס־געפאַנגענע אויף אַרבעט צום בויען אַ פלי־פעלד און ביי דער אַרבעט האָבן זיי דערציילט דעם פאַראַנטוואָרטלעכן אָפיציר ווי עס איז דער מצב אין לאַגער און ער איז געקומען זען ווי עס זעט אויס.

אויף צומאָרגנס איז געקומען אין לאַגער אַ מיליטערישע מאַשין און האָט געבראַכט שטרוי־זעק מיט הילצערנעם שטרוי און אויך שיסעלעך צום עסן.

עס זענען אויך געוואָרן אַריינגעזעצט אין קיך עטלעכע פון די קריגס־געפאַנגענע און אויך אין באָד און די לאַגע האָט זיך אַ ביסל געענדערט צום גוטן.

מיר, אינוואַלידן, האָבן געפאָדערט, אַז מען זאָל אונדז באַפרייען פון אַרבעט, לויט די צעטלען, וועלכע מיר האָבן געהאַט פון געפאַנגענשאַפט און אין די צעטלען איז געווען געשריבן, אַז מען זאָל אונדז באַפרייען. די אַרטיקע יידישע, קאָמענ־דאַנטן האָבן געזאָגט, אַז די צעטלען זענען גאָרנישט און מיר וועלן מוזן שטיין צו אַ קאָמיסיע פאַרן יידישן דאָקטער, וועלכער אַרבעט אין לאַגער און איז אויך געווען איינער פון די לאַגער־פירער.

גלייכצייטיק האָבן זיי אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז ווען מיר זאָלן זיי אָוועק־געבן די צעטלען וואָלטן זיי אונדז באַפרייט אָבער קיינער פון די אינוואַלידן האָט דעם צעטל נישט געוואָלט אָפּגעבן, ווייל דאָס איז געווען זיין איינציקער באַווייז אַלס קריגס־אינוואַליד.

די קאָמיסיע איז באַשטימט געוואָרן אויף שבת, אָדער זונטיק.

מיר זענען געשטאַנען און געוואַרט. מיר זענען געווען 180 אינוואַלידן. דער ערשטער, וואָס איז אַריין צו דער קאָמיסיע איז געווען איינער פון װ א ר ש ע, איך איך געדענק דאָס גענוי, ער האָט געהייסן סאשיקן. ביי אים איז געווען אַמפּר־טירט אַ פוס אונטער דער קני און פון צווייטן פוס די סטאָפּע. דער דאָקטער האָט אים געזאָגט, אַז ער וועט אים נישט באַפרייען, ווייל ער קען שרייבן וועט ער אַרבעטן אין ביוראָ אַלס שרייבער.

ווען ער איז צוריק אַרויס פון דאָקטער און ער האָט דערציילט, וואָס דער דאָקטער האָט אים געזאָגט זענען מיר זיך אַלע אינוואַלידן פונאַנדערגעגאַנגען.

## איך ווער באפרייט

מיר האָבן געבעטן די גרופּן־פירער פון די קריגס־געפאַנגענע, וועלכע האָבן געאַרבעט אויפן פלי־פעלד, זיי זאָלן מעלדן די דייטשע אָפיצירן ווי אַזוי די לאַגע

איז מיט די אינוואַלידן. צו מאָרגנס אינדערפרי, ווען זיי זענען אַוועק צו דער אַרבעט האָבן זיי דערציילט די דייטשן וועגן די אינוואַלידן און אויך, אַז דער דאָקטער וויל זיי נישט באַפרייען.

ביי אַ זייגער 12 איז געקומען אַ מאַשין אין וועלכער עס איז געווען אַ הויך ראַנגיקער אָפיציר און איינער פון די געפאַנגענע. ער האָט צונויפגעזאַמלט אַלע אינוואַלידן און געשיקט רופן דעם דאָקטער מיט די יידישע לאַגער־פירער. ווען דער דאָקטער איז געקומען האָט דער אָפיציר געמאַכט אַ געוואַלד און אים גוט אויסגעזידלט און געפרעגט דעם דאָקטער מיט וועלכע רעכט האָט ער אַנולירט די אונטערשריפט פון דייטשישן אויבער־אַרצט.

דער אָפיציר האָט גלייכצייטיק געגעבן אַ באַפעל, אַז ביז מאָרגן 10 אַזייגער פרי וויל ער נישט טרעפן אין לאַגער קיין איין אינוואַליד, אַלע מוזן באַפרייט ווערן, און ער איז אַוועק.

דעם צווייטן טאָג האָבן די יידישע לאַגער־קאָמענדאַנטן גערופן אַלע אינ־וואַלידן. מען האָט פון אונדז געפאָדערט, אַז מיר זאָלן אונטערשרייבן, אַז מיר וועלן פאָרן פאַר אונדזער געלט. זיי וועלן אונדז קיין געלט נישט געבן. מיר האָבן קיין געלט נישט געהאַט, אָבער נישט וועלנדיק זיך אַליין מאַכן שוועריקייטן האָבן מיר אונטערגעשריבן.

נאָך דעם האָבן זיי געפאָדערט, אַז מיר זאָלן זיי געבן די מיליטערישע מאַנטלען, וועלכע זענען געווען גאַנץ ניי. דאָ האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף אַ ווידערשטאַנד און צום גליק פון די אינוואַלידן איז אין דעם מאָמענט געקומען דער דייטשער דאָקטער פון פלי־פעלד און ער האָט נישט דערלויבט צוצונעמען.

דאָס איז געווען פאַר מיטאָג. מען האָט אונדז אַוועקגעפירט אין יידישן קאָמיטעט, דאָרט האָבן מיר געפאָדערט געלט אויף די באַן־קאַרטן און זיי האָבן אונדז געגעבן צו עטלעכע זלאָטעס.

פאַרנאַכט זענען מיר אַ גרופּע פון עטלעכע און צוואַנציק מאַן אַוועק צו דער סטאַציע. איך בין צוגעגאַנגען צו דער קאַסע און געפרעגט דעם קאַסירער, צי די אינוואַלידן באַקומען ביליקע קאַרטן צום פאָרן קיין וואַרשע. ער האָט מיר אויפגעקלערט, אַז עס עקזיסטירן נישט קיין ביליקע קאַרטן אויך נישט פאַר קיין קריסטלעכע אינוואַלידן. נאָר ער האָט מיר געזאָגט, אַז 12 ביינאַכט איז דאָ די באַן קיין וואַרשע און קאָנדוקטאָרן, וועלכע אַרבעטן דאָרט זענען זיינע באַקאַנטע און ער וועט דערליידיקן, אַז מיר זאָלן פאָרן אָן געלט ביז וואַרשע, ער האָט אונדז געהייסן וואַרטן אין וואַרטע־זאַל ביז ער וועט אונדז צו וויסן געבן.

מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין וואַרטע־זאַל און געוואַרט. נאָכן וואַרטן ביי אַ האַלבע שעה איז געקומען דער קאַסירער מיט נאָך צוויי מאַן פון רזיטן

קרייץ און זיי האָבן געבראַכט אַ גרויסן קעסל טיי מיט ברויט און שמאַלץ און צו עטלעכע זלאָטעס פאַר יעדן איינעם.

אַביסל שפּעטער האָבן זיי נאָך אַמאָל געבראַכט ברויט מיט שמאַלץ. ווען די באַן איז אָנגעקומען האָט דער קאַסירער אונדז געשיקט רופן און געזאָגט, אַז מיר זאָלן איינשטייגן אין די ערשטע צוויי וואַגאָנען. און אַזוי זענען מיר אָנגעקומען קיין וואַרשע.

## צוריק אין דער היים

איך האָב נישט געוואָלט גלייך פאָרן אַ היים, ווייל איך האָב נישט געוואָלט קומען אין שטעטל בייטאָג, כדי איך זאָל די ערשטע צייט פאַרברענגען מיט די עלטערן. איך בין איינגעשטיגן אין טראַמוויי און אָועקגעפאָרן צו מיין פעטער, וועלכער האָט געוווינט אין וואַרשע און דאָרט בין איך געווען ביז פאַרנאַכט און דאַן בין איך אַוועק צו דער באַן־סטאַציע. איך בין געקומען אין די לעצטע מינוטן. אַלע וואַגאָנען זענען געווען איבערפולט. איך בין צו צום סטאַציע־שעף און געבעטן אַ פּלאַץ. ער האָט געעפנט אַ מיליטערישן וואַגאָן און געבעטן מאַכן פּלאַץ און מיך געהייסן איינשטייגן. ווען איך בין שוין געזעסן אין וואַגאָן האָב איך באַמערקט אין וואַגאָן אַ פּאַליאַק פון שטעטל, וועלכער איז געווען באַקאַנט פאַר דעם קריג אַלס ווילדער אַנטיסעמיט, ער האָט געטראָגן אין דער קליאַפּע אַן אָפּצייכן פון אַ פאָלקס־דויטש. ער האָט געלייענט אַ דייטשע צייטונג. ווען מיר זענען שוין געפאָרן, האָט ער אויפגעהערט צו לייענען און גענומען דערציילן די דייטשן ווי אַזוי ער האָט געקעמפט, אַז מען זאָל דעם געטאָ אין שטעטל וואָלאָמין נישט מאַכן אין שטאָט, נאָר אויסער דער שטאָט און ער האָט זיינס אויסגעפירט. מיך האָט ער זיכער נישט דערקענט, ווייל ער האָט אַלעמען געטיילט ציגאַרעטן און מיר האָט ער אויך געגעבן אַ ציגאַרעט. נאָך 25 מינוט פאָרן בין איך אָנגעקומען אין וואָלאָמין. עס איז שוין געווען גוט פינצטער. קיין ייד אין גאַס האָט מען שוין נישט געזען, ווייל יידן האָבן דאַן געמעגט זיין אין גאַס נאָר ביז 6 אַזייגער.

## דאס איז געווען דעם 7.11.40

באַשרייבן ווי אַזוי דער פאָטער האָט מיך אויפגענומען בין איך נישט אומשטאַנד, אָבער איך האָב אים געזען דאָס ערשטע מאָל וויינען. דער מוטער מיטן ברודער האָב איך שוין אין שטוב נישט געטראָפן, ווייל זיי זענען שוין געווען מיט אַ טייל זאַכן אין געטאָ. עס איז געווען איין וואָך פאָרן איבערגיין אין געטאָ.

דאָס טרעפן זיך מיט דער מוטער, בין איך אויך נישט אומשטאַנד צו באַשרייבן. איך האָב נישט צו דעם קיין ווערטער. איך וויל נאָר באַמערקן, אַז מיר

זענען געווען אין שטוב 2 קינדער — 2 ברידער און איך בין געווען דער מאַמעס זון. אויך דאָס זעלבע די באַגעגעניש מיטן ברודער. איך האָב אָט די זייט פיל מאָל אָנגעהויבן צו באַשרייבן און יעדעס מאָל אָויעקגעלייגט דאָס שרייבן, ווייל עס איז פאַר מיר צו שווער נאָך איין מאָל מיט מאַכן אָט די גאַנצע סצענע, וואָס איך האָב מיטגעמאַכט אין יענעם טאָג, ווען איך האָב זיך באַגעגנט מיט די עלטערן און ברודער.

## געטאָ וואלאמין

דעם 15־טן נאָוועמבער 1940 האָבן זיך אַלע יידן געמוזט געפינען אין געטאָ. דער געטאָ איז נאָך נישט געווען אַרומגעצוימט און האָט זיך געפונען ביי די באַן־שינעס. די געגנט אין וועלכער דער געטאָ האָט זיך געפונען האָט געהייסן סאָס־נעוווקע. עס זענען געווען צוויי טיילן — איין טייל נעבן די שינעס איז געווען פון גרויסע בלאָקן אין וועלכע עס האָבן געוווינט דער יודנראַט און די פאַרמעג־לעכע, דער צווייטער טייל, דער גרעסערער האָט זיך געפונען אין וואַלד, דאָרטן זענען געווען קליינע הילצערנע הייזלעך. די ענגשאַפט אין דער טייל איז געווען גאָר אַ גרויסע. אין אַלגעמיין זענען געווען אין געטאָ ביי 2000 יידן. איך, מיינע עלטערן און ברודער האָבן געוווינט אין אַ שטוב 3×3 מטר די גרויס. אין דער שטוב איז געשטאַנען אַ טאַקער וואַרשטאַט, מיין פאָטער איז געווען פון פאַך אַ האַלץ־טאַקער, די קיך, אַ בעט און ביינאַכט האָט מען אויפגעשטעלט נאָך אַ בעט. ווען מען האָט אויפגעשטעלט דאָס צווייטע בעט האָט מען נישט געקענט עפענען די טיר.

געלעבט האָבן די יידן פון די זאַכן, סחורות, וואָס זיי פלעגן פאַרקויפן די קריסטלעכע שמוגלערס, אָדער יידן, וואָס האָבן גענומען סחורות ביי די פאַר־מעגלעכע און זיי געשמוגלט אין די דערפער. צוריק וועגס האָבן זיי אַריינגעשמוגלט פראָדוקטן. נאָך אַ סאָרט פרנסה איז געווען פון אַריינגעשמוגלטע דורך קריסטן לעדער און אַנדערע רוי־שטאָפן, וואָס זענען דורך די יידישע בעלי־מלאכות אויס־געאַרבעט געוואָרן. מען פלעגט אויך אַריינשמוגלען קאָרן און עס מאָלן מיט האַנט מילן. פון דעם מעל האָבן די יידישע בעקערס געבאַקן ברויט, וואָס איז פאַרקויפט געוואָרן צו קריסטלעכע שמוגלערס.

ווי דערמאָנט, איז דער געטאָ די ערשטע צייט נישט געווען פאַרצוימט, עס איז נישט געווען קיין שמירה, אַזוי אַז מען האָט זיך געקענט פריי באַוועגן. אין דער ערשטער צייט פלעגט מען אַרבעטן ביי די דייטשן לויט ליסטעס געמאַכט דורכן יודנראַט.

אין אַ קורצער צייט שפּעטער איז דער געטאָ געוואָרן אַרומגעצוימט פון

דער זייט פון דער באַן־ליניע. מען האָט זיך נישט געקענט מער פריי באַוועגן און גיין אין שטאָט האָט מען געקענט נאָר מיט אַן אויסווייז פון שטאָטס קאָמיסאַר אָדער שמוגלען זיך. אויב מען האָט געכאַפט אַ ייד אין שטאָט אָן אַן אויסווייז, האָט מען דעם ייד געבראַכט אין יודנראַט און דער יודנראַט האָט געמוזט צאָלן שטראָף ביז 2000 זל׳ פאַר אַ קאָפּ. דער יודנראַט איז געוואָרן פאַראינטערעסירט אַוועק־צושטעלן יידישע מיליץ אויף צו היטן די אַרויסגענג פון געטאָ.

איך וויל נאָך באַמערקן, אַז די גרעסטע טייל האָט געליטן הונגער. דער קאָמיטעט האָט געקאָכט מיטאָג און געטיילט ברויט. אַ טייל פון די יידן פלעגט פאַרדינען דורך גנבנען האָלץ אין וואַלד, אַראָפּרייסן פּלויטן און עס פאַרקויפן צו די בעקערס.

אין שטאָט איז געווען אַ קריסטלעכער קריגס־אינוואַלידן פאַרבאַנד. איך בין אַוועק דאָרט אַהין צום פאָרזיצער און האָב אים געוויזן די באַשטעטיקונג פון דער געפאַנגענשאַפט און געבעטן ביי אים אַן עצה ווי אַזוי צו באַקומען הילף. ער האָט מיר אויפגעקלערט, אַז אַלס ייד קען ער מיר גאָרנישט העלפן, נאָר כ׳זאָל זיך ווענדן אַליין קיין וואַרשע וועגן אַ קאָמיסיע אין מיליטערישן שפּיטאָל. נאָכן אַדורכגיין די קאָמיסיע זאָל איך אָנשרייבן אַ ביטע אין קרייז ביוראָ פאַר אינוואַלידן וועגן באַקומען פּענסיע. איך האָב אַריינגעשריבן אַ בריוו אין שפּיטאָל אין וואַרשע און געבעטן אַ קאָמיסיע. די קאָמיסיע איז באַשטימט געוואָרן אויף אָנהויב 1941. איך האָב באַקומען פון שטאָטס קאָמיסאַר אַן אויסווייז צו פאָרן קיין וואַרשע און אַ דערלויבעניש אַריינצוגיין אין וואַרשעווער געטאָ. די קאָמיסיע האָט מיר צוגע־טיילט 98, אָדער 100 פּראָצענט, פעסטגעשטעלט דורך דייטשע דאָקטוירים. איך האָב באַקומען אַ באַשטעטיקונג אויף די פּראָצענטער און מיט איר אַריינגעגאַנגען אין וואַרשעווער אינוואַלידן פאַרבאַנד און דאָרט האָט מען מיר אויך געזאָגט, אַז איך זאָל שרייבן אַ ביטע, אָבער קיין האָפענונג, אַז כ׳וועל באַקומען הילף האָט מען מיר נישט געגעבן. כ׳האָב אָנגעשריבן אַ ביטע אויף וועלכער איך האָב נישט באַקומען קיין ענטפער די גאַנצע צייט.

## די צרות ווערן גרעסער

ענדע 1941 איז געוואָרן זייער שטרענג, אַז מען האָט געכאַפט אַ ייד אין שטאָט איז ער שוין נישט אָפּגעקומען בלויז מיט געלט־שטראָף, וואָס דער יודנראַט האָט באַצאָלט, נאָר מען פלעגט אויך שיסן די געכאַפטע יידן. דער דייטשער זשאַנ־דאַר פלעגט מעלדן אין יודנראַט, אַז ער האָט געשאָסן אַ ייד, אָדער עטלעכע יידן און פאַר יעדן ייד האָט ער פאַרלאַנגט 3—2 טויזנט זל׳. אין פאַרלויף פון געציילטע מינוטן האָט מען געמוזט שאַפן דאָס געלט, ווען נישט האָט ער געדראָט מיט אויס־

שיסן עטלעכע פון יודנראַט. אין אַזעלכע פֿאַלן איז די מיליץ אַריין אין די פֿאַר־מעגלעכע שטובן און מיט כּוח גענומען געלט וויפל עס האָט זיך געלאָזט.

צווישן די יידישע מיליציאַנערן זענען געווען סאַדיסטן, וועלכע האָבן געזוכט ספּעציעל אָנטאָן צרות, זיי האָבן געשלאָגן, ראַבירט א.ד.גל.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ טיפֿוס עפּידעמיע. די ערשטע צייטן האָבן די דאָקטוירים נישט געקענט פֿעסטשטעלן די קראַנקהייט. די קראַנקע זענען נאָך צוויי טעג געשטאָרבן. די עפּידעמיע האָט געבושעוועט ספּעציעל צווישן די רייכע געזונטע מענטשן. אין געטאָ זענען נישט געווען קיין מעדיקאַמענטן, נישט יעדער האָט געוואָלט ריזיקירן מיטן לעבן און אַריינשמוגלען פֿון שטאָט מעדיצינען. איך, נישט האָבנדיק קיין ברירה, פֿלעג אין אָוונט זיך אַרויסכאַפּן אין שטאָט אַריין און ברענגען וואָס מען האָט געדאַרפֿט. פֿאַר אַזאַ שליחות פֿלעג איך באַקומען אַ האַלבע קילאָ ברויט.

אין דער צייט, וואָס איך בין געווען אין געטאָ האָב איך קיין פֿלייש נישט פֿאַרזוכט. מיינער אַ חבר אַ קצב האָט מיר געגעבן אַ מתנה 200 גראַם פֿלייש. שבת, ווען מען האָט מיר געגעבן דעם ביסן פֿלייש האָב איך געשפּירט, אַז איך קען עס נישט עסן און אַז כ׳האָב שטאַרקע היץ. כ׳בין אַרויס פֿון שטוב און כ׳בין אַריין צום דאָקטאָר רעזניק. דער דאָקטאָר האָט פֿעסטגעשטעלט, אַז כ׳בין קראַנק אויף טיפֿוס. ער האָט מיך געפֿרעגט צי איך וויל זיין אין שטוב, אָדער גיין אין שפּיטאָל. איך האָב געזאָגט, אַז כ׳וויל אין שפּיטאָל. צומאָרגנס בין איך אַוועק אין שפּיטאָל.

דאָס שפּיטאָל איז געווען אין אַ הויז מיט אויסגעהאַקטע שויבן, פֿאַרקלאַפּט מיט ברעטער. יעדער קראַנקער האָט געמוזט מיטנעמען זיין בעטגעוואַנט און עסן האָט מען אויך געדאַרפֿט ברענגען פֿון שטוב, קיין סאַניטאַרן זענען נישט געווען. אין די צימערן איז געווען קאַלט און פֿינצטער. אין שפּיטאָל בין איך געווען 15 טעג. ווען כ׳בין אַרויס פֿון שפּיטאָל שטאַרק אויסגעמאַטערט און אויסגעהונגערט, איז ווען מען האָט מיר געגעבן אַ פֿערטל ברויט איז דאָס געווען דער פֿרישטיק, מיטאָג און אָוונטברויט.

אין געטאָ איז געווען אַ יתומים־הויז מיט אַ פּאָר און זיבציק קינדער. דער יודנראַט האָט באַשטעלט ביי מיין ברודער הילצערנע פּאָדעשוועס פֿאַר די קינדער. דער ברודער האָט אָנגעוויזן וועלכע ביימער ער דאַרף אויסשניידן אין וואַלד. דאָס אַרבעטס געלט האָט דער יודנ־ראַט געמוזט צוזאָגן, אַז ער וועט באַצאָלן מיט ברויט.

אין דער געגנט פֿון וואַרשע (וואָלאָמין איז געווען אַן ערך 18 ק״מ. פֿון וואַרשע) האָט זיך געפֿונען אַן אַרבעטס־לאַגער „וואָלנאָוו״. דער לאַגער איז געווען אונטער דער אויפֿזיכט פֿון די דייטשן און אין לאַגער איז געווען יידישע מיליץ. דער קאָמענדאַנט פֿון דער יידישער מיליץ אין לאַגער האָט געהייסן אַלעק־

ס אַ נ ד ע ר, אַן אָטוואָצקער ייד. דער יודנראַט אין וואָלאָמין האָט באַקומען אַ מעלדונג־צוטייל אויף אַ צאָל אַרבעטער אין דעם לאַגער אַריין, דער יודנראַט האָט צונויפגערופן אַלע אַרבעטספעיקע און אויסגערופן אַ סך נעמען און געמאָלדן, אַז די אַלע, וועלכע ער האָט אויסגעלייענט קענען זיך פאַנאַנדערגיין און די איבעריקע דאַרפן זיך צושטעלן אויף יעדן רוף. צווישן דער גרופּע, וואָס האָט געדאַרפט אַרויס צו דער אַרבעט איז אויף געווען מיין ברודער. איך האָב זיך געוואָנדן צום פּרעזעס פון יודנראַט און אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז דער ברודער איז דער איינציקער אין שטוב וואָס קען אַרבעטן און כ׳האָב געבעטן אים באַפרייען. ער האָט מיר געענטפערט, אַז ער מוז שיקן מענטשן צו דער אַרבעט און ער האָט נישט קיין ברירה.

עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז אין אָנהויב האָט מען זיך גערעכנט מיט מיין מצב. אַזוי צ. ב. האָט געטראָפן אַז מען האָט מיין ברודער געשיקט אויף אַרבעט אין שטאָט, אנשטאָט אים האָב איך זיך צוגעשטעלט. ביים אויסרופן די נעמען, איז ווען מען האָט אויסגערופן מיין ברודערס נאָמען האָב איך זיך אָנגערופן. דער פּרעזעס און דער קאָמענדאַנט פון דער מיליץ האָבן מיר אָנגעקוקט און געפרעגט: מען האָט דאָך גערופן דיין ברודער, האָב איך געענטפערט: אויב מיין ברודער וועט גיין צו דער אַרבעט, וועט נישט זיין אין שטוב ווער עס זאָל פאַרדינען. דאַן האָט מען מיך געהייסן אַהיים גיין.

## ארויס פון געטא

די טראַנספּאָרטן פון וואַרשעווער געטאָ, וואָס זענען געפאָרן קיין ט ר ע ב ל י נ ק ע זענען פאַרביי געפאָרן נעבן געטאָ. טאָג טעגלעך זענען געפאָרן טראַנספּאָרטן, יעדע 20 מינוט בערך. עס איז געווען די צייט פון ימים נוראים. אין געטאָ האָבן מיר געוווּסט ווו מען פירט די יידן און וואָס עס דערוואַרט זיי. איך געדענק, אַז יום־כיפור בין איך געשטאַנען אין געטאָ, יידן האָבן געדאַוונט אין די טליתים. פון איין זייט האָב איך געהערט ווי יידן שרייען און בעטן צו גאָט און פון דער צווייטער זייט זענען פאַרביי געפאָרן טראַנספּאָרטן מיט יידן קיין טרעבלינקע און מען האָט געהערט ווי די יידן האָבן אַרויסגעשריגן פון די וואַגאָנען.

וועגן גורל פון די יידן, וואָס מען פירט אין טרעבלינקע האָבן מיר געוווּסט פון אייזנבאַן אַרבעטער. עס איז אויך געווען אַ פאַל פון איינעם פון אונדזער שטעטל, וואָס האָט זיך געפונען אין וואַרשעווער געטאָ און איז געוואָרן אַרויס־געפירט קיין טרעבלינקע און עס איז אים געלונגען פון דאָרט צו אַנטלויפן. ער האָט געאַרבעט אין טרעבלינקע ביים פאַרלאָדן די וואַגאָנען מיט די זאַכן פון די אומגעקומענע. ער האָט זיך פאַרשטעקט צווישן די זאַכן אין וואַגאָן און אַזוי איז

ער אַרויס פון לאַגער. אויפן וועג, נישט ווייט פון וואָלאָמין, איז ער אַרויסגעשפּרונגען פון וואַגאָן און געקומען צו אונדז אין געטאָ.

זיין פאָטער פלעגט מען רופן דער בעל־שם. ער לעבט היינט אין פּוילן.

די קליינע געטאָס פון דער אומגעגנט האָט מען ליקווידירט. אַ טייל יידן האָט מען געשאָסן אויף די וועגן און די רעשט אַריינגעפירט אין וואַרשעווער געטאָ.

עס זענען געבליבן די געטאָס אין יאַדאָוו, ראַדזימין און וואָלאָמין. די ערשטע טעג סוכות 1942 איז געקומען אונדזער אַ שטאָטישער וואָס האָט געשמוגלט, ער האָט געהאַט אַ קריסטלעכן אויסזען, און האָט דערציילט, אַז מען ליקווידירט דעם יאַדאָווער געטאָ. עס איז נישט מער געבליבן ווי ראַדזימין און וואָלאָמין. מען האָט געפילט, אַז עס דערנענטערט זיך דער טאָג פון דער ליקווידאַציע פון צוויי געטאָס.

איך האָב באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דעם געטאָ, אויך אין שטוב האָט מען מיר צוגערעדט צו דעם. אַלס אינוואַליד בין איך געווען זיכער. אַז ביי דער ליקווידאַציע האָב איך נישט קיין האָפענונגען, אַזוי, אַז כ'האָב נישט געהאַט וואָס צו פאַרלירן. כ'האָב געהאַט אַ גוטן „אויסזען" און דאָס האָט מיר געגעבן מוט צו פּרובירן. כ'האָב פּשוט נישט געהאַט וואָס צו פאַרלירן. איך האָב געטראַכט, אַז אויב מען וועט מיך כאַפּן וועל איך כאָטש וויסן, אַז כ'האָב פּרובירט. איך האָב געהאַט אַ גוטן נייעם פּאַלטאָ, וועלכן איך האָב אָנגעטאָן. איך בין אַוועק אין נאָענטסטן דאָרף „קובולקע" און כ'האָב געקויפט אַ בילעט אויפן צוג קיין אסטראָוו מאַזאָוויעצק. מיין פּלאַן איז געווען קומען קיין זאַמבראָוו, אויף יענער זיין פון בוג. יענע געגנט האָט געהערט צום דריטן רייך און עס זענען נאָך געווען געטאָס נישט קיין באַוואַכטע.

איך בין געפאָרן מיטן צוג ביז מאַלקין, דאָרט האָט מען געדאַרפט איבערשטייגן אין אַ צווייטן צוג. ביים אַדורכגיין פון איין פּעראָן אויפן צווייטן זענען געשטאַנען דייטשן און האָבן אַכטונג געגעבן, אַז עס זאָלן זיך נישט אַדורכשמוגלען יידן. זיי האָבן אויף מיר נישט געלייגט קיין אַכט. איך בין איינגעשטיגן אין באַן, וואָס גייט קיין אָסטראָוו און אָנגעקומען בשלום שפּעט ביינאַכט. אין אסטראָוו אויף דער סטאַציע האָב איך געטראָפן עטלעכע יוגנטלעכע פון מיין שטעטל, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט שמוגל. ווען זיי האָבן מיר באַמערקט האָבן זיי פּרובירט זיך אַרויסכאַפּן פון דער סטאַציע, כדי כ'זאָל זיי נישט באַמערקן. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז כ'וועל גיין מיט זיי און דאָס קען זיי פאַראַטן. כ'האָב באַמערקט ווי זיי זענען אַרויס פון דער סטאַציע און אָנגעהויבן גיין אין זייער ריכטונג. איך בין אַדורך אַ פאַרקאַן,און קען זיך ביז היינט נישט פאָרשטעלן ווי אַזוי איך בין אים אַדורך. און דערפאַר וואָס זיי האָבן געמוזט גיין פאָרזיכטיק (מען האָט דאָך נישט געטאָרט

גיין) זענען זיי געגאַנגען לאַנגזאַם און איך האָב געקענט נאָכגיין. אויפן וועג האָבן מיר געטראָפן עטלעכע קריסטלעכע פּרויען (איינע מיט אַ קינד), וועלכע זענען געגאַנגען אין דער זעלבער ריכטונג. פאַרטאָג זענען מיר צוגעקומען צו דער גרענעץ (די כוונה איז צו די רוסיש־דייטשע גרענעץ פון 1939). איידער מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דער גרענעץ האָבן די קריסטנס געזאָגט, אַז אויב מען הערט שיסן מוז מען בלייבן שטיין. צוקומענדיק אָן ערך 10 מעטער פון גרענעץ דראָטן האָט מען געהערט שיסן. מיר זענען געבליבן שטיין. נאָך אַ פּאָר מינוט איז געקומען אַ דייטשער זעלנער פון דער גרענעץ וואַך מיט אַ הונט און האָט אונדז גענומען פירן צו דער קאָמענדאַטור. ווען מיר זענען צוגעקומען צו דער קאָמענ־דאַנטור איז שוין געווען לעכטיק אין דרויסן. פאַר דער קאָמענדאַנטור האָט דער דייטש געהייסן מיך און דער קריסטין מיטן קינד בלייבן אין דרויסן און די אַלע איבעריקע האָט ער אַריינגעפירט אין דער קאָמענדאַנטור אַריין. די קריסטין האָט מיר אויפגעקלערט, אַז קיין גרויסע שטראָפן גיט מען נישט. מען הייסט וואַשן די פּאָדלאָגע, האַקן האָלץ און אַנדערע שווערע אַרבעטן, נאָך דעם באַפרייט מען. איך וויל באַמערקן, אַז די יידישע יוגנטלעכע האָבן אויסגעזען ווי קריסטן, אויך מיר האָט מען אָנגענומען אַלס גוי.

זייענדיק מיד פון וועג האָב איך זיך אַוועקגעלייגט אויפן גראָז. אַ פופצן מינוט שפּעטער, ווען דער וואַכמאַן איז אַרויס פון דער קאמענדאַנטור און האָט מיך געזען ליגן אויפן גראָז איז ער צוגעקומען און מיר געפרעגט פאַרוואָס איך וויל אַדורכגיין די גרענעץ. איך האָב אים אויפגעקלערט, אַז כ׳בין אַ קריגס־אינוואַליד, קען נישט אַרבעטן און אַז אויף יענער זייט גרענעץ האָב איך קרובים און כ׳גלויב, אַז זיי וועלן מיר העלפן. ער האָט מיר אַוועקגעפירט אָן אַ זייט און האָט מיר געזאָגט, אַז 12 בייטאָג טוישט מען די וואַך ביי דער גרענעץ און דאמאָלסט געפינען זיך איינצלנע וואַכלייט אויף דער גרענעץ. ער האָט מיר נאָך געזאָגט, אַז נישט ווייט פון דער גרענעץ געפינט זיך אַ טריבונאמעט (טורעם) און אויב כ׳וועל גיין גלייך אויפן טורעם וועל איך נישט טרעפן קיין וואַכלייט און וועל קענען פריי אַדורך די גרענעץ, מיטאָג צייט.

איך וויל דאָ באַמערקן, אַז די געגנט (וואָלאָמין) פון וועלכער איך בין געקומען האָט געהערט צום גענעראַל גובערנאַמענט. די צווייטע זייט בוג האָט געהערט צום דריטן רייך. מען האָט נישט געטאָרט אַדורכגיין די גרענעץ פון גענעראַל גובערנאַמענט אין דריטן רייך.

דעם וועג צו דער גרענעץ האָב איך נישט געקענט. איך האָב דערציילט דער קריסטן מיטן קינד, וואָס דער דייטש האָט מיר געזאָגט. פאַר מיטאָג בין איך מיט דער קריסטן אַוועק צו דער גרענעץ לויט די אָנווייזונגען פון דייטשן זעלנער און

מיר האבן באמת קיינעם נישט געטראפן. צוקומענדיק צו די דראטן האט די קריסטן אויפגעהויבן זיי און אריבער די גרענעץ. איך האב נישט געקענט אדורך צוליב מיין אינוואלידיטעט. איך האב אויפגעהויבן דעם אונטערשטן דראט און זיך פארטשעפעט אן דעם אויבערשטן דראט. כ׳האב זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד און זיך אדורכגעשארט אויף דער צווייטער זייט גרענעץ.

כ׳האב זיך שנעל דערווייטערט פון דער גרענעץ און אנגעקומען אין א דארף. כ׳בין אריין אין ערשטן הויז און דארט געטראפן א פויערטע, וואס האט פארלוירן איר זון אין דער מלחמה. זי האט מיר געגעבן עסן און כ׳האב זיך דארט אפגערוט. מען האט מיר נישט געפרעגט ווער איך בין.

## געטא זאמבראוו

איך בין ארויס אויפן שאסיי קיין זאמבראווע, א פארבייפארנדע פור האט מיר מיטגענומען.

אין געטא פון זאמבראוו בין איך אריין דורך א זייטן וועג. די יידישע פאליציי האט נישט אריינגעלאזט קיין פרעמדע אין געטא. כ׳האב געטראפן באקאנטע, וואס האבן מיר געראטן זיך צו ווענדן צום יודנראט און בעטן הילף. דער פרעזעס האט אויף מיר געשריגן און געזאגט, אז די פליטים ברענגען א גרויסע סכנה פארן זאמבראווער געטא און האב נישט באקומען קיין שום הילף.

דאס לעבן אין געטא אין דער צייט, וואס כ׳בין דארט געווען (ענדע 1942), איז געווען ווי אין א גן־עדן אין פארגלייך מיטן געטא אין ווילאמין. די יידן האבן געארבעט ביי פארשידענע ארבעטן ביי די דייטשן אין דער שטאט און אויסער איר. צו דער ארבעט זענען די יידן געגאנגען אן באגלייטונג. עס איז אויך געווען וואס צום עסן.

וויסנדיק, אז אין גענעראל גובערנאמענט ליקווידירט מען איין געטא נאכן אנדערן און גלויבנדיק, אז אויך דארט וועט זיין דאס זעלבע, בין איך נישט געשלאפן אין געטא. פארנאכט בין איך ארויס אין נאענטן דארף און דער סאלטיס האט מיר געגעבן א צעטל אויף א נאכטלעגער ביי א פויער. ביים פויער האב איך באקומען אן אוונטברויט און אינדערפרי א פרישטיק. א גאנצן טאג בין איך געלעגן אויפן פעלד. איך פלעג נעכטיקן אין פארשידענע דערפער, אומעטום האב איך באקומען פון סאלטיס א צעטל צו נעכטיקן נישט פרעגנדיק גארנישט. אין געטא פלעג איך אריינקומען 1—2 מאל אין דער וואך, וועלנדיק געוווויר ווערן פארשידענע נייעסן. אזוי האב איך געלעבט בערך א חודש צייט.

דעם טאג פון דער ליקווידאציע פון זאמבראווער געטא, שבת אדער זונטיק

אויף דער נאַכט, האָב איך זיך געפונען אַ גאַנצן טאָג אין געטאָ. אין געטאָ האָט זיך דאָס לעבן געפירט ווי געוויינלעך, נישט פילנדיק, אַז מען שטייט אויפן ראַנד פון ליקווידאַציע. פאַרנאַכט ווי שטענדיק בין איך אַוועק בעכטיקן אין דאָרף. ווען כ׳בין אויפגעשטאַנען אינדערפרי און געוואָלט גיין אין אַ צווייטן דאָרף האָב איך באַמערקט פון דער ווייטנס מײַנעם אַ שטאַטישן. ער איז נישט געגאַנגען מיטן וועג, נאָר מיט די פעלדער, אויסבאַהאַלטנדיק זיך. ווען ער האָט מיך באַמערקט איז ער צוגעקומען צו מיר. די ערשטע פראַגע זיינע איז געווען צי איך ווייס, וואָס איז געשען אין זאַמבראָווער געטאָ. ווען כ׳האָב אים געענטפערט, אַז איך ווייס נישט, האָט ער מיר דערציילט, אַז נעכטן בײַנאַכט האָט מען ליקווידירט דעם געטאָ. אים איז געלונגען צו אַנטלויפן. ער האָט מיר אויך דערציילט, אַז ער וויל זיך אומקערן קיין וואַרשע. מיר האָבן זיך געזעגנט און איך בין אַוועק אויף מזרח, וועלנדיק קומען אין דער געגנט פון סלאָנים. יענע געגנט איז מיר געווען באַקאַנט פון מיין מיליטער־דינסט און אויך האָב איך געדענקט, אַז אַזוי ווי אין סלאָנים האָט מען שנעל אומגעבראַכט די יידן, האָב איך געמיינט, אַז מען האָט שוין אין זיי פאַרגעסן. דאָס גלייכן האָב איך געטראַכט צו קומען נענטער צו די רוסישע נישט אָקופּירטע געביטן. נאָך דער ליקווידאַציע פון זאַמבראָווער געטאָ, און אין דער זעלבער צייט האָט מען ליקווידירט די געטאָס ביז ב י אַ ל י ס ט אָ ק, האָב איך מורא געהאַט פריי זיך צו באַוועגן און אַריינגיין אין אַ דאָרף. בײַנאַכט בין איך געשלאָפן אין אַ זעמליאַנקע פון קאַרטאָפל, בײַטאָג בין איך געגאַנגען אין דער ריכטונג פון זון־אויפגאַנג. כ׳בין אויך געגאַנגען דורך וועלדער. איין טאָג בין איך געגאַנגען אַ גאַנצן טאָג און צוריק געקומען אויפן זעלבן פּלאַץ.

## מיין לעבן אין סכנה

אין אַ געוויסן אָונט, זייענדיק אויסגעמאַטערט און שטאַרק הונגעריק בין איך אַריין אין אַ כוטאָר. איך האָב זיך דערנענטערט צו אַ הויז, וועלנדיק בעטן אַ שטיקל ברויט. דאָרט האָט מיך אַ 20 יאָריקער קריסט אָנגעכאַפּט, שרייענדיק, אַז ער האָט געכאַפּט אַ ייד. וויפל איך האָב נישט פּרובירט איבערצייגן, אַז כ׳בין נישט קיין ייד האָט דאָס נישט געהאָלפן. ער האָט נאָך געטענהעט, אַז אַ קריסטלעכער אינוואַליד גייט נישט אַזוי שיין אָנגעטאָן (כ׳האָב געהאַט אַ נייעם מאַנטל). ער האָט מיך געפירט אין דאָרף צום סאָלטיס.

ביים סאָלטיס האָבן מיר צוויי פּויערים באַזוכט צי איך האָב נישט קיין געווער. דער שייגעץ האָט געשריגן, אַז כ׳האָב נאָר צו לעבן ביז אינדערפרי און עס איז גוט, וואָס מען טוט מיט די זשידעס. דער סאָלטיס איז נישט געווען אין שטוב. ווען ער איז אָנגעקומען האָט ער גערעדט מיטן שייגעץ, ער זאָל מיר

באַפרייען, זאָגנדיק אים, אַז דאָס איז דאָך אַ פוילישער אינוואַליד, אָבער דאָס האָט נישט געווירקט.

אינדערפרי האָט מען מיר אין אַ וואָגן אָפּגעפירט אין שטעטל לאַפּי. מיט מיר איז געפאָרן דעם סאָלטיס פאַרטרעטער, אַן אַלטער גוי פון אַ יאָר 70. דער שייגעץ איז נישט מיטגעפאָרן. אויפן וועג האָב איך געזאָגט דעם סאָלטיס פאַרטרעטער, אַז כ׳בין גרייט אַלעס אָוועקצוגעבן, — דעם מאַנטל, אַ גאָלדן זייגערל און 100 דייטשע מאַרק, אַז ער זאָל מיר לאָזן פריי. דער פאַר. סאָלטיס האָט מיר געזאָגט, אַז פון איין זייט וואָלט ער מיר באַפרייט נישט פאַרלאַנגענדיק גאָרנישט, אָבער ער האָט מיר אָנגעוויזן, אַז הינטער אים פאָרן אַ סך פורן און דערפאַר האָט ער מורא מיך צו באַפרייען.

פאָרנדיק ווייטער האָבן מיר באַגעגנט אַ קאַרעטע מיט דייטשע זשאַנדאַר־מעריע. איך האָב געבעטן דעם פאַר. סאָלטיס, ער זאָל זיי נישט מעלדן און אָפּפירן מיך אין שטאָט. די כוונה איז געווען אָפּשלעפּן די צייט. נישט ווייט פון שטאָט האָב איך פאַרגעלייגט דעם פאַר. סאָלטיס, אַז כ׳וועל אַלץ איבערלאָזן בתנאי, אַז אין קאָמענדאַנטור זאָל ער נישט דערמאָנען, אַז כ׳בין אַ ייד, נאָר ער זאָל זאָגן, אַז ער האָט געבראַכט אַ וואַנדערער. ער האָט דאָס מיר צוגעזאָגט נישט פאַרלאַנגענדיק אַז כ׳זאָל אים איבערלאָזן די זאַכן. כ׳האָב אים אויפגעקלערט, אַז אַלע וועלן זען, אַז ער פירט מיר אַריין אין קאָמענדאַנטור און וואָס ווייטער איז ער דאָך נישט פאַראַנטוואָרטלעך.

מיר זענען אַריין אין דער זשאַנדאַרמעריע (די זשאַנדאַרמען האָבן גערעדט פויליש) און דאָרט האָט דער פאַר. סאָלטיס דערקלערט, אַז ער האָט געבראַכט אַ וואַנדערער און ווייס נישט ווער ער איז.

אויף דער פראַגע פון זשאַנדאַרם, ווער איך בין, האָב איך געענטפערט, אַז איך בין פון וואַרשע און אַזוי ווי איך האָב נישט פון וואָס צו לעבן וואַנדער איך איבער די דערפער. איך האָב געהאָט דעם באַפרייונגס צעטל פון דייטשן געפאַנ־גענשאַפט און כ׳האָב אים דאָס באַוויזן. דער פאַמיליע נאָמען איז אַ קריסטלעכער און דער פאַרנאָמען הערש, האָט ער געלייענט הערשיק און ער האָט מיר אָנגענומען אַלס פוילישן. ער האָט צוגעגעבן, אַז כ׳מוז צוריק פאָרן קיין וואַרשע.

דער פאַר. סאָלטיס איז אַוועק און דער זשאַנדאַרם האָט מיר אַריינגעפירט צום קאָמענדאַנט. דער קאָמענדאַנט האָט אַזוי פאַרשטאַנען דאָס צעטל. ער האָט אויף מיר געשריגן, דאָס איך בין פון גענעראַל גובערנאַמענט און טאָר זיך נישט געפינען אין דריטן רייך, אויב ער וועט מיר נאָך אַמאָל כאַפּן — באַקום איך אַ קויל אין קאָפּ. ער האָט מיר געהייסן אָפּפירן צום אַמטס קאָמיסאַר, וווּ מען זאָל מיר אַרויסגעבן אַ פּשעפּוסטקע קיין וואַרשע. די וואַרנונג פון באַקומען אַ קויל

אין קאָפּ, וואָס וואָלט ביי נאָרמאַלע באַדינגונגען אַרויסגערופן אַ קאַלטן שווייס און שטאַרקן האַרץ קלאַפּעניש איז אין דעם מאָמענט געווען פאַר מיר אַ פריילעכע בשורה, אַז איך לעב נאָך.

אין אַמטס קאָמיסאַריאַט בין איך אָנגעקומען פאַר 9 פרי און דער קאָמיסאַר איז נאָך נישט געווען. ווען ער איז אָנגעקומען האָט דער זשאַנדאַרם איבערגעגעבן אים דאָס צעטל, זאָגנדיק, אַז מען האָט געהייסן אַרויסגעבן מיר אַן אַרויסוויז קיין וואַרשע. דאָס צעטל איז געוואָרן איבערגעגעבן די סעקרעטאַרקע, זי זאָל אויסשרייבן די פּשעפּוסטקע.

בעת די סעקרעטאַרקע האָט אָנגעהויבן שרייבן די פּשעפּוסטקע האָב איך צוגענומען דאָס צעטל. די סיבה פון דעם איז געווען, הגם מיין נאָמען איז געווען אַ פּוילישער, האָט אָבער מיין פאַרנאָמען „הערש״ געוויזן אויף מיין יידישער אָפּשטאַמונג. די דייטשן האָבן זיך נישט געכאַפּט אויף דעם און דער דאָקומענט פון געפאַנגען־לאַגער מיטן האַקנקרייץ האָט געמאַכט אַ גוטן איינדרוק. די סעקרעטאַרקע, אָבער, איז געווען אַ פּוילישע און זי וואָלט גלייך זיך געכאַפּט אין וועמען עס גייט. אין אַזעלכע מאָמענטן און זיי זענען געווען אַן אַשיעור, האָט דעצידירט דאָס ביסעלע מזל, אַ געלונגענער טריק און פון טויט ביסטו לעבעדיק געוואָרן. אויך אין דעם מאָמענט האָט מיר דאָס מזל געגליקט. די סעקרעטאַרקע האָט געזוכט דאָס צעטל, איך האָב איר געזאָגט, אַז עס איז ביי מיר. זי האָט אים נישט פאַרלאַנגט און נאָר געפרעגט מיין נאָמען. איך האָב איר געזאָגט „הענריק״און אַזוי האָט זי אויפגעשריבן.

אַיך האָב שוין געהאַט אַ גוטן דאָקומענט צו פאָרן קיין וואַרשע. אויפן וואָקזאַל האָב איך אַן שוועריקייטן באַקומען אַ בילעט קיין וואַרשע. זייענדיק שטאַרק באַוואָקסן האָב איך מורא געהאַט, אַז דאָס זאָל נישט אַרויסרופן אַ פאַרדאַכט. איך האָב ריזיקירט און אַריין צו אַ פריזיר זיך ראַזירן. אַרויסגייענדיק פון פריזירער אין דער ריכטונג פון דער באַן סטאַציע האָט מיר אָפּגעשטעלט אַ זשאַנדאַרם. ער האָט קאָנטראָלירט די דאָקועמנטן מיט דער פּשעפּוסטקע און ס׳איז דורך בשלום. ביי דער קאָנטראָל פון באַן האָט מיר דער קאָנדוקטער געפרעגט פאַרוואָס אין איין דאָקומענט איז געשריבן „הענריק״ און אין צווייטן „הערש״. איך האָב גלייך אויפן אָרט געענטפערט, אַז „הערש״ איז אַ פאַרקירצונג פון „הענריק״, מיין ענטפער איז אָנגענומען געוואָרן פאַר אַ ריכטיקן.

די רייזע איז אַדורך בשלום. די קאָנטראָל ביי מאלקין, דער גרענעץ־פונקט פון דריטן רייך און גענעראַל גובערנאַמענט, האָט נישט געמאַכט קיין שוועריקייטן. אין מיין שטעטל וואָלאָמין איז געווען אַ קורצער אָפּהאַלט פון צוג. איך האָב מורא געהאַט, אַז גוים פון דער שטאָט זאָלן מיר נישט דערקענען. איך האָב זיך איינ־

געטוליעט אין מאַנטל און אַזוי ווי ס׳איז געווען קאַלט, האָט דאָס נישט אַרויס־גערופן קיין פאַרדאַכט.

## וואַרשע

ווען כ׳בין אָנגעקומען אין וואַרשע איז געווען טונקל. איך האָב נישט געהאַט ווו צו שלאָפן. ביי אַ תחנה פון טראַמוויי האָב איך באַגעגנט אַ פּוילישן אינוואַליד אָן אַ פוס, ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער וווינט אין גראָכאָוו. איך האָב אים דערציילט, אַז כ׳קום פון דריטן רייך (זאַמבראָוו) און כ׳האָב נישט ווו צו שלאָפן. ער האָט מיר איינגעלאַדן כ׳זאָל פאָרן מיט אים. אָנקומענדיק אין גראָכאָוו האָט מיין באַגלייטער מיר געזאָגט, אַזוי ווי זיי האָבן נאָר איין צימער און ס׳איז ענג, האָט ער מיר געראָטן כ׳זאָל אַריינגיין צום סאָלטיס און בעטן אַ נאַכטלעגער. ער האָט צוגעגעבן, אַז אויב כ׳וועל נישט באַקומען קיין צעטל פון סאָלטיס, וועל איך שלאָפן ביי אים. ער האָט צוגעזאָגט צוּוואַרטן. דער סאָלטיס האָט מיר דערקלערט, אַז כ׳זאָל צו גיין ביז וואַוור און דאָרט איז פאַראַן אַ נאַכטלעגער־הויז און ס׳קאָסט נישט טייער איבערצונעכטיקן. דער פּוילישער אינוואַליד האָט נישט געוואַרט אויף מיר.

איך בין אָנגעקומען אין נאַכטלעגער־הויז (דאָס נאַצלעגאָווי) און באַגריסט מיט אַ גוטן אָוונט. איך האָב פאַרגעסן, אַז כ׳דאַרף זאָגן: „ער זאָל זיין געריכמט״. דער אויפזעער פון הויז איז געווען שיכור און גלייך געזאָגט: „עס גייט אַ ייד״. די פרוי האָט געזאָגט: דו זעסט דאָך, אַז ער איז נישט קיין ייד און איך האָב אויך געטענעט דאָס זעלבע, אָבער דער גוי האָט זיך געהאַלטן ביי דאָס זייניקע. צום סוף האָט ער געזאָגט, אַז עס אינטערעסירט אים נישט און כ׳וועל קענען איבער־נעכטיקן. ער האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ גרויסן צימער, ווו עס זענען געווען אַ סך פריטשעס (אָן שעניקעס) און געזאָגט, אַז כ׳קען דאָ שלאָפן. ער האָט מיר אויך געזאָגט, אַז ער לאָזט אָפן די טיר און אין פאַל ווען עס וועט זיך עפּעס מאַכן ביינאַכט, זאָל איך קענען אַנטלויפן. אינדערפרי האָט דער גוי געגנצלעך פאַרגעסן פון זיין חשד, אַז כ׳בין אַ ייד, האָט אפילו מיר געגעבן עסן פרישטיק.

## אויף דער אַרישער זייט

זייענדיק אין לאַגער בין איך געלעגן אין קראַנקן־שטובע, נעבן מיין בעט איז געלעגן אַ קראַנקער פּוילישער זעלנער. ביז דער מלחמה איז ער געווען אַ מאָטאָר־פירער פון טראַמוויי.

אַלס אינוואַליד האָב איך באַקומען אין קיך עסן, אַ חוץ די נאָרמאַלע צוטייל־לונגען. פון מיין עסן פלעג איך געבן מיין שכן אַ טייל. ער פלעגט שטענדיק זאָגן,

אַז אויב איך וועל זיין אַמאָל אין וואַרשע און כ׳וועל עפּעס דאַרפֿן, זאָל איך זיך צו אים ווענדן און ער וועט העלפֿן מיט אַלע מעגלעכקייטן. קומענדיק אין וואַרשע האָב איך אָנגעהויבן אים זוכן. זיין אַדרעס האָב איך נישט געהאַט. איך האָב זיך נאָכגעפֿרעגט ביי די טראַמוויי־אַרבעטער (טראַמוואַיאַזשעס) וועגן אים און זיי האָבן מיר גלייך געפֿרעגט צי ער איז מיר שולדיק געלט, באַטאָנענדיק, אַז ער איז אַן אונטערוועלטניק. דאָס האָט גראַדע מיך נישט געשראָקן, ווייל דער סוג (טיפּ) מענטשן האָט זיך אינטערעסירט מיט געשעפֿטן. איך בין געוויר געוואָרן זיין אַדרעס אין פּראַגע. ער האָט געוווינט אין אַ בוידעם שטיבל. אָנקומענדיק צו אים האָב איך געטראָפֿן די וווינונג פֿאַרשלאָסן. כ׳בין געקומען נאָך אַמאָל, בערך אַ 15 מינוט פֿאַרן עוצר. די טיר איז נאָך געווען פֿאַרמאַכט. נעבן דער טיר איז געווען אַ קליין קעמערל. איך האָב זיך דאָרט פֿאַרשטעקט און געטראַכט וואַרטן אויף אים, זייענדיק באַהאַלטן.

נאָך אַ צוויי שעה האָב איך דערהערט זיין שטימע. ער איז געווען שיכור און געזונגען. איך האָב אויך געהערט אַ פֿרויען שטימע. איך האָב מורא געהאַט זיך אַרויסצווייזן און געבליבן אין קעמערל. נאָך אַ קורצער צייט איז די פֿרוי אַרויס. כ׳בין אַרויס פֿון קעמערל און אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. ער האָט אויפֿגעמאַכט די טיר און גלייך מיר דערקענט. די ערשטע ווערטער זיינע זענען געווען: „דו ווייסט וואָס עס דערוואַרט מיך?״ און ער האָט מיר אַריינגענומען אין שטוב.

ביינאַכט ליגנדיק מיט אים אין איין בעט האָב איך אים אויפֿגעקלערט, אַז אויב ער קען מיר שאַפֿן אַ מעטריקע פֿון איינעם אין מיינע יאָרן, וואָס איז פֿאַרלוירן געגאַנגען, דאַן וואָלט איך זיך געקענט אויפֿן סמך פֿון דעם דאָקומענט אויסאַרבעטן אַ קען־קאַרטע (תעודת־זהות). ער האָט מיר געזאָגט, אַז זיינער אַ ברודער איז פֿאַרלוירן געגאַנגען אין 1939 יאָר, ער איז געווען מיין יאָרגאַנג און די מעטריקע געפֿינט זיך ביי זיין מוטער און ער וועט זי ברענגען און העלפֿן מיר קריגן די קען־קאַרטע. ביזן דערליידיקן די ענינים דאַרף איך זיין ביי אים אין שטוב, געוואָרנט נישט אַרויסצוגיין פֿון דער וווינונג. צומאָרגנס האָט ער ביי מיר געבאָרגט מיין מאַנטל. ביינאַכט איז ער צוריק געקומען אָן מאַנטל, שיכור און ער האָט דערציילט, אַז ער האָט פֿאַרזעצט דעם מאַנטל, בכדי צו קענען ברענגען פֿאַר מיר עסן. אין משך פֿון 5—4 טעג האָט ער ביי מיר צוגענומען אַ זייגערל, אַ גאָלדן קייטל און דעם אַנצוג. ער אַליין איז געווען אַ קליין געוווקסיקער, ער האָט מיר געגעבן זיינע הויזן, וואָס האָבן מיר געגרייכט ביז אונטער די קני.

אויפֿן פֿינפֿטן טאָג, ווען כ׳האָב שוין גאָרנישט געהאַט, האָט ער מיר געזאָגט, אַז כ׳קען ביי אים מער נישט וווינען, ווייל די וווינונג איז נישט זיינע און ער אַליין איז אַ סובלאָקאַטאָר. די אייגנטימערן פֿון דער וווינונג איז אַ פּראָסטיטוטקע

און אויב זי וועט מיר טרעפן וועט זיין שלעכט. ער האָט מיר איך צוגעזאָגט, אַז ער וועט גיין מיט מיר קיין גראָכאָוו, צו אַ טראַמוואַיאַזש און אים זאָגן, אַז איך בין זיינער אַ ברודער און דינגען ביי אים אַ צימער פאַר ביידע. מיר זענען געקומען אין גראָכאָוו צום טראַמוואַיאַזש. ער האָט נישט געוואָלט פאַרדינגען, זאָגנדיק, אַז זיין פרוי, וועלכע האָט זיך געפּתען אונטער ווענס, וועט נישט מסכים זיין, אָבער ווען מיין „באַשיצער״ האָט אַרויסגענומען אַ פלאַש בראָנפן אויפן טיש, האָט ער שוין גאָרנישט גערעדט און אונדז דערלויבט איבערנעכטיקן. ביי טאָג האָב איך זיך אַרומגעדרייט אין גאַס. אין אָוונט בין איך געקומען אין דער היבונג, אָבער זי איז געווען געשלאָסן. איך האָב געוואַרט ביז 12 ביינאַכט. דער סטרוזש האָט געזאָגט, אַז ער קען מיר מער נישט לאָזן אין הויז און מיר פאַרטריבן. ער האָט מיר געראָטן איך זאָל גיין גלייך מיט דער גראָכאָווסקי גאַס, דאָרט זענען פאַראַן אָפענע הויפן, וועל איך קענען אין אַ טרעפּן־צימער איבערזיצן די נאַכט. אָפּגייענדיק אַ 40—30 הייזער האָב איך געפונען אַן אָפן הויף. די טרעפּן צימער פון דעם הויף זענען געווען געשלאָסן, אָבער איך האָב באַמערקט טרעפּ, וואָס פירן אין אַ קעלער אַריין. כ׳בין אַראָפּ אין קעלער און כ׳האָב זיך אַוועקגעזעצט אויף די לעצטע טרעפּ. כ׳האָב נישט באַמערקט, אז אין שכנותדיקן הויף, וואָס איז געווען אָפּגעטיילט מיט אַ דראָט־פאַרצוימונג האָבן זיך געפונען דייטשע מיליטערישע אויטאָס מיט מיליטער. נאָך עטלעכע מינוט האָט מען צו מיר אַריינגעלויכטן און געשריגן אויף דייטש, אַז כ׳זאָל פון דאָרט אַרויס. זיי האָבן מיר געפרעגט, וואָס איך טו אין קעלער. איך האָב זיי דערציילט אַז מיין חבר איז נישט אַהיים געקומען און כ׳האָב נישט געהאַט וווּ צו שלאָפן. אין אָנפאַנגס האָבן זיי מיר נישט געגלויבט, זאָגנדיק, אַז איך האָב עפעס געוואָלט טאָן. ווען כ׳האָב זיי געוויזן, אַז כ׳בין אָן אַ פּוס און אָן אַ האַנט, האָבן זיי געזאָגט, אַז כ׳קען נאָך מאַכן מער ווי אַ צווייטער. זיי האָבן זיך באַראַטן צי מען זאָל מיר פירן צום אָפיציר, אָדער אָפּלאָזן. איינער האָט געזאָגט, אַז מעגלעך, ער זאָגט דעם אמת און מען דאַרף אים אָפּלאָזן. מען האָט מיר געגעבן אַ קאָפּ אין האַנטן און געהייסן גיין. גייענדיק צוריק אין דער ריכטונג פון פראַגע האָב איך באַמערקט אַ צעבראָכענעם קיאָסק אָן טירן, אָן פענצטער, אָן אַ פאָדלאָגע, דאָרט בין איך איבערגעלעגן ביז אינדערפרי.

צומאָרגנס, ווען ס׳איז נאָך געווען פינצטער האָב איך געהערט קלינגען דעם ערשטן טראַמוויי, דאָס איז געווען אַ צייכן, אַז מען מעג שוין גיין אין גאַס. איך בין איינגעשטיגן אין טראַמוויי און געפאָרן ביז דער לעצטער סטאַציע פלאַץ נאַרוטאָוויטשאַ אין וואַרשע. דאָרט האָט זיך געפונען אַ וואַרטע־זאַל פון די טראַמוואַי־אַרבעטער און ס׳איז געווען וואַרעם.

איך בין געזעסן אין וואַרטע־זאַל און זיך אַ ביסל דערוואַרעמט. די לאַגע

מיינע איז געווען זייער אַ קריטישע — אָן געלט, אָן עסן. הונגעריק, נישט וויסנדיק ווי צו מאַכן דעם נאָענטסטן שריט. אויף דער צווייטער זייט גאַס איז געשטאַנען אַ קאַשציאָל, כ׳האָב באַמערקט, אַז ביים קאַשציאָל זיצן בעטלערס און בעטלען. איך בין געקומען צו דעם באַשלוס, אַז די איינציקע „באַשעפטיקונג" פאַר מיר איז בעטלען.

איך בין צו צו דער טיר פון קאַשציאָל און געבליבן שטיין, נישט האָבנדיק קיין האַרץ און מוט צו גיין ווייטער. אָפּשטייענדיק אַ געוויסע צייט האָבן די אַרויסגייענדיקע פון קאַשציאָל מיר געגעבן נדבות. איך האָב צונויפגענומען ביי 20 זל׳. כ׳בין פון דאָרטן אַוועק צום פּלאַץ נאַרוטאָוויטשאַ, ווו ס׳איז געווען אַ באַזאַר. כ׳האָב געקויפט אַ קילאָ ברויט און כ׳בין ווידער אָפּגעזעסן אַ גאַנצן טאָג אין וואַרטע־זאַל פון די טראַמוואַיאַזשעס.

איך האָב געוווסט אין וועלכער קנייפּע מיין „באַשיצער" טרינקט. פאַרנאַכט בין איך אַוועק אין דער קנייפּע און דאָרט אים געטראָפן, ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט נישט פאַר מיר קיין פּלאַץ ווו צו וווינען. ער האָט מיר געראָטן גיין אין פּראַגע, יאַגעלאָנסקי גאַס, דאָרט געפינט זיך אַ קאַשציאָל אויפן נאָמען פון „ברידער אַלבערטינאָוו", ער האָט צוגעגעבן, אַז דאָרט פרעגט מען נישט קיין פראַגן. מען צאָלט איין 10 גראָשן און מען קען שלאָפן.

## דער ערשטער אוונט אין פּשיטולעק

מיין „באַגלייטער" האָט מיר צוגעפירט אויף יאַגעלאָנסקי 19 אין פּראַגע, ווו עס האָט זיך געפונען דאָס נאַכטלעגער־הויז. כ׳האָב איינגעצאָלט ביים פענצטערל 10 גראָשן, מען האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ בעט, די ערשטע נעבן איינגאַנג. די בעט איז געווען אַ דאָפּלטע — איינע איבער דער אַנדערער. קיין מאַטראַצן זענען נישט געווען נאָר ברעטער. אין צימער, ווו איך האָב זיך געפונען זענען געווען ביי 40 דאָפּלטע בעטן, אַ קליין בלוי עלעקטריש לעמפּל האָט שוואַך באַלויכטן דעם צימער. אַלע שלאָף־פּלעצער זענען געווען פאַרנומען. אַ חוץ מיין צימער זענען געווען נאָך גרעסערע זאַלן. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעט. און אַרויסגענומען אַ דאָפּלטן זעמל. ווי נאָר כ׳האָב אַרויסגענומען די זעמל איז צוגעקומען צו מיר איינער, וואָס האָט געשמועסט מיט נאָך צוויי און מיר פאַרגעשלאָגן כ׳זאָל זיך אָנשליסן אין זייער קאָמפּאַניע. ביי זיי איז פאַראַן בראַנפן און איך וועל צושטייער געבן דעם פאַרבייסן. מיין שטימונג איז געווען אַ נידערשלאָגענע, מוטלאָזע. איך האָב געהאַלטן, אַז אַ טרונק בראַנפן וועט נישט קאַליע מאַכן. איך בין צו צו זייער בעט. מען האָט מיר אַריינגעגאָסן אין אַ טעפּל דעם בראַנפן, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן איז עס געווען ברען־ספּירט און איך האָב צוליב דער טונקלקייט

נישט באַמערקט דעם „בראַנפן”, האָב איך אויסגעטרונקען מיט איין מאָל און ערשט דאַן האָב איך געפילט דעם ריכטיקן טעם. כ׳האָב זיך געשעמט אַרויסצווייזן, אַז כ׳בין נישט געוווינט צו דעם סאָרט געטראַנקען און ערשט נאָכן ענדיקן די „סעודה” האָב איך לאַנג געשווענקט דאָס מויל.

אויף דעם פּלאַץ בין איך געשלאָפן ביזן פּוילישן אויפשטאַנד אין וואַרשע, ביז אויגוסט 1944. אין דער ערשטער צייט האָב איך פאַרגעזעצט מיין באַשעפטיקונג „בעטלעריי” אויף דעם זעלבן פּלאַץ ביים קאָשציאָל אויפן פּלאַץ נאַרוטאָוויטשאַ. איך פלעג פאַרדינען ביז 12 אַזייגער מיטאָג — 50—40 זל׳. דאָס איז געווען גענוג אויף אויסצוהאַלטן זיך — ברויט און עפּעס צום ברויט. עס איז מיר נאָך געבליבן אַ רעשט. ווען מיין „פאַרזאָרגער” איז געוויר געוואָרן, אַז כ׳האָב אַ פּאָר זלאָטיס, איז ער געקומען צו מיר און צוגענומען דאָס געלט. איך האָב געמוזט געבן, ווייל כ׳האָב מורא געהאַט פאַר שאַנטאַזש. בכדי צו פאַרמיידן דאָס צונעמען ביי מיר דאָס געלט האָב איך עס אויסגעביטן אויף גרעסערע מטבעות (פּאַפּיר געלט) און פאַרשטעקט. דער „פאַרזאָרגער” האָט זיך באַגנוגנט מיט אַן אויבערפלעכלעכן באַזוכן און צוגענומען דאָס וואָס ער האָט נאָר געפונען.

ווי כ׳האָב דערמאַנט האָט מיין „פאַרזאָרגער” מיר צוגעזאָגט געבן די מעטריקע פון זיין ברודער. אַזוי ווי ער האָט מיר איר נישט געגעבן, האָב איך נאָך אַ לענגערע צייט אים קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז אויב איך וועל זי נישט באַקומען וועל איך אים מער נישט געבן קיין געלט. עס איז מיר געווען אַלץ איינס, ווייל אָן אַ דאָקומענט האָב איך נישט געקענט עקזיסטירן. ער האָט זיך איבערצייגט אַז כ׳רעד ערנסט און האָט מיר געהייסן וואַרטן אויפן פּלאַץ, ווו מיר האָבן זיך געטראָפן און ער וועט מיר ברענגען די מעטריקע, וואָס האָט זיך געפונען ביי זיין מוטער. נישט זייענדיק מיט אים זיכער האָב איך זיך אויסגעזוכט אַ פאַרמאַסקירטן פּלאַץ פון וועלכן כ׳וועל קענען אָבסערווירן צי ער קומט אַליין, אָדער מיט נאָך וועמען עס איז. איך האָב באַמערקט ווי ער איז אַראָפּ פון טראַמוויי און איז געווען אַליין. איך בין אַרויס אויפן באַשטימטן פּלאַץ און ער האָט מיר געגעבן די מעטריקע. די מעטריקע איז געווען אויפן נאָמען פון קעמפּקאָוויטש עדוואַרד, געבוירן אין וואַרשע 1913, מיין יאָרגאַנג. איך האָב שוין דאַן געהאַט עטלעכע הונדערט זל. וועלכע איך האָב אים אָפּגעגעבן. אין פאַרלויף פון עטלעכע וואָכן האָב איך אים נישט געטראָפן.

איך האָב געוואָלט באַקומען אַ קען־קאַרטע. מען האָט מיר געזאָגט, אַז אויב כ׳וועל באַקומען אַ באַשעפטיקונג, אַז כ׳שלאָף אויף דעם פּלאַץ אַ האַלב יאָר קען איך באַקומען אַ קען־קאַרטע. כ׳בין אַריין צום סעקרעטאַר און געבעטן די באַשעפטיקונג. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער קען עס נישט מאַכן, ווייל כ׳וווין נאָך נישט

קיין האַלב יאָר. נאָכן פאַרלייגן אים געלט האָט ער מיר גלייך געגעבן די באַשטע־טיקונג. איך האָב איבערגעגעבן אין שטאָט־ראָט די מעטריקע, די באַשטעטיקונג און צוויי בילדער, בכדי צו באַקומען די קען־קאַרטע. מען האָט מיר געהייסן קומען מיט אַ פּאָר מאָנאַט שפּעטער.

איך האָב אויבן דערמאָנט אַז כ׳פלעג אויסבייטן דאָס קליינע געלט אויף גרעסערס. דאָס געלט פלעג איך בייטן אויף פאַרשידענע פלעצער. אין אַ געוויסן טאָג בין איך צוגעקומען צו אַ שפּייז געוועלב אויסבייטן דאָס געלט. ביים בופעט איז געשטאַנען אַ הויכער געשטופּלטער גוי. פון קוק האָט ער געמאַכט נישט קיין גוטן איינדרוק. ווען כ׳האָב אים געגעבן דאָס קליינע געלט האָבן מיר זיך אַ ביסל דורכגעשמועסט. דער אינסטינקט האָט מיר עפּעס פאַרגעזאָגט און מיך געצויגן צו דעם געשעפט. אין פאַרלויף פון אַ פּאָר וואָכן פלעג איך נאָר ביי אים בייטן דאָס געלט. דאָס געשעפט האָט ער געהאַט צוזאַמען מיט זיין שוואָגער. ער האָט געהייסן ראָבערט באָרוצקי און דער שוואָגער העניעק גראַבאָווסקי. אין משך פון די פּאָר וואָכן האָב איך זיך שטאַרק באַפריינדעט מיט בארוצקיס פרוי.

## יא, איך בין א ייד

אין אַ געוויסן טאָג בין איך געקומען, ווי געוויינלעך, אויסטוישן דאָס געלט, איז אין געשעפט געווען נאָר די פרוי באָרוצקא. זי האָט מיר אַריינגערופן אין געשעפט, אַרומגעקוקט זיך צי קיינער הערט נישט און זעט נישט און מיר געזאָגט:

— עדוואַרד! איך גלויב אַז דו ביסט אַ ייד...

מיר איז שוין געווען אַלץ איינס. דאָס בעטלען איז מיר פאַרמיאוסט געוואָרן אין הויז ווו איך בין געשלאָפן זענען געווען בעטלער, גנבים, שכורניקעס, אפעריסטן און בתוכם איך.

איך האָב איר געענטפערט קורץ — יאָ, כ׳בין אַ ייד. דעם ענטפער האָב איך געגעבן אין אַן אויפגערעגטן טאָן און צוגעגעבן:

— אויף דיין פּוילישער ערד האָב איך בלוט פאַרגאָסן און פאַרוואונדעט געוואָרן. — איך האָב איר געשטעלט אַ פראַגע: — איך האָב רעכט צו לעבן ביי דיר אין פּוילן?

זי איז געוואָרן שטאַרק בלאַס און זיך גענומען פאַרענטפערן, אַז זי האָט נישט געמיינט קיין שלעכטס, פאַרקערט, זי איז מיר אַ גוטער פריינט און וויל מיר העלפן. ביי די ווערטער בין איך אַוועק אין וואַרטע־זאַל פון די טראַמוואַיאַזשעס. בערך 4 אַזייגער נ.מ. איז זי געקומען און מיך גערופן אין געוועלב אַריין. ווען כ׳בין אַריין אין געוועלב האָט איר מאַן געגעסן מיטאָג. דאָרט איז געווען צוגעגרייט אויך דאָס זעלבע מיטאָג פאַר מיר.

— עדוואַרד! נעם זיך נישט איבער, דו וועסט נאָך דערלעבן גוטע צייטן. ער האָט מיר איינגעלאַדן צו זיך אין שטוב אויפן נאָענטסטן זונטיק.

נאָכן חודש בין איך געקומען אין שטאָט־ראַט אָפּנעמען די קען־קאַרטע. עטלעכע מאָל צו צום פענצטערל און צוריק אַוועק. איך האָב מורא געהאַט אפשר איז דער אייגנטימער פון דער מעטעריקע ביים לעבן און דאַן וועט זיך אַלעס אַרויסווייזן. איך האָב אָבסערווירט פון דער ווייטנס וואָס פאַרא פּאַפּירן זי גרייט צו פאַר מיר. זעענדיק מיינע פּאַפּירן און אַז מען זעט נישט נעבן דער סעקרעטאַרקע קיין פּאָליציאַנט בין איך צו צום פענצטערל. זי האָט מיר דערקלערט, אַז קיין קען־קאַרטע איז נישטאָ פאַר מיר און אַז איך דאַרף זיך צושטעלן צום צענטראַלן שטאָט־ראַט־אַמט אויפן טעאַטער פּלאַץ אין וואַרשע, וועגן וואָס האָב איך נישט געוווּסט. מען האָט מיר געזאָגט, אַז איך מוז אומבאַדינגט קומען אין צענטראַלן שטאָט־ראַט־אַמט, ווייל אין קעגן פאַל וועט מען מיט געוואַלד אַהין פירן איך האָב מורא געהאַט דאָרט צו גיין. די וואזשנעס פון דער צענטראַלע האָבן מיר געזאָגט, אַז לויט די פּאַראַגראַפן און דער איינלאַדונג פאַרשטייען זיי, אַז דאָס איז וועגן איינמעלדן זיך. די בשורה האָט מיך אַ ביסל דערפרייט, ווייל דער עיקר האָב איך מורא געהאַט פאַר דער מעטריקע.

צומאָרגנס פרי בין איך אַוועק אין צענטראַלן שטאָט־ראַט־אַמט און צו צום אַנטשפּרעכנדן פענצטערל. איך בין אַרויס מיט אַ טענה, אַז אַנשטאָט מיר צו געבן אַ קען־קאַרטע האָט מען מיך גאָר איינגעלאַדן דאָ אַהער. דער פּקיד האָט אַרויסגענומען דעם תיק און מיר דערקלערט, אַז כ׳קען נישט קריגן קיין קען־קאַרטע, ווייל כ׳בין נישט געמאָלדן אין וואַרשע. איך האָב אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז כ׳האָב בייגעלייגט אַ באַשטעטיקונג פון פּשיטולעק, אַז כ׳שלאָף דאָרט 6 חדשים (דאָס איז געווען דער נויטיקער טערמין אויף צו באַקומען אַ קען־קאַרטע) איך האָב צוגעגעבן, אַז אין פּשיטולעק איז נישט פאַראַן קיין מעלדונגס בוך, נאָר אַ רעגיסטראַציע בוך פון די וואָס שלאָפן דאָרט און דאָס דאַרף זיין גענוג. אַ פּקיד, וואָס איז געווען דערנעבן האָט געזאָגט, אַז ווי אים איז באַקאַנט, איז גענוג אַזאַ באַשטעטיקונג. ער האָט אָפּגעשטעמפּלט די פּאַפּירן און מיר געהייסן קומען אין אַ חודש אַרום אויפן ערשטן אַדרעס, ד. ה. אין שטאָט־ראַט. אַזוי איז טאַקע געווען. ווען איך בין געקומען אין שטאָט־ראַט, האָב איך באַקומען די קען קאַרטע. אין דער קען־קאַרטע איז געווען מיין בילד און ס׳איז געווען געשריבן, אַז כ׳בין רוימיש קאַטויליש. נאָכן באַקומען די קען־קאַרטע בין איך אַוועק צו מיינע באַקאַנטע אויפן פּלאַץ נאַרוטאָוויטשאַ. זיי האָבן זיך שטאַרק געפרייט.

מיט אַן אָפיציעלן דאָקומענט אַלס עדוואַרד קעמפּקאָוויטש האָב איך זיך שוין

געפילט זיכערער. נאָך מיט אַ צייט פריער האָב איך זיך געקויפט אַ קאַטויליש געבעט־ביכל און כ׳האָב זיך אויסגעלערנט די געבעטן, די נעמען פון די הייליקע, אַזוי ווי אַ געבוירענער געטויפטער פּאָלאַק.

## איך בייט מיין פרנסה

כ׳האָב זיך איבערצייגט, אַז מיינע באַקאַנטע באַרוצקי און זיין פרוי זענען מיינע פריינט, דערפאַר האָב איך זיך גענומען די דרייסטקייט און זיי געבעטן אויסזוכן פאַר מיר וועלכע עס איז באַשעפטיקונג, אַ שוואַרצע, אָדער וואָס אַנדערש. אַלס געבוירענע אין וואַרשע האָבן זיי געהאַט פיל באַקאַנטע. באַרוצקי האָט מיר צוגעזאָגט זיך מיט דעם צו פאַראינטערעסירן.

באַרוצקי פלעגט האַנדלען אויף שוואַרץ מיט פלייש. צו אים פלעגט קומען אַ קאַלער פון ביעלאַן, וואָס האָט אויסגעאַרבעט ווורשט. דער קאַלער פלעגט קויפן אויפן באַזאַר און אויך ביי באַרוצקין פלייש. דער שייגעץ, וואָס פלעגט איבערפירן דאָס פלייש האָט זיך געפונען אַנדערע אַרבעט (דער קאַלער האָט אַליין נישט געפירט דאָס פלייש) און דאָס מאָל האָט ער נישט געהאַט ווער עס זאָל אים איבערפירן דאָס. באַרוצקי האָט פאַרגעלייגט, אַז איך זאָל איבערפירן דאָס פלייש. ער האָט צוגעגעבן, אַז ער גאַראַנטירט פאַר מיר. דער קאַלער איז מסכים געווען. כ׳האָב געדאַרפט נעמען 25 ק״ג פלייש און איבערפירן מיטן טראַמוויי ביז ביעלאַן און פון דער סטאַציע עס צוטראָגן אויף אַ מהלך פון אַנדערטהאַלבן קילאָמעטער. פאַר מיר, אין מיין מצב איז דאָס געווען זייער שווער און ספּעציעל אין דער ערשטער צייט, ווען איך האָב נישט געהאַט קיין רוק־זאַק, פאַר יעדן פּעקל פלייש, וואָס כ׳האָב איבערגעפירט האָב איך געקריגן 20 זל. אַ מיטאָג ביים קאַלער און אַ ווורשטל פון 30—40 דעקאַ. איך פלעג איבערפירן 4—5 מאָל אין טאָג. איך פלעג אויך פירן צוריק פון קאַלער ווורשט אין די געשעפטן, פאַר וואָס איך האָב ווידער געקריגן באַצאָלט. איך וויל באַמערקן, אַז די גוואַראַנציע פון באַרוצקין איז געווען, אַז איך זאָל נישט גנבענען, אויב די דייטשן האָבן צוגענומען איז קיינער נישט געווען פאַראַנטוואָרטלעך.

עס איז געווען קאַלט און כ׳האָב נישט געהאַט קיין וואַרעמע קליידונג. איך האָב געהאַט ביי 700 זל׳. איך האָב געבעטן באַרוצקין ער זאָל גיין מיט מיר אויפן באַזאַר פון אַלטע זאַכן, אויפן פּלאַץ קאַזשימיעזשאַ. ער איז מיט מיר געגאַנגען. איך האָב געזוכט אַ קורטקע לויטן געלט, וואָס כ׳האָב געהאַט, אָבער מיין פריינט האָט געזוכט פאַר מיר אַ פּעלצל. איך האָב אים געזאָגט:

— ראָבערט! איך האָב דאָך נישט קיין געלט... — ער האָט געענטפערט — נישט דיין דאגה, אַז דו וועסט האָבן וועסטו מיר אָפּגעבן.

ער האָט מיר געקויפט אַ פּעלצל, וואָס האָט געקאָסט דאָפּלט פון געלט, וואָס איך האָב געהאַט.

נאָך איידער איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן ביים קאלער, האָט איינמאָל העניעק גראַבאָווסקי, באַרוצקיס אַ שוואָגער, געהאַט מיט מיר אַ פּריינטלעכן שמועס. ער האָט אויך געוווּסט, אַז כ׳בין אַ ייד. ער האָט מיר געפרעגט צו וואָסער אָרגאַניזאַציע איך האָב געהערט פאַרן קריג. ווען כ׳האָב אים געזאָגט, אַז ער וועט סיי ווי נישט וויסן, וואָס דאָס איז, האָט ער געענטפערט, אַז ער ווייס אַלעס. איך האָב אים געזאָגט, אַז כ׳האָב געהערט צו „החלוץ הצעיר״. ער האָט מיר דאַן אויפגעקלערט, אז אויב איך וואָלט געווען אַ קאָמוניסט, וואָלט ער מיר נישט געהאָלפן. ער האָט מיר געהייסן קומען צו מאָרגנס 4, אָדער 3 אַזייגער צום געוועלבל. ער וועט דאַן זיין אין געוועלב. כ׳זאָל אַריינקוקן אינעווייניק און אַז כ׳וועל זען אַ הויכן יונגן מאַן מיט גרויסע וואָנסעס זאָל איך אַריינקומען אין געשעפט, שטיין אַ צוויי מינוט, גאָרנישט רעדן און צוריק אַרויסגיין. ער האָט מיר אויך געבעטן איך זאָל אויפשרייבן אויף אַ שטיקל ציגאַרעטן פּאַפּיר מיין נאָמען אויף יידיש. ער האָט צוגעגעבן, אַז כ׳וועל באַקומען פון אים שטיצע.

איך האָב געטאָן אַזוי ווי מען האָט מיר געהייסן. איך בין אַריין אין געוועלב און געזען דעם הויכן יונגערמאַן מיט די וואָנסעס, געשטאַנען אַ צוויי מינוט און אַוועק געגאַנגען. ווען דער הויכער יונגערמאַן איז אַוועק בין איך אַריין אין געשעפט און געפרעגט ווער דאָס איז. ער האָט מיר געזאָגט: גענוג אַז דו וועסט וויסן, אַז ער איז פון אייערע מענטשן און הייסט אַנטעק. מיט אַ צוויי וואָכן שפּעטער האָט מיר גראַבאָווסקי געגעבן 500 זל׳. ער האָט מיך געפרעגט צי איך ווייס פון וואַנען דאָס געלט איז. איך האָב געענטפערט, אַז פון אַנטעקן, האָט ער מיר געזאָגט: דו ווייסט גאָרנישט! איך האָב געזאָגט: איך ווייס גאָרנישט!!! אין דער זעלבער צייט האָט מיר גראַבאָווסקי באַקאַנט געמאַכט מיט דער פרוי אירענאַ אַדאַמאָוויטש.

## אין דער פּוילישער אונטערגרונט א.ק.

נעבן דעם געוועלב פון מיין פריינט באַרוצקי האָט זיך געפונען אַ קיאָסק אין וועלכן מען האָט פאַרקויפט שאַרפע געטראַנקען מיט פאַרבייסעכץ. דער קיאָסק האָט געהערט צו באַרוצקיס ברודער. אָך פלעג זיין אַן אָפטער באַזוכער אין קיאָסק. איך פלעג באַמערקן פיל מאָל, אַז ס׳פלעגן קומען אומבאַקאַנטע מענטשן און דער אייגנטימער פון קיאָסק (באַרוצקיס ברודער) האָט זיך מיט זיי געסודעט נאָכער פאַרמאַכט דעם קיאָסק און אַוועק מיט זיי. ס׳האָט זיך געמערקט עפּעס געהיימעס. אין אַ געוויסן טאָג, אין די פאַרנאַכט שעהן, ווינטער 1943, זיצנדיק אין קיאָסק האָב איך באַמערקט 2 אומבאַקאַנטע מענטשן. דער אייגנטימער פון קיאָסק

יאַן באַרוצקי האָט אַרויסגעשיקט צוויי פון זיינע חברים אינדרויסן און דערנאָך זיך געוואָנדן צו מיר. „מיר ווייסן, אַז דיר איז באַקאַנט, דאָ ביי אונדז איז אַן אָפּטיילונג פון א. ק. ווילסט ביי אונדז זיין אַ חבר?" איך האָב גלייך געענטפערט: „יאָ". דאַן האָט איינער פון די אומבאַקאַנטע אַרויסגענומען אַ פּאַפּיר און פאָרגעלייענט מיר מט אַ שטילע שטימע די שבועה און איך האָב נאָכגעזאָגט. ער האָט אויך מיר פאָרגעלייענט, אַז אין פאַל פון אויסגעבן סודות באַקומט מען טויט־שטראָף. מען האָט מיר געפרעגט וואָס פאַראַ פּסעוודאָנים איך קלויב זיך אויס און פון ערשטן מאָמענט האָב איך געזאָגט „קולאַווי" (לאָמער), אָבער איך האָב זיך גלייך געכאַפּט, אַז אַזוי ווי אין דער נאָענט האָט זיך געפונען די דייטשע זשאַנדאַרמעריע, וועלכע האָט מיך געקענט — קען דער נאָמען מיך דעמאַסקירן. איך האָב פאָרגעשלאָגן אַ צווייטן פּסעוודאָנים „צענטי" און דאָס איז באַשטעטיקט געוואָרן.

באַלד נאָך די ערשטע טעג פון ווערן אַ מיטגליד אין א. ק. האָט מען מיך געשיקט אויף פאַרשידענע אויפגאַבן. אויפן „פּלאַץ זבאַוויטשעלא", נעבן קאָשציאָל האָט געוווינט אַ לערערין, אַ קריסטן, וואָס האָט מיטגעאַרבעט מיט דער געסטאַפּאָ. די א. ק. האָט נאָר געקענט דאָס הויז אין וועלכן זי האָט געוווינט, אָבער נישט געוווּסט דעם נומער פון דער שטוב. איך האָב זיך באַנוצט מיט מיין „אַלטער פּרנסה" — בעטלעריי. איך בין אַרויף ביז אויפן העכסטן שטאָק, דאָס הויז האָט געהאַט 7—6 שטאָק און געבעטלט פון טיר צו טיר. לויט דעם ווי מען האָט זי מיר פאָרגעשטעלט האָב איך דערקענט איר וווינונג. אין אַ קורצע צייט שפּעטער האָב איך געלייענט אין די געהיימע ביולעטינען, אַז עס איז געוואָרן אויסגעפירט אויף איר דער טויט־אורטייל.

אַ צווייט מאָל האָב איך באַקומען אַן אויפגאַבע אויסצופאָרשן דעם צוגאַנג צו אַ פּלאַץ אויף וועלכן עס האָט זיך געפונען מיליטערישער אינווענטאַר. דער פּלאַץ האָט זיך געגרענעצט מיט אַ הויף און איך האָב געדאַרפט אויסשפּיאָנירן וואָס פאַראַ פאַרצוימונג עס טיילט אָפּ דעם הויף פון פּלאַץ. אין הויף האָט זיך געפונען אַ דייטשער קלוב. איך בין אַריין אין הויף און ווען כ'האָב זיך שוין באַלד געפונען ביי זיין ענדע, האָט מיר אַ דייטש אָפּגעשטעלט און געפרעגט וואָס איך זוך. איך האָב געענטפערט, אַז כ'זוך אַ בית־שמוש. ער האָט מיך אַרויסגעיאָגט פון הויף. אין אַ פּאָר שעה שפּעטער איז מיר געלונגען נאָך אַמאָל אַריין אין הויף און צוקומען ביז דער פאַרצוימונג, וואָס איז געווען פון אַ דראָט־שאַטקע.

אויף פּיוס גאַס האָט זיך געפונען די פּאָסט און טעלעגראַפן אַמט. מען האָט מיר געגעבן אַן אויפגאַבע געוויר ווערן וויפל מענטשן ס'אַרבעטן, צי ס'איז פאַראַן

אַ קוך, ווען די וואָך טוישט זיך און מאַכן אַ צייכנונג פון צוגאַנג מצד די שכנותדיקע הייזער. אַנטקעגן דעם פּאָסט אַמט, וווּ עס איז פאַר דער מלחמה געווען די דייטשע אַמבאַסאַדע און פאַרן הויז איז געווען אַ הויכער געמויערטער פּאַרקאַן. איך האָב געדאַרפט געוויר ווערן צי דאָרטן געפינט זיך מיליטער. דאָס איז שוין געווען זומער 1944, נישט לאַנג פאַרן פּוילישן אויפשטאַנד. איך האָב געדאַרפט אויספירן מיין פליכט אין אַ זונטיקדיקן טאָג. אַ זייגער 3 פרי האָב איך זיך אָנגעשטעלט בעטלען ביי אַ 50 מעטער פון פּאָסט אַמט. פאַרן טויער פון בנין איז געשטאַנען אַ פּאָליאַק אין אַ מונדיר פון אַ פּאָסט־באַאַמטן, נישט באַוואָפנט. ווען איך האָב נאָך אַ געוויסע צייט באַמערקט, אַז מען זעט נישט קיין דייטשן, האָב איך זיך אָנגעהויבן דערנעענטערן צום פּאָליאַק. כ׳האָב זיך פאַר אים פאָרגעשטעלט אַלס אַ פּויער פון די קרעסן און געפרעגט, צי טעלעגראַף איז דאָס וואָס מען קלאַפּט מיט די פינגער. ער האָט מיר אָנגענומען אַלס אַזעלכן, וואָס ווייסט גאָרנישט. איך האָב געבעטלט, פון צייט צו צייט געכאַפּט מיט אים אַ שמועס און געכאַפּט בליקן אין הויף פון בנין. דאָרט איז געשטאַנען אַ באַוואָפנטער דייטשער וואַכמאַן. נאָך אַ צוויי שעה האָב איך זיך אויף גוט באַפריינדעט מיטן פּאָליאַק, אַז ער האָט מיר שוין דערציילט וויפל מענטשן עס אַרבעטן און אפילו גרייט געווען מיך אַריינפירן אין קוך עסן. איך האָב אויך באַמערקט ווען די וואָך טוישט זיך. אין מאָמענט ווען ער האָט מיר געוואָלט אַריינפירן עסן איז אָנגעקומען אַ ציווילער דייטש, איינער פון די פּאָסט־דירעקטאָרן, און האָט געשריגן אויפן פּאָליאַק און מיך פאַריאָגט פון טויער.

אַ ביסל שפּעטער בין איך אַריין אין די שכנותדיקע הויפן, אַזוי, אַז כ׳האָב געקענט מאַכן אַ גענויע צייכענונג. אין פאַרלויף פון דער צייט, וואָס איך האָב זיך געפונען אין דער געגנט זענען פאַרביי פאַר מיר דריי פאַרלעך (טוישנדיק זיך). ווי כ׳בין שפּעטער געוויר געוואָרן זענען זיי אויך געווען פון דער א. ק. וואָס האָבן אַכטונג געגעבן אויף מיר.

נאָכן ענדיקן די צייכענונג האָב איך נאָך געדאַרפט פעסטשטעלן צי עס איז פאַראַן מיליטער אין הויז פון קעגן איבער. ווי כ׳האָב דערמאַנט איז דאָרט געווען אַ הויכער געמויערטער פּאַרקאַן. איך האָב זיך אָנגעקגעזעצט ביים איינגאַנגס טיר און געטראַכט ווי אַזוי אויסצופירן מיין תפקיד. אין דעם מאָמענט האָט זיך געעפנט די טיר און ס׳איז אַרויס די הויז־דינערין. זי האָט מיר געוואָרנט שנעל צו פאַרלאָזן דעם פּלאַץ, ווייל אויב ס׳וועט אַרויס אַ דייטש וועט ער מיך שלאָגן, ווייל ס׳איז פאַרבאָטן דאָ צו זיצן. איך האָב געענטפערט: „וואָס פאַרדרייסטו דעם קאָפּ. דאָס הויז איז דאָך ליידיק און קיין דייטשן זענען נישט פאַראַן״. אויף דעם האָט זי געזאָגט: „וואָס רעדסטו? דאָס גאַנצע הויז איז לעצטנס באַזעצט געוואָרן מיט מיליטער״. איך האָב שוין אַלעס געוווּסט. כ׳בין אַוועק פון פּלאַץ און ווייטער

אָנגעהויבן בעטלען. דעם פּאָסטן האָב איך נישט געטאָרט פאַרלאָזן אָן אַ דערלויבעניש. אַ ביסל שפּעטער איז פאַרביי אַ פּאָרל און צווישן זיי איינער, וואָס האָט מיך געשיקט. ער איז צו צו מיר און געגעבן אַ נדבה און גלייכצייטיק שטיל געזאָגט, אויב איך בין פאַרטיק קען איך גיין. איך בין נאָך אַ ביסל געבליבן אויפן פּלאַץ געציילט דאָס געלט פון די נדבות און אַוועק. אָפּגייענדיק אַ שטיקל וועג האָב איך פּלוצלינג באַמערקט ווי צוויי זשאַנדאַרמען גייען אַריבער דעם כביש אין מיין ריכטונג. איך האָב זיך, זעלבסטפאַרשטענדלעך, גאָר שטאַרק דערשראָקן, אָבער זיך נישט פאַרלוירן. איך האָב אַרויסגענומען פון קעשענע אַ סיגאַרעט און זיי אַנטקעגן געגאַנגען. בעטנדיק פייער. זיי האָבן אויף מיר געשריגן, אָבער פייער האָבן זיי געגעבן. איך בין צוריק געגאַנגען אויפן באַשטימטן פּלאַץ און איבערגעגעבן די געזאַמלטע אינפאָרמאַציעס.

אַן אַנדער מאָל בין איך געשיקט געוואָרן מיט נאָך איינעם אויספאָרשן וואָס עס טוט זיך אין אַ געוויסער ווילע, וואָס האָט זיך געפונען נישט ווייט פון פּלאַץ נאַרוטאָוויטשאַ, די גאַס האָט געהייסן פּילטראָווע. דאָרט זענען געווען אַ סך ווילעס, אין וועלכע עס האָבן געוווינט ס.ס.־לייט. אין איינע פון די ווילעס זענען געווען ביוראָען. מיר זענען געזעסן אויף אַ באַנק אין סקווער און געטראַכט ווי אַזוי מען קומט דאָרט אַריין. אין דעם מאָמענט איז אָנגעקומען אַן אויטאָ מיט קוילן און גלייך זענען אַרויס עטלעכע ס.ס.־לייט זוכן אַרבעטער. מיין באַגלייטער איז אויך גענומען געוואָרן. מיר איז נישט געבליבן מער ווי וואַרטן, אַז מיין באַגלייטער זאָל צוריק קומען. ער האָט טאַקע אַלעס אויסגעפאָרשט.

איך פלעג אויך פאַנאַנדערטיילן די געהיימע ביולעטינען. מערסטנטייל פלעג איך די ביולעטינען אַריינלייגן אין די קאַסטנס פון אַרבעטס־געצייג פון די טראַמוואַיאזשעס, שטאָט אַרבעטער א.א.וו. איין מאָל אין אָוונט האָב איך פאַרשפּעטיקט דעם לעצטן טראַמוואַי פאַר דער פאַרבאָט שעה. איך בין אַריינגעשטיגן אין אַ טראַמוואַי, וואָס האָט געמעגט פאָרן. דאָס איז געווען אויף מאַרשאַלקאָווסקי עק קרולעווסקי. דער טראַממוואַי איז געפאָרן קיין פּראַגע. צוקומענדיק צו די קעמברידזש בריק האָב איך באַמערקט ווי מען שיסט נאָך אַ טראַמוואַי, וואָס פאָרט פון פּראַגע קיין וואַרשע. איך בין געשטאַנען נעבן מאָטאָר־פירער. עס איז שוין געווען פינצטער. אין קעשענע האָב איך געהאַט אַ פּעקל ביולעטינען. איך האָב שנעל באַהאַלטן די ביולעטינען אונטערן מאָטאָר. אַדורכפאָרנדיק די בריק האָבן די זשאַנדאַרמען אָפּגעשטעלט דעם טראַמוואַי און קאָנטראָלירט די פּשעפּוסטקעס. זיי האָבן מיך באַלויכטן און געפרעגט, וואָס איך טו, איך האָב געענטפערט, אַז כ'האָב פאַרשפּעטיקט דעם לעצטן טראַמוואַי און יעצט פאָר איך אַ היים. ער האָט מיר באַטראַכט, אָנגעקוקט מיין הילצערנעם פוס און געגעבן אַ מאַך מיט דער האַנט

מיט ביטול, ווי איינער זאָגט — נישטאָ מיט וועמען זיך צו פֿאַרנעמען. איך האָב זיך פֿון דער ביטול־באַציאונג נישט באַליידיקט...

## נסים

ווען כ׳טראַכט היינט פֿון מיינע איבערלעבענישן אין דער צייט פֿון קריג, ווייס איך אַליין נישט ווי אַזוי איך זאָל באַצייכענען דעם פֿאַקט פֿון מיין בלייבן לעבן. אַלס דער, וואָס האָט אָנגעווירן אין קריג אַ האַנט מיט אַ פֿוס און דאָך איז מיר געלונגען זיך צו ראַטעווען פֿון געטאָס, לאַגערן און לעבן אויף דער פֿריי אין וואַרשע ביי צוויי יאָר צייט — איז דאָס נישט נאָר מזל. דאָס איז אַ נס! מזל אַליין וואָלט נישט גענוג געווען. איך גלויב נישט אין נסים. און פֿאַר פֿיל, וואָס וועלן לייענען מיינע באַשרייבונגען וועלן אַ טייל פֿאַקטן אויסזען אומגלויבלעך, אָבער זיי זענען געשען. דער בעסטער באַווייז, אַז די נסים האָבן מיך געטראָפֿן, איז דאָס וואָס איך לעב. דער וואָס איז דאָרט געווען ווייסט, אַז אָן נסים וואָלט מיין גורל געווען דער זעלבער ווי אַנדערע מיליאָנען יידן. איך האָב זיך נישט געראַטעוועט אַ דאַנק געלט. די פֿאַר הונדערט זל. וואָס כ׳האָב געגעבן קען מען נישט אָנרופֿן קיין געלט. עס קען זיין, אַז דוקא מיין שוואַכע זייט, די שווערע אינוואַלידיטעט, זי האָט מיך געראַטעוועט. יעדנפֿאַלס דאָס איז העכער פֿון מיין באַוווסטזיין דאָס צו באַגרייפֿן. זאָלן די פֿאַקטן, און נישט אַלע געדענק איך און קען אויסשרייבן, רעדן פֿאַר זיך.

אין פּשיטולעק, אין פּראַגע, ווו כ׳בין געשלאָפֿן ביי צוויי יאָר, פֿלעגן אָפֿט פֿאָרקומען קאָנטראָלן פֿון פּוילישע אַגענטן, אָנגעטאָן אין ציוויל. זיי האָבן געזוכט די נייע באַוווינער און ספּעציעל יידן. יעדעס צימער האָט געהאַט זיין קאָמענדאַנט און ער האָט אָנגעוויזן די נייע קוואַרטיראַנטן. נאָך די ערשטע פֿאַר וואָכן פֿון מיין אָנקומען אין פּשיטולעק איז געקומען די קאָנטראָל און דער קאָמענדאַנט האָט אויף מיר אָנגעוויזן. איך בין דאַן געזעסן אויפֿן בעט און פֿאַריכט די הויזן. די אַגענטן האָבן מיך געפֿרעגט צי איך האָב נישט קיין האַנט. איך האָב געענטפֿערט, אַז ס׳פֿעלט מיר אויך אַ פֿוס. זיי האָבן געגעבן אַ מאַך מיט דער האַנט און ווייטער געגאַנגען.

אין דער צייט פֿון מיין זיין אין פּשיטולעק זענען פֿאָרגעקומען 3 קאָנטראָלן, ספּעציעל צו זוכן יידן. די קאָנטראָל איז געמאַכט געוואָרן לויט שטאָקן. אַלע אויסגענג זענען געוואָרן אָפּגעשלאָסן און מען האָט אַלע איינוווינער געהייסן זיך אויסטאָן. עס זענען געווען פֿאַלן פֿון כאַפּן יידן. אויף מיין שטאָק, ווו איך האָב געוווינט איז די קאָנטראָל פֿאָרגעקומען אין 1944 יאָר. מיינער אַ מיטאיינוווינער האָט מיר דערציילט, אַז ס׳דאַרף פֿאָרקומען אויף דעם שטאָק די קאָנטראָל. איך

האָב זיך שטאַרק פאַרלוירן, אָבער מיין שכן האָט עס נישט באַמערקט און איז אַוועק. פלוצלונג איז געקומען אַ שליח און אָפּגערופן די אַגענטן צוריק אין קאָמיסאַריאַט. די קאָנטראָל איז נישט פאַרגעקומען.

איין מאָל אין דער וואָך האָט מען געמוזט גיין אין באָד. אין באָד זענען געווען טושן הינטער ווענטלעך. די געפאַר פון באָדן זיך פאַר מיר — דאַרף איך נישט דערציילן. איך האָב זיך אָבער אַן עצה געגעבן. יעדער האָט מיטגענומען זיין ביסל רייכקייט. איך האָב מיינע זאַכן געהאַלטן אין אַ מיליטערישע טאָרבע. איך האָב דעם פאַסעק אַראָפּגעלאָזט און די טאָרבע האָט פאַרדעקט מיין יידישקייט. שפּעטער בין איך געוווירן געוואָרן, אַז פאַר אַ האַלבע זל. גיט דער וואזשני אַ צעטל, אַז מען האָט זיך געוואַשן.

אין אַלגעמיין האָב איך געלעבט גוט מיט מיינע ביישלעפער. שפּעטער ווען כהאָב אָנגעהויבן גוט פאַרדינען און געקענט זיך דערלויבן געבן טרינקען מיט אַ צובייס, בין איך געוואָרן אפילו מיט זיי באַפריינדעט. אין פשיטולעק זענען געווען פאַרשידענע טיפּן. עס האָט דאָרט געוווינט אַ פּולקאָווניק פון דער צאַרישער אַרמיי, אַ גרויסער טרינקער. ווען ער האָט באַקומען אַ פלעשל און געטרונקען האָט ער אָנגעהויבן געבן קאָמאַנדעס. נאָך דעם פלעגט ער האַלטן פאַרן פנים דאָס ליידיקע פלעשל און רעדן צו איר אַ שעה און מער.

איינע אַ שטומע האָט מיר געזאָגט כ׳זאָל גיין פאַרקויפן הייליקע בילדער. קיין פרייז זאָל איך נישט זאָגן, נאָר וויפל מען וועט געבן, אַזוי אַרום, האָט די שטומע צוגעגעבן אויף שטום־לשון, גיט מען מער. אַ געוויסע צייט האָב איך טאַקע פאַרקויפט הייליקע בילדער.

אַ זון פון אַ פעטערבורגער באַנק דירעקטאָר, פון די צאַרישע צייטן, אַן אויסגעשפּראָכענער אַנטיסעמיט, האָט מיט מיר געוווינט און געוואַרט אויפן מאָמענט די דייטשן זאָלן פאַרנעמען לענינגראַד, בכדי ער זאָל קענען אָפּנעמען די ירושה. ער האָט געהאַט רעקאָמענדאַציע בריוו פון פאַרשידענע פערזענלעכקייטן און אַ דאַנק די בריוו פלעגט ער באַקומען אונטערשטיצונג פון פאַרשידענע אונטערנעמונגען. ער האָט מיר געגעבן עטלעכע אַדרעסן, זאָגנדיק, אַז זיי וועלן מיר זיכער העלפן. איך האָב אויך דאָס אויסגענוצט מיט טיילווייזן דערפאָלג. איך וויל באַמערקן, אַז דער גרעסטער טייל איינוווינער האָט זיך אַבסאָלוט נישט אינטערעסירט מיט יידן, נישט צום גוטן און נישט צום שלעכטן. זיי האָט אינטערעסירט עפּעס צוגנבענען און מאַכן אַ שנאַפּס.

מיין בעט איז געשטאַנען אין אַ ווינקל. דאָס איז געווען אַ גרויסע מעלה, ווייל פון דער וואַנט־זייט האָב איך נישט מורא געהאַט פאַר גנבים. פון דער צווייטער זייט אָבער זענען געווען אַ סך רעפלעקטאַנטן אויף דעם בעט. אין אַ געוויסן אָוונט

אַהיים קומענדיק האָב איך געטראָפן מיין שכן ליגן אויף מיין בעט. איך האָב פאַרלאַנגט ער זאָל פאַרלאָזן דאָס בעט און מיר האָבן זיך אָנגעהויבן צו קריגן (דאָס איז שוין געווען דאָן, ווען כ׳האָב שוין געהאַט „גוטע״ פריינט, אַ דאַנק מיינע כבודים). ווען מיינע חברים האָבן דערהערט די קריגעריי און געזען, וואָס עס טוט זיך האָבן זיי אים אַראָפגעוואָרפן פון בעט און אָנגעזאָגט, אַז אויב ער וועט מיך טשעפּען וועלן זיי אים די ביינער צוברעכן. ווען די חברים זענען אַוועק האָט ער מיר געזאָגט: „געדענק, איך האָב אויף דיר אַ חשד. אויב דו וועסט מיר נישט אָפּגעבן דאָס בעט וועסטו האָבן צרות. איך האָב זיך געמאַכט נישט וויסנדיק און דאָס בעט נישט אָפּגעגעבן. צומאָרגנס, ווען כ׳בין אַ היים געקומען האָב איך מיין שכן געטראָפן ליגן אַ פאַראַליזירטן אויפן גאַנצן קערפּער. ער האָט אויך נישט געקענט רעדן. די ברידער (נזירים) האָבן אים אַרויסגענומען אין קראַנקן־שטוב און נאָך אַ וואָך איז ער געשטאָרבן.

# באַגעגענישן

אין דער צייט פון געטאָ פלעגט מען אַרויספירן ייִדן אין שטאָט אַריין אויף פאַרשידענע אַרבעטן. איך פלעג פאָרן אין יענע ריכטונגען און קוקן פון דערווייטנס אויף זיי. איך האָב פשוט געוואָלט זען ייִדן.

אויף די גאַסן פלעגן זיין הילכערס, וואָס פלעגן 4 מאָל אין טאָג איבערגעבן נייעס. מיין סטאַבילער פּלאַץ פון הערן נייעס איז געווען אויף פּלאַץ נארוטאָוויטשאַ. אין אַ געוויסן טאָג איז דער הילכער קאַליע געוואָרן. דער נאָענטסטער רם־קול איז געווען עק מאַרשאַלקאָווסקא און אַלעיא יעראָזאָלימסקא (נישט ווייט פון הויפּטוואַקזאַל). איך בין דאָרט אַוועק הערן די נייעס. נאָך דעם ווי די מענטשן זענען זיך צוגאַנגען, בין איך נאָך געבליבן שטיין. פּלוצלונג האָב איך דערפילט אַ באַדערפּעניש פון אויסבויגן דעם קאָפּ. איך האָב זיך אויסגעדרייט און באַמערקט אַ מיידל מיטן נאָמען גראַדזיצקא, איך האָב נישט געוואָלט צו גיין צו איר, איינער האָט מורא געהאַט פאַרן אַנדערן און איך האָב נישט געוווּסט צי זי וויל, אַז כ׳זאָל זי „דערקענען״ נאָך אַ צוויי דריי מינוט האָט אויך זי מיר באַמערקט. זי איז צוגעגאַנגען צו מיר און מיר האָבן געשמועסט בערך אַ 5 מינוט. פאַרן פאַנאַנדערגיין זיך האָב איך אַריינגעשטעקט מיין האַנט אין קעשענע מיט דער כוונה איר געבן געלט. אין זעלבן אויגנבליק האָט אויך זי אַריינגעשטעקט איר האַנט אין קעשענע מיט דער זעלבער כוונה. מיר האָבן זיך ביידע פאַנאַנדערגעשמייכלט און זיך געזעגנט (דאָס מיידל איז געבליבן לעבן).

איך פלעג זיך פירן, אַז נאָכן הערן נייעס ווי די דייטשן האָבן אָפּגעטרעטן פון שטעט, בין איך געקומען צו מיין פריינט יאַן באָרוצקי און געהייסן אָנגיסן

גלעזעלעך בראַנפֿן לויט דער צאָל פֿון באַפֿרייטע שטעט. לויט דעם האָבן זיי געוווּסט וויפֿל שטעט די דייטשן האָבן אָפּגעגעבן. נאָכן טרינקען פֿלעג איך דער־ציילן וועלכע שטעט. נאָך דער באַגעגעניש מיטן מיידל פֿון מיין שטאָט האָב איך געהייסן אָנגיסן אַ גרויס גלאָז בראַנפֿן. נאָכן אויסטרינקען האָט ער מיך געפֿרעגט די סיבה פֿון גרויסן גלאָז. איך האָב געענטפֿערט, אַז כ׳האָב געטראָפֿן אַ שטאָטישן, ער האָט פֿאַרשטאַנען...

איינמאָל פֿאַרנאַכט, פֿאַרנדיק אַ היים, האָב איך באַמערקט אַ פֿאָלקס־דייטש מיטן נאָמען כבאפּעק פֿון מיין שטאָט. איך האָב נישט געוווּסט צי ער האָט מיך דערקענט. איך בין געגאַנגען ווייטער און דאַן אויסגעדרייט דעם קאָפּ. דער פֿאָלקס־דייטש איז געשטאַנען און מיך אָבסערווירט. איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז עס האָט נישט קיין זין צו אַנטלויפֿן. כ׳בין צו צו אים. ער האָט מיר געגעבן די האַנט און דערציילט, אַז אויך ער באַהאַלט זיך אויס. ער האָט עפּעס אָפּגעטאָן, די דייטשן זוכן אים. ווען ער איז אַוועק, האָב איך אים אַ לאַנגע צייט נאָכגעקוקט און דער נאָך זיך אַרומגעדרייט, בכדי ער זאָל נישט וויסן וווּ איך וווין.

## ט י פ ו ס

עס איז געווען געמאָלדן אין די גאַסן, אַז ס׳קומט פֿאָר אַן אויסשטעלונג וועגן טיפֿוס. איך בין געגאַנגען צו דער אויסשטעלונג. אונטער גלאָז האָט מען געזען פֿאַרשידענע סאָרטן לייז, דיאַגראַמעס ווי אַזוי די לייז דערנערן זיך. אין אַ צווייט זאַל איז פֿאָרגעקומען אַ פֿילם. אין פֿילם האָט מען געוויזן ווי אין גאַס פֿאָרט אַ דראָזשקע און אין איר פֿאָרט אַ ייד. ווען דער ייד איז אויסגעשטיגן איז אויפֿן זיץ־פּלאַץ געבליבן אַ לויז. נאָכן ייד איז איינגעשטיגן אַ קריסטלעכע פֿרוי מיט אַ קינד. דער פֿילם האָט געוויזן ווי די לויז קריכט אַריף אויפֿן קינד. אַהיים קומענדיק האָט דאָס קינד באַקומען שטאַרקע היץ. דער דאָקטאָר האָט פֿעסטגעשטעלט, אַז דאָס קינד האָט אַ טיפֿוס. די ענדע פֿון פֿילם זענען געווען אויפֿשריפֿטן, אַז די יידן ברענגען דעם טיפֿוס, נישט אויסבאַהאַלטן קיין יידן, זיי ברענגען קראַנקהייטן.

מיינע פֿריינט, באַרוצקיס, האָבן אויף מיר געשריגן, פֿאַרוואָס איך גיי אויף אַזעלכע פֿלעצער. פֿאַרוואָס איך קריך דעם לייב אין מויל.

איך בין אַמאָל געווען אַ דאָלמעטשער. דאָס איז געווען, ווען אַ דייטשער זעלנער האָט געוואָלט אויסבייטן ביי אַ קריסטין אַ קאַסטן מיט שוועבעלעך אויף אייער. איך בין געווען דער דאָלמעטשער. נאָכן ענדיקן די טראַנזאַקציע האָב איך דעם דייטש געבעטן אַן איי. ער האָט מיר געזאָגט: „דו ביסט יודע!״ איך האָב אים געזאָגט — דערפֿאַר, ווייל כ׳בעט אַן איי, בין איך אַ יודע און ווען כ׳וואָלט

נישט געבעטן, וואָלט איך געווען אין אָרדענונג. ער האָט מיר צוגעזאָגט דאָס צווייטע מאָל צו געבן.

זייער אָפּט פּלעגן די דייטשן אָפּשטעלן די טראַמוואַיען און רעווידירן די מענטשן. דאָס פליייש, וואָס כ׳האָב געפירט פאַרן קצב, האָב איך געפירט מיטן טראַמוואַי. מיך האָט מען קיינמאָל נישט געפּאַקט. אָדער מען האָט דעם וואַגאָן מיט וועלכן איך בין געפאָרן נישט קאָנטראָלירט, אָדער דעם טראַמוואַי. אין די פאַלן ווען מען האָט מיך רעווידירט, האָב איך דאַן נישט געהאַט קיין פליייש.

איך פלעג פאָרן מיטן טראַמוואַי פון ביעלני, אָבער כ׳בין איינגעשטיגן אויף דער פאַרלעצטער סטאַציע קיין ביעלני און דערנאָך געפאָרן מיט אים קיין וואַרשע. אויף דער לעצטער סטאַציע קיין וואלינאָוו פלעג איך שטענדיק טרעפן ס.ד. וואָס זענען געפאָרן אויף איבונגען. איינמאָל האָט מיך איינער פון זיי אָפּגעשטעלט און געזאָגט: ״מען פילט פון דיין רוק־זאַק דעם געשמאַק פון ווורשט — הא! דו שווייגסט!״ איך האָב געענטפערט: „וואָס איז בעסער שמוגלען, אָדער בעטלען״. ער האָט געגעבן אַ מאַך מיט דער האַנט און מיך אָפּגעלאָזט.

אין וואַרשע האָבן געאַרבעט ביים דייטשן מיליטער אונגאַרישע יידן. זיי זענען געווען אָנגעטאָן האַלב מיליטעריש אין אונגאַרישע מונדירן. זיי זענען געפאָרן אין טראַמוואַי אָן באַוואַכונג. איינמאָל פאָרנדיק אין טראַמוואַי און נישט באַמער־קנדיק קיין דייטשן האָב איך פאַרן אָפּשטייגן געפרעגט איינעם צי ער קען דייטש (אויף יידיש האָב איך מורא געהאַט צו פרעגן). ער האָט געזאָגט, אַז יאָ. איך האָב אַרויסגענומען אַ פּעקל פון 100 סיגאַרעטן און זיי אים געגעבן, צוגעבנדיק, אַז מיר זענען די זעלבע. (געדענק נישט גענוי דעם אויסדרוק מיט וועלכן איך האָב זיך באַנוצט). איך בין גלייך אויסגעשטיגן פון טראַמוואַי.

## דער אויפשטאנד אין ווארשעווער געטא

זייענדיק אויף דער אַרישער זייט האָב איך, זעלבסטפאַרשטענדלעך, נישט געטאָרט אַרויסווייזן קיין אינטימעס צו יידן. אַ חוץ געציילטע מענטשן, ווי בארוצקי מיט זיין פרוי און דער וואָס האָט מיר געגעבן דעם דאָקומענט, האָט קיינער נישט געוווּסט, אַז כ׳בין אַ ייד. פאַרקערט, איך האָב זיך גאַנץ פריי באַוועגט צווישן דייטשן, ווי איך האָב עס אויבן דערציילט.

ווען אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ בין איך געווויר געוואָרן פון אַ טראַמוואַיאַזש. דאָס איז געווען אויפן פּלאַץ נאַרוטאָוויטשאַ, מיין סטאַבילער פּלאַץ, ווו איך פלעג זיך געפינען די פרייע צייט. ווען ס׳איז אָנגעקומען אַ טראַמוואַי פון ביעלאַני און ער איז געווען אַדורכגעלעכערט מיט אַ קויל, דאַן האָט מיר דער

טראַמוואַיאַזש דערציילט, אַז מען שיסט אין און פון געטאָ. אַנדערע פּאָליאַקן האָבן דערציילט, אַז זיי האָבן געזען אין געטאָ בלוי־ווייסע און רויט־ווייסע פענער. איך האָב געהערט פאַרשידענע מיינונגען פון פּאָליאַקן, הגם איך האָב, צוליב באַוווּסטע סיבות, נישט געקענט שטעלן קיין פראַגן. אייניקע האָבן זיך באַצויגן מיט ביטול. זיי האָבן געלאַכט, נישט גלויבנדיק, אַז דער אויפשטאַנד איז אַן ערנסטער ענין. דאַקעגן אַנדערע האָבן געהאַלטן, אַז דער יידישער אויפשטאַנד וועט מיט זיך ברענגען אַן אַלגעמיינעם אויפשטאַנד. דאָס איז געווען אין אָנהויב. אַ פּאָר טעג שפּעטער, ווען מען האָט געזען ווי די דייטשן שיקן פאַרשטאַרקונגען פון מיליטער און טאַנקן, האָבן זיך שוין אַלע באַצויגן צום אויפשטאַנד מיט רעספּעקט.

אין אַ געוויסן טאָג בין איך געקומען אויפן פּלאַץ קראַשינסקי, נישט ווייט פון געטאָ. אויפן פּלאַץ, נישט ווייט פון מיאַדאָווע גאַס איז געשטאַנען אַן אַרמאַט, וואָס האָט באַשאָסן דעם געטאָ. אין דער זעלבער צייט איז אויפן פּלאַץ קראַשינסקי געשטאַנען אַ קאַרוזעלע און זונטיק האָט זי זיך געדרייט, ווי קיינמאָל גאָרנישט. צווישן די פּאָליאַקן זענען אויך אַרומגעגאַנגען קלאַנגען וועגן פיל דייטשע געהרגעטע און העלדישע מעשים פון די יידישע אויפשטענדלער.

די טראַמוואַי קאָמוניקאַציע אין דער ריכטונג פון געטאָ איז געווען איבער־געריסן. פון אָפּקלאַנג פון דער שיסעריי און פון די פלאַמען רויך פון ברענענדיקן געטאָ האָבן מיר געוווּסט, אַז דער קאַמף ווערט פאָרגעזעצט. איך האָב איינמאָל געזען פירן אַ גרופּע אויפשטענדלער, יינגלעך און מיידלעך, פאַרסמאַלעטע, פאַר־שוואַרצטע, אין דער ריכטונג פון מזרח־וואָקזאַל.

נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ האָבן די דייטשן געבראַכט יידישע גריכן פון אוישוויץ, אַזוי האָט מען דערציילט, וואָס האָבן אָפּגערייניקט דעם געטאָ פון די חורבות. די ציגל, אייזן א. א. בוי־זאַכן האָבן די דייטשן פאַרקויפט צו די פּאָליאַקן. אַנדערע וויכטיקע מאַטעריאַלן האָבן זיי גענומען צו זיך. די גרוזעס האָבן זיי אַרויסגעפירט צו דער ווייסל. די טראַמוואַי קאָמוניקאַציע איז געוואָרן צוריק געשטעלט און איך האָב געזען דעם געטאָ אין חורבות.

אין אַ צייט אַרום נאָכן אויפשטאַנד פלעג איך טרעפן יידישע גרופּעס, וואָס די דייטשן האָבן געכאַפּט. דאָס איז געווען אין זשאָליבאָזש און אַנדערע ערטער אין יענער געגנט. אויף פּלאַץ נאַרוטאָוויטשאַ האָב איך אַמאָל געזען, ווי אַ פּוילישער פּאָליציאַנט האָט געפירט אַ מיידעלע פון אַ יאָר 13. אויפן זעלבן פּלאַץ האָט אַ סטרוזש אָנגעוויזן אַ דייטשן זשאַנדאַרם אויף אַ יונגנמאַן, וואָס איז געגאַנגען איינשטייגן אין טראַמוואַי, זאָגנדיק, אַז ער איז אַ ייד. דער דייטש האָט קאָנטראָלירט זיינע דאָקומענטן, וואָס זענען געווען אין אָרדענונג. ער האָט אים שוין געוואָלט אָפּלאָזן, אָבער דער סטרוזש האָט געטענהט, אַז ער קען אים

אַלס ייד. מען האָט אים אָנועקגעפירט אין דער זשאַנדאַרמעריע און מער האָב איך אים נישט געזען.

אַזעלכע פאַקטן האָב איך געזען זייער פיל, איך האָב געמוזט קוקן, אָבער גאָרנישט געקענט טאָן.

## דער פוילישער אויפשטאַנד אין וואַרשע

אַ וואָך פאַרן אויפשטאַנד האָב איך פאַרלאָזט דעם פשיטולעק אין פּראַגע. מיין פריינט באַרוצקי, ער האָט געוווּסט וועגן אויפשטאַנד, אָבער ער האָט מיר נישט דערציילט וועגן. ער האָט מיר געראָטן אַריבערצוגיין צו אים, באַטאַנענדיק, אַז פּראַגע קען ווערן אָפּגעשניטן פון וואַרשע און איך וועל ליידן הונגער.

עס האָט זיך געפילט אין דער לופט, אַז ס'דאַרף עפעס פאַרקומען. מאַסן דיוויזיעס פון דייטש מיליטער זענען צוריק געטרעטן פון מזרח־פראָנט, דורכ־געמאַרשירט וואַרשע ווייטער צו מערב. אין וואַרשע אַליין איז געבליבן גאָר ווייניק מיליטער די בריקן אויף דער ווייסל זענען דורך די דייטשן מינירט געוואָרן.

אין טאָג פון אויפשטאַנד, אויגוסט 1944, האָב איך זיך געפונען אויף גראַיעצקא גאַס. מען האָט געהערט שיסערייען און איך און אַנדערע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די בונקערס. אין בונקער זענען מיר געווען אַ גאַנצע נאַכט. פאַרטאָג איז אַריין אַ דייטש און געמאָלדן, אַז ווער עס ווינט אין דער גאָענט קען אַ היים גיין, אָבער מיט אויפגעהויבענע הענט. אַנדערע קענען בלייבן אין מקלט. מיין פריינט באַרוצקי האָט געוווינט אין צווייטן עק גראַבסקא און איך בין אַ היים געגאַנגען מיט אַן אויפגעהויבענע האַנט. אין הויז האָבן זיך אַלע געפונען אין די קעלערס. די געגענט איז פאַרנומען געוואָרן דורך די אויפשטענדלער. דורך אונדזער הויף האָבן מאַרשירט גרופן אויפשטענדלער מיט געווער, אַ טייל מונדירט און אַ טייל ציוויל. אין די ווענט פון די הייזער איז געמאַכט געוואָרן דורכגענג און אַזוי זענען זיי געגאַנגען פון איין הויף צום צווייטן.

סאָוויעטישע אַעראָפּלאַנען האָבן געוואָרפן פלוג־בלעטלעך, אונטערגעשריבן דורכן הויפט־קאָמאַנדיר פון דער פוילישער אַרמיי אין רוסלאַנד, גענעראַל בערלינג, אַז דאָס סאָוויעטישע מיליטער געפינט זיך שוין ביים ראַדזימינער וואַלד, ביי פּראַגע און רופט די אויפשטענדלער אויסצוהאַלטן. די שטימונג איז געווען אַ גאָר געהויבענע.

אין צווייטן טאָג זענען מיר געוווּיר געוואָרן, אַז דאָס סאָוויעטישע מיליטער האָט זיך צוריק געצויגן ביז שעדלעץ. אין זעלבן טאָג אָדער צומאָרגנס האָבן מיר געהערט דאָס גערויש פון טאַנקן. אַרויסקוקנדיק דורך די לעכער האָבן מיר געזען אויף די גאַסן דייטשע טאַנקן און זייער פיל אוקראַינער. זיי האָבן אָנגעקלאַפּט

אין די טויערן און נאָכן עפּענען האָבן זיי אַרויסגערופן די מענטשן פון די קעלערס. אַ טייל אוקראַינער פלעגן אויפן אָרט דערשיסן די מענטשן, אַנדערע ווידער האָבן זיך באַנוגנט מיט ראַבירן און די מענטשן האָבן זיי געשיקט אויפן זאַמל־פונקט אין פלאַץ זעלעניאַק. איך בין אָפּגעקומען מיט אַ זייגער, וואָס מען האָט ביי מיר צוגענומען. נאָכן פאַרלאָזן די הייזער זענען זיי אונטערגעצונדן געוואָרן.

אויפן זעלעניאַק זענען געווען פאַרזאַמלט ביי 20 טויזנט מענטשן. דער פלאַץ איז געווען אַרומגערינגלט און אויף די מויערן האָבן זיך געפונען אוקראַינער מיט מאַשין־געווער. צומאָרגנס איז געקומען אַ דייטשער גענעראַל מיטן נאָמען זעלענען, ווי אויך אַ גרופּע אָפיצירן און געמאָלדן דורכן הילכער, אַזוי ווי עס זענען געהרגעט געוואָרן אַ סך דייטשן האָט ער איבערגעשיקט אַן אָנפראַגע קיין בערלין, וואָס מיט אונדז צו טאָן — הרגענען אויפן פלאַץ, אָדער אַרויספירן פון וואַרשע.

קיין וואַסער איז נישט געווען, פון אַ צעבראָכענער רער האָט געטריפט אַ ביסל וואַסער, אויף דעם אָרט זענען פאָרגעקומען שרעקלעכע סצענעס. קיין עסן האָט מען נישט געגעבן. בארוצקיס פרוי האָט, אַרויסגייענדיק פון הויף, מיטגעכאַפּט אַ ברויט מיט שפּעק. מיט דעם עסן האָבן זיי זיך (בארוצקי, זיין פרוי, קינד און אירע עלטערן) מיט מיר געטיילט. די מורא איז געווען אויסגעלייגט אויף אַלעמענס פּנימער. מען האָט געבעטן, געוויינט און געציטערט פאַר דער צוקונפט. די אוקראַינער פלעגן ביינאַכט פאַרגוואַלטיקן פרויען און זיי דערשיסן. קיין בית־שימוש איז נישט געווען און דעם געברויך האָט מען געמאַכט צווישן די מענטשן.

מיט אַ טאָג שפּעטער האָט מען אונדז געמאָלדן, אַז ס׳איז געקומען אַ באַפעל פון בערלין אונדז אַרויסצופירן פון וואַרשע. מען האָט אונדז צוגעפירט צום מערב וואַקזאַל. אויפן וועג האָבן די אוקראַינער געשאָסן אין די מאַרשירנדע און פיל זענען געהרגעט געוואָרן. צווישן די טויזנטער מאַרשירנדע זענען געווען פרויען, קינדער, עלטערע, ווי אויך פיל יונגע מענטשן. מיר זענען אָנגעקומען קיין פּרושקאָוו און זענען לאָקירט געוואָרן אין די באַן־וואַרשטאַטן. דאָרט זענען מיר באַוואַכט געווען פון דייטשן און וולאַסאָווצעס (רוסישע דעזערטירן פון דער רויטער אַרמיי, וואָס האָבן געקעמפט אויף דער זייט פון די דייטשן). אין פּרושקאָוו האָבן מיר „איבערגענעכטיקט". צומאָרגנס האָבן די דייטשן געמאָלדן, אַז די אַרבעטס פעיקע וועלן ווערן אַרויסגעשיקט קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט און די נישט אַרבעטס פעיקע וועלן פאָרן קיין לאָוויטש, פון וואַנען מען וועט זיי איינטיילן צווישן די פויערים.

מיר זענען געפאָרן אין לאַסט־וואַגאָנען. אויפן וועג האָט זיך די באַן פאַר־

האַלטן. אַ יונגער פּאַליאַק, אַ ביסל געלאָמט, האָט פּרובירט אַנטלויפן. דער צוג איז געהיטן געוואָרן דורך באַן־פּאָליציי. זיי האָבן נאָכגעשאָסן. נישט ווייט פון אָרט, וווּ דער צוג איז געשטאַנען האָט זיך געפונען דייטשע זשאַנדאַרמעריע. אויך זיי האָבן געשאָסן און אים דערהרגעט. די מענטשן אין די וואַגאָנען האָבן צווישן זיך גערעדט, אַז דאָס איז אַ סימן, אַז מען וועט אַלעמען אויסהרגענען, ווייל אויב נישט — נאָך וואָס האָבן זיי אים געשאָסן. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דאָס מאָל איז די מורא געווען אַן אומזיסטע. ביי דער סטאַציע אין לאָוויטש האָט מען קיין מיליטער נישט געזען. דאָקעגן זענען דאָרט געווען שוועסטערס פון רויטן קרייץ. מען האָט געעפנט די טירן פון די וואַגאָנען און געהייסן אונדז אויסשטייגן.

די שוועסטערס האָבן אונדז געהייסן גיין נאָך זיי און מיר זענען אַרויס פון דער שטאָט. דאָרט זענען געווען באַראַקן אין וועלכע עס האָט זיך געפונען דאָס געטאָ, אַזוי האָבן די פּאַליאַקן דערציילט. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט, מורא האָבנדיק אַריינצוגיין אין די באַראַקן. איך האָב געוואָלט זען צי מען גייט נאָר אַריין, אָדער אויך אַרויס. ווען כ'האָב זיך איבערצייגט, אַז מען גייט אַהין און צוריק בין איך אַריין אין הויף. מען האָט אונדז רעגיסטרירט אנזאגנדיק זיך נישט פאַנאַנ־דערצוגיין, ווייל באַלד וועלן אָנקומען פורן פון די דערפער צו וועלכע מיר וועלן ווערן צוגעטיילט.

ס'איז געוואָרן שפּעט און די פויערן זענען נישט געקומען. איך האָב געהערט, ווי אַ גרופּע רעדט צווישן זיך, אַז ס'איז אַ סכנה צו נעכטיקן און ס'איז בעסער גיין אין נאָענטן דאָרף איבערנעכטיקן. איך בין אַוועק מיט זיי, בערך 10 פּערזאָן, און איבערגענעכטיקט ביי אַ פּויער אין אַ סטאָדאָלע. ווען מיר זענען צוריק געקומען אין די באַראַקן איז די גרעסטע צאָל שוין נישט געווען דאָרט. ביינאַכט זענען אָנגעקומען פורן, וואָס האָבן זיי אַוועקגעפירט אין די דערפער. מען האָט אונדז געזאָגט, אַז באַלד וועלן אָנקומען נאָך פורן, ווען די פּויעים זענען אָנגעקומען האָב איך זיך אינטערעסירט ווי איז די ווייטקייט פון דאָרף צו דער שטאָט. איך האָב זיך אויסגעקליבן אַ דאָרף 9 ק״מ פון דער שטאָט. איך וויל באַמערקן, אַז דאָס פאַנאַנדערטיילן איז געווען אַ פרייוויליקע. יעדער איז זיך אַרויף אַ פור און ווען זי איז געווען פול איז זי אַוועק.

## ביי פויערים ביז ענדע פון קריג

איך און נאָך אַן עלטערע קריסטן זענען איינגעקוואַרטירט געוואָרן צו אַ פויער. מען האָט אונדז זייער גוט אויפגענומען. מען האָט אַרויסגעשטעלט אַ גרויסע שיסל מיט קאַרטאָפל און מילך. איך בין געווען שטאַרק הונגעריק, נאָך אַ פּאָר טעג נישט עסן, און האָב זיך צוגעכאַפּט צום עסן. איידער די עלטערע קריסטן

האָט זיך צוגערירט צו דער שיסל האָב איך שוין געהאַט אויפגעגעסן אַ העלפט. ווען זי האָט אַריינגעשטעקט די לעפל אין דער שיסל האָב איך מער נישט געקענט עסן. דער פויער האָט דאָס באַמערקט און געזאָגט, אַז ער פאַרשטייט, אַז אַזוי ווי כ׳בין אַ שטאָטישער בין איך נישט געוווינט צו עסן פון איין שיסל. ער האָט צוגעזאָגט מיר געבן באַזונדער עסן.

אין דעם דאָרף בין איך געווען נאָר איין טאָג. די סיבה איז געווען, וואָס לויטן קאָנטיגענט האָט אַ פויער, וואָס האָט געהאַט 10 מאָרגעס ערד געדאַרפט אויס־האַלטן איין וואַרשעווער, 20 מאָרגעס — דריי וואַרשעווער. דער וויט האָט דער־קלערט, אַז דער דאָרף האָט אויסגעפילט דעם קאָנטיגענט. איך האָב באַקומען אַ צעטל אין אַ צווייטן דאָרף. דער וויט האָט צוגעגעבן, אַז מיין בעל־הבית איז אַליין אַ טישלער און איז באַקאַנט מיטן שטאָטישן לעבן, אַזוי, אַז ס׳וועט מיר זיין גוט ביי אים.

דער פויער האָט מיך גוט אויפגענומען. מען האָט געגעסן צוזאַמען. די בעל־הבתים זענען געווען יונג. זיי האָבן געהאַט אַ קליין קינד, ווי אויך זיינס אַ פאָטער. קלאָר, אַז מען האָט מיך געפרעגט ווער כ׳בין א.א.וו. כ׳האָב נישט געוואָלט זיך אַריינלאָזן אין צופיל געשפּרעכן, דערפאַר האָב איך געבעטן מיטגיין מיטן אַלטן פויער פאַשען די בהמות. מיט דער צייט האָב איך אַליין געפאַשעט די בהמות. איך האָב זיך באַמיט צו זיין נוצלעך. איך פלעג זעגן און האַקן האָלץ, שניידן די שעטשקע, אויסגעגלייכט דעם מיסט אין שטאַל, דאָס אַלעס געטאָן נאָר מיט דער איין האַנט און הילצערנעם פוס.

ווי לאַנג ס׳איז געווען וואַרעם בין איך געשלאָפן אין דער סטאָדאָלע. ווען ס׳איז געוואָרן קילער בין איך געשלאָפן אין שטוב אויף שטרוי. דערנאָך האָב איך צונויפגעקלאַפּט אַ בעט און געשלאָפן אין שטאַל פון די בהמות.

ביי 5 מאָנאַט בין איך געווען ביים פויער. וועגן פּאָליטיק האָט מען דאָרט נישט געשמועסט. דאַקעגן האָבן זיי דערציילט פאַרשידענע לעגענדעס. אַזוי איז אַרומגעגאַנגען אַ קלאַנג, אַז אין דער געגענט געפינט זיך איינער פון דער אונטער־גרונט, וואָס גרייט צו אַן אויפשטאַנד אין זייער געגנט און ער וועט זיי באַפרייען. איך פלעג פון צייט צו צייט אַריינוואַרפן אַ פאָר ווערטער. דאָס האָט מיך געמאַכט וויכטיק און זיי האָבן מיך געהאַלטן פאַר אַן אָפיציר.

דאָס לעבן איז געגאַנגען רואיק, אָבער דאָך זענען געווען מאָמענטן פון שרעק. די בהמות פלעגן זיך פאַשען אויפן פעלד, וואָס איז געווען נישט ווייט פון וועג. איינמאָל האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ קאַרעטע מיט דייטשע זשאַנדאַרמעריע. זיי האָבן מיך געפרעגט ווער איך בין און קאָנטראָלירט מיינע דאָקומענטן. עס איז אַדורך בשלום.

## א יידישע פרוי אין דארף

אין דאָרף פלעגט יעדע וואָך פּאַרקומען אַ צוזאַמענטרעף פון די פּויערים. זיי האָבן זיך געטראָפן אין דאָרפישן געוועלב. אויף די צוזאַמענטרעפן פלעגן זיי באַהאַנדלען פאַרשידענע ענינים פון דאָרפישן לעבן ווי צ. ב. די צוטיילונגען פאַר די דייטשן, אַקערן, זייען א.ד.גל.

איינמאָל האָט מיין פּויער מיר געפרעגט, אַהיימקומענדיק פון דער פאַר־זאַמלונג, צי איך קען נישט צופעליק אַן עלטערע פרוי, וואָס וווינט ביי זיי אין דאָרף און וועלכע זאָגט, אַז זי איז פון וואַרשע און האָט געוווינט אויף די גרויעצקאַ גאַס, די גאַס אויף וועלכער איך האָב געוווינט אין וואַרשע. איך האָב געענטפערט, אַז אין וואַרשע האָבן אין איין הויז געוווינט מער מענטשן ווי דאָ אין גאַנצן דאָרף און זיכער, אַז כ׳קען נישט קענען די איינוווינער פון דער גאַס.

דער פּויער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז אויף דער פאַרזאַמלונג האָט דער פּויער ביי וועלכע די פרוי האָט געוווינט אַרויסגעבראַכט אַ חשד, אַז די פרוי איז אַ יידישע. אויף דער פאַרזאַמלונג איז געוואָרן אויסגעקליבן אַ קאָמיסיע פון 3 פּויערים, צווישן זיי מיין פּויער, זיי זאָלן פעסטשטעלן לויט דער אויסשפּראַך צי זי איז אַ יידישע, אָדער ניין. צומאָרגנס האָבן די פּויערים מיט איר גערעדט, אָבער איר פּויליש איז געווען בעסער ווי זייער. נאָכן געשפּרעך איז די פרוי נעלם געוואָרן פון דאָרף. זי האָט דערקלערט, אַז זי גייט זוכן דעם מאַן. איך גלויב — זי איז געווען אַ יידישע.

## די באפרייונג

אין העלפט יאַנואַר 1945, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די אָפענסיווע אויף וואַרשע, האָט מען ביי אונדז אין דאָרף געהערט דעם אָפּקלאַנג פון דער אַרטילעריע באָמבאַרדירונג. צומאָרגנס האָט אַ פּויערטע פון דער וואַרשעווער געגנט, וועלכע איז אַנטלאָפן פון פראָנט און אָנגעקומען אין אונדזער דאָרף, דערציילט, אַז זי האָט געזען ווי דייטשע טאַנקען, וואָס האָבן געוואָלט פאָרסירן דאָס וואַסער ביי סאָכאַטשאָוו, (דאָס וואַסער איז געווען געפרוירן) זענען געבליבן שטעקן, ווייל דאָס אייז האָט זיך איינגעבראָכן. אין זעלבן אָוונט, אַ זייגער 10, האָט זיך ביים כביש געשטעלט אַ מיליטערישער דייטשער אויטאָ, וואָס איז געווען באַלויכטן. פון כביש האָט אַ זייטיק וועגל געפירט אין דאָרף (בערך 100 מעטער).

די פּויערים האָבן די גאַנצע צייט מורא געהאַט, אַז מען זאָל זיי נישט עוואַקואירן צוליבן דערנענטערן זיך פון פראָנט. יעדער איינער האָט זיך געהאַט צוגעגרייט אַ זעקל מיט נויטיקע זאַכן. ווען זיי האָבן דערזען דעם באַלויכטענעם אויטאָ, האָבן זיי געמיינט, אַז מען גייט זיי שוין עוואַקואירן. דער אויטאָ איז

געשטאַנען ביי אַ האַלבע שעה און נאָכן פרעגן זיך אויפן וועג, איז ער אַוועק־געפאָרן. מיר זענען אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק.

דאָס איז געווען אין די פרימאָרגן שעהן. עס האָט אָנגעהויבן טאָגן. פּלוצלינג האָב איך געהערט קלאַפּן אין שטאַל, ווו כ'בין געשלאָפן. ווען כ'האָב געעפנט די טיר האָט מיר מיין פויער מיט איבעראַשונג מודיע געווען, אַז די באָלשעוויקעס זענען דאָ. מען קאָן זיך פאָרשטעלן, וואָס כ'האָב געפילט אין יענעם מאָמענט. דאָס קען איך נישט אויסשרייבן. איך האָב אפילו נישט געקענט באַמערקן דעם איינדרוק, וואָס די ידיעה האָט געמאַכט אויף מיין פויער. פון גרויס שמחה בין איך כמעט נאַקעט און באָרוועס אַרויס אין דרויסן, כאָטש ס'איז געווען אַ שטאַרקער פראָסט (כ'געדענק נישט גענוי דעם טאָג, אָבער דאָס איז געווען דאַכט מיר דעם 18־טן יאַנואַר). געפינענדיק זיך אין דרויסן האָב איך זיך געפרעגט ווו זיי זענען. דער פויער האָט מיר געענטפערט, אַז אין לאָוויטש. וואָס אַן אמת האָב איך אין אָנהויב נישט געגלויבט אין דער גליקלעכער בשורה. ווען כ'האָב זיך צוגעקוקט צום כביש האָב איך באַמערקט ווי אַ פויער פאָרט מיט אַ וואָגן און צו אים איז צוגעטשעפּעט אַ דייטשער קליינער אויטאָ. דאָס איז געווען דער בעסטער סימן, אַז די ידיעה איז אמת.

מיט אומגעדולד האָב איך געוואַרט, בכדי זען דאָס סאָוויעטישע מיליטער, אָבער אין פאַרלויף פון טאָג זענען זיי נישטגעקומען אין דאָרף. ערשט אויפן צווייטן טאָג זענען זיי אַריין אין דאָרף.

איך בין נאָך געבליבן אין דאָרף אַ וואָך צייט. אויף מיין ביטע האָט מיר דער פויער אָפּגעפירט קיין לאָוויטש. קיין טראַנספּאָרט צו וואַרשע איז נישט געווען. דער רויטער קרייץ האָט מיר איינגעקוואַרטירט אין אַ בית־ספר, ווו ס'האָבן זיך קאָנצענטרירט די פּליטים פון וואַרשע. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און ס'איז אָנגעפאָרן אַ קאָלאָנע פון מיליטערישע ליידיקע אויטאָס קיין וואַרשע און זיי האָבן מיטגענומען אַ סך פּליטים און צווישן זיי אויך מיך. דעם זעלבן טאָג, אין אָוונט בין איך אָנגעקומען קיין פּראַגע.

## צוריק צווישן יידן

אָנקומענדיק קיין פּראַגע האָב איך געבעטן אַ מיליציאַנט, ער זאָל מיר אָנווייזן אויף אַ פּלאַץ צו שלאָפן. דער מיליציאַנט האָט קאָנטראָלירט מיינע דאָקו־מענטן. די הויפּט סיבה פון דער קאָנטראָל איז געווען צי עס שמוגלען זיך נישט אַדורך פאָלקס־דייטשן. מען האָט מיר געגעבן אַ פּלאַץ איבערצושלאָפן אין קאָמי־סאַריאַט. צומאָרגנס האָב איך געפונען אַ הויז פון רויטן קרייץ, ווו עס זענען געשלאָפן די צוריק געקומענע פּליטים. עסן האָט מען דאָרט נישט געגעבן.

ביי דעם הויז פלעגן זיך אָפּשטעלן אויטאָס וואָס זענען געפאָרן קיין לובלין. ביי איין אויטאָ האָב איך באַמערקט אַן אָפיציר, וועלכער האָט געהאַט אַ ידיש פּנים. איך האָב אים באַטראַכט און ער האָט דאָס באַמערקט און גלייך מיך געפרעגט — „עמך"? אַז כ'האָב אים געענטפערט „עמך" האָט ער מיר געפרעגט וואָס כ'טו דאָ. איך האָב אים דערקלערט מיין לאַגע, אַז כ'האָב נישט ווו צו גיין. דאַן האָט ער מיר געפרעגט פאַרוואָס כ'גיי נישט אין ידישן קאָמיטעט אין וואַרשע. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס כ'בין געוווּיר געוואָרן וועגן דער אינסטיטוציע.

קומענדיק אין קאָמיטעט, פּראַגע, טאַרגאָווע 34, האָב איך זיך רעגיסטרירט און מיין לויף־נומער איז געווען 293, אָדער 294. דאָס ערשטע, וואָס כ'האָב באַקומען איז באַשטאַנען פון אַ פּערטל קילאָ ברויט און אַ פּערטל קילאָ צוקער. ביי אַ געוויסע טיר האָב איך באַמערקט אַ געדראַנג. דאָס איז געווען דער אַריינגאַנג צום פּרעזעס. ביי דער טיר איז געשטאַנען אַן אָרדנער, וואָס האָט מיך דערקענט. ער האָט געהייסן קאַזאַק, און איז געווען מיט מיר אין געפאַנגען־לאַגער (ער איז איצט אין ישראל). דער פּרעזעס האָט מיר געגעבן 500 זל'.

אין קאָמיטעט האָב איך געטראָפן אַ מיידל פון אונדזער שטעטל, וועלכע איז געווען אַ פּאַרטיזאַנקע. זי האָט מיר דערציילט, אַז אין וואָלאָמין געפינען זיך יידן.

## איך קום אַ היים...

דער וועג קיין וואָלאָמין איז נישט געווען קיין לייכטער. די שינעס זענען געווען אָראָפּגעריסן. מען האָט געדאַרפט פאָרן דורך ראַדזימין. אויך קיין ראַדזימין האָט מען נישט געקענט פאָרן מיטן צוג. אַ קליין באַן איז געפאָרן נאָך אַ העלפט וועג. איך האָב באַגעגנט אַ פויער, וועלכער האָט מיר מיטגענומען קיין ראַדזימין. אָנקומענדיק קיין ראַדזימין איז שוין געווען פינצטער. איך בין געקומען אין דער פּאָליציי און געבעטן אַ פּלאַץ צום שלאָפן. דער קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי האָט מיר דערקלערט, אַז אין קאָמיסאַריאַט איז קאַלט. ער האָט מיר פאָרגעשלאָגן צו גיין צו אַ ידישע רייכע פאַמיליע, ווו כ'וועל זיכער קענען איבערשלאָפן.

אַ מיליציאַנט האָט מיר אָוועקגעפירט צום ייד. דער מיליציאַנט האָט אויפגעקלערט אין וואָס עס גייט און איז אָוועק. מען האָט מיך איינגעלאַדן אין צימער און כ'האָב זיך אָוועקגעזעצט ביים אייוועלע זיך אָנוואַרעמען. אין צווייטן צימער האָט געשפּילט אַ פּאַטעפאָן, עס זענען דאָרט געווען געסט. נאָך אַ צוויי שעה זיצן האָט מען מיר אַריינגעבראַכט אַ גלאָז טיי מיט אַ שטיקל ברויט. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ביי אים וועל איך נישט קענען שלאָפן, ווייל ס'איז ענג". איך האָב

זיך געבעטן מען זאָל מיר לאָזן איבערזיצן ביים אויזון, ווייל כ׳האָב שוין נישט קיין כוח צו גיין. ער איז אָבער נישט מסכים געווען, באַטאָנענדיק: „צו וואָס דאַרפט איר זיך קווען, נישט ווייט ווינט נאָך אַ ידישע פאַמיליע און דאָרט וועט איר שלאָפן ווי אַ פריץ". ער איז גרייט געווען צו גיין מיט מיר און בלית ברירה בין איך מסכים געווען.

ווען די טיר פון דער צווייטער וווינונג האָט זיך געעפנט און ווען די איינ־וווינער האָבן דערזען ווער ס׳איז אָנגעקומען האָבן זיי אים אָנגעשאָלטן מיט ביטערע קללות און מיך אַריינגעבעטן אין צימער. דאָס איז געווען אַ קליין צימערל פון דריי בחורים. עס האָבן זיך דאָרט געפונען דריי בעטלעך, צונויפגעקלאַפּט פון ברעטלעך. זיי האָבן געהאַלטן אינמיטן קאָכן עסן (קאַשע הירש). מען האָט מיך מכבד געווען מיט אַ טעלער קאַשע און איינער האָט מיר אָפּגעטרעטן זיין בעט. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז דער ייד, וואָס האָט מיר נישט געלאָזט ביי אים שלאָפן איז זייער רייך, ווינט ווי אַ גראַף, אָבער לאָזט נישט קיין ייד איבערנעכטיקן.

איך האָב געדאַרפט גיין קיין וואָלאָמין 9 ק"מ. קיין קאָמוניקאַציע איז נישט געווען, בין איך געגאַנגען צו פוס. דער כביש, מיט וועלכן איך בין געגאַנגען איז געווען דער זעלבער דורך וועלכן די זשאַנדאַרמען פלעגן פאָרן אין געטאָ אַריין. עס האָט מיך עפּעס באַפאַלן אַ מאָדנע שרעק. יעדער ריר פון אַ צווייגל האָט מיך אויפגעטרייסלט.

אָנקומענדיק אין צענטער שטאָט, האָב איך געפרעגט אַ קריסטן אויף עטלעכע יידישע פאַמיליעס. די קריסטן האָט מיך אָנגעקוקט און דאַן אויסגעשריגן: „קאַזיו דו לעבסט נאָך?" דאָס איז געווען דער ערשטער קבלת פנים אין שטעטל. איך האָב באַקומען דעם אַדרעס פון דער פאַמיליע רובינשטיין. ביי זיי האָב איך דאָס ערשטע מאָל געטראָפן אַ יידי.ע היים, אַ יידיש האַרץ. עס האָט ווי געטאָן דער חורבן, אָבער אויך אַ ביסל געוואַרעמט און געטרייסט. פון מיין פאַמיליע, מיין פאָטער, מוטער און ברודער, איז קיינער נישט געבליבן. איך בין אַוועק אין געטאָ, גלויבנדיק געפינען אַ בילד, אָדער אַן אַנדער צייכן. קיין זכר איז נישט געבליבן.

ווען כ׳האָב זיך אַ ביסל באַרואיקט בין איך אַוועק קיין וואַרשע אויפזוכן מיין פריינד בארוצקי. איך האָב זיי געטראָפן אויפן זעלבן אַדרעס. די פרייד איז געווען גאָר אַ גרויסע. מען האָט געמאַכט אַ ספּעציעלן אָוונט־ברויט. ווען כ׳פלעג זיין אין וואַרשע פלעג איך ביי זיי שלאָפן.

איך האָב זיך אויך געזען מיט מיין פרנסה־געבער — דער קיילער. אויך ער האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט מיר. נאָכן אויסטרינקען עטלעכע גלעזעלעך בראנפן האָבן מיר זיך צערעדט וועגן יידן. ער האָט זיך אויסגעדריקט: „יא, ווער ס׳האָט געהאַט געלט, האָט געקענט איבערלעבן". איך האָב געענטפערט: „איך האָב

נישט געהאַט קיין געלט און אויך איבערגעלעבט". ער האָט מיר איבערגעפרעגט: „וואָס האָסטו געזאָגט?" איך האָב איבערגעחזרט מיינע ווערטער. דאַן האָט ער געפרעגט: „דו ביסט אַ ייד?", ערשט דאַן האָט מען אָנגעהויבן טרינקען. ביי דער געלעגנהייט האָט ער מיר דערציילט אַ געשיכטע פון אַ ייד, וועלכער האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי זיין שוואָגער.

דעם קיילערס אַ שוואָגער האָט געוווינט אין צווייטן הויז. ער האָט געאַרבעט אין וואַרשעווער גאַז־אנשטאַלט. ביי אים האָט זיך אויסבאַהאַלטן אַ ייד מיט זיין פרוי, זעלבסטפאַרשטענדלעך פאַר געלט. ווען ס'איז אויסגעבראָכן דער וואַרשעווער אויפשטאַנד איז די גאַנצע פאַמיליע, אויך די יידישע, אַריבער אין קיילערס וווינונג. אין דער צייט פון אויפשטאַנד איז אַלעס געווען זייער טייער, אויב מען האָט באַקומען. דער ייד האָט אַרויסגענומען פיל גאָלד און דאָלאַרן און געוואָלט געבן, בכדי מען זאָל אים דערלויבן ביי זיי וווינען. לויט ווי דער קיילער האָט מיר דערציילט האָט ער אים געענטפערט: „איך בין נישט קיין ספעקולאַנט און וויל ביי דיר גאָרנישט. אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן וועסטו מיר פאַר אַלעס באַצאָלן". די פאַמיליע איז געווען ביי אים ביז צו דער באַפרייונג.

דער קיילער האָט מיר געבעטן איך זאָל גיין צו דער יידישער פאַמיליע. זי האָט אָפּגענומען אַ פאַבריק און אַ הויז, כ'זאָל בעטן זיי זאָלן אים געבן עפּעס געלט, ווייל ער געפינט זיך אין אַ זייער שלעכטער לאַגע. איך האָב אים געפרעגט, וואָס ער פאַרלאַנגט, האָט ער געזאָגט אַ 1500 זלאָטיס. ,

איך בין אַוועקגעפאָרן צום ייד. די טיר האָט מיר געעפנט אַ דינסט־מיידל און מיר אַריינגעפירט אין צימער. ווען כ'האָב דערציילט דער פרוי, אַז כ'קום פון בעניו, (אַזוי האָט געהייסן דער קיילער), האָט זי זיך שטאַרק דערפרייט און באַשטעטיקט די געשיכטע, וואָס דער קיילער האָט מיר דערציילט (וואָס אַן אמת האָב איך פריער אין איר געצווייפלט). זי האָט אים פשוט אָנגערופן מלאך.

איך האָב איר איבערגעגעבן די ביטע פון „מלאך" און זי האָט געזאָגט, אַז דער מאַן איז איצט נישטאָ, אָבער זי וועט שוין דאָס דערליידיקן. מיט אַ חודש שפּעטער האָב איך צופעליק געטראָפן די פרוי אין יידישן קאָמיטעט. זי איז צו מיר און געפרעגט צי איך פאָר נישט צו בעניו. זי האָט צוגעגעבן, אַז 1500 זל' איז צו פיל, זי איז גרייט צו געבן 500 זל'. איך האָב זיך שטאַרק פאַרשעמט און זיך אַוועקגעדרייט פון איר. צו בעניו בין איך שוין נישט געפאָרן פשוט פאַר שאַנדע. עס טוט מיר לייד, וואָס איך דאַרף באַשרייבן אויך אַזעלכע פאַקטן. ליידער איז דאָס געשען.

## אויפן וועג קיין ישראל

איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן וועגן פאָרן קיין ישראל. דאָס איז נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען. נישט מיט יעדן טראַנספּאָרט פון דער „בריחה" האָב איך געקענט פאָרן. נאָכן קעלצער פּאָגראָם האָט זיך אָרגאַניזירט אַ טראַנספּאָרט פון דייטשע יידן קיין דייטשלאַנד. דער אָרגאַניזאַטאָר איז געווען פּ. או. ר. (ביוראָ פאַר רעפּאַט־ריאַציע). כ'בין אָנגעקומען קיין מערב דייטשלאַנד. כ'בין געווען ביי 10 חדשים אין באַד־רייכענהאַל. ווי אַלס טעטיקער מיטגליד אין פּ.ח.ח. (פּאַרטיזאַן, חיל, חלוץ) האָב איך באַקומען אַ סערטיפיקאַט.

אין יולי 1947 בין איך אָנגעקומען קיין ישראל.



ע. פעלדבערגער

# עיני,
# עיני יורדה מים...

אין טיפן טרויער, מיט צעבראָכענע הערצער, דערמאָנען מיך אייך און באַווייגען אייער גרויזאַמען אומקום, טייערע עלטערן, ברידער און שוועסטער, קרובים, פריינד — יידן פון דער שטאָט וואָלאָמין. זקנים, שוואַכע און אומשולדיקע קינדערלעך, וואָס דער איינציקער חטא זייערער איז געווען דער נאָמען ייד, זייער אנגעהעריקייט צום געהייליקטן יידישן פאָלק.

אַרומגערינגלט מיט בלוטיקע שונאים איז נישט געווען ווער עס זאָל אייך העלפן, נעמען אייך אין שוץ אין די לעצטע טעג פון אייער לעבן.

אייערע לייטערע נשמות וועלן בלייבן געהייליקט אין אונדזערע הערצער, איינגעקריצט אין אונדזער זכרון.



## ר׳ יחזקאל פעלדבערגער און זיין משפחה

טייער און הייליק איז געבליבן אין האַרצן די שיינע געשטאַלט פון ר׳ יחזקאל פעלדבערגער, אַ גרויסער תלמיד־חכם און ירא שמים איז ער דערביי געווען אויך אַ נהנה מיגיע כפו, געהאַט אַ פאַבריקל פון בערשטן צוזאַמען מיט אַ געוועלב, פונוואַנען ער האָט געצויגן זיין חיונה און מפרנס געווען זיין משפחה.

באַשאָנקען מיט מעלות און מידות טובות האָט פון אים אַרויסגעשטראַלט די מידה פון גרויסן בטחון און אין זיין נשמה האָט געגליט אַן איידעלע שמחה, וואָס האָט תמיד געלויכטן אויף זיין פנים ווי אַ ניי־אויפגעגאַנגענער טאָג און משפיע געווען אויך אויף אַנדערע, וואָס זענען געקומען אין זיין מחיצה.

די שטילע חדוה האָט געשיינט פון אים אפילו אין שווערע צייטן. ער האָט געגלויבט, אַז דעם אויבערשטנס רחמים איז אויסגעשפּרייט איבער אַלע יידן.

אין די וואָכיקע טעג, זיצנדיק ביי זיין אַרבעטס־טיש, האָט ער פאַרפאַסט שירים און חרוזים און ער פלעגט זיי זינגען אויף פאַרשידענע שמחות.

אין די שבתים פלעגט ער אויסזינגען זיינע האַרציקע ניגונים, אָנגעזאָפּטע מיט פאַרבענקטער פרייד און אַריינגעברענגט די צוהערער אין התרוממות הנפש, אַרויסרופן אַ ים מיט ליבשאַפט, אַהבת השם און אהבת ישראל.

ר׳ יחזקאל פלעגט איבערזעצן די זמירות של שבת און מוצאי־שבת אויף יידיש, צום גראַם. אַזוי האָט ער אויך איבערגעזעצט פאַרשידענע פּיוטים.

ביזן היינטיקן טאָג זינגט מען נאָך זיינע יידישע איבערזעצונגען פון די זמירות און פּיוטים אין פאַרשידענע שטעט אין דער וועלט, וווּ עס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט וואָלאָמינער יידן.

אַרבעטסזאַם, פאַרנומען מיט דאגות פרנסה, האָט אָבער תמיד געלעבט אין אים אַ פרום־פאַרחלומטע האָפענונג אויף בעסערע צייטן, אויפן יום שכולו טוב. די, וואָס האָבן אים גענטער געקענט, האָבן ממש געפילט ווי אין זיינע אָדערן ציטערט אַן איינגעהאַלטענע פרייד, ווי סטרונעס אויף אַן אנגעסטראַיעטן פידל, אַ ריר מיט אַ פינגער און עס צעיובלט זיך אַ געזאַנג, וואָס דערנענטערט האַרץ צו האַרץ.

צניעותדיק און חשוב איז געווען ר יחזקאלס פרוי, צפורה־רייזל, אַ טאָכטער פון ר׳ ראובן ראָזנצווייג, פון ריקע, איינער פון די שענסטע פערזענלעכקייטן, וואָס עס האָבן אַרויסגעגעבן די יידישע שטעטלעך אין אַמאָליקן פּוילן. ער איז געווען גרויס אין תורה און חסידות. זיין זון, הרב יעקב־יהודה ראָזנצווייג איז געווען יעזשארנער רב.

די עלטסטע טאָכטער פון די פעלדבערגערס, ברכה, האָט נאָך דער חתונה געהייסן גאָלדנאדל, האָט געוווינט אין לובלין, איז פרי, פאַר דער מלחמה, געוואָרן אַן אלמנה, דערצויגן דריי קינדער און צוזאַמען מיט זיי אומגעקומען דורך די היטלעריסטישע מערדער.

די צווייטע טאָכטער, מאַלע־פריידא האָט חתונה־געהאַט מיט הרב ירוחם־ישראל־מאיר סקורניק, פון שעדלעץ, געווען מורה־הוראה אין פראָגע, ביי הרב יעקב זילבערשטיין. דערנאָך אין וואַהין, נעבן ראדזין.

זיי האָבן געהאַט פיר קינדער און צוזאַמען אומגעקומען.

דער זון, הרב יעקב־יצחק פעלדבערגער איז געווען פון די בעסטע תלמידים אין דער לובאַוויטשער ישיבה אין וואַרשע. ער איז אויסגעוואקסן אַ גרויסער בעל־מעלות, האָט באַקומען סמיכה פון די רבנים אין די וואַרשעווער און לובלינער

ראבינאָטן, חתונה־געהאַט מיט פייגע, די טאָכטער פון ר׳ יעקב ראכמאן, פון וואַרשע. צוזאַמען מיט זייערע פינף קינדער זענען זיי אומגעקומען.

⁂

ריבל״ח — אַ זון עזריאל, וואָס האָט אין יאָר 1934 עולה־געווען קיין ישראל צוזאַמען מיט זיין פרוי שפרה פון נאַשעלסק און זיי וווינען היינט אין פתח־תקוה.

דער זון אליעזר, אַ תלמיד פון דער לובאַוויטשער ישיבה, איז ער אַדאַנק זיין אויסגעצייכנטע חריפות און בקיאות אין ש״ס און פוסקים אָנגענומען געוואָרן אַלס תלמיד אין ישיבת חכמי לובלין. ער האָט דורכגעמאַכט די שווערע צייטן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און געפינט זיך היינט אין אַמעריקע, וווּ ער איז רב אין קליוולאַנד.

⁂

איינציקע איבערבלייבענישן פון אַ גרויסער און יחוסדיקער משפחה, גיבורי נפש, תמיד גרייט צו מצוות און מעשים טובים. ר׳ יחזקאל איז געווען אַ פרנס אין דער וואָלאָמינער קהילה פאַרן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה. אין יאָר 1942, ר׳ ניסן, איז ער געשטאָרבן אין וואַרשעווער געטאָ. די פרוי, צוויי טעכטער, זון און זייערע משפחות זענען אומגעקומען אין דער אכזריותדיקער צייט, וואָס איז געקומען אויפן יידישן פאָלק.

ד׳ ינקום דמם ויהא זכרם ברוך!

⁂

## י־ה רבון עלם ועלמיא

איינע פון ר׳ יחזקאלס איבערזעצונגען פון די שבתדיקע זמירות:

א. **רבון עלם...**

דאָס איז די אמונה און ערשטער יסוד,
אַז השי״ת די וועלט באַשאַפן האָט,
אַז ער איז דער שטאַרקער און טוט וווּנדער,
דאָס דאַרף מען וויסן און לערנען אונדזערע קינדער.
ער איז הער האַר פון דער גאַנצער וועלט,
אַלע מלכים האָט ער אויפגעשטעלט;
ווער עס וויל נאָר די תורה היטן,
דעם גיט ער פון אַלעם גוטן.

ב. **שבחין אסדר...**

**לויבן דאַרף מען טאָג און נאַכט,**
**דיך הייליקער ג־ט, וואָס האָסט אונדז אויף דער וועלט געבראַכט;**
**אַלע הייליקע מלאכים און אַלע מענטשן פון דער וועלט,**
**עופות פון הימל, בהמות און חיות פון פעלד.**
און אַז ער איז דער האַר...

ג. **רברבין עובדך ותקיפין...**

גרויס זענען דיינע וווּנדער, שטאַרק טוען זיי זיין,
וואַרפסט אַראָפּ דעם, וואָס האַלט זיך גרויס,
הויבסט אויף דעם, וואָס האַלט זיך קליין;
אַ מענטש זאָל אַפילו לעבן טויזנט יאָר,
וועט ער נישט דערגיין דיין גרויסקייט אויף קיין האָר.
און אַז ער איז דער האַר...

ד. **אלהא דילה יקר ורבותא...**

**צו דיר געהערט די גרויסקייט און טייערקייט — טוען מיר גלייבן.**
**לייז שוין אויס דיינע שעפסן פון מויל פון די לייבן,**
**נעם שוין אַרויס דיין פאָלק פון גלות וווּ דו האָסט זיי פאַרטריבן,**
**דיין פאָלק, וואָס האָסט זיי פון אַלע פעלקער אויסגעקליבן.**
און אַז ער איז דער האַר...

ה. **למקדשך תוב ולקדש קודשין...**

**אין דיין הייליקן בית המקדש אַריין טו אונדז שוין צוריק פירן,**
**דאָס אָרט, וווּ מיר טוען די אמתע שמחה שפירן;**
**און מיר וועלן צו דיר זינגען און פריילעך זיין,**
**די שטאָט ירושלים, וואָס איז הייליק און שיין.**
און אַז ער איז דער האַר...

ד״ר שרה מנדלברג

# חבל על דאבדין

בנופה של וולומין היתה משפחה ציורית, הגולדשטיינים, הרבה גורמים, רוחניים ונפשיים, עיצבו חיים לא חיים אלה, שניספו בשואה האיומה. ביתם של דוד וסימה גולדשטיין השתייך למכובדים בעיירה, התפרנסו מחנות של כלי־בית ומטבח. לא רק יהודים, אלא גם האיכרים מהסביבה היו בין מעריציהם, ערכו אצלם את קניותיהם, בגלל היחס הישר לקונים, המסירות לכל אדם באשר הוא אדם, הלב החם, אשר מעולם לא הכזיב את ידידיהם.

תחושת האצילות הפנימית הטביעה את חותמה על כל הוויתם. ברגעים הקשים ביותר לא סרה בת־צחוק מקלסתר פניהם הנעימים.



דוד גולדשטיין (משמאל), במסיבת התאחדות סוחרי וולומין.

דוד וסימה הקימו דור יפה. שלושה בנים היה להם: אברהם, יעקב וחיים, ושתי בנות: מרים וצפורה.

כולם בלונדיים, יפי־תואר ונקיים, שימשו מופת חינוכי לאחרים.

גורל המשפחה: הבן האמצעי, יעקב, נפטר ממחלה. ההורים: דוד וסימה, הילדים: אברהם ומרים נרצחו ע״י הנאצים.

ניצלו: הבן הצעיר, חיים, כעת באמריקה, והבת הצעירה, צפורה, כעת פייגלמן, בחיפה.

אחרי השואה שבאכזריות מרה כזו עברה בבהלה על ראשינו, אבות ובנים הופרדו זה מזה, אחים ואחיות נעקרו אלה מאלה, וקשר אלפי משפחות נקרע לגזרים, שרשיהם נעקרו ונשמדו — נעמיק בשורות אלו את זכרם בלבנו.

שמואל ווינאגארא

# איכה ישבה בדד, וואלאמין

שטעטל מיינס, ווי אַזוי איז דאָס געשען ?
געלעבט האָסטו פיל דורות אין פוילן־לאַנד,
ביז היטלער האָט עס געמאַכט יידן־ריין,
פאַרלענדט, פאַרניכטעט מיט פייער און בראַנד.

וואָלאָמין, יידיש שטעטל מיינס,
געלעבט האָסטו פון מי, מיט בטחון און מוט,
געפראַוועט שבתים אין הייליקן שיין,
שטוב, גאַס און מאַרק האָבן גערוט.

יעדן טאָג האָבן טאַטעס און זיידעס
געשפרייזט מיט אייליקן טראָט,
אין פריען באַגינען צום בית־המדרש,
אויסגיסן ס'האַרץ אין תפילות צו גאָט.

ביז ס'איז דער וויסטער סעפּטעמבער געקומען,
אלול, ווען פיש אין וואַסער ציטערן
אין פארכטיקע טעג, גלייך מיטן שופר־שאלן,
האָט עס מיט באָמבעס גענומען שמעטערן.

דייטשע האָרדעס האָבן פאַרפלייצט די גאַס,
בהלה געשניטן האָט יעדעס האַרץ,
דאָך שארן זיך יידן פאַמעלעך צו דער שול.
פחד מאַכט אַלץ פאַר די אויגן שוואַרץ.

גיך געקומען איז דער שוואַרצער טאָג,
ווען יידישע שטובן זענען פאַרשלאָסן, פאַרהאַקט.
פון שול האָבן פלאַמען געיאָגט
דאָס פייער האָט געוווישט, געקנאַקט.

אין פלאַם פון יסורים האָבן וואַלאַמינער יידן
אין זייער לעצטן געלויף
אויסגעשריגן זייער ווייז און יאָמער, ווי העלדן,
תפילות פלאַמיקע געטראָגן צום הימל אַרויף...

מיט יסורים שווער באַלאָדן,
אָבער די ווירדע פון ייד נישט פאַרשעמט,
טריי דעם גלויבן, ווי העלדן,
אומגעקומען אויף קידוש השם.

ק. שמעונוביץ'

# עלי חורבות אתהלך

עלי חורבות אתהלך, על שממות עולם,
וחללי עיירתי ירדפוני כולם.
כל אבן מרצפת יעקרו עקור,
וספח הדמעות בכל נחל ויאור.

בליל התקדש בו החג, על אדמת הנכר הגויית
מכים ענבלים בחדוה וכפות־מסגדים מריעות;
הדים ממרחק יענו, מרחב שדות משלגים,
נצתים לקראתם האורים, עיני־חמדה נוהרות.

חם בבתים השוקטים. האילן הירק מתנוצץ...
צוחקים חלונות עליזים, צוחקים מצלות אורים;
רק שמשות יהודים אטומות, רק תריסי בתיהם מוגפים
ושקט מוזר בם נשקף כמו מעיני העורים.

מכים ענבלים ועונים וצלבים מרקדים על כפות,
ורוח נושאת למרחב צלצול של ששון משלהב — —
רק תריסים מוגפים מרעידים, תריסי חלונות אטומים
ואם יהודית חרדה לוחצת את ילדה אל הלב.

עלי חורבות אעמוד ואנסר, אנסר.
עד מעין בישימון פדות יבשר,
עד הפוך חשכי לאור שבעתיים,
עד עלות עירי לשמי השמיים.

משה בורשטין



# אויף די חורבות פון אונדזער שטעטל

דאָס איז געווען אין יאָר 1944. איך בין דעמאָלט געווען אין לוקאָוו און צו מיר איז דערגאַנגען די ידיעה, אַז וואָלאָמין איז שוין באַפרייט דורך די רוסן. שוין אין די ערשטע שעהן האָב איך נישט געקוקט אויף די שוועריקייטן, זיך דעצידירט צו פאָרן אַהין.

מיטן ערשטן טרעמפּ, וואָס מיר איז געלונגען צו כאַפּן אויפן וועג, בין איך אַוועק און אָנגעקומען קיין רעמבערטאָוו. פון דאָרט איז מיר געלונגען אַרויפצוכאַפּן זיך אומלעגאַל אויף אַ לאַסט־צוג, וואָס איז געגאַנגען אויף זיעלאַנקע, ווו איך בין אָנגעקומען נאָך האַלבער נאַכט.

אין מיר האָט כסדר געברענט דער אומרו צו דערוויסן זיך וואָס גיכער און וואָס מער וועגן וואָלאָמין. אויף דער באַן־סטאַציע פון זיעלאנקע האָב איך געפּרוווט צו רעדן מיט פּאָליאַקן, געוואָלט פון זיי זיך דערוויסן עפּעס וועגן מיין שטעטל. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז וואָלאָמין איז שוין צוויי טעג דעראָבערט דורך דער רוסישער אַרמיי, אָבער קיין צוגן גייען נישט אין יענער ריכטונג, ווייל די באַן־ליניע איז צעשטערט.

אין יענער צייט איז געווען פאַרבאָטן צו באַווייזן זיך אין גאַס ביז 5 אַזייגער פאַרטאָג, און איך האָב דערפאַר באַשלאָסן צו בלייבן אויפן וואַקזאַל, וועלכער איז געווען אָנגעפולט מיט מענטשן פון אַלע עקן לאַנד. עס זענען געווען צווישן זיי פאַרשידענע עלעמענטן, אַזעלכע, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט האַנדל און אויך אַזעלכע, וועלכע האָבן געזוכט קרובים אָדער האָבן געוואָלט זיין וואָס ווייטער פון דער פראָנט־ליניע. אַן אומרואיקער האָב איך געזוכט צווישן דער געדיכטער מענטשן־מאַסע אַ יידיש פּנים, אָבער אומזיסט. נישט געווען צווישן זיי קיין איין ייד.

ענדלעך איז אָנגעקומען דער באַגין, 5 אַזייגער. דער הימל איז געווען באַדעקט מיט שווערע וואָלקנס. עס איז געפאַלן אַ דראָבנער רעגן און עס איז

געוועז זייער אומעטיק אויף דער נשמה, און אַזוי האָב איך זיך געלאָזט אין וועג אַריין גייענדיק מיט דער באַן־ליניע.

דער וועג איז געווען אַ בלאָטיקער און איך בין געוואָרן אינגאַנצן דורכ־גענעצט פונעם רעגן. דאָך האָט עס מיך געטראָגן צו גיין וואָס גיכער. עס האָט מיך באַגלייט די אילוזיע, אַז אפשר וועל איך דאָך טרעפן עמיצן פון מיינע נאָענטסטע. דאָס האָט צוגעגעבן מוט און כוח צו שפּאַנען דעם שווערן וועג.

אַזוי בין איך געגאַנגען ביז נאָך קאַבילקע. דער רעגן האָט אויפגעהערט און עס האָט זיך באַוויזן די זון. די טריט זענען געוואָרן לייכטער. איך בין שוין געווען ביי אַ האַלבן קילאָמעטער פון וואָלאָמין און באַמערקט ווי וואָס גייט מיר עמיץ אַנטקעגן.

ווען ער האָט זיך דערנענטערט האָב איך געבעטן ביי אים פייער צו פאַרוי־כערן אַ פּאַפּיראָס און דערביי געפרעגט אים וועגן וואָלאָמין, צי עס האָבן זיך געראַטעוועט דאָרט יידן...

איך האָב גלייך באַמערקט ווי דער מענטש הייבט אָן ציטערן, שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. ער האָט מיט מיר שוין מער נישט געוואָלט רעדן, געלאָזט מיך שטיין און שנעל אַוועק.

זיין האַלטונג האָט מיך אויסגעניכטערט און מיטאַמאָל צוגענומען ביי מיר יעדע אילוזיע, וואָס האָט פריער צוגעגעבן מוט און כוח דורכצומאַכן דעם שווערן וועג צופוס.

✶

אַ צעבראָכענער און דערשלאָגענער האָב איך זיך קוים דערשלעפּט די עטלעכע הונדערט מעטער ביז וואָלאָמין. איבערן גאַנצן וועג האָב איך נאָך געפּרוּווט זיך טרייסטן, אַז אפשר האָט זיך פאָרט ווער געראַטעוועט. איך האָב גערעדט צו זיך אַליין: משה, האָסט אַזויפיל דורכגעמאַכט, לאָז זיך נישט איינ־ברעכן, שטאַרק זיך. אפשר האָט פאָרט ווער פון דיינע נאָענטע זיך געראַטעוועט, נאָר די געראַטעוועטע האָבן מורא זיך צו באַווייזן אויף דער העלער שיין..."

איך האָב געוווּסט, אַז וואָלאָמין איז שוין צוויי מאָל איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט, פון די דייטשן צו די רוסן און פאַרקערט און איך האָב אָנגעשטרענגט מיין ווילן איינצורעדן זיך, אַז אפשר איז דאָס די סיבה, וואָס די יידן ליגן נאָך אין זייערע באַהעלטענישן און האָבן מורא צו ווייזן זיך אין גאַס.

פאַרשידענע געדאַנקען האָבן זיך געריסן אין מיין מוח, געאַמפּערט זיך פאַרצווייפלט, גוטע און שלעכטע, אָט קומט אַ טרייסטנדיקער געדאַנק, הויבט דאָס געמיט, גיט האָפענונג אָבער באַלד קומט דער ניכטערער געדאַנק, פילט אָן דאָס האַרץ מיט יאוש און אנטוישונג, נעמט צו דאָס לעצטע ביסל מוט. די פיס זאָגן אָפּ,

קענען ווייטער נישט גיין פון שוואַכקייט און איך מוז זיך שטאַרקן, אַרויסבאַקומען און אויפלעבן פונקען פון האָפענונג, אַז אפשר פאָרט...

אַזוי האָב איך זיך צוגעשלעפּט ביז צום וואָלאָמינער וואקזאַל, אַריין אין שטעטל, דורכגעגאַנגען די לאַנגע גאַס און אָנגעקומען אויף דער לעשנע־גאַס. דאָ איז אַמאָל געווען דער יידישער צענטער, דאָס בית־המדרש, די יסודי־התורה. דאָ האָט עס אַמאָל געטומלט מיט יידישן רעש, מיט יידיש לעבן.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ פּוסטן פּלאַץ און מיינע אויגן האָבן געזוכט דאָס בית־המדרש, וואָס איז דאָ אַמאָל געשטאַנען. אָבער אַרום איז געווען פּוסט און וויסט. אַן אָפּגעלאָזט פעלד, פול מיט מיסט. אין דער זייט איז געשטאַנען אַ פאַרלאָזטע געביידע פון אַלט האָלץ און בלעך, אַ פרימיטיוו צונויפגעשטעלט באדע פאַר די דייטשן, פאַר די היטלעריסטישע מערדער.

אויף דער אַנדערער זייט, וווּ עס האָט זיך געפונען אַמאָל די יסודי־התורה, איז געשטאַנען אַ חורבה, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן איבערבלייבעניש פון טויזנטער יאָרן צוריק. עס האָט געיאָגט פון איר מיט שרעק, פאַרלאָזטקייט און חורבן.

✶

לאַנג בין איך געשטאַנען צוגעשמידט צום אָרט, ווי אַ פאַרגליווערטער און מיט די אויגן נאָך אַלץ געזוכט אַן איבערבלייבעניש, אַ שפּור פון אַמאָליקן יידישן לעבן, אָבער אַלץ איז געווען וויסט און חרוב, ווי אויף אַ בית־עולם און אין דער וויסטעניש איז געהאַנגען דער געליאַרעם, דער יאָמער פון די, וואָס קיינער האָט זיך איבער זיי נישט דערבאַרעמט און זענען אַזוי אַכזריותדיק אומגעקומען.

אין מיינע אויערן האָבן נאָך געקלונגען די קולות און נגונים פון די מתפללים און לערנער, פון די שיינע, ערלעכע יידן, וואָס האָבן דאָ געלעבט, געלערנט און געדאַוונט, וואַרעם, שטיל און פריידיק, געווען געבענטשט מיט דעם כוח פון גלויבן, אַז דאָס שלעכטס וועט פאַרגיין און די רשעות וועט פאַרשווינדן. זיי האָבן פאַר־מאָגט דעם גרויסן גלויבן אין אל רחום וחנון...

איך האָב זיך געזען אין די לאַנגע ווינטער־נעכט צווישן די איידעלע בחורים, וואָס האָבן געפירט וויכוחים איבער אַ פּשט, איבער אַ האַרבער סוגיא אין דער גמרא.

אָ, שיינע און שטאַרקע יידן פון אונדזער שטעטל, וואָס מיט זייערע מידות און התנהגות זענען זיי געווען מוסטערן פון הויכער מאָראַל און דערפאַר האָבן זיי זיך אַזוי איינגעקריצט אין זכרון פון די איבערגעבליבענע וואָלאָמינער יידן, וועלכע וועלן זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

שטייענדיק אויף דעם פּוסטן פעלד, באַוואַקסן מיט ווילדע גראָזן און

שטעכיקע דערנער, מיט אָנגעוואָרפענע פּאַפּירן, שמאַטעס און פערדיש מיסט, האָט דאָס אַלץ, דאָס גאַנצע פריערדיקע לעבן גענומען אויסזען ווי אַ ווייט־פאַרשווונדן מעשהלע.

צוגענומען איז געוואָרן די נשמה פון שטעטל. עס איז געוואָרן אויסגעלאָשן, ווי אָפּגעשטאָרבן. עס קוקט אויס, ווי עס וואָלט צוריק אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין אַ צושטאַנד פון הונדערטער יאָרן צוריק, איידער די יידן זענען דאָ אַהערגעקומען און עס איז געווען בלויז אַ קליינער פויערישער ישוב.

איצט קומט נאָך צו דער שרעקלעכער קלעפּיקער שמוץ פון די שוידערלעכע פאַרברעכנס, וואָס זענען דאָ באַגאַנגען געוואָרן און וועלן קיינמאָל נישט פאַר־געסן ווערן.

מיטאַמאָל האָב איך דערפילט ווי מיין גאַנצער קערפּער ווערט באַגאָסן מיט אַ קאַלטן שווייס און עס נעמט מיר קלאַפּן אַ צאָן אָן אַ צאָן. וואָס אַמאָל שאַרפער האָב איך באַגריפן דעם וויסטן חורבן, וואָס איז אויף אונדז געקומען.

ווידער האָב איך זיך דערמאָנט ווי עס האָט דאָ אויסגעזען אַמאָל. אָט דאָ נישט ווייט האָט געוווינט פישעלע מלמד, דערנעבן — אריה באַגרעבער, צאלקע קאַשעמאַכער, פרויקע באַראַן, שלום יעדוואַבניק מיט דער אלארניע, ווו דאָס פערד האָט געדרייט מיטן קעראַט. עטוואָס וויטער האָט געוווינט דער שוחט דוד איידלזאָן און נאָך אַ סך צענדליקער שיינע, ערלעכע יידן, געבענטשט מיט גרויסע מעשים, איידעלע, האַרציקע, מיט גוטן שמייכל אין זייערע בליקן, מיט שטילער שיין פון תלמידי־חכמים.

איך האָב נישט געקענט איינהאַלטן די טרערן, וואָס זענען גערונען פון מיינע אויגן און בין זיך פאַרגאַנגען אין אַ ביטערן געוויין. מיינע ליפּן האָבן געמורמלט די גרויסע טענה צום הימל:

„רבונו של עולם, פאַרוואָס האָט דאָס געדאַרפט געשען? האָט דען דאָס פאָלק אַזוי שטאַרק געזינדיקט, עס זאָל אויף אים אויסגעגאָסן ווערן אַזאַ גרויזאַמער צאָרן?"

*

פלוצלינג האָב איך דערפילט ווי עמיץ רירט אָן מיין אַקסל. איך בין געווען אַזוי פאַרזונקען אין מיינע מחשבות און טענות צום הימל, אַז אין ערשטן מאָמענט האָט זיך מיר אויסגעוויזן ווי אַ באַריר פון אַן אַנדערער וועלט. ערשט ווען איך האָב זיך אויסגעדרייט האָב איך דערזען פאַר זיך אַן עלטערע פרוי, אויסגעזען שוין איבער די זעכציקער. זי האָט געקוקט אויף מיר מיט מיטלייד און געפרעגט, מיט וואָס זי קען מיר העלפן.

אין דערשלאָגנקייט האָב איך איר געענטפערט:

„עס איז שוין צו שפעט".

מיר איז שווער געווען צו רעדן. אין האַלדז האָט געשטיקט.

זי האָט מיך פאַרשטאַנען, שטום געקוקט אויף מיר, ווי זי וואָלט פון מיין פּנים אָראָפּגעלייענט די גרויסע יסורים. אין אירע אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן. זי האָט זיך איבערגעצלמט און שטיל אָוועקגעגאַנגען.

איך בין נאָך אַלץ געשטאַנען איינער אַליין אויף דעם וויסטן פּלאַץ. אין מוח האָבן נישט אויפגעהערט צו עקבערן די פראַגן:

ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך געווען?

ווי אַזוי האָט עס געקענט קומען דערצו צום אויסראָטן אַזאַ שיינעם יידישן ישוב?

*

אין דערשלאָגנקייט האָב איך זיך געלאָזט גיין צום מאַרק און ווידער האָבן אויפגעלעבט פאַר מיר די זכרונות, ווו עס פלעגן קומען אַהער די פאַרהאַרוועטע און פאַרהאָרעוועטע יידן און יידענעס, געדונגען זיך מיט די פויערים; ווי די יידענעס פלעגן בלאָזן צווישן די פעדערן פון די עופות, געזוכט, אַז דער עוף זאָל זיין וואָס פעטער. פאַר מיינע אויגן האָבן זיך געפלאָנטערט סטראַגאַנעס מיט פאַר־שידענע סחורות און אומעטום יידן, יידישע קראָמען, יידישע געוועלבן אַרום דעם מאַרק. נישטאָ קיין שפור פון דעם אַלעם.

אַלץ איז פאַרשוווּנדן.

קיין איין ייד קומט מיר נישט אַנטקעגן.

צוקומענדיק צו דער קאָשטשעלנע־גאַס האָב איך זיך אָפּגעשטעלט ביים הויז נומער 19, ווו מיר האָבן געוווינט.

איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט און אַרויף מיט די טרעפּ צו דער טיר פון אונדזער שטוב, ווו מיר האָבן געוווינט אַזויפיל יאָרן.

עטלעכע מינוט בין איך אַזוי געשטאַנען אַ פאַרגליווערטער ביז איך האָב ענדלעך זיך דעצידירט אָנצוקלאַפּן אין דער טיר. צומערשט האָב איך געקלאַפּט שוואַך, שעמעוודיק, ווי ביי אַ פרעמדער טיר און בשום אופן נישט געקענט פאַרשטעלן זיך ווער עס וועט עפענען די טיר.

מיינע קלעפּ זענען געוואָרן שטאַרקער און ענדלעך האָט זיך די טיר געעפנט און עס איז אַרויסגעקומען אַ מאַן פון אַ יאָר 50. נעבן אים איז געשטאַנען זיין פרוי. זיי האָבן מיך געפרעגט, וועמען איך זוך.

איך בין געשטאַנען ווי אַ פאַראַליזירטער, פאַרזונקען אין אַן אַנדערער וועלט און נישט געקענט ענטפערן, נישט געקענט געפינען די ווערטער, די פאַרענטפערונג פאַר מיין אָנקלאַפּן אין דער פרעמדער טיר.



די צעצווייגטע משפחה בורשטיין

איך האָב זיי געוואָלט דערציילן, פאַרענטפערן זיך, איבערגעבן מיינע איבער־לעבענישן, מיינע יסורים. דער ענטפער איז מיר אָבער געבליבן שטעקן אין האַלדז. איך האָב בשום אופן נישט געקענט רעדן.

ווייזט אויס, אַז מיין פאַרוויינט פּנים, די פאַרצווייפלונג, די רויטע נישט אויסגעשלאָפענע אויגן האָבן שוין פאַר מיר גערעדט.

די פרוי האָט נאָכאַמאָל מיך געפרעגט, צו וועמען איך דאַרף און ווען איך האָב ווידער נישט געענטפערט, געשטאַנען און געקוקט אויף זיי מיט אַ פאַר־גליווערטן בליק, האָט די פרוי ווידער זיך אָנגערופן:

„אנטשולדיט, פאַניע, אפשר האָט איר געהאַט אַ טעות אין אַדרעס?"

אין דער מינוט בין איך ווי געקומען צו זיך, פאַרשטאַנען, אַז איך האָב נישט דאָ וואָס צו זוכן. איך האָב קוים אַרויסגעשטאַמלט:

„מעגלעך... אַנטשולדיקט..."

גיך בין איך אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ, געוואָלט זיין וואָס גיכער ווייטער פון אונדזער שטוב, פונעם אַמאָל, פונעם מוראדיקן אומגליק.

✶

קעגנאיבער אונדזער הויז האָבן מיר געהאַט אַ פלייש־געוועלב. עס איז איצט געשטאַנען אָפן. איך בין גלייך אַריין אינעם געוועלב, וווּ עס איז געשטאַנען

די קריסטלעכע פרוי יאניצקא, וועלכע איך האָב געקענט פון אַמאָל. איך האָב זי באַגריסט און זי האָט מיך גלייך דערקענט, אָנגערופן ביים נאָמען און אַנטשול־דיקט זיך, פאַרשעמט, געזאָגט, אַז זי האָט פאַר אַלעם באַצאָלט מיינע עלטערן, ווען זיי זענען געווען אין געטאָ.

איך בין געשטאַנען ווי אויף הייסע קוילן, ווי די ערד וואָלט געבריט אונטער מיינע פיס. איך האָב איר געדאַנקט פאַר איר גוט האַרץ... און בין גלייך איבער־געגאַנגען אויף אַ צווייטער טעמע, געפרעגט, צי זי ווייסט עפּעס פון יידן, וואָס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט.

זי האָט גלייך אָנגעוויזן אויפן קעגנאיבערדיקן הויז. דאָרט האָט שוין געוווינט אין זיין אַמאָליקער וווינונג פריד פון די רובערן. ער האָט געהאַט אַ געשעפט מיט שוסטער־צודאַטן. איך בין גלייך אַריין צו זיי און זיי האָבן מיר גוט אויפגענומען. ביי זיי האָב איך זיך דערוווסט, אַז עס האָט זיך געראַטעוועט יעקב רובינשטיין דער קאַמאשניק מיט זיין משפחה.

איך בין גלייך אַוועק צו זיי, געטראָפן די רובינשטיינס אין שטוב און אַלע האָבן מיר זיך געטיילט מיט די איבערלעבענישן, די יסורים, וואָס מיר האָבן דורכ־געמאַכט און מיט צעבראָכענע הערצער באַוויינט די אומגעקומענע.

מיט יעדן טאָג האָבן מיר זיך דערוווּסט אַלץ נייע פּרטים וועגן דעם גרויזאַ־מען אומקום. ביסלעכווייז זענען צוגעקומען איינצלנע אָפּגעראַטעוועטע, פרויען, וואָס האָבן איבערגעלעבט אַדאַנק די אַרישע פּאַפּירן און אַרישן אויסזען; אַנדערע, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויף פאַרשידענע אַנדערע וועגן, מיט פאַרשידענע אַנדערע מעטאָדן, און על פּי נס זיך געראַטעוועט.

ליידער זענען עס געווען געציילטע.

אַלץ איז געווען פאַרלוירן. עס זענען נאָך געשטאַנען די זעלבע הייזער, פאַריתומטע, ווי נעסטן, פון וועלכע די פייגל זענען זיך צעפלויגן און שוואַרצע קראען האָבן זיך באַזעצט. עס איז נאָך געבליבן אין זיי דאָס געוויין, וואָס עס האָבן איבערגעלאָזט די באַלעבאַטים ביים אַוועקגיין אויף זייער לעצטן וועג.

איינער אַליין האָב איך נאָך געוואַנדערט איבער די וואָלאָמינער געסלעך און איך האָב געפילט ווי יעדער שטיין טריפט מיט בלוט. איך האָב געהערט די געשרייען, וואָס גייען פון יעדער מויער. ביי היימישע, אַלט־באַקאַנטע טירן, בין איך אינסטינקטיוו געבליבן שטיין, געוואָלט אָנקלאַפּן... די קליאַמקע האָט געגליט אין מיינע פינגער.

גיך איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז איך האָב דאָ נישט וועמען צו זוכן, אַז איך האָב דאָ נישט מער וואָס צו טון.

געווען אַ יידיש וואָלאָמין און נישטאָ מער.

שלמה בלומבוים

# נאכן חורבן


עבראָכן פון די שווערע איבערלעבונגען, מיט אויגן אויסגעטריקנטע פון טרערן הער איך נישט אויף צו באַוויינען מיינע אומגעקומענע קינדער און אַלע גוטע און האַרציקע יידן פון וואָלאָמין.

מיט טויזנטער פעדעם פיל איך זיך פאַרבונדן מיטן שטעטל, ווו איך האָב אויפגעשטעלט מיין גאַרבעריי, פון וועלכער צענדליקער יידישע משפחות האָבן געצויגן זייער חיונה. מיר האָבן געפירט אַן אינטענסיוו און דינאַמיש לעבן, אָבער דאָס אַלץ זעט איצט אויס ווי אַ קאשמארפולער חלום. אַלע שיינע האָפענונגען זענען געווען נישט מער ווי אַן אילוזיע, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

ווער האָט זיך געקענט פאָרשטעלן, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען מען וועט אומבאַשטראָפט רויבן און מאָרדן אומשולדיקע מענטשן בלויז דערפאַר וואָס זיי זענען יידן.

גלייך ווי די דייטשן זענען אַריין קיין וואָלאָמין האָבן זיי צוגערויבט אַלץ, וואָס האָט זיך געפונען אין דער פאַבריק: לעדער, שטאָפן, כעמיקאַליעס און אפילו דאָס האָלץ צום הייצן. צום אַרויספירן דאָס אַלץ האָבן זיי גענומען 25 יידן, וועלכע זיי האָבן ביי דער אַרבעט אונטערגעטריבן מיט מוראדיקע קלעפּ.

די דייטשן האָבן זיך געאיילט, געוואָלט די גאַנצע ארבעט אָפּטון אין איין טאָג, אַרויסשלעפּן אַלע מאַטעריאַלן פון די גריבער, פון די פעסער און אַוועקפירן דאָס אַלץ צו דער באַן מיט אַ ספּעציעלן טראַנספּאָרט קיין דייטשלאַנד.

מיין יונגערער ברודער ליטמאַן האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ קריסטלעכער פאַמיליע, הינטער וואָלאָמין. נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט זיי גוט באַצאָלט, האָבן זיי אים נאָך באַרויבט, צוגענומען דאָס גאַנצע געלט און צירונג און איבער־געגעבן אים מיט זיין משפחה צו די דייטשן.

ווען די דייטשן זענען געקומען זיי אַרעסטירן, האָבן זיי געמאַכט דעם

אַנשטעל, אַז זיי זאָלן גרייט צו שענקען זיי דאָס לעבן פֿאַרן פּרייז פֿון גאָלד און בריליאַנטן. מיין ברודער האָט זיי געגלייבט און אַליין צוגעפֿירט זיי צום באַהעל־טעניש אין דער פֿאַבריק, אויסגעגראָבן דאָס גאַנצע פֿאַרמעגן און זיי אַוועקגעגעבן.

די דייטשן האָבן דאָס אַלץ צוגענומען און מיין ברודער מיט זיין פֿאַמיליע דערשאָסן אויפֿן אָרט.

מיין ברודער ליטמאַן איז דעמאָלט אַלט געווען 40 יאָר, זיין ווייב — 38 יאָר און זייער יינגעלע — 10 יאָר.

נאָך דער מלחמה האָב איך אָפּגעפֿונען זייערע עצמות און געבראַכט זיי צו קבר ישראל אויפֿן יידישן בית־עלמין אין וואָלאָמין.

אין יענע פֿינצטערע טעג האָב איך געבראַכט פֿון וואַרשע מיין טאַטן, ער זאָל זיין צוזאַמען מיט אונדז אין וואָלאָמינער געטאָ. דער טאַטע איז שווער קראַנק געוואָרן, געדאַרפֿט האָבן אַן אָפּעראַציע, אָבער ס'איז נישט געווען אין געטאָ קיין שום מעגלעכקייטן עס דורכצופֿירן. עס האָט געווייטאָגט דאָס האַרץ צוצוקוקן ווי ער מאַטערט זיך אין שרעקלעכע יסורים און קיינער קען אים נישט העלפֿן.

נאָך שווערע מאַטערנישן איז דער טאַטע געשטאָרבן אין געטאָ און געקומען צו קבורה אויפֿן יידישן בית־עולם אין וואָלאָמין. נעבן קבר פֿון אונדזער טאַטן, ר' יוסף בלומבוים, ליגן אויך מיין ברודער ליטמאַן מיט זיין פֿרוי און זון.

זעענדיק דעם סוף האָב איך גענומען טראַכטן ווי אַזוי אַרויסצוקריגן זיך פֿון געטאָ. מיר איז געלונגען צוצוקריגן זיך קיין ביאַליסטאָק. ווידער געטאָ מיט אַלע צרות און גזירות. פֿון דאָרט האָב איך זיך דערשלאָגן אין וואַלד און דערנאָך צוריק קיין וואַרשע, ווו איך האָב אַ צייט געלעבט אויף אַרישע דאָקומענטן, אַלס יאַן סאַוויסקי.

ווען עס איז אויסגעבראָכן דער אויפֿשטאַנד בין איך אַריינגעפֿאַלן צו די דייטשן און אַדאַנק מיינע אַרישע דאָקומענטן האָבן זיי מיך אַוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד, ווו איך בין געווען ביזן סוף פֿון דער מלחמה באַשעפֿטיקט ביי פֿאַר־שידענע אַרבעטן.

נאָך דער מלחמה האָב איך אויסגענוצט די ערשטע געלעגנהייט צוצוקריגן זיך קיין וואָלאָמין. אין מיין האַרצן נאָך אַלץ געטליעט אַ שוואַכער פֿונק פֿון האָפֿענונג צו באַגעגענען עמעצן פֿון מיינע נאָענטסטע, אָבער דיווירקלעכקייט, וואָס איך האָב אָנגעטראָפֿן אין נאָכמלחמהדיקן וואָלאָמין, האָט אויסגעלאָשן יעדן פֿונק.

מיט אַ צעבראָכן האַרץ האָב איך געוואַנדערט איבער די וואָלאָמינער געסלעך, געשאַרט זיך ביי די מויערן פֿון די הייזער, וואָס האָבן אַמאָל געהערט צו יידן.

ווען איך האָב באַגעגנט האָב איך געפרעגט אויף מיינע קינדער, אויף מיין טאָכטער פייגע און מיין זון אפרים, אָבער דער ענטפער איז געווען אַ ביטערער און פינצטערער: מיינע קינדער זענען אומגעקומען גלייך מיט אַלע וואָלאָמינער קדושים און קיינער ווייסט נישט וווּ זייער געביין.

אַלץ, וואָס איז חרוב געוואָרן, אַלע, וואָס זענען אַזוי אכזריותדיק אומ־געקומען — לעבן ווייטער אין אונדזער האַרץ און זכרון. זאָלן די בלעטלעך אין אונדזער יזכור־בוך דינען אנשטאָט דענקמעלער פון שטיין און מארמאר — אַ ל תשכח!





די יידישע משפחות אין וואָלאָמין האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער צוגעבונדנקייט און האַרציקע באַציאונג צווישן זיך. אויפן בילד זעען מיר די משפחה פרידמאַן אויפן באַלקאָן פון זייער הויז אויף דער קאָשטשעלנע־גאַס. די משפחה פרידמאַן, פאַרצווייגט, מיט טייערע קינדערלעך, מיט נאַ־טירלעכער לעבנסלוסטיקייט, מיט האָפענונגען פון טאַטע־מאַמע צו דערלעבן נחת, צו זען זיי אויסוואַקסן און אָנגעזאַפּטע מיט שיינע יידישע מידות, איז אָבער געקומען דער שטן המשחית און אַלץ אַזוי גרויזאַם אומגעבראַכט.

א. בערקאוויטש

# וואלאמין – היינט

## (אויף די שפּורן פון פאַרשווונדן יידיש לעבן)

מיט שווער האַרץ דריי איך זיך אַרום אין דעם שטעטל, ווו עס האָט אַמאָל פּולסירט אַ וואַרעם יידיש לעבן. צוגענומען איז געוואָרן די נשמה פון שטעטל. עס איז געוואָרן אויסגעלאָשן, ווי אָפּגעשטאָרבן. היינט איז שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז דאָ האָט אַמאָל פּולסירט אַ געזעלשאַפטלעך לעבן. נאָר מיר ווייזט זיך אויס, אַז די איבערגעלעבטע טויט־שרעק האָט איבערגעלאָזט אינעם שטעטל טיפע שפּורן. די פּאָליאַקן, מיט וועלכע איך באַגעגן זיך, פאַלט נישט איין, אַז איך בין אַ ייד און עס איז שווער אַרויפצופירן דעם שמועס מיט זיי אויף אַ יידישער טעמע.

שוין אַזויפיל יאָרן, ווי זיי האָבן כמעט נישט געזען קיין ייד פאַר די אויגן און דאָך דערציילט מיר דער פּאָליאַק נאָזשיצקי וועגן קראַנקהייטן, וואָס די דאָקטוירים ווייסן נישט פון וואַנען זיי נעמען זיך און מען מיינט, אַז דאָס באַצאָלט זיי גאָט פאַר די באַגאַנגענע זינד קעגן יידן. ער רופט אָן נעמען: ווישעניק, ראלענקא, סמאלניק, וועלכע האָבן אָנגערויבט אַ סך יידיש פאַרמעגן. און ביי אַלע זענען די קינדער פאַראַליזירט געוואָרן, געמאַטערט זיך לאַנגע יאָרן און געשטאָרבן.

די טראַדיציע פון רויב, וואָס ווערט היינט געטון אין דער פאָרם פון אַפּערעס, פעלשונגען און אַלערליי אַנדערע מיסברויכן, גייט ווייטער אָן אין שטעטל.

אָט איז מיט אַ קורצער צייט צוריק פאָרגעקומען אַ פּראָצעס. די מיליץ האָט פאַרהאַלטן איינעם מיטן נאָמען יאַן סקלאָדקאָווסקי, ביי וועמען מען האָט געפונען 15 סטעמפּלען, מיט וועלכע ער האָט דורכגעפירט פאַרשידענע אַפּערעס. די סטעמפּלען האָט ער צוגעגנבעט אין פאַרשידענע אַמטן, אין פּרעזידיום פון וואָיעוואָדישן נאַציאָנאַל־ראַט אין ריישע, דערנאָך אין קראקע. אין וואָלאָמין האָט ער זיך אַריינגעגנבעט אין מאַגיסטראַט און דאָרט האָט מען אים געכאַפּט ביי דער האַנט און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט געאַרבעט מיט עטלעכע שותפים. וואָלאָמינער גויים.

אויפן פּראָצעס האָט עמיץ פון די עדות, אַ פרוי מיטן נאָמען באַראַקאָווסקאַ דערמאָנט, אַז דער סקלאַדקאָווסקי האָט אָנגעראַבעוועט אַ סך יידיש פאַרמעגן אין דער צייט פון געטאָ, אָבער די ריכטער האָבן לגמרי נישט געלייגט קיין אַכט אויפן דאָזיקן פּונקט.

דאַקעגן האָט סקלאַדקאָווסקי אַליין נישט דורכגעלאָזט דעם דאָזיקן פאָרוואורף און האָט גענומען שיטן ענלעכע באַשולדיקונגען אויף די עדות, צווישן וועלכע עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס זיצן אויף העכערע אַמטן אין מאַגיסטראַט. איינער פון זיי האָט זיך אויפגעבויט אין שטעטל אַ לוקסוס־ווילע און סקלאַדקאָווסקי ווייסט גענוי, אַז ער האָט פריער איינגעטוישט גאָלד און בריליאַנטן, וואָס ער האָט אָנגעראַבעוועט ביי יידן...



שפּעטער בין איך אַריינגעגאַנגען אין איינעם פון די הייזער אויף לעשנע־גאַס, אָנגעקלאַפּט אין דער ערשטער בעסטער טיר, געפרעגט זיך אויף אַן אויסגעטראַכטן נאָמען און פאַרפירט אַ שמועס.

כאָטש איך בין פאַר דער מלחמה קיינמאָל אין דער שטאָט נישט געווען, בין איך דאָך זיכער, אַז דאָ האָבן פריער געוווינט יידן. איך האָב געהאַט אַ באַדער־פעניש צו זיצן אין אַזאַ שטוב, איינזאַפּן אין זיך דאָס געוויין פון די ווענט און זען ווי אַזוי עס וועט רעאַגירן דער פּאָליאַק, דער איצטיקער איינוווינער, וועלכע האָבן אויפגעבויט דאָס הויז און אַזוי טראַגיש, אַזוי מוראדיק אומגליקלעך אומגעקומען.

ווען איך האָב זיי דאָס דערמאָנט האָבן די פּאָליאַקן אויף קיין האָר זיך נישט צעמישט, נישט געפילט זיך אין קיין שום פאַרלעגנהייט. זיי האָבן זיך פאַרענטפערט, אַז פאַר זיי האָבן דאָ געוווינט שוין פינף פּוילישע משפחות, וועלכע האָבן זיך איינע נאָך דער אַנדערער אַרויסגעצויגן פון דאַנען, ווייל די שטוב האָט געברענגט אומגליק. איינער האָט זיך צעקאַלעטשעט די האַנט מיט אַ שטיקל גלאָז, וואָס איז געבליבן פון יידישע כלים און מען האָט געמוזט די האַנט אַראָפּנעמען. ביי אַ צווייטן איז אַן אָקס משוגע געוואָרן און האָט צעטרעטן אויף טויט אַ פינף־יאָריק קינד; ביי אַ דריטן איז אַ טאָכטער אַרויסגעגאַנגען אינמיטן נאַכט און אין דער פינצטער האָט אַן אומגעזעענע געשטאַלט אויפגעהויבן פאַר איר אַ ווייסע האַנט און זי איז פאַר שרעק שטום געוואָרן...

די פּאָליאַקן ווייזן מיר די פּאָדקאָוועס, מיט וועלכע עס זענען אַרומגעהאַקט די שוועלן און ראַמען פון זייערע טירן, אָבער עס העלפט נישט. זיי לעבן אין שרעק, אַז יעדן טאָג קען מיט זיי אויך געשען אַן אומגליק. אין שטעטל זענען פאַראַן

בייזע גייסטער, עס בלאָנדזשען אַרום די נשמות פון די באַרויבטע און דערמאָרדעטע יידן, וואָס ווילן נעמען נקמה.

די שטובן זענען אָרעם. מען דערפילט באַלד, אַז די מענטשן זענען אַהער־געקומען פון נויט, ווייל זיי האָבן אין ערגעץ נישט געפונען קיין דאַך איבערן קאָפּ. אָבער זיי טראַכטן וואָס גיכער אַרויסצוקריגן זיך פון דאַנען, פּטור צו ווערן פון דער שרעק, וואָס פאַרפאָלגט זיי.



שפּאַצירנדיק איבערן שטעטל האָט מיך געמאַטערט אַן עקל צום גאַנצן אַרום און צו זיך אַליין.. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז איך דריי זיך אַרום צווישן שרעקלעכן קלעפּיקן שמוץ פון פאַרברעכנס און געפאַלנקייט, וואָס לאָזט זיך נישט אָפּקויפן פאַר קיין שום פרייז, אפילו נישט פאַר דער שרעק און פחד, וואָס שוועבט איבער די רויבער און מערדער.



די משפחה סקראבאטש, די באַלעבאַטים פון דער מיל, זענען געווען באַקאַנט מיט זייער ערלעכקייט סיי צווישן די יידן אין שטעטל און סיי צווישן די פּויערים אין די אַרומיקע דערפער. ווי אַ סך אַנדערע יידישע משפחות אין וואָלאָמין האָבן זיי זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אַרבעטסזאַמקייט. צע־רויבט איז געוואָרן דאָס פאַרמעגן פון די אומגע־בראַכטע יידן, וועמענס נש־מות שוועבן איבער די חורבות פון יידישן לעבן אין שטעטל, ווו די רויבער, וואָס האָבן געהאָלפן די נאַ־צישע מערדער אין זייער בלוטיקער אַרבעט, דרייען זיך נאָך אַרום פראַנק־און־פריי. בלויז פון צייט צו צייט הילכט אָפּ איבערן שטעטל אַן אָפּקלאַנג פון די גרויזאַמע פאַרברעכנס, ווי פון אַ ווייטער פאַרשווונדענער וועלט.

## יוסף אייזנבערג

# מיין
# שטעטעלע וואלאמין



וין באַלד דריי־צענדליק יאָר אַריבער זינט די נאַצישע מאָרד־מאַשין האָט אָנגעהויבן די גרויזאַמע אויסראָטונג פון הונדערטער יידישע שטעט און שטעטלעך אין פוילן. יעדע שטאָט און שטעטל, יעדער יידישער ישוב האָט זיך זיין באַזונדערע יחוס. אויך מיר, שארית הפליטה פון דער וואַלאָמינער יידישער קהילה זענען שטאָלץ מיט אונדזער עבר, מיט דעם וואַרעמען, פילפאַרביקן יידישן לעבן, וואָס מיר האָבן געפירט אין דעם קליינעם שטעטעלע.

יעדער פון אונדז דאַרף דורכפירן אין האַרצן דעם חשבון הנפש פון דעם גרויסן חוב, וואָס מיר זענען שולדיק דעם אָנדענק פון די פאַרשניטענע קדושים. די שיינקייט און מאָראַלישע גרויסקייט פון אונדזערע עלטערן און נאָענטע, דאַרף שטענדיק לייכטן פאַר אונדזערע אויגן און אויך פאַר די קומענדיקע דורות. טאָג און נאַכט דאַרפן מיר איבערחזרן די שבועה: קיינמאָל נישט פאַרגעסן! נישט פאַרגעסן וועלן מיר זייער הייליק לעבן און נישט זייער אכזריותדיקן טויט אויף קידוש השם און קידוש העם.

אויסגעליידיקט און פוסט איז געבליבן וואַלאָמין פון אַלע יידישע איינוווינער. זייערע געביין און אַש איז צעזייט און צעשפרייט איבער פעלדער און וועלדער. מיר קענען נישט עולה זיין אויף זייערע קברים, ווייל זיי זענען נישט געקומען צו קבר ישראל.

אויך דער בית עולם, וווּ עס ליגן די, וועלכע זענען געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט, איז פאַרשוועכט און געשענדעט. אויף זייער געהייליקטן רד־אָרט פאַשען זיך איצט חזירים פון די פאָליאַקן, וואָס האָבן געצירשנט יידיש האָב און גוטס.

אין מיין זכרון וועלן שטענדיק בלייבן די בילדער פון יידישן לעבן אין וואַלאָמין, דאָס געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע, דאָס רעליגיעזע פון פשוטע יידן און פון התלהבותדיקע חסידים.



פרידע גריזשאק מיט אירע קינדער. פון דער גאַנצער משפחה איז געבליבן לעבן אַ שוועסטער, וועלכע געפינט זיך אין קיבוץ אַשדות־יעקב.



אהרן שולמאנס משפחה און דער זון, לוי־יצחק. די טאָכטער זלאטקע גליק לעבט אין תל־אביב. די שולמאנס האָבן געהאַט די ערשטע מעכאַנישע בעקעריי אין וואָלאָמין.

אַזוי האָב איך עס איבערגעלאַזט מיט 45 יאָר צוריק.

אין מיינע אויערן קלינגט נאָך דאָס געזאַנג פון די יוגנטלעכע אין דער פּרץ ביבליאָטעק, די לידער פון גרויסער בענקשאַפט צו ציון פון יהודה הלוי און איבן גבירול, פון חיים־נחמן ביאליק און טשערניכאָווסקי; די יידישע לידער פון פּרצן און פון אַברהם רייזען, פון דוד אייינהאָרן און פאַרשידענע פאָלקס־לידער.

שיין און התלהבותדיק האָבן אָפּגעקלונגען אין וואָלאָמין די פאַרשידענע נגונים פון די חסידים־שטיבלעך, גערער און קאצקער, ווורקער און מאָדזשיצער. האַרציק, מיט נאגנדיקער בענקשאַפט האָבן די ישיבה־בחורים געצויגן זייערע גמרא־נגונים און מיט היץ און ברען געפירט די וויכוחים איבער האַרבע סוגיות, איבער מחלוקותן פון בית שמאי און בית הילל.

מיט הייליק געזאַנג איז פאַרוויגט געוואָרן דאָס יידישע וואָלאָמין אין די פרייטיק־צו־נאַכטסן, ווען פון אַלע שטובן האָבן זיך געהערט די זמירות־געזאַנגען.

פול מיט פרייד און לעבנסלוסט זענען געווען די ימים־טובים אין שטעטל, באַזונדערס שמחת־תורה, ווען יידן פלעגן זיך נעמען האַנט־אין־האַנט, אַקסל־צו־אַקסל און אַוועקגעלאָזט זיך אין אַ פייערדיקן טאַנץ, געזונגען מיט גרויס התלהבות, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די וואָכעדיקייט, פאַרגעסן אין אַלע צרות און דאגות, נאָר איבערגעגעבן זיך דער פרייד פון יום־טוב. ווער האָט זיך דעמאָלט געקענט גלייכן צו זיי?!

דאָס אַלץ איז מער נישטאָ, איז געוואָרן אַזוי גרויזאַם פאַרשניטן.

## חורבן וואלאמין

פיל פיינלעכע יאָרן זענען אַדורך, זינט די נאַצישע מאָרד מאַשין האָט אָנגעהויבן איר אכזריותדיקע אויסראָטונג, פון וועלכער דאָס יידישע פאָלק איז געווען דער הויפּט־קרבן.

הונדערטע יידישע קהילות פון שטעט און שטעטלעך אין פוילן זענען פאַרשניטן געוואָרן אין דער בלוטיקער שחיטה דורך די היטלער־באַנדעס ימח שמם. אויך מיר, וואָלאָמינער, דאַרפן זיך אַריבערטראָגן אין דמיון צו יענעם יידישן לעבן, וואָס איז אַזוי גרויזאַם חרוב געוואָרן, אויסגעליידיקט איז אונדזער אַלטע היים פון אירע יידישע תושבים, — אונדזערע נאָענטסטע און ליבסטע, וועלכע זענען אַפילו



שוידערלעך בילד פון דער קרעמאַטאָריע

